אסתר מילער

# פון טעלעכאַן קיין אַמעריקע

דאָס בוך איז געווידמעט דעם אָנדענק
פון מיין באַליבטער שנור

סעלמאַ מילער

וואָס איז אַזוי יונג אַרויסגעריסן געוואָרן
פון איר אַקטיוון קולטור־געזעלשאַפט־
לעכן לעבן.

געשטאָרבן אין לאָס אַנגעלעס דעם
24סטן נאָוועמבער, 1955.

פון

# טעלעכאַן קיין אַמעריקע

פון
אסתר מילער



זוני מאוד

# אינהאלט:

## דריטער טייל
## די יוגנט צעפּאָרט זיך



## פערטער טייל
## וואַרשע

ז. ווײַנפער

# אסתר מילער

## א

בײַ אײנעם פון די אַרבעט־טישן אין איקוף־צענטער אין ניו־יאָרק זיצט נ. הײקין, אײַנגעגראָבן די באַברילטע אויגן אין לאַנגע קאָרעקטור־בויגנס און פון צײַט־צו־צײַט ווענדט ער זיך צו נחמן מײַזיל אָדער צו מיר וועגן עפּעס אַ וואָרט פון לאָקאַלן כאַראַקטער:

— וואָס טראַכט איר וועגן אַזאַ וואָרט, ווי פּאָלאַדען?

איך צעשמײכל זיך פון אַ דערינערונג אין די ערשטע יאָרן פון מײַן שרײַבן.

משה לײב האַלפּערן האָט אין מײַנער אַ פּאָעמע זיך אָנגעשלאָגן אויפן וואָרט „פּאָלאַדען״, און דאָס איבערגעביטן אויפן וואָרט „פּאַרריכטן״. האָט מנחם באָריישאָ געוואָלט, אַז דאָס וואָרט „פּאָלאַדען״ זאָל אומבאַ־דינגט בלײַבן, ווײַל:

— די לידער זײַנען — וואָלינער שטעטל און דאָרף, און אָט דאָס וואָרט האָט הײמישן קאָליר.

דאָס איז געווען, ווען אָט די צוויי דיכטער האָבן רעדאַקטירט דעם זאַמלבוך „איסט־בראָדוויי״, און איך האָב אונטער זײער רעדאַקציע געהאַט דעם ערשטן אויפטריט מיט אַ גרעסערן ציקל פון מײַנע לידער.

איצט באַנוצט זיך מיט דעם זעלבן וואָרט אסתר מילער אין איר בוך, וואָס ווערט דורך אונדז אײנעם איקוף צוגעגרײט צום דרוק.

עס דערמאָנט זיך מיר די ערשטע באַגעגעניש מיט אסתר מילער אויף מײַנעם אַ באַזוך אין סאַן־פראַנציסקאָ.

נאָך אַ לעקציע אין אַ זאַל, האָט מען זיך פאַרקליבן אין אַ שטוב, ווי עס פירט זיך אין דער ליבער פּראָווינץ.

אַ העלע, צעלויכטענע שטוב. אַ טיש מיט אַלדאָס גוטס, און מענטשן וואָרעמע און ליכטיקע.

אַ מיטליאָריקע פרוי מיט אַ לענגלעכן מחשבותדיקן פּנים בלײַבט שטײן פאַר מיר און פרעגט:

— קאָן איך צונעמען ביי אייך עטלעכע מינוט?

מיר האָבן זיך געזעצט אויף אַ סאָפע אין אַ זייט פון עולם, און זי האָט געזאָגט:

— איך בין אַ שוועסטער פון ש. גאָדינער.

— פון ש. גאָדינער?

— מיין נאָמען איז אסתר מילער, — איך וואוין מיט מיין מאַן און קינדער אין דעם דערבייאיקן שטעטל טולערע, און איך בין ספּע־ציעל היינט אַריבערגעקומען אַהער קיין סאַן־פראַנציסקאָ זיך צו באַ־קענען מיט אייך.

— עס איז געווען אַ שיינער עולם, און איר האָט באַמערקט, ווי מען האָט זיך צוגעהערט? — פרעגט זי, און לייגט דערביי צו:

— פאַר אַזאַ, ווי איך, וואָס וואוינט אָפּגעזונדערט און איזאָלירט פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן איז דאָס ממש אַ דערפרישונג.

איך האָב געקוקט אויף איר, זיך צוגעהערט צו אירע רייד און געטראַכט פון דעם, וואָס איר ברודער, אַ וויכטיקער יידישער שרייבער, האָט אָפּגעגעבן זיין לעבן אויף די פראָנטן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד אין דעם גרויסן געראַנגל קעגן די נאַצישע הארדעס, און דאָ זיצט קעגנאיי־בער מיר זיינע אַ שוועסטער, וואָס לעבט מיט איר משפחה אין דעם דערבייאיקן שיינעם שטעטעלע טולערע.

— זיינען דאָ נאָך שוועסטער און ברידער דאָ אין אַמעריקע? — האָב איך געפרעגט.

— אַ שוועסטער איז אין לאָס אַנדזשעלעס. חנה איז איר נאָמען, איר קאָנט זי אַוודאי. זי איז טעטיק אין די איקוף־לייען קרייזן — איר נאָמען איז דאָ אַנאַ גאָרקער.

פּלוצלונג האָט זי אָנגעהויבן ווישן די טרערן פון די אויגן און זיך ווינטיק צעציטערט:

— עס איז צעבראָכן געוואָרן די קרוין אויף אונדזערע קעפּ, אַ ליכט האָט זיך אויסגעלאָשן.

איך האָב זי געטרייסט, ווי מען טרייסט בכלל אַ מענטשן, וואָס איז אין צער, און זי האָט זיך געבעטן ביי מיר איך זאָל ווערן אירער אַ ברודער.

## ב

אַז מיר וועט אויסקומען ווען ניט איז לייענען קאַפּיטלען פון אסתר מילערס אַ מאַנוסקריפּט, האָב איך קיין אַנונג נישט געהאַט ניט דעמאָלט, ווען מיר האָבן זיך באַקאַנט און ניט דורך די וויטערדיקע יאָרן, אין

וועלכע מיר האָבן זיך באַגעגנט אויף מיינע יערלעכע באַזוכן אין קאַליפאָרניע.

מיר איז איינמאָל אויסגעקומען פאַרבייפאָרן דאָס שטעטעלע טולעראָ אין אַן אויטאָמאָביל, האָב איך זיך, פאַרשטייט זיך, אָפּגעשטעלט ביי איר שוך־געשעפט און זיך באַקאָנט מיט איר מאַן, דעם שטילן, באַשיידענעם שמואל דוד מילער.

איך גלויב קוים צי זי אַליין האָט אין יענע יאָרן געאַנט, אַז זי וועט זיך ווען סע נישט איז נעמען צו דער פּען.

אַלנפאַלס האָב איך קיינמאָל נישט געהערט פון איר קיין באַמער־קונג וועגן עפּעס אַזוינס.

מיטן ליקווידירן דאָס געשעפט אין טולעראָ און זיך איבערציען קיין לאָס אַנגעלעס האָט זיך אָנגעהויבן איר טואונג אַרום דער יידישער קולטור־באַוועגונג און ספּעציעל אַרום דעם איקוף און זיינע לייען־קרייזן. אין יענער צייט האָט זי מיט דער הילף פון איר שוועסטער אַנאַ גאָרקער געהאָלפן דעם איקוף אַרויסגעבן דאָס ווערטפולע בוך פון איר ברודער ש. גאָדינער „זאַוועלער טראַקט״, און איר טעטיקייט איז פאַר־שטאַרקט געוואָרן מיט דער גרינדונג פון דעם לייען־קרייז אויפן נאָמען פון איר ברודער.

איז דער שטויס צו שרייבן געקומען פון דעם אינפאָרמאַטיוון אַר־טיקל, וואָס זי האָט אָנגעשריבן וועגן איר ברודער וואָס דער אי־קוף־פאַרלאַג האָט איינגעשלאָסן אין דעם אַרויסגעגעבענעם בוך?

עס קאָן געמאָלט זיין, ווייל דער אַרטיקל איז ווירקלעך געווען שרייבעריש אָנגעשריבן און זי האָט פאַר אים געקראָגן פון אונדז אַלעמען אנערקענונג.

פונדעסטוועגן, אַז זי האָט מיר פּלוצלונג געגעבן אַ פּאָר קאַ־פּיטלען אין מאַנוסקריפּט און געבעטן איבערצולייענען, האָב איך זיך דערפילט אין אַ פאַרלעגנהייט.

אַזעלכע פאַרלעגנהייטן זיינען ביי מיר קיין נייעס נישט. איבער די וועגן, און אויך אין ניו־יאָרק גופא ווערט מען נישט איינמאָל גע־שטעלט צו אַ נסיון.

אַ מענטש, וועמען דו קענסט פאַר אַ נוצלעכן אין דער יידישער קול־טור־אַרבעט און צו וועלכן דו האָסט אַכטונג און וואַרעמקייט פאַר זיין טואונג, טוט דיר פּלוצלונג אַ רוק אונטער אַ מאַנוסקריפּט, וואָס האָט קיין שום ווערט נישט, און דיר איז אַזוי פיינלעך ווי צו טאָן אַזאַ מענטשן. אמת, אסתר מילערס אַרטיקל וועגן איר ברודער איז געווען

שרייבעריש, אָבער מאָלע וואָס אַ שוועסטער באַוויזט אָנצושרייבן וועגן אירן אַ וויכטיקן ברודער?

דער פאַקט, וואָס איר ברודער שמואל גאָדינער איז געווען אַ טאַ־לענטירטער נאָוועליסט, האָט נישט געוועקט אין מיר דעם צוטרוי, אַז זי האָט אויך אין זיך עפּעס פון אָט דעם מין. אמת, עס זיינען דאָ פאַלן פון באַגאַבונג ביי עטלעכע פון איין משפּחה. אַזוינע פאַלן זיינען דאָ אין דער וועלט־ליטעראַטור, און אַזוינע אויך ביי יידן, אָבער אָט די פאַלן זיינען נישט מער, ווי צופאַלן. בכלל איז די נאַטור גאָרנישט אַזוי פרייגיביק מיט אָט דער מתנה.

מען האָט געפרעגט ביי לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי פאַרוואָס זיינע קינדער זיינען גייסטיק אַזוי ווינציק ענלעך צו אים, האָט ער אַ גלעט געטאָן זיין ווייסע באָרד און געענטפערט:

— די נאַטור רוט זיך אָפּ.

אָבער ווען איך האָב אין יענעם שפּעטן אָוונט ביי מיר אין האָ־טעל־צימער אָנגעהויבן לייענען דעם מאַנוסקריפּט, בין איך באמת אי־בערראַשט געוואָרן פון דעם לעבעדיקן אָטעם, וואָס האָט אויף מיר אַ ווייע געטאָן פון די שילדערונגען.

ג

דער לעבעדיקער אָטעם, וואָס ווייעט פון אירע שילדערונגען איז אַזאַ נאַטירלעכער, ווייל איר דערציילן איז אַזוי נאַטירלעך און פּשוט, אָן קיין שום באַמיאונג צו קונצעווען; און דווקא דערפאַר, ווייל אַזאַ באַמיאונג איז נישט בנמצא, דערהייבט זי זיך ערטערווייז צו אַ קינסט־לערישקייט, וואָס איז אַזוי געשמאַק, ווי אַ שטיק פּשוט ראַזעווע ברויט פאַר אַ הונגעריק מויל.

דאָס בוך איז זעלבסטפאַרשטענדלעך איר אייגן לעבן, און די סביבה אַרום איז דאָס ווייסרוסישע שטעטל טעלעכאַן.

איך האָב ביים לייענען די ערשטע קאַפּיטלען זיך געפרעגט צו וואָס אסתר מילער האָט זיך געדאַרפט פאַרשטעלן פאַר ביילקען, בשעת זי האָט געקאָנט שרייבן דירעקט אין דער ערשטער פּערזאָן, אָבער איצט, ווען איך האָב פאַר זיך דאָס גאַנצע בוך אין דער קאַרעקטור, ווערט עס מיר קלאָר.

עס זיינען, דאַכט זיך מיר, דאָ צוויי סיבות פאַרוואָס אָט דאָס ביאָגראַפיש בוך איז געשריבן אין אַ דריטער פּערזאָן.

די ערשטע סיבה איז איר באַשיידנקייט נישט צו רעדן און דער־

ציילן דירעקט וועגן זיך, און די צווייטע סיבה איז די נאַטירלעכע דער־ציילערישקייט אין איר, וואָס האָט אַ טבע זיך נישט צו לאָזן צאַמען פון דער פּאַקטישער ווירקלעכקייט אַליין, ווייל עס ציט אַ רייט צו טאָן איבערן רוקן פון דער פּאַנטאַזיע, וואָס טראָגט זיך איבער דער ווירק־לעכקייט.

נישט יעדן איינעם געלינגט דאָס. עס טרעפט, אַז די פּאַנטאַזיע טוט זיך אַ יאָג אַוועק אינגאַנצן פון דער ווירקלעכקייט, און דעמאָלט הייבט אָן שלאָגן מיט אַ לערקייט פון אַ מדבר.

אַוודאי איז אַ מדבר אויך אַן ענין, אָבער זיך טראָגן איבער אַ מדבר דאַרף מען זיין גאָר עפּעס אַנדערש, ווי אסתר מילער איז.

גוט, וואָס זי האָט אין איר רייטן פון צייט צו צייט איבערן רוקן פון איר פּאַנטאַזיע נישט אָפּגעלאָזט די ווירקלעכקייט פון די אויגן, און אַזוי אַרום געהאַט אַ מעגלעכקייט צו זען די זעלבע ווירקלעכקייט פון דער הויך.

אַ דאַנק אָט דער הייכקייט איז דאָס לעבן פון ביילקען אַזוי מעשה־דיק, כאָטש די מעשהדיקייט איז דורך און דורך ביאָגראַפישע ווירקלעכקייט.

דער פאָטער, דער גרויסער למדן און נאָך גרעסערער ירא־שמים און די מוטער — זיין קעגנזאַץ, וואָס איז אַן ערדישע, פּראַקטישע אשת חיל, לעבן פונדעסטוועגן אַ לעבן פון גאַנצקייט אין דער גרויסער דחקות, וואָס הערשט שטענדיק אין שטוב.

די מאַמע פירט ביילקען צו דאַבען, דער שניידערין, אויף דער לערע, כדי זי זאָל קאָנען שפּעטער עפּעס פאַרדינען, ווייל אויף קיין קליידל און שיך פאַר אירעטוועגן איז נישטאָ. אָבער דער פאָטער ברענגט פונדעסטוועגן פרייטיק צו נאַכט אַן אורח אויף שבת, און מען שאַבט פון די ביינער פאַר אים אויך אַ ברעקל פלייש.

דער קליינער חימל האַלט אונדז באַזונדער געשפּאַנט, ווייל מיר שטויסן זיך אָן, אַז ער איז דאָס דער, וואָס איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן געוואָרן דער אָנגעזעענער נאָוועליסט, וואָס האָט אונדז געגעבן אַזעלכע וויכטיקע נאָוועלן, ווי „דער מאַן מיטן ביקס", „זאַוועלער טראַקט" און נאָך אַנדערע פּרעכטיקע דערציילונגען.

עס וואַקסט אויס פאַר די אויגן דאָס שטעטעלע טעלעכאַן מיט די פאַרשיידענע מינים יידן און זייער פּאַטריאַרכאַלישקייט, וואָס ווערן דאָך פון צייט צו צייט צעלעבט און צעוועקט פון דער נייער צייט, וואָס הייבט זיך אָן צו לאָזן פילן.

ביילקעס פֿאָטער איז אומרואיק פֿון אַט דער נייער צייט, און ער בייזערט זיך אויף דער מאַמען פֿאַרוואָס זי פֿרייט זיך אַזוי וואָס אין שטעטל בויט זיך אַ „הוטע".

— פֿאַרוואָס קאָן דאָס שטעטל נישט בלייבן ביים אַלטן, ווי עס איז געווען כל־הימים? — האָט ער טענות צו דער מאַמען. אָבער די מאַמע איז אַ פּראַקטישע, און זי האָט זיך איר חשבון, אַז איר פּערל און איר אַהרן וועלן נישט דאַרפֿן זיין אין דער פרעמד, ווייל זיי וועלן אַרבעטן טאַקע דאָ־הי אין טעלעכאַן אין דער הוטע.

אויך דער קליינער חיימל פֿרייט זיך, ווייל פֿערעלע האָט אים צוגע־זאָגט צו קויפֿן אַ „הויז־לער־ביכל" פֿון וועלכן ער וועט זיך קאָנען לערנען אַליין דאָס רוסישע לשון.

אסתר מילער וויזט אונדז אויף אַ זייער פּשוטן און נאַטירלעכן אופֿן די צעטרייסלונג פֿון דעם פּאַטריאַרכאַליזם אונטער די קלעפּ פֿון דער אָנקומענדיקער אינדוסטריאַליזאַציע, אויך דעם אויפֿשטייג פֿון עפּעס גאָר אַ נייעס, וואָס רופֿט זיך „שוועסטער און ברידער" בלויז דערפֿאַר, וואָס מען ווערט צוזאַמען עקספּלואַטירט פֿון דעם נייעם אויפֿשטייגנ־דיקן קאַפּיטאַליזם.

ד

אויף מיין באַזוך אין דעם פֿאַרגאַנגענעם זומער האָט אסתר מילער אויפֿגענומען מיט מיר די פֿראַגע וועגן דער מעגלעכקייט אַרויסצו־געבן דאָס בוך ביים איקוף־פֿאַרלאַג.

איך האָב איר דערקלערט, אַז עס פֿירט זיך ביי אונדז קודם אי־בערלייענען, און דערנאָך קאָן מען רעדן.

איר מאַן שמואל דוד מילער האָט זיך שטאַרק דערפֿרייט, וואָס מען וועט פֿריער איבערלייענען.

— עס וועט טאַקע זיין גוט צו הערן, וואָס אָנגעזעענע שרייבער טראַכטן, — האָט ער געזאָגט, און דערביי צוגעלייגט:

— איך האָב הנאה. מיר דאַכט זיך, אַז עס איז זייער גוט, אָבער איך בין דאָך אַ פּשוטער מענטש, און דערצו איז דאָס דאָך מיין פֿרויס אַן אַרבעט.

איך טראַכט איצט וועגן אַט די שמועסן, וואָס מיר האָבן געהאַט סיי אין מיין האָטעל, און סיי ביי די מילערס אין דעם גרינעם בלומענ־דיקן גאָרטן אַרום זייער שיינעם זוניקן הויז, ווען איך בין נאָך נישט געווען געניג באַקאַנט מיט דעם ווערט פֿונעם בוך, ווי איך בין אינעם איצטיקן מאָמענט, ווען איך שרייב אַט די שורות.

וואָלט איך אין יענער צייט זיך געווען באַקאַנט מיט די „דריי בעטלער און דער ייד", מיט „מיכלען", וואָס ביילקעס מאַמע האָט אַרונ־טערגענומען פונעם איווען און אים חתונה געמאַכט פאַר דער מויד, מיט דעם „פּוסטן מויער", וואָס האָט געלאָקערט מיט זיינע שדים אין אים אויף די איינוואוינער פון טעלעכאַן און מיט נאָך און נאָך שילדע־רונגען פון טעלעכאַן, וואָס האָט אין דער דורותדיקער איינגעוואָרצלט־קייט אינעם פּאַטריאַרכאַלישן לעבן אָנגעהויבן צו הערן דעם בראַזג פון „צעבראָכענע שויבן", וואָס דער איבערבייט פון דער צייט האָט מיט זיך מיטגעבראַכט... וואָלט איך שוין אין יענער צייט געווען געזאָגט מיט אַ פולן מויל:

— יאָ, מען דאַרף אַרויסגעבן אָט דאָס בוך.

מיט מיין זאָגן אָט אַזוי וואָלט איך אפשר געווען איינגעשפּאָרט די מילערס זייער ספּעציעלע רייזע קיין ניו־יאָרק. אָבער דאָס געוויסן פּלאָגט מיך נישט, וואָס זיי זיינען יאָ געפּאָרן, און אַ דאַנק זייער דורכ־פּאָרן זיך, זיצט איצט שוין ביי זיין אַרבעט־טיש נ. הייקין איבער די קאָ־רעקטורן פון אָט דעם בוך, און ציט פון צייט צו צייט די אויפמערק־זאַמקייט פון נחמן מייזיל און פון מיר אַ לייען צו טאָן אָט דאָס קאַפּיטל אָדער אַן אַנדערס, פון וועלכן ער האָט זייער שטאַרק הנאה.

זיין הנאה, איז אויך די הנאה פון אונדז אַלעמען, וואָס האָבן דאָס בוך געלייענט, און איך בין זיכער, אַז אויך די לייענער וועלן הנאה האָבן.

ה

פאַר די אויגן שטייט איצט די שיינע, וואַרעמע היים פון די מילערס, — די ביכער־פּאַליצעס, וואָס ווערן פון אסתר מילערס הענט געצערטלט, — ספּעציעל די יידישע ביכער, און אַוודאי די ביכער פון איר באַרימטן ברודער שמואל גאָדינער. איך זע ממש מיט וואָס פאַר אַ ציטער זי וועט אַריינשטעלן צווישן זיי אויך איר אייגן בוך, וואָס וועט זיין אַ שיינער צוגאָב צום אוצר פון דער יידישער ליטעראַטור.



## ווידמונג און אָנערקענונג

מיט דעם בוך פּרואוו איך אָפּצאָלן כאָטש וויפל ניט איז פון דעם חוב, וואָס איך בין שולדיק דער יוגנט פון מיין דור, די שוועסטער און ברידער נישט בלויז פון מיין געבורט־שטעטל טעלעכאַן, נאָר פון אַלע שטעט און שטעטלעך אין צאַרישן רוסלאַנד, וואו די אַרבעטער־יוגנט האָט געקלאַפּט אין דער טיר פון געשיכטע.

מיר דאַכט זיך, אַז פּונקט ווי אַ טראָפּן וואַסער שפּיגלט־אָפּ דעם גאַנצן אָרום, אַזוי האָט דאָס לעבן, די שווערע אויסקומעניש און די ליכטיקע האָפענונגען פון דער יוגנט אין מיין שטעטל אָפּגעשפּיגלט אַ גאַנצע עפּאָכע, די ערב־צייט פון אַ נייער וועלט.

איז גוט, וואָס יענע עפּאָכע וועט זיך שוין קיינמאָל ניט צוריקקערן און יידישע טאַטע־מאַמעס וועלן שוין קיינמאָל מער נישט דאַרפן ציען זייער חיונה פון די קלאָגעדיקע פאַרדינסטן פון זייערע מינדעריעריקע קינדער אין די מאַסטערסקאַיעס „ביים פינצטערן געניי״, צי אין די הוטעס און שוועבל־פאַבריקן, וואו יוגנט האָט געוועלקט נאָך איידער זי האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט.

נאָר אונדזער געדעכעניש פון יענער צייט איז אָנגעלאָדן נישט בלויז מיט ביטערע זכרונות פון דחקות און שווערע עוולות קעגן דעם האָ־רעפּאַשנעם פאָלק, נאָר אויך מיט בענקשאַפט נאָך אָט־דער אויסשטראַ־לונג פון יונגן רעוואָלוציאָנערן מוט, פון דעם „וואַגזין פון די בראַוועי״, וואָס דער גרויסער מאַקסים גאָרקי האָט באַזונגען. אָט־דער קעמפּע־רישער, האָפערדיקער געמיט פון דער יוגנט פון מיין דור איז דאָס באַשטייענדיקע, וואָס די יוגנט פון היינטיקע טעג — און מיר, זייערע טאַטעס און מאַמעס, האָבן געקראָגן בירושה פון יענער עפּאָכע.

אין דעם גייסט פון אָט־דעם המשך פון עפּאָכעס און דורות „האָב איך דאָ געפּרואווט אָנצייכענען אַ גאַלעריי פאָרטרעטן און לעבנס־בילדער פון דער יידישער אָרעמשאַפט אין מיין שטעטל.

די געשעענישן, וואָס ווערן פאַרצייכנט אין דעם בוך, און די מענטשן, וואָס ווערן דאָ אַרויסגעבראַכט, זיינען אין עצם — אָבער ניט אין אַלע פּרטים — באַזירט אויף דער ווירקלעכקייט פון מיין שטעטל, ווי איך געדענק עס. דאָ און דאָרט האָב איך געפונען פאַר גוייטיק צו „קאָרע־

גירן" מיין זכרון און אַריינברענגען געוויסע ענדערונגען, וואָס זאָלן צוגעבן די שילדערונגען אַ מער אַלגעמיינעם כאַראַקטער. וועלן די לאַנדסלייט פון מיין שטעטל מיר מוחל זיין אַט־די אָפּוויכונגען און קיין פאַראיבל ניט האָבן, וואָס איך האָב צוליב דעם אמת פון דעם גאַנצן בילד זיך דערלויבט צו ענדערן געוויסע דעטאַלן דערפון.

איך האָב זיך באַמיט אויפצולעבן מיין שטעטל טעלעכאַן, ווי מיין זכרון האָט עס אויפגעהיט אַלע יאָרן זינט מיין פאַרלאָזן עס. זאָל מיין בוך זיין אַ מין דענקמאָל דעם אייגענעם שטעטל, וואָס איז אין די גרויזאַמע היטלער־יאָרן צעשטערט געוואָרן.

אין מיינע רייפערע יאָרן, אַדאַנק דעם גאַנג פון דער געשיכטע פון אונדזער יאָרהונדערט, בין איך — ווי פיל אַנדערע פון מיין דור — פּטור געוואָרן פון אַ סך ספקות און וואַקלענישן, גלייכגילטיקייט און פּאַסיווקייט. אַדאַנק דער שאַפונגס־ענערגיע פון די פאָלקס־מאַסן, זייערע אומאויסשעפּלעכע כוחות ביים בויען אַ וועלט פון שלום און יושר, וועט קינדער־עקספּלואַטאַציע און באַראַבעוועטע יוגנט (ווי אונדזער דור האָט דאָס געפילט אויף זיינעביינער), ווערן אַ פינצטערע פאַרגאַנגענהייט, וואָס וועט זיך קיין מאָל שוין ניט צוריקקערן.

אָט־דער שאַפונגס־ווילן פון די פאָלקס־מאַסן — יידישע און ניט־יידישע — האָט מיך סטימולירט און אינספּירירט דורך דער גאַנצער צייט פון שרייבן דאָס בוך. אויך שאַץ איך אָפּ די דערמוטיקונג און פּראַקטישע אָנווייזונגען פון אַ צאָל פריינט, וואָס זיינען מיר באַהילפיק געווען אין אָט־דער אַרבעט.

געוויסע נעמען דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן מיט טיפער אָנערקענונג און האַרציקן דאַנק: י. א. ראַפּאָפּאָרט, גינא מעדעם, כאַוער פּאַווער, ב. הייקין, ז. וויינפּער און באַזונדער — דעם שטרענגן און אויפריכטיקן קריטיקער ב. בוכוואַלד. זיי אַלע, ווי אויך מיין שוועסטער חנה גאַרקער, האָבן געשפּייזט מיין מוט, געהויבן אין מיר דעם גלויבן אין מענטש, און געגעבן מיר די מאָראַלישע הילף אין דער שווערער און פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט פון אויסהאַמערן מיין ערשטן מאַנוסקריפּט און פאַרוואַנדלען דעם „טשערנאָוויק" אין אַ פאַרטיקן בוך.

און איצט בלייבט מיר איבער בלויז צו דאַנקען אין פאָרויס די לייענער פון דעם בוך און אויסדריקן די האָפענונג, אַז עס וועט געפינען חן און לייטזעליקייט אין זייערע אויגן.

אסתר מילער

לאָס־אַנדזשעלעס, יאַנואַר, 1956.

# ביילקע פלאַקסע

ווען זי איז געווען אַ קינד האָט מען ביילקען גערופן „פלאַקסע", „תם", „חלומות", נאָר זייער זעלטן ביי איר אמתן נאָמען, סיידן ווען זי איז קראַנק געווען. דעמאָלט האָט די מאַמע עפּעס פרום געשעפּטשעט אין דער שטיל, און ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן מיטן שפּרעכן די עין־הרע, האָט זי דריי מאָל אויסגעשפּיגן אין ווינקל, אָפּגעזיפצט, אַ טאָפּ געטאָן ביילקען דעם קאָפּ און מיט בטחון צוגעגעבן: „נו, ביילקע, וועסט שוין איצט געזונט ווערן".

פאַרוואָס מען האָט זי גערופן מיט די אַלע צונעמען און פאַרוואָס זי האָט געווײנט, האָט זי ניט געוואוסט. אַז מען פלעגט זי אַמאָל פרעגן: „מיידעלע, וואָס וויינסטו?", פלעגן אירע בלויע אויגן פון ווייסן פנימל זיך צוקלעפּן צום פראַגע־שטעלער, ווי זי וואָלט זיך געוואונדערט פאַר־וואָס זיי פאַרשטייען ניט, און זי פלעגט ענטפערן פאַרשעמט: „כ'ווייס ניט, נאָר עפּעס ווערט מיר גרינגער אויפן האַרצן ווען איך וויין זיך אויס".

געווען איז זי אַן אומעטיקע, אַ בלאַסע, מיט דאַרע הענטלעך, מיט אַ רונדיקן פנימל, מיט גרויסע גרוי־בלויע אויגן, וואָס זיינען געזעסן אין שוואַרצע רינגען, מיט אַ קליין מויל, וואָס האָט זיך זעלטן צעצויגן אין אַ שמייכל, מיט אַ הויכן רונדן שטערן מיט צעשפּרייטע ברעמען, און ווען זי האָט געהאַלטן די אויגן אַראָנטערגעלאָזט, האָט זיך אויסגע־דוכט ווי אַ גרויסער סוד וואָלט דאָרטן געלעגן באַהאַלטן פון די גרויסע מענטשן.

ביילקעס גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען צו זיצן ביי איר פאָטערס זייט און זיך צוהערן צו זיין לערנען מיט די חדר־ייִנגלעך. טיף האָבן זיך איינגעקריצט אין איר זכרון די שיינע מעשיות פון דעם חומש, פון יוסף מיט זיינע ברידער, פון קין און הבל, פון דעם מן וואָס איז געפאַלן פון הימל, פון דעם הייליקן לאַנד ארץ־ישראל, וואו ייִדן זיינען געזעסן אונטער זייערע פייגנביימער אין לאַנד פון מילך און האָניק. „און ייִדן האָבן זיך פאַרזינדיקט, און גאָט האָט זיי געשטראָפט און

אַרויסגעטריבן פון זייער הייליק לאַנד", לערנט דער טאַטע, דוד דער מלמד, מיט די ייִנגלעך, און ער פאַרהוסט זיך פון פאַרדראָס און פון ווייטיק וואָס די חדר־ייִנגלעך הערן זיך ניט צו צו אים ווי ס'געהער צו זיין.

ביילקען טוט ווי פאַרן טאַטנס הוסטן און פאַר דעם לאַנד ארץ־ישראל, וואָס ייִדן האָבן פאַרזינדיקט.

„שייגעץ! יונגאַטש! הער וואָס איך רייד צו דיר!", שרייט דער טאַטע אויף פייוולען, „דו גויאישער קאָפּ!". פייוול שפּרינגט אַרויס דורכן אָפענעם פענצטער און ווערט ניט. דער טאַטע לויפט אַרויס נאָך פייוולען דורך דער אָפענער טיר, נאָר פייוול איז פאַרשוואונדן ווי אין דער ערד אַריין. דער טאַטע, פון גרויס ערגערניש וואָס ער וועט ניט קענען געבן די פולע מאָס תורה פאַר די פופציק קאָפּיקעס אַ וואָך, וואָס ער קריגט פון פייוולס טאַטן, פאַרקייכט זיך אין אַ ווייטערדיקן הוסט, אַזש די אויגן סטאַרטשען אים אַרויס פון קאָפּ.

אָ, ווען ייִדן וואָלטן זיך ניט געווען פאַרזינדיקט, ווי גוט עס וואָלט זיי איצט אַלעמען געווען אין ארץ־ישראל אונטערן פייגנבוים. הייסע טרערן קייקלען זיך ביילקען איבערן פנים און פאַלן אַרונטער אויפן טאַטנס פאַרגעלטן סידור. זי פאַרשעמט זיך און לאָזט אַרונטער אירע אויגן אויפן זאַמדיקן דיל.

„טאַטע, פאַרוואָס האָבן ייִדן געדאַרפט זיך פאַרזינדיקן און פאַרלירן דאָס הייליקע לאַנד ארץ־ישראל?"

דער טאַטע, איצט שוין אַן אויסגעהוסטער, אַ באַרואיקטער, לערנט מיט משהלען. זיין הילצערן טייטל רוקט זיך פון אות צו אות אויפן סידור מיט די גרויסע אַלפן און ביתן. צוערשט הערט ער ניט וואָס ביילקע פרעגט אים. ער איז אַריינגעטאָן אין אויסלערנען משהלען דעם „אַ ב" מיט די נקודות.

די זון שיינט אַריין דורכן איינציקן פענצטער. פליגן לויפן אַריין און אַרויס פון דער אויסגעבראָכענער שויב. די מאַמע פּאָרעט זיך ביים פּריפּעטשעק מיטן וואַרמעס. ביילקע פרעגט ווייטער: „טאַטע, ווי לאַנג נאָך וועלן ייִדן זיין אין גלות?"

דער טאַטע דרייט אויס זיין קאָפּ מיט דער יאַרמעלקע צו ביילקען. אַ שוואַכער שמייכל באַווייזט זיך אויף זיין פאַרוואַקסענעם פּנים. אין זיינע טרויעריקע, איינגעגראָבענע אויגן ליגט אַ ים מיט טרויער און געדולד. „ווי לאַנג נאָך ייִדן וועלן זיין אין גלות", רעדט דער טאַטע איבער ביילקעס ווערטער, „אַזוי לאַנג ווי הקדוש ברוך

הוא וועט וועלן״. ער נעמט ניט אַרונטער די אויגן פונעם טייטל מיטן „א—ב״. „זאָג־זשע, משהלע, נאָך אַמאָל — קאָמעץ אַלעף, אָ, אָט אַזוי, און ער גיט אים מיט ליבשאַפט אַ קניפּ אין בעקל.

פּאַרטיק געוואָרן מיט משהלען, נעמט ער זיך צו די יינגלעך, וואָס לערנען שוין חומש און רש״י. מיט זיי איז זיין גאַנג שווערער. די יינגלעך זיינען אומרואיק, קוקן אַרויס צום פענצטער, וואו די זון שיינט אַריין, קוקן נאָך די פליגן, ווי זיי לויפן פריי אַריין און אַרויס פון דער אויסגעבראָכענער שויב, און זיינען זיי מקנא.

ביילקע צעזינגט זיך איבערן חומש: „און יעקב איז איינגעשלאָפן אויפן שטיין און עס האָט זיך אים געחלומט אַ חלום...״

„אַ שאָד, אַ שאָד, ביילקע, וואָס ביסט ניט געבוירן געוואָרן אַ יינגל. וואָלסט דאָך אויסגעוואַקסן דער גרעסטער רב״, זאָגט דער טאַטע, און זיינע טרויעריקע אויגן קוקן אויף איר מיט רחמנות.

די חדר־יינגלעך זאָגן נאָך דעם רבין, און די אייגעלעך קוקן אַלע ווילדע צום פענצטער, אַהין וואו די פייגעלעך פליען פאַרביי און לאָזן איבער אַ סוויסטש אין דער אויסגעבראָכענער שויב. ווערן די יינגלעך אומרואיק, מען נעמט זיך שטופן, קנייפן אין די געזעסלעך, קלאַפּן איינער דעם צווייטן מיט די פיסלעך אונטערן באַנק. עס ווערט אַ שטופעריי, אַ קוויטשעריי. הערשל ווערט אַרונטערגעשטופּט פון באַנק, פאַלט ער אויפן זאַמדיקן דיל, כאַפּט זיך גלייך אויף און פליט אַרויס אויפן גאַס. נאָך אים די איבעריקע צען יינגלעך. זיי שטופן זיך דורך דער טיר ווי צעשאָטענע, צעשראָקענע שעפסן. דער טאַטע נאָך זיי, מיטן לאַנגן קאַפּטן און מיט דער רוט אין האַנט. ער בלייבט שטיין הינטערן שטוב, און קוקט הילפלאָז אויפן גאָרטן, ווי אַ פּאַסטוך, וואָס האָט פאַרלוירן זיינע שעפסן.

דער צען־יעריקער מאָטעלע־האָז האָט זיך דערשראָקן פאַרן צע־כעס׳טן רבין מיטן רוט און איז אַרויף אויפן שטרויענעם דאַך פון הויז. קריכט ער אויף אַלע פיר אַרויף צום שפּיץ פון דאַך און קאַטשעט זיך אַראָפּ. ער כאַפּט זיך אָן אין דער שטרוי און צוזאַמען מיט דער זשמעניע שטרוי אין האַנט, פאַלט ער אַרונטער פון דעם נידעריקן דאַך אין בייט פון גאָרטן, וואו עס בליען מיט קליינע ווייסע בלימעלעך קאַרטאָפל. ווי אַ ווערימל גיט זיך מאָטעלע אַ דריי און אַ קאַטשע צווישן די בייטן. ער הייבט זיך אויף, און אויך ער ווערט פאַרשוואונדן אויפן גלחס גאָרטן הינטער שמואל וויגדערס קוזניע.

שמואל־וויגדערס קלאַפּן אין דער פּאַדקאָווע אויפן פערדס פוס

ווערט איבערגעריסן. מענטש און פערד גיבן זיך אַ טרייסל פון ייִנגלס אימפעטיקן לויפן, און מאַטעלע־האָז לויפט פייל־אויסן־בויגן און ווערט פאַרשוואונדן אין געדיכטן גראָז העט ווייט הינטער יענקעלעס ציגעל־גיע, הינטער די רויטע בערג ציגל.

עס לויפן זיך צוזאַמען די שכנים. עס לויפט שמואל־וויגדעריכע מיט אירע שטענדיקע סיניאַקעס אויף איר שיינעם פנים פון איר מאַנס שלאָגן זי — אַ סימן אַז ער האָט זי טאַקע ליב. עס לויפט איר טאָכ־טער, וואָס פירט אַ שניידער מאַסטערסקאַיע און וואָס אַלע אין שטעטל רופן זי „קראַסאַוויצע" צוליב איר שיינקייט און „בהמה" צוליב איר דומקייט. עס לויפן נאָך די ווייבער, וועלכע האָבן אַוועקגעוואָרפן אויף די פריזבעס זייערע צעפלאָנטערטע זאָקן, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין שטריקן, און אַלע מיט צעפודלטע האָר לויפן זען וואָס אַזעלכעס האָט אַרויסגערופן דעם גרויסן טומל דאָרטן, וואו מאַטעלע־האָז האָט געמאַכט אַ לאָך אין סטריכע און וואו שטרוי ליגט צעשאָטן איבערן גאָרטן.

„וויי! וויי! ס'אַראַ ממזרים היינטיקע קינדער זיינען דאָס!", שאָקלען די ווייבער מיט די קעפ, און קוקן אויף דער צעריסענער שטרוי אין דאַך מיט באַדויער.

פראַדל, ביילקעס מאַמע, וואָס איז די גאַנצע צייט געווען פאַרנומען מיט יעטן די זיליע פון גאָרטן, קומט אַרויס מיט אַ פולן פאַרטוך גרינע, פרישע ציבעלקעלעך און רויטע, קליינע ראש־חודש רעטעכלעך. זי קוקט־אָן די צוזאַמענגעלאָפענע ווייבער און דעם טאַטן, וואָס שטייט אַ פאַרלוירענער און געערגערטער, ווי אַ פויגל וואָלט זיך פון זיינע הענט אַרויסגעריסן און פאַרשוואונדן אין דער בלויער ווייטקייט אַריין.

„וואָס האָבן זיי זיך עס אָנגעלאָפן ווי אויף אַ בייז וואונדער?", שרייט די מאַמע, און איר זון־פאַרברוינטער פנים ווערט רויט פון כעס.

דער טאַטע כאַפט זיך ערשט, אַז עס דאַרפן ערגעץ זיין נאָך אַכט חדר־ייִנגלעך. וואו זיינען זיי? די אָנגעלאָפענע ווייבער גייען זיך פאַ־נאַנדער ביסלעכווייז, און די מאַמע העלפט דעם טאַטן געפינען און אַריינטרייבן די ייִנגלעך צוריק אין חדר אַריין. אירע אויגן פאַלן אויפן שטרויענעם דאַך מיט דער לאָך, און מיט אַ ביטערן שמייכל אין אירע טרויעריקע אויגן זאָגט זי: „נו, ביז איצט האָט דער גלח גע־ריסן די שטרוי פון סטריכע פאַר ניט באַצאָלן אים די צינזן אין צייט. איצט טוען דאָס דיינע תלמידים".

„העי, איר שקאָצים, אין חדר אַריין!" שרייט דער טאַטע.

„און חימל? וואו איז ערגעץ חימל?", שרייט די מאַמע און זוכט אים מיט די אויגן איבערן גאָרטן.

„אָט שטייט ער דאָרטן", ווייזט דער אַכט־יאָריקער בערעלע מיט זיין הענטל צום זוניקן ווייטן גאָרטן, „ער כאַפּט דאָרטן קראַליקלעך".

„הו... הו...", שרייט די מאַמע, ווי מען טוט דאָס אין וואַלד, ווען מען וויל עמיצן געפינען. חימל און די יינגלעך לויפן זיך צוזאַמען, און ווי אַ טשערעדע פאַנאַנדערגעלאָפּענע שעפּסעלעך, טרייבן טאַטע־מאַמע די קינדער צוריק אין חדר אַריין. דער טאַטע זעצט אויס די יינגלעך אַרום טיש און אַלץ איז שוין אין אָרדענונג.

ביילקעס מאַמע איז אַ הויכע, אַ שווערלעכע, מיט אַ פון זון פאַר־ברענטן פּנים, וואָס איז האַרט און שטרענג פון אַ שווערן לעבן. די אַרבל זיינען ביי איר פאַרקאַטשעט אַריבער די עלנבויגנס, די הענט מאַזאָלעדיקע און צעקאָרטשעטע — די עדות פון שווערער אַרבעט. זי איז ברייט און פעסט געבויט. די וויבער זאָגן, אַז ווען זי גייט איבער אַ בריק, סקריפּעט דאָס האָלץ אונטער אירע פיס. איצט שטייט זי שוין צוריק אין גאָרטן אַ באָרוועסע און באַוואַסערט דאָס ביסל גרינס. דער גאָרטן איז פאַרטריקנט.

די עלטערע טאָכטער, פּערעלע, העלפט איר אין דער אַרבעט. ביי דער מאַמעס זייט זעט־אויס פּערעלע ווי אַ יונגער געזונטער צוויג פון אַ שטאַרקן בוים. זי טוט די אַרבעט מיט גרויס ליבשאַפט און זינגט אונטער דערביי: „גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן, פון די קליינע קינדערס וועגן". פּערעלע איז שוין צען יאָר אַלט, מער ניט קיין קינד.

די מאַמע וואַרפט פון ציט צו צייט אַ בליק אויף פּערעלען, און איר פּנים צעשמייכלט זיך. איר האַרץ ווערט אָנגעגאָסן מיט פרייד. „וואָס פאַר אַ גערעטן קינד דאָס איז", קלערט זי.

„פּערעלע, עס גייט שוין אויס פון קויש", רעדט זי צו איר ווי מען רעדט צו אַ יינגערער שוועסטער, „כ'האָב שוין אָנגעגרייט טשיפּקעלעך מיט היטעלעך, וועל איך שוין מאָרגן ווידער פאָרן אין דאָרף אַריין און ברענגען ציבעלעס, בעבלעך, גרינוואָרג, וועט ווידער זיין וואָס צו עסן. פון דיין טאַטנס פאַרדינסטן וואָלטן מיר געלייגט די ציינער אויף דער פּאָ־ליצע. דער טאַטע לויבט דיין ברויט באַקן, דיין קאָכן. וועסטו שוין איבערנעמען די באַלעבאַטישקייט ביז איך וועל צוריק קומען פון באָב־ראָוויטש".

„אוהוי, מאַמע, זאָרג זיך ניט", זאָגט פּערעלע, זי האָט אַזוי פיל מיטלייד מיט דער פאַרהאָרעוועטער מאַמע.

עס קומט אַ געדאַנק אין דער מאַמעס קאָפּ, און ווי מיט אַ וואָלקן פאַרציט זיך איר פּנים. מיידלעך פון שטעטל פאָרן קיין קלעטנאָו רייסן האָפּן. אפשר שיקן פּערעלען אויך, זי זאָל זיך פאַרדינען עטלעכע רובל? עס גייט צו יום־טוב, עס קומט אָן דער ווינטער, זי מוז האָבן שיך, אַ מאַנטעלע.

און ווי פּערעלע וואָלט געלייענט דער מאַמעס געדאַנקען, זאָגט זי: „הערסט, מאַמע, ווען דו וועסט צוריק קומען פון דאָרף, וועל איך פאָרן קיין קלעטנאָו רייסן האָפּן. כ׳האָב שוין גערעדט מיט כייקען. איר מאַמע לאָזט זי פאָרן. מען צאָלט דאָרט דריי גילדן אַ טאָג פאַר רייסן האָפּן. כ׳קאָן פאַרדינען שיינע עטלעכע רובל ביז יום־טוב״.

פון הויז הערט זיך חיימלס געוויין. די מאַמע, אויך פּערעלע, מיט בלאָטיקע הענט און פיס, לויפן אַריין אין הויז. „וואָס איז דאָ געשען?״ שרייען זיי ביידע אויס אין איין קול.

„חיימל איז צעפּיעשטשעט געוואָרן זינט נאָך די מאָזלען״, זאָגט דער טאַטע.

„וויין ניט, חיימל״, נעמט אים פּערעלע אַרום, „אוי, איר ווייסט גאָרניט ווי קראַנק ער איז געווען, איר זייט דאָך אַפילו אין דער היים ניט געווען״, זאָגט זי מיט פאַרוואורף. „ניט געוועז קיין זאַך צום עסן אין שטוב״, רעדט זי ווייטער שנעל און וויטאָקדיק, „ער האָט גע־ברענט ווי אַ פייער. בין איך געלאָפן צו וויכנען נאָך בייגל. ניט געהאַט מיט וואָס באַצאָלן, האָב איך געכאַפּט דריי בייגל״. זי זאָגט דאָס ווי זי וואָלט געהאַט אָפּגעטאָן עפּעס אַ העלדישע זאַך און גיט צו: „נישקשה, כ׳וועל פאָרן רייסן האָפּן, וועל איך איר באַצאָלן״.

„הער שוין אויף אַזוי פיל רײדן. כ׳האָב שוין דאָס געהערט״, זאָגט די מאַמע, און איר ברוינער פּנים צעלייגט זיך אין אַ ווייטיקדיקער גרימאַסע, ווי זי וואָלט איר אָן אַלטע וואונד אויפגעריסן.

„איז וואָס־זשע וויינט ער?״ פרעגט די מאַמע.

די חדר־ייִנגלעך שרייען אַריבער איינער דעם צווייטן, „דער רבי האָט אים אָנגעדרייט די אויערן פאַר ניט מאַכן אַ ברכה איבערן וואַסער״.

„ער׳ט ניט געוואָלט לערנען״, שרייט אַ דין קולכל.

„ניין, ער וויל נאָר זיין אויפן גאַס״, שרייט אַ פעטער ייִנגל.

חיימל טוליעט זיך, דאָ צו זיין שוועסטערל, דאָ צו דער מאַמען. „כ׳וועל גיין מיט דיר אויפן ׳דאָרטן׳ צווישן די בייטן״, דרייט זיך חיימל אין דער מאַמעס פאַרטוך אַריין.

די מאַמע שטייט מיט אירע פאַרהאָרעוועטע הענט אויף די באָקעס,

מיט אַ שאַרפֿן קוק אין אירע אויגן. דער טאַטע מאַכט זיך, אַז ער זעט זי נישט. „נו, קינדערלעך", פּירט ער מיטן טייטל איבערן סידור און וואַרפֿט אַ בליק אויף ביילקען. ביידע קוקן זיי, איצט אויף דער קרעפּ־טיקער מאַמען, וואָס נעמט זיי ביידן דורך מיט אירע שאַרפֿע באַפֿעלע־רישע בליקן.

„וועסט נאָך צייט האָבן צו מאַכן אַ באַנק־קוועטשער פֿון אים", ווייזט זי אויף חיימלען. „פֿון אַ זעקס־יאָריקן קינד מאָנט ער ברכות"...

„אמר רבי אליעזר, האָט רבי אליעזר געזאָגט..." הערט חיימל דעם טאַטנס קול און ער איז צופֿרידן וואָס ער איז איצט אין גאָרטן אונטער דער וואַרעמער זון.

## דער שאָדן זוכט זיך אָפּ

די זון זעצט זיך אַלץ נידעריקער אין רויטע פֿייער־רינגען. דער דערבייאיקער וואַלד קלינגט אָפּ מיט אַ דומפּן ווידערקול „טרו־טו־טו־טו"... — פֿון פֿאַסטוכלס פֿייפֿל. עס דערנענטערט זיך צום שטעטל אַ טשערעדע בהמות מיט פֿולע אייטערס. די בהמות הייבן אויף אַ גרויזאַמדיקן רויך. די פֿולע אייטערס מאַכן זייער גאַנג לאַנגזאַם און שווער.

פֿון צווייטן זייט שטעטל, צום סווענטעוואָליער וואַלד צו, דאָרטן וואו עס וואַקסן אַ גאַנצן זומער אַלערליי יאַגעדעס און שוועמלעך, מיט וועלכע די ווייס־רוסישע ערד איז רייך, דערנענטערט זיך נאָך אַ „טשערעדע", אַ צווייטע פֿיסיקע: קליינע מיידלעך פֿון אָרעמע עלטערן, וועלכע זיינען אַוועק גאַנץ פֿרי אין וואַלד מיט כאַשע דער „פּירערקע" און מיט זייערע ליידיקע ווערינקעס. איצט קומען זיי צוריק אַהיים מידע אָבער פֿריילעכע, מיט פֿולע ווערינקעס יאַגעדעס, ברוסניצעס און טריסקאַווקעס, פֿון וועלכע די מאַמעס וועלן מאַכן וואַרעניע. דאָס יאַגעדע־איינגעמאַכץ וועט מען עסן אַלע טאָג. די טריסקאַווקע־וואַרעניע וועט מען אַוועקשטעלן — הלוואי זאָל מען ניט דאַרפֿן. אַמאָל ווערט מען קראַנק, קומט צונויף.

ווי פֿון אַ גרויען נעפּל אַרויס באַווייזט זיך כאַשע די „פּירערקע". איר ברייטער צעקנייטשטער פֿאַרטוך פֿלאָנטערט זיך איר אין די פֿיס. אויף איר פּלייצע, פֿאַרבונדן מיט אַ גראָבן שטריק אַריבער איר ברוסט, איז אַ פֿולע שטרויענע ווערינקע מיט יאַגעדעס. און כאָטש זי איז שוין אַ פֿרוי ווייט אַריבער די פֿערציקער, איז נאָך איר טראָט גרינג און פֿעסט. יעדע עטלעכע שפּאַן שטעלט זי זיך אָפּ, גלייכט

זיך אויס, דרייט זיך אויס מיטן פּנים צום וואַלד, און מיט דער פּולער ווערינקע צום שטאָט, מיט אַ געניטער באַוועגונג פון די אויגן ציילט זי שנעל איבער אירע קינדער, און ווען עס פעלט איר איינס, „לייגט זי צו אירע פון יאַגעדעס שוואַרצע הענט צום מויל און שרייט אין זיי אַריין: „הו... הו..." איר שטים שלאָגט זיך אָפּ אין דעם געדיכטן וואַלד און קומט צוריק אין אַ טרוקענעם ווידערקול, „גו... גו...", און ווערט גלייך פאַרלוירן ערגעץ אין די גראָבע הויכע ביימער פון וואַלד.

כאַשע די „פּירערקע", זעט ווי די ניין־יאָריקע קליינע הינדעלע שלעפּט זיך מיט איר האַלב־לײדיקער ווערינקע ביים סאַמע עק פון דער לאַנגער כאַליאַסטרע קינדער, פּאַכעט זי צו איר מיט דער האַנט אַז זי זאָל גיין שנעלער. און ווען הינדל איז שוין ביי איר זייט, שפּאַנט זי ווייטער ווי אַ גענעראַל מיט זיין אַרמיי וואָס האָט נאָר וואָס אָפּגעהאַלטן אַ זיג. און אַזוי שפּאַנענדיק קומט זי אַריין אין דער סווענטעוואָליער גאַס מיט אירע צוויי שורות נידעריקע הייזקעלעך פון וועלכע די מאַמעס קומען אַרויס צו באַגעגענען זייערע מיידלעך.

אַט אַזוי קומט אָן אַ שפע אין שטעטל. בהמות ברענגען מילך, און דערפון ווערט ווערן פּוטער, קעז, סמעטענע, זויער־מילך. קינדער ברענגען וואַלדיקע פּרוכטן, פון וועלכע מאַמעס וועלן מאַכן וואַרעניע. אַ דאַנק גאָט, אַבי ס'איז נאָר דאָ די פּופּציק קאָפּיקעס צו באַצאָלן דעם פּריץ פון וואַלד, קען מען פאַר דעם האָבן אַ האַלבע חיונה דורכן זומער.

אָנהייב זומער האָט געטראָפן אַ פאַל, אַז שרהקע איז געגאַנגען קלייבן יאַגעדעס אָן אַ דערלויבעניש־שיין, האָבן דעם פּריצס מענטשן זי געכאַפּט און אויסגעשאָטן איר ווערינקע מיט יאַגעדעס. זי איז געקומען אַהיים אַ וויינענדיקע מיט אַ ליידיקער ווערינקע צו איר מאַמען, גנענדל דער טוקערין. האָט די מאַמע זי געטרייסט, אַז די רייכע מירעלע דאַרף קומען מאָרגן אין מקווה אַריין זיך טוקן, וועט זי די פּופּציק קאָפּיקעס געבן שרהלען זי זאָל אַרויסנעמען אַ שיין צו קלייבן יאַגעדעס און זיין מיט אַלע שטעטלדיקע מיידלעך גלייך.

הינדעלע איז געקומען פון וואַלד אַ קראַנקע. זי ברענט ווי אַ פייער. לויפט פעשע, הינדלס מאַמע, צו פראַדלען, ביילקעס מאַמע, זי זאָל איר אָפּשפּרעכן דעם קינד אָן עין־הרע. נאָר פראַדל האָט איצט אירע איי־גענע צרות. איר בהמה איז היינט ניט צוריקגעקומען פון פאַשע. פראַדל זוכט מיט אירע צעשראָקענע אויגן אין דער טשערעדע בהמות, וואָס דאָס פאַסטוכל שמייסט אונטער זיי זאָלן גיין גיכער. די שטומע

צינגער לאָזן אַרויס אַ לאַנגן אומעטיקן „מו־מו" און פילן אָן די שטעטל־דיקע מענטשן מיט אַ פריידיקער דערוואַרטונג פון פרישער וואַרעמער מילך. אָבער פראַדלס האַרץ איז פאַרקלעמט. זי זעט ניט איר בהמה וואָס איז געוואָרן אַ טייל פון איר פאַמיליע, אָט די שוואַרצע בהמה מיט די ווייסע פלעקן אויף די איינגעפאַלענע זייטן.

„הע, סטעפאַנקאָ! וואו איז ערגעץ מיין בהמה?" שרייט פראַדל אין אַ געבראָכענער שטים צום פאַסטוכל.

סטעפאַנקאָ נעמט אַרויס זיין האַרמאָניקע פון מויל און קוקט אָן פראַדלען אָן ווערטער, ווי ער וואָלט ניט געהאַט דאָס האַרץ צו זאָגן איר דעם אמת.

„וואו איז מיין בהמה?" מאָנט פראַדל ביי אים.

„טשאָרט וואָזמי", (דער טייוול זאָל עס נעמען), מורמלט ער אַרויס, „כ'האָב זי אַ פּאָר מאָל היינט אַרויסגעשלעפּט פון בלאָטע. קראַנק געווען. ניט געוואָלט עסן אַ גאַנצן טאָג. איז צוריקגעשטאַנען, געגעבן מיר קלאַפּאָט", ער קוקט מיט רחמנות אויף דער מאַמען, וואָס ברעכט די הענט.

עס לויפן זיך צונויף שכנים. „ווי, ווי!! טאָקע ניט צוריק־געקומען פון פּאַשע?". דערהערט דעם טומל לאָזט דוד איבער זיינע חדר־יינגלעך און גייט אַרויס אין גאַס זען וואָס ס'האָט פּאַסירט. עס לויפן אַרויס די חדר־יינגלעך. זיי הערן, אַז די בהמה איז פון פעלד ניט געקומען, בלייבן זיי שטיין אַזעלכע שווייגנדיקע, גוטינקע און קוקן זיך צו ווי די גרויסע מענטשן שרייען און טומלען.

„וואָס זייט איר זיך אַלע אַזוי צונויפגעלאָפן ווי אויף אַ בייז־וואונדער? מיט דעם וועט איר די בהמה צוריק ניט ברענגען", זאָגט פראַדל. זי שלעפּט אַרויס אַ שטיק האָלץ פון פּלויט, צעבערכט עס איבערן קני און מיט אַ צווייטן שטיק האָלץ פאַרקלאַפּט זי דעם „קלין" אין דער ערד. שטילערהייט זאָגט זי אַ שפּרוך. „נו, זאָרג ניט", זאָגט זי צום טאַטן, „די וועלף וועלן שוין אונזער בהמה ניט צעררייסן". און זאָגן זאָגט זי עס מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז עס בלייבט ניט קיין צווייפל ביי דודן און אירע קינדער אַז אַזוי וועט דאָס זיין. דוד ווערט באַ־רואיקט און וויל ניט קוקן אויף די אַנדערע בהמות כדי ער זאָל חלילה ניט מקנא זיין יענעם.

עס פאַלט־צו די נאַכט. אַלץ ווערט איינגעהילט אין אַ גרויסן טונ־קעלן סוד פון בין השמשות. אַרויף צו, וואו עס ענדיקט זיך די סוועג־טעוואָליער גאַס, הייבט זיך אָן דער וואַלד. דאָרטן ליגט אויסגעשפּרייט

דער לאַנגער ברייטער שליאַך וואָס פירט צום שטעטעלע סווענטע־וואָליע. צווישן וואַלד און פעלד ליגט אויף איין זייט דער קריסטלע־כער צווינטער, די „מאָגילקעס", און קעגנאיבער — דער אידישער בית־עולם.

ביילקע שטייט אָנגעשפּאַרט אָן פּלויט און קוקט אין דער ווייטער טונקלקייט אַריין. דאָרטן, ווייט־אַרונטער, וואו דער הימל קומט זיך צוזאַמען מיט דער ערד, דאָרט, ווייסט זי, איז עק וועלט. און עס דוכט זיך איר, אַז דאָרט, ביים עק וועלט, מוז איצט זיין זייער בהמה. אירע אויגן פאַלן אויפן „קליין" ביים פּלויט, וואָס די מאַמע האָט אַריינגע־קלאַפּט, און ניט ווילנדיק קומט איר אַ מרה־שחורהדיקע, זינדיקע פראַגע אין קאָפּ אַריין: וועט טאָקע דער קלין פאַרהאַלטן די וועלף און ראַטעווען די בהמה?

עס איז אַ הייס־לופטיקע, זומערדיקע, שווערע טונקלקייט. מיט יעדער מינוט ווערט אַלץ טונקעלער און טונקעלער. איצט קאָן מען שוין זען די שטערן אין הימל. די פינקלענדיקע שטערנדלעך שוועבן אויפן הימל. אָט גיט זיך איין שטערנדל אַ יאָג און בליץ־שנעל פאַלט ערגעץ אַרונטער און ווערט ניט. „פון וואָס זיינען די שטערן געמאַכט און וואָס ווערט פון זיי ווען זיי פאַלן אַרונטער?" טראַכט ביילקע.

די מאַמע האַלט אין איין אַרויס און אַריין אין שטוב, זוכט מיט די אויגן די בהמה אין דער אויסגעשפּרייטער נאַכט. זי באַמערקט ביילקען שטיין מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ צום הימל. „חלומות! ציילסט שוין ווידער די שטערן אין הימל?, גיט זי אַ געשריי, אַזש ביילקע ווערט אַ פאַרצאַפּלטע. פון איר פּלוצלונגן געשריי האָבן זיך ערגעץ הינט צעבילט, און עס דוכט זיך אויס ביילקען ווי אויך די הינט וואָלטן זיך פון דער מאַמעס געשריי דערשראָקן.

אַ ווײַלע איז שטיל, ווי די נאַכט וואָלט איר אָטעם איינגעהאַלטן. מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ לאַנגער, אויסגעצויגענער, כמעט וויינענ־דיקער „מו־ו־ו", וואָס קלינגט אָפּ אין דער ביינאַכטיקער לופט צוזאַמען מיט אַ שטאַרקן בילן פון הינט.

פּלוצעם, ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן, באַווייזן זיך מענטשן אין דער טונקעלער גאַס און שטימען שרייען: „די בהמה קומט!". העכער פון אַלעמען שרייט די מאַמע אַריין דורכן פענצטער צום טאַטן: „דוד, די בהמה קומט!"

דער טאַטע לייגט אַוועק זיין תהלים און איז שוין אויפן גאַס. זיינע אומעטיקע אויגן און צוויי־עקעדיקע שיטערע באָרד וואַרפן זיך אין אַלע זייטן צו הערן פון וואַנען דער „מו" קומט.

עס קומט אַרויס פערל און דער קליינער חיימל מיט זיין לײדיקן בלעכענעם קופּליק, פון וועלכן ער טרינקט אַלע נאַכט וואַרעמע מילך פון אונטער דער בהמה. האַלט ער איצט דעם קופּליק איבערגעקערט אין זיינע הענטעלעך און וואַרט אויף דער בהמה.

אַלע שטעלן־אָן אויערן. אויף וועמען בילן דאָרט די הינט? האָבן זיי זיך אפשר דערשראָקן פאַר די אָנקומענדיקע וועלף?

„ניין", זאָגט די מאַמע מיט פרייד, „דאָס בילן די הינט אויף אונזער בהמה". איר זון־פאַרברענטער פּנים, אירע ברייטע פולע ליפּן, אירע אויגן, וואָס צייטנווייז גלעטן זיי און צייטנווייז נעמען זיי דורך אַ מענטשן ווי צוויי שפּיזן, איר גאַנצער וועזן איז איצט באַלויכטן מיט שטילער האָפענונג, מיט וועלכער זי שטעקט אָן די אַרומיקע מענטשן. עס דערהערט זיך פון דער נאָענט דאָס טאָפּען פון שווערע פיס, און עס באַווייזט זיך אַ שוואַרץ־רוקנדיקע באַשעפעניש מיט ווייסע פאַסן אין די זייטן.

„די בהמה, די בהמה!" שרייען שטימען, און אין טאַטע־מאַמעס אויערן קלינגט דאָס ווי שיינע מוזיק. אָט זעט זי זיך שוין אָן גאַנץ קלאָר. טאַקע די אַלטע בהמה מיט די איינגעפאַלענע זייטן. זי לאָזט אַרויס אַ „מו־ו־ו" און אַלע פּנימער צעשיינען זיך פון פרייד.

„געזונט זאָלסטו מיר זיין, פראַדל, פאַר דיין גרויסן בטחון", זאָגט דער טאַטע דורך טרערנדיקע אויגן. „גיב מיר מער בטחון, רבונו־של־עולם, מער בטחון", רעדט ער שוין צו זיך אַליין.

די קינדער רייסן אַרויס ריטלעך פון בעזים און לויפן דעם טייערן גאַסט אַנטקעגן צו פאַרטרייבן זי אין שטאַל אַריין, וואָס איז האַרט ביים אַריינגאַנג פון שטוב.

ביי דאַווידיכען אין שטוב איז איצט פריילעך. אַפילו די הינער און הענער, וואָס זיינען געזעסן אויפן פּלויט אין זייער ביינאַכטיקער רו, האָבן זיך צעקוואָקעט און צעקרייט, פאַרגעסן די שעה פון דער נאַכט.

פראַדלס פאַרהאַרטעוועטע פינגער ציען דער בהמהס שיטערן אייטער, און יעדער שפּריץ מילך קלאַפּט אָפּ אין הילצערנעם עמער, ווי עס וואָלט געדעדט: „פּוטער־קעז־מאַסלינקע־זויער־מילך". עס ציטערן די הענט ביים טאַטן, וואָס באַלויכט מיטן קעראָסין־לאָמפּ דער מאַמעס מעלקן: „עס זאָל חלילה קיין פּאַזשאַר (שרפה) ניט ווערן". טראָגט ער צו דעם לאָמטערן נעענטער צו דער מאַמעס הענט, וואָס קוועטשן אומברחמנותדיק דער בהמהס לײדיקן אייטער.

„דאַנק גאָט", זאָגט די מאַמע, און קוועטשט אַלץ שטאַרקער די

ווארצלען פון אייטער, „נאָכן פאַסטוכס רייד האָב איך געמיינט, אַז אונזער בהמה איז טאַקע אמת קראַנק״.

די קינדער שטייען און קוקן זיך צו ווי יעדער שפּריץ מילך דעקט צו אַלץ מער און מער דעם דעק פון הילצערנעם עמער. זיי קענען ניט אָפּרייסן די אויגן פון ווייסן פּוכיקן שוים.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן מעלקן און איבערזייען די מילך, גיסט די מאַמע אַריין אין חיימלס בלעכענעם קופליק וואַרעמע מילך. „אַ ביסל פּאַר ציקאַריע געבליבן״, קוקט זי אַריין אין דעם לאַדישקעלע, חיימל שטעלט אַן זיין קופליק: „נאָך, מאַמע״.

„מאָרגן, חיימל״, זאָגט די מאַמע. חיימל מאַכט אַ קרומע מינע און גייט שלאָפן.

מיט אַ גרינג געמיט זאָגט ביילקע קריאת שמע, און רופט אויס די נעמען פון די מלאכים זיי זאָלן וואַכן איבער איר קאָפּ. אָפּגעזאָגט דעם המפּיל, ווערט זי שטום ווי די וואַנט ביז מאָרגן פרי. זי קוקט אויפן טאַטן, וועלכער איז אין אַ גוטער שטימונג. מיטן האַנט ווייזט זי אים אויף זיין בעט. „מ־מ־מ״, זאָגט זי אים. ער פאַרשטייט וואָס זי מיינט. יאָ, זי קען היינט שלאָפן מיט אים.

ביילקע ליגט אונטער דער קאָלדרע, און אַ געפיל פון זיכערקייט, פון פאַמיליע־גאַנצקייט, נעמט זי אַרום. אַלץ און אַלע זיינען איצט אונטער איין דאַך: — טאַטע־מאַמע, די קינדער, די בהמה, די הינער, דאָס גרויע קעצל. ביילקע דערמאָנט זיך, אַז איינער פעלט אויס — איר עלטערער ברודער אהרן. באַלד נאָך זיין בר־מצווה, האָט אים די מאַמע אָוועקגעפירט אין פינסק, וואו ער עסט טעג ביי איר רייכער פאַמיליע און לערנט זיך אין דער רעמעסליענער אוטשילישטשע (פאַך־שול). „אַ מלאכה איז אַ מלוכה״, זאָגט די מאַמע. אַמאָל — צו זיין געבורטסטאָג, אָדער חנוכה גיבן אים די פעטערס עטלעכע קאָפּיקעס, שפּאָרט ער דאָס אָפּ, און ווען ער קומט אויף יום־טוב אַהיים, קויפט ער פאַר דעם מתנות. און ווען ער קומט אַהיים, ווערט ערשט דער ריכטיקער יום־טוב. ער פאַקט אויס די פּעקעלעך: פאַר דער מאַמען אַ נייע פאַטשיילקע, פאַר די שוועסטער — פאַטשערקעס, חיימלען — צוקער־קעס, און פאַרן טאַטן אַ ציטרין מיט אַן עפּל צום יום־טובדיקן טיי. אַלע אין שטוב פרייען זיך מיטן גאַסט און מיט די מתנות.

ביילקען באַפאַלט אַ בענקשאַפט נאָך אַ יום־טוב. איבערהויפּט האָט זי ליב פּסח, ווען טיש און בענק ווערן אַרויסגענומען אויפן גאַס, געכשרט, געוואַשן און אָפּגעפרישט. זי דערמאָנט זיך אַז עס איז ערשט

עטלעכע וואָכן נאָך שבועות. עס דאַרף פריער זיין די דריי וואָכן, די ניין טעג, תשעה באב. דאָס איז דער איינציקער טאָג פון יאָר, ווען קיי־נער רופט זי ניט „פלאַקסע", ווייל וויינען איז דעמאָלט אַ מצווה. אַלע וויינען אויפן חורבן בית־המקדש. די גרויסע מענטשן טוען אויס די שיך, זעצן זיך אויף קליינע בענקלעך, זאָגן קינות און וויינען ווי די קליינע קינדער. דעמאָלט פילט זי אַ נאָענטקייט צו די גרויסע ווײ־נענדיקע ווייבער, ווי זיי וואָלטן איר גלייכן געווען.

ביילקע פאַרמאַכט די אויגן און זי איז שוין איצט אין ארץ־ישראל. איר טאַטע האָט איר אַמאָל דערציילט, אַז דאָרטן געפינט זיך איר מומע שרה פייגל. זי זוכט זי צווישן די הייליקע קברים, וואו שרה, רבקה, רחל און לאה ליגן, נאָר זי געפינט זי ניט. זי גייט אין דער הייליקער שטאָט צום בית־המקדש. זי גייט דורך ווײַן־גערטנער; די גרויסע טייטלביימער שיטן פון זיך ארונטער די זיסע טייטלען. זי בייגט זיך איין אויפהייבן איינס און פאַרזוכן. דערזעט זי איר מומע שרה־פייגל, ווי יענע מעסט אויס די הייליקע קברים מיט שיינע ליכטיקע בלוי־גרינע לענטעס. זי פאַרפאַקט די לענטעס און שיקט זיי צום טאַטן, אַז ער זאָל זיי אַנטאָן אויף זיינע קינדערס הענטלעך ווי בראַסליעטן, איר דודלס קינדער זאָלן פון שלעכטס און פון קראַנקהייטן אָפּגעהיט ווערן.

זי בינדט אָן ביילקען אַ בענדעלע אויפן האַנט.

„גיי צו דיין עקרה! גיי אין ארץ־ישראל!" שריט די מאַמע אויפן טאַטן און וויל אַרונטעררייסן דאָס בענדעלע פון ביילקעס האַנט.

ביילקע ווערט זיך, זי וויל שרייען און קען ניט. עס שטיקט איר אין האַלדז, און זי שטופט די מאַמע אָפּ פון זיך. זי האָט ניט ליב די מאַמע. זי האָט בעסער ליב איר מומע שרה־פייגל.

„ביילקע, שטיי אויף!", טרייסלט זי דער טאַטע. ביילקע וויל עפענען די אויגן און קאָן ניט. אַלץ איז אַזוי שווער אין איר. זי דער־פילט, אַז איר האַרץ קלאַפּט שנעל, ווי עס וואָלט זי אויך געוועקט. עפנט זי אויף די אויגן, און אָנשטאָט איר מומע שרה־פייגל שטייט נאָר די מאַמע ביים בעט.

„חלומות! נאָר עס חלומט זיך איר", זאָגט די מאַמע. „אויף פוסטע וועלדער".

דער טאַטע טרייסלט זי: „ביילקעלע, וואָס איז מיט דיר?"

ביילקע עפנט אויף די אויגן. זי ווייסט ניט, צי עס איז איצט טאָג אָדער נאַכט. דאָס קליין לעמפל רויכערט מיט אַ רויטן פייערל, און די

מאַמע זיצט, דעם קאָפּ געבויגן איבערן געניי, און יעדן מאָל וואָס זי גיט אַ צי די נאָדל־פֿאָדים, גיט זי זיך אַ טרייסל, קוקט אַריין אין צאַנ־קענדיקן לעמפּל, און ווי זי וואָלט זיך געקליבן צו גיין שלאָפֿן, לייגט זי אָוועק דעם קינדערשן טשיפּיק, וואָס אַ פּויערש קינד וועט דאָס טראָגן אויפֿן קאָפּ. זי דרייט אַרונטער דאָס רויכיקע קנייטל פֿון לאָמפּ, און מיט איין בלאָז לעשט זי דאָס אויס.

די שטוב ווערט איינגעהילט אין אַ דיקער פֿינצטערניש. פֿאַר־שטייט ביילקע, אַז איצט איז ניט טאָג און ניט נאַכט, נאָר זייער שפּעט אין אָוונט. זי נורעט זיך איין אין טאַטן און ווערט צוריק אַנטשלאָפֿן, דאָס מאָל מיט אַ רואיקן שלאָף.

## דער יאַריד

די צייט האָט זיך גערוקט נעענטער צו ראש־השנה — יום־כּפּור, ווען יידן קלייבן זיך צום גרויסן יאַריד, צום יום־הדין, צו די ימים־נוראימדיקע טעג, ווען אַ פֿיש ציטערט אין וואַסער, ווען יידן בעטן ביי גאָט, ער זאָל זיי מוחל זיין די זינד, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן דורכן יאָר. אַ שווער יאָר געוועזן און שווער איז אָנגעקומען די פּרנסה.

די פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער קלייבן זיך אויך צו אַ יאַריד, אָבער צו אַ גאַנץ אַנדערן — אַ יאַריד פֿון אויסליידיקן די שייערן פֿון קאַרטאָפֿל, קרויט, בעבלעך, ציבעלעס, גרינוואַרג, פּרוכטן, וואָס די גוטע מאַמע־ערד האָט פֿון זיך אַרויסגעגעבן. מיט שווערער פּראַצע האָבן הענט די לעבנס־מיטלען אָפּגענומען פֿון די פֿעלדער און גערט־נער, אַריינגעלייגט אין די שייערן, וואָס ברעכן זיך איצט פֿון פֿולקייט. אַפֿילו הינער און הענער האָבן זיך אָנגעפּלאָדיעט צופֿיל דורכן זומער. יידן וועלן דאָס דאַרפֿן האָבן אויף כּפּרות־שלאָגן, און פּויערים וועלן זיי עס פֿאַרקויפֿן, און אַלע — גאָט און מענטש — וועלן זיין צופֿרידן.

עס איז אַ כמורנער פֿרימאָרגן. די זון, ווי זי וואָלט מיד געוואָרן פֿון זומער־לאַנגן שיינען, פֿוילט זיך אַרויסצוקומען. דאָס שטעטל איז נאָך האַלב פֿאַרשלאָפֿן. ערגעץ קלאַפּט אַן עמער אין אַ ברונעם. עס לויפֿט פֿאַרביי אבא דער שמש מיטן טלית און תּפֿילין. ער איילט זיך אין שול אַריין.

„אַ גוט מאָרגן אייך, רב אבא", זאָגט אים באַשע.

„גוט מאָרגן, גוט יאָר", ענטפֿערט אבא, און ער איז צופֿרידן וואָס באַשע איז אים פֿאַרבייגעגאַנגען דעם פֿרימאָרגן „מיט פֿולן".

אַרויף־צו אין דער גרויסער גאַס רודערט זיך שוין מיטן יאַריד. פון אַלע זייטן קומען־אָן לאַנגע הילצערנע וועגענער, אויסגעבעט מיט אויסגעטריקנטער שטרוי, אויף וועלכער עס זיצן פּויערטעס מיט ווייסע אַנגעקראַכמאַליעטע טורבאַנעס אויף די קעפּ. פורן — מיט בוידן און אָן בוידן — שלעפּן זיך פּאַמעלעך. אינעווייניק זיצן גאַנצע פאַ־מיליעס — צוזאַמען מיט הינער, הענער, קינדער, חזירים, קעלבער און זעק מיט כל־טוב. און אַלץ אויף די וועגענער מאַכט אַ טומל — די רעדער, די פערד, די אַנדערע לעבעדיקע באַשעפענישן, יעדע זאַך אויף איר שפּראַך און מיט איר קול, וואָס צוזאַמען שאַפט זיך אַ משונה־דיקער ליאַרעם.

דאָס שטעטל, דער מאַרק ווערט פול מיט „האַנדלס־מענטשן", וואָס חלומען שוין עטלעכע טעג און נעכט פון עפּעס אַ גוטן פאַרדינסטל, אַ מסחר און אַ שיינעם יום־טוב פון ווין מיט קוילעטש, פון געפילטע פיש און געבראָטענע הינער.

די פּויערים מיט זייערע פערד־ און־ וועגענער האָבן זיך שוין אויסגעשטעלט אויפן גרויסן מאַרק. זייער סחורה — די הינער, הענער, קעלבער, ציגן, פערד — מאַכט אַ טומל, וואָס פאַרשפּרייט זיך אין דער דינער האַרבסטיקער לופט, און רופט אַרויס ביי די יידן אַן אומ־רואיקן געפיל.

די יידישע סחורה ליגט שטום אויף די לאַנגע טישן — טעפּ, לייוונט, סיצן, לענטעס, פּאַטשערקעס. דאָס זיינען אַלץ שטומע זאַכן, דאַרף מען פאַר זיי רעדן, און ניט נאָר רעדן, נאָר שרייען. שרייען טאַקע אויס יידישע קרעמער און קרעמערקעס זייער סחורה, וואָס ליגט שטום אויף די טישן און רירט זיך ניט פון אָרט.

עס שמייעט אַרום מיכל טעפּער אַרום דעם לאַנגן טיש ליימענע טעפּ און דערציילט וועגן זייערע מעלות — ווי גרינג זיי לאָזן זיך פאַר־דראָטעווען, ווען עס ווערט אַ שפּעלטעלע אין זיי.

עטל די קרעמערקע, אַ בת־חכם, די טאָכטער פון שטעטלדיקן רב, גלייכט אויס די סיצן וואָס ליגן אָנגעוואָרפן אויפן טיש. „שיינע סיצן־ — שטאַרקע, קויפט". שרייט זי אויס, און מיט אירע הענט שטרענגט זי זיך אָן איינצורייסן און קען ניט, אַזוי שטאַרק איז דאָס. איר הויט ציטערט אויף איר פאַר דעם אָנקומענדיקן יום־הדין. עס שטייט גע־שריבן אַז טעות גוי איז מותר... אָבער דאָך... עפּעס טיאָכקעט אונ־טערן גריבעלע.

עס קלייבן זיך צוזאַמען אַרום די טישן יונגע כלאָפּצעס (דאָרף־

יונגען) מיט זייערע שעמעוודיקע דאָרף־מיידלעך. די טישן זיינען פֿאַר־לייגט מיט רויטע, בלויע, גרינע, געלע גלעזערנע פּאַטשערקעס, בראָס־לעטן און שפּילקעס, וואָס בלענדן די אויגן מיט זייער גלאַנץ. די כלאָפּצעס שלעפּן אַרויס פֿון לייוונטענע הויזן־קעשענעס גראָשנס און קאָפּיקעס, באַצאָלן, גיבן דאָס צו די פֿאַררויטלטע דאָרף־מיידלעך. אין אָוונט, נאָכן יאַריד, וועלן זיי זיך אין דעם אויספּוצן, טאַנצן מיט זייערע כלאָפּצעס, און פֿאַרענדיקן מיט אַ ברוגז־טאַנץ, פֿון וועלכן ס׳וועלן אַרויסקומען פֿויערשע חתונות.

עס שאַפֿן זיך רעדלעך „געשעפֿטס־מענטשן" אַרום די טומלדיקע וועגענער. אייזיק, דער „נעבעכטיקער טאָג" פֿאַרשווענדט ניט קיין צייט צו ריידן מיט די אַנדערע „קוקער". ער גייט פֿון איין וואָגן צום צווייטן, טאַפּט מיט זיינע לאַנגע ווייסע פֿינגער אין וואָגן שטרוי. אַ הון דער־שרעקט זיך, לאָזט אַרויס אַ קוואָק, און גיט אים אַ פּיק אין זיין ווייכער האַנט. אייזיק גיט זיך אַ צאַפּל און לויפֿט צום צווייטן וואָגן, וואו עס שטייט אַ יונגע קיילעכדיקע פּויערטע מיט אַ רונדן ראָזעווען פּנים און אַ הויכן ווייסן טורבאַן אַריבערן שטערן מיט אַ סך קאָלירטע שפּיל־קעלעך. זי וואָרפֿט מיט איר ווייסן טורבאַן־קאָפּ, און די שפּילקעלעך פֿינקלען אין דער גרויער פֿרימאָרגנדיקער ליכט. איר בוזעם איז פֿול און אומגעהויער גרויס.

„וואָס האָסטו דאָס דאָרטן אין דיין פֿאַזוכע, מאַריאַנאַ?", פֿרעגט זי דער „נעבעכטיקער טאָג".

„חזיר־האָר", ענטפֿערט זי אים אָפּ טרוקן און דרייט זיך אָפּ פֿון אים. „כ׳קען דיך", זאָגט זי, „קומסט זיך דינגען מיט מיר און קויפֿן קויפֿסטו ערגעץ אַנדערש".

„איך קויף חזיר־האָר און צאָל אַ סך געלט", פֿאַרענטפֿערט זיך אייזיק. „און וויפֿל ווילסטו פֿאַר דעם?"

מאַריאַנאַ קראַצט זיך אונטערן טורבאַן און ווייסט אַליין ניט וויפֿל פֿאַר דעם צו בעטן. זי האָט געהערט, אַז ערגעץ אין די גרויסע שטעט מאַכט מען פֿון דעם באַרשטן, און אַז עס איז אַ זייער שווערער אַרטיקל צו קריגן. נאָך אַ לאַנגן שווייגן זאָגט זי: „איך וויל אַ רובל מיט צוואַנציק קאָפּיקעס אַ פּעקל. כ׳האָב אַליין אויסגעשוירן די האָר פֿון מיינע בעסטע אַלטע חזירים".

„כ׳וועל דיר געבן פֿופֿציק קאָפּיקעס. כ׳ווייס, איך צאָל דיר אי־בער. כ׳קען עס קריגן פֿאַר אַ פֿערטעלע, זאָגט דער „נעבעכטיקער טאָג" און איידער ער פֿאַרענדיקט, גיט מאַריאַנאַ אים אַ שפּיי אין פּנים און

גייט פון אים אַוועק, מיט דעם בינטל חזיר־האָר פאַררוקט אין איר פולער פאַזוכע.

„ר' אייזיק, האָט איר שוין עפּעס היינט געקויפט?", פרעגט אים נחמן, אַ דאַרער ייד, וואָס טאַפּט מיט זיינע בייגעדיקע הענט אין אַ וואָגן.

„ווייס איך וואָס. אַ געכטיקער טאָג", זאָגט אייזיק, און נעמט זיך צום טאַפּן אַ פערטן וואָגן, וואו עס ליגט אַ יונג קעלבל געבונדן מיט שטריק. די קאַלב לאָזט אַרויס אַ געשריי, און מיט אירע אומעטיקע קעל־בערנע אויגן זוכט זי איר בהמה־מאַמע. „דאַר ווי אַ שפּאַן", זאָגט אייזיק, דער „נעכטיקער טאָג", און לאָזט זיך גיין צו אַ פינפטן וואָגן, וואו עס קראַקען און קוואַקען הינער און געגנדז. אפשר ווילן זיי זיך ליגן און זוכן זייער „סידעלע".

דאָס שפּילן פון אַ פידעלע באַגלייט פון אַ פּאַסטוכס פייפל רייסט דורך די לופט און שלאָגט זיך אָפּ אָן די ווענט פון דוד מלמדס שטוב. דוד דער מלמד מאַכט זיך ניט הערנדיק. ער זיצט און קנעלט מיט זיינע תלמידים, אָבער די פרייליכע קלאַנגען פון דעם פידעלע און דעם פייפל מאַכן די חדר־ייִנגלעך אומרואיק.

פיוול דער „גויאישער קאָפּ" קוקט אַלע ווײַלע אַרויס דורך דער אויסגעבראָכענער שויב. „אַ, ווען איך וואָלט געווען אַ פידעלע", זאָגט ער אין דער שטיל צו משהלען. ער געדענקט, אַז פאַר־אַ־יאָרן האָט דער רבי אין יאַריד־טאָג אַרויסגעלאָזט די חדר־ייִנגלעך האַלבן טאָג. איז ער מיט די אַנדערע ייִנגלעך אַוועק אין מאַרק אויפן יאַריד. אוי, וואָס זיי האָבן זיך דאָרטן אָנגעזען און אָנגעהערט! אויבסן, פרישע שמעקעדיקע געבעקסן, לעקעכלעך, צוקערקעס — די סלינע איז פיוולען געקומען אין מויל, ווייל פון שטענדיקן ניט־דערעסן האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז רק ער איז הונגעריק. און אָט גיט ער אַ כאַפּ אַ רויט עפּעלע פון אַ קויש און לאָזט זיך לויפן, אַזש אַ זאַמדיקער רויך טראָגט זיך פון אונטער זיינע פיס. אַ פּאָר געזונטע הענט נעמען רייסן דאָס עפּעלע פון זיינע הענטלעך. ער פילט — מען פּאַטשט אים אין פּנים און דאָס פּנים טוט אַזוי ווי און ס'ברענט. פאַררוקט ער זיך הינטער אַ הויכן וואָגן אין אַ ווינקעלע און הערט זיך צו צום שפּילן פון דער האַרמאָניקע.

„פיוועלע, הערסט זיך דאָך גאָרניט צו וואָס איך לערן מיט דיר", זאָגט דער רבי, און פאַרמעסט זיך אויף אים מיט דער ווירע.

„רבי, לאָזט אונדז אָפּ אַ האַלבן טאָג צו גיין צום יאַריד ווי פאַראַ־יאָרן", זאָגט פיוול.

„יאָ! יאָ!" שרייען אַלע חדר יינגלעך מיט זייערע דינע שטימע־לעך. און אָט זייַנען זיי שוין אויף זייערע פּיס פּאַרטיק צום גיין.

„גוט", זאָגט דער רבי, „אָבער נאָר מיטן תּנאַי, אַז איר זאָלט, חלילה, קיין זאַך ניט נעמען פֿון די טישן און וועגענער. דאָס איז איינע פֿון די גרעסטע עבֿירות. גאָט שמייסט פֿאַר דעם מיט אײַזערנע ריטער אויף יענער וועלט."

„מיר שווערן זיך ביי אונדזערע ציצית", שרייען די יינגעלעך און זיי האַלטן זיך ביי די ארבע כנפותלעך, „מיר שווערן גאָרניט אָנצורירן!". זייערע פּנימלעך צעשטראַלן זיך פֿון פֿרייד און מען לויפֿט אַרויס פֿון שטוב גלייך אין מאַרק אַרייַן צום יאַריד.

עס קומען צולויפֿן ביילקע און חיימל מיט פֿולע פּאַרטיכלעך פֿרישן שטשאַוו פֿון גלחס גאָרטן. קוקן זיי פֿאַרבענקט נאָך די חדר־יינגלעך, וועלכע לויפֿן אויפֿן מיטן גאַס.

„מאַמע, קום!" זאָגט חיימל. ער שלעפּט די מאַמע פֿאַרן פֿאַרטוך און ווייזט מיט אַ פֿינגער פֿון וואַנען די פֿריילעכע טענער קומען. און ניט געוואַרט אויף אַן ענטפֿער פֿון דער מאַמען, כאַפּן זיך ביילקע מיט חיימלען פֿאַר די הענט און לויפֿן־נאָך די חדר־יינגלעך.

ווי די זון וואָלט דערהערט דעם קינדערשן פֿריידיקן טומל, איז זי אַרויס פֿון איר באַהעלטעניש און האָט מילד געגלעט און געוואַרעמט די לויפֿנדיקע קינדער.

ביילקע און חיימל שטעלן זיך אָפּ און קוקן צי די מאַמע גייט זיי נאָך. ניין, די מאַמע שטייט אין מיטן גאַס און רעדט מיט בלומע דער תּחינה זאָגערין. בלומע שרייט און שאָקלט מיטן צייג־פֿינגער צום מאַרק. זי גיט זיך אַ ריס אַוועק פֿון דער מאַמען אין אַן אייליקן געלויף. אירע פֿיר אונטערקלײדלעך צעשפּרייטן זיך פֿון ווינטיקן געלויף, ווי אויך זיי וואָלטן זיך געיאָגט אין אַ ביזן כּעס נאָך עמיצן.

מייער, יאָשע בערס זון, זיצט אין מאַרק אויף אַ קלעצל און שפּילט אויף אַ פֿידעלע, וואָס ער האָט אַליין אויסגעשניצט. די סטרונעס האָט ער אַרויסגעצויגן פֿון דעם פֿערדס ווייַדל. ער פֿירט מיטן סמיטשיק איבער די סטרונעס און שפּילט אַזאַ אומעטיקן ניגון. זיין געליבטע, נאַטאַשאַ, בעט זיך ביי אים: „שפּיל, עפּעס אַ פֿריילעכס, וועל איך טאַנצן." ער שפּילט־אויף אַ פֿריילעכס, און זיין געליבטע נאַטאַשאַ, שיין און הויך, אין אַ געבלימלטער ברייטער ספּאָדניצע (קליידל), די הענט אויף די באַקעס, טאַנצט. זי דרייט זיך אַזוי אימפּעטיק און שנעל, אַז דער ווינט, וואָס זי באַשאַפֿט מיט איר וויכערדיקן טאַנץ, צעבלאָזט איר געבלומטע

קליִיד, און פון וויִיטנס דוכט זיך אויס, ווי זי וואָלט געשטאַנען אין אַ קייִלעכדיקן ראָד פון קאָלירטע בלומען.

„אַ כאָלעריע זאָל אין מייִערקען אַרייִן מיט זייִן שיקסע, מיט זייִן טאַטע־מאַמע צוזאַמען, וואָס האָבן אַזעלכן געבראַכט אויף דער וועלט", הייבט־אָן בלומע די תחינה זאָגעריין שיטן מיט קללות. „ווייִניק יידישע מיידלעך דאָ? שמדן קלייבט ער זיך צוליב אַ שיקסע! געוואַלד, יידן, וואָס שוויִיגט איר! און ער האָט נאָך אַ העזה צו קומען אין מאַרק שפּילן אויף זייִן פידעלע פאַר די שיקסעס! שעמט זיך גאָרניט צו ווייזן זייִן טרייפענעם פנים! אַז פאַרשטייִנען דאַרף מען דאָך אַזאַ עוכר ישראל!"

בלומע שרייט און שעלט און לאָזט דער מאַמען אַ וואָרט ניט אויס־רייִדן. „מייִערקעס טאַטע, אַ קלאָג צו אים, איז געפאָרן צום רבין זיך אַן עצה האַלטן ווי אַזוי אָפּצוהאַלטן זייִן ממזר פון שמד. אַכט טעג מיט אַכט נעכט האָט מען געברענט אַ ציגל, ווי דער רבי האָט אָנגעזאָגט, געלייגט דאָס צוקאָפּנס צום גרעסטן צדיק אויפן בית עולם. אַלץ געטאָן, צו קברים געלאָפן, קריעה געריסן — עס העלפט ניט. אַ כישוף האָט זי אים אָפּגעטאָן, אָט די טרייפענע זאַך, וואָס טאַנצט דאָרטן. פאַרשטערן וויל זי אונדז דאָס לעבן, דעם יאָריד. אַז פאַרביטערט, פאַרשטערט זאָל דעם ממזר ווערן זייִן לעבן, אַז אויסגערונען האָט ער געדאַרפט ווערן בייִ זייִן מאַמען אין בויך!"

ווען בלומע איז געוואָרן מיד פון שעלטן און האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, כדי צו קענען ווייטער שעלטן, האָט פראַדל איר געגעבן אַ צייכן מיטן האַנט, אַז זי וויל איר עפּעס זאָגן. און נאָך אײדער בלומע האָט צייט געהאַט צו נעמען זיך אויפסנייִ שעלטן, האָט פראַדל אַ פרעג געטאָן: „זאָגט מיר, וואָס געהערט זיך מייִער אָן מיט אייך?"

בלומע האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט בייִדע הענט פאַרן קאָפּ. „ווייִ איז מיר! דאַרף ער זיך, חלילה, אָנגעהערן מיט מיר? ער איז אַ ייד, מיר זייִנען יידן. איז דאָס ניט גענוג פאַר אייך, פראַדל, אַז דער פנים זאָל אייך ברענען פון שאַנד, וואָס מייִערקע דער ייד קלייבט זיך שמדן פאַר אַ שיקסע? די גאַנצע משפּחה איז דאָך צעבראָכן — שעמען זיך די אויגן ווייזן פאַר דער וועלט. פאַרשטייִנען דאַרף מען זיי."

און דאָ הויבן זיך אָן אויף דאָס נייִ שיטן ביטערע קללות אויף די קעפּ פון דער גאַנצער משפּחה, אויף נאַטאַשען, אויף „אַלע גויים". די פּויערים האָבן געקוקט אויף בלומען, ניט פאַרשטאַנען איר שפּראַך, נאָר פון די אויגן אירע וואָס האָבן געשפּריצט מיט פייִער, האָבן די דאָרפסלייִט זיך אָנגעשטויסן אין וועמען זי צילט.

פראַדל קערט זיך אָפּ פון איר, נעמט ביילקען פאַר איין האַנט, חיימלען פאַר דער צווייטער, און גייט מיט זיי אַהין, וואו נאַטאַשאַ טאַנצט אויפן מיטן גאַס. זי טאַנצט שוין אַזוי פון אַ שעה און ווערט ניט מיד. די פויערטעס פּאַטשן צו מיט די הענט, און מייערקע, דעם קאָפּ אַרונטער־געלאָזט, שפּילט עפּעס אַזאַ אומעטיקס, נאָר איוואַנקעס פייפל און דעם יונגן סטעפּאַנקאָס פייקל מאַכן עס פריילעכער.

דאָס שפּילן און טאַנצן ווערט פּלוצים איבערגעריסן. אַלעמענס אויגן זיינען אָנגעשטעלט אויף נאַטאַשען, וועלכע שטייט ווי פאַרשווּל־דיקט. מייערקע — אַ הויכער, ברייט־פּלייציקער אין אַ רויטער רובאַש־קע (העמד) אַרומגעבונדן מיט אַ שוואַרצן גאַרטל, וואָס הייננט אַרונטער מיט אַ קוטאַס, אין ברייטע ליוועטטענע פּלודערן, זעט ניט אויס אַנדערש ווי די פויערשע יונגען. נאָר אין זיינע שוואַרצע טרויעריקע אויגן איז דאָ עפּעס אַזוינס, וואָס מאַכט אים אויסזען אַנדערש פון זיינע דאָרפישע חברים.

„נאַטאַשענקאָ, ליובינקאָ", קושט ער זי און האַלט זי מיט זיינע שטאַרקע הענט אַרום דער טאַליע, „טאַנץ נאָך, נאַטאַשאַ!"

און נאַטאַשאַ, איר קאָפּ צו דער ערד, שעפּטשעט שטיל: „כ'קען ניט. די ייִדן האָבן מיך פיינט. וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך זיי געטאָן?" אירע אויגן זיינען פול מיט טרערן.

מיט אַ מאָל האָט אַ גרויסער שטיין דורכגעריסן די לופט, געטראָפן מייערקען אין האַנט און צעבראָכן זיין פידעלע. פויערשע קינדער האָבן גענומען קוויטשען, פויערים האָבן געשריען, זיך געזידלט, געוואָלט שלאָגן דעם שטיין־וואַרפער, אָבער קיינער האָט ניט געזען ווער עס האָט דאָס געטאָן. נאָר אַלע ווייסן, אַז דער שטיין איז געקומען צופליען פון אַ ייִדנס האַנט. די ייִדן ווייסן דאָס אויך און זיי ציטערן. נאָך אַ גליק, טראַכטן זיי, וואָס דער שטיין האָט געטראָפן מייערקען, ניט איינעם פון די ערלים.

„מייערקע איז אונדזערער און מיר וועלן זיך שלאָגן פאַר אים", הויבן יונגע פויערים זייערע קולאַקעס אין דער לופטן און גיבן זיך אַ לאָז צו די ייִדן, וואָס שטייען ביי זייערע טישן. טישן מיט סחורה ווערן איבערגעקערט, ליימענע טעפּ צעשיטן זיך אויף דער האַרטער, זאַמדיקער ערד. „ווי איז מיר! מיין פּראַצע!", יאָמערט מיכל, און עס גיט אים אַ זעץ אין קאָפּ „קעשענעוו... פּאָגראָם"... מאַמעס כאַפּן זייערע קינ־דער ביי די הענט און לויפן שנעל מיט זיי אַהיים.

„אַלע אויף די ערטער!", הערט זיך דעם אוראַדניקס באַפעל.

„דער אוראַדניק, דער אוראַדניק איז דאָ!”, גייט דורך אַ מורמל צווישן יידן.

„מיט זיינע צווי הינט!”, זאָגט בלומע און ווערט בּיט.

„שווייג, דו צויג! דאָס האָסטו אָנגעמאַכט די צרות.” זאָגט פראַדל, און האַלט שטאַרק ביילקען און חיימלען פאַר די הענטלעך.

מיט ציטערדיקע הענט שטאָפּן יידן די געבליבענע סחורות אין זעק. אַ פויערש קול שרייט אַרויס: „יידן האָבן געוואָלט דערהרגענען מייערן מיט נאַטאַשאַן!” דער אוראַדניק מיט זיינע צווי גרויסע הינט ביי די זייטן וואַרפן אַן אַ שרעק אויף די יידן.

בליץ־שנעל שפּרינגט אַרויף דעמיאַנקאַ אויף זיין וואָגן. ער הייבט־אויף זיינע הענט אין דער הויך און גיט די פויערים אַ צייכן, אַז זיי זאָלן זיך איינשטילן. כאָטש דעמיאַנקאַ קען ניט לייענען און ניט שרייבן, קען ער אָבער דערציילן שיינע מעשיות פון „גוטע יידן”, וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר פויערים, האַקן האָלץ אין וואַלד, ברענגען עס צו אָרימע לייט, און גיבן עס אַוועק אָן געלט.

איצט רעדט ער צו די פויערן פון מיאַטעזש (אויפשטאַנד), פון פאַנ־שטשיקנע, פון יעזוסן און זיין גוטסקייט צו אַלע מענטשן. די פויערים האָבן ליב צו הערן ווי דעמיאַנקאַ רעדט. ווערן זיי שטיל.

„ברידערלעך, באַרוהיקט זיך”, בעט ער זיך ביי זיי און צום אוראַד־ניק זאָגט ער: „באַרינקאַ, עס האָט גאָרניט פּאַסירט. יונגוואַרג האָבן זיך אַ ביסל צעהוליעט. מער גאָר ניט. יעי באָגו...”. און כדי מען זאָל אים גלויבן, צלמט ער זיך מיטן היטל איבערן האַרצן.

דער אוראַדניק מיט די געדיכטע, אַרונטערהענגענדיקע וואָנצעס, מיט די מעשענע קנעפּ, וואָס בליסטשען און שרעקן און מיט צווי גרויסע הינט, וואָס באַשמעקן די מענטשן און זיינען גרייט זיי צעררייסן אויפן וואונק פון אוראַדניק, האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די מענטשן. אַ שטילקייט איז אַלעמען באַפאַלן, ס'איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקענט הערן דאָס סאָפּען פון די הינט...

דער אוראַדניק דרייט מיטן קאָפּ אַן אומצופרידענער. ער קאָן ביי זיך נישט אָפּמאַכן צי זאָל ער בלייבן אָדער גיין, גיט ער אַ באַפעל: „יידע־לעך, פאַרקליבט זיך פון דאַנען — שנעל!”. מיט זידלערייען אויף די יידן פאַרלאָזט ער דעם מאַרק, און די הינט נאָך אים.

די יידן שאַרן צונויפמען די סחורות — ווער אין זעק, ווער אין קאַסטנס. די פויערים פאַרקערעוען די וועגענער אַהיים צו פאָרן. אַלץ ווערט געטאָן שטיל און שנעל, ווי ביי אַ שרפה. אַנדערע זיינען נאָך

צעטומלט. אַנשטאָט צוזאַמענפּאַקן איר סחורה, קוקט שרה נאָך צי קערט זיך דער אורחדניק ניט אום אויף צוריק. אַנדערע קרעכצן שטילערהייט. אַלע דאַנקען גאָט וואָס מ׳איז אָפּגעקומען מיט שרעק.

גרויסע יידישע האַפענונגען אויף דעם יאָריד זיינען יענעם יאָריד טאָג צערונען. דאָך האָט אַ שטילע פריידע דורכגעטומען יידישע הערצער — אַ פריידע אויסגעמישט מיט דאַנק־געפילן פריער צו גאָט, דערנאָך צו דעמיאַנקאַן. צו קיין פּאַגראָם איז ניט געקומען.

## די מאַמע פאַרט אין דאָרף

די זון איז נאָך געשטאַנען הויך. די פויערים האָבן זיך פאַמעלעך געצויגן מיט זייערע פערד־און־וועגענער אַהיים אין די דערפער אַריין.

דעמיאַנקאַ, וואָס זיין ווייב איז אים געשטאָרבן אין קינפעט און אים איבערגעלאָזן מיט פינף קליינע קינדער, איילט זיך נישט ביים צוזאַמענ־קלייבן די ציבעלעס און קאַרטאָפל צוריק אין די זעק אַריין. ניט פאַרקויפט קיין סך. קראַצט ער זיך אין פּאַטילניצע, עפּעס טוט אים הנאה און עפּעס פאַרדריסט אים און צופּט אין האַרצן פון היינטיקן טאָג. ער קלערט פון דעם שטיין, וואָס עמיצער האָט געוואָרפן אויף מייערן. „מאַדנע מענטשן, די יידן״, טראַכט ער, „אַזעלכע איינגעשפּאַרטע, ווילן ניט גלויבן אין יעזוסן, וואָס קומט טאַקע פון זיי, און לייגן אין וועלטן, ווען זייערס אַ קינד האָט חתונה מיט אונדזערס״. דאָ קומט אים פראַדל אין זינען: „די דאָווידיכע איז אַ יידישע, אָבער עפּעס איז זי אַנדערש פון אירע. זי האָט ליב אונדזערע פויערשע קינדערלעך. זי קומט קיינמאָל ניט אין דאָרף צו מיינע קינדער מיט ליידיקע הענט. אַמאָל ברענגט זי צוקערקעס, אַמאָל בייגעלעך, אַמאָל אַלטע קליידלעך פון אירע קינדער. כאָטש אַליין איז זי אָרים, האָט זי אָבער אַ גוט האַרץ.״

טאַקע פון פראַדלען האָט דעמיאַנקאַ געקלערט, ווען ער האָט זיך געבעטן ביי די ברידערלעך־פויערים זיי זאָלן זיך באַרואיקן און געשיקט דעם אורחדניק צוריק. איצט איז ער צופרידן מיט זיך אַליין. ער דער־מאָנט זיך אין די ווינטער־טעג, ווען קיין אַרבעט אויף די פעלדער איז ניטאָ. קומט מען זיך צוזאַמען ביי חיה דער בייגל־בעקערן. אַזאַ שטילע, גוטע יידישקע. זי לאָזט זיי זיצן אין איר וואַרעמער שטוב, רויכערן ליולקעס מאַכאָרקע און דערציילן זיך איינס דעם צווייטן מעשיות. יעדערער דערציילט וואָס ער האָט געהערט פון טאַטן און פון זיידן —

וועגן פּאַנטשאַשינע, וועגן מיאַטעזשן, וועגן צאַר, וועגן גאָט. און ווערן די מעשיות צו טרויעריק, בייט מען זיך איבער מיט וויצן, גלייכווערטלעך. דעמיאַנקאַ איז קיינמאָל ניט געגאַנגען אין אַ שקאָלע, נאָר ער שטעלט זיך פאָר אַז אַ שקאָלע מוז זיין דאָס זעלבע — מענטשן קלייבן זיך צו־זאַמען און שאַרפן די מוחות מיט פאַרשיידענע מעשיות פון דער וועלט. פאַרטיפט אין אַזעלכע געדאַנקען, איז דעמיאַנקאַ אָנגעקומען מיט זיין פערד־און־וואָגן אין דער סוחבעטשעוואָליער גאַס און זיך אָפּגעשטעלט פאַרן קליינעם הילצערנעם שטיבל מיטן שטרויענעם דאַך, וואו די דאַווידיכע וואוינט.

ער עפנט די טיר מיט אַ „דאָבריע ווערשער!" (גוטן אָוונט). באַלד נאָך אים קומט אַריין דער פעטער יעקב, דער פישערמאַן, מיט אַ „גאָט העלף", און ביידע דערלאַנגען זיי דעם מלמד די הענט אין אַ שלום עליכם.

אויפן ערשטן בליק איז ניט קיין גרויסער חילוק צווישן דעם פע־טער יעקב און דעם פויער דעמיאַנקאַ. ביידע זיינען זיי אין זעלבן עלטער, ביידע קורץ און פעטלעך, ביידע אָנגעטאָן אין גראָבע לייווענטענע רו־באַשקעס אין ברייטע פלודערן, ביידע מיט שוואַרץ־גרוילעך אונטערגע־שוירענע בערד, און היטלעך מיט לאַקירטע דאַשיקעס. דער אונטערשייד זעט זיך אָן דער עיקר אויף זייערע פיס. דער פעטער יעקב טראָגט הויכע גומענע פישער־שטיוול, און דעמיאַנקאַ טראָגט אויף זיינע פיס פּאַסטעלעס, וואָס זיינען קונציק אַרומגעבונדן ביז צו די קני מיט שמאָלע פּאַסן לעדער, מיט יעדן טראָט וואָס ער מאַכט, גיבן זיינע שטרויענע פּאַסטעלעס אַ קוויטש ווי פון אַ יונגן חזירל.

„דעמיאַנקאַ", זאָגט פראַדל מיט טרערן אין אירע אויגן, „דעמיאַנקאַ, האָסט דאָך אונדז היינט די לעבנס געראַטעוועט. דו ווייסט גאָרניט וואָס דו האָסט געטאָן — אָפּגעהאַלטן פון אַ פּאָגראָם!"

אַלע אין שטוב פילן נאָך די גרויסע סכנה, וואָס איז מיט אַ פּאָר שעה פריער געהאַנגען איבער זייערע קעפּ, נאָר קיינער וויל איצט ניט ריידן פון דעם.

דעמיאַנקאַ קוקט אויף די שטוביקע און אַ קינדיש שמייכל שפּילט זיך אין זיינע גרויע אויגן אונטער די פאַרוואַקסענע ברעמען.

„דער ערל האָט זיך עולם הבא פאַרדינט", זאָגט דוד דער מלמד, און קוקט אויף זיין ברודער יעקב און וואונדערט זיך ווי ער איז פאַר־גרעבט געוואָרן. ער זעט אויס ווי אַ גוי, רחמנא לצלן.

„זעצט זיך", זאָגט פראַדל און דערלאַנגט צום טיש שוואַרץ ברויט,

האַלדז און וואַסער. „קיין וועטשערע היינט ניט געקאָכט צוליב דעם יאַריד", פֿאַרענטפֿערט זי זיך.

„איך האָב אין וואָגן לעבעדיקע העכט", זאָגט דער פּעטער, און לאָזט זיך גיך אײַנדרייסן צו דער פֿור. „פֿאַרשטערט געוואָרן היינט דער יאַריד. קיין סך פֿיש ניט פֿאַרקויפֿט", רעדט ער שוין מיט איין פֿוס אויף דער צווייטער זייט שוועל. און אָט קערט ער זיך אום מיט אַ לאַנגן צאַפּלדיקן העכט. די מאַמע דערלאַנגט אים אַ הילצערנעם עמער מיט וואַסער, אין וועלכן ער וואַרפֿט אַרײַן דעם פֿיש. דער פֿיש גיט אַ פּאַטש מיטן עק אין וואַסער און בלײַבט ליגן אַ פֿאַרחלשטער — ניטאָ קיין פּלאַץ צו שווימען.

דעמיאַנקאַ האָט זיך איבערגעצלמט איבערן ברויט מיט זאַלץ, אײַנגעטונקען דעם ביסן ברויט אין זאַלץ און אַרײַנגעלייגט אין מויל. דער טאַטע קוקט זיך צו ווי יענער מאַלט מיט זײַנע ציין דאָס האַרטע ברויט, און איז אים מקנא די ווײַסע געזונטע ציין, און איז אין כּעס אויף זיך אַליין פֿאַר מקנא זײַן. „וואָס איז נעבעך דעמיאַנקאַ שולדיק אַז איך האָב פֿאַרלוירן מײַנע ציינער יונגערהייט."

„אַ דאַנק, אַ דאַנק", זאָגט דעמיאַנקאַ און ווישט מיטן אַרבל זײַן מויל. „ביסטו שוין פֿאַרטיק מיטצופֿאָרן מיט אונדז, דאַווידיכע?" פֿרעגט ער און צלמט זיך איבער.

די מאַמע עפֿנט אויף דעם שופֿלאַד און נעמט אַרויס איר סחורה: היטעלעך, טשיפּקעלעך, העמדעלעך און שפּילקעלעך. זי לייגט דאָס אַלץ אַרײַן אין אַ זאַק. דער זאַק וועט קומען צוריק מיט ציבעלעס, מיט קאַרטאָפֿל, קרויט, בוריקעס, אוגערקעס. און די מאַמע פֿרייט זיך וואָס זי קען אַרויסהעלפֿן דעם טאַטן מיט פּרנסה, אַז די קינדער זאָלן האָבן וואָס צו עסן.

דער פּעטער, און אַפֿילו דעמיאַנקאַ, פֿאַרשטייען דער מאַמעס פֿרייד, אײַלן זיי זי אונטער. זיי ווילן אָנקומען אין דאָרף אײדער די זון פֿאַרגייט. אויף מאַכן נסיעות איז די מאַמע שטענדיק פֿאַרטיק, אויפֿגעלייגט און אין אַ גוטער שטימונג. זי וויגלט זיך איבער דעם אַנטאָויקס אויפֿן אַקסל, וואָס עס איז איר געקומען פֿון שלעפּן די זעק, אַז עס קומט איר צו אַ נאָז אויפֿן אַקסל! וואַרפֿט זי אַרויף איר סחורה אויפֿן אַקסל און דערמאָנט זיך, אַז ס'וועט זײַן שווער פֿאַר ביילקען צו מאַכן אַ לעבעדיקן פֿיש. כאַפּט זי אַרויס דעם פֿיש פֿון וואַסער, גיט אים אַ שאָב אָפּ, אַ צעשנייד און ער ליגט שוין „פֿאַרטיק אַרײַנצולייגן אין טאָפּ", ווי די מאַמע זאָגט. „גיב צו קאַרטאָפֿל און ציבעלעס. מוזט זיך אויסלערנען

קאָכן ווי פּערעלע״, זאָגט זי צו ביילקען. „יענע רייסט נעבעך האָפּן״, זאָגט זי צום פּעטער.

„אַרבעט שאַט קיינעם ניט״, זאָגט דער פּעטער יעקב און מיט פרייד גיט ער צו: „אַלע מיינע מיידלעך אַרבעטן אויפן פעלד, די ייִנגלעך אויפן טייך. אַלע אונדזערע אָבות האָבן געאַרבעט.״ ער קוקט אויפן טאַטן צו ווייזן אים, אַז ער געדענקט נאָך עפּעס פון לערנען.

„טאָ לאָמיר שוין טאַקע גיין פאָרן״, זאָגט דעמיאַנקאָ און נעמט זיין בייטש פון ווינקל שטוב.

דער טאַטע, ביילקע און חיימל באַגלייטן די מאַמען פון שטוב אַרויס, און אַט זיצן זיי שוין אויפן וואָגן. דעמיאַנקאָ גיט אַ שמייס דאָס פערדל, אַ ציִ מיט די לייצעס. דאָס פערד גיט אַ שלעפּ דעם וואָגן, וועלכער ריהרט זיך פון אָרט פּאַמעלעך, און פון וועלכן עס זעען זיך אַרויס דער מאַמעס פּלייצעס.

„שטעל זיך אָפּ אַ מינוט״, זאָגט די מאַמע צו דעמיאַנקאָן, און די רעדער שטעלן זיך אָפּ מיט אַ טעמפּן סקריפּ. „הערסט, ביילקע, זאָלסט נאָר גוט אַכטונג געבן אויף חיימלען, אָפּקאָכן אַביסל וואַרעם געקעכץ פאַרן טאַטן, אויסמעלקן די בהמה.״ און שוין פון פאַרנדיקן וואָגן זאָגט זי אָן דעם מאַן: „ווען ביילקע וועט מעלקן די בהמה, זאָלסטו זי צוהאַלטן ביי די הערנער, דוד.״ און דאָס פערד, ווי עס וואָלט פאַרשטאַנען, אַז דער שמועס איז שוין פאַרענדיקט, גיט אַ שלעפּ דעם וואָגן. פערד־און־וואָגן מיטן שמייסער און די פּאַסאַזשירן פאַרשווינדן באַלד אין געדיכטן וואַלד, וואו דער הימל קומט זיך צוזאַמען מיט דער ערד.

אַ שטיק צייט זיינען ביילקע און חיימל געשטאַנען ביים הילצערנעם פּלויט און האָבן נאָכגעקוקט די צופאַלנדיקע שאָטנס וואָס האָבן זיך אויס־געשפּרייט איבערן וואַלד און געקומען אַלץ נעענטער צום שטעטל. אַהין איז צוריק מיט עטלעכע וואָכן אַוועקגעפאָרן פּערעלע — און ביילקען דוכט זיך, אַז פּערל רייסט ניט קיין האָפּן ערגעץ אין די פעלדער, נאָר אַז שאַטנ־דיקע מיילער האָבן פּערלען פאַרשלונגען צוזאַמען מיט נאָך מיידלעך, וועלכע זיינען געזעסן אויפן וואָגן, וואָס אַ פּריץ האָט נאָך זיי געשיקט. זיי אַלע האָט אַ שוואַרצער שאָטן פאַרשלונגען ווי ער האָט איצט איר מאַמען פאַרשלונגען. ביילקען הויבט עפּעס אָן שטיקן אין האַלדז און זי צעוויינט זיך, אַליין ניט וויסנדיק פאַר וואָס. עפּעס איז איר אַזוי פאַר־דראָסיק. די מאַמע האָט זי ניט קיין קוש געטאָן פאַר דעם אַוועקפאָר. האָט זי געמיינט, אַז ביילקע וועט ניט קאָנען אויסמעלקן די בהמה, אָדער אָפּקאָכן די פיש? פון אַט דעם געדאַנק האָבן טרערן זיך אַ גאָס געטאָן

פון אירע אויגן און אויסגעליטערט איר געמיט ווי אַ זומערדיקער רעגן פרישט אָפּ די שווערע, הייסע לופט.

„ווייַן ניט, ביילקע", גיט זי חימל אַ צי ביים קלייד. ביילקע קוקט אַרונטער צו איר קליין ברודערל. ער ווערט איר אַזוי ליב, און פון זיינע שמייכלענדיקע בלויע אויגן ווערט איר אַזוי גוט אויפן האַרצן. זיי נעמען זיך ביי די הענטלעך און גייען אַריין אין שטוב.

## ביילקע מעלקט די בהמה

די זון האָט זיך געזעצט אַלץ נידעריקער. דער פּאַסטוך האָט אײַ־בערגעריסן זיין פייפן אויף זיין פון־קאָרע־אויסגעשניצטן פייפל און מיטן ריטל אונטערגעשמיסן די בהמות זיי זאָלן גיין שנעלער. דורך די קליינע אָפענע פענצטערלעך פון יידישע נידעריקע הייזער אויף סוועטעווערליער גאַס רייסט זיך אַריין דער שטויב, וואָס די בהמות האָבן אויפגעהויבן.

ביילקע שטייט מיטן ריטעלע און וואַרט, אַז זייער בהמה זאָל זיך דערהענטערן צום הויז. יענע איז שטענדיק די לעצטע אין דער טשע־רעדע, און דער פּאַסטוך מוז זי אַלע מינוט אונטערשמייסן אַז זי זאָל גיין שנעלער, ווי דאָס גיין וואָלט איר אָנגעקומען שווער. ביילקע קען יעדע בהמה, צו וועמען זי געהערט. אָט גייט אריה לייב דעם פּראָצענטניקס בהמה — אַ קיילעכדיקע, אַן אויסגעפּאַשעטע, מיט אַ פולן אייטער מילך ווי נאָר צום פּלאַצן. הינטער איר שלעפּט זיך הערשל דעם שוסטערס בהמה — אַ דאַרע, מיט אַ שיטערן אייטער, וואָס באַמבלט זיך צווישן אירע שלעפּנדיקע פיס ווי אַן איבעריקע זאַך. און אַזוי שטייט ביילקע און קוקט אויף די באַזונדערע בהמות פון דער טשערעדע, און עס דוכט זיך איר, אַז דורך זיי זעט זי זייערע באַלעבאַטים — געזונטע, פול־אײַ־טערדיקע — אָדער אומעטיקע, דערשלאָגענע, מיט פּוסטע אייטערס ווי די קעשענעס פון זייערע באַלעבאַטים.

כאָטש ביילקעס בהמה איז פון די שלים־מזלדיקע, איז זי איר דאָך ליב, וויל ס'איז אירס, זייערס. און איצט זינען אירע אויגן צוגעקלעפּט צו דער קו, וואָס דערהענטערט זיך צום „הייזל". שפּאַנט זי אַריבער די שוועל, וואָס צאַמט אָפּ דאָס „הייזל" פון קיך, פאַרהאַלט זיך אַ ווייל, ווי זי וואָלט זיך צוגעהערט צו די דינע שטימעלעך פון די חדר ייִנגלעך, און שאַרט זיך אַריין ליינקס אין איר שטאַלעכל וואו זי שטעלט זיך אָפּ מעלה גרהדיק, ווי זי וואָלט געזאָגט: „נעמט פון מיר דאָס ביסל מילך."

דער מלמד שטייט ביי דער בהמהס קאָפּ. מיט איין האַנט האַלט ער

צו אירע צעדרייטע הערנער, וואָס ווערן שוין געלבלעך פון אַלטקייט, און מיט דער צווייטער גיט ער איר היי אין מויל אַריין, אַז זי זאָל שטיין רואיק און זיך לאָזן מעלקן פון ביילקען.

צוויי ווייכע קינדערשע הענט קוועטשן אוממבורהמנותדיק די ווייסע אָרהנטערגעהאָנגענע פיר וואַרצלען. און אַז די מילך וויל ניט גיין, פּאַטשט ביילקע מיט די הענטלעך אונטער דעם אייטער ווי זי וואָלט די מילך געוואָלט אויפוועקן. זי קוועטשט דאָס דאַרע ווייסע וואַרצעלע און פון דער עפענונג טריפט מילך — טראָפּן נאָך טראָפּן — וואַרעמע מילך, וואָס פאַלט אויפן דעק פון הילצערנעם עמער און הילכט אָפּ פריילעך אין ביילקעס אויערן. אפילו חיימל, וואָס זיצט אין ווינקל שטאַל אויף אַ בערגל היי, איז פריילעך. ער קרימט נאָך ביילקען, פאַרשטייפט זיין האַנט אין אַ קולאַק און קוועטשט, און מיט דער צווייטער האַנט האַלט ער אונ־טער זיין ליידיקן בלעכענעם קופליק. באַלד וועט ביילקע אים אָנגיסן וואַרעמע מילך אין זיין קופליק, ווי די מאַמע טוט דאָס אַלע פאַרנאַכט. און ווי אַלע פאַרנאַכט וועט ער דאָס אויסטרינקען אין אַ פּאָר זופּן און בעטן נאָך.

דער טאַטע דערפילט ווי די בהמה ווערט אומרואיק. „נייע הענט", זאָגט ער צו ביילקען, און בעט זיך ביי דער בהמה: „סטאָי — סטאָי" (שטיי־איין). אָט איז שוין דער גאַנצער דעק פון עמער באַדעקט מיט אַ ווייסן שוים. דאָס מעלקן ווערט שווערער. די מילך פאַלט טראָפּן־ווייז. דער ווייסער פוך הויבט זיך. עס ווערן גרויסע קיילעכדיקע בלעזלעך און פּלאַצן. אַ פליג האָט זיך אָנגעזעצט אויף דער בהמהס רוקן און וויל ניט אָפּטרעטן. דער טאַטע בלאָזט אויף דער גרינער גרויסער פליג מיט אַלע זיינע כוחות. די פליג פליט אַוועק און קומט באַלד צוריק אויף דער בהמהס רוקן. מיט אַמאָל דערפילט ביילקע ווי אַ שמוציקער בעזים וואָלט איר אַ שמיץ געטאָן אין פּנים אַריין. אירע קניען, אויף וועלכע זי איז געזעסן, פאַרלירן דעם גלייכגעוויכט, און זי קערט זיך איבער צוזאַמען מיטן עמער מילך אונטער דער בהמהס בויך. די בהמה פאָכעט נאָך אַלץ מיט איר עק אויף דער פליג. די ווייסע מילך ציט זיך אין ריטשקעלעך איבער דער שוואַרצער קופּע מיסט. חיימלס בלעכענער קופליק און דער הילצערנער עמער ליגן מיט דער דעק אַרויף.

„אוי! מאַמע!", גיט ביילקע אַ געשריי. די בהמה דערשרעקט זיך, רייסט אַרויס פון צעטומעלטן מלמד אירע הערנער און גיט אַ קלאַפּ מיט אַ הינטערשטן פוס אין ווייכן ערדישן געמויזעכץ, פון וועלכן אַלץ ווערט פאַרשפּריצט מיט אַ גרויער, מילכיקער בלאָטע.

„שלים מזלניצקע!" זאָגט דער טאַטע צו ביילקען, און זיין מיט־בלאָטע־פאַרשפריצטער פנים קוקט אויס אַזוי נעבעכדיק און קאָמיש, אַז חיימל האָט זיך פאַרגעסן אין זיין ליידיקן קופּליקל, וואָס ליגט אין מיסט אַן איבערגעקערטער, זיך פאַרגעסן אַז ער האַלט אין צעוויינען זיך און האָט זיך האַרציק צעלאַכט.

יענע נאַכט איז חיימל געגאַנגען שלאָפן אָן מילך.

און שטוב איז שטיל. דוד, אַן אָפּגעוואַשענער, איז פאַרטאָן אין גאַנצן אין רוחניות. מיט אַן אויסגעצויגענעם ניגונדל זינגט ער אַרויס פון דער גמרא וועגן אַן אָקס, וואָס האָט געשטויסן אַ בהמה און גע־בראַכט צו דעם זי זאָל מפּיל זיין. די תנאים פון דער גמרא אַמפּערן זיך וועגן דעם ווער עס איז שולדיק און וויפל מ'דאַרף באַצאָלן. ביילקע ווערט אַריינגעצויגן אין דעם פּלאָנטער פון זייערע רייד. „וואָס וואָלטן די תנאים געזאָגט, קלערט ביילקע, וועגן אונדזער בהמה? וועמען וואָלטן זיי באַשולדיקט? ווער איז דאָ געווען אומגערעכט?" —

— די בהמה פאַר אויסגיסן די מילך, ביילקע פאַר מעלקן זי שלעכט, דער טאַטע פאַר האַלטן אירע הערנער, אָדער די מאַמע פאַר איבער־לאָזן זיי אַליין? און אפשר גאָר די פליג, וואָס האָט דערקוטשעט דער בהמה? עמיצער איז דאָך דאָ באַאַנגען אַ טעות. ווער?

„אשרי יושבי ביתך", דערמאָנט זיך פּלוצלונג ביילקע אַ פּסוק מיטן יידישן טייטש זיינעם, אָבער דער אומגליק פון דער אויסגעגאָסענער מילך שוועבט נאָך אַלץ אין דער לופטן צווישן טאַטע און טאָכטער. דער וואַנט־זייגער קלאַפּט זיין מאָנאָטאָנעם טיק־טאַק און מישט זיך אויס מיטן שלונץ, וואָס עס הערט זיך פון צווייטן צימער, וואו חיימל שלאָפט.

---

דאָס טאָפּטשען פון בהמהשע פיס, באַגלייט פון דעם פּאַסטוכס פייפל האָט אויפגעוועקט ביילקען פון איר פרימאָרגענדיקן שלאָף.

פון דער האַלב־טונקעלער שטילקייט הערט זיך חיימלס אָטעמען. ער מורמלט אָפּגעריסענע האַלבע ווערטער אונטערן נאָז און וואַרפט זיך אויף זיין געלעגער. ווי בלאַס חיימל איז, קוקט ביילקע מיט ליבשאַפט און רחמנות אויף איר האַלב־שלאָפנדיקן, האַלב־וואַכנדיקן ברודערל. נעבעך קיין מילך ניט געטרונקען. זי גיט אַ וואַרף אַוועק פון זיך די קאָלדרע, כאַפּט־אַרויף אויף זיך דאָס קלײדל, און לויפט אַריין אַ באַר־וועסע אין „הייזל", וואו די בהמה שטייט מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַ פאַרשולדיקטע, און מעלדגירהט.

דער הילצערנער עמער ליגט נאָך פון נעכטן אין דער שטאַליקער בלאָטע אַן איבערגעקערטער, ווי אַ ביטערע דערמאָנונג פון דעם נעכ־טיקן אומגליק.

פון שטאַל אין הויז איז נאָר איין שפּאַן אַריבערן שוועל. גייט ביילקע אַריין אין קיך, נעמט אַראָפּ אַ טאָפּ פון פּאָליצע, און מיט זייער געהיטע טריט, ווי זי וואָלט ניט געוואָלט איבערשרעקן די בהמה, קריכט זי פּאַוואָליניקע אַרונטער אונטער איר בויך, גיט איר אַ גלעט, און ווישט אָפּ מיט אַ נאַסער שמאַטקעלע איר האַלב ליידיקן אייטער — אַט ווי די מאַמע טוט דאָס אַלע טאָג. די בהמה בייגט איר קאָפּ נידעריקער, זוכט אַ שטרוי און געפינט ניט, קייט זי סיי ווי. און ביילקע קוועטשט מיט אירע הענט דעם אייטער. און אָט האָט זי שוין אַ האַלבן טאָפּ מיט וואַרעמער מילך. די ווייסע שוימיקע מילך האָט ביילקען געפרייט. זי פילט אַז זי איז שוין אַ גרויסע און טוט איר אַרבעט גוט, אַזוי גוט ווי איר עלטערע גראָטענע שוועסטער פערעלע. די מאַמע לויבט שטענ־דיק פערעלעס אַרבעט, און ביילקען, פאַרדריסט עס ווייל דאָס הייסט, אַז זי אַליין איז ניט קיין גראָטענע, אַ שלים־מזלניצקע. פילט זי זיך בישטיק קעגן איר שוועסטערל, וואָס „די אַרבעט ברענט אונטער אירע הענט."

„נו, ס'וועט שוין זיין גענוג מילך פאַר חיימלען און צו פאַרווייסן די ציקאָריע פאַרן טאַטן." קוקט זי אַריין אַ צופרידענע אין טאָפּ אַריין. אפשר וועט דער טאַטע פון היינט אָן זי אויפהערן רופן שלימזלניצקע. זי כאַפּט דאָס ריטל פון ווינקל שטאַל און טרייבט מיט דעם אַרויס די בהמה אויפן גאַס, וואו זי מישט זיך אויס מיט דער טשערעדע. און עס דוכט זיך ביילקען, אַז עפּעס איז די בהמה היינט פריילעכער, צופרידענער ווי אַלע טעג. דער פּאַסטוך מיט זיין לאַנגער בייטש נעמט אַריין די קו אין דער טשערעדע ווי אַן אָנגעלייגטן מיטגליד אין דער בהמהשער משפּחה. אויך דער פּאַסטוך איז היינט אויפגעלייגט. אַנשטאָט צו שמייסן די בהמות מיט זיין בייטש, גלעט ער זיי, און עס איז שווער צו זאָגן ווער ווען עס פירט אין פעלד אַריין — ער די בהמות, צי די בהמות אים.

בענקנדיקע, אויסגעצויגענע טענער פון פּאַסטוכס פייפל קלינגען־אָפּ אין דער לופטן. די פייגעלעך אין הערביאיקן וואַלד זינגען און טאַנצן אַרום אין די ביימער, ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגערופן אויפן פּאַסטוכס פייפל. די פרימאָרגן־זון שיינט אַריין אין די קליינע יידישע פענצטערלעך און זאָגט־צו אַ ליכטיקן, זוניקן טאָג.

# דריי בעטלער מיט אַ מויד

„אַ באַנדע בעטלער זיינען געקומען אין שטעטל”, זאָגט די מאַמע, ווען זי ברענגט אַריין פריש־אויסגעגראָבענע קאַרטאָפל פון גאָרטן. „איך זאָל ניט זינדיקן מיט מיינע רייד, גלייך אינדערפרי שלעפן זיי זיך שוין אַרום מיט די טאָרבעס איבער די הייזער. און עפּעס אַ מויד שלעפּט זיך זיי נאָך.”

זי נעמט זיך מאַכן אַ פייער פון שפּענדלעך אויפן פריפּעטשעק.

דורך דער אָפענער טיר קומען אַריין דריי אָפּגעריסענע יידן, מיט טאָרבעס און אַ מויד אַ פּעטע, אַ לאַכענדיקע, פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק. זיי בלייבט שטיין ביי דער טיר.

„גיט עפּעס אָרעמע לייט”, זאָגט אַ באַוואַקסענער רויט־האָריקער ייד, און ציט אויס זיין האַנט מיט אַ פאַרשמאָלצענעם צעטריפלטן אַרבל.

די מאַמע מעסט אָפּ מיט אַ שאַרפן בליק די בעטלער — זייערע גרויע לייווענטענע טאָרבעס אויף די פּלייצעס, די פיס פאַרבונדן מיט שמאַטעס, די באַוואַקסענע קעפּ און פּנימער — ווי זיי שטייען נעבעכדיק מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און אויסגעצויגענע הענט.

צוויי יידן האָבן שוואַרץ־גרוילעכע צעשויבערטע בערד, דער דריטער איז אַ רויטער. עס איז שווער צו זאָגן, וואו די האָר פון קאָפּ ענדיקן זיך, און וואו די באָרד הויבט זיך אָן.

די מויד שטייט הינטערן רויטן יידנס פּלייצע און לאַכט מיט אַ פאַרשטיקטן קינדערשן געלעכטער. עס זעען זיך אָן אירע ווייסע ציין, איר קלייד איז פון איין שטיק, ווי אַ נאַכט־העמד, פון גראָבן לייווענט, אונטערגעבונדן מיט אַ שטריקל אַרום דער טאַליע. זי מאַכט דעם איינדרוק פון אַ פאַרנאַכלעסיקטן פאַרשמוציקטן קינד.

„וואַרט צו אַ ביסעלע”, זאָגט די מאַמע צו די יידן מיט די אויסגעצויגענע הענט. און צו דער מויד זאָגט זי: „קום נאָר אַהער, לאָמיך דיך גוט אָנקוקן, מויד.” זי מאַכט אַ פּאָר טריט הינטער דעם רויטן יידנס פּלייצע, טאַפּט אָן די מויד מיט דער האַנט ווי זי וואָלט זיך געוואָלט איבערציגן, אַז די מויד איז טאַקע אַן אמתדיקע, אַ לעבעדיקע.

„כי, כי, כי”, צעלאַכט זיך יענע און האַלט איר שוואַרץ־צעשויבערטן קאָפּ האָר אַרונטערגעלאָזט צום דיל.

די מאַמע דרייט מיטן קאָפּ און זאָגט צו די בעטלער: „פּע, שעמען

מעגט איר זיך אין אייערע ווייטע הערדזער! װעלכע יידן שלעפּן זיך דאָס אַרום מיט אַ מויד איבער די היזער?".

„זי איז ניט קיין פרעמדע. ס'איז מיין פּלימעניצע רייזל, די טאָכ־טער פון מיין פאַרשטאָרבענעם ברודער, אַ קיילעכדיקע יתומה", זאָגט דער עלטערער ייד ווי ער וואָלט זיך פאַרענטפערט. „ניט געהאַט זי וואו איבערצולאָזן, האָבן מיר זי מיטגענומען אין דער וועלט, אפשר וועט גאָט עפּעס צושיקן."

דער טאַטע האָט זיך פון זיי אָפּגעקערט.

„טאָ וואָס זשע לאַכט זי?" פרעגט די מאַמע און קוקט אויף רייזלען.

דער ייד מיט די צעשויבערטע האָר, וואָס האָט די גאַנצע צייט גע־האַלטן די אויגן אויפן פּריפּעטשעק, וואו די ציקאָריע האָט זיך געקאָכט און פאַרשפּרייט אַ פּאַרע, וואָס האָט געררייצט דעם אַפּעטיט, האָט אַרונ־טערגענומען זיין טאָרבע פון אַקסל, זי אויפגעלייגט אין ווינקל שטוב, וואו דער בעזים איז געשטאַנען, אַ וויש געטאָן זיינע פאַרוואַקסענע ליפּן און געזאָגט:

„איך וועל אייך זאָגן פאַרוואָס זי לאַכט: עפּעס האָט זיך איר געמוזט חלומען, ווייל ווען זי איז געבליבן אַ יתומה, איז זי געווען אַ קינד פון זיבן יאָר. טאָג און נאַכט האָט זי געוויינט, דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן לאַכן. און אַזוי לאַכט זי עד היום."

„ווי רופט מען דיך, מויד?", האָט די מאַמע געפרעגט און זי אַ שלעפּ געטאָן צו זיך.

„כ'האָב אייך שוין געזאָגט. זי הייסט רייזל", איז דער רויטער ייד געוואָרן אומגעדולדיק. גיט אונדז, יידענע, צו שטיקלעך ברויט, און לאָזט אונדז גייך."

„איילט זיך ניט", זאָגט די מאַמע, איך וויל פון איר אַליין הערן." און זי נעמט ניט אַרונטער די אויגן פון דער לאַכנדיקער רייזל.

„מיר זיינען הונגעריק", האָט דער ייִנגסטער ייד מיט דער צע־פּלאָנטערטער האַרטער באָרד געזאָגט.

„יאָ, מיר ווילן עסן. נאָך קיין אָנבייסן ניט געהאַט", האָבן די אַנדערע צוויי געזאָגט און זיך אויסגעזעצט אויף דער הילצערנער באַנק ביי דער פּאַמוניצע. די מויד איז געשטאַנען הינטער דער באַנק, געהאַלטן אַ פינגער אין מויל ווי אַ קינד, און געלאַכט.

„די ציקאָריע וועט באַלד פאַרטיק ווערן?", האָט געפרעגט דער ייִנגערער ייד און געקוקט מיט הונגעריקע אויגן אויפן רויכיקן פּייער, אויף וועלכן דאָס טעפּל ציקאָריע איז געשטאַנען.

„אַט וועל איך אייך באַלד געבן הייסע ציקאָריע מיט ברויט", האָט געזאָגט די מאַמע און גענומען צעבלאָזן דעם האַלב פאַרלאָשענעם פייער אונטערן פאַררויכערטן טעפל. צווישן איין בלאָז און צווייטן, האָט זי געזאָגט: „געוויינטלעך פירט זיך אַז עס קומען אין שטעטל איינציקע יידן אָרעמע לייט. גיט מען זיי אָפּצועסן, אַ שטיקל ברויט אין טאַרבע און מען פרעגט: פון וואַנען קומט אַ ייד? וואָס הערט זיך אויף דער וועלט, און זיי גייען ווייטער. און דאָ — אַט האָסטו דיר, דריי יידן מיט אַ מויד! עפּעס שטעקט אין דעם אַ סוד."

דער מאַמעס פּנים פאַרציט זיך מיט אַ געהיימניש, ווי זי וואָלט גע־וואָלט אַנכאַפּן דעם מיין פון דער גאַנצער באַגעגעניש.

„טאַ, זאָגט זשע מיר טאַקע, פון וואַנען קומען יידן?" פרעגט זי זייער פאַרשעמדיק.

די יידן קוקן זיך איבער פאַרוואונדערט. „וואָס הייסט פון וואַנען מיר קומען?" פרעגן זיי אַלע אין איין קול, „מיר גייען פון שטאָט־צו שטאָט."

„מיר קומען איצט פון מאָטעלע", זאָגט דער יינגערער ייד, וואָס וואַרט אויף דער ציקאָריע. „וואוהין וועלן מיר גיין פון דאַנען?", פרעגט דער ייד מיט די קודלעוואַטע האָר.

„מיר וועלן גיין קיין פּאַריטשע, קיין יאַנעווע, אומעטום וואו יידן בני רחמנים געפינען זיך, וועלן מיר גיין." האָט געזאָגט דער רויטער ייד.

די מאַמע האָט אָנגעגאָסן טעפּעלעך ציקאָריע, דערלאַנגט זיי מיט פּונעצער שוואַרצן ברויט. דער טאַטע האָט געקוקט פון אַ ווינקל אויג, צי מאַכן זיי אַ ברכה, יאָ, זיי האָבן געמאַכט. בלייבט ער צופרידן.

דאָס בלאָזן אין די הייסע טעפּעלעך ציקאָריע און דאָס סמאַטשקען מיט די ליפּן מישן זיך אויס מיטן טומל פון די חדר־יינגלעך, וועלכע כאַפּן פון מלמד איבער די הענטלעך מיט דער ווירע.

„לאַנג לעבן זאָלט איר, יידענע, פאַר אייער גוט האַרץ. איר האָט הונגעריקע זאַט געמאַכט", זאָגט דער רויטער ייד צווישן קייען דאָס ברויט און זופּן די ציקאָריע. די „מויד" קייט דאָס שוואַרץ ברויט און לאַכט אין הייסן טעפּעלע אַריין.

דורך דער צעבראָכענער שויב הערט זיך דאָס שפּילן פון אַ קאַ־טערינקע.

„דאָס גייט שימענקע מיט זיין קאַטערינקע", זאָגט דער יינגערער ייד און בעט ביי דער מאַמען אַ צווייט טעפּעלע ציקאָריע.

ביילקע קוקט אַרויס דורכן פענצטער. אַ סך קינדער לויפן נאָך דעם קאַטערינשטשיק. זייערע פריידיקע, דינע שטימעלעך מישן זיך אויס מיט

די טענער, וואָס שרייען פון קאַסטן אַרויס — טענער אַזעלכע בענקענ־דיקע, טרויעריק־בעטנדיקע, וואָס פילן אָן די לופט. גראַשנס מיט קאָפּיקעס פאַלן צו דער ערד. דער קאַטערינשטשיק — אַ נידעריקער פעטלעכער בחור, זיין היטל מיטן לאַקירטן דאַשעק פאַרדרייט אויף אַ זייט — שלעפּט אויפן בויך אַ „שפּיל־קאַסטן", וואָס ווערט אויפגעהאַלטן דורך אַ רימען פאַרוואָרפן איבערן האַלדז, און אַ שטעקן אונטערן קאַסטן. ער רייסט־איבער דאָס שפּילן, בויגט זיך איין און הייבט אויף פון זאַמד די קליינע קופּערנע מטבעות, לייגט זיי אַריין אין קעשענע פון אָפּגע־טראָגענעם רעקל און מיט פרישן מוט דרייט ער ווייטער דאָס הענטל פון דער קאַטערינקע. איצט קומען אַרויס פריילעכע טענער, וואָס פאַר־ענדיקן זיך מיט אַ סוויסטשען פון פייגעלעך.

ביילקע דערמאָנט זיך אין איר בלעכענעם פושקעלע מיט די קו־פּערנע מטבעות. זי עפנט דאָס אויף. אַ שאָד אַ זעקסער. אפשר אַ דרייער? אַ קאָפּיקע איז אויך גענוג. ניין, — אַ גראָשן. זי און חיימל לויפן אַרויס און וואַרפן צו דעם קאַטערינשטשיק אַ בלישטשענדיקן גראָשן. ער פאַלט אין ווייכן זאַמד.

דער קאַטערינשטשיק שפּילט ווייטער. די פייגעלעך אין לופטן צווויטשערן צו, די בינען און פליגן זשומען און מישן זיך אויס מיט דער מוזיק פון דער קאַטערינקע.

אַז די מוזיק האָט אויפגעהערט, האָט זיך ביילקען פאַרוואָלט אַריינ־גיין אין שטוב קוקן אויף רייזלען. זי קלערט: ווי אַזוי קען דאָס אַ יידישע מיידל אַזויפיל לאַכן? און פאַרוואָס עפּעס דריי בעטלער מיט אַ בעטלערקע אויף אַ מאָל?

„פע, ניט שיין", זאָגט דער טאַטע. „אַ יידישע טאָכטער שלעפּט זיך אַרום מיט מאַנסבילן־בעטלער; און נאָך דערצו אַזוי פיל לאַכן. עס פּאַסט גאָר ניט פאַר אַ יידיש קינד."

די מאַמע, וואָס האָט אַ שטיק צייט געשוויגן און געקלערט, האָט געגעבן אַ רייב דעם שטערן הינטערן פאַרוק און אַ זאָג געטאָן: „איך האָב אַ פּלאַן."

אַלעמענס אויגן האָבן זיך צוגעקלעפּט צו איר. וואָס מיינט זי מיט „אַ פּלאַן?".

„איר האָט געזאָגט, אַז איר זייט רייזלס פעטער. שטעלט זיך דאָ אָפּ מיט איר, און זאָלן די אַנדערע צוויי יידן גיין געזונטערהייט. איך קלער, אַז איך האָב פאַר איר אַ גוטן שידוך." און צו רייזלען האָט זי

געזאָגט: „דו שטעל זיך דאָ אָפּ, איך וועל דיך חתונה מאַכן, וועסטו ווערן אַ מענטש מיט מענטשן גליַיך.״

רייזל האָט ניט געענטפערט, נאָר איז געוואָרן רויט און האָט געלאַכט.

„ווילסט אַ חתן? ווילסט חתונה האָבן? זאָג!״ האָט געפרעגט די מאַמע מיטן האַרבן וואָרט.

„כי, כי, כי, אַ חתן״, לאַכט רייזל, און אירע ברוינע אויגן צעציִען זיך אין צוויי קליינע שפּעלטלעך, אירע פעטלעכע ליפּן ציטערן, די באַקן רויטלען זיך, די הויט אויף איר רונדן פּנים צעלייגט זיך אין קליין־פּעדעמדיקע קנייטשעלעך און זי לאַכט — „כי, כי, כי...״

די דריי בעטלער קוקן זיך איבער פאַרוואונדערט מיט חשד. אַ ווײַלע איז שטיל — אַזוי שטיל, אַז אַפילו די חדר־ייִנגלעך זיינען פאַרשטומט געוואָרן. געעפנט מויל־און־אויערן, הויבן זיי זיך אויף די באַרוועסע פיסלעך, ציען אויס זייערע העלדזער צו כאַפּן אַ קוק אויף דער „מויד״, וואָס שטייט אין ווינקל שטוב און לאַכט.

די מאַמע גייט צו מיט איר שווערן, פעסטן טראָט צו רייזלען, נעמט אַרונטער די טאַרבע פון איר אַקסל, גיט דאָס איבער צום ייִנגערן ייִדן און זאָגט: „נאַט, טוט עס איך אָן אויפן צוויטן אַקסל און גייט איך מיט אייער קאַטערינשטשיק, זי בלייבט דאָ.״

די ייִדן קוקן זיך איבער מיט שטומע בליקן ווי זיי וואָלטן געפרעגט איינער ביים אַנדערן: „וואָס זאָלן מיר טאָן?״

„איז וואָס זשע ווילט איר, אפשר פאַר אַ דינסט זי מאַכן?״ זאָגט דער רויטער פעטער.

„קום!״ גיט ער אַ שלעפּ די לאַכנדיקע מויד, „קומט, ייִדן!״

„שטייט!״, פאַרשטעלט אים די מאַמע דעם וועג ביי דער טיר, „איך וויל זי חס ושלום ניט מאַכן פאַר אַ דינסט. צו וואָס באַדאַרף איך דאָ דינסטן?״, ווייזט זי מיט דער האַנט אויף דער קליינער ענגער שטוב, „איך וועל זי אי״ה חתונה מאַכן, וועט זי ניט דאַרפן איר גאַנצן לעבן זיך אַרומשלעפּן מיט איך איבער די הייזער. יאָ, זי וועט ווערן אַ באַלע־באָסטע, אַ וויַיב, אַ מאַמע, ווי גאָט האָט געבאָטן. כ׳לעבן, איך האָב פאַר איר זייער אַ גוטן שידוך״, פאַרענדיקט די מאַמע און גלייכט אויס דעם פאַרדוק אויפן קאָפּ ווי זי וואָלט זיך געקליבן אויף אַ שליחות.

דער ייִד מיט דער רויטער באָרד, זיין פּנים שטרענג ערנסט, האָט אָנגעקוקט די מאַמע און געקוקט אויף די אַנדערע צוויי ייִדן: וואָס וועלן

זיי זאָגן ? די צוויי יידן האָבן געהויבן מיט די אַקסלען און גאָרניט געזאָגט :

„וועט איר, הייסט עס, רייזלען חתונה מאַכן. און ווער איז דער חתן ?", האָט געפרעגט דער פעטער. ער האָט אָפּגעבונדן אַ שטריקל פון זיינע לענדן, אַרויסגעשלעפּט פון בוזים־קעשענע אַ פאַרגעלטן פּאַפּיר, איז צוגעגאַנגען צום טיש, און דאָס איבערגעגעבן צום טאַטן. „נאָט, רבי, לייענט דאָס", האָט ער געזאָגט.

דער טאַטע האָט גענומען דעם בריוו, באַטאַפּט אים פון אַלע זייטן, אויסגעגלייכט די שפּאַקולן אויף דער נאָז און גענומען לייענען דעם בריוו, וואָס איז געווען געשריבן האַלב אויף יידיש, האַלב אויף לשון קודש.

ער לייענט הויך אויפן קול : „היות, די יידן זיינען אָרנטלעכע מענטשן, האָב איך זיי אָנגעטרויט צו נעמען די בתולה רייזל בת שמעון איבער דער וועלט. און הערש איז איר ליבלעכער פעטער. און גייענ־דיק איבער די הייזער, איך אַ געוויסן זומער־טאָג, אין אַ קליין שטעטל, וועט זי אם ירצה השם דאָרטן געפינען איר זיווּג." אונטערגעשריבן: הרב מרדכי בן יצחק.

דער טאַטע פאַרקנייטשט דעם שטערן, נעמט אַריין די באָרד אין האַנט און זאָגט : „הרב מרדכי בן יצחק ? כ'האָב ניט געהערט פון אים. נאָר מן הסתם איז דאָס אַ גאָט־זאַך."

„וואו זשע איז אייער חתן ?", פרעגט דער ייד שוין מיט מער זי־כערקייט אין זיך. רייזל לאַכט און טוליעט זיך צו איר פעטער.

„דער חתן ? ער וועט באַלד זיין דאָ. שוין געשיקט אַ שליח", זאָגט די מאַמע און נעמט זוכן אַ קלייד אין שאַפע פאַר רייזלען. זי געפינט איר לאַנג, בלוי קלייד, גיט זי דאָס רייזלען און זאָגט :

„אַפריער מוזטו זיך גוט אַרומוואַשן. דאָרטן הינטערן הויז שטייט אַ צעבער וואַסער. וועסט זיך איבערטאָן אָט־דאָ אין פאָדער־הייזל. די בהמה איז ניטאָ, איצט אויף פּאַשע, טאָ האָב ניט קיין מורא — און פאַר־געס ניט פאַרקעמען די האָר."

און זי דערלאַנגט איר אַ קעמל מיט אויסגעבראָכענע ציינער.

רייזל האָט זיך אָפּגעוואַשן דאָס פּנים, אָנגעטאָן דער מאַמעס בלוי־סיצן קלייד מיט די ווייסע טאַשמעלעך אַרום קאָלנער און מאַנקעטן.

קוקט די מאַמע אויף רייזלען און איר געפעלט ניט ווי זי האָט זיך פאַרקעמט. זאָגט זי: „אָט לאָמיך דיר פלאַדיען דיינע האָר." זי פאַר־קעמט זי מיט אַ שרענגל פון פאָרנט, פאַרפלעכט צוויי צעפּ פון הינטן

און זאָגט: „איצט ביסטו אַ שיינע מויד, ועסט נאָך היינט ווערן אַ כלה.״

איצט האָט רייזל ניט געלאַכט. זי האָט אויסגעגלאָצט אירע גרויסע ברוינע אויגן אויף דער מאַמע און געפרעגט: „אַ חתן? איך אַ כלה ווערן?״

עפּעס האָט זי ניט געקענט פאַרשטיין, אַז דאָס קומט פאָר אין דער אמתן. עס האָט זיך איר געדוכט, אַז אַלץ וואָס האָט פּאַסירט ביז איצט, איז געווען אַ שפּאַס, אַ אָפּלאַכעריי. זי האָט זיך דערפילט פאַרלאָרן און דערשראָקן. און דאָך איז איר געפעלן וואָס זי איז אָנגעטאָן אין דעם רייַנעם קלייד און די האָר אירע זיינען פאַרקעמט. זי האָט זיך געטוליעט צו דער מאַמען, ווי זי וואָלט ביי איר געזוכט שוץ.

די מאַמע האָט אויף איר געקוקט מוטערליך און געזאָגט: „האָב ניט קיין מורא, מיין קינד, עס וועט נאָך דיר מיט גאָטס הילף זיין גוט.״

און זי באַשליסט, אַז רייזל איז גאָר ניט אַזאַ נאַר ווי זי האָט גע־מיינט. זי וועט זי שוין חתונה מאַכן מיט מיכלען.

## מיכל איז אַרונטער פון אויוון

אַמאָל איז מיכל געווען אַן איינגעשפּאַרט, קאַפּריזנע ייִנגל. ער האָט ניט געוואָלט גיין אין חדר, דער רבי זאָל אים שמייסן. ער האָט גאָר געוואָלט אַ לעדערנעם ראַנעץ מיט רוסישע ביכער און דווקא גיין אין אוטשילישטשע, וואו די רייכע קינדער גייען.

דאָס האָבן אים זיינע אָרימע עלטערן, מרדכי מאַטש און כאַשע, ניט געקענט געבן. אַ גרויס געזינד געווען — זיבן קינדער. די מיידלעך זיינען אַוועק פאַר דינסטן אין די גרויסע שטעט, צי געוואָרן זאָקן־מאַכער־קעס אין אייגענעם שטעטל. די ייִנגלעך זיינען צו זעקס יאָר אַוועק אין חדר, צו אַכט יאָר — אין דער לערע צו שוסטער, שניידער, סטאָ־ליערס. צו צוועלף יאָר זיינען זיי שוין געווען פאָלנע אַרבעטער און זיינען אַוועקגעפאָרן אין גרויסע שטעט זוכן אַ תכלית.

מענדל, מרדכיס עלטערער זון, איז געוואָרן אַ סטאָליער און איז אַוועקגעפאָרן אין קאַטערינעסלאַוו. אַ קורצע צייט שפּעטער האָט ער אַריבערגענומען מיכלען. פון אָנהויב האָבן זיי געשריבן גוטע בריוו: אַז ביידע אַרבעטן זיי, ביי סטאָלעריי, ביינאַכט לערנען זיי זיך די רוסישע שפּראַך; אַז מיכל האָט זיך באַקאַנט מיט אַ זייער שיינער מיידל, אַ סטו־דענטקע, און זיי קלערן פון חתונה האָבן. אַלץ וואָלט גוט געווען ווען ניט די אומרוען און די מורא פאַר פּאָגראָמען אויף ייִדן.

דערנאָך האָבן אויפגעהערט אָנקומען בריוו פון די זין. פראַדל האָט געשריבן האַרצרייסנדיקע בריוו פאַר כאַשען צו די זין, אַז זיי זאָלן רחמנות האָבן אויף אַלטע־טאַטע מאַמע און שרייבן וואָס עס האָט פּאַסירט. קיין ענטפער איז ניט געקומען. מיט חדשים שפּעטער איז געקומען אַ בריוו פון מענדלען, אַז מיכלס ליבע איז געווען אַ אומגליקלעכע; אַז ער האָט פאַרלאָרן זיין שטעלע, וויל זיך מער ניט לערנען און גייט אַיין פון בענק־שאַפט.

— מיט אַ וואָך שפּעטער האָט ער געבראַכט זיין ברודער מיכלען אַ היים אַ קראַנקן.

אַ שוייגענדיקער, מרה שחורהדיקער, איז מיכל אויסגעוואַקסן הויך און דאַר מיט אַן איינגעבויגענער פּלייצע; זיין ביטערקייט צו אַלץ און אַלעמען האָט אים אַריבערגעוואַקסן. זיין שטענדיקער פּלאַץ איז געווען אויפן אויוון, וואו ער איז געלעגן בויך אַרויף און האָט געקוקט אויף דער סטעליע. ער האָט צו קיינעם ניט גערעדט, קיינעם ניט דערציילט פון וואָס ער טראַכט.

יאָרן זיינען געלאָפן. זיין שוואַרץ בערדל אויפן לענגלעך־בלייכן פּנים איז געוואָרן לענגער, מיט זילבער האָר באַשפּריטקלט, זיינע האָר אויפן קאָפּ שיטערער, זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן זיינען געווען מרה־שחורהדיק און האָבן אַלעמען אין שטוב געשראָקן. אַ שטילער צער האָט אַרויסגערעדט פון טאַטע־מאַמעס פּנימער.

און אָט איז געקומען אַ טאָג. די זון האָט זיך צעשטראַלט. אַ קאַטערינשטשיק, אַ מויד און דריי בעטלער זיינען אַראָפּגעקומען אין שטעטל. דער קאַטערינשטשיק פּילט אָן דאָס שטעטל מיט מוזיק, און האַלט זיך פון וויטן פון דער בעטלער־באַנדע. ער פאַרדינט די קאָפּיקעס און גראָשנס, און בעטלט ניט קיין ברויט. אַלע קינדערלעך פרייען זיך מיט אים. די גרויסע מענטשן, אַביסעלע פאַרשעמט, שפּיצן אָן זייערע אויערן צו דער מוזיק און צעשמייכלען זיך מיט קינדערשע שמייכלען.

כאַשע און מרדכי, דערהערט אַ קאַטערינקע שפּילט ערגעץ וויט, זיינען אַרויסגעלאָפן פון שטוב אויסגעפינען פון וואַנען עס קומען די שיינע קלאַנגען. אָבער ניט מיכל. זיינע אויסגעלאָשענע אויגן זיינען צוגעקלעפּט צו דער סטעליע. ליגט ער ווי אַ מענטש, וואָס איז ניט אינגאַנצן טויט, אָבער אויך ניט אינגאַנצן לעבעדיק.

פראַדל האָט ניט נאָר געפּילט כאַשעס ביטער האַרץ, זי האָט אויך געפּילט מיכלס. זי פלעגט טרייסטן כאַשען, אַז זי וועט נאָך דערלעבן אַ דור פון איר זון. זי האָט שטענדיק אין זינען געהאַט צו קריגן אַ גוטן

שידוך פֿאַר מיכלען. און ווען עס זיינען געקומען די בעטלער מיט דער מויד, איז איר אַ גליקלעכער געדאַנק איינגעפֿאַלן און אַ גרויסע פֿרייד האָט זיך צעלייגט אויף איר פֿאַרברויגטן פּנים. זי האָט באַשלאָסן אַז די מויד רייזל איז מיכלס אמתער זיווג.

ווען די דריי יידן זיינען אַרייננעקומען אַרומגעוואַשענע, אַן די טאָר־בעס אויף די אַקסלען, האָבן זיי אויסגעזען פֿון גאַרטל אַרויפֿצו אַ סך לייטישער, בכבודיקער. די שמאַטעס פֿון זייערע פֿיס אַרונטערגענומען, זיינען זיי געבליבן שטיין באָרוועסע.

„איצט וועלן מיר אייך זאָגן ווי מיר הייסן", האָט געזאָגט דער ייד מיט דער רויטער באָרד. „מיך רופֿט מען הערש." זיין קול האָט געקלונ־גען זיכערער און מיט מער חשיבֿות.

„און מיך רופֿט מען וועלוול", האָט געזאָגט דער צווייטער ייד, וואָס ערשט ניט לאַנג זיינען זיינע שוואַרצע האָר געווען קודלעוואַטע. איצט זיינען זיי אויסגעגלייכט און עס ריננט פֿון זיי וואַסער.

„און איך הייס בערל", האָט געזאָגט דער יינגסטער און קלענסטער ייד מיט די הונגעריקע אויגן.

דער טאַטע האָט זיי אָנגעקוקט, זיך צעשמייכלט, דערלאַנגט זיי די האַנט און אַ שלום עליכם, ווי ער וואָלט זיי ערשט צום ערשטן מאָל דערזען.

די יידן זיינען שענער געוואָרן, ווי דאָס וואַסער, מיט וועלכן זיי האָבן זיך אַרומגעוואַשן, וואָלט אַרונטערגעשווענקט זייער נישטיקייט, זייער גע־פֿאַלנקייט. די מאַמע באַמערקט זייערע באָרוועסע פֿיס. זי שלעפּט אַרויס פֿון אונטערן בעט אַלטע שוכוואַרג, וואָס זי האָט אָנגעקליבן און קלייבט זיך אָוועקצוגעבן צו שטעטלדיקע אָרימע לייט.

די יידן נעמען זיך צו די שיך. הערש ציט אַרויף די הויכע קאַמאַשן מיט די קנעפּלעך אין די זייטן. ער דרייט זיין פֿוס מיט אַ צופֿרידענעם שמייכל און זאָגט: „אָט ווי אָנגעמאָסטן!".

וועלוול שטופּט זיין פֿוס אין אַן אַלטער, אָפּגעבליאַקעוועטער לאַקי־רענעם קאַמאַש. ער מאַכט דערביי אַ ווייטאָקדיקע גרימאַסע. זיין פֿוס וויל ניט אַריינגיין.

„אָט איז אַ שערעלע, שנייט דאָס איין אין די זייטן, וועלן שוין די קאַמאַשן אַרויפֿגיין אויף אייערע פֿיס, זאָגט די מאַמע." „דאָס קומט פֿון די נעמצאָוויטשעס. ער איז אַ וואַלד סוחר, קויפֿט די בעסטע שיך", לויבט זי די קאַמאַשן ווי אַ קרעמער ביים פֿאַרקויפֿן זיין סחורה.

„ווי אָנגעמאָסטן!", זאָגט בערל און מאַכט אַ פּאָר טריט איבער דער

שטוב, און די אַלטע טרוקענע שטיוועלעך קוויטשען ווי יונגע חזירימלעך וואָלטן דאָרטן געלעגן.

„וואו איז דער שליח און וואו זיינען די מחותנים מיטן חתן?", זאָגט די מאַמע און קוקט אַרויס מיט אומגעדולד דורכן פענצטער.

„מיט גאָטס הילף, זיי וועלן דאָ באַלד זיין", טרייסט זי דער טאַטע.

דערפילט אויף זיך די פריינטלעכע בליקן מיט די צעשמייכלטע פנימער פון די בעטלער, ווערט די מאַמע צופרידן מיט איר אויפטו. און זאָגט: בלי נדר, נאָך היינט שרייבט מען תנאים." זי באַטראַכט און מעסט־אָפּ יעדע זאַך אין שטוב, צי אַלץ איז אין גוטער אָרדענונג. דערנאָך זאָגט זי: „פערעלע, וואַש נאָר אויס די קאַראַפינקע מיט די קעליש־קעס! און דו,ביילקע, קער אויס די שטוב און שיט אויס מיט געלן זאַמד. און דו, חיימל, זע די היינער זאָלן זיך ניט דרייען אונטער די פיס." זי עפנט דעם קאַמאָד און זוכט אַ ווייסן סערוועט צו פאַרשפרייטן אויפן טיש.

„קינדערלעך, אַהיים!", זאָגט דער טאַטע צו די חדר ייִנגלעך, און יענע לויפן אַרויס פון שטוב, ווי היינער פון אַ שטייג, אין דער זוניקער גאַס אַרויס.

דורך דער אָפענער טיר באַווייזן זיך די מחותנים — מרדכי מאַטוש און כאַשע זיין ווייב. מרדכי — אַ הויכער, אַ דאַרער, אַ שוויַגענדיקער, מיט אַ אויסגעבויגענער פּלייצע, מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל אין באָרד אַריין — מאַכט דעם איינדרוק פון אַ רואיקן מענטשן, וואָס איז צופרידן מיט זיך אַליין. כאַשע איז אַ פעסט־געבויטע פרוי מיט אַ ווייכן, רונדיקן מאַמעשן פנים, מיט טיף איינגעגראָבענע, גלעטנדיקע אויגן, וואָס אַז מען קוקט אין זיי אַריין, דוכט זיך אויס, אַז אַלץ וואָס איז ניט גוט, וועט גוט ווערן.

„אַ גאָט העלף אייך! פון וואַנען קומען יידן?" פרעגט כאַשע און מעסט־אָפּ די יידן און די מויד פון קאָפּ ביז די פיס. מען קען זען אויף איר, אַז זי איז מיט זיי צופרידן. אויב זי איז צופרידן, איז שוין מרדכי במילא צופרידן.

דער טאַטע אין זיין לאַנגן, שוואַרצן שבתדיקן אַלפּאַגענעם קאַפּטן, זוכט אַ ספר אין דער ספרים־שאַפע. ער האָט דאָך אַמאָל געהאַט סמיכות אויף רבנות, קען ער שרייבן תנאים.

אויפן ווייס־באַדעקטן טיש פינקלט אַ האַלבע קאַראַפינקע מיט בראָנפן. דער ערדיקער דיל איז אויסגעשאָטן מיט פרישן געלן זאַמד, אַ מילד ווינטעלע שפּילט זיך אין די ווייסע פאַרהענגלעך, פון די אָפענע

פענצטער. די שטוב האָט באַקומען אַ יום־טובדיקן אויסזען איך מיטן דערזוואָכן.

„אייער מיכל ?", קוקט די מאַמע אויף די מחותנים מיט אַ פאַרשנ־דיקן בליק.

„כ'ווייס, זאָגט כאַשע אין פאַרלעגענהייט", אפשר וועט ער באַלד קומען."

„אפשר ?" רעדט איבער די מאַמע. זי באַשליסט, אַז מיכל איז צו פויל אַליין צו קומען און מ'עט אים מוזן שלעפן.

די מאַמע זעצט אויס די מחותנים אַרום טיש. פערעלע דערלאַנגט אַ גרויסע הילצערנע שיסל פריש־געקאָכטע קאַרטאָפל פון וועלכע עס שלאָגט אַ פאַרע און רייצט דעם אַפּעטיט. מען עסט היימיש־געמאַכטע זויערמילך מיט גרינע ציבעלקעס, היימיש־געבאַקן שוואַרצן ברויט. הענט שטויסן זיך צוזאַמען איך דער שיסל קאַרטאָפל, פנימער צעשמייכלען זיך. די מאַמע דערציילט איך מעשה נאָך דער צווייטער. אירע ווערטער קלינגען ווי פון די ביכלעך, וואָס זי לייענט־פאַר פאַר די קינ־דער שבת בייטאָג. און אפשר האָט זי זיך דאָס דערטראַכט דורך די ביכלעך התונה צו מאַכן מיכלען ?

„ווייסן מיר, זאָגט די מאַמע, אַז פערציק טעג אידער דער מענטש ווערט געבוירן, ווערט אויסגערופן אויפן הימל זיין זיווג. אַמאָל דאַרף מען פאָרן איבער שטעט און דערפער, אפילו ימים צו געפינען דעם זיווג. און אַמאָל קומט דאָס אין הויז אַריין. אָט איז אַן אמתע מעשה מיט אַ פאַרשטאָרבענעם ברודער, וואָס איז געקומען צו חלום הערשן און אָנגעזאָגט אים, אַז ער זאָל למען השם מיטנעמען זיין טאָכטער רייזלען איבער דער וועלט, ווייל דאָרטן וואַרט אויף איר דער זיווג. האַ, וואָס זאָגט איר דערצו ?

אַלע שאָקלען מיט די קעפּ, אַז דאָס איז טאַקע אַ זאַך מן השמים.

„און דיר, פראַדל, איז באַשערט צו האָבן די מצווה, דו ביסט דער שליח, וואָס וועט ברענגען אַ נייעם דור אויף דער וועלט", זאָגט דער טאַטע און קוקט דורכן פענצטער צי דער חתן קומט.

„איך מיין, אַז מען דאַרף גיין ברענגען מיכלען", — זאָגט די מאַמע און הייבט זיך אויף פון באַנק.

„לאָמיר גייך", זאָגט כאַשע. און בײדע ווייבער גייען אַוועק צו מרדכי מאַטשס הויז, וואָס איז ניט ווייט. אַז מ'גייט אַריבער די פאַרקאַנעס, דורך די גערטנער, געדויערט נאָר אַ פאָר מינוט צו דער באָד־גאַס, וואו מרדכיס שטוב שטייט.

אַריינגעקומען אין שטוב, האָבן די ווייבער געפונען מיכלען ליגן אויפן אויוון מיט די אויגן צו דער סטעליע. זייער אַריינקומען אין שטוב האָט ניט אַרויסגערופן ביי מיכלען אפילו קיין פינטל מיטן אויג, ווי זיי וואָלטן גאָר דאָרט ניט געווען.

„ווי איז מיר, ווי לאַנג וועסטו באַך ליגן און חלומען, מיכל?" אַלע דאָרטן וואַרטן אויף דיר. קום אַרונטער, טאַטעלע." זאָגט מאַשע מיט די אויגן פאַרריסן צום אויפן־אויוון. אַז מיכל ענטפערט איר ניט, בעט זי זיך מיט פאַרגלאָצטע אויגן צו דער סטעליע: „גאָטעניו, נעם אַרונטער דעם כישוף פון מיין קינד!".

די מאַמע קוקט אויפן „טאַטעלע", מיט דעם שיטערן שוואַרצן בערדל אויסגעמישט מיט גרוי־טרוקענע האָר ווי ווייסע פעדים. זיינע קין־באַקן סטאַרטשען אַרויס, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון זייער געלער הויט. זיינע אויסגעלאָשענע אויגן זיינען איינגעגראָבן אין באַלקן מיט דער הענגענדיקער פּאָוועטינע.

„מיכל, נעם אַראָפּ די אויגן פון דער סטעליע. קוק אויף אונדז, אויף דיין אַלטער מאַמען!" האָט זיך פראַדל ביי אים געבעטן. האַרציקייט און מיטגעפיל צו מאַמע און זון איז געלעגן אין איר קול.

מיכל האָט דאָס דערפילט. ער האָט אויסגעדרייט זיין יונג־פאַר־עלטערט פנים צו די ווייבער און זיך אויפגעזעצט. זיינע לאַנגע פיס זיינען אַרונטערגעהאַנגען פון אויוון־ראַנד ווי צוויי קלעצער. ער האָט געקוקט אויף די ווייבער, נאָר געזען האָט ער זיין אַמאָליקע געליבטע קלאַראַ מיט די פעך־שוואַרצע האָר און גרויסע ברוינע אויגן. ער האָט געהערט אין זיך פאַרוואָלקנטן מוח אירע רייד: „מיכל, כ'קען מיט דיר ניט גיין? כ'קען ניט דערטרונקען ווערן אין דיר און דיינע טויטע ביכער. אונדזער אַרבעטער־קלאַס איז וויכטיקער פון לערן־ביכער, פון אונדז ביידן."

מיכל האָט זיך ניט געמישט אין די זאַכן. אַז זיין ברודער מענדל, דער רעוואָלוציאָנער, פלעגט צו אים ריידן וועגן פּאָליטישע פראַגן, האָט מיכל גאָר געקלערט ווי פטור ווערן פון דער אַרבעט און ווערן אַ לערער. שפּעטער האָט אים זיין ברודער דערציילט די שרעקלעכע נייס. קלאַראַ מיט נאָך זייערע חברים זיינען אַרעסטירט געוואָרן. זי איז פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, איז דאָרטן קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן.

איצט זיצט מיכל באָרועגלאַז, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף זיינע דאַרע הענט, די אויגן אַרונטער צום דיל, ווי שווערע געדאַנקען וואָלטן אים צו דער ערד געפּרעסט.

„זונעלע, מיכעלע, גענוג דיר צו קלערן. מחותנים, אַ שיינע מיידל

וואַרטן אויף דיר. קום אַרונטער", זאָגט כאַשע און קוקט אויף מיכלען מיט רחמנות. דאָס האַרץ וויינט אין איר. איר שווערער קערפּער לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני און שלעפּט אַרויס אַ פּאָר אַלטע שטיוול פון אונטערן בעט. „נאַ", זאָגט זי, „טו אָן די שטיוול און קום."

„וואָס ווילט איר פון מיר?" האָט מיכל אַרויסגעקרעכצט, און זיינע אויגן האָבן געוואַנדערט אין דער לופטן ווי זיי וואָלטן דאַרטן אימעצן געזוכט.

דערהערט זיין קול, זיינען די וויבער פריילעכער געוואָרן. פראַדל איז צוגעגאַנגען בענטער צום אויוון, וואו מיכלס פיס זיינען אַרונטער־געהאַנגען, און האָט אין אַ פריילעכן טאָן געזאָגט:

„אָט הערסטו, מיכל, מיר האָבן דיר געבראַכט די בעסטע נייס אין דיין גאַנצן לעבן — דיין זיווג איז געקומען! אַ שיינע געזונטע מיידל. זי וואַרט אויף דיר ביי מיר אין שטוב, זאָלסט זי קומען אָנקוקן."

אַז מיכל האָט איר ניט געענטפערט, האָט פראַדל גענומען ריידן דיפּלאָמאַטיש:

„נו, עס טרעפט, אַז אַ מענטש איז זיך מיאש פון דער וועלט. אָבער אַ קלוגער, געלערנטער מענטש ווי דו... כ'מיין, אויף אַלץ קומט אַ צייט. דיין צייט איז געקומען זאָלסט אַרונטערגיין פון קאַלטן אויוון. זע נאָר ווי די זון וואַרעמט אויפן גאַס, אַ מחיה! און אַ מיידל אַ קראַ־סאַוויצע וואַרט אויף דיר זאָלסט איר קומען זען. אָט אויף טשעקאַוועס, קום!"

אַז מיכל ענטפערט נאָך אַלץ ניט, זאָגט פראַדל: „נו, הער, מיכל: קיינער אין דער וועלט וועט דיך חלילה ניט צווינגען זאָלסט חתונה האָבן מיט רייזלען, דו וועסט קומען, זי אָנקוקן, אַז איר וועט זיך איינע דעם צווייטן געפעלן, וועסטו טאָן ווי דו פאַרשטייסט. איין זאַך, מיכל, ווייס איך. דו ווילסט ניט זיין קיין לאַסט אויף דיינע אַלטע טאַטע־מאַמע דעם גאַנצן לעבן."

פראַדל איז שטיל געוואָרן ווי זי וואָלט אויסגעשוצט איר גאַנצן פעקל טענות. מיכל האָט ברייט פאַנאַנדערגעעפנט זיינע אויסגעלאָ־שענע אויגן, אַ געהיים פייערל האָט זיך אין זיי צעבורעט. ניין, זיין מאַמע רעדט ניט אַזוי צו אים, קיינער רעדט ניט אַזוי צו אים. אין זייער באַ־נעמען־זיך איז שטענדיק דאָ קרעכצן און רחמנות. דערפאַר האָט ער זיי אַלעמען פיינט. און ווי פראַדל וואָלט אים אָנגעשטעקט מיט איר מוט, איז ער אַרונטער פון אויוון, האָט אַרויפגעצויגן די שטיוול אויף די פיס, אָפּגעוואַשן דאָס פנים, אַרויפגעצויגן דעם פּידזשאַק, אָנגעטאָן די גרינע

אָפּגעקראַכענע היטל און איז געבליבן שטיין פאַר די ווייבער שטום, די קליידער משונהדיק גרויס אויף אים, ווי זיי וואָלטן געוואָלט דעם אמתן מיכלען דערטרינקען אין זיך.

דעם גאַנצן וועג זייִנען זיי געגאַנגען שטיל. קיינער האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. מיכל האָט זיך ווי געשעמט. די ווייבער האָבן מורא געהאַט זיי זאָלן ניט קאַליע מאַכן.

רייזל איז געזעסן אין אַ ווינקל שטוב, די פּעטע הענט אין שויס, די אויגן אַראָפּגעלאָזן. אַז מיכל איז אַריין אין שטוב, האָט זי אויפגעהויבן אירע אויגן. זי און מיכל האָבן זיך אָנגעקוקט מיט צעשראָקענע בליקן, ווי עס קוקן זיך אָן צוויי אָפּגעטאָרטע, אָפּגעלאָזטע, פאַרשטויסענע קינדער.

אַלע אין שטוב האָבן געזען שמייכלען אויף חתן־כלהס פּנימער. און אפשר האָט זיך זיי אויסגעדאַכט.

דעם זעלבן נאָכמיטאָג האָט מען געבראַכט אָנגעשטשערבעטע טע־לער. די מאַנצבילן האָבן געטרונקען בראָנפן, די ווייבער קוואַס, און מען האָט געשריבן תנאים, זיך אָפּגעגעבן — מזל־טוב . . .

אַ וואָך שפּעטער איז געווען די חתונה. די שענסטע חתונה וואָס דאָס שטעטל האָט ווען געזען. אָרימעלייט, צוזאַמען מיט בעטלער, יידישע מיידלעך צוזאַמען מיט פּויערשע כלאָפּצעס האָבן געטאַנצט אונטער דער מוזיק פון היימיש־געמאַכטע פידעלעך, פייפלעך און פּויקן. אַלע האָבן געגעבן צושטייער, מען האָט געפּראַוועט אַ וועטשערע כיד־המלך. עס איז געפאַלן דרשה־געשאַנק. קופּערנע און זילבערנע מטבעות, מען האָט גע־הוליעט ביז אין גרויען טאָג אַריין.

צומאָרגנס האָט מען געקויפט מיכלען אַ פערד און וואָגן אַז ער זאָל זיך קענען פאַרדינען אויף חיונה.

## אַ חתונה אין שטעטל

פון זינט זי געדענקט זיך, האָט ביילקע ליב געהאַט חתונות. אויף חתונות שפּילן קלעזמאָרים און מיידלעך טאַנצן. כדי צו הערן שפּילן און זען מיידלעך טאַנצן, פלעגט ביילקע אָפּשטיין אונטער חתונה־פענצטער גאַנצע נעכט.

היינט איז אַ רייכע חתונה אין שטעטל. רב אריה לייב דער וואָכער־ניק גיט אויס זיין מוזינקע.

זינט אריה לייבס ווייב שרה איז געליימט געוואָרן, איז אַריה לייב

גאַר אַן אַנדער מענטש. זיין ברייטער ווייסער פּנים איז געוואָרן געל, זיין שוואַרצע באָרד גרוי, זיין רוקן איינגעבויגן, אויף זיינע ווייסע, ווייכע הענט האָבן זיך באַוויזן געלע פלעקן פליאַמעס, און אין זיינע אויסגעלאָשענע אויגן — אַ מורא פאַר גאָטס שטראָף.

היינט איז זייער אַ שווערער טאָג פאַר אַריה לייבן. צום ערשטן מאָל אין זיין פינף־און־פופציק יאָריקן לעבן האָט ער זיך אַרונטערגעלאָזט און איז אַליין געגאַנגען צו די אָרעמעלייט פון שטעטל, געבעטן זיי זאָלן אים מוחל זיין, אויב ער האָט זיי שלעכטס געטאָן מיט פאַרקויפן זייערע קישנס, לייכטער און זילבערוואַרג, ווען זיי האָבן קיין געלט ניט געהאַט צו ברענגען אים די וועכנטלעכע צאָלונגען.

פרייען זיך די שוסטער, די שניידער, דער בעקער, דער קצב מיט דער פּרנסה, וואָס אַריה לייבס חתונה האָט זיי געבראַכט. עס פרייען זיך די קלעזמאָרים און די בעטלער, וואָס קומען אַריין אין שטעטל. זיי נעמען אַראָפּ זייערע ברויט־טאָרבעס און וואַרטן אויפן גוטן מאָלצייט. אַריה לייב וויל, אַז זיין מוזינקעס חתונה זאָל זיין כיד המלך, האָט ער אָנגעזאָגט דער דינערשאַפט זיי זאָלן צוגרייטן אַ טיש מיט כל־טוב פאַר אַלע אָרעמעלייט.

איז היינט אַ פריידן אין שטעטל. אַפילו די שפּעט־זומערדיקע זון שיינט היינט ליכטיקער און שיקט אירע שטראַלן אויף ייִדישע דעכער, אויף די קינדער וואָס שפּילן אין זאַמד, אַרום די הייזער, אויף דעם הויכן קלויסטער מיטן באַגילטן צלם, וואו פייגעלעך טאַנצן און זינגען אויס זייערע שפּעטע זומער־לידער.

נאָר צוויי מענטשן הערן ניט די פייגעלעך זינגען, זעען ניט די זון שיינען. נאָר צוויי מענטשן פרייען זיך ניט מיט דער חתונה: שיינדל, אַריה לייבס טאָכטער, און הערשל, איר געליבטער.

ווען עס איז אַרויס אַ קלאַנג איבערן שטעטל, אַז שיינדל איז פאַרליבט אין הערשלען, אַ שניידער בן־שניידער, אַז מען האָט זיי געזען גיין געאָרעמט אויפן ביטשעוווניק, איז רב אריה לייב געוואָרן אַ צעקאָכטער. ער האָט אָנגעטאָן זיין שבתדיקן זיידענעם קאַפּטן, צעקאָמט זיין ברייטע גרוילעכע באָרד, זיך גוט אָנגעקוקט אין שפּיגל און באַשלאָסן, אַז פאַר אַזאַ שיינעם ייִדן ווי ער, פּאַסט זיך אַ שענערער מחותן ווי יאָסל דער שניידער.

מיט אימפּעט איז ער אַריין אין אַלקער, וואו זיין קראַנקע ווייב שרה ליגט און געזאָגט איר, אַז ער פּאָרט צום ליבעשייער רבין זיך

האַלטן אַן עצה וועגן זייער שיינדלען, וואָס איז פאַרליבט אין אַ שניידער־יונג.

רב אריה לייב האָט איבערגעלאָזט אַ שיינעם פּדיון דעם רבין. מיטגעבראַכט האָט ער אַ חתן פאַר שיינדלען. אַ זיידענעם יונגנמאַן, שלומהלע, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון דער ישיבה. ער האָט מיט־געבראַכט שיינע מחותנים — שלומהס טאַטע, אַ ייִד מיט אַ הדרת־פּנים, און ציפּע זיין ווייב, גאָר ווי אַ שטילע טויב. מיט אַזעלכע מחותנים קען מען זיך איבערנעמען.

די נייס איז באַלד פאַרשפּרייט געוואָרן איבערן שטעטל און איז אָנגעקומען צו הערשלען. הערשלס האַרץ האָט גענומען קלאַפּן, ווי ס'וואָלט געוואָלט אַרויסשפּרינגען פון אים. זיינע אויגן זיינען פול גע־וואָרן, זיין שטערן האָט זיך מיט אַ וואָלקן פאַרצויגן. ער האָט שוין ניט געקענט איינזיצן מער ביי דער אַרבעט. ס'האָט אים געצויגן צו שיינדלען נאָך מער ווי פריער.

שפּעט ביינאַכט איז הערשל געקומען צו שיינדלען אונטערן פענצ־טער און האָט געגעבן די קליינע קלעפּעלעך אין שויב.

שיינדל איז אַ פאַרציטערטע געוואָרן... אפשר האָט דער טאַטע גע־הערט? ניין. ער האָט ניט געהערט... שיינדל שטעקט אַרויס איר קאָפּ דורכן אָפענעם פענצטער. די נאַכטיקע לופט דערפרישט זי. דערזען הערשלס געדיכטן שוואַרצן קאָפּ, איז איר ווידער געוואָרן גוט אויפן האַרצן.

„שיינדל, שיינדעלע — איך וויל דיך זען... ריידן מיט דיר", שעפּ־טשעט הערשל.

זי האָט אים ניט געהערט באַלד, נאָר ווען ס'זאָל נישט זיין פינצ־טער, וואָלט ער געזען, אַז אירע גרויסע בלויע אויגן זיינען איצט רויט פון וויינען און אירע שטענדיק־ראָזעווע באַקן — ווייס ווי קאַלך.

„קום, שיינדעלע", רעדט הערשל שטיל און שנעל, „מיר וועלן אַוועק הינטערן שטעטל. דאָרטן וואַרט אויף אונדז וואַסילקאַ. ער וועט אונדז צופירן צו דער באַן, וועלן מיר אַוועק קיין קאַטערינעסלאַוו. מיין פע־טער וואוינט דאָרטן שוין לאַנג. קיינער וועט אונדז ניט צע־שיידן. אַלץ איז שוין באַזאָרגט, שיינדעלע. נעם דיין מאַנטל, מער גאָר־נישט... קום שנעלער, ס'ווערט שפּעט".

ווען נישט די פינצטערניש וואָלט הערשל געזען, אַז שיינדלס פּנים איז פאַרצויגן געוואָרן מיט אַ שוואַרצן וואָלקן. „אַ, הערשל, טייערער",

שעפּטשעט זי, „איך קען ניט... די מאַמע איז קראַנק.. זי וועט שטאַרבן.״ און זי גיט זיך אַ ריס אַוועק פון פענצטער און ווערט ניט.

יענע נאַכט האָט שיינדל באַווײנט הערשלען ווי מען באַווײנט אַ טויטן. ניט הויך אויפן קול, נאָר שטילערהייט אין זיך האָט איר האַרץ באַווײנט הערשלען, באַווײנט איר ליבע. ווען עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, איז שיינדל אַריין אין אַלקער, וואו איר מאַמע ליגט שוין פון צוויי יאָר אַ האַלב־פּאַראַליזירטע. דערזען די מאַמע, איז זי צו איר צוגע־פאַלן און האָט זיך ביטער צעווײנט.

„אוי, מאַמע, איך קען ניט חתונה האָבן מיט שלמהען״, זאָגט שיינדל צווישן כליפּען און קושן איר מוטער, „איך קען ניט. כ׳וועל דאָס ניט אויסהאַלטן. איך וויל ניט לעבן ווי מיין שוועסטער עלקע. דער טאַטע האָט געוואָלט אַ סוחר פאַר אַן אײדעם. גייט דער אײדעם אַרום גאַנצע טעג מיטן שטעקעלע און עלקע ווערט פאַרפינצטערט מיטן קרעמל און די קינדער. זי הוסט, שפּייט מיט בלוט... אוי, כ׳האָב אַזוי מורא איך וועל אויך הוסטן און שפּייען מיט בלוט״, נורעט זיך שיינדל אין איר מאַמעס האַלב פּאַראַליזירטן קערפּער און מורמלט פאַרשעמט: „כ׳האָב ליב הערשלען, מאַמע, כ׳קען ניט...״

„טאָכטער מיינע״, גלעט איר די מאַמע דעם קאָפּ מיט דער געזונ־טער האַנט און די צווייטע ליגט ווי אַ שטיק האָלץ. „טאָכטער מיינע, מיר זיינען שוואַכע ווייבער. מיר טאָרן ניט גיין קעגן גאָט און לייט. אַט אַזוי גייט די וועלט, און מיר מוזן אַלץ אָננעמען פאַר ליב״.

דאָס האַרץ ווערט שיינדלען צעריסן פאַר רחמנות אויף איר קראַנ־קער מאַמען און זי באַשליסט אָנצונעמען אַלץ פאַר ליב, ווי די מאַמע הייסט.

איצט זיצט שיינדל אָנגעטאָן אין איר ווייסן אַטלעסענעם חופּה־קלייד. די ווייסע שפּיציקע קרוזשעוועס הענגען אַרונטער אויף דער פאַדלאָגע. דער שלייער אויפן קאָפּ, מיט שלייפעלעך און בלימעלעך, באַדעקט אירע שמאָלע אַקסלען און פאַלט אַרונטער פון הינטן מיט אַ לאַנגער שלעפּע אויסגעשפּרייט אויף דער פאַדלאָגע. איר טאַליע איז איינגעשנורעוועט אין אַ קאָרסעט, זעט זי אויס אַזוי דין, אַז מען קען זי אַרומנעמען מיט פיר פינגער פון ביידע הענט. זי אָטעמט קורץ און שנעל. די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער פאַדלאָגע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ כלה. אָבער עפּעס קלינגט איר מאָדנע אין די אויערן, גיט זי אַלעמאָל אַ טרייסל דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט געוואָלט עפּעס אַראָפּ־וואַרפן פון זיך. „שיינדעלע, קום! ס׳ווערט שפּעט!״ הערט זי הערשלס

קול. „קיינער וועט אונדז ניט צעשיידן״. פאַרוואָס רעדט ער צו איר איצטער? זי טרייסלט מיטן קאָפּ. זי וויל ניט הערן.

זי קוקט אויף די אַרומיקע מענטשן — מענטשן אָן אַ שיר. קיינמאָל האָט זי נאָך ניט געזען אַזוי פיל מענטשן. אַלע דרייען זיך אין רעדער. רעדער מענטשן אונטער די פענצטער. אַלע קוקן אויף איר, אַלע פרייען זיך. וואָס פרייען זיי זיך אַזוי? און וואו איז ערגעץ הערשל?

יאָ, געהערט. ער האָט די שטאָט פאַרלאָזט. אַנטלאָפן. געלאָזט זי דאָ אַליין.

„שאַ! מאַכט אַ וואַרע!״ הערט שיינדל ווי מען שרייט און מען שטופּט זיך פון אַלע זייטן. „מאַכט אַ וואַרע! דער חתן גייט! דער חתן קומט!״

ווי דורך אַ טומאַן זעט זי אַ בלאָסן דאַרן בחורל, וואָס האַלט אָן עק פון אַ ווייסער פאַטשיילקע. עמעצער אַ מאַנסביל האַלט דעם צווייטן עק, און ביידע דערנעענטערן זיך צו איר.

אָט האָבן זיי שוין אַרויפגעלייגט אויף איר פּנים דעם דעקטוך. זי הערט זייערע טריט צוריקוועגס. זיי ווערן שוואַכער און שוואַכער ביז זי הערט שוין גאָרניט. פאַרוואָס זעט זי גאָרניט?.. אַלץ איז עפּעס אַזוי שוואַרץ... די שוואַרצקייט ווערט געדיכט... ווי אַ שוואַרצע בלאָ־טע... עמעצער שרייט אין אירע אויערן אַריין: „מאַכט אַ וואַרע! דער חתן קומט!״ זי פילט ווי אירע פיס ברעכן זיך אונטער, ווי עמעצער וואָלט אַרויסגעריסן די ערד פון אונטער זיי... די פויקן מיט די פידלען ווערן פאַרשטומט... אַלץ ווערט איינגעהילט אין שוואַרצן...

ווען שיינדל האָט געעפנט די אויגן, האָט זי זיך געפונען אין אַ בעט, און מיידלעך האָבן פון איר געשלעפּט דעם קאָרסעט. איר מאַמע ליגט אויף אַ טראָג־ברעטל. איר קליינער קערפּער איז איינגעשרומפּן. און מיט אירע שטומע אַרויסגעסטאַרטשעטע אויגן, בעט זי זיך: „שיינ־דעלע, שטאַרק זיך. נעם אָן אַלץ פאַר ליב״. דער פעלדשער גרישאַ גיט איר עפּעס אונטערן נאָז צום שמעקן. זי עפנט די אויגן. זי ציט אָפּ דעם אָטעם מיט אַ כליפּ, ווי אַ קינד נאָך אַ וויטיקדיקן געוויין.

„אַ־יאָ, דו פילסט זיך שוין בעסער?״, הערט זי ווי די ווייבער זאָגן און פּאַכען איבער איר מיט זייערע ווייסע נאָז־טיכלעך.

„געפאַסט אַ גאַנצן טאָג״, הערט זי איר מאַמעס קול.

„נו, הייב זיך אויף, טייערע כלה״, שטעלט זי אויף די מומע גיטל, דעם טאַטנס שוועסטער, אַ הויכע געזונטע פרוי מיט אַ מאַנסבילישן

פנים און מאַנסבילשן קול. „ביסט דאָך שיין ווי די וועלט, שיינדעלע. ס׳איז גאָרניט געווען... דאָס פּאַסטן פאַרשאַדט, מסתמא?"

„דער חתן וואַרט אונטער דער חופּה!", איז עמעצער אַריינגעלאָפן זאָגן. „וואו זיינען ערגעץ די אונטערפירער? די כלה?"

שיינדל פילט ווי צוויי גראָבע הענט נעמען זי אונטער איין אָרעם און ווייכע ווייבערשע הענט — אונטערן צווייטן. זי איז מיטן, גייען זיי אַלע ווי אויף אַ גליטשיקן טייך מיט קליינע פּאַמעלעכ־דיקע טריטעלעך.

אַט שטייט זי שוין אונטער דער חופּה. ווער שטייט דאָס ביי איר זייט? אַ פרעמדער. און פון פרעמדן יאָגט אַ קעלט אויף איר... זי הערט דעם פרעמדנס קול. ער זאָגט נאָך וואָרט פאַר וואָרט דעם רב... „כדת משה"... זי פילט דעם פרעמדנס האַנט אויף אירער אַ ווייכע גלאַטע האַנט. אָבער פאַרוואָס איז די האַנט אַזוי קאַלט און ציטערט? די קאַלטע האַנט טוט איר אָן אַ רינגל אויף אַ פינגער. זי וויל אַרויסרייסן דעם פינגער פון דער פרעמדער האַנט און קען ניט. אפשר איז זי פּאַ־ראַליזירט געוואָרן ווי איר מאַמע, קלערט שיינדל. עמעצער הייבט אויף איר דעקטוך און גיט איר ווייַן צום מויל. אַ ביטערער טעם — און זי גיט אַ הוסטעלע, וואָס מישט זיך אויס מיטן קלונג פון צע־בראָכענעם גלעזל, מיט די פּויקן, פידלען און פייפלען, וואָס האָבן זי אויפגעוועקט פון איר הינערפלעט.

„מזל טוב! מזל טוב!". דאָס פירט מען חתן־כלה צוריק פון דער חופּה. אַ האַנט באַזעצט חתן־כלה ביים טיש. אַ צווייטע האַנט ברענגט אַריין די גאָלדענע יויך. די גרויסע פעטע יויך־אויגן קוקן פון טעלער אויף שיינדלען — און שיינדלען הויבט זיך ניט די האַנט צו נעמען דעם לעפל צום מויל.

ביילקע שטייט הינטערן פענצטער, קוקט ווי מען ברענגט אַריין די געקעכצן, פון וועלכע עס שלאָגט אַ פּאַרע. מען צעשטעלט זיי אויף די ווייס־באַדעקטע טישן. אַלע האָבן זיך צוגעכאַפּט צום זיסן, נאָר שיינדל זיצט מיט די הענט און דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, ווי זי וואָלט געציילט די פעטע אויגן אין טעלער.

ביילקעס האַרץ שרעקט זיך פאַר שיינדלען, וועלכע האָט אָוועק־געחלשט פאַר דער חופּה, און איז איצט אַזוי ווייס ווי דער טישטוך אויפן טיש. ס׳איז ניט קיין גוטע חתונה, קלערט ביילקע. אַפילו די קלעזמאָרים שפּילן ניט גוט. די פּויקן קלאַפּן נאָר צום טויב ווערן. אַרקע די גוליע בלאָזט אין זיין פייפל אַזוי שטאַרק, אַז זיין פּנים ווערט

רויט ווי פייער. די אָדערן אויף זיין גוליע וואָס ליגט אויף זיין האַלדז אונטער זיין מאָרדע, ווערן אָנגעצויגן ווי אָט־אָט פּלאַצן זיי. די פּייפּ־לען מיט די פּויקן פאַרשרייען די פידלען. נאָר פון צייט צו צייט הערט זיך אַ סקריפּ פון אַ פידל, ווי אַ פאַרשטיקטער געוויין פון אַ קראַנקן קינד.

עס איז אַ ביטערע חתונה, באַשליסט ביילקע. און מיט אַ שווער האַרץ און אַ בענקשאַפט נאָך פריילעכע חתונות, וואו מיידלעך טאַנצן קאַדרעלן, בחורים — קאַזאַצקעס, וואו מען שפּילט אָפּ כלהס צד און חתנס צד, וואו מען טאַנצט אין די גאַסן. דאָ האָט זי אַפילו קיינעם ניט געזען טאַנצן אַ כשר־טאַנץ. אפשר וועט די חתונה זיין פריילעכער מאָרגן, קלערט ביילקע, און גייט אַהיים אַן אַנגעכמורעטע.

ווען דער מאָרגן איז געקומען, איז ביילקע באַלד נאָך דער ציקאָ־ריע מיט ברויט אַוועקגעלאָפן זען, וואָס עס טוען די קלעזמאָרים און צי איז שיינדל היינט פריילעכער. געוויס וועט מען היינט שפּילן און טאַנצן אַ גאַנצן טאָג, ווי דער שטייגער איז.

אָט איז זי שוין ביי אריה לייבס גרויסער שטוב, און אַלץ איז דאָרטן אַזוי שטיל אַז עס כאַפּט ביילקען אָן אַ שוידער. עס שטייען רעדלעך מענטשן און שושקען זיך. זי כאַפּט אויף אַ וואָרט דאָ, אַ קרעכץ דאָרטן, און איז אין כעס אויף די גרויסע, פאַרוואָס זיי ריידן ניט אַזוי אַז זי זאָל פאַרשטיין. „אַ כישוף אָנגעטאָן, אַן אומגליק נעבעך“, דערהערט ביילקע פּשוטע ווערטער. „אַ קליפּה האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דער כלה, רחמנא לצלן, אַ שטראָף פון זיין ליבן נאָמען“, שאָקלען די ווייבער מיט די קעפּ און ציען די העלדזער אַרויפ־צו צו אַריה לייבס שטוב מיט די שטומע פאַרמאַכטע טירן און פענצ־טער. „די כלה האָט ניט צוגעלאָזט צו זיך ניט די באַלייגערינס און ניט דעם חתן“, מורמלען די מענטשן שטילערהייט, ווי אַ גרויסער אומגליק וואָלט דעם שטעטל געטראָפן.

ביילקעס מאַמע איז, ווי אַלעמאָל, אויפגעשטאַנען פאַרפרי. דער טאָג איז אַ שיינער, גייט זי אַרויס הערן וואָס טוט זיך עפּעס אין שטעטל. כאָטש ס׳איז נאָך פרי, שטייען שוין אין גאַס רעדלעך מענטשן. עס קומט צו צו דער מאַמען טריינע ציניגעליכע און רוימט איר אַריין אַ סוד אין אויער. „ס׳איז אַ ליגן!“ שפּרינגט אויף די מאַמע מיט כעס.

„איך זאָל אַזוי זען געזונט מיין מאַן און קינדער, ווי ס׳איז אמת“, שווערט זיך טריינע. „אַז איך האָב דאָס אַליין געהערט מיט מיינע איי־גענע אויערן אָט־אָ־דאָ אין דעם רעדל מענטשן, אַז די כלה האָט ניט

צוגעלאָזט צו זיך דעם חתן ביינאַכט". אַלע קוקן זיך אַרום אין טריינעס זייט.

„שווייג, דו צויג!" זאָגט די מאַמע, און קוקט אויףביילקעס אויס־געגלאָצטע אויגן.

ביילקע פילט, אַז עפּעס אַן אומגליק איז געשען, אַז עפּעס באַהאַלט מען פון איר. זי האָט געוואָלט און ניט געקענט פאַרשטיין וואָס אַזוינס איז געשען מיט שיינדלען.

עטלעכע חדשים זיינען אַוועק. עס זיינען פאַרגעקומען נאָך יידי־שע חתונות און זיי זיינען צוגעגאַנגען ווי גאָט האָט געבאָטן, אין שיינד־לען האָט מען שוין אָנגעהויבן צו פאַרגעסן. דאָך האָבן מענטשן ווען־ניט־ווען געפרעגט: וואָס איז געוואָרן פון שיינדלען? מען שמועסט, אַז זי איז פאַרשפּאַרט אין איר צימער, ווייל זי איז פון ערגערניש אַרונטער פון זינען, און אַריה לייב שעמט זיך צו ווייזן זיין פּנים פאַר מענטשן.

אין אַ כמורנעם האַרבסטיקן טאָג איז שרה, שיינדלס מוטער, גע־שטאַרבן. די מעשיות פון קליפּות, ניט־גוטע און שדים, וואָס האָבן זיך אָנגעזעצט אויף אַריה לייבן, האָבן זיך אויפסניי צעטראָגן איבערן שטעטל.

„געהערט די נייס?", פרעגט איינמאָל פראַדל, ווען זי קומט אַריין פון גאַס מיט אַן עמער וואַסער. דער טאַטע רייסט איבער דעם שיר השירים; די חדר יינגלעך שטעלן אָן מויל און אויערן צו הערן די נייס. דוד דער מלמד איז אומצופרידן, וואָס דאָס לערנען איז איבערגעריסן געוואָרן, מאַכט ער זיך ניט הערנדיק און גייט אָן מיטן שיר השירים: „שחורה אני ונאוה בנות ירושלים — שיין בין איך, און שוואַרץ־חנעוו־דיק טאָכטער פון ירושלים" —

פראַדל הערט זיך ניט צו צום שיר השירים און רעדט צו זיך אַליין: „ווי דער מענטש איז דאָס כסדר פאַרטאָן אין רוחניות, וויל גאָר ניט וויסן וואָס עס טוט זיך אין שטעטל. האָסט שוין געזען אַזוינס?" זי רעדט מיט פייער: „שיינדלס מאַן איז אַנטלאָפן פון שטאָט. שיינדל גייט צו קינד. זי וויל דאָס קינד ניט האָבן פאַר מורא אַז עס וועט שטאַרבן ווי איר מאַמע איז געשטאָרבן, ווי איר געליבטער הערשל איז געשטאָרבן".

„מאַמע, פאַרוואָס איז שיינדל ניט ווי יענע טאָכטער פון ירושלים?" פרעגט ביילקע. איר טוט באַנג פאַרוואָס שיינדל איז ניט ווי יענע פון שיר השירים".

די מאַמע כאַפּט אָפּ דעם אָטעם און רעדט ווייטער: „הערסט, דער אַלטער אַריה לייב האָט זיך אָנגעטאָן אַ זאַק אויפן קאָפּ און גייט אַרום פון שטוב צו שטוב פרעגן וויפל געלט ער איז שולדיק צו די אָרעמע מענטשן, וואָס האָבן ביי אים זייערע משכנות פאַרזעצט. מען זאָגט, אַז ער איז אויך פון זינען אַרונטער. ער גייט, זאָגט מען, אַרום מיט אַ שטיקל צעקנייטשט פּאַפּיר אין האַנט, געשריבן אין לשון קודש. עמעצער האָט דאָס איבערגעלייענט. ס'איז פון זיין אײדעם שלומה, אַז ער קען שוין מער ניט לעבן דאָ אין שטעטל און מוז אַנטלויפן פאַר חרפּה. און עפּעס נאָך זאָגט מען...

דער טאַטע פאַלט איר אַריין אין די רייד:

„אפשר איז דער אײדעם גאָר געווען אַ לאַמעד וואָווניק? גאָטס דרכים איז שווער צו דערגיין. טאַקע אַ פּראַצענטניק, אַ הויטשינדער, אַ וואוכערניק, דער אַריה לייב, פונדעסטוועגן איז אַ רחמנות אויף אים".

„דער הונט איז ווערט דעם שטעקן", זאָגט די מאַמע. זי דערזעט, אַזביילקע וויינט, צעשרייט זי זיך אויף איר: „זע נאָר ווי זי האָט זיך עס צעפּלאַקסעט!"

ביילקע איז אַנטלאָפן אין אַלקיר, אַ וואָרף געטאָן זיך אויפן בעט, און זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט, אַליין ניט וויסנדיק פאַרוואָס. זינט זי האָט געזען שיינדלען צו איר באַזעצנס אין דעם ווייסן חופּה־קלייד, ווי זי איז געפאַלן חלשות, איז שיינדל איר געוואָרן נאָענט ווי אַן אייגענע. דאָך איז זי געווען איינגעהילט אין עפּעס וואָס ביילקע האָט געפּרואווט באַנעמען און ניט געקענט.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען ביילקע איז שוין געזעסן ביים שניידער־טיש, האָט זי נאָך אַלץ געהערט ריידן פון דער קליפּה, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין שיינדלען אין איר חופּה־נאַכט און ווי יענע איז פון זינען אַרונטער און רעדט נאָך אַלץ, אַז איר קינד וועט שטאַרבן ווי איר געליבטער הערשל און ווי איר מאַמע איז געשטאָרבן.

## דאָבע די ווייס-נייטאָרין

עס איז אַ כמורנער דינסטיק אינדערפרי. די מאַמע פירט ביילקען אוועקגעבן זי צו דאָבען פאַר אַ נייטאָרין.

אַן אויסגעצוואָגענע, מיט צוויי שטייפע צעפּלעך פון הינטן, אין וועלכע ס'איז אַריינגעפלאָכטן אַ בלויע סטענגע, אין אַ העל־בלויען

קליידל, וואָס מאַכט אירע אויגן אויסצוזען נאָך בלויער ווי זיי זיינען, אין אַ פּאָר אָפּגעטראָגענע שוואַרצע שיכלעך, וואָס זי האָט צום ערשטן מאָל דעם זומער אָנגעטאָן אויף אירע צעשפּרייטע פיס פון שטענדיקן באָרוועס גיין, — שלעפּט זיך ביילקע נאָך דער מאַמען, וואָס האַלט זי פאַר דער האַנט און יעדן מאָל פאַרטשעפּעט זי זיך, ביילקע, אין אירע אייגענע פיס, און עס דוכט זיך איר, אַז אָט־אָט פאַלט זי.

די מאַמע שרייט, אַז זי זאָל אויפהייבן אירע פיס ווען זי גייט, נאָר עס העלפט ניט. „געוואַלד, עס קוועטשט! פאַרוואָס קען איך ניט גיין באָרוועס?", בעט זיך ביילקע ביי דער מאַמען.

„ווייל דו דאַרפסט אויסזען שיין צווישן מענטשן", זאָגט די מאַמע און שלעפּט נאָך שטאַרקער די הינקענדיקע ביילקע.

אַ לאַנגער פיינלעכער וועג איז דאָס געווען פאַר ביילקען. כאָטש דאָבע וואוינט אין דער זעלבער גאַס ווי ביילקע און עס געדויערט נאָר אַ פּאָר מינוט צוצוגיין, איז דער וועג דאָך לאַנג און ווי מיט נאָדלען באַשאָטן.

„שוין דאָ! דאַנקען גאָט", זאָגט די מאַמע, און גייט אַרויף צוויי טרעפּעלעך. זי שטעלט זיך אָפּ אויפן בריקעלע, אָטעמט אָפּ שווער און זאָגט: „הערסט, ביילקעלע, זאָלסט דאָבען פאָלגן, וועט זי דיך ליב האָבן. זאָלסט ניט זיין פאַרטראַכט, ווען זי רעדט צו דיר, וועט זי דיך אויסלערנען נייען".

דערהערט אַ שטים הינטער דער טיר, איז דאָבע אַרויסגעקומען אַ שמייכלענדיקע. „אָ, דאָס זייט איר, פראַדל? קומט אַריין."

ביילקע איז געבליבן שטיין הינטער דער מאַמעס פּלייצע. די מאַמע, אינמיטן צווישן דאָבען און ביילקען, האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסער בוים צווישן צוויי קליינע ביימלעך. דאָבע איז ווי אַ קליין סוקעוואַטע געוויקס—אַ שפּיציק הערבל פון הינטן און אַ האָרב פון פאָרנט. אירע ברוינע גרויסע אויגן סטאַרטשען אַרויס, איר מויל איז ברייט, מיט גראָבע ליפּן, און ווען זי רעדט, זעען זיך אַרויס צוויי שורות גרויסע ווייסע ציין, וואָס פּאַסן זיך גאָרניט צו איר נידעריקן קינדערשן וואוקס.

„זעצט זיך, פראַדל", שאַרט זי אַוועק דאָס אָנגעוואָרפענע בערגל ווייסע לייוונט.

„אַ דאַנק, דאָס איז מיין ביילקע", שלעפּט די מאַמע אַרויס ביילקען, וואָס שטייט פון הינטן און ציטערט ווי אַ בלאַט אין ווינט.

מיט די אויגן אַרונטער צו דער הילצערנער פּאָדלאָגע פון ברייטע שאָרסטקע ברעטער, שטייט ביילקע פאַרשעמט און דערשראָקן.

„שעם זיך ניט, ביילקעלע‟, זאָגט די מאַמע. „דאָס איז פרוי ראַ־בינאָוויטש‟... „זי איז שעמעוודיק‟, פאַרענטפערט זי די מאַמע, און קוקט אויף איר מיט די גוטע טרויערדיקע אויגן, ווי זי וואָלט זיך גע־בעטן ביי ביילקען: „חלום ניט, זיי ניט פאַרטראַכט, ביילקעלע‟.

נאָר עס העלפט ניט דער מאַמעס שטומע בעטן זיך ביי ביילקען זי זאָל ניט זיין פאַרחלומט און פאַרטראַכט. ביילקע טראַכט: „ווען ניט די הערבלעך, איז דאָבע ניט מער די גרויס פון מיר‟, און זי דער־מאָנט זיך אין דער מעשה, וואָס זי האָט אַמאָל אונטערגעהערט, ווי די מאַמע האָט דערציילט דער מומען אין פינסק, ווען ביילקע איז אַמאָל מיטגעפאָרן מיט דער מאַמען צו איר אַריסטאָקראַטישער משפחה.

אין אַ שיינעם זומער־טאָג, האָט די מאַמע דערציילט, זיינען אָנ־געקומען אַ באַנדע קאַטערינשטשיקעס אין שטעטל. איינער פון זיי, אַ שיינער יונג מיט שוואַרצע וואָנצעלעך און גראָבע בלויע ברילן אויף די אויגן, האָט אַזוי שיין געשפּילט אויף דער קאַטערינקע, אַז אַלע אין שטאָט האָבן זיך צוזאַמענגעקומען הערן ווי ער שפּילט.

אָשר דער שוסטער, דאָבעס פאָטער, האָט פאַרפירט אַ שמועס מיטן יונג וועגן אָפּשטעלן זיך אין שטאָט. ער האָט זייער אַ געראָטענע, קלוגע טאָכטער, האָט ער געזאָגט, און נאָך היינט אָוונט וועט ער אים באַ־קענען מיט איר.

שמערל ראַבינאָוויטש האָט צוגעשטימט. ער האָט געלאָזן גיין די באַנדע קאַטערינשטשיקעס און אַליין איז ער פאַרבליבן.

ער איז געקומען אויף וועטשערע. די גוטסקייט, וואָס די פאַמיליע האָט אים אַרויסגעוויזן, האָט אים דערמאָנט זיינע קינדער־יאָרן, איידער זיין מאַמע איז געשטאָרבן. באַזונדער איז אים געפעלן געוואָרן דאָבעס קלוגע רייד. ווי וואַרעם זי האָט אים געטרייסט, אַז ער וועט זעעוודיק ווערן, אַז זי וועט אַרבעטן און צאָלן דעם גרעסטן דאָקטאָר, וועט אים נעמען צו אַ פּראָפעסאָר אין אַ גרויסער שטאָט און וועט ניט רוען ביז ער, וועט דערזען די ליכטיקע שיין.

שמערל ראַבינאָוויטש איז צו עלף יאָר אַנטלאָפן פון זיין שטעטל, פון זיין אָרעמען טאַטן און זיין שלעכטער שטיפמאַמע, וועלכע פלעגט אים זשאַלעווען דעם ביסן ברויט. די גאַנצע פופצן יאָר, וואָס ער האָט אַרומגעוואַנדערט מיט דער באַנדע, האָט ער נאָך אַזעלכע גוטע וואַרעמע רייד פון קיינעם ניט געהערט. און כאָטש ער האָט דאָבען ניט געזען, האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, אַז אַזוי שיין און קלוג ווי זי רעדט, אַזוי

שיין מוז זיין איר פּנים. ער האָט זיך פאַרליבט אין אירע קלוגע מאַ־מעשע רייד, און דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן.

אין אַ וואָך אַרום האָט מען געפּראַוועט די חתונה. געווען איז דאָס אַ חתונה — כּיד המלך! דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך געפרייט מיט אָשרס און דאָבעס פרייד. אַזאַ גליק! געקראָגן אַ חתן אָן אַ קאָפּיקע נדן.

דאָבע האָט געהאַלטן וואָרט. זי האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט, געשפּאָרט יעדע קאָפּיקע און אַוועקגעגעבן צום אויגן־פּראָפעסאָר אין פּינסק.

און גאָט האָט געהאָלפן. שמערל האָט אָנגעהויבן זען די ליכטיקע שיין.

די פרייד איז געווען גרויס. ס׳האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אין אַ געוויסן טאָג, ווען שמערל האָט שוין געקענט גוט זען, האָט ער אָנגעקוקט זיין ווייב און איז געוואָרן ווייס ווי די וואַנט. כאָטש ער האָט די גאַנצע צייט חושד געווען אַז עפּעס איז ניט גלאַט מיט דאָבען, ספּעציעל אין איר קערפּער. האָט ער ערשט איצט אויסגעפונען דעם ביטערן אמת און האָט דאָס ניט געקענט אַריבערטראָגן.

אַ פּאָר טעג איז ער אַרומגעגאַנגען שטום, צו קיינעם קיין וואָרט ניט גערעדט. איינמאָל ביינאַכט, ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז געשלאָפן, האָט ער פאַרנומען דאָס ביסל צירונג, דאָס געלט, וואָס ער האָט גע־פונען אין דאָבעס קעשענעס, איבערגעלאָזט דאָבען שוין אויף דער צייט און איז אַנטלאָפן.

ס׳איז געוואָרן אַ גערודער אין שטעטל. גוטע מענטשן האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין די וועלדער, אויף די שליאַכן אים זוכן. אָבער גיי זוך דעם נעכטיקן טאָג. ווי פּלוצלונג ער איז געקומען, אַזוי פּלוצלונג איז ער ניט געוואָרן.

„פּראַדל, זאָגט מיר, איך בעט אייך, איז אייער ביילקע שטענדיק אַזאַ פאַרטראַכטע?״ פרעגט דאָבע דער מאַמען, און ווי דער קאָפּ וואָלט זיך געוואָלט פון איר האָרבל אַרויסרייסן, קוקט זי אַרויף צו דער מאַמען מיט אירע אַרויסגעסטאַרטשעטע, פאַרדעכטיקע ברוינע אויגן און וואַרט אויף אַן ענטפער.

„חס ושלום!״ שפּרינגט־אויף די מאַמע. „עס איז נאָר היינט... צום ערשטן מאָל דאָ, שעמט זי זיך אַ ביסל. זי וועט זיך צוגעוואוינען, איר וועט זען״.

„נו, ביילקעלע״, זאָגט דאָבע און נעמט זי אָן פאַר דער האַנט

און וויל איר צופירן צום טיש אויף וועלכן עס ליגן אָנגעוואָרפן אָנגע־שניטענע ווייסע לייוונטן. זייט־ביי־זייט מיט לייוונט פּאַר תכריכים ליגן דאָרטן אויך חתונה גאַרדעראָבעס פּאַר כלות, שיינע אויסגעשטריק־טע העמדער, גאַטקעס און ציכלעך.

„איך וויל גיין צוריק אַהיים. כ'וועל קומען מאָרגן". זאָגט ביילקע מיט טרערן אין די אויגן.

„דו בלייבסט דאָ, ביילקע. וועסט פּאָלגן פרוי ראַבינאָוויטש אין אַלץ, וואָס זי וועט דיר הייסן". די מאַמע זאָגט אַרויס די ווערטער מיט אַזויפיל זיכערקייט אין איר קול, אַז אי דאָבע, אי ביילקע פילן, אַז אַזוי וועט עס זיין.

דאָבע, ווי זי וואָלט געווען אין כעס אויף דער גאַנצער וועלט, גיט מיט איין האַנט אַ שאַר אַוועק אַ זשמעניע האָר פון איר הויכן קיי־לעכדיקן שטערן, און מיט דער צווייטער גיט זי אַ שאַר אַרונטער פון טיש די אָנגעשוירענע שטיקלעך לייוונט. און מיט יעדע בייד, גיט זי אַ שפּריי־אויס אַ פאַרגעלטן לייוונט, אַזש אַ ווינט טראָגט זיך דורך דורך דער שטוב. איצט נעמט זי זיך מיט דער שער צו דער אַרבעט. זי שניידט דעם לייוונט, ווי זי וואָלט געוואָלט איר גאַנץ ביטער האַרץ אויסלאָזן צו די תכריכים. איר צוויי־יאָריק יינגעלע, וואָס זיצט אונטערן טיש, גיט אַ שלעפּ דעם אַרונטערגעהאַנגענעם לייוונט. שער, לייוונט און אַלץ פון טיש פאַלט אַרונטער מיט אַ בראַזג אויף דער פּאָדלאָגע, אַזש דאָס קינד צעוויינט זיך.

„אַ כאָליערע זאָל אַריין אין דיין טאַטן", זאָגט דאָבע מיט גאַל און קוקט אַרונטער אונטערן טיש, בעת איר הערבל קוקט צו דער סטעליע אַרויף. „טאַטע זיסער, לאָמיך שוין דערלעבן צו נייען תכריכים פאַר דיין טאַטן!", וואַרפט זי אַרונטער אַ קללה אונטערן טיש און שלעפּט אַרויס דאָס קינד מיט אַזאַ כוח, אַז דאָס יינגעלע פאַרגייט זיך אין אַ שטילן געוויין, אַזש זיין פּנימל ווערט בלוי.

„וואָס איז נעבעך דאָס קינד שולדיק?", האָט דאָבע חרטה. „עס איז נאָר מיין פינצטערע דאָליע אַזאַ „שאַ־שאַ" פּאַטשט זי אים אין הינטן, אַז ער זאָל אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

„נעם, ביילקע, פאַרשפּיל אים", זאָגט די מאַמע, מיט דער האַנט אויף דער קליאַמקע, גרייט צו גיין. מיט אַ שאַרפן קוק אויף דאָבען, זאָגט זי: „הערט, דאָבע, איר זאָלט ניט געבן מיין ביילקען צו נייען תכריכים, נאָר אויף אויסגעהאָפטענע ציכלעך, אויף מיידלשע גאַרדעראָבעס זאָלט איר זי לערנען נייען!"

ביילקע, וואָס האַלט דאָס ייִנגעלע אויף די הענט, דערשרעקט זיך ערשט אויף אַן אמתן צו בלייבן דאָ אַליין. לאָזט אַראָפּ דאָס קינד און גיט זיך אַ ריס צו דער טיר. נאָר זי דערזעט דער מאַמעס שאַרפֿן קוק, בלייבט זי שטיין ווי אַ צוגעשמידטע. „איך וועל שוין דאָ בלייבן", זאָגט זי, און טרערן שטיקן איר אין האַלדז.

„זי וועט זיך צוגעוואוינען", זאָגט די מאַמע צו דאָבען, און פֿאַר־קלאַפּט די טיר הינטער זיך.

דאָבע קוקט אויף ביילקען מיט מיטלייד און ליבשאַפֿט, און אויף איר ברייטן פּנים צעגיסט זיך אַ שמייכל. אפֿשר האָט זי זיך דערמאָנט דעם טאָג, ווען זי אַליין איז אַוועק פֿאַר אַ נייטערקע. און כאָטש זי זינגט אונטער ביי איר אַרבעט, זעט ביילקע קייקעלעך טרערן אין דאָ־בעס אַרויסגעשטאַרטשעטע אויגן. און די מיט־טרערן צעזונגענע דאָבע און פֿאַרשעמטע ביילקע פֿאַרשטייען זיך אויפֿן קוק. אַ שטילע פֿרייַנד־שאַפֿט ווערט אין דער מינוט פֿאַרקניפּט צווישן זיי — אַ פֿריינדשאַפֿט, וואָס דאָס קענען נאָר פֿילן צוויי אָפּגענאַרטע, אָפּגעחוזקטע קינדער.

„נאַ דיר, ביילקעלע, אַ צענערל", זאָגט דאָבע בעת זי בינדט־אָפּ אַ קניפּל אין איר נאָז־טיכל און שלעפּט־אַרויס פֿון דאָרטן אַ קופּערנעם צענער. „גיי צו וועלוול דעם קרעמער און קויף אַ פּאָר קלעצלעך פֿאַ־דים, אַ פֿינגערהוט, מיט אַ נאָדל פֿאַר דיר. מאָרגן וועל איך דיר ווייַזן ווי צו פֿאַרסטריגעווען דעם נאָט. זעץ אַוועק דאָס קינד דאָ אין וויג־קעלע אויף דער פּאָדלאָגע און גיי. ווערסט זיך דורכגיין, וועסטו זיך פֿילן בעסער".

עס איז שוין שפּעט נאָך האַלבן טאָג. די זון איז נאָך היינט ניט אַרויסגעקומען. ס'איז אַ שטיקעדיקע זומער־וואַרעמקייט. עס פֿילט זיך ווי די לופֿט וואָלט געווען טראָגעדיק מיט רעגן. אויפֿן גאַס האָט ערשט ביילקע דערפֿילט ווי די שיך קוועטשן איר און ס'איז איר שווער די פֿיס צו הויבן.

פּלוצלונג האָט געגעבן אַ בלענד פֿאַר אירע אויגן אַ בליץ. אַ סע־קונדע האָט זיך אויסגעדוכט, ווי דאָס גאַנצע שטעטל וואָלט געווען אין פֿייער צעצונדן און פֿאַרענדיקט אין לאַנגע שפּיזן אָנגעברענטע נאָדלען, וואָס האָבן דעם הימל צעשפּאָלטן. גלייך נאָך דעם האָט אַ זעץ גע־טאָן אַ מוראַדיקער דונער, ווי שטיינער וואָלטן זיך ערגעץ אויפֿן ראַנד־הימל געשאָטן און אַרויסגעשטופּט נאָך זיך אַ שלאַקס רעגן.

ביילקע מאַכט אַן אָנשטרענגונג צו גיין שנעלער און קען ניט צוליב די קוועטשנדיקע שיך. פֿאַרשטייפֿט זי אין פֿויסט דעם צענער, זי זאָל

דאָס ניט פאַרלירן. און דער רעגן שמייסט איר אין פנים אומברחמנותדיק.

זי פאַלט אַריין אַן אויסגענעצטע, אַ פאַרסאָפּעטע צו וועלוולען אין קראָם. עס קומט צו איר צו בלומע די קרעמערקע, אַ פעטע פרוי מיט צוויי קליינע אייגעלעך, וואָס זיצן נאָענט איינס לעבן אַנדערן אַריבער אַ שמאָלער לאַנגער נאָז.

„וואָס ווילסטו, מיידעלע?" קוקט די קרעמערקע אויףביילקעס פאַרשטייפטער פּויסט. „ביסט דאָך אויסגעוויקט פון רעגן. שטיי דאָ ביז דער רעגן וועט פאַריבער". זי קוקט אַרויס דורכן פענצטער און זאָגט: „עס גיסט ווי פון צעבערס."

ביילקע גייט איר נאָך מיטן צענערל. „גיט מיר, איך בעט אייך, ווייסע פאָדים, אַ פעקעלע נאָדלען און אַ פינגערהוט. איך מוז שוין גיין צוריק".

„דאָווידיכעס טאָכטער. איינגעשפּאַרט ווי די מאַמע", זאָגט בלומע די קרעמערקע און דערלאַנגט איר די סחורה איינגעוויקלט אין אַ שטיקל פּאַפּיר, וואָס ביילקע פאַרשטייפט אין האַנט ווי אַ טייערן אוצר.

זי מאַכט אַ טראָט פון בריקעלע אויפן גאַס. ווייטער גיט עס אַ בליץ, און דער רעגן שמייסט אין פנים ווי אַלע טייכן וואָלטן זיך פון די ברעגן אַרויסגעריסן. זי פילט ווי דאָס וואַסער סוויסטשעט אין אירע ענגע שיך, און ס'איז איר שרעקלעך שווער אויפצוהויבן די פיס.

ווי פון אונטער דער ערד לויפן אָן דעם פאָטשטערס גרויסע ווייסע פערד נאַשפּיץ. זי וויל אויפהויבן אירע פיס און אַנטלויפן פון די פערד, וועלכע לויפן אויף איר, און זי קען ניט. „אָ, ווען איך וואָלט איצט געווען באָרוועס, ווי כ'וואָלט עס געפלויגן!" לויפט איר בליץ־שנעל דורך אַ געדאַנק אין מוח. מיט אַמאָל, האָט זיך אַלץ גענומען דרייען פאַר ביילקעס אויגן אין איין גרויסן קײלעכדיקן ראָד: רעגן, פערד, דונערן, בליצן — אַלץ האָט זיך אויסגעמישט און געטאַנצט אונטער די פערדישע פיס. זי האָט דערפילט אַ הייב, אַ וואָרף, און אַלץ האָט זיך איינגעוויקלט אין אַ פינצטערן וואָלקן.

## אַן אורח אויף שבת

אויף מאָרגן, ווען ביילקע האָט געעפנט די אויגן, האָט זי געזען ווי די מאַמע זיצט ביי איר בעט און וויינט.

כאָטש דער פרימאָרגן איז געווען אַ וואַרעמער, איז זי געווען

צוגעדעקט מיט אַ פּערענע. אַ נאַסער האַנטוך האָט אַרומגעוויקלט איר שטערן. זי וויל אויפהויבן דעם קאָפּ, און קאָן ניט.

„מאַמע, פערד לויפן אויף מיר", שרייט ביילקע אויס פון היץ, און ווי זי וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פון די פערד, גורעט זי זיך טיפער אײַן אין דער פּערענע.

„גאָט איז מיט דיר", זאָגט די מאַמע, טאַפּט ביילקעס ברענענדיקן קאָפּ און שפּרעכט אָפּ אַן עין־הרע.

„וועסט אים ירצה השם געזונט ווערן", הערט ביילקע ציײַטלס קול. די גוטע אַלטע ציײַטל, זייער אַמאָליקע שכנה פון דאָרף. דער קאָפּ אירער איז פאַרדעקט מיט אַ שוואַרצן פּאַרוק, וואָס פון אונטער אים זעען זיך אַרויס גרויע קורצע האָר. זי שאָקלט זיך הין און צוריק. די אַלטע געלע הענט האַלט זי פאַרבראָכן אין איר שויס. אַזוי האָט אַמאָל ביילקע געזען זי באַוויינען אַ טויטן.

דער טאַטע שפּאַנט איבער דער שטוב און זאָגט עפּעס טרויעריק אַרויס פון אַ סידורל. זײַן קול ווערט דערטרונקען פון די טומלדיקע חדר־ייִנגלעך.

„איר מעגט אַלע בענטשן גומל וואָס ביילקע איז ניט דערהרגעט געוואָרן", זאָגט די באָבע שיינע שרה, ווי נאָר זי קומט אַריין אין שטוב. „כ'האָב געהערט, אַז דעם פּאָטשטערס פערד האָבן דערהרגעט ביילקען. כ'האָב עס ניט געוואָלט גלויבן, כאָטש עטלעכע קינדער האָבן שוין דעם ימח שמוניקס פערד אויף טויט צעטראָטן". איר איינציק אויג גייט אַריין טיפער אין קאָפּ, און עס דוכט זיך ביילקען, אַז דאָס צווייטע אויג אירס, וואָס אַ האָן האָט אַמאָל אויסגעפּיקט, זעט די צעטראָטענע קינדער. „מיר האָט זיך עפּעס ניט געוואָלט גלויבן אַז די פערד האָבן ביילקען דערהרגעט", רעדט זי ווייטער און איר אײַנגעשרומפּענער זעקס־און־זיבעציק יאָריקער גוף מיט איר אויסגעבויגענער פּלייצע ווערט פעסטער, גלייכער.

„געדענקסט, פּראַדל?", זאָגט זי, „האָסט דאַן געוואוינט אין דאָרף. ביילקע איז געווען אַ פּאָר חדשים אַלט — זעלטן־ווען געוויינט — אַ שטילינקע געווען. ס'איז געווען ערב שבת. האָסט פאַררוקט טשאָלנט, פאַרשמירט דעם אויוון, אַרײַנגעלייגט דאָס קינד אין אַ מולטערל, אַרויפגעשטעלט דאָס מולטערל אויפן הייסן אויוון און פאַרגעסן אַן איר. אַ גרויסער שניי־שטורעם דעמאָלט געווען", דערמאָנט זיך די באָבע און כאַפּט זיך אָן ביים טשיפּיק, ווי זי וואָלט געוואָלט פאַרטרייבן די שרעק, וואָס די דערמאָנונג האָט ביי איר אַרויסגערופן. „ווען דײַן

דוד איז צוריקגעקומען פון שול און האָט אָפּגעזונגען זמירות, האָט ער דיך אַ פרעג געטאָן: 'וואו איז דאָס קינד?', האָסטו זיך ביים קאָפּ געכאַפּט! האָסט געשיקט נאָך מיר. גאָטעניו!", גיט די באָבע אַ גלאַנץ מיט איר איינציקן אויג צו דער סטעליע, "דאָס פּנימל שוואַרץ, די ווייסע וויקעלעך ברוין פון היץ... מיט אַ שערעלע צעשניטן... אַ פלאַש בוימל אויסגעגאָסן אויף איר... חדשים זיך אַנגעליטן מיט איר"...

"יאָ", פאַלט איר אַריין די מאַמע אין די רייד, "איך געדענק גוט, באָבע, ווען איר פלעגט קומען אַלע טאָג צוגיין און זאָגן: 'נאָך מו־טשעט זיך דאָס? פאַרוואָס נעמט דאָס גאָט ניט צו?'. און די מאַמע פאַרווישט אַ טרער פון איר אויג.

"איצט פאַרשטייסטו שוין, פּראַדל, פאַרוואָס איך האָב ניט גע־גלויבט, אַז די פערד האָבןביילקען דערהרגעט? איך האָב געוואוסט, אַז זי איז דעמאָלט ניט געשטאָרבן, וועט זי מיט גאָטס הילף אַלע גע־פאַרן בייקומען. מיין עלטער וועט זי דערלעבן". און איר געלבלעך צעקנייטשטער פּנים שיינט אויף פון פרייד וואָס איר אור־איניקל וועט איר עלטער דערלעבן.

ביילקע קוקט אויף איר צעלויכטן פּנים און פילט אַז זי ווערט טאַקע שטאַרקער מיט יעדער מינוט.

"נו, און ווען ביילקע איז שיר ניט דערטרונקען געוואָרן, ווען זי האָט געוואַשן אין טייך איר ליאַלקעס קליידעלעך, איז דאָס ניט געווען אַ נס מן השמים?", זאָגט צייטל און פאַרנעמט זיך צו דערציילן אַ לאַנגע מעשה ווי מען האָט ביילקען אין ליילעכער געקאַטשעט, אָטעם איר אין מויל געבלאָזן, אַ נאָמען איר צוגעלייגט.

"דאַנקען גאָט", שלאָגט איר איבער די מאַמע די רייד, "אַז ס'איז איר באַשערט צו לעבן, האָט זי זיך, אַ דאַנק גאָט, אויסגעקאַטשעט אָן אַ דאָקטער, אָן אַ רופא".

ביילקע ווייסט ניט, צי איז דאָס אַ חלום אָדער אויף דער וואָר. עפּעס אַלע פרייען זיך, וואָס זי לעבט אויף דער וועלט. געמיינט האָט זי, אַז קיינער זאָרגט זיך ניט וועגן איר, אַז זי איז אַן אָנשיקעניש אויף טאַטע־מאַמע, אַן אומזיסטע עסערין, וואָס וויל זיך ניט לערנען שניי־דעריי, וויל פון קיין תכלית ניט וויסן. ערשט, אַלע האָבן זי גאָר ליב. זי דערפילט אַ האַנט גלעט איר הייסע באַק. פון יענעם פיבערישן טאָג אָן, האָט ביילקע אָנגעהויבן ליב האָבן די ליבשאַפט.

פרייטיק אין דער פרי, ווען ביילקע איז אַרויס פון געפאַר, האָט די מאַמע אָפּגעבאַקן מער פלעצלעך ווי אין אַ געוויינלעכן פרייטיק. ביילקע

האָט ליב פּלעצלעך, אָבער נאָך מער פון עסן פּלעצלעך, האָט זי ליב צו זען די מאַמע שטיין ביים צעפּלאַמטן אויוון מיט דער לאַנגער הילצערנער לאָפּעטע און שאַרן די פּלעצלעך אַריין און אַרויס פון אויוון. איר פּנים איז דעמאָלט שיין, רויט, יום־טובדיק, צעפּלאַמט. דער זודיקער בוימל, אין וועלכן די פּלעצלעך באַקן זיך, פאַרשפּרייט אַ געשמאַקן ריח פון הייזון און פרישן טייג איבערן שטוב, רייסט זיך דורך די פענצטער אין גאַס אַרויס און פילט אָן די לופט מיט ערב שבתדיקייט.

פרייטיק איז שטענדיק אַ פריילעכער טאָג, ווייל ערשטנס איז פרייטיק נעענטער צו שבת מער ווי אַלע טעג. צווייטנס, לעבט דער פרייטיק אַריבער דעם דאָנערשטיק. אָ, וואָס פאַר אַ שווערער טאָג דער דאָנערשטיק איז פאַר דער מאַמען! זי דאַרף אַרומגיין פון איין באַלעבאָס צום צווייטן מאָנען די פּופּציק קאָפּיקעס פאַר דער וואָך שכר־לימוד. אירע באַלעבאַטים ווייסן אַליין ניט, וואו צו נעמען אויף שבת מאַכן. און אַז די מאַמע זאָגט זיי, אַז זי מוז האָבן די פופציק קאָפּיקעס צו קויפן פיש, פרעגן זיי ביי איר: „איז וואו זאָל איך עס נעמען?“, ווערט זיי אַלעמען שווער אויפן האַרצן.

פונדעסטוועגן, אַז עס קומט שבת, ווערט פלייש, פיש, חלה, און אַמאָל טאַקע אַ שטיקל עוף אויך. מען ווייסט ניט ווי אַזוי, נאָר עס ווערט. און טאָמער פעלט דאָך אויס אַמאָל אַ גילדן צי צוויי צו קויפן פיש, איז הערינג אויך גוט. אָן איינגעהאַקט שטיקל הערינג מיט עסיק און ציבעלעס קריגט שבת אַלע טעמים.

די ערב־שבתדיקע זון הייבט אָן נידערן. יידן גייען צוריק פון מרחץ אויפצונעמען דעם שבת־קודש, וואָס קומט אָן. עס גייט אויך דער טאַטע פון באָד. זיין פּנים רויט, זיין האַלדז פאַרבונדן מיט אַ בלויען שאַלעכל, שפּאַנט ער מיט זיכערע טריט אויפצונעמען דעם טייערן גאַסט, שבת־קודש, וואָס קומט אַלץ נעענטער מיט יעדן פאַרלאָשענעם שטראַל פון דער אונטערגייענדיקער זון.

עס קומט אַנטקעגן אַברהם־איטשע, מפליא־לעשות, וועלכער האָט ניט לאַנג צוריק צוזאַמענגעשטעלט אַ חברה שומר־שבת צו היטן, אַז די „שוועסטער און ברידער“ זאָלן ניט לעסטערן גאָט, ניט מחלל שבת זיין, און אַז קליינע קינדער זאָלן ניט דאַרפן שטאַרבן צוליב זייערע זינד. אַ דאַרער, הויכער ייד מיט לאַנגע פיס און לאַנגע פאות איז אברהם־איטשע און האָט מורא פאַר דורכגיין צווישן צוויי ווייבער ווי פאַר פייער. און גראָד זיינען אָנגעלאָפן אַ כאַליאַסטרע מיידלעך פון

טייך — גרויסע דערוואַקסענע מיידלעך און אַרומגערינגלט אברהם־איטשען, אַז ער וויס נעבעך ניט ווי זיך אַרויסדרייען פון זיי. די מיידלעך זיינען טומלדיקע, פריילעכע. זיי קומען ערשט פון טייך, פון באָדן זיך. פערעלע און עטל, אברהם־איטשעס טאָכטער, זיינען צווישן זיי. זיי לאַכן אַזוי הויך ווי שיקסעס להבדיל. די מיידלעך האָבן זיך געטראָפן אויג־אויף־אויג מיט די טאַטעס, די שומר־שבתניקעס. דער מאַמעס מילך איז זיי פון שרעק איינגעפאַלן, און זיי זיינען פאַרשטומט געוואָרן. יענעם פרייטיק צונאַכט זיינען שוין עטל און פערעלע אין געסעלע ניט געגאַנגען, און קיין לידלעך פון די שוועסטער און ברידער ניט געזונגען.

די זון האָט זיך געזעצט אַלץ נידעריקער און איינגעהילט די יידישע גאַס אין אַ מילדער פאַרנאַכטיקער זומער־וואַרעמקייט. די יידישע סוועטעוואַליער גאַס, וואָס איז אַ גאַנצע וואָך פינצטער אין די אָוונטן, סיידן אָנהויב חודש, ווען די לבנה שיינט, אָט־די גאַס און געסלעך אַרום האָבן פרייטיק צונאַכט באַקומען אַ ליכטיקן און פריילעכן אויסזען. זיי שימערירן, ווי זיי וואָלטן זיך פאַרקליידט אין אַ קלייד פון גאָלע פינקלענדיקע ליכט־שטערנדלעך. ביי ווּעמען עס ברענען צו צוויי לייכטער, ביי ווּעמען צו פיר. אין אַנדערע הייזער, וואו מ׳האָט פאַרזעצט די מעשענע לייכטער, כדי אַריינצוברענגען דעם שבת אין שטוב, האָט מען אויסגעבויערט אַ לאָך אין אַ געלער ברוקווע אָדער קאַרטאָפל, אַריינגעזעצט ליכט און אויך יענע הייזער שיינען פריידיק.

די טאַטעס מיט זייערע עלטערע זין זיינען אַוועק אין שול מקבל שבת זיין. די גאַס האָבן איבערגענומען די קליינע שוועסטערלעך. זייערע דינע שטימעלעך קלינגען און רופן אין דער מילדער נאַכטיקער לופט אין אַ שפיל פון לויפן און כאַפּן. עס לויפן זיבן, אַכט־יאָריקע מיידלעך — שטאַרקערע, שוואַכערע — אַלע זיינען אַריינגעטאָן אין דער שפיל, אַלע זיינען איצט פריילעך.

אויך ביילקע לויפט מיט אירע צעקלאַפּטע פיס. עס איז ניט שווער צו כאַפּן זי. איר עלטערע שוועסטער פערעלען איז שוין שווערער צו כאַפּן — יענע לויפט פייל אויס בויגן!

די מאַמע זיצט איבערן פאַרגעלטן ספר. ס׳איז נאָך איר באָבעס, דער ספר. זי שאָקלט זיך מיט אַן אויסגעלייטערטן שבת־פּנים, און אירע גרעבלעכע ליפּן שעפּטשען די ווערטער אין דער שטיל.

חיימל האָט זיך אָנגעטאָן אין זיין עלטערן ברודערס פּלודערן. די ארבל הענגען אַרונטער לאַנג ביז צו די קאַלאָשעס. זיצט ער אויפן בע־

זים רייטנדיק און קלאַפּט מיטן רוט אַז זיין בעזים־פערד זאָל גיין שנעלער.

„חיימל, היינט איז שבת. היינט טאָר מען ניט פאָרן", זאָגט די מאַמע. אָבער חיימל וויל ניט הערן וואָס די מאַמע זאָגט. שלעפּט ער דעם בעזים איבערן שטוב און מאַכט שיינע אוזאָרן אויפן געלן זאַמד.

ביילקע האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט נאָך ניט געזאָגט היינט דעם לכו נרננה. אַלע פרייטיק־צו־נאַכט מוז זי זאָגן דעם לכו נרננה און ניט נאָר גלאַט זאָגן. נאָר טאַקע אויסזינגען מיטן ניגון, ווי דער טאַטע טוט דאָס.

ביסלעכווייז ווערט דער קינדערשער טומל אויף דער גאַס איינגע־שטילט. ביילקע פאַרשטייט, אַז די טאַטעס גייען שוין צוריק פון שול.

„גוט שבת", זאָגט דער טאַטע ביים אַריינקומען אין שטוב. אַ יונג בחורל גייט נאָך אים. „דאָס האָב איך דיר געבראַכט אַן אורח אויף שבת, פראַדל", זאָגט דער טאַטע אַ צופרידענער און ווייזט אויפן פאַרשעמטן יינגל, וואָס שטייט אין מיטן שטוב מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן און רייבט מיט דער האַנט זיין פּוכיקע מאָרדע.

„ווי הייסטו, זון?" פרעגט די מאַמע און קוקט אים אָן מיט איר מאַ־מעשן בליק. ער זעט אויס כמעט ווי איר אַרעלע: שמאָל און הויך, מיט אַ פּוך אויף דער מאָרדע, וואו אַ באָרד וועט מיט דער צייט אויס־וואַקסן. זיינע אויגן איז שווער צו זען, ווייל זיי זיינען שעמעוודיק אַראָפּגעלאָזט. נאָר זיין אַנטוועכץ איז אַנדערש און לענגער פון אַרעלעס.

„זרח רופט מען מיך", זאָגט דאָס בחורל און נעמט ניט אַרונטער די אויגן פון זאַמדיקן דיל.

„זעץ זיך דאָ ביים טיש, זרח", זאָגט די מאַמע און ווייזט אים אַ פּלאַץ ביים ברעג טיש, וואו די ליכט ברענען. זרח זעצט זיך און זאָגט נאָך וואָרט פאַר וואָרט שטילערהייט: „שלום עליכם, מלאכי השלום מלאכי עליון". ער זינגט שטיל און שאָקלט צו מיטן קאָפּ צום טאַקט.

די מאַמע איז אויפגעלייגט: אַן אורח אויף שבת, ווי ביי אַלע שיינע באַלעבאַטים אין שטעטל! מיט אַ צעשיינטן פּנים דערלאַנגט זי דאָס שבתדיקע עסן צום טיש.

די קינדער קוקן נאָך יעדן ריר און קער פון פרעמדן יינגל. גע־וואוינט זיינען זיי צו אַן אורח אַן עלטערן געזעצטן יידן מיט אַ לאַנגער באָרד, און דאָ גאָר, אַ בחורל. דאָס יינגל פילט, אַז מען קוקט אויף אים, ווערט ער רויט און פאַרשעמט ווי אַ כלה־מיידל.

„ניטאָ קיין ווייך היינט, דוד", זאָגט די מאַמע. „וועסט שוין מוזן

מאַכן קידוש איבער די חלות. אַ פערטעלע אויסגעפּעלט צו קויפן פיש, האָב איך איינגעהאַקט הערינג מיט ציבעלעס. ס׳איז אַ מאכל״.

„מה טוב״, ענטפערט דער טאַטע, און ווייזט איר אַ פּלאַץ ביים טיש זי זאָל זיך זעצן. דעם טאַטנס זינגענדיקער קידוש מישט זיך אויס מיטן שטילן קידוש פון יונגן אורח. אַלע שווייגן ביז דער ערשטער ביסן ווערט אַראָפּגעשלונגען.

„אַ מאכל!״, קוויקט זיך דער טאַטע מיט דעם עסיקדיקן געהאַקטן הערינג און פאַרגייט זיך אין אַ הוסט.

די מאַמע ברענגט צום טיש די לאָקשן־יויך געקאָכט פון אַ קאַפּע־רייע (קאַפּ־ביינער). „אַשר דעם שוסטערס ווייב האָט אויך אויסגעפּעלט אַ גילדן צו קויפן אַן עוף, האָבן מיר זיך צוזאַמענגעלייגט און גע־קויפט אַ קאַפּערייע ביי בערל קצב. און זיך צעטיילט אויף האַלב״, זאָגט די מאַמע בעת זי שטעלט אַרויף אַ גרויסע שיסל ביינער אויפן טיש. „אַ טייערע קאַפּערייע״, פּאַסמאַקעוועט זי זיך און נעמט אַרונטער־שקראָבען דאָס פלייש פון די ביינער און צולייגן חלקים אין די טעלער אַריין.

דער טאַטע איז ניט צופרידן, וואָס די מאַמע האַלט אין איין ריידן פון וואָכעדיקע נאַרישקייטן. גיט ער איר איינעם פון זיינע שאַרפע קוקן און זאָגט: „ביסט, דאַכט זיך, אַ קלוגע יידענע, פּראַדל. ווייסט, אַז שבת טאָר מען ניט ריידן פון גשמיות״, און ער צעזינגט זיך: „כל מקדש שביעי...״

אַ זיסע ליכטיקע פרייד האָט זיך צעגאָסן אין אַלעמענס הערצער. פּנימער האָבן זיך צעשיינט, אויגן האָבן זיך צעלויכטן. אין לופטן שוועבט אַ שטילע, לויטערע רואיקייט, אַ פרייד פון מענטשלעכער רו.

## גוטע נייעס אין שטעטל

קיין ייד, וואָס האַלט זיך פאַר אַ בר־דעת, וואָלט זיך ניט אָפּגע־שטעלט אין אַ געוויינלעכן שבת קוקן ווי פייגעלעך עסן קאַשע און זיי הערן זינגען. היינט איז אָבער שבת שירה, האָבן יידישע באַלעבאָסטעס אַרויסגעשטעלט טעפּלעך קאַשע אויף די גערטנער. די פייגעלעך עסן די קאַשע און באַצאָלן דער יידישער גאַס מיט זייער געזאַנג.

יידן גייען מיט לאַנגזאַמע טריט פון שול, די הענט פאַרלייגט פון הינטן. פיר שולן זיינען פאַראַן אין טעלעכאַן, און לויט איינעמס קליי־דונג דערקענט מען צו וועלכער שול אַ ייד געהערט.

עס גייט שייע דער העברייאישער לערער. זיינע לאָקירטע שיך פון אונטער שמאָלע הויזן גייען פאַרויס. זיין קורץ רעקל מיטן שוואַרצן קאַפּעליוש רעדט פון אים אַרונטער וועגן היינט־וועלטיקייט. ער גע־הערט צו דער מתנגדישער שול.

עס קומט אים אַנטקעגן שמעון דער שוסטער, אַ פּעטער, קורץ־געקליידעטער ייד מיט אַן אונטערגעשוירענער באָרד. ער דאַוונט אין דער יאַניוּוער שול.

„געהערט די נייס?" פרעגט שייע ביי שמעון דעם שוסטער.

„יאָ, געהערט." און שמעון רייבט זיך די הענט פון פאַרגעניגן. „די הוטע וועט געבן געגוג אַרבעט — אַ סך פיס צו באַשוכן".

פון דער אַלטער סטאָלינער שול קומט אָן דער טאַטע. ער גייט פאַרביי די רעדלעך מענטשן און וויל זיך אַפילו ניט אָפּשטעלן הערן זייערע וואָכעדיקע רייד. זיין לאַנגער אַלפּאַקענער שוואַרצער קאַפּטן, זיין יאַרמולקע, וואָס זעט זיך אַרויס פון אונטערן היטל, דאָס רויטע נאָז־טיכל אַרום זיין האַלדז — דאָס אַלץ רעדט פון אים אַרונטער, אַז ער געהערט צו דער חסידישער שול.

„וואָס זאָגט איר עפּעס צו די גוטע נייעס, רב ישראל דוד?" שטעלט אים אָפּ מרדכי, אַ הויכער ייד מיט לאַנגע הענט. ער קומט אָן פון דער ליבישייער שול. „ס'וועט שוין זיין אַ סך פּרנסה אין שטאָט. עפּעס אַ גרינגגע פּרנסה זאָל מיר גאָט צושיקן".

„אם ירצה השם", זאָגט דער טאַטע, און וויל זיך ניט אָפּשטעלן ריידן פון וואָכעדיקע געשעפטן.

אַ ווינטעלע צעבלאָזט ר' מרדכיס ביז־צו־די־קני־ענדיקן קאַפּטן און צעשפּילט זיך מיט דעם לאַנגן שפּאַלט פון הינטן. זיינע לאַנגע הענט פאַרלייגט פון הינטן, שפּאַנט ר' מרדכי מיט פאַרריסענעם קאָפּ און איז זיכער, אַז מיט גאָטס הילף וועט ער קריגן אַ שטעלע אין קאַנטאָר.

עס שטייען רעדלעך יידן — שוסטער, שניידער, סטאָליערס — און מען רעדט מיט היץ, מען וואַרפט מיט די הענט און מען וויזט־אָן צום ווינקל שטאָט, וואו אַ הוטע, אַ גאַנץ שטעטל וועט זיך אויסבויען.

„איך קען דאָס גאָרניט פאַרשטיין", זאָגט הערשל שוסטער, „ווי אַזוי קען מען דאָס פון ווייסן זאַמד מאַכן גלאָז?"

„און אַז חנינה מאַכט פון טרוקענע קאַנאָפּליעס אייל און בייוול?", זאָגט ברוך חקרן. „ס'איז דאָ אַ שכל דערביי".

אַלע צעלאַכן זיך, אָבער קיינער ווייס ניט ווי ס'וועט ווערן גלאָז פון זאַמד.

„שוין געהערט די נייעס״? פרעגט די מאַמע דעם טאַטן, ווען זי קומט אַריין אין שטוב.

דער טאַטע הייבט אויף די אויגן פון עין יעקב, און קוקט־אָן די מאַמע בייז. „ס׳איז וואָכעדיקע געשעפטן״, זאָגט ער אַרויס ניט גערן און פאַרטיפט זיך צוריק אין ספר און נעמט ווידער צופּן און דרייען מיט די פינגער דעם לענגערן שפּיץ פון זיין שיטערער, שוואַרץ־גרווילע־כער באָרד.

„וואָכעדיקע געשעפטן, זאָגסטו? ווייסט וואָס עס מיינט פאַר אונדז א גלאָז־פאַבריק אין שטעטל? עס מיינט, אַז אונדזערע קינדער וועלן ניט דאַרפן גיין אַרבעטן אין די וויסטע האָפּן־פעלדער פאַר פינף גילדן א וואָך אָדער אין די שוועבעלע־פאַבריקן צו קריגן טשאַכאָטקע. עס מיינט אַ ניי לעבן פאַרן שטעטל״, זאָגט די מאַמע מיט אַזוי פיל זיכער־קייט אין איר טאָן, אַז דער טאַטע האָט שוין מורא זיך שטעלן קעגן. „הערסט״, זאָגט זי, שוין אַ ביסל אָפּגעקילט, „דאָס גאַנצע שטעטל פרייט זיך מיט די גוטע נייעס, און אים גייט דאָס גאָר ניט אָן!״

„ברוך חקרן האָט אַליין געזען ווי לייב טוראָק מיט זיין געהילף איז גע־פאָרן אין אַ בריטשקע מיט צוויי גרויסע פערד אין באָד־גאַס. דאָרטן האָט ער אָנגעקוקט יידישע מיידלעך, וואָס דרייען זיך אַרום איבער די גאַסן פוסט־און־פּאַס. אַז וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, קען ווערן דאָ אין העק פון קינדער? שניידערקעס אָדער דינסטמיידלעך. מען האָט טור־ראָקן אויך געזען אין דער גויאישער גאַס. געזונטע כלאָפּצעס מיט רויטע פּיסקעס — הינט־שלעגער זיינען זיי. ער וועט שוין זיי שטעלן בלאָזן גלאָז און צאָלן מיט קופּערנע קאָפּיקעס״...

ווען די מאַמע כאַפּט אָפּ דעם אָטעם צו ריידן ווייטער — ווייל פון וואָס צו ריידן איז דאָ זייער אַ סך — איילט זיך דער טאַטע אונטער מיט אַריינוואַרפן אַ פּאָר ווערטער: „פאַרוואָס קען דאָס שטעטל ניט פאַר־בלייבן ביים אַלטן ווי עס איז געווען אַלעמאָל?״

די מאַמע ענטפערט ניט, נאָר שאָקלט מיטן קאָפּ און אירע אויגן שיסן פונקען. זי גיט אַ מאַך מיט דער האַנט ווי זי וואָלט געזאָגט: „וואָס איז דאָ מיט אים צו ריידן?״

דער טאַטע פילט זיך שוואַך קעגן דער מאַמען אין ערדישע זאַכן. דערפאַר וויזט ער זיין שטאַרקייט אין הימלשע זאַכן. „הכל הבל״, זאָגט דער טאַטע, און וויזט־אָן מיטן פינגער אַ פלאַץ ביים טיש, אַז די מאַמע זאָל זיך אַוועקזעצן. די קריגערישע מאַמע פאָלגט. שטילער־

הייט, מיט אַ באַהאַלטענעם פּייערל אין אירע קלוגע, טרויעריקע אויגן, זעצט זי זיך אַוועק ביים טיש.

דער טאַטע מאַכט קידוש איבער די איבערגעדעקטע חלות, אין זיין קול פילט זיך די חשיבות פון איינעם, וואָס ווייסט זיין ווערדע אין הימל. שניידט ער מיט וויכטיקייט פּענעצער חלה, איבער וועלכע עס ווערן געמאַכט ברכות, און פאַרטיילט דאָס צו ווייב און קינדער.

נאָך דעם וויביילקע האָט צעקייט און אַרונטערגעשלונגען איר ביסן, ווייסט זי אַז איצט מעג מען שוין ריידן. פרעגט זי: „מאַמע, פון וועמען וועלן מיר קריגן ברייוו, אויב פּערל און אהרן וועלן קומען אַהער אַרבעטן אין הוטע?"

דער קליינער חיימל, זיינע העל־בלויע אויגן ברייט צעעפנט, זאָגט מיט אַזוי פיל חן: „פּערעלע מיר צוגעזאָגט צו קויפן אַ „הויז־לערער" העפט. זאָל זי קומען". ער זאָגט דאָס מיט אַ טאָן, וואָס פּאַסט פאַר אַ גרויסן מענטשן.

„באַ־באַ־אָ שבת באַ־אָ־אָ מנוחה — אַי, אַי, אַי, אַי". צעזינגט זיך דער טאַטע ווי ער וואָלט מיט זיין זינגען געוואָלט פאַרטרייבן די וואָכעדיקע רייד און געדאַנקען פון דעם שבת־טיש.

דאָס שבתדיקע מאָלצייט פון טשאָלנט־קוגל, ווייסע חלה און צימעס האָט אָנגעוואָרפן אַ שלאָף אויפן טאַטן, און זיינע אויגן האָבן זיך גענומען קלעפּן. דרימלט ער איין איבערן בענטשן, כאַפּט זיך אויף מיט אַ צאַפּל, און הויבט אָן דאָס בענטשן דאָרטן וואו ער האָט עס איבערגעלאָזט. און אַזוי עטלעכע מאָל. ביילקע חידושט זיך ווי אַזוי דער טאַטע געדענקט אין זיין שלאָף וואו ער האָלט אין בענטשן.

אָבער דער טאַטע איז דאָך דער גרעסטער לערנער אין שטאָט! די גאַנצע תורה קען ער דאָך אויף אויסנווייניק! ער איז דאָך אַפילו גרעסער פון רב. ביילקע ווייסט דאָך, אַז ער האָט סמיכות אויף רבנות, נאָר ער וויל ניט קיין גרינג געלט פון יידן, האָט ער בעסער אויסגעקליבן צו זיין אַ מלמד.

און אַ גרויסע ליבשאַפט, צוזאַמען מיט אָפּשיי, נעמט אַרום ביילקען צו איר טאַטן, וועלכער ליגט אויפן סאָפקעלע אין שבתדיקן געשמאַקן שלאָף. די שיטערע באָרד, צעשפּרייט אויפן האַרצן, הייבט זיך אַרויף און אַראָפּ מיט יעדן אָטעם־צוג. און פון וואָס חלומט איצט דער טאַטע? אפשר פון ארץ ישראל? אפשר וועט אויף ימים־טובים אָנקומען אַ ברייוו מיט די שיינע רויט־בלויע סטעמפּעלעך? ביילקע וועט זיי אָנטאָן אויף איר האַנט... ניין, זי וועט ניט לאָזן דער מאַמען אַרונטעררייסן

די סטענגעלעך פון איר האַנט... „כ'וועל ניט לאָזן!" שרייט אויס ביילקע, אַזש די מאַמע דערשרעקט זיך.

„חלומות! וואָס ווערטו ניט לאָזן?" און נאָך איידער ביילקע ענטפערט דער מאַמען, גיט יענע אַ קאָמאַנדע: „נעם אַראָפּ פון טיש דאָס געפעס און פאַרגעס ניט צו גיין צו דער פּאַטשט. עס מוז היינט זיין אַ בריוועלע פון פערעלען, אפשר פון אהרנען אויך".

דערהערט „פּאַטשט", האָט זיך ביילקע צעשמייכלט. און ווי די זון פאַרטרייבט די שוואַרצע וואָלקנס, אַזוי האָט איר שמייכל פאַרטריבן אירע שווערע קינדערשע געדאַנקען.

## עס בויט זיך אַ הויז

די קלעפּ פון סטאָליאַרישע האַמערס הילכן אָפּ אין דערבייאיקן געדיכטן סאָסנאָוון וואַלד און זאָגן־אָן פון אַ נייער עפּאָכע, וואָס קומט אָן אין דעם דורות־לאַנגן רויִקן פאַרשלאָפענעם שטעטל. די ערד ברעכט זיך, זי קרעכצט, און איר קרעכצן הילכט־אָפּ איבערן שטעטל.

צווישן וואַלד און טייך, ליגן אָנגעשאָטן ווי שטומע עדות, לאַנגע קופּעס ווייס־ראָזעווע זאַמד. פון דעם זאַמד וועט ווערן גלאָז — פּרעכטיק־שיין געשליפענע קאָלירטע און ווייסע גלאָזן, וואָס מען וועט זיי צעשיקן אין די גרויסע שטעט אויף דער ווּיסטאַווע.

פויערן מיט זון־פאַרברענטע פּנימער, שוואַרצע גראָבע הענט, אין קורצע קורטקעס, פירן גראָבע קלעצער פון וואַלד. מען פאַרשניידט דעם אַלטן שיינעם וואַלד און מען בויט הייזער. אַרבעטער, קאַנטאָר־אָנגעשטעלטע מוזן האָבן וואו צו וואוינען. האָט מען אויסגעהאַקט די דורות־אַלטע גראָבע ביימער, מיטן וואָרצל זיי אַרויסגעריסן, פלאַך געמאַכט די ערד אין אַ גרויסן טראַקט, וואָס מען האָט צעשניטן אויף גאַסן און די גאַסן צעשניטן אויף קליינע חלקים, אויף וועלכע מען לייגט פונדאַמענטן פאַר אַרבעטער־הייזער.

די מוליאַרעס פון שטעטל גייען שוין מער ניט אַרום זוכן אַ פּאָר שעה אַרבעט — אפשר האָט ווער צו בויען אָדער פאַרריכטן אַן אויוון. איצט זוכט מען זיי אַרום. אַזוי אויך מיט סטאָליאַרעס, ציגל און ליים־קנעטער, שלאָסאַרעס, אַלע מאַזאָליעדיקע הענט האָבן ביים בויען די הויז געפונען אַ תיקון.

אויך „קאָפּ־מענטשן" — בוכהאַלטערס, אויפזעערס, אַרומפאָרערס,

קויפערס און פאַרקויפערס זיינען געוואָרן נויטיק פאַר דער בויענדיקער הוטע.

מען קען אָבער ניט זאָגן, אַז אַלע אין שטעטל האָבן זיך געפרייט. אַ פאַרבאַרגענער ציטער האָט דורכגענומען אברהמל דעם מוליער. ער האָט געוואוסט פון זיין טאַכטער זעלדען, וואָס האָט געאַרבעט אין אָדעס, אַז דאָרטן וואו ס׳איז אַ פאַבריק און ס׳נעמען זיך צונויף אַ סך אַר־בעטער, קומען אַגיטאַטאָרס און בונטעווען אַראָפּצוואָרפן דעם קייסער. ניט ווייל אברהמל האָט, חלילה, אַזוי שטאַרק ליב דעם קייסער, נאָר ווייל ער האָט געהערט, אַז אין די גרויסע שטעט שיקט מען פאַר אַזעל־כע רייד אויף קאַטאָרגע, און אַנדערע מיידלעך און בחורים שיסט מען אַפילו דערפאַר... און פאַר שיסן האָט אברהמל מורא אימת מות.

עס קלאַפּט און טומלט אין גאַס און לאָזט אין שטוב ניט איינזיצן. עס ווילט זיך גיין צווישן די רעדלעך מענטשן הערן די גוטע נייעס וועגן דער גרויסער פרנסה, וואָס דאָס בויען די הוטע ברענגט מיט זיך. נאָך איידער מ׳האָט גענומען מאַכן גלאָז האָט שוין די הוטע גע־בראַכט נוצן. טאַטעס אַרבעטן, קליינע מיידלעך, וואָס האָבן זיך ערשט נעכטן געשפּילט מיט ליאַלקעס, געזעסן אויף פריזבעס, אַרומגעגאַנגען פּוסט און פּאַס, לויפן פּאַרסאָפּעטע מיט זייערע זעק און ראָגאָזשעס צו קלייבן שפּענער — פאַרגרייטן פאַר אַ קאַלטן ווינטער. ווען עס וועט אויספּעלן די פּאָר גילדן צו קויפן אַ וועגעלע האָלץ בײַם הויז. קליינע מיידלעך, צו יונג צו גיין פאַר דינסטן און שניידערקעס און צו־אַלט צו זיצן ליידיק, שלעפּן זעק מיט שפּענער פון דעם נייעם שטעטל, וואָס בויט זיך אַרום דער הוטע.

עס איז אַ צוויי וויאָרסט פון ביילקעס שטוב צו דער הוטע. אָט האָט זי ערשט געבראַכט אַ פּאַק שפּענער, אויסגעליידיקט די ראָגאָזשע און איז שוין פאַרטיק צו לויפן נאָך אַמאָל און ברענגען אַ צווייטן, אַ דריטן, אַ פערטן פּאַק.

פאַרנאַכט־צו, ווען די בהמה איז געקומען פון פעלד, האָט זי איר פּלאַץ אין פּאָדער־הייזל ניט דערקענט. עס איז געווען פאַרלייגט מיט האָלץ און שפּענער ביז צו די באַלקנס אַרויף. דאָס צעהאַקטע האָלץ און שפּענער שמעקן מיט פרישן וואַלד, און ביילקע ווייסט יעדן שפּענדל, פון וואַנען עס קומט. פון צווישן די האַמערס, זעגן און הובליעס, האָט זי צוזאַמענגעקליבן אַ שפּענדל צו אַ שפּענדל, ביז עס איז געוואָרן אַ הויכער באַרג אויף דער פיר־קאַנטיקער ראָגאָזשע. זי פאַרבינדט די ראָגאָזשע, עס זאָל חלילה אַ שפּענדעלע אויפן וועג ניט אַראָפּפאַלן,

פאַרוואַרפט דעם פּאַק אויף די פּלייצעס און גייט מיט דעם איבערן שטעטל אַזוי שטאָלץ ווי זי וואָלט געזאָגט צו אַלעמען: „אָט זעט וואָס איך,ביילקע שלימזלניצע, קען טאָן!"

ביילקע ווייסט, אַז אירע טעג אויף דער פּרייער גאַס זיינען געציילטע, און פון אָטעמען די פרישע וואַלד־לופט וועט שוין קיין רייד ניט קענען זיין, ווייל זי האָט געהערט ווי די מאַמע האָט געזאָגט, אַז ווי נאָר זי וועט קומען צוריק פון דאָרף, וועט זי זי אָפּגעבן פאַר אַ שניידערקע צו יעקב דעם שניידער.

אייגנטלעך האָט ביילקע אַליין ניט געוואוסט פאַרוואָס זי האָט אַזוי מורא צו ווערן אַ שניידערקע. איז עס ווייל זי האָט אַזוי ליב דעם טייך, דעם וואַלד, דאָס פעלד, די גערטנער, און שניידערקעס זיצן פאַרשפּאַרט אין הויז חדשים און יאָרן? די זון פאַרגייט, גייט אויף, און מען זעט ניט די שניידערקעס. זיי זיצן און נייען אָן אַ סוף און אָן אַן עק.

ביילקע דערמאָנט זיך, אַז זי האָט שוין אָפּגעשפּאָרט שיינע עטלעכע קאָפּיקעס אין איר בלעכענער פּושקעלע. איז אפשר זאָל זי נעמען אוראָקן (לעקציעס) ביי שרה דער לערערקע? אָבער איר טאַטע האַלט ניט, אַז אַ מיידל דאַרף זיך לערנען. צו וואָס זאָל אַ מיידל לערנען אַז סיי־ווי קען זי ניט ווערן קיין רבי? און וואָס איז עפּעס וועגן גיין אין אוטשילישטשע? מאַכט ביילקע. אַ, ווי גרויסאַרטיק עס וואָלט איר געפּאַסט צו טראָגן איבערן אַקסל אַ ראַנעצל פול מיט ביכער, גיין אָנגעטאָן אין אַ בלויער אוניפאָרם, מיט אַ ווייסן פאַרטוכל, מיט אַ היטעלע אויפן קאָפּ, ווי דעם רייכן נעמצאָוויטשעס טעכטערל סאָניטשקע.

„ביילקע, כ'וויל עסן", וועקט זי חיימלס שטימע אויף פון אירע שיינע געדאַנקען. זיינע העל־בלויע אויגן קוקן אויף איר מיט געבעט.

„פאַרגעסן, אַז דער טאַטע און חיימל דאַרפן עסן. כ'מוז טאַקע זיין אַ חלומות", מאַכט זיך ביילקע אַ פאַרוואורף. „אָבער אַ מכה סאַניטשקען. זי האָט ניט אַזאַ טייער קליין ברודערל מיט בלויע אויגעלעך און אַ זיסן שמייכעלע ווי איך האָב". זי כאַפּט חיימלען קושן. „אַוודאי וועל איך דיר געבן עסן", זאָגט זי און נעמט זיך צו דער שיסל באָרשטש מיט די פיש, וואָס די מאַמע האָט צוגעגרייט איידער זי איז אַוועקגעפאָרן אין דאָרף. „און פרישע רעטעכלעך מיט ציבעלעס איז אויך דאָ! און זויערמילך מיט ברויט איז אויך דאָ!", זינגט ביילקע אַרויס פריילעך.

דער טאַטע קוקט זי אָן ווי ער וואָלט זי ניט דערקענט. „קען טאַקע ביילקע זיין פריילעך אויך?", טראַכט ער.

די דריי טעג, וואָס די מאַמע איז ניט געווען אין דער היים, האָט זי גאָר ניט אויסגעפעלט ביילקען. פאַרקערט, יענע האָט זיך גאָר געפילט פרייער, ווי עמיצער וואָלט איר די הענט און פיס אָפּגעבונדן און געלאָזט גיין און טאָן וואָס זי וויל. אַפילו טראַכטן און זיין פאַר־חלומט האָט איר קיינער ניט געשטערט. באַלד קומט די מאַמע שוין צו פאָרן, און עס וועט זיך אָנהייבן פאַר ביילקען אַן אַנדער סאָרט לעבן ביי יעקב דעם שניידער. און פאַר דעם האָט ביילקע מורא.



עס איז אַ זוניקער נאָכמיטאָג. יעדן מאָל ווי דער טאַטע הערט אַ פור פאַרבייפאָרן, רייסט ער איבער דאָס לערנען מיט די ייִנגלעך און קוקט אַרויס דורכן פענצטער צי קומט ניט אָן די מאַמע פון דאָרף.

אַ הירזשען פון אַ פערדל רייסט דורך די לופט. עס דערהערט זיך דער מאַמעס קול: „פאַרבינד אָט־אָ־דאָ אויפן פלויט די לייצעס, אַר־קעלע, און נעם אַראָפּ די זעק פון וואָגן".

ביילקע, חיימל און דער טאַטע לויפן אַרויס באַגעגענען די מאַמע. די חדר־ייִנגלעך נוצן אויס דעם טומל צו זיין אויף דער פרייער גאַס. עס ווערט אַ פרייד אין שטוב. די מאַמע און אַרקע זיינען געקומען פון דאָרף מיט אָנגעשטאָפּטע זעק פון כל־טוב?

אַרקע, דעם פעטער יעקבס בחורל, וואָס העלפט שטענדיק אַרויס דער מאַמען אין דאָרף מיט שלעפּן די זעק, שפרינגט אַרונטער פון וואָגן. זיינע גראָבע, שוואַרצע הענט אַרבעטן פלינק און שלעפּן אַרונטער פון וואָגן די פולע און האַלבע זעק מיט קאַרטאָפל, קרויט, ציבעלעס און מאַלע וואָס. ער שלעפּט צו עטלעכע אויף אַ מאָל, ווי דאָס וואָלטן געווען זעקלעך פעדערן. זיינע ברייטע פלייצעס וואַרפן זיך מיט אַזאַ שנעל־קייט, ווי ער וואָלט געגאַנגען אין אַ טאַנץ. זיין ברייטער ברוינער פנים, אויף וועלכן עס שיט זיך אַ מאָכיק בלאָנד בערדל, איז צעגאָסן אין אַ שמייכל, וואָס פּאַסט זיך אַזוי גוט צו זיינע ברייטע לייוונטענע פלודערן און רויטער, ציצענער רובאַשקע.

„שלום עליכם, פעטער", און אַרקע דערלאַנגט דעם טאַטן זיין שוואַרצע האַנט.

„עליכם שלום", זאָגט דער טאַטע, און קוקט אים אָן פון קאָפּ ביז די פיס. „קוקסטו כאָטש אַריין אַמאָל אין אַ ספר, אַרקעלע?" פרעגט

ער מיט אַזאַ אומצופרידענער מינע, ווי ער וואָלט געזאָגט: „קוקסט אויס ווי אַ גוי, להבדיל!"

„יאָ, פעטער, איך קוק, שבת, קוק איך. כ'העלף דעם טאַטן כאַפּן פּיש אַ גאַנצע וואָך". און מיט זיין ברייטן אַרבל ווישט ער אָפּ דעם שווייס פון פּנים.

„טאַ, גיי, אַרקע, וואַש זיך צום עסן", זאָגט דער טאַטע. „ביילקע האָט אָפּגעקאָכט נייע קאַרטאָפל, האָסטו נאָך אַזעלכע גוטע קאַרטאָפל ניט געגעסן! שטשאַוו־באַרשטש איז אויך דאָ", זאָגט ער.

די מאַמע, ווי אַ געשעפּטס־מענטש, איז פאַרטאָן אין צעשטעלן און צעלייגן די זעק מיט סחורה. „טאַקע, אַרקעלע, גיי עסן. האָסט זיך גוט אָנגעהאָרעוועט מיט מיר", זאָגט זי.

„כ'מוז גלייך פאָרן צוריק אַהיים. דער טאַטע וואַרט אויף מיר ביי דער אָזערע מיט זיין נעץ"; זאָגט אַרקע און וואַרפט די הייסע קאַר־טאָפל אין מויל אַריין, בריט זיך און שטופּט די הייסע קאַרטאָפל פון איין זייט מויל צום צווייטן.

ביילקע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און ניט געקענט אַרונטער־נעמען אירע אויגן פון איר קוזין. ווי גרויס און שיין ער איז אויסגע־וואַקסן! זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ געדאַנק: זי וויל פאָרן מיט אַרקען זען ווי מען כאַפּט פּיש אין אַ נעץ.

„אַרקעלע, טייערינקער, נעם מיך מיט. איך וויל אַזוי זיין אויף דער אָזערע און זען ווי מען כאַפּט פּיש! איך בעט דיך, נעם מיך מיט", קוועטשט ביילקע אַרקעס פאַרגרעבטע האַנט. און אַזוי פיל געבעט ליגט אין איר שטימע, אַז ער קוקט אויף איר אַרונטער מיט ליבשאַפט און איז גרייט זי מיטצונעמען.

אַרונטערגעשלונגען די לעצטע הייסע קאַרטאָפל, זאָגט ער: „טאַ־קע, טאַקע, פעטער, מומע, לאָזט זי מיטפאָרן מיט מיר. כ'זאָל אַזוי לעבן, ווי איך וועל זי ברענגען צוריק אין עטלעכע טעג. און כ'וועל אייך ברענגען גוטע פּיש, יאַרשעס און פּלאָטקעס צום טריקענען".

אַ מינוט איז שטיל — פון יענער שטילקייט, וואָס דאַרף באַשליסן יאָ אָדער ניין. אין ביילקען צאַפּלט זיך דאָס האַרץ.

„ניין", זאָגט די מאַמע, „כ'האָב צוגעזאָגט יעקב דעם שניידער, אַז ווי נאָר איך קום פון דאָרף, וועל איך זי ברענגען צו דער אַרבעט".

אַרקע ווייס, אַז מיט זיין מומע פראַדל שפּאַרט מען זיך ניט. גיט ער אַ וויש אָפּ זיינע פּוכיקע ליפּן מיט איין אַרבל, מיטן צווייטןביידע זייטן מויל, ווינטשט אַלעמען אַ „גוטן טאָג" און היידאַ! ער זיצט שוין

אויף דער פּור. ער גיט מיט דער בייטש אַ שמיץ איבערן דאַרן רוקן פון פערדל, גיט אַ צי די לייצעס, דאָס פערד גיט אַ שפּרונג, צעהיר־זשעט זיך הייזעריק און ווערט פאַרשוואונדן אַרויף־צו אויף דער סווענ־טעוואָליער גאַס ביי די מאַגילקעס, וואו דער געדיכטער וואַלד ליגט אויסגעשפּרייט.

##ביילקע ווערט אַ שניידערקע

צוועלף הייזעריק־אויסגעצויגענע קלונגען האָט דער אַלטער וואַנט־זייגער אויסגעקלאַפּט.

פון דער צווייטער זייט טיר האָבן זיך געהערט טריט און דריי טעמפּע קלעפּ אין טיר פון האַרטע פינגער, באַגלייט פון אַ זינגענ־דיקער שטימע: „שטייט אויף צו סליחות!"

ביילקע עפנט די אויגן. אַ רויטלעכער פייער ברענט אין קעראָ־סין־לאָמפּ. אַ שוואַרצער רויך צעלייגט זיך אויפן לאָמפּ־גלאָז און פאַר־שפּרייט אַ טשאַד איבער דער האַלב־פינצטערער שטוב.

דער טאַטע גאַרטלט אַרום זיין לאַנגן שוואַרצן קאַפּטן. מיט אַ ספר אונטערן אָרעם, גיט ער אַ בלאָז אין רויכיקן לאָמפּ. דער רויך פילט אָן זיין האַלדז. ער צעהוסט זיך. כדי ניט אויפצוואועקן די שטו־ביקע, האַלט ער איין האַנט ביים הוסטנדיקן מויל, און מיט דער צווייטער זוכט ער די מזוזה אויף דער טיר, טאַפּט זי אָן אין דער פינצטער מיט צוויי פינגער, ברענגט די פינגער צום מויל, גיט זיי אַ קוש און ווערט פאַרשוואונדן אין דער נאַכטיקער פינצטערניש.

ביילקע ווינטשט זיך, אַז די נאַכט זאָל זיך ציען און ציען אייביק, דער פרימאָרגן זאָל קיינמאָל ניט קומען, ווער די מאַמע זי ניט דאַרפן אוועקפירן צו דער אַרבעט. זי נורעט זיך איין אין קישן, ווי זי וואָלט געזוכט דאָרטן אַ באַהעלטעניש.

זי זיצט ביים טייך... די הויכעביימער אַרום טייך שפּאַרן אונטער דעם בלויען הימל און שפּיגלען זיך אָפּ אין דעם קלאָרן דורכזיכטיקן וואַסער... אַ גרינער פּלושענער גראָז־פּלאַך איז אויסגעשפּרייט ווי ווייט דאָס אויג קען זען. ביילקע זיצט אין אַ שיפל אויפן טייך מיט איר קוזין אַרקע. ער כאַפּט פיש אין נעץ.

ביים טייך אויפן גרינעם גראָז טאַנצן מיידלעך. זייערע פּנימער זיינען זון־צעלויכטן. אין די האָר טראָגן זיי קראַנצן בלומען. אָנגע־טאָן זיינען זיי גאָר אין ווייסע טולן, דורך וועלכע עס זעען זיך אַרויס

זייערע שלאַנקע יונגע קערפּערס. אין די הענט האַלטן זיי גרויסע בלומען קראַנצן פון פאַרשיידענע קאָלירן.

זיי וואַרפן איבער די קראַנצן אויף דער צווייטער זייט טייך צו די יונגע בחורים... בלומען און יוגנט — אַלץ ווערט איינגעפלאָכטן אין איין גרויסן קאַראַהאָד אַרום דעם טייך. און דער טייך קוקט אַרויף קלאָר און דורכזיכטיק און טאַנצט־מיט... און מאָדנע, די מוזיק קומט ניט פון קיין קלעזמערשע פּייקלעך, פייפלעך און פידלען, נאָר פון רוישן פון טייכיקן וואַסער, פון ווינט אוןביימער, פון פייגעלעך אין די קוסטעס בלומען. די פיש טאַנצן אַריין אין נעץ צום טאַקט פון דער מוזיק. אַלץ אַרום איז אין אַ ראָזעווער ליכטיקייט — ניי, שיין, יונג — און ביילקע קען אירע אויגן ניט אָפּרייסן פון דעם וואונדערלעכן בילד.

און אָט דערקענט זי די פּנימער פון די אין ווייסן־טול איינגעהילטע טאַנצנדיקע בחורים און מיידלעך: עס טאַנצט שיינדל מיט הערשלען, און זייערע פיס שוועבן אין דער לופטן. עס טאַנצט דעמיאַנקאָ. ווי יונג ער איז געוואָרן! זיינע ברייטע לייוונטענע פלודערן מיט זיין ווייסער מיט בלומען אויסגענייטער רובאַשקע איז געפּאַכעט פון ווינט. דאָבע טאַנצט אויך אין קאַראַהאָד. וואו זיינען אַהינגעקומען אירע האָרבעס? זי איז אַזאַ הויכע, אַ גלייכע, און אירע גרויסע אויגן מיט איר הויכן שטערן פרייען זיך מיטן צוריקקומען פון איר מאַן שמערל. און ער, מיט זיינע הענט צעשפּרייט ווי די פליגלען, בעט זיך ביי איר זי זאָל אים מוחל זיין. דאָבע וואַרפט מיטן קאָפּ, אַז זי איז אים מוחל... און אָט זיינען אַלע ביילקעס חברטעס — צוזאַמען שפּענער געטראָגן פון דער הוטע. זיי טאַנצן אויך. עס טאַנצט רייזל מיט מיכלען. אַפילו די מאַמע און כאַשע טאַנצן — אַזוי יונג און שיין זיינען זיי געוואָרן! שענער פון אַלע טאַנצן די חדר־ייִנגלעך. זיי שפּרינגען אַזוי פריי, שפּרינגען ווי די פייגעלעך. הימל איז אין מיטן צווישן זיי אַלע. זיינע העל־בלויע אויגן זיינען צעשיינט ווי דער בלויער הימל. פריידיק פירט ער אָן דעם טאַנץ מיט אַ שטעקעלע, וואָס ער האַלט אין האַנט, צום טאַקט פון די פיש אין טייך און די פייגעלעך אין דערלופטן.

אָט שפּרינגט־אויף אַ גרויסער העכט פון וואַסער, גיט זיך אַ הויב, אַ דריי אין דער לופטן און פליוך! צוריק אין וואַסער אַריין. דאָס וואַסער צעשפּרייט זיך אין אַ קאָלירפולן פאָנטאַן אַרום וועלכן די יוגנט טאַנצט, און אַ געלעכטער אויסגעמישט מיט געזאַנג פאַרהילכט די לופט. אויך ביילקע צעזינגט און צעלאַכט זיך, משיח בן דוד איז גע־

קומען אויף זיין ווייסן פערד, דער לויתן, דער שור הבר ווערט צו דער סעודה פֿאַרגרייט!...״

פלוצלונג ווערן אַלע פֿאַרשטומט... דער הימל האָט זיך מיט אַ וואָלקן פֿאַרצויגן. פון וואָלקן זיינען אַרונטערגעפֿאַלן צוויי הארבעס, זיך געזעצט אויף דאָבעס פּלייצע, אויפן האַרצן... די טענצער צעפליען זיך אין שרעק... דאָבע גיט ביילקען אַ נאָדל מיט אַ לאַנגן פֿאָדים און הייסט איר פֿאַרסטריגעווען אַ נאָט. די נאָדל שטעכט זיך אַריין אין ביילקעס פינגער. עס גיסט בלוט... ס׳טוט אַזוי ווײ... זי וויל שרייען און קען ניט...

„חלומות!״ טרייסלט די מאַמע ביילקען ביים אַקסל. „שטיי אויף! שוין האַלבער טאָג. דאַרפֿסט באַלד גיין צו דער אַרבעט!״

דערהערט „אַרבעט״, האָט זיך ביילקע אויסגעטשוכעט, און עס האָט איר ביטער פֿאַרדראָסן, וואָס איר שיינער חלום האָט געהאַט אַזאַ שלעכטן סוף.

„נו, חלומסט נאָך אַלץ, ביילקע?״ זאָגט די מאַמע און שטעלט אַרויף הייסע ציקאָריע אויפן טיש.

„מאַמע, ס׳האָט זיך מיר געחלומט אַ שיינער חלום. ער האָט אָבער געהאַט אַ שלעכטן סוף״, זאָגט ביילקע און נעמט זיך קייען דעם אָנבייסן.

די מאַמע ענטפֿערט איר ניט. אירע געדאַנקען זיינען איצט פֿאַר־נומען מיט בילכערע זאַכן: — וואו נעמט מען אויף דורכקומעניש?

ביילקע פֿילט זיך עלנט, געקרענקט. ס׳פֿאַרדריסט איר פֿאַרוואָס די מאַמע קוקט זיך אַפֿילו ניט אום אין איר ווינקל. זי ווייס נאָך ניט, אַז אין אַ שווערן לעבן איז ניטאָ ביי די מאַמעס קיין געדולד און קיין צייט זיך צו רעכענען מיט קינדערשע געפילן. „מאַמע״, רעדט ביילקע שטיל און פֿאַרשולדיקט, „מאַמע, עמעצער וואָלט מיר געדאַרפֿט באַ־שיידן מיין היינטיקן חלום״. און זי שלינגט אַרונטער דעם לעצטן ביסן צוזאַמען מיט אַ באַהאַלטענער ביטערקייט קעגן איר שטרענגער, פֿאַרהאָרעוועטער מאַמע.

„מ׳עט שוין באַשיידן״, זאָגט די מאַמע און נעמט איר שאַל אויף די אַקסלען. „דערוויל קום, ס׳ווערט שפּעט״.

אַרויס אויף דער פֿרישער פֿרימאָרגנדיקער לופֿט, האָבן מאַמע און טאָכטער פֿריי אָפּגעאָטעמט.

„ביילקע, געדענק, אַז דאָס מאָל איז אַנדערש ווי דעמאָלט, ווען איך האָב דיך אַוועקגעפֿירט צו דער אַרבעט צו דאָבען״, זאָגט די מאַמע,

און איר יעדער שווערער טראָט אויף דער ווייכער ערד וואָלט ווי צוגעשטימט: „אַנדערש... אַנדערש!"

ביילקע ווייס. זי פילט, אַז איצט איז אַנדערש. די מאַמע פירט זי שוין מער ניט פאַר דער האַנט ווי דעמאָלט. זי האָט זיך אויסגעלערנט צו טראָגן שיך, ווען מען מוז. און כאָטש עס איז נאָר אַ פּאָר חדשים זינט די מאַמע האָט זי געפירט צו דאָבע דער בייטאָרין, פילט זי זיך איצט אַ סך עלטער. אויך די מאַמע מוז דאָס פילן, ווייל זי רעדט צו איר איצט ווי צו אַ דערוואַקסענער מיידל.

„ניט אַלע קענען אָנקומען צו יעקב דעם שניידער", רעדט די מאַמע אין דער קאַלטער לופט אַריין, אַז ביילקע זאָל הערן. „אַ קלייניקייט — אַזאַ טייערער בעל־מלאכה, אַזש פון פּאַריז! ווען ער איז געקומען אַהער צו גאַסט צו זיין פעטער שמעון, איז אים גאָרניט איינגעפאַלן, אַז ער וועט חתונה האָבן מיט ליבען און שוין פאַרבלייבן דאָ. עס איז באַ־שערט דעם שטעטל צו האָבן אַזאַ טייערן דאַמסקן שניידער. פון אָנהויב האָט זיך ליבע געקווענקלט, ניט געוואָלט אים — אַ שלעכטער, קאַרגער מענטש. נאָר וואָס האָט זי נעבעך געקענט טאָן, אַן אָרעמע יתומה? קיין נדן ניט געווען. קיין גרויסע שיינהייט איז זי אויך ניט, אָבער אַ גוטע מאָדיסטקע. האָט איר די מאַמע איינגערעדט". און דאָ כאַפּט זיך די מאַמע, אַז עס פּאַסט ניט צו ריידן פאַר אַ קינד פון קאַרגע ניין יאָר וועגן אַזעלכע זאַכן. ווערט זי אַנטשוויגן און עס הערן זיך נאָך בולטער אירע שווערע פוס־טריט אויף דער ווייכער זאַמדיקער ערד, וואָס הייבט זיך אויף אין אַ דינעם שטויבעלע און גייט זיי נאָך ביז די לופט שלינגט דאָס ביסלעכווייז איין.

„אָט איז שוין די שטוב", זאָגט די מאַמע, ווען זיי קומען צום ראָג גאָס, וואו עס שטייט אַ גרויסע שטוב מיט גרויסע פענצטער און קליינע פאָרטיטשקעס, וואָס זומער־צייט זיינען זיי אָפן און מען קען הערן אי־בערן גאַנצן גאָס דאָס קלאַפּן פון עטלעכע ניי־מאַשינען.

„אַ גוט מאָרגן אייך, רב יעקב", זאָגט די מאַמע ביים אַריינקומען אין שטוב.

יעקב שאָקלט־צו מיט זיין קליינעם שוואַרצן קאָפּ ווי ער וואָלט געוועזן צו קאַרג אַרויסזאָגן דעם „גוט יאָר".

די עטלעכע מיידלעך, וואָס זיצן אַרום טיש און נייען, גיבן זיך מיט די אויגן אַ וואָרף אויף ביילקען מיט איר מאַמען צו זען וואָס וועט דאָ פאָרקומען. נאָר זיי זעען ווי דער באַלעבאָס קוקט אויף זיי שאַרף, גראָבן זיי צוריק איין זייערע אויגן אין געניי.

פון שלאָף־צימער הערן זיך דינע שטימעלעך פון קליינע קינדער.

„אָט די קינדער וועל איך דאָס דאַרפן ניאַנטשען", קלערט ביילקע און טוליעט זיך נעענטער צו איר מאַמעס זייט.

יעקב דער שניידער איז אַ פּעטלעכער, אַ נידעריקער, אַ שוויגנ־דיקער. זיין קורצע האַרט־שוואַרצע באָרד איז אונטערגעשוירן. זיינע קליינע שוואַרצע אויגן וואַרפן זיך אין אַלע ווינקעלעך פון שטוב, און ווי אַ שוואָם זאַפּן זיי אַריין אַלץ, וואָס קומט פאָר אַרום טיש. און ווען ער קוועטשט זיינע נאָז־לעכער מיט זיינע פּאַפּיראָסן־פאַרגעלטע פינגער, ווייסן שוין די מיידלעך, אַז ער קלייבט זיך עפּעס צו זאָגן, און עס ווערט טויט־שטיל.

„זעצט זיך, פראַדל", רוקט ליבע אונטער אַ שטול דער מאַמען, און אירע גרויע אויגן מיטן ברייטן מויל צעציען זיך אין אַ שמייכל. צוליב איר הויכן וואוקס און שטענדיקן זיצן איבערן גענייי, איז איר פּלייצע אויסגעבויגן. אירע שוואַרצע האָר, גלאַט פאַרקאַמט מיט אַ לאַנגן שרענגל פון פאַרנט, מאַכן איר לאַנגע נאָז אויסזען נאָך לענגער. זי ליגט אָפט אין קימפּעט — ליגט אָפּ אַ וואָך, צוויי, און דערנאָך נעמען איבער די לערן־מיידלעך די אַרבעט פון וואַשן ווינדעלעך און ניאַנ־טשען די קינדער.

חיה שרה, אַן עלטערע מיידל, נעמט אַרונטער אויף אַ רגע אירע אויגן פון דער זיידענער קאָלדרע, וואָס זי האַלט אין נייען, און קוקט אויף ביילקען. ביילקע דערפילט איר בליק, רייסט זי אָפּ אירע אויגן פון שליסל־לאָך און קוקט אויף חיה שרהען און אויף דער גלאַנציקער זיידענער קאָלדרע, וואָס יעדעס שטעכעלע איז ווי אַ קליינע גריבעלע... אַזויפיל גריבעלעך... און אין אַזעלכע שיינע אויסגענייטע בלומען...

ביים צווייטן זייט טיש, שטייט פּעטיע מעטיעכעס יינגל נאָטע און בלאָזט אין לאָך פון אַ פּרעס־אייזן ס'זאָלן זיך צעזשאַרען די קוילן, און עס פליען אַרויס פונקען פון העלדזל. באַשקע, אַ לערן־מיידל אין ביילקעס עלטער, און טאַקע ביילקעס חברטע, ניאַנטשעט די קינדער אין שלאָף־צימער.

ביים שניידער־טיש, ווי אין שלאָף־צימער, ווערט אַלץ געטאָן שטיל, אָן רייד. און אויב די שניידער־מיידלעך ריידן צווישן זיך, גיט יעקב דער שניידער אַ קוק אויף זיי און אַלץ ווערט צוריק שטיל — אַזוי שטיל, אַז מען קען הערן ווי די נאָדלען פון די ניי־מאַשינען שטעפּן און טאַנצן אַרויף און אַראָפּ אין אַ מאָנאָטאָנעם קלאַנג, ווי זיי וואָלטן געוואָלט איינשלינגען די שטאָפּן אונטער זיך.

יעקב דער שניידער גיט אַ קוועטש די נאָז־לעכער מיט זיינע פאַרגעלטע פינגער, שטעלט אָן זיינע קליינע שוואַרצע אויגעלעך אויף ביילקען און פרעגט דער מאַמען: „ווי אַלט איז אייער ביילקע?"

„קומענדיקן חנוכה צום דריטן ליכטל ווערט איר ניין יאָר, ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר", זאָגט די מאַמע און מאַכט זיך גרייט ענטפערן אויף דער צווייטער פראַגע.

„זאָגט זשע מיר, פראַדל", גלעט יעקב זיין שוואַרצע באָרד מיט זיין ווייסער קליינער האַנט, „זאָגט מיר נאָר", ציילט ער זיינע ווערטער און נעמט־דורך ביילקען מיט זיינע אויגן, „איז אייער ביילקע שטענדיק אַזאַ פאַרטראַכטע?"

די מאַמע, ווי אַ שלאַנג וואָלט איר אַ ביס געטאָן, גיט זיך אַ צאַפּל. „גאָט זאָל אָפּהיטן! עס איז נאָר היינט... דעם ערשטן מאָל אין אַ פרעמדער שטוב... איר וועט זען, זי וועט זיך צוגעוואוינען".

„קומט, זייט מוחל, אין צווייטן צימער", זאָגט יעקב צו דער מאַ־מען און מען פירט זי אַריין אין זיין סאַלאָן, וואו ער באַטראַכט די לעצטע פאַסאָנען און שניידט צו די קליידער. דאָרטן באַמערקט ביילקע אויף דער טיר אַ שלאָס מיט עפּעס זייער אַ גרויסער שליסל־לאָך. אַזאַ גרויסע שליסל־לאָך האָט זי נאָך קיינמאָל ניט געזען.

„הערט זשע מיך אויס, פראַדל", זאָגט יעקב און קוקט דערווייל דורכן שליסל־לאָך, צי די אַרבעטער אין צווייטן צימער ביים לאַנגן שניידער־טיש ריידן ניט צווישן זיך, „אויב איר זייט צופרידן מיר אָוועקצוגעבן אייער ביילקען אויף פינף יאָר צייט, איז דער געשעפט גע־שלאָסן מיטן באַדינג, אַז דריי יאָר וועט זי זיך לערנען די אַרבעט. דעם פערטן יאָר וועט זי קריגן צען רובל און דעם פינפטן יאָר, אויב זי איז גוט אין דער אַרבעט, גיב איך איר פינף־און־צוואַנציק רובל. ביי מיר מוז מען זיך אויסלערנען אַרויסגעבן אַ גוט שטיקל אַרבעט. איר מעגט זיין זיכער, פראַדל, אַז אירע פינגער וועלן זי מאַכן פאַר אַ מענטש". מיט אָט־די ווערטער עפנט ער אויף די טיר און זאָגט: „אַ גוטן טאָג... און דו, ביילקע, גיי דאָרטן צום טיש", וויזט ער אָן מיט זיין געלן פינגער אויפן שניידער־טיש, וואו די מיידלעך זיצן מיט זייערע קעפּ אַריינגעגראָבן אין געניי — ווער ביי אַ קלייד, אַ מאַנטל, אַ קאָלדרע, אָדער גאָר ביי אַ שמאַטקע, אויף וועלכער די אָנפאַנגער „ברעכן־איין" די פינגער.

די מאַמע האַלט זיך ביי דער קליאַמקע פון טיר. זי קוקט ווי

חיה שרה גיטביילקען אַ פינגערהוט, אַ שמאַטקע, אַ נאָדל־פּאָדים און הייסט איר שטעכן.

ביילקע דערמאָנט זיך אָן איר שיינעם חלום מיטן שלעכטן סוף. זי ווערט אומרואיק. די נאָדל גליטשט זיך אַרויס פון איר האַנט און פאַלט אַראָפּ אונטערן טיש. זי קריכט אַרונטער אונטערן טיש, שאַרט מיט די הענט, זוכט די נאָדל איבער דער פּאָדלאָגע, איבער דעם שטויב. אַ טרער פון אויג פאַלט אַרונטער און מישט זיך אויס מיטן שטויב.

דער מאַמעס שווערער טראָט אויף דער פּאָדלאָגע און אַ דומפּער קלאַפּ פון אַ פאַרמאַכטער טיר האָט אָפּגעקלונגען אין ביילקעס אויערן. עס האָט זיך איר אויסגעדוכט, ווי די מאַמע וואָלט זי איבערגעלאָזט אין אַ גרויסן זומפּיקן וואַסער, אין וועלכן זי וועט מוזן אַליין שווימען. דער שיינער קינדערשער ברעג האָט זיך אָפּגעריסן און דער אַנדערער ברעג איז פינף יאָר ווייט. אַ שרעק האָט זי אַרומגעכאַפּט.

אַ לעבן אָן אומעטיקס, אַ שווייגנדיקס, הינטער פאַרשפּאַרטע ווענט האָט זיך אָנגעהויבן פאַר ביילקען.

## שלייפן לעכלעך

שווער איז געווען ביילקען צו דערוואַרטן זיך פון איין שבת ביזן צווייטן. לאַנגע אינדערוואָכנס האָבן זיך פאַר איר געצויגן ביים ניאַנ־טשען קינדער, נעצן פאַרע־טיכער, הייס מאַכן פּרעס־אייזנס, גיין גאַנגען. אָבער צו לערנען זיך נייען איז נאָך אַלץ ניט געקומען. דערפאַר אַז עס איז געקומען דער שבת, פלעגט ביילקע נעמען אַ בוך אויף פראַ־קאָט פון שייע דעם העברייאישן לערער, וועלכער האָט געהאַט עטלעכע זשאַרגאָנישע ביכער, און פאַר אַ פאָר קאָפּיקעס האָט מען זיך געקענט גוט אָנוויינען אָדער אָנלאַכן. צום בעסטן האָט ביילקע ליב געהאַט צו לייענען צויבער־מעשיות, וואו מען פאָרט אויס אַ וועלט מיט שטעט; באַגדאַד איז געוואָרן איר באַליבטסטע שטאָט.

און ווידער איז דער אינדערוואָכן געקומען, און ווידער האָבן אַלע אין מאַסטערסקאַיע אָפּגעלאַכט פון איר שטענדיקן פאַרטראַכט־זיין. קיינ־מאָל איז זי ניט געווען זיכער צי טוט זי עפּעס ווי ס'באַדאַרף צו זיין, צי זאָגט זי אַ וואָרט, פון וועלכן מ'עט ניט לאַכן. שטענדיק האָט זי גע־פילט, אַז אַלע באַריידן זי, אַז אַלע שושקען זיך וועגן איר. זי האָט זיך געפילט אומבאַהאָלפן און מורא געהאַט אַז אַזאַ וועט זי שוין אויף שטענ־דיק פאַרבלייבן.

איינמאָל איז דער באַלעבאָס געוואָרן גוט צו ביילקען. האָט ער גע־הייסן חיה־שרהן זי זאָל איר ווייזן ווי צו האַלטן אַ נאָדל אויפן פינגער־הוט. האָט זיך די נאָדל אַרונטערגעגליטשט פון פינגערהוט און אַ שטאָך געטאָן ביילקען אין פינגער. אויף מאָרגן איז דער פינגער געוואָרן גע־שוואָלן און אָנגעריסן מיט אַ געלער מאַטעריע. עס האָט אין פינגער געשטאָכן ווי מיט נאָדלען און ער האָט זיך ניט געוואָלט היילן. האָט דער פעלדשער געהאַקט די מכה. די מאַמע האָט געבראַכט קישקעלעך פול מיט קויט פון יאָשע קצב און אַרויפגעצויגן אויפן פינגער. איז די גאַנצע האַנט געוואָרן געשוואָלן. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז דער פינגער היילט זיך.

ביילקע איז צוריק געגאַנגען אַרבעטן און האָט ווידער פאַרשטאָכן אַ פינגער. און אַלץ האָט זיך פון דאָס ניי איבערגעחזרט, ביז אַלע צען פינגער האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון האַקן מכות און פון טראָגן פאַר־שטונקענע קישקעלעך.

„אַז אַלע דיינע צען פינגער האָבן אָנגעריסן, וועסטו שוין איצט ווערן אַ פאָלנע שניידערקע“, זאָגט איינמאָל חיה שרה און מיט אירע דינע פינגער בייגט זי איבער ביילקעס מיטלסטן פינגער פון איר רעכטער האַנט. „אָט אַזוי טו אַריין די נאָדל אין לעכעלע פון פינ־גערהוט, וועט זי זיך ביי דיר ניט אַרונטערגליטשן“, זאָגט זי איר אָן מיטן האַרבן וואָרט.

חיה שרה ווייסט ווי מ׳צן האַלט אַ נאָדל אויפן פינגערהוט. שוין אַ פאָר טוץ פינגערהוטן האָט זי דורכגעשטאָכן אין די פופצן יאָר דאָ ביים שניידער־טיש. נאָר ביילקען דאַרף מען ערשט לערנען. נעמט זי אַ שטאַרקן גראָבן פאָדים, בייגט איבער ביילקעס מיטלסטן פינגער אַזוי שטאַרק, אַז ער זאָל זיך ניט קענען אויסגלייכן, און פאַרבינדט אים דערנאָך. זי ציט אַריין אַ פאָדים אין נאָדל, טוט אָן דעם פינגער־הוט אויפן שפּיץ פינגער און הייסט ביילקען נייען.

די נאָדל גליטשט זיך צווישן ביילקעס פאַרשוויצטע פינגער. אַ שוויס באַפאַלט זי. די שמאַטקע, אויף וועלכער די נאָדל שטעכט, ווערט אויסגעווייקט אין שוויס. מיטאַמאָל גיט זיך די נאָדל אַ גליטש אַראָפּ פון פינגערהוט און אַ שטאָך אין פינגער. ביילקע פאַרשעמט זיך, לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ, סמאָטשקעט אויס מיט די ליפּן די פאָר טראָפּן בלוט וואָס דער שטאָך האָט געבראַכט און נייט ווייטער.

און אַזוי איז דאָס צוגעגאַנגען עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד ביז ביילקעס פינגער זיינען שוין געווען איינגעבראָכן און מען האָט זיך שוין אויף

זיי געקאָנט פאַרלאָזן. אַז מען האָט אָפּגעבונדן דעם פאָדים פון פאַר־שטייפטן פינגער, האָבן זיך אָנגעזען בלויע, איינגעגראָבענע פאַסיקלעך אויפן פינגער, און דאָס האָטביילקען דערמאָנט אין נאָטקעס צעפּאַ־סעוועטן געזעסל...

צירל, נאָטקעס מאַמע, איז איינמאָל געקומען צו יצחק־יעקבן אין חדר אַריין גראָד דעמאָלט, ווען ער האָט געהאַלטן אין שמייסן איר יינגל. ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן מלמד, אַרויסגעריסן איר יינגל פון זיינע הענט און געבראַכט אים צו ביילקעס טאַטן. „איך האָב געהערט, אַז איר שלאָגט ניט אייערע תלמידים. טאָ נאָט אייך מיין נאָטקען. זעט וואָס דער קאַטערזשאַן האָט געטאָן צו מיין קינד", האָט צירל אָפּגעשפּיליעט נאָטקעס הייזלעך, אים אַריבער־געלייגט אויפן שויס און געוויזן דעם מלמד דאָס צעפּאַסעוועטע קינדער־שע געזעסל. דאָס יינגל אָן איבערגעקערטער אויף זיין מאַמעס שויס, האָט געדריגעט מיט די פיסלעך אין דער לופטן און געשריגן אַ פאַר־שעמטער: „אוי, מאַמע, לאָז מיך אָפּ!"

„פאַרוואָס האָסטו זיך פאַרטראַכט, ביילקע? פאַרוואָס נייסטו ניט?", פרעגט חיה שרה.

ביילקע כאַפּט זיך אויף ווי פון שלאָף. „אַ, גאָרניט", זאָגט זי אַ פאַרשולדיקטע און נעמט זיך צום נייען. און די נאָדל האַלט זיך אויפן פינגערהוט, און עס בייט זיך.

*
**

די זון איז אויפגעגאַנגען און ווידער פאַרגאַנגען. אַנדערע טעג איז די זון אין גאַנצן ניט אַרויסגעקומען. טעג זיינען געלאָפן און אין וואָכן זיך געפּלאָכטן, די וואָכן אין חדשים — און אָט זיינען שוין צוועלף חדשים אַוועק זינט יענעם פרימאָרגן, ווען די מאַמע האָט ביילקען אַהער געבראַכט און געשלאָסן אַ פינף־יאָריקן קאָנטראַקט מיטן שניידער צו מאַכן ביילקען פאַר אַ שניידערקע. אַ יאָר איז אַוועק, און ביילקע טראָגט נאָך אַלץ פּאַמויניצעס, ניאַנטשעט די קינדער, ציט פּאַסטריגעס, און האָפּט אויף דער צייט, ווען זי וועט זיצן גלייך מיט די גרויסע ביים טיש און נייען.

דער באַלעבאָס פאַרוואָרפט די שניידער־מיידלעך מיט אַרבעט. נאָר צען טעג פאַרבליבן צו ראש השנה, און אַרבעט איז דאָ איבערן קאָפּ! אין אַזעלכע טעג גייען די עלטערע שניידער־מיידלעך אַהיים

זיבן אַ זייגער, עסן אַפּ וועטשערע און קומען צוריק אַרבעטן ביז צוועלף אַ זייגער ביינאַכט ביים בליך־לאָמפּ. די לערן־מיידלעך גייען אַהיים פריער, מיט דער האָפענונג, אַז אין אַ יאָר אַרום, ווען זיי וועלן שוין קריגן די צען רובל אַ יאָר, וועלן זיי אויך ווערן גרויסע און אַר־בעטן גאַנצע נעכט אין דער וואָך פון ערב ראש השנה.

יעקב דער שניידער האָט אַריינגעקוקט דורכן שליסל־לאָך, געזען אַז ס'איז שטיל ביים טיש — אַלע מיט די קעפּ אין געניי, איז ער גע־ווען צופרידן. מיט דראָבנע טריט איז ער אַרויסגעקומען פון זיין צו־שנייד־צימער, פאַרדרייט אַ פּאַפּיראָס און מיט זיינע צוויי געלע פינגער אַ קוועטש געטאָן די נאָז־לעכער. די מיידלעך פאַרשטייען, אַז דער באַלע־באָס איז איצט גוט אויפגעלייגט, אַז ער וויל עפּעס זאָגן. מורא און אָפּשיי זיינען אויסגעדריקט אויף אַלעמענס פּנימער. אַ צופרידן שמיי־כעלע שפּילט זיך אין די ווינקלען פון זיין מויל. זיינע קליינע שוואַרצע אויגן זיינען אָנגעשטעלט אויף די לערן־מיידלעך, באַשקע און ביילקע. מיט אַ קול פון חוזק און אָפּלאַכעריי זאָגט ער: „קינדער, מיר האָבן היינט מיניגעס. אַ קיילעכדיקער יאָר אַז ביילקע איז מיט אונדז. באַשקע איז שוין אַן אַלטע האַנט דאָ. מ'עט דאַרפן זיי ביידן געבן שטיקלעך אַרבעט מאַכן".

אַלע צעשמייכלען זיך, כדי דער באַלעבאָס זאָל זיך פילן גוט. בייל־קע שמייכלט ניט. זי פילט אַ ביטערע שנאה צו אָט דעם קורצן מענטשן מיט זיינע קליינע אייגעלעך, מיט זיינע צוויי געלע פינגער.

שאַרף קוקט ער אויף זיינע אַרבעטער און איז צופרידן מיט זיך, מיט דער איבערהאַנט, וואָס ער האָט אויף זיי. אַלע שטעלן אָן די אויערן צו הערן, וואָס דער באַלעבאָס וועט וויטער זאָגן, ווייל זעלטן איז יעקב דער שניידער אין אַ שטימונג פון ריידן. „רייד איז אַרויסגעוואָרפענער כוח און צייט. צייט איז נאָך טייערער פון כוח, ווייל כוח קומט נאָך אַמאָל צוריק — צייט קיינמאָל ניט." אַזוי פילאָזאָפירט יעקב דער שניידער, ווען ער איז אין אַ גוטער שטימונג.

„גרייט זיך, קינדער, פאַר דער ערב ראש השנה נאַכט אויפצוזיין. אַ סך אַרבעט פאַרבליבן אַרויסצוגעבן — מען מוז דאָס קאָנטשען!" און מיט זיינע קליינע פיס שאַרט ער זיך צוריק אַריין אין זיין צושנייד־צימער, וואו עס איז דאָ די גרויסע לאָך אין שלאָס.

חיה שרה האָט אויסגעלערנט ביילקען זי זאָל זי פאַרשטיין אויף שטום לשון. האָט זי געוואָלט זאָגן, אַז דער באַלעבאָס איז דאָ, האָט זי אָנגענומען מיט איין האַנט איר מאָרדע, ווי מען האַלט זיך ביי אַ באָרד,

און מיט דער צווייטער האַנט צוגעלייגט אירע פינגער צו די ליפּן. איז באַלד שטיל געוואָרן אַרום שניידער־טיש. האָט זי געוואָלט אַ טרונק וואַסער, האָט זי איין האַנט פאַרשטייפּט אין אַ פויסט און צוגעלייגט צום מויל און מיט אַ פינגער פון דער צווייטער האַנט צו דער קיך, איז געוואָרן אַ גלאָז וואַסער.

יאָר איין, יאָר אויס האָט חיה שרה אויסגעטראָטן איין און דעם זעלבן וועג — צו איר היים אין סוועטעוואָליער גאַס צו איר אַלטער מאַמען דער אלמנה, וועלכע האָט זי גוט צוגעזען מיט עסן, ביז איין טאָג האָט זיך איר מאַמע געכאַפּט, אַז איר חיה שרה ווערט פאַרעלטערט. און כאָטש די לעצטע צוויי יאָר קריגט שוין חיה שרה הונדערט רובל אַ יאָר, האָט זי קיין געלט פון אירע פאַרדינסטן ניט אָפּגעשפּאָרט. זינט איר פאָטער אברהמל דער שוסטער איז געשטאָרבן און האָט איבערגעלאָזט איר מוטער מיט דאָבען, אַ קאַליקע קינד פון פינף יאָר, איז זי געוואָרן די גאַנצע ברויט־געבערין. איז העניע גיטל געקומען אַ באַזאָרגטע צו בײלקעס מאַמען.

פראַדל האָט אָנגעשריבן פאַר העניע גיטלען אַ בריוול צו אַ ווייטער קרובה אין אַמעריקע מיט אַ בקשה, אַז זי זאָל שיקן חיה שרהען אַ שיפסקאַרטע. ס'איז געווען פון יענע בריוו, וואָס קען רירן אַ שטיין. איז אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער געקומען אַ בריוו מיט אַ שיפסקאַרטע פון אַמעריקע, און געשריבן האָט די קרובה, אַז חיה שרה זאָל באַלד קומען, און וועגן קריגן אַ חתן וועט קיין זאָרג ניט זיין. מען וועט זי דאָ אויסכאַפּן אָן אַ סענט נדן.

נאָך אַזאַ טייערן בריוו האָט זיך באַלד דער קלאַנג פאַרשפּרייט איבערן שטעטל, אַז חיה שרה פאָרט קיין אַמעריקע צו אַ רייכער קרובה. אַז די נייעס איז אָנגעקומען צו יעקב דעם שניידער, האָט ער דערפילט ווי עמיצער וויל אים אָפּשניידן זיין רעכטע האַנט. ער האָט זיך גענומען בעטן ביי חיה שרהען, אַז זי זאָל ניט פאָרן קיין אַמעריקע, וואָס ליגט ערגעץ אונטער דער ערד, אַז זי וועט נאָך, חלילה, פאַרפאַלן ווערן, קראַנק ווערן אין דער גרויסער אָפענער וועלט.

און חיה שרה קען ביי זיך ניט אָפּמאַכן וואָס זי זאָל טאָן — פאַרלאָזן אָט־דעם פלאַץ אין וועלכן זי איז אײנגעוואַקסן, אָדער אַוועקפאָרן אַזוי ווי מיכליע איר חברטע, וועלכע איז אַוועקגעפאָרן און שרייבט, אַז זי גייט דאָרטן אָנגעטאָן אין דער וואָכנס אַ סך שענער ווי די טעלעכאַנער מיידלעך גייען יום טוב; אַז זי עסט פון דאָס בעסטע און פאַרדינט זעכצן טאָלער אַ וואָך. דאָס איז מער ווי חיה שרה פאַרדינט דאָ אַ חודש. האָט

זי שטילערהייט, כדי ניט דערצאָרענען יעקב דעם שניידער, זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער לאַנגער רייזע קיין אַמעריקע.

יעקב דער שניידער איז שטענדיק געווען גוט צו חיה שרהען, איבערהויפּט ערב ראש השנה, ווען מען האָט געדאַרפט אויפזיין אַ גאַנצן טאָג מיט אַ גאַנצער נאַכט, און אַרויסקאַנטשען אַרבעט. אין אַזעלכע פּאַר־יום־טובדיקע טעג איז ער ווי אַ גוטער טאַטע צו חיה שרהען. נאָשן שוין במילא אַלע אַרבעטער פון זיין גוטסקייט. ער שפּאַסט און רעדט מיט אַלע אַרום שניידער־טיש און קוקט אויף חיה שרהען מיט עפּעס אַ ווייטאָק און זשעדנעקייט, ווי שמחה דער שוסטער קוקט אויף זיינע צוויי אַלטע קראַנקע טרייסלענדיקע הענט, וועלכע האָבן אים פּופּציק יאָר געדינט און איצט האָט זיך אין זיי אַ רומאַטיזם אריינגעכאַפּט.

„נאַ דיר, טאָטע, אַ צענערל. גיי צו וויכנען, קויף צוויי בייגל. דערביי איז דאָ שפּרינצעס שפּייז־קראָם. קויף אַן עפּעלע, זאָגט ער צום לערן־יינגל. און צו חיה שרהען זאָגט ער: „עפּעס זעסטו מיר היינט אויס בלאַס.“

אַלע אַרבעטער, אויך זיין ווייב, האָבן אָפּגעשטעלט דאָס וואַרפן אין דער לופטן זייערע הענט מיטן נאָדל־פּאָדים און אָנגעשטעלט זייערע אויגן אויף חיה שרהען, וועלכע האָט ניט געהאַט דאָס האַרץ איר קאָפּ אויפצוהויבן און קוקן דעם בעל הבית אין פּנים אַריין.

„באַשקע און ביילקע“, הערט זיך יעקבס טרוקענער קול, „ווער פון אייך עס וועט מאָרגן קומען פריער צו דער אַרבעט, וועט קריגן אויסצושלייפן לעכלעך אין אַט דעם מאַנטל.“ ער פּאַכעט מיט אַ וואַלע־נעם בלויען מאַנטל אין דער לופטן, ווי ער וואָלט געוואָלט מיט דעם פאַרטרייבן זיינע שווערע געדאַנקען פון חיה שרהס פאַרלאָזן אים.

באַשקע הויבט אויף אירע גרויסע ברוינע אויגן, וועלכע זיצן אין אַ ווייסהויטיק דורכזיכטיקן פּנים, און קנייטשט מיטן שטערן צו באַנע־מען די ווערטער, „שלייפן לעכלעך“, עפּעס אַ קליינינקייט — שלייפן לעכלעך! זי שטעקט אַרויס איר שפּיץ צינגל און רייצט זיך מיט ביילקען. זי דערמאָנט ביילקען אין אַ גרויער קאַץ מיט ווייסע לאַפּקעס, וואָס זי האָט אַמאָל געהאַט, און די מאַמע האָט די קאַץ פאַריאָגט, ווייל זי פלעגט שטענדיק אַרונטערלעקן די סמעטענע פון דער לאַדישקע זויער־מילך.

מיט אַ חניפהדיקן שמייכעלע זאָגט באַשקע: „גוט, רב יעקב, איך וועל קומען זייער פרי.“

„און וואָס זאָגסטו, ביילקע ?" קוקט ער פאַרשנדיק אויף ביילקעס פּנים.

„אַוודאי וועל איך דאָ זיין מאָרגן פּאַרפּרי", זאָגט ביילקע און קוקט מיט זשעדנעקייט ווי באַשקע שטעפּט אויפן מאַשין און די צווייטע מאַשין שטייט ליידיק. „איך וואָלט זייער געוואָלט אַמאָל אויספּרובירן אָט די ניי־מאַשין — עפּעס צום שטעפּן."

„חלומות !" שרייט אויס עלקע, ליבעס יינגערע שוועסטער, מיט אַ סך זומער־שפּרינקלעך אויפן פּנים און אויף די הענט. „מען רעדט צו איר פון קומען שליפן לעפלעך, פאַלט זי אַריין מיט שטעפּן אויף דער ניי־מאַשין."

אַלע צעלאַכן זיך, און ביילקעס פּנים ווערט רויט און פאַרשעמט...

אין דעם האַרבסטיקן פרימאָרגן האָט דער וואַנט־זייגער אויסגע־שלאָגן זיבן הייזעריקע קלונגען.

ביילקע לויפט צו דער אַרבעט. די פרימאָרגנדיקע קאַלטע אַלול־לופט צעבלאָזט די פּאָלעס פון איר אָפּגעטראָגענעם מאַנטעלע. דער ווינט רייסט און דרייט זיך אין אַ וויכער. דאָ איז ער אין פּנים, דאָ פון הינטן אין פּלייצע. יאָגט ער ביילקען צו גייך שנעלער.

זי איז זיכער, אַז זי וועט קומען הייַנט צו דער אַרבעט די ערשטע — פריער פאַר באַשקען. און דערנאָך וועט זי קומען אַהיים און אָנזאָגן דער מאַמען די בשורה, אַז זי דאַרף שוין מער קיין פּאַמויניצעס ניט טראָגן און ניט ביאַנטשען די קינדער אַ גאַנצן טאָג, ווייל זי קען שוין שליפן לעפלעך און זיצן ביים שניידער־טיש באַגלייך מיט די גרויסע.

מיט אַזעלכע פריילעכע געדאַנקען איז ביילקע אויף שנעל אַרויפ־געלאָפן אויפן קליינעם בריקעלע מיט די עטלעכע טרעפּלעך און אַריינ־געפאַלן אין שטוב אַ פאַרסאָפּעטע. מיט ברייט־צעעפענטע אויגן איז זי געבליבן שטיין ביי דער טיר און מיט גאַל און האַס אָנגעקוקט באַשקען, וועלכע איז שוין געזעסן ביים טיש און געוואַרט אַז חיה שרה זאָל אַריינקומען ווייזן איר ווי צו שליפן די לעפלעך אין מאַנטל. מיט אַ צופרידענעם שמייכעלע האָט זי געגלעט דעם בלויען מאַנטל, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן טיש מיט אַזאַ גאווה, ווי זיי וואָלטן זיך ביידע געוועט מיט ביילקען.

איז זי, הייסט עס, געקומען די ערשטע אין מאַסטערסקאַיע, קלערט ביילקע און שטייט ביי דער טיר אַ צעטומלטע, אַ פאַרשעמטע. איר האַרץ קלאַפּט שנעל. זי וויל מאַכן אַ פּאָר טריט צוריק, אַוועקגיין, קיינ־מאָל מער ניט אָנקוקן דעם שניידער־טיש — האָט זי מורא פאַר דער

מאַמען. זי וויל אַ שפּאָן טאָן פאַראויס און קען ניט, מיט אַמאָל האָט אַ בליץ געטאָן פאַר ביילקעס אויגן אַ גרויסע קלאָץ פאַדים אויפן טיש. ווי אַ שטאַרקער כוח וואָלט זי אַ שטויס געטאָן פאָרויס, איז זי צוגע־לאָפן צום טיש, אַ כאַפּ געטאָן די קלאָץ פאַדים און דאָס אַ וואַרף געטאָן באַשקען אין איר ביינערדיקער ברוסט.

„אוי, מאַמע!”, האָט באַשקע אַרויסגעלאָזט אַ ווייטאָקדיקן געשריי און זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט בײדע הענט צום האַרצן. איר פּנים פאַר־קרימט און בלוי, איז זי זיך פאַרגאַנגען אין אַ געוויין.

ביילקע האָט זיך געכאַפּט, אַז זי איז באַגאַנגען אַ גרויסע עוולה קעגן איר חברטע. אַ פּאַרודרוס צוזאַמען מיט אַ שטיקעניש אין האַלדז האָט זי אַרומגענומען און זי האָט אויך אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

„וואָס איז געשען?”, פרעגט ליבע, און לויפט אַרויס פון שלאָף־צימער האַלב פאַרשלאָפן און האַלב אָנגעטאָן. זי קוקט דאָ אויף די מיידלעך, דאָ אויף איר מאַן, וועלכער שטייט מיטן טלית אויף די אַקסלען און וואַרפט שטומע שפּיזיקע בליקן צו די „פרויען.” ער שאָקלט זיך און מורמלט אונטערן נאָז דאָס דאַווענען. ביילקע קוקט אויף אים מיט טרערן־פאַרלאָפענע אויגן. יעקב שניידער מיט זיין שוואַרץ אונטער־געשוירענער באָרד און זיינע קליינע ווייסע הענט, וואָס גלעטן אויס קליידער אויף ווייבערשע האַלב־נאַקעטע קערפּערס, דאַוונט גאָר... זי וואונדערט זיך, צי איז עס דאָס זעלבע דאַוונען, ווי דעם טאַטנס, אָדער ס'איז אַן אַנדערער דאַוונען, אַ שניידערשער. און עס דוכט זיך איר אויס, אַז דאָס דאַוונען אין זיין מויל וויינט און קרעכצט, אָט ווי איר חברטע וויינט און קרעכצט...

פאַמעלעך און געמיטלעך נעמט ער אַרונטער דעם טלית־און־תּפילין און לייגט זיי צוזאַמען. מיט דראָבנע טריטעלעך קומט ער צו צום שניידער־טיש. ער רעדט ניט, נאָר קוקט אויף די וויינענדיקע מיידלעך און שיקט גיפטיקע בליקן צו ביילקען. זיינע געלע פינגער קוועטשן די נאָז נערוועזיש. באַשקע וויזט מיטן פינגער אויף ביילקען און קען פון ווייטאָק און טרערן ניט ריידן.

עס קומט אַריין חיה שרה. זי בלייבט שטיין ביי דער טיר אין פאַרוואונדערונג און קוקט אויף די כליפּנדיקע מיידלעך. אירע דער־פאַרענע אויגן כאַפּן גלייך אויף וואָס דאָ איז פאַרגעקומען. זי טוט אויס איר מאַנטל. יעקב וויזט איר מיטן פינגער אויף די מיידלעך. זי שאָקלט־צו מיטן קאָפּ — זי וועט זיי שוין אויסגלייכן...

ווען אַלץ ווערט איינגעשטילט, און דאָס געניי ביים טיש איז אין

פולן גאַנג, שטעלט באַשקע אַן אויףביילקען אירע פוך־טרערן־רויטע אויגן און שרייט איר אַריין גלייך אין פּנים אַריין: „ספּאַדניצע!"

אַלע אַרום טיש שיסן־אויס אין אַ געלעכטער און ביילקע דערפילט ווי אַ היץ האָט איר אַ זעץ געטאָן אין פּנים. זי האָט שוין פיל מאָל געהערט דאָס זידל־וואָרט ספּאַדניצע. איין מאָל געדענקט זי, ווען איר מאַמע האָט זיך צעקריגט מיט זייער שכנה עלקען, האָט יענע געשריען אויף דער מאַמען, „ספּאַדניצע!", און דער מאַמעס פּנים איז רויט געוואָרן ווי פייער.

# „ספּאַדניצע"

ביילקע מאַכט אָפּ ביי זיך אויסצוגעפינען פון טאַטע־מאַמע, וואָס אַזוינס איז „ספּאַדניצע". זי מוז דאָס נאָך היינט אויסגעפינען!

מיט אַ נצחון־געפיל וואַרפט באַשקע איר האַנט מיט נאָדל־פאָדים און שלייפט לעכל נאָך לעכל און שיקט אַ פאַרגנבעטן בליק אין קיך, וואו ביילקע בלאָזט די הייסע קוילן אין פרעס־אייזן — אַ שטראָף פאַר ניט קומען פריער צו דער אַרבעט.

די ווייזערס פון וואַנט־זייגער האָבן זיך פאַוואָלינקע גערוקט אויפן ציפערבלאַט און צוגעקומען צום צוועלף.

ביילקע לויפט מיט שנעלע טריט אַהיים — ניט אַזוי צום וואַרעמעס, ווי אויסגעפינען פון דער מאַמען וואָס אַזעלכעס מיינט דאָס וואָרט ספּאַדניצע. עס לויפן־אַן חדר־יינגלעך, זייערע דינע שטימעלעך רייסן די לופט. זייערע באָרוועסע פיסלעך הויבן אויף אַ שטויב, וואָס פאַלט צוריק אויף זייערע פיס־טריט און ווערט דערטרונקען אין זאַמד. „ספּאַד־ניצע, ספּאַדניצע" — קלינגט באַשקעס קול אין ביילקעס אויערן.

זי ווייסט, אַז זיי האָבן שוין איין צונאָמען, „די באַרשטעס" — איז צו וואָס נאָך „ספּאַדניצע?" זי ווייסט, אַז אַלע יידן אין שטעטל האָבן צונעמען: מענדל ניסלען רופט מען „די קרופּניקעס", — און ניט נאָר אים, נאָר זיין גאַנצע משפחה, — ווייל קרופּניק איז ביליק, עסן זיי אַ גאַנצע וואָך נאָר קרופּניק. יאַנקלען רופט מען „יאַנקעלע גוי", ווייל ער איז ניט פרום. אייזיקן רופט מען „נעבעטיקער טאָג", צוליב זיינע לופטיקע פּרנסות. אברהם איטשע איז „מפליא־לעשות" ווייל ער איז פרום, וואַשט אָפּ זיינע הענט און זאָגט מפליא־לעשות. די באַלמעלאָכעס רופט מען וועדליק דער אַרבעט זייערער. פאַראַן אַלערליי צונעמען — שענערע און ניט קיין שיינע, אָבער „ספּאַדניצע" — דאָס איז עפּעס אַזאַ

סודותדיקער צונאָמען ... און פאַרוואָס ווערט די מאַמע און דער טאַטע און אַלע אַזוי פאַרשעמט ווען אימיצער רעדט אַרויס דאָס וואָרט „ספּאָדניצע״?

מיט אַזעלכע מאַטערנדיקע געדאַנקען איז ביילקע געקומען אַהיים עסן וואַרמעס.

פון עסן האָט זי זיך אָפּגעזאָגט. די מאַמע, וואָס איז לעצטנס געווען צופרידן מיט ביילקען, ווייל זי אַרבעט און באַקלאָגט זיך ניט אויף קיין זאַך, איז איצט געוואָרן אומרואיק. „אפשר א גוט אויג, ווער ווייסט?״, זאָגט די מאַמע. „נעכטן צו וועטשערע איז דאָ געווען העניע־גיטל, חיה שרהעס מאַמע. זי האָט דיר געקוקט גלייך אין מויל אַריין. די איינגעדאַרטע יידענע האָט אַזעלכע שלעכטע אויגן. יעדן מאָל ווען זי קומט אַריין צום עסן, ווייס איך שוין, אַז עמיצער וועט דאָ קראַנק ווערן.״ און די מאַמע שפּרעכט אָפּ ביילקען אַן עין הרע, שפּייט אויס אין ווינקל שטוב דריי מאָל, טאַפּט ביילקען די באַק און זאָגט: „אַוודאַי איז דאָס אַ גוט אויג. זע נאָר ווי ס׳ברענט איר דער פּנים״.

„מאַמע, איך האָב דיך עפּעס צו פרעגן...״ און ביילקע שטאַמלט, שעמט זיך אַרויסריידן דאָס וואָרט, פון וועלכן אַלע שעמען זיך. אין שטוב איז שטיל. די חדר־יינגלעך זיינען אַוועק עסן וואַרמעס. חיימל זיצט אין אַריינגאַנג צווישן שטאַל און שטוב און לייענט אַ דין ביכעלע. דער טאַטע וואַשט זיך צום עסן און די מאַמע, פאַרנומען מיטן אַרויפשטעלן אויפן טיש דעם וואַרמעס פון קאַרטאָפל מיט באָרשט, הערט זיך אפילו ניט צו צו ביילקען. ביילקע נעמט זיך אָן מיט קוראַזש און גיט מיטאַמאָל אַ פרעג: „מאַמע, פאַרוואָס רופט מען אונדז ספּאָדניצע?״ און דאָס קול אירס ציטערט.

ניט דערוואַרט אַזאַ פראַגע, גיט די מאַמע בייז אַ קוק אויף ביילקען, און איר פּנים ווערט אָנגעצונדן ווי אַ ברענענדיקע האָלעוועשקע. — נאָך אַ ווייל פון דערשטוינענדיקן שוויגן זאָגט זי: „ביילקע, וואָס פאַלט דיר איין צו פרעגן אַזאַ זאַך?״ זי וואַרט ניט אויף ביילקעס ענטפער און גיט צו: „אַז דו וועסט אַלץ וועלן וויסן, וועסטו שנעל אַלט ווערן.״

ביילקע איז גאָר ניט צופרידן פון דער מאַמעס ענטפער. באַשליסט זי, אַז זי מוז פרעגן דעם טאַטן ... דער טאַטע איז פאַרנומען מיט טונקען אַלטע סקאָרינקעס ברויט אין קאַלטן באָרשט. קייט ער דאָס שוואַרצע צעווייקטע ברויט מיט זיינע ציינלאָזע יאַסלעס און מאַכט זיך ניט הערנדיק וואָס ביילקע פרעגט דער מאַמען. נאָר ביילקע זעט ווי עפּעס אַ וואָלקן וואַלט זיך פאַרשפּרייט אויפן טאַטנס פּנים. זיינע אויגן קוקן

אויף ביילקען שטום און פאַרחידושט, און עס סאַפּט־אָן ביילקען אַ רחמנות אויפֿן טאַטן, ווי ער מאַטערט זיך נעבעך צו צעקייען דאָס ברויט.

„טאַטע, פאַרוואָס רופט מען אונדז ספּאַדניצע?" פרעגט ביילקע נאָכאַמאָל שוין מיט געבעט אין איר קול.

„ביילקע, פרעגסט שוין ווידער פראַגעס. וואָס טוט זיך דאָ מיט דיר? פאַרוואָס מאַטערסטו זיך מיט קשיות?", זאָגט דער טאַטע, און קייט דאָס צעווייקטע ברויט. עס דוכט זיך אויס ביילקען, אַז עס איז אים שווער דאָס אַרונטערצושלינגען.

„טאַטע, דאָס מאָל נאָר פאַרענטפער מיר מיין פראַגע, און איך וועל דיך ניט פרעגן מער קיין פראַגעס, אויף מיינע נאמנות", שווערט זיך ביילקע.

חיימל, וועלכער האָט געהערט, אַז עפּעס טומלט זיך אין שטוב, האָט באַהאַלטן זיך ביכעלע אין זיין ברודערס ברייטע פּלודערן, וואָס די מאַמע טראַכט פון איבערנייען זיי אויף חיימלס מאָס, און איז צוגעקומען צום טיש עסן ווי אַ גרויסער. דערהערט דאָס וואָרט ספּאָדניצע, בעט ער זיך אויך, אַ ביסעלע פאַרשעמט: „טאַקע, טאַטע, דערצייל, דערצייל."

דער טאַטע שווייגט, ווי ער וואָלט זיך געשלאָגן מיט דער דעה צי זאָל ער טאַקע די קינדער דערציילן אָדער ניט. „עס איז אַ לאַנגע מעשה... אַן אַנדערש מאָל... שפּעטער, אַז איר וועט עלטער ווערן", זאָגט דער טאַטע.

„עס ווערט שפּעט, ביילקע", זאָגט די מאַמע און קוקט אומגעדולדיק אויפֿן וואַנט־זייגער. און ווי עס וואָלט איר געווען שווער צו הערן דעם שמועס צווישן ביילקען און דעם טאַטן, לאָזט זי אויס איר כעס צו די הינער, וואָס פּלאָנטערן זיך אונטער די פיס און קלייבן־אויף די ברעקלעך פון אונטערן טיש. „אַ קיש, קיש!", פאָכעט די מאַמע מיט איר פאַרטוך איבער די לויפנדיקע הינער, וואָס האָבן זיך אַריינגעכאַפּט דורך דער אָפענער טיר. און ביילקע איז צופרידן, וואָס די מאַמע מיט די הינער זיינען שוין אויף דער צווייטער זייט שוועל. דער טאַטע האָט אויך פריי אָפּגעזיפצט...

נאָך אַ קורצן שווייגן, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן צו דער סטעליע, אַ רייב געטאָן דעם שטערן, און שטיל אומווילנדיק אָנגעהויבן דערציילן:

„דאָס איז געווען אין דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, דעם איצטיקן קיסרס זיידע. איך בין דעמאָלט געווען אַ יינגל פון אַ יאָר צען. האָט דער קייסער אַרויסגעגעבן אַ פּריקאַז מען זאָל נעמען אַזוי

פיל און אַזוי פיל יידישע יינגלעך פאַר סאָלדאַטן. מען האָט אים געמוטשט דינען גאַנצע פינף־און־צוואַנציק יאָר. געוויינטלעך האָבן זיך גבירישע קינדער אויסגעקויפט פון דינסט. עס האָט דעריבער שטענדיק אויס־געפעלט צו דער צאָל, וואָס יידן האָבן געדאַרפט צושטעלן. האָט קהל אַרויסגעהאַלפן ..." דער טאַטע ווערט אַנטשוויגן ווי ער וואָלט זיך פאַרשעמט פאַר זיינע אייגענע רייד.

„איז וואָס־זשע פלעגט מען טאָן?" פרעגט ביילקע, און דעם טאַטנס פנים ווערט ווי מיט אַ וואָלקן פאַרצויגן.

„וואָס מען האָט געטאָן, פרעגסטו, מיין קינד?" ער ציט־אויס זיינע ווערטער ווי עס וואָלט אים געווען שווער צו ריידן. „קהל האָט אַנגע־דונגען כאַפּערס. יאָ, עס זיינען געווען כאַפּערס ביי יידן", זיין קול האָט געציטערט. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט גרויסע טראָפּן טרערן, און ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

„דערצייל, טאַטע", בעט זיך חיימל.

„אַן אַנדערש מאָל", גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט ווי ער וואָלט געוואָלט פאַרטרייבן זיינע געדאַנקען פון זיך און נעמט זיך צום ספר.

„איך בעט דיך, טאַטע, דערצייל", בעט זיך ביילקע, און רוקט זיך צו נעענטער צו אים.

דער טאַטע גיט אַ זיפץ, שאַרט אָפּ דעם ספר אויפן טיש, און הויבט אָן ווייטער דערציילן:

„מיר האָבן דעמאָלט געוואוינט אין דאָרף וויאַדע. מיין זיידע, אייער עלטער־זיידע, האָט דאָרטן געהאַלטן אַ הויף אין אַרענדע פון אַ פּריץ. אין אַ שיינעם זומער־טאָג שטיי איך אַזוי אויפן מיטן גאַס און קוק זיך צו די גרינע פעלדער, די ווייץ העכער פון מיר. קוק איך אַזוי אויף דער שיינער וועלט, וואָס גאָט האָט באַשאַפן. מיט אַמאָל דערזע איך צוויי פרעמדע יידן, וואָס שטייען ניט ווייט פון מיר און קוקן אויף מיר אַזוי מאָדנע, ווי אַ קאַץ קוקט אויף אַ מויז. און פּלוצים גיבן זיי זיך אַ יאָג נאָך מיר . . . איך לויף און שריי מיט באַנומענע קולות. זייערע אויסגע־צויגענע הענט האָבן מיך אָנגעריכט... איך רייס זיך פון זיי אַרויס, לויף און שריי. מיינע געוואַלדן גייען ביזן הימל.

„מאַריאַנאַ, איוואַנקאָס ווייב, האָט דערהערט מיינע געשרייען, איז זי אַרויסגעלאָפן פון שטוב, דערזען די כאַפּערס און אַלץ איז פאַר איר קלאָר געוואָרן. איוואַנקאָ איז אַרויסגעקומען מיט זיין גרויסן שטעקן, זיי נאָכגעיאָגט און געזידלט. מאַריאַנאַ שרייט: ׳איר וועט דאַווידקען פון אונדז ניט כאַפּן!׳ פון גרויס שרעק בלייב איך שטיין אויף איין אָרט

ווי פאַרגליווערט. איווואַן מיט זיין שטעקן פּאַטשעט איבער די כאַפּערס, און מאַריאַנאַ שרייט צו מיר: ׳לויף אַהער צו מיר, צו מיר!׳. פון גרויס שרעק שטיי איך צעטומלט, ריר זיך ניט פון אָרט. לויפט זי צו צו מיר, גיט אַ הויב־אויף איר ברייטע ספּאָדניצע און נעמט מיך אַרונטער אונ־טער זיך ווי אַ הון נעמט אַרונטער אירע ניי־געבוירענע הינדעלעך.

„זיץ איך אונטער מאַריאַנאַס ספּאָדניצע און הער איוואַנס קול״: איר זאָלט זיך ניט דערוועגן צו קומען נעענטער צו מיין ווייב, איר היינטישע זין! די בייגער וועל איך איך צעברעכן, אויב איר טראָגט זיך באַלד ניט אָפּ פון אונדזער דאָרף!׳ איך הער ווי די הינט בילן. דאָס פּאַריאַגן זיי די כאַפּערס פון דאָרף, קלער איך, זיצנדיק אונטער מאַ־ריאַנאַס ספּאָדניצע, און עס קלאַפּט מיר אַ צאָן אָן אַ צאָן.

ווען די כאַפּערס זיינען שוין געווען פאַרטריבן העט־ווייט הינטערן דאָרף, האָט מאַריאַנאַ אויפגעהויבן איר ספּאָדניצע און מיך פון דאָרטן אַ האַלב־טויטן אַרויסגעשלעפּט.

׳גיי, דאַווידקאַ׳, האָט זי געזאָגט צו מיר, ׳האָסט זיך שוין ניט מער פאַר וואָס צו שרעקן. גיי און דאַנק דיין גאָט, וואָס דו ביסט ניט געכאַפּט געוואָרן פון די סוואַלאַטשעס!׳.״

דער טאַטע איז שטיל געוואָרן. ער האָט שווער געאָטעמט, געווישט דעם שווייס פון זיין נאָסן, צעקנייטשטן שטערן, און זיינע מידע אויגן האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט אויף דעם אָפענעם ספר. ער האָט טיף אָפּ־געזיפצט ווי ער וואָלט דאָ אָפּגעטאָן דאָס שווערסטע שטיקל אַרבעט. די חדר־ייִנגלעך האָבן זיך איינציקווייז שטילערהייט אַריינגערוקט אין חדר. אַלץ אין שטוב האָט צוריק באַקומען דעם געוויינטלעכן אויסזען.

ערשט האָט זיך ביילקע געכאַפּט, אַז די מאַמע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיט אירע הענט אין די זייטן און האָט זיך אונטערגעהערט.

„ביילקע, ס׳איז שוין שפּעט, דאַרפסט גיין צו דער אַרבעט״, קוקט די מאַמע אויפן וואַנט־זייגער. זי וואַרפט אַ פאַרשעמטן בליק אין טאַטנס ווינקל און זאָגט: „ב״ה האָב גאַרניט געוואוסט, אַז ער קען אַזויפיל ריידן...״

פּלוצים דערמאָנט זיך ביילקע, אַז זי האָט אַמאָל געהערט ווי די באָבע שיינע־שרה האָט דערמאָנט מאַריאַנאַס נאָמען מיט אַ זכרונה לברכה. איצט פאַרשטייט שוין ביילקע פאַרוואָס די באָבע האָט געזאָגט, אַז מאַריאַנאַ איז געשטאָרבן און ניט געפּיגערט. ביילקעס ליפּן שעפּ־טשען: „מאַריאַנאַ, זכרונה לברכה...״

# די הוטע

אין אַ מילדן זומער־פרימאָרגן האָט אַ שאַרפער פייף דורכגעשניטן די לופט און אָנגעזאָגט דעם שטעטל, אַז די הוטע האָט זיך דערעפנט און מען זאָל קומען צו דער אַרבעט. טירן האָבן זיך צעפראַלט, מענטשן זיינען אַרויסגעלאָפן פון די שטיבער צו זען און הערן דעם וואונדער פון ערשטן הוטע־הודאָק. געזען האָבן זיי גאָרנישט, נאָר געהערט האָבן זיי אַ גריליצנדיק פייפן, וואָס איז געקומען פון הינטערן שטאָט, העט ווייט הינטערן וואַלד.

די ברייטע גאַס, וואָס האָט געפירט צו דער הוטע, איז געווען פול מיט מענטשן. יונג און אַלט האָבן זיך געצויגן אין דער ריכטונג פון וואַנען דער הודאָק איז געקומען. פאָראויס מיט אַ געהויבענעם קאָפּ איז גע־גאַנגען שיע ביילקעס, דער פאָדריאַדטשיק און בויער פון דער הוטע, אַ ייד אין די שפּעטע דרייסיקער, אַ הויכער, אַ ביינערדיקער, אַ ספּריט־נער, מיט אַ שאַרף געשניצטן פּנים, מיט גרויע פריילעכע אויגן און אַ קורץ־אונטערגעשוירענער באָרד, איז ער געווען דער איינציקער יידי־שער סטאָליער אין שטעטל, וואָס האָט געקענט לייענען אַ פּלאַן. מען האָט געשמועסט, אַז ער פאַרשטייט זיך אויף אַ געביידע־פּלאַן פּונקט אַזוי גוט ווי דער אינזשעניר קרוטשענקאָ, וועלכער האָט אויסגעליגט דעם גאַנצן הוטע־פּלאַן. אונטער שיע ביילקעס השגחה האָבן געאַרבעט אַ עטלעכע הונדערט באַלמעלאָכעס. דערפאַר איז זיין פרייד געווען גרויס און זיין טראָט שטאָלץ אויפן וועג צו דער פאַרענדיקטער הוטע.

די הוטע האָט צוגעזאָגט דעם שטעטל גרויס פּרנסה. שוין ביים בויען די הוטע האָבן אין שטעטל נישט געקלעקט קיין באַלמעלאָכעס און מ׳האָט דאָס רוב פון זיי געבראַכט פון דער אַרומיקער סביבה. נאָך איידער די הוטע האָט אָנגעהויבן אַרבעטן, האָבן יידן געהאַט פּרנסה אַרום דער בויאונג און קרעמער האָבן געלייזט פון די באַלמעלאָכעס און די פויערים, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט ביי דער בוי־אַרבעט.

אין דער אמתן האָט זיך די הוטע דערעפנט נישט מיטאַמאָל, נאָר ביסלעכווייז, צעך נאָך צעך, אָפּטיילונג נאָך אָפּטיילונג. אָבער יענעם פרימאָרגן האָט זיך איבערן שטעטל צעטראָגן דער ערשטער הודאָק פון דער הוטע און אָנגעזאָגט אַלע די, וואָס זיינען נאָך פריער צוגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט, אַז מען דאַרף זיך שוין שטעלן אַרבעטן. יענעם פרימאָרגן זיינען פון די דערפער אָנגעקומען אַ סך פויערים מיט זייערע ווייבער און קינדער. זיי זיינען געקומען מיט פערד־און־וואָגן און צופוס.

עס זיינען געקומען עלטערע, אויסגעהאַרעוועטע פויערים מיט פאַרברוינטע פנימער, ווי די ברוינע צערונצלטע קאָרע אויף די אַלטע ביימער, און ברייט־פלייציגע דאָרפס־יונגען פול מיט כוח אין די גליידער. אַ סך פון זיי האָבן זיך געצלמט און געחידושט אויף די נייע הילצערנע הייזער און די נייע גאַסן ביי דער ריזיקער הוטע־פאַבריק, וואָס זיינען געווען אויסגעשפרייט אויף אַ גרויסן שטח ערד, וואָס דורות־לאַנג איז דאָרט געווען אַ ווילדערניש פון ביימער און הויך־גראָזיקע זומפן.

מער פון אַלע האָבן זיך געפרייט מיט דער הוטע ייִדישע מאַמעס און אונטערוואַקסנדיקע קינדער. אַלע אָרימע באַלמעלאָכישע און מלמדישע ווייבער האָבן געפירט זייערע יונגע מיידלעך אין הוטע בעטן אַרבעט ביי די ייִדישע בעל־הבתים, די ברידער טשערניכאָוו. שמואל טשערניכאָוו איז געווען דער ייִנגערער, וואָס האָט אָנגעדונגען אַרבעטער. עס האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז די טשערניכאָווס דינגען־אָן נאָר יענע מיידלעך, וואָס זיינען הויך־געוואַקסן און זעען אויס געזונט. די קלענערע, שוואַכערע קינדער שיקט מען אַ היים „עסן קאַשע.” זיינען די מאַמעס געפאַלן אויף אַ המצאה. זיי האָבן אָנגעטאָן די קינדער אין זייערע עלטערע שוועסטערס קליידער, אין שיך מיט אָבצאַסן, און מען איז געגאַנגען פּרוּוון מזל, אפשר וועט דאָס דורכגייען. אַ סך זיינען דורכגעגאַנגען. עס איז כמעט ניט געווען קיין איין אָרעמע שטוב, וואו אַ קינד איז ניט צוגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט, אָדער געקראָגן אַ צוזאָג אויף אַרבעט.

יענעם פרימאָרגן, האָט פראַדל געפירט ביילקען ביי איין האַנט און חיימען אָנגעטאָן אין אַ שפּענצער ביי דער צווייטער. זי האָט געוואוסט, אַז זיי זיינען נאָך צו יונג און צו קליין פאַר הוטע אַרבעט, דאָך האָט עס זי געצויגן צו גיין מיט דער מחנה מענטשן, זיך פרייען צוזאַמען מיט זיי מיט דער גרויסער פרייד פון דער נייער שפע, מיטן אויפגעלעבטן לעבן, וואָס די הוטע האָט שוין אַריינגעבראַכט אין שטעטל. טרערן פון פרייד זיינען איר געקומען אין די אויגן. זי האָט געקלערט: מען וועט שוין ניט דאַרפן שיקן די קינדער אין דער פרעמד צו ווערן דינסטן צי אין די גרויס־שטאָטישע פאַבריקן. פערל וועט קומען פון דער פינסקער שוועבל־פאַבריק, מיט גאָטס הילף, און וועט דאָ קריגן אַרבעט. נאָך היינט וועט זי אָנזאָגן דעם יאַנעוועך באַלעגאָלע, אַז ער זאָל זי למען־השם ברענגען אַהיים. פראַדל האָט געקוקט אויף דער מענגע מענטשן, וואָס האָבן זיך געצויגן צו טשערניכאָווס קאָנטאָר בעטן אַרבעט

פאַר זיך און זייערע קינדער, און עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז אַלץ וואָס האָט פּאַסירט ביז איצט, איז געווען אַ ביי־זאַך, אַ אָנהייב, עפּעס ווי אַ פאַרשפּיל צו דער גרויסער געשעעניש, וואָס די הוטע ברענגט איצט אַריין אין דעם שטעטלדיקן לעבן.

לאַנג איידער די הוטע האָט זיך דערעפנט, האָט זיך שוין געקאָכט אין שטעטל ווי אין אַ קעסל. וואו מען איז געשטאַנען און געגאַנגען, אין אַלע גאַסן, אין אַלע הייזער, האָט מען גערעדט פון דער גרויסער שפע, וואָס קומט אָן אין שטעטל. עס וועלן גיין שיפן אויף די טייכן, מען וועט צעשיקן קאַסטנס מיט גלאָזוואַרג אין די גרויסע שטעט. אַפילו אין אויסלאַנד וועלן גיין הונדערטער, און אפשר טויזנטער קאַסטנס גלאָז. פון דאָרטן וועלן די שיפן ברענגען אַזעלכע סחורות, וואָס דאָס שטעטל האָט נאָך ניט געזען! און אַלע וועלן האָבן פּרנסה כיד המלך.

נאָך איידער זיי האָבן זיך געשטעלט אַרבעטן, האָבן די קינדער אויף זייערע פּאַלאַטקעס און שעניקעס גאַנצע נעכט געחלומט וואָס זיי וועלן טאָן מיטן פאַרדינטן געלט. האָדל, אברהמל דעם מוליאַרס טאָכ־טער, וועלכע האָט שוין געהאַלטן אָט־אָט ביים אַוועקפאָרן אין אַ גרוי־סער שטאָט צו ווערן אַ דינסט, האָט אויך געקראָגן אַרבעט אין הוטע. איר פרייד איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט זיך געמוזט טיילן מיט עמעצן. פאַרטרויט זי זיך פאַר איר מאַמע, אַז שוין עטלעכע טעג אַז זי קלערט וואָס זי וועט טאָן מיט אירע ערשטע שכירות פון דער הוטע. איר מאַמע זעלדע שלאָגט פאָר, אַז זי זאָל אָפּשפּאָרן געלט אויף אַ גאַר־דעראָבע. אברהמל דער מוליאַר איז מיט דער מיינונג, אַז האָדל איז נאָך יונג, זי וועט נאָך צייט האָבן אָפּצושפּאָרן געלט אויף פערענעס און קישנס. דערווייל זאָל מען פאַלאַדען דעם שטרויענעם דאַך, אָדער גאָר אַרונטעררייסן די שטרוי און אַרויפלייגן אַ שינדלנעם דאַך, וועט דער גלח ניט קענען רייסן די שטרוי פון סטריכע פאַר פאַרפעלן אים צו צאָלן די צינזן אין צייט.

נאָך לאַנגער דינגעניש זיינען טאַטע־מאַמע געקומען צו אַ פּשרה, אַז האָדל וועט ברענגען די שכירות, וועט מען שוין דעמאָלט זען וואָס צו טאָן מיט דעם.

ווען האָדל איז געקומען אַהיים מיט אירע ערשטע דריי רובל שכירות פאַר דער וואָך אַרבעט און אַוועקגעלייגט זיי אויפן טיש, איז געוואָרן אַ שמחה אין שטוב. די שוועסטערלעך און ברידערלעך זיינען באַפאַלן דעם טיש, געקוקט מיט זשעדנע אויגעלעך אויף די גלאַנציקע זילבערנע רובל און ניט געוואָגט זיי אָנצורירן. אברהמל אַליין איז אויך

צוגעגאַנגען צום טיש. זעלדע, זיין ווייב, איז אים נאָכגעגאַנגען. אירע קליינע גרויע אויגן האָבן געקוקט אויף די גלאַנציקע מטבעות און איר צערונצלט פּנים, אַרומגענומען מיט אַ ווייסער פּאַטשיילקעלע, האָט געשיינט. אויך זי האָט מורא געהאַט זיך צורירן צום געלט. אברהמל האָט אויפגעהויבן אַ זילבערנעם רובל, אים באַקוקט און איינגעביסן מיט זיינע פאַרגעלטע געזונטע ציין. ער האָט אויפגעהויבן די אַנדערע צווי מטבעות, זיי געביסן אַרום און אַרום און פלוצלונג געלאָזט פאַלן אויפן טיש. אַ דינער שאַרפער קלונג האָט אָפּגעהילכט. ער האָט זיך צעשמייכלט. איצט איז ער געווען זיכער, אַז דאָס איז ניט קיין פאַלש געלט. נאָר אמתע זילבערנע רובל. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צו דער סטעליע און געגומען רעכענען פאַמעלעך, ווי ער וואָלט זיך מיט אי־מעצן געישובט: „דריי רובל. פערצן שעה אַ טאָג. זעקס טעג אַ וואָך. טאָ וויפל מאַכט דאָס אויס אַ שעה שכירות? ער האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן, קוים באַוועגט מיט די ליפּן. עס איז געווען קאַנטיק, אַז דער מוח האָט ביי אים שווער געאַרבעט. נאָך שיינע עטלעכע מינוטן פון רעכענען אויפן קאָפּ האָט ער געזאָגט: „דאָס מאַכט אויס ערגעץ צווישן דריי און פיר קאָפּיקעס אַ שעה".

אברהמל דער מוליאַר איז געווען אַ הויכער ברייט־פּלייציקער ייד מיט אַ האַרטער צעשפּרייטער באָרד, דער קאָליר פון רייפער טרוי־קענער שטרוי. געווען איז ער אַ גרויסער קבצן, אַ מטופל מיט קינדער. ער האָט ניט געקענט רעכענען מיט ציפער אויפן פּאַפּיר. דערפאַר איז ער געווען אַ גרויסער בעל־חשבון „אויפן קאָפּ". ווער נאָר אין שטעטל עס האָט געהאַט אַ שווערן רעכענונג, איז געקומען צו אברהמל דעם מוליאַר. ער פלעגט פאַררייסן זיינע אויגן צו דער סטעליע, רייבן די האַרטע שטרויענע באָרד און נעמען רעכענען. אַז ער האָט געפונען דעם ריכטיקן ענטפער, האָט זיך זיין מיט ליים־פאַרשפּריצטער פּנים צע־שמייכלט. און ער פלעגט אַ פּאַטש טאָן פריילעך מיט די מאָזאָליעדיקע הענט און זאָגן: „אָט איז דאָס!" און שטענדיק האָט ער אויסגערעכנט און געטראָפן צו דער פּרוטה.

איצט, ווי שטענדיק, איז ער געווען צופרידן מיט זיין רעכענונג. ער האָט זיך אַ שפּיל געטאָן מיט די זילבערנע דריי רובל, זיי איבער־געגעבן צו זעלדען און געזאָגט: „אָט נעם און באַהאַלט דאָס געלט, וועט זי האָבן צו מאַכן זיך אַ קליידל אויף יום־טוב".

זעלדע האָט גענומען דאָס געלט, איז צוגעגאַנגען צום קאָמאָד, האָט געעפנט אַ שופלאָד, געפונען אַ ווייס נאָז־טיכל, איינגעבונדן אין

דעם די זילבערנע רובל, געמאַכט אַ קנופּ, באַהאַלטן דאָס טיכל אונטער דעם ווייסן יום־טובדיקן טישטוך און געזאָגט: „אַבי געזונט, עס וועט צוניץ קומען". האָדל האָט ניט אַרונטערגענומען די אויגן פון דעם פלאַץ, וואו די מאַמע האָט באַהאַלטן דאָס געלט.

אויף מאָרגן נאָך דער אַרבעט איז האָדל געלאָפן צו אַריה לייב דעם וואַכערניק, באַצאָלט די דריי רובל און אַרויסגענומען דער מאַמעס פאַרזעצטע לייכטער. פרייטיק צונאַכטס האָט זעלדע געבענטשט ליכט ניט אין קיין לעכער פון אַ ברוקווע, נאָר אין אירע אייגענע מעשענע לייכטער.

מיט דער דערעפענונג פון דער הוטע האָט דאָס לעבן אין שטעטל גענומען גיין ראַשיקער ווי פריער. אַלע פרימאָרגן האָבן זיך קינדער געאיילט צו דער אַרבעט. געקומען אַהיים זיינען זיי שפּעט אין אָוונט פאַרמאַטערטע. אַ סך מיידלעך האָבן זיך פאַרקלאָגט פאַר זייערע מאַמעס, אַז עס טוען זיי ווי די הענט, עס ברעכט דער האַלדז־און־נאַקן. האָבן די מאַמעס זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק און די קינדער האָבן זיך אויסגערוט, פאַרגעסן די ווייטיקן און ווייטער געלאָפן צו דער אַרבעט. פאַר די מאַ־מעס איז דאָס לעבן געוואָרן גרינגער. מען האָט זיך אַ ביסל אַרומגע־צאָלט פון די חובות, אויסגעקויפט פון וואַכערניק די קישנס, פערענעס צי דאָס שטיקל צירונג, וואָס איז נאָך פאַרבליבן פון דער חתונה. די באַרוועסע מיידלעך האָבן זיך אָנגעטאָן אין שיך און זאָקן, אין נייע קלייד־לעך. מאַמעס און טאַטעס האָבן זיך געפרייט, געדאַנקט גאָט פאַר דער פרנסה, וואָס די הוטע גיט. אַלץ איז געגאַנגען בדרך־הטבע, מיידלעך האָבן געשפּאָרט נדן, זיך גענומען מאַכן גאַרדעראָבעס און געחלומט וועגן חתונה האָבן.

מען קען אָבער ניט זאָגן, אַז אַלע אין שטעטל זיינען געווען צו־פרידן מיט דער הוטע. יידן פון עלטערן דור זיינען אַרומגעגאַנגען און האָבן געבורטשעט: „אַ טומל, אַ גערודער געוואָרן! קינדער אַרבעטאָרער, פרנסה־געבער! זאָגן דעות וואָס צו טאָן! מיידלעך מישן זיך מיט בחורים, ווערן צעלאָזן, יונגען גייען אין הוטע אַרבעטן. די ווילנער ישיבה וועט פוסטעווען". אַזוי האָט גערעדט משהס שוואָגער, אהרן שיע, וואָס האָט געהאַט אַ לאַנגע גרויע באָרד, ביז צום גאַרטל.

משה, ביילקעס זיידע, איז געווען דער פרימסטער ייד אין שטעטל. ער האָט ניט גערעדט אום שבת און אַז ער האָט געמוזט עפּעס זאָגן, האָט ער דאָס געטאָן מיט איינציקע ווערטער און אויף לשון קודש. אינדערוואָכן האָט ער געזאָגט: „נו, אַ וועלט געוואָרן! מאָדנע פּירעכצן

היינט ביי די מענטשן!". ער האָט אומצופרידן אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט אין דער לופטן, ווי ער וואָלט זיך אין גאַנצן מייאש געווען פון דער וועלט. שפּעטער, ווען ער האָט געהערט אַז די טשערניכאָווס האָבן אָנגעזעצט, האָט ער געאָקעט און געבאָקעט, ביטער געדרייט מיטן קאָפּ און געזאָגט: פון אַזעלכע פּירעכצן קאָן קיין גוטס ניט אַרויס...

דער 20סטער יאָרהונדערט איז אַריינגעקומען מיט אימפּעט און שטורעם, געשטערט די רו פון די גרויסע מענטשן. אויך די הוטע־אַר־בעטער זיינען געוואָרן אומרואיק. זיי זיינען שוין מער ניט געווען קיין קליי־נע התפּעלותדיקע קינדער ווי פריער, ווען די הוטע האָט זיך דערעפנט, נאָר פּאָלנע מענטשן מיט רעוואָלוציעס. די נאַסע אַרבעט אין „וויאַזאַרניע" פאַלט שווער אויף די מיידלעך. אַלע הוטע אַרבעטער באַקלאָגן זיך אויף ווייטיקן, אויף די לאַנגע שעהן און קליינע שכירות.

די באַלעבאַטים האָבן דערפילט, אַז עפּעס „בורעט" זיך צווישן די אַרבעטער. צו דעם איז נאָך צוגעקומען די גרויסע קאָנקורענץ מצד אַנדערע גלאָז־פאַבריקאַנטן און די שלעכטע אָרדענונג אין געשעפט.

אין אַ האַרבסטיקן פרימאָרגן איז געקומען אַ באַפעל פון קאָנטאָר אָפּצושטעלן די אַרבעט און פאַרלעשן די אויוונס, אַ צעטל אויפן הוטע־טויער האָט אָנגעזאָגט, אַז די באַלעבאַטים האָבן באַנקראָטירט.

די זאָרג וועגן פּרנסה האָט ווידער גענומען דריקן דאָס שטעטל. אַרבעטער זיינען געבליבן אָן אַרבעט און אָן מיטלען צום לעבן. אַ לאַנגן שווערן ווינטער האָט דאָס שטעטל דורכגעמאַכט.

אין אַ פרילינג־טאָג, ווען דער שניי האָט אָנגעהויבן צעגיין, האָט זיך באַוויזן אַ בריטשקע אין גאַס. אין דער בריטשקע איז געזעסן אַ שיינער, רונדער ייד מיט אַ אונטערגעשוירענער באָרד. אַ קוטשער האָט אונטערגעטריבן אַ גרויסן שיינעם רויט־ברוינעם פערד. באַלד האָט זיך פאַרשפּרייט די גוטע בשורה איבערן שטעטל, אַז לייבע טוראַק האָט איבערגענומען די הוטע; אַז ער האָט אָנגענומען אין פּאַדריאַד צו בויען שלוזן אויפן טייך און אַ פאַראָווע מיל אויף צו מאָלן מעל.

איז אין שטעטל געוואָרן שמחה וששון. ווען דער הוטע־הודאָק האָט זיך צעפייפט, האָבן זיך פון אַלע זייטן שטאָט געצויגן מענטשן מיט צעשיינטע פּנימער. דאָס רוב זיינען דאָס געווען דערפאַרענע אַרבעטער. זייער טראָט איז געווען פעסט און זיכער, ווי פון מענטשן, וואָס ווייסן וואוהין זיי גייען און וואָס זיי ווילן. עס זיינען געגאַנגען יונגע פוילישע גלאָז־בלאָזער, ספּעציאַליסטן, פורעם־גיסער, מעכאַ־ניקער. פויערים־אַרבעטער זיינען צוריק געקומען פון די דערפער.

דאָס שטעטל האָט ווידער אויפגעלעבט. נישט נאָר האָט די הוטע גע־אַרבעט, נאָר עס האָבן זיך שוין געהערט מונטערע קלעפּ פון סטאָליאַר־סקע האַמערס ביים בויען די פאַראָווע מיל און צו ציען שלוזן אויף דעם אגינסקי קאַנאַל. ווידער האָבן מאַמעס געפירט זייערע קינדער אין הוטע און ווידער זיינען די קינדער געקומען אַהיים מיט ווייטיקן אין די גלידער. מ׳האָט ווידער גענומען רעדן וועגן לאַנגע שעה׳ן און קליינע שכירות. און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן „בורען״ צווישן די אַרבעטער, וואָס ווייטער, אַלץ מער...

## די קינדער שרייבן

„היינט איז פּאָטשט טאָג״, זאָגט די מאַמע, און איר פּנים צעשיינט זיך ווי זי וואָלט געזען בנבואה אַ גוטע בשורה אָנקומען. „אַז דו וועסט הערן דעם פּאָטשטאַליאָן אויסרופן גאָדינאָוו, זאָלסטו זאָגן ׳דאַיטיע!׳ אָבער איידער דו גייסט אויפן פּאָטשט, מוזטו ברענגען וואַסער פון קרע־ניצע, די גויע קומט באַלד מאַכן דעם סאַמאָוואַר״, סטראַשעט זי בייל־קען מיטן צייג־פינגער, „און זאָלסט ניט גיין צום פּוסטן מויער; די ניט־גוטע קענען נאָך, חלילה, אָפּטאָן אַ שפּיצל״.

די קרעניצע איז ניט ווייט פון פּאָטשט, אַנטקעגן דעם לאַנגן מורמ־לענדיקן שטראָם פון אַגינסקי קאַנאַל. דורך דורותדיקע פּאָלירטע שטיינער און הויכע ווילדע גראָזן שלאָגט פון דער ערד און זשומעט אַ לויטערער וואַסער־קוואַל. אַלע שבת בייטאָג קומען אַהער יידישע מיידלעך נאָך קרעניצע־וואַסער אויף אַ גוטן שבתדיקן גלעזל טיי פאַר זייערע טאַטעס.

אַריבערן טייך אין וואַלד אַנטקעגן דער קרעניצע שטייט דער פּוסטער מויער מיט די גרויסע לעכער אָנשטאָט טירן און פענצטער. אַ דיקער קאַבעלדיקער דאַך פאַרשטעלט די זון, און אינעווייניק איז שטענדיק פינצטער. די צייט און די ווינטן, שנייען און רעגנס האָבן די גרויע שטיינערנע ווענט נאָך גרויער געמאַכט און מיט טיפע קאַרבן צעקריצט. מען שרעקט קליינע קינדער, אַז אין פּוסטן מויער טאַנצן שדים.

שוין אַ סך מאָל האָבן געשעפטסלייט פון אַנדערע שטעט זיך אונ־טערגענומען צו פאַרריכטן דעם פּוסטן מויער, צו מאַכן דאָרטן אַ שוועבעלע־פאַבריק. אָבער ווי נאָר מ׳האָט דאָרטן אָנגעצונדן פייער, האָט עס

זיך באַלד אויסגעלאָשן, און ס׳איז געוואָרן שטאָק פינצטער. דאָס האָבן די שדים געטאָן, האָבן מענטשן געזאָגט.

וועגן דעם פוסטן מויער דערציילט מען אין שטאָט אימהדיקע מעשיות פון אַמאָל. מיט דורות צוריק, לאַנג איידער מ׳האָט געגומען אויסהאַקן די געדיכטע וועלדער, ווען דאָס שטעטל איז נאָך געווען איין גרויסער ווילדער וואַלד און די ווייס־רוסישע ערד איז געווען צעריסן צווישן פוילן און פרייסן, האָט די גאַנצע געגנט געהערט צו איין גרויסן פּריץ — פּאָסלאַווסקי. קלענערע שטרעקעס האָבן געהערט צום רוסישן גלח. אין יענער צייט פון פּאַנשטשינע און מיאַטעזשן, ווען דער פּריץ האָט געלאָזט שמייסן זיינע פויערים־קנעכט פאַר יעדער קלייניקייט און פאַר בונטעווען זיך, האָט מען פויערים פאַרשמיסן צום טויט — אין יענער צייט האָט פּאָסלאַווסקי אָנגעהויבן בויען זיין זומער־פּאַלאַץ. געבויט האָט ער אים מיט זיינע געטרייסטע קנעכט. אָבער אין פינצטערע נעכט פלעגן זיך פאַרקלייבן אַהין פויערים־בונ־טאַרן און צעשטערן דאָס אויפגעבויטע. זיי האָבן ניט דערלאָזט, אַז דער פּאַלאַץ זאָל פאַרענדיקט ווערן. האָט מען געגומען ריידן איבערן גאַנצן ראַיאָן, אַז שדים האָבן זיך אַהין פאַרקליבן, אַז יעדע נאַכט טאַנצן זיי דאָרט און צעשטערן אַלץ, וואָס עס ווערט אויפגעבויט בייטאָג, און זיי טוען אָפּ פאַרשיידענע שפּיצלעך צו מענטשן וועמען זיי האָבן פיינט.

אָט אַזעלכע מעשיות דערציילט מען וועגן דעם פוסטן מויער — סיי מעשיות פון פויערשע מיאַטעזשן און סיי פון שדים.

ווי אַלע שבת בייטאָג, ציט עס ביילקען צום פוסטן מויער. ביי־נאַכט האָט זי מורא אַפילו צו קוקן אַהין, אָבער בייטאָג האָט זי ליב אַריינגיין אין די פינצטערע חדרים פון פוסטן מויער און באַקוקן און באַטאַפּן די צעקאַרבטע ווענט. עפּעס ציט עס אַהין, זי ווייסט אַליין ניט פאַרוואָס, עס ציט זי אויך צום אויסקוק־פּאָסט, צום מאַריאַק, וועלכער שטייט טיפער אין וואַלד אויף זייער אַ הויכן באַרג, נאָך פון כמעלניצקיס צייטן. היינט איז זי ניט געגאַנגען אַהין, ווי זי פלעגט דאָס טאָן אַלע שבת. אָבער וואָס פאַר אַ וואונדערלעכער, גלאַטער, הויכער סלופּ, דער מאַריאַק! ווי זי וואָלט דאָס איצט געוואָלט אַרויפקריכן אויפן באַרג און אַרונטערקוקן אויפן שטעטל, אויף די דעכער אַרום, מיט זייערע קליינע הייזקעלעך און נידעריקע שטרויענע דעכלעך.

דער פוסטער מויער שטייט ווי אַ שטומער, שרעקנדיקער עדות פון אַמאָל. אָבער דער מאַריאַק איז עפּעס אַנדערש. מען שמועסט, אַז אין דער קומענדיקער מלחמה וועלן ביים מאַריאַק פאָרקומען די גרעסטע,

די בלוטיקסטע געשלעגן. אָבער פון דעם רעדט מען ניט קיין סך. אײן זאַך זײנען די מעשׂיות פון אַמאָל, אָבער פאַרן מאָרגן זאָל זיך גאָט זאָרגן.

ביילקע טראָגט אַ גרויסן קרוג מיט קרענעצע־וואַסער. שטעלט זי זיך אָפּ אַלע ווייל, כאַפּט אָפּ דעם אָטעם, בײט דעם קרוג וואַסער פון אײן האַנט צו דער צווייטער און גייט ווייטער.

גרויס און קליין גייען אויף דער פּאָטשט — אַפילו יענע, וואָס דער־וואַרטן ניט קיין בריוו. עס ווערט פרײלעכער אויפן האַרצן, ווען מען זעט ווי דער פּאָטשטאַליאָן צעטיילט די בריוו.

אָט גייט דאָרטן בועז סעגאַלאָוויטש. די הענט פאַרלייגט פון הינטן, שפּאַצירט ער פּאַוואָלינקע און וועדליק זיין גאַנג זעט מען, אַז ער איז שטאַרק צופרידן וואָס זיין גאַנצע פאַמיליע איז מיט אים און ער דאַרף ניט אויסקוקן זיינע אויגן אויף אַ בריוול. ער גייט אָפּנעמען די „הצפירה", וואָס ער שרייבט־אויס פון דער גרויסער שטאָט. מיט אים גייט הערשל „הענדעלע" און זינגט־אונטער. טאַקע ווייל ער זינגט שטענדיק גייענדיק, רופט מען אים „הענדעלע". אויך ער האָט קיינעם ניט אין דער פרעמדער וועלט. ער גייט ווייל אַלע גייען.

עס גייט דאָרטן פייגל. ערשט צוויי יאָר נאָך דער חתונה. איר מאַן יאָסל איז שוין אַ יאָר אין אַמעריקע. די ערשטע צייט האָט ער נאָך געשריבן, צוגעשיקט ווען־ניט־ווען עטלעכע טאָלער פאַר ווייב און קינד. נאָר וואָס ווייטער, זיינען די בריוו געוואָרן אַלץ זעלטענער. געלט האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו קומען. וויינט פייגל שטילערהייט, אַז קיינער זאָל ניט זען. ווער זי, חלילה, פאַרבלייבן אַן אייביקע עגונה? זי פאַרפעלט קיינמאָל ניט צו גיין אויף דער פּאָטשט. עס טליעט נאָך אַ האָפענונג אין איר האַרצן. אפשר וועט דאָך קומען אַ בריוו. כאָטש זי שעמט זיך אירע אויגן צו ווייזן פאַר די אַנדערע ווייבלעך „אַמעריקאַנקעס", דאָך גייט זי צום פּאָטשט ווי אַלע, צוויי מאָל אַ וואָך. זאָלן זיי זען, אַז זי גלויבט אין איר יאָסלען, אַז סוף־כל־סוף וועט ער איר שיקן געלט מיט אַ שיפסקאַרטע און זי מיט גאָטס הילף אַריבערנעמען מיטן קינד צו זיך, קיין אַמעריקע.

רעדלעך מענטשן שטייען אין פּאָטשט־גאַס און וואַרטן, אַז די שווע־רע טיר פון דעם פּאָטשט־הויז זאָל זיך עפענען און דער פּאָטשטאַליאָן זאָל שוין אַרויסקומען. דערווייל שטייט מען און מען טרייבט פּליאָט־קעס און מען רעדט פון די טשיקאַווע נייס, וואָס האָט זיך דורך דער וואָך אין שטעטל פאַרלאָפן. דאָ הערט זיך אַ פאַרשטיקטער געלעכ־

טער, דאָרטן באַדויערט מען עמעצן, און פון אַן אַנדער אָרט הערט זיך אַ זיפץ. דאָס זיפצט חיה באַשע. זי ווישט זיך די פאַרטרערטע אויגן מיטן שפּיץ פאַטשיילקע. זי בעט ביי גאָט ער זאָל איר צושיקן אַ גוטן בריוו פון איר זון ברוכל, וועלכער איז אַנטלאָפן פון סלוזשבע באַלד ווי מ'האָט אים גענומען פאַר אַ סאָלדאַט און האָט פאַרגעסן אין דער אַלטער מאַמען.

עס שטייען מאַמעס מיט פאַרביטערטע הערצער און וואַרטן אויף בריוו. עס שטייט פעשע, אברהם יעקבס ווייב. איר זון אבא איז פאַרשיקט געוואָרן אויף קאַטאָרגע אין סיביר פאַר וועלן אַרונטערוואַרפן דעם קייסער. זי ווייסט, אַז סיביר איז ערגעץ עק וועלט און קיין בריוו פון דאָרטן קאָן ער מסתמא אין גאַנצן ניט שיקן. פונדעסטוועגן שטייט זי, וואַרט, און האָפט. אפשר...

פון אַ זייט־ווינקל הערט זיך דער געלעכטער פון שרה דער אַמע־ריקאַנקע, אַ שיין פריילעך ווייבל. איר מאַן איז אין נעוו יאָרק און אַלע אין שטעטל ווייסן, אַז ער שיקט איר אָפט בריוו און אַז אַ שיפס־קאַרטע איז שוין אויפן וועג.

כאַטש פראַדל האָט געשיקטביילקען אָפּנעמען דעם בריוו, האָט זי פונדעסטוועגן זיך ניט געקענט צוריקהאַלטן און איז אַליין אויך גע־קומען צום פּאָטשט — געוואָלט זען צי וועט גוטע קריגן אַן ענטפער אויפן בריוו, וואָס פראַדל האָט פאַר איר געשריבן צום מאַן אין אַמע־ריקע. דאָס איז געווען שוין איינמאָל אַ בריוו! אַ שטיין האָט עס געקענט רירן.

ענדלעך קומט אַרויס דער פּאָטשטאַליאָן, אַ ברייט־פּלייציקער יונ־גער קריסט. ער שטייט אויפן בריקעלע געלאַסן און טאַשעוועט די בריוו אין די הענט ווי מען טאַשעוועט קאָרטן. אים אַרט ניט, וויזט אויס, וואָס יידן זייענען אומגעדולדיק. ווען וועט ער שוין אָנהייבן אַראָפּ־לייענען די נעמען פון די קאָנווערטן? שוין, ער לייענט: „גאָספּאָדינו סאַמואיל־יאַקאָבו סאַמוילאָוויטשו", „דאַיטיע!", און עס ציט זיך אַ האַנט אַריבער קעפּ און אַלע זייענען מקנא דעם בריוו־אָפּנעמער. דער פּאָטשטאַליאָן לייענט ווייטער, און פון דעם גרויסן עולם הערן זיך אויסרופן: „דאַיטיע!", „פּאַזשאַלוסטאַ", „זדיעס".

ביילקע הערט דעם פּאָטשטאַליאָנס באַסאָווע שטימע אויסרופן: „גאָספּאָדינו דאַווידו גאָדינאָוואו". די שטימע קלינגט פריילעך אין ביילקעס אויערן. צעשרייט זי זיך, „דאַיטיע!", און פון אַ צווייטן ווינקל הערט זיך דער מאַמעס שטים: „זדיעס, פּאַזשאַלוסטאַ!". דער פּאָטש־טאַליאָן ווייסט ניט וועמען צו געבן דעם בריוו. אָבער ביילקע איז

איינגעשפּאַרט, בעט זי זיך: „פּאַזשאַלוסטאַ", „זדיעס!" און זי הייבט זיך אויף אירע שפּיץ־פינגער און ציט אויס איר האַנט אַריבער קעפּ. הענט נעמען איבער דעם בריוו. ער גייט פון האַנט צו האַנט ביז ער קומט אָן צו ביילקען. די מאַמע לויפט צו און כאַפּט אַרויס דעם בריוו פון ביילקעס האַנט. זי קען אָבער איצט ניט זיין בייז — אַז ס'איז געקומען אַ בריוו פון אַרעלען. אַז דער שבת קודש וועט אַוועק און מען וועט אָנצינדן ליכט, וועט זי דעם בריוו עפענען, לייענען און, מיט גאָטס הילף, זיך פרייען מיט די גוטע נייס.

דער פּאָטשטאַליאָן איז פאַרטיק און גייט צוריק אַריין אין פּאָטשט־הויז. די מענטשן קערן זיך אום מיט די רוקנס צום פּאָטשט, צעשיטן זיך איבער דער גאַס, און לאָזן־זיך גיין אין אַלע עקן שטאָט. אַנדערע קענען זיך ניט דערוואַרטן ביז מען וועט אָנצינדן ליכט, קערן זיי זיך אָפּ אָן אַ זייט, אַז קיינער זאָל ניט זען און רייסן אויף די קאָנווערטן. מען קוקט אַריין אין בריוו און מען שמייכלט. אַנדערע פאַרווישן אַ טרער פון אויג.

פייגל גייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. דער פּאָטשטאַליאָן האָט איר נאָמען ניט אויסגערופן. גוטע פילט איר האַרץ, ווייל אויך זי האָט ניט באַקומען קיין בריוו, און ביידע פאַרדרייען זיך אין אַ זייטיק געסל.

די זון האָט זיך געזעצט אַלץ נידעריקער ביז זי איז אַריין אין וואַלד און זיך באַהאַלטן הינטער די גראָבע סאָסנאָווע ביימער. איר פלאַץ האָט פאַרנומען דער בין־השמשות. דער שבת־קודש איז אַוועק און די פאַרנאַכטיקע טונקלקייט האָט אָנגעזאָגט, אַז אַ נייע וואָך ווערט געבוירן...



אָפּגעגעסן שלוש סעודות, אָפּגעלערנט אַ פּרק משניות, פאַרמאַכט דער טאַטע דעם ספר, פאַרגאַרטלט דעם שבתדיקן שוואַרצן אַלפּאַ־גענעם קאַפּטן, גיט אַ קוש די מזוזה אויפן אושאַק פון טיר און לאָזט זיך גיין אין דער גרויער טונקלקייט צו דער הויפּט־גאַס, וואו די סטאָלינער שול שטייט.

די מאַמע קוקט אַרויס מיט אומגעדולד דורכן פענצטער עס זאָל שוין ווערן פינצטער, וועט זי אָפּזאָגן „גאָט פון אברהם" און עפענען די בריוו. די פינצטערניש אַרום ווערט אַלץ געדיכטער. די מאַמע וואַרפט אירע בליקן צו די צוויי בריוו, וואָס ליגן אויפן טיש. און ווי

אין זיי וואָלט אַ טייערער אוצר געלעגן, הויבט זי אויף, באַטראַכט זיי פון אַלע זייטן און גלעט זיי מיט ליבשאַפט.

זי גייט ווידער צו צום פענצטער, גיט אַ וויש מיט דער האַנט די נאַסע שויב, צעשמירט די פייכטקייט אויף ביידע הענט ווי זי וואָלט זיך געוואַשן צום עסן, הויבט אויף אירע טרויעריקע, אין קאָפּ אַריינגעזעצטע אויגן צום סופית און פאַרגייט זיך אין אַ בענקענדיקן ניגון: „גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב, באַהיט דיין ליבן פאָלק ישראל מיט דיינער לויב". זי כאַפּט אָפּ דעם אָטעם און בעט גאָט שטאַרקער און העכער: „אַז אונדזער ליבער שבת קודש גייט אַוועק און די וואָך, ליבער גאָט, קומט, טאָ זאָל זי קומען מיט געזונט און פרנסה, מיט לעבן, מזל און ברכה, עושר און כבוד, בשורות טובות". אָפּגעזאָגט, נעמט זי עפּעס שעפּטשען שטילינקערהייט, ווי זי וואָלט גערעדט מיט גאָט אויפן אויער, וואָס נאָר זי און גאָט דאַרפן פון דעם וויסן.

„אפשר אַמאָל, ווען איך וועל אויסוואַקסן, וועל איך אויסגעפינען דעם סוד וואָס די מאַמע רעדט מיט גאָט", קלערט ביילקע.

עס גיט אַ שיין אַ דין פייערל פון אַן אָנגעצונדענעם שוועבעלע. די מאַמע לייגט דאָס צו צום קנייטל פון לאָמפּ, טוט אַרויף די גלאָז אויפן לאָמפּ, און אַ רויטער, ליכטיקער קרייז צעשפּרייט זיך אויפן ווייסן טישטוך, וואו די בריוו פון די קינדער ליגן און וואַרטן געעפנט צו ווערן.

„אַ גוטע וואָך, גוטע וואָך!" הערט זיך דעם טאַטנס קול, בעת ער קומט אַריין אין שטוב. די מאַמע, ביילקע, און אַפילו חיימל ענטפערן פריילעך אָפּ, „גוטע וואָך, גוט יאָר!".

„פונקט אין צייט געקומען", זאָגט די מאַמע און רייסט־אויף די קאָנווערטן און נעמט־אַרויס די בריוו.

„וואַרט אַ ווײַלינקע", זאָגט דער טאַטע, ער גיסט אַריין אין אַ גלעזל אַ ביסל קאַלעמוטנעם רויטלעכן מעד, מאַכט איבער דעם הבדלה, פאַרזוכט, שטעלט אַוועק דאָס גלעזל, טראָגט־צו די הענט צום שוואַכן פייער פון לאָמפּ און מאַכט אַ ברכה, „בורא מאורי האש", דרייט זיינע פינגער ביים פייער און קוקט אויף זיינע נעגל, ווי ער וואָלט זיך ערשט מיט זיי באַקאַנט.

דער מאַמעס פנים, די אויגן אַריינגעטאָן אין בריוו, שיינט מיט יענעם צעשיינטן שמייכל, וואָס דריקט־אויס אַ פרייד אַ בענקשאַפט.

די ליפּן צעטערן איר נערוועז, און מיט אַ ווייכער שטים, וואָסביילקע הערט זייער זעלטן פון איר מאַמען, הויבט זי אָן לייענען.

„צו מיינע ליבע און געטרייע עלטערן, זאָלן לעבן. ערשטנס, קען איך אייך שרייבן, אַז איך בין, אַ דאַנק גאָט, געזונט. גיב גאָט דאָס זעלבע פון אייך צו הערן.

„צווייטנס, קען איך שרייבן, אַז מיין אַרבעט אין דער רעמעסלענע שקאָלע גייט, אַ דאַנק גאָט, זייער גוט. נאָך עטלעכע חדשים, און איך וועל אָוועקפאָרן קיין וואַרשע. איך האָב געהערט, אַז דאָרטן באַצאָלט מען גוט פאַר עלעקטרישע שלאָסערסקע אַרבעט. איך וועל אינגיכן קומען אויף יום־טוב אַהיים, וועל איך אייך פון אַלץ דערציילן.

„איז שוין ביילקע געוואָרן אַ שניידערקע? זאָל זי זיך אויסלערנען די מלאכה. איך וועל זי מיט דער צייט אַריבערנעמען קיין וואַרשע. לערנט זיך חיימל גוט, אָדער לייענט ער נאָך די נאַרישע מעשה־ביכלעך וואָס סאָניע בועז'עס גיט אים שטילערהייט? איז נאָך פּערעלע אין די האָפּן פעלדער?

„פון מיר, אייער געטרייער זון, אהרן".

איבערגעלייענט דאָס בריוול, לייגט זי עס צוזאַמען פאַרזיכטיק און נעמט זיך צום צווייטן — צו פּערעלעס בריוו, וואָס יאַנקל דער קלעטנאַיער האָט געבראַכט פון קלעטנאָו, ווייל די פּאָטשט גייט ניט פון דאָרטן. די מאַמע לייענט:

„צו מיין ליבער און טייערער מוטער און פאָטער, לעבן זאָל:

„צום אָנפאַנג פון מיין שרייבן קען איך אייך שרייבן, אַז מיר זיינען געקומען בשלום קיין קלעטנאָו. מיר האָבן געהאַט אַ סך שפּאַס פאָרנדיק אויפן וואָגן מיט דער גרויסער בויד. דאָס פערד האָט זיך אַ פּאָר מאָל אָפּגעשטעלט, אָפּגעטאָן דאָס זייט מיר מוחל, און איז ווייטער פאַמעלעך געגאַנגען. ביז מיר האָבן זיך פאַרשלעפּט אין קלעטנאָו, איז שוין געווען פינצטער. ביינאַכט האָט מען אויסגעשפּרייט פרישן היי אויף דער פּאָדלאָגע און געשלאָפן אויף דעם. די יינגלעך זיינען געשלאָפן אין שטאַל אויפן בוידעם, מיר מיידלעך זיינען געשלאָפן אין אַ גרויסער קרעטשמע אויף דער פּאָדלאָגע אונטערגעבעט מיט פרישן שטרוי.

„איך האָב זיך שוין געשטעלט אַרבעטן. איך בין דאָ די קלענסטע צווישן אַלע מיידלעך, וואָס רייסן האָפּן. מיינע פינגער זיינען רויט און צעקראַצט פון דער זיליע. די מיידלעך זאָגן, אַז איך וועל זיך צוגעוואוינען.

„מען רעדט דאָ פון דער הוטע, וואָס בויט זיך אין טעלעכאַן. אפשר זאָל איך דערווייל פאָרן אין פינסק אַרבעטן אין אַ שוועבל פאַבריק? איך האָב געהערט, אַז מען צאָלט דאָרטן פינף־און־זיבעציק קאָפּיקעס אַ וואָך. דאָס איז מער ווי איך פאַרדין דאָ. איז אפשר אַ פּלאַן, אַז איך זאָל פאָרן קיין פינסק אין שוועבעלע פאַבריק אַרבעטן. מיר וועלן שוין זען, ווען איך וועל קומען אַהיים אויף יום־טוב.

„כ׳האָב שוין אָפּגעשפּאָרט פון מיין אַרבעט זעכציק קאָפּיקעס. כ׳וועל זען אָפּשפּאָרן נאָך, אַז דו זאָלסט ניט דאַרפן, ליבע מוטער, זיך זאָרגן וועגן צוקויפן אַ קליידל אָדער שיך אויף יום־טוב פאַר מיר.

„פון מיר, אייער געטרייע טאָכטער, וואָס ווינטשט אייך געזונט און פרנסה, פערל״.

„נו?״ זאָגט די מאַמע מיט אַ גרויסן פראַגע־צייכן אויף איר פנים.

דער טאַטע פאַרשטייט, וואָס דער „נו״ מיינט, זאָגט ער אויך „נו״, און קלערט: „קיין איין מאָל האָט ניט פערל דערמאָנט גאָט. „נו, אַ דאַנק און אַ לויב צום השם יתברך. אַוודאי האָב איך געוואָלט, אַז אהרן זאָל זיין אַ לערנער, דינען גאָט, גיין אין דער ישיבה. נאָר אַז גאָט האָט געוואָלט אַזוי — איז גם זו לטובה״.

„אַ מלאכה איז דאָך אַ מלוכה״, זאָגט די מאַמע און אַ ברייטער שמייכל צעגיסט זיך אויף איר פנים. „הלוואי וואָלסטו געווען אַ באַל־מעלאָכע״, זאָגט זי צום טאַטן, „וואָלט איך ניט געדאַרפט מיין פנים שוואַרצן אַלע דאַנערשטיק און מאַנען ביי די באַלעבאַטים די פופציק קאָפּיקעס פאַר דער וואָך שכר־לימוד״.

„האָסט געזאָגט, פראַדל״, וויל דער טאַטע פאַרנעמען דעם שמועס אויף אַן אַנדער וועג, „האָסט געזאָגט, אַז אַ הוטע בויט זיך דאָ מיט גאָטס הילף —״.

„דיין נשמה יתירה האָט דיך ניט געלאָזט אויסהערן״, פאַלט זי אים אַריין אין די רייד און קוקט נאָך אַלץ אַריין אין פערעלעס בריוו. „פאַפּירענע קינדער״, זאָגט זי און דרייט דאָס בייגעלע פּאַפּיר אויף אַלע זייטן און לייענט נאָך אַמאָל די זעלביקע שורות: „אפשר אַ פּלאַן, אַז איך זאָל פאָרן אין פינסק אין שוועבעלע פאַבריק אַרבעטן״. „נו״, זאָגט די מאַמע צום טאַטן קריגעריש, „וועט ניט זיין בעסער, אַז מיר וועלן האָבן דאָ אַ הוטע און פערעלע וועט זיין אין דער היים, און אפשר אהרן אויך?״.

דער טאַטע שאָקלט צו מיטן קאָפּ — „מיט גאָטס הילף".

„אַזש אין וואַרשע פאָרן... אין פינסק אין שוועבל פאַבריק... אַ מיידל אַליין", רעדט די מאַמע און האַלט פאַרשטייפּט די בריוו אין די הענט. „פייגעלעך זיך אַרויסגעריסן פון שטייג, ווילן זיי פליען ווייטער, העכער". זי רעדט מער צו זיך ווי צום טאַטן. צוזאַמענגעלייגט די בריוו, זאָגט זי, „נו, אַ דאַנק גאָט פאַר דעם, וואָס מיינע קינדער קענען זיין אין דער פרעמד צווישן מענטשן. מסתמא איז מיר באַשערט אַזוי, אַז מיינע קינדער זאָלן פאַרשוואַרצט ווערן אין דער פרעמד... דאַנקען גאָט פאַר דער הוטע, וואָס בוים זיך".

ביילקע און חיימל זיינען די גאַנצע צייט געזעסן שטיל, אַזוי שטיל, אַז פראַדל האָט זיך כמעט פאַרגעסן אָן זיי. דאָס לייענען די בריוו, די ווערטער, וואָס זיינען געפאַלן צווישן טאַטע־מאַמע און טאַטע־מאַמעס פאַרדאגהטע פנימער האָבן שווער געמאַכט די קינדערשע הערצער.

דער טאַטע האָט גערעדט, אויך ווי צו זיך אַליין:

„אַ לעבן מקריב געווען... קינדער צו האָבן... איצט האָב איך אויף זיי קיין דעה ניט..." די קינדער האָבן ניט פאַרשטאַנען די ווערטער, אָבער דעם טאַטנס צער האָבן זיי געפילט.

„קינדערלעך, שלאָפן גיין!" גיט די מאַמע פּלוצעם אַ קאָמאַנדע און צינדט אָן אַ ליכט. מיט איין האַנט האַלט זי דאָס ליכט, מיט דער צווייטער פאַרשטעלט זי פון הינטן דעם פלאַם, אַז בעת זי נייט זאָל עס זיך ניט אויסלעשן. זי פירט די קינדער פּאַוואָלינקע אַריין אין שלאָף־צימער.

„כ'וויל עסן", זאָגן ביידע קינדער מיטאַמאָל, ווי זיי וואָלטן זיך צוזאַמענגערעדט.

„אַזוי שפּעט עסן גאָר?" וואונדערט זיך די מאַמע. „איך וועל זען וואָס עס איז נאָך פאַרבליבן", און זי נעמט זיך זוכן צווישן די שבת־דיקע טעפּלעך. זי דערמאָנט זיך אָן דעם ביכל, וואָס זי האָט היינט געלייענט און זאָגט: „וואָס פאַר אַ טייערער שרייבער דער שלום־עליכם איז! ווי זאָגט דאָרטן ביי אים דער אָרעמער מלמד: 'זאָל איך לאָזן מיינע טעכטער שלאָפן, וועלן זיי שנעל וואַקסן, וועל איך מוזן האָבן נדן פאַר זיי; זאָל איך זיי אויפוועקן, וועלן זיי בעטן עסן. און ביידע זאַכן איז ניטאָ'..." מיט די ווערטער דערלאַנגט זי חיימען אַ שטיקל ווייסע חלה, ביילקען אַן עק פון קוגל, וואָס איז פאַרבליבן פון שבתדיקן מאָלצייט און ביידן צו צוויי פלוימען, וואָס זיינען פאַרבליבן פון קאָמפּאָט. זי גיט זיי דאָס מיטן אָנזאָג, אַז באַלד ווי זיי וועלן דאָס אָפּעסן, זאָלן זיי זיך לייגן שלאָפן.

דער טאַטע זיצט בײַם טיש, דעם קאָפּ מיט די הענט אונטערגעשפּאַרט, ווי עס וואָלט אים געווען שווער אים צו האַלטן. ער זיצט פֿאַרקלערט און שווײַגט. אַ ים מיט טרויער ליגט אין זײַן שווײַגן. די קינדער ווייסן נישט פֿון וואָס דער טאַטע קלערט. זיי ווייסן נישט, אַז צווישן די טיפֿע קנייטשן אויף זײַן שטערן ליגן שווערע פֿראַגעס: — וואָס וועט זײַן מיטן יונגן דור? וואוהין גייען זיי, זײַנע קינדער? פֿאַרוואָס דאַרפֿן זיי זײַן די ערשטע אַרבעטאַרער אין אַ דורות-לאַנגער קייט פֿון לערנער, ישיבה-בחורים? זיי וועלן נאָך, רחמנא-לצלן, אין גשמיות דערטרונקען ווערן... אין גאָט פֿאַרגעסן...

די שטילע נאַכט האָט אַלץ און אַלעמען אײַנגעהילט אין רו און אין שלאָף, — אָבער ניט דעם טאַטן. ספֿר נאָך ספֿר האָט ער געצויגן פֿון ספֿרים-שאַנק... געזוכט דאָרט מסתמא אַן ענטפֿער אויף די פֿראַגעס, וואָס האָבן אים געמאַטערט.

## ערב יום-טוב בײַם געניי

אַ הייזעריק גלעקל האָט אָפּגעקלונגען פֿון אַ צוגעמאַכטער טיר. אַלעמענס אויגן האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון געניי און אָנגעקוקט ביילקען.

„פֿאַרוואָס אַזוי שפּעט פֿון וואַרמעס?" פֿרעגט ליבע, די באַלעבאָסטע און אירע טונקעלע אויגן גלאַנצן מיט אַ פֿאַרבאָרגענעם כמעט מיידלשן גלאַנץ. מיט אַ בענקשאַפֿט אין איר קול זינגט זי איבער אַלע מיידלעך אַרום טיש:

„ווען דער מענטש זאָל זיך אָנהייבן באַקלערן
נעמט דאָך אַן אַ שרעק, מען דאַרף וויינען ניט אויפֿהערן,
ווי די יאָרן גייען זיך אַוועק.
ווי לאַנג בין איך אַ קליין קינד געווען,
געשפּילט מיט די קינדער פֿון מײַן דור?
און שוין — איז עס פֿאַרלאָפֿן, פֿאַרלאָפֿן צען יאָר.
אָט אַזוי גייען די יאָרן אַוועק,
ס'איז ניטאָ קיין באַרוטע שעה.
עס איז ניטאָ צו צרות קיין עק, ביז
די צוואַנציק יאָר איז שוין דאָ —
די צוואַנציק יאָר איז שוין דאָ.

און אַזוי האָט זיך געצויגן דאָס ליד, פּערז נאָך פּערז און יאָרן נאָך יאָרן „ביז די חברה קדישא זיינען שוין דאָ, זיינען שוין דאָ".

ביילקע הערט זיך צו צום ליד. עס נעמט זי אַרום אַ בענקשאַפט מיט אַ שרעקלעכן אומעט. צעזינגט זי זיך אין אַ ליד, וואָס זי האָט געהערט פון דער מאַמען:

„אַז משיח וועט קומען, וועט בטל ווערן אַלע נייסן
און דער וואָס איז אין טריאַטער געגאַנגען, אוי, אוי, וועט
מען אים שמייסן...
שיינע יידן מיט ווייסע בערד, אויך איך, אברהם בער.
וועל שטיין פון וויטן און שרייען,
שמייסט נאָך מער! שמייסט נאָך מער!"

עס צעפּראַלט זיך די טיר און יעקב דער שניידער קומט אַריין. דאָס זינגען האָט זיך גלייך איבערגעריסן, אַלעמענס אויגן אַרונטער צום געניי. ער בלייבט שטיין ביי דער טיר. ווייסע פאַרסטריגעס הענגען אַרונטער פון מאַנטל, וועלכער איז אַריבערגעוואָרפן איבער זיין אַקסל. ער קוקט מיט פאַרוואונדערונג אין אַלע ווינקלען פון שטוב, ווי ער וואָלט געזוכט דעם ניגון, וועלכן ער האָט געהערט פון יענער זייט טיר און וואָס האָט זיך אָפּגעהאַקט מיט זיין אַריינקומען.

„זינגט, זינגט, קינדערלעך, אַז מען זינגט, וואַרפט זיך שנעלער מיטן נאָדל־פאָדעם", זאָגט ער און טוט אַ וואָרף דעם פּאַק קליידער אויפן טיש. ער אָטעמט שווער און ווישט דעם פאַרשוויצטן פּנים מיטן ווייסן נאָזטיכל.

„אַ פיגורקע האָט זי, די נאַטשאַלניטשיכע, ווי אַ סטרונע, ניט ווי דיינע יידישע ווייבער, אויף וועלכע דו מעסט אָן די קליידער", זאָגט ער צו חיה שרהן.

„יידישע ווייבער זיינען ניט קיין פּריצטעס", זאָגט חיה שרה, און זי האָט רחמנות אויף איר באַלעבאָס, וואָס באַלד וועט ער דאַרפן אַלץ אַליין טאָן. ליבע וועט שוין באַלד ווידער ליגן אין קימפּעט.

און דער באַלעבאָס, ווי ער וואָלט חיה שרהס געדאַנקען גע־לייענט, זאָגט: „עס קומט אַ ניי יאָר. דיין לאָטעריי־צעטל וועט גע־ווינען דאָס גרויסע געווינס — אפשר נאָך אַ כלה ווערן דעם יאָר". און חיה שרהס פּנים ווערט צונטער רויט.

ער באַמערקט דאָס און פירט אַוועק דעם שמועס אויף אַן אַנדער וועג. „היינט, קינדער, איז דאָנערשטיק, ערב יום טוב און ערב שבת", זאָגט ער. „היינט קריגט איר דאָ וועטשערע און מיר וועלן אויפזיין

אַ גאַנצע נאַכט אַרויסקאַנטשען די אַרבעט. דערפאַר, קריגט איר ביי מיר אַ לאַנגן יום־טוב פון גאַנצע דריי טעג״.

אַלע שאָקלען צו מיט די קעפּ אויף יאָ, ביילקע וואונדערט זיך פאַרוואָס דער באַלעבאָס איז היינט אַזוי פריילעך. זי וויל אים עפּעס פרעגן און שעמט זיך. זי עפנט דאָס מויל און מיטן ערשטן וואָרט דערוואַרגט זי זיך. אַלע לאַכן פון איר. ענדלעך, נעמט זי זיך אָן מיט מוט און זאָגט:

„לאָזט מיר, איך בעט אייך, רב יעקב, לאָזט מיר אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט, איך וועל אַרויסציען פאַרסטריגעס צו דערלאַנגען צום האַנט, מאַכן הייס דאָס פּרעס־אייזן. לאָזט מיר אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט מיט אַלעמען״.

„גוט, ביילקע״, גיט ער אַ קוועטש זיין פאַרגעלטע נאָז. בלייבסט דאָ אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט״. ער קוקט אָן ביילקען ווי ער וואָלט זי צום ערשטן מאָל געזען. געמיינט זי איז אַ פּוילע, אַ נאַר, אַ חלומות... אַ וואונדער, זי ווייסט וואָס זי וויל...



עס ציט זיך די נאַכט, ביז צוועלף־איינס אַזייגער איז די צייט אַוועק ווי אַ נייס, אַ טשיקאַוועס פאַר ביילקען. דאָס קלאַפּן פון די שטעפּ־מאַשינען האָט זיך אויסגעמישט מיט די פריילעכע און אומעטיקע לידער. די באַלעבאָסטע און אַפילו דער באַלעבאָס האָבן אונטערגעזונגען די יום־טובדיקע ניגונים.

„אוי, יום־טוב, יום־טוב! אַ כפּרה צען אינדערוואָכנס פאַר איין יום־טוב״, זאָגט דער באַלעבאָס, און דער קוראַזש פון דעם אָנקומענדיקן יום־טוב העלפט האַלטן די אויגן אָפן, ציען מיטן נאָדל־פאָדים, שטעפּן אויף דער מאַשין.

נאָר אָט ווערט דער גאַנג פון דער אַרבעט שטילער, לאַנגזאַמער. עס העלפט שוין ניט דאָס אָנשמירן מיסט מיט שפּייעכץ, רייסן די אויגן אַז זיי זאָלן זיך ניט פאַרמאַכן. אין מויל איז ביטער, דעם קאָפּ איז שווער צו האַלטן אויף די פּלייצעס. כאָטש אַ האַלבע שעה, כאָטש צען מינוט אַ דרימל טאָן, אָפּפרישן זיך...

דער זייגער אויפן וואַנט האָט אָפּגעשלאָגן דריי מאָל, און עס האָט אָפּגעקלונגען אין דער נאַכטיקער שטילקייט ווי דער ווייטער קלונג פון אַ קלויסטער־גלאָק. די ניי־מאַשינען קלאַפּן אַלץ לאַנגזאַמער, שטילער אונטער די מידע דרייענדיקע פיס. הענט ציען נאָדל־פאָדים ווי

זיי וואָלטן שווערע האַמערס געהאַלטן, פאַלן אַרונטער און ווילן זיך מער ניט הייבן. שטעפּ־מאַשינען ווערן אינגאַנצן פאַרשטומט אין דער נאַכטיקער טויטער שטילקייט. דער שלאָף מאַטערט די בלייכע מייד־לעך. אַפילו נאָטקע, דאָס צען־יאָריקע לערן־ייִנגל, וועלכער ווערט קיינמאָל ניט מיד בלאָזנדיק אין לאָך פון פּרעס־אייזן אַז די קוילן זאָלן זיך זשאַרען, האָט איינגעדרימלט איבערן לייבל, אין וועלכן ער האָט אַריינגעניִיט קנעפּלעך.

עס הערט זיך ליבעס כראָפּען פון שלאָף־צימער. דאָס רעגט נאָך מער אויף די מידע פאַרשלאָפענע מיידלעך. אַן אויג מאַכט זיך צו. אַ שמאָלע פּלייצע גיט זיך ווי אין אַ קאָנוואולסיע אַ טרייסל — און ווי אַ פאַרשולדיקטע כאַפּט זיך חיה שרה ווייטער צום שטעכן אין קלייד.

„אַלע אַרויס אויפן גאַס — אין דער קילער לופט!" גיט דער באַ־לעבאָס אַ באַפעל און עפנט אויף די טיר, וואָס פירט צום בריקעלע אויפן גאַס אַרויס.

אַ קיל נאַכטיק ווינטל האָט אַ בלאָז געטאָן דורך דער אָפענער טיר. מיידלשע אויגן האָבן ווי אויפגעוואַכט. פיס האָבן זיך גענומען ציען צו דער אָפענער טיר.

„אָט אַזוי־אָ, ציט אַריין פרישע לופט אין אייערע שנייצערס, וועט איר זיך אויסטשוכען און ניט וועלן שלאָפן", זאָגט יעקב דער שניידער; ער גענעצט און ווייזט ציינער, וואָס זיינען געל פון רויכערן צופיל פּאַפּיראָסן.

ביילקע פילט אַ שרעקלעכע מידקייט, ווי אַלע גלידער וואָלטן גע־ווען מיד זיך אויפצוהאַלטן אין איין הויט־זעקל. אירע אויגן רייסן, ווי פאַכירעס וואָלטן דאָרטן געלעגן. זי גייט אַרויס אויפן גאַס און ציט אין זיך אַריין די קאַלטע נאַכטיקע לופט, ווי דער באַלעבאָס האָט אָנגעזאָגט. יאָ, זי פילט זיך שוין טאָקע בעסער, אויסגעטשוכעט, אָפּגעפרישט. דער שלאָף פאַרלאָזט זי. זי קריגט דאָס געפיל ווי אַ „ניט־גוטער" מאַטערנדיקער פּינצטערער כוח וואָלט פון איר אַרונטער־געפאַלן און אין דער שטילער נאַכט ערגעץ פאַרשוואונדן געוואָרן.

ביילקע קוקט אויפן בלוי־גרויען הימל, וואָס ברעכט אויף טאָג. אויך דאָרטן ראַנגלען זיך כוחות ווער פון זיי זאָל קומען אויף דער וועלט און ווער עס זאָל אַוועקגיין — דער טאָג אָדער די נאַכט. און ביילקע קוקט אין דעם שטילן אַרום פון דער נאַכט. אירע אויגן זיינען צוגעשמידט צום ראַנד פון הימל. אירע אויערן הערן דאָס זשומען פון די ביימער אַרום. דאָס ווינטל לויפט פון די ביימער, פאַלט אויף איר

פנים און גלעט און דערפרישט זי.ביילקע קען זיך זאַט ניט אָנקוקן, אָנשעפּן מיט דער פּרעכטיקער נאַכט, וואָס מאַכט דאָס שטעטל אַזוי סודותדיק שיין. זי פילט ווי זי וואָלט ערשט אַ נייע וועלט דערזען, מיט אַזוי פיל קאָלירן אויפן הימל־ראַנד, און מיט יעדער מינוט בייטן זיך די קאָלירן. די ליכט שלאָגט זיך אָפּ אויף די גרינע וואַלדיקעביימער, אויף די דעכער פון די הייזער, וועלכע בייטן אויך די קאָלירן. און עס דוכט זיך איר אויס, ווי אַ ניט־זעענדיק מויל וואָלט געוואָלט די נאַכטיקע קאָלירן פאַרשלינגען, און אין קראַמפּן און ווייען ווערט אַ ליכט געבוירן — אַ ליכט, וואָס מענטשן רופן „טאָג". זי פילט ווי זי וואָלט אַ נייע וועלט דערזען. זי האָט קיינמאָל ניט געדענקט, אַז נעכט, ווען אַלע מענטשן שלאָפן, קאָנען זיין אַזוי פּרעכטיק־שיין...

„חלומות!" הערט זי ווי אַ שטימע שרייט צו איר אַרויס, „קום אַריין אין שטוב!" זי דערקענט חיה שרהס שטים, וועלכע לאַכט אָפּ פון איר און צו דער זעלבער צייט זאָרגט זי זיך פאַר איר ווי אַן עלטערע שוועסטער.

ביילקע האָט זיך ווי פון אַ שיינעם חלום אויפגעכאַפּט. יאָ, זי איז די איינציקע, וואָס איז געבליבן שטיין אויפן בריקעלע. ווי לאַנג זי איז אַזוי געשטאַנען ווייסט זי ניט. עס האָט געמוזט זיין זייער לאַנג — ניט אָפּצומעסטן מיט „טעג" אָדער „נעכט".

און ווידער קלאַפּן די ניי־מאַשינען און רופן די אַרבעט אַרויס־קאָנטשען. „טיפּ־טאַפּ־טיפּ־טאַפּ", הערט זי דאָס מאָנאָטאָנע שטעפּן פון דער נאָדל, וועלכע וועקט זי אויף צום גרויען פרימאָרגן, וואָס שיינט אַריין דורכן פענצטער...

עס גייט אַוועק נאָך אַ שעה. די מיידלעך ביים געניי ווערן ווידער מיד. דער שלאָף מאַטערט ווייטער. ציט מען זיך אויס ווער אויפן טיש, ווער אויף אַ באַנק. איינגעקאָרטשעט, דעקט מען זיך צו מיט די ניט־פאַרענדיקטע קאָלדרעס און מאַנטלען. עס הערט זיך דאָ אַ קרעכץ, דאָרטן אַ הוסט פון פאַרשיידענע ווינקלען פון שטוב.

חיה שרה פאַרדרייט דאָס קנייטל אין בליץ־לאָמפּ. מיט איין בלאָז לעשט עס זיך אויס. און דער לאַנגער שניידער־טיש מיט די בענק און שטעפּ־מאַשינען ווערט איינגעהילט אין אַ פאַרטאָגעדיקער גרויער שטילקייט. פון צייט צו צייט הערט זיך אַ כראָפּען, אַ סקריפּ פון אַ באַנק, אויף וועלכן אַ גוף דרייט זיך איבער, אַ הוסטעלע, אַ גענעץ פון אַ צעשטערטן שלאָף. און אָט איז געוואָרן מיטאַמאָל אַזוי שטיל, ווי דאָס גאַנצע לעבן וואָלט אָפּגעשטאָרבן.

די שטילקייט האַלט לאַנג ניט אָן. עס ציט זיך אויס אַ פּוס, וואָס לייגט זיך מיט אַ קלאַפּ אויף דער אייזערנער ניי־מאַשין. אַ האַנט האָט זיך אויסגעצויגן און צוריק אַנגעצונדן דעם בליך־לאָמפּ. דער פייער פון לאָמפּ מישט זיך אויס מיטן גרויען פרימאָרגן־ליכט און מאַכט שווער צו זען.

„נאַ דיר, נאַטקע, אַ צענער", זאָגט די באַלעבאָסטע, „לויף צו וויכנע דער בעקערין, ברענג בייגל. קום באַלד צוריק און מאַך דעם סאַמאָוואַר, וועלן מיר עסן אָנבייסן".

„די קראָם עפנט זיך זיבן אַזייגער. אָט האָסטו דאָ פּופּציק קאָ־פּיקעס. סט׳גייען קויפן העקלעך און קנעפּלעך", הערט ביילקע חיה שרהס פאַרשלאָפענעם קול. „זאָלסט זיך אין ערגעץ ניט אָפּשטעלן, זיך ניט פאַרקוקן ווי פייגעלעך פליען. מיר מוזן דאָס באַלד האָבן. גע־דענק־זשע וואָס איך זאָג דיר אָן, ביילקע!"

ביילקע הערט חיה שרהס קול, ווי עס וואָלט געקומען פון אַ גע־דיכטן וואַלד אַרויס און אירע אויערן קלינגען אַזוי מאָדנע, דער קאָפּ דרייט זיך איר. און די ווייזערס פון זייגער רוקן זיך פּאַמעלעך, ווי אויך דער זייגער וואָלט אַ קאָפּ געוועז, און איז מיד פון קיינמאָל ניט שלאָפן.

אין דער פרימאָרגנדיקער שטילקייט הערט זיך אַ טעמפּער טופּען פון פערדישע פיס. אַ שטויביקער רויך טראָגט זיך פון דער זאַמדיקער גאַס. אַ פערדל קריכט מיד און פאַרשלאָפן און שלעפּט אַ וואָגן מיט קינדער, וואָס וויגן און שאָקלען זיך ווי חסידים צום דאַוונען.

ביילקע לויפט צו וועלוולס באַקאַליינער קראָם און קוקט אַרויף צום שטיבל, וואָס דאָס פערד הייבט אויף מיט זיינע פּאָדקעוועס.

„ביילקע! ביילקע!" הערט זי ווי איר ברודערס קול שרייט פון וואָגן. דאָס קומט אהרן פון וואַרשע! און אָט זיצט דאָרטן פּערעלע אויך. פון פּינסק, פון שוועבל־פאַבריק קומט זי.

ביילקע געדענקט נאָך זייערע לאַנגע בריוו, וואָס די מאַמע פלעגט לייענען. די אַרבעט אין שוועבל־פאַבריק איז שווער און לאַנג... מייד־לעך ווערן קראַנק... פון דער סירקע קריגן זיי טשאַכאָטקע... זי וויל קומען אַרבעטן אין הויז. אהרן האָט שוין געשריבן בעסערע בריוו. ער עסט און שלאָפט אויף דער גאַלערייקע טאַקע ביים באַלעבאָס. דער מייסטער איז פון אים זייער צופרידן. דער מייסטער האָט פיר שיינע טעכטער. איינע הייסט נעכע — זי האָט שוואַרצע אויגן און אַרבעט אין פּאָטערס אייזן־געוועלב. שוין איינמאָל אַ געראָטענע מיידל. „דער מייסטער האַלט פון מיר זייער", שרייבט ער, „איך בין אויך גוט

צו אים — אַרבעט ניט ווי „יענע", נאָר לאַנגע שעה'ן. ס'וועט זיך לוינען".

ביילקע לויפט צום וואָגן. „טפּרו... טפּרו!" שטעלט אָפּ בערל בעל־עגלה זיין פערדל. אַהרן שפּרינגט אַרונטער פון וואָגן. עס קריכט אַראָפּ פּערעלע.

עס איז קענטיק, אַז זיי האָבן עפּעס גערעדט אויפן וועג, זיי זיצן אַנגעבלאָזענע... וועגן וואָס האָבן זיי גערעדט? עפּעס אַן אָפּגע־פּרעמדקייט, אַ קאַלטקייט ליגט אין זייערע אויגן. צו לאַנג האָבן זיי געלעבט אין באַזונדערע ווינקלען. לאַנגע טייכן, פּינסקער בלאָטעס און באַנען זיינען געלעגן צווישן זיי.

נייך, אַפילו בלאָטעס קענען זיך אויסטריקענען, טייכן קענען זיך פאַראייניקן — אָבער ניט קיין געפילן און געדאַנקען, וואָס קומען אין צוזאַמענשטויס. אַהרן האָט ליב זיין באַלעבאָס, איז גאָטספאַרכטיק. פּערעלע האָט פיינט די פאַבריקע מיט די באַלעבאַטים, גלייבט ניט אין גאָט. עס איז אינגאַנצן ניט קלאָר פאַר ביילקען וואָס אַזעלכעס קומט פאָר צווישן איר ברודער אהרן און איר שוועסטער פּערעלע, נאָר זי פילט ווי אַ דיקע וואַנט וואָלט צווישן זיי געשטאַנען און ניט גע־לאָזט זיי צו פרייען זיך איינס מיטן צווייטן.

„וואָס שטייסטו דאָרטן ווי אַ גולם פאַרקלערט?" שרייט פּערל צו ביילקען. „וואו איז די מאַמע, דער טאַטע, חימל?" פרעגט זי, שוין זייענדיק עטלעכע טריט אין שטוב.

„אָ, ווי שיין און גרויס דו ביסט אויסגעוואַקסן!" זאָגט אהרן און כאַפּט ביילקען קושן.

מיט אַ דעמפּן קלונג איז אַרויסגעפאַלן די מטבע פון ביילקעס האַנט. ערשט איצט האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי איז אויפן וועג צו וועלוולס קראָם צו קויפן העקלעך מיט קנעפּלעך. זי הייבט אויף פון זאַמד דאָס זילבערנע פופציק־קאָפּיקע־שטיק. „איך מוז שוין לויפן צו וועלוו־לען. חיה שרה וואַרט דאָרטן אויף די קנעפּלעך און העקלעך. מען מוז די אַרבעט אַרויסגעבן", רעדט ביילקע ווי זי וואָלט זיך פאַרענטפערט פאַר אירע געסט.

„אַוודאי, אַוודאי, מוזטו דאָס טאָן. גיי, ביילקעלע", זאָגט אַהרן און לויפט נעענטער צום שטוב, צו טאַטע־מאַמע. נאָר פּערעלע, עפּעס קוקט זי מיט אַזאַ אָפּלאַכערישן שמייכעלע אויף ביילקען, ווי זי וואָלט געזאָגט, „ביסט אַ תם, אַ חלומות געווען און דאָס וועסטו בלייבן!"

ביילקע האָט זיך אַוועקגעריסן פון איר שוועסטערס שטראָפנדיקע בליקן, אין דער קאַנצעלאַריע גאַס צו וועלוול דעם קרעמער.

# „גיט איר קאַשע עסן"

חיימל האָט אַן „אָפּענעם קאָפּ", אָבער ער וויל ניט לערנען. סאָניע בוזע'ס גיט אים שטילערהייט ביכלעך צום לייענען. ער ווייזט דאָס דער עלטערער שוועסטער.

„יאָ", זאָגט פּערל, „דאָס איז דאָס זעלבע ביכעלע וואָס סאָניעטשקע באַסיע־עלקעס האָט מיר געגעבן, ווען מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט אין פּינסק אין אַלפּערס שוועבעלע פאַבריק". און זי דערציילט דער מאַמען ווי אַזוי סאָניע פלעגט גאַנצע נעכט הוסטן, שפּייען מיט בלוט. טאַקע דאָרטן אין פאַבריק איז זי קראַנק געוואָרן, געאַרבעט קראַנקערהייט לאַנגע שעה'ן... געווען איז זי אַלעמאָל פול מיט סודותדיקייט. פלעגט פאַרשווינדן אויף גאַנצע אָוונטן און קיינעם ניט זאָגן וואוהין זי גייט און וואו זי איז געווען... דער ברודער אירער, יוסף, אַרבעט אַרום די פּושקעלעך און פאַרדינט נאָר פינף־און־זיבעציק קאָפּיקעס אַ וואָך, און פון סאָניעס רובל און אַ האַלבס, וואָס זי קריגט אַ וואָך, סטייעט ניט אויף אַ דאָקטער. אַזוי האָט זי געהוסט און געשפּיגן מיט בלוט ביז איינמאָל איז זי געפאַלן חלשות ביי דער אַרבעט. מען האָט זי גענומען אין שפּיטאָל, און מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז זי געשטאָרבן.

די מאַמע און חיימל הערן זיך איין מיט ערנסטע, פאַרטראַכטע פּנימער צו דעם, וואָס פּערל דערציילט. שטום קוועטשט חיימל זיין ביכעלע אין האַנט. ער איז שוין ניט קיין קליינינקער — זיבן מיט אַ האַלב יאָר איז ער שוין. ער מוז לייענען דאָס ביכל נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל און פאַרשטיין וואָס דאָרט שטייט געשריבן.

די מאַמע זיצט אַ פאַרזאָרגטע, דעם קאָפּ אונטערגעשפּאַרט מיט די הענט. איר ברוינער פּנים איז געוואָרן ווי מיט אַ וואָלקן פאַרצויגן, ווי זי וואָלט עפּעס שטיל און טיף נאָכגעטראַכט. מיטאַמאָל, הויבט זי זיך אויף פון בענקל, גיט מיט דער האַנט אַ קלאַפּ אין טיש און זאָגט; „פּערל, צוריק אין שוועבעלע־פאַבריק וועסטו שוין ניט פאָרן!", דעם „ניט" גיט זי אַ קוועטש מיט אַזויפיל קראַפט, אַז פּערל איז זיכער, אַז זי בלייבט שוין דאָ.

פאַרנאַכט־צו, ווען דער טאַטע איז אַהיים געקומען און האָט דערציילט מיט פרייד דער מאַמען, אַז ער האָט שוין אָן אָנהייב אויף אַ חדר — גאַנצע פיר יינגלעך, צוויי אָנפאַנגער און צוויי גמרא־יינגלעך — האָט אים די מאַמע איבערגעשלאָגן די רייד צו דערציילן וועגן איר פּלאַן.

זי האָט באַשלאָסן אָוועקצופירן פּערלען באַלד מאָרגן אין דער פרי אין הוטע. זי וועט ריידן מיט רב לייב טוראָקן, אַז ער זאָל צונעמען פּערלען, צו דער אַרבעט.

רב לייב טוראָק איז געווען אַ קאַרגער, אַ שלעכטער, אָבער זייער אַ פרומער ייד און אַ גרויסער געשעפטסמאַן. הונדערטער מענטשן האָבן ביי אים געאַרבעט. דאָס האָט ער אָנגענומען דעם פּאַדריאַד צום בויען די צען שליוזן אויפן טייך. ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע פּאַראָווע מיל, וואָס איז געשטאַנען הינטערן שטאָט. געצאָלט האָט ער זיינע אַרבעטער, די סטאָליאַרעס, פון פינף און צוואַנציק ביז דרייסיק גילדן אַ וואָך. די אַרבעטער זיינען געווען געצוואונגען צו קויפן פון זיין מיל מעל אויף ברויט. די מערסטע אַרבעטער זיינען שטענדיק געווען ביי אים איינגעטונקען אין חובות. ער האָט איבערגענומען די הוטע פון דעם באַנקראָטירטן טשערניכאָוון און באַזאָרגט דאָס שטעטל מיט אַרבעט. ער האָט געוואוסט, אַז אַלע האָבן אים פיינט און אַז אַלע חנפענען אים. דאָס האָט אים געמאַכט נאָך האַרטער און שלעכטער.

ס׳איז אַ כמורנער אָסיענדיקער טאָג. די מאַמע פירט פּערלען צו דער אַרבעט. פון דער סוועטעוואָליער גאַס צו דער הוטע איז אַ מהלך פון אַריבער אַ וויאָרסט. די האַרבסטיקע פייכטע לופט מיטן ווינט דרייט זיך אונטער דער מאַמעס גרויסער וואָלענער פאַטשיילע און פאַרשווערט איר גאַנג.

פּערל טראָגט אַ מאַנטעלע, וואָס איז צו־לאַנג און צו ברייט פאַר איר. דאָס מאַנטעלע קומט אַזש פון קיעוו. דער פעטער מענדל, דער מאַמעס ברודער, וואָס איז דאָרטן אַ גרויסער סוחר, אַ פּערווי גילדי קופּעץ, האָט אַריינגעשיקט אַ פּעקל אַלטע זאַכן. אין דעם מאַנטעלע איז אַ קוזינקע אַמאָל אין שקאָלע געגאַנגען, ביכער געטראָגן אויפן אַקסל, שאָקאָלאַד געהאַט אין קעשענע, ווייל עפּעס איז נאָך דאָרטן קלעפּעדיק.

פּערל גייט ביי דער מאַמעס זייט. ביידע שווייגן. די מאַמע קלערט וואָס אַזעלכעס זאָל זי זאָגן טוראָקן, אַז פּערל זאָל אויסנעמען אין זיינע אויגן. זאָל זי אים דערציילן אַז זי אַליין קומט אויך פון אַ סוחרישער משפחה, פון וואָלד־סוחרים ? ניין, זי וועט אים נאָר זאָגן וואָס פאַר אַ גרויסע בריה פּערל איז; אַז אַלע ווייסן, אַז זי האָט גאָלדענע הענט; — אַז אַרבעט ברענט פשוט אונטער אירע הענט... און אַזוי טראַכטנדיק און אויסלייגנדיק וואָס זי וועט ריידן צו רב לייב טוראָק, איז זי מיט פּערלען אָנגעקומען אין דער הוטע.

צוגעקומען צום קאַנטאָר, וואָס האָט אַ קליין בריקעלע מיט אַ

גרויסער מאַסיוועך טיר, שטעלט זיך די מאַמע אָפּ, נעמט אַראָפּ די פּאַ־טשיילע פון קאָפּ, פאַריכט איר פּאַרוק, וואַרפט אַ בליק אויף פּערלען און גלייכט אויס דאָס מאַנטעלע אויף איר. ערשט ווען זי פילט, אַז אַלץ איז אין גוטער אָרדענונג, גיט זי אַ קלאַפּ אין טיר. די שווערע טיר עפנט זיך אויף און זיי בלייבן שטיין אויפן שוועל.

„איז ר׳ לייב טוראַק אין קאַנטאָר?״ פרעגט די מאַמע דעם פרעמדן יידן מיט דער אונטערגעשוירענער באָרד, וועלכער קוקט אויף זיי פאַרוואונדערט. מסתמא אַ גמילות חסד געקומען בעטן, קלערט ער.

„ניין, דער באַלעבאָס איז אין הוטע אויף זיין טעגלעכער אינ־ספּעקציע״, זאָגט ער און וויל פאַרמאַכן די טיר.

„קענען מיר דאָ וואַרטן? עס איז זייער וויכטיק. איך מוז אים זען״, זאָגט די מאַמע. און פּערל שעמט זיך, וואָס די מאַמע שטייט אויפן שוועל און בעט זיך ביי אים אַריינצוגיין. יענער שטופּט די טיר צום פאַרמאַכן. פּערלען ווערט דאָס דערווידער, בעט זי זיך ביי דער מאַ־מען: „קום, מאַמע, אַהיים. מיר וועלן קומען מאָרגן״.

„מיר וועלן דאָ וואַרטן אויף ר׳ לייב טוראַקן, דאָ אויפן בריקעלע״, זאָגט די מאַמע און קוקט אויף דער שווערער טיר, וואָס האָט זיך מיט אַ קרעכץ צוגעמאַכט אין זייערע פּנימער אַריין.

אַז זיי זיינען געוואָרן מיד פון שטיין, האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט. דאָס זיצן אויפן נידעריקן בריקעלע און וואַרטן אויף טוראַקן האָט געגעבן דער מאַמען אַ געפיל פון דערנידערונג. זי דערמאָנט זיך די צייט ווען זי האָט געפירט ביילקען צו דער אַרבעט צו יעקב דעם שניי־דער — אַן עפן געטאָן די טיר און אַריינגעגאַנגען גלייך אין שטוב אַריין. „אַז וואָס רייכער זיי ווערן, אַלץ שווערער איז צוצוקומען צו זיי״, רעדט די מאַמע ווי צו זיך אַליין, און שטעלט זיך אויף, ציט זיך אויס אין איר גאַנצער לענג ווי אַ מענטש וואָס געפינט צוריק זיין ווערדע. „קום, פּערל״, זאָגט זי, „מיר וועלן אַרומקוקן די הוטע הינטערן טויער אָט דאָרטן אויף דער צווייטער גאַס״.

ביים טויער שטייט אַ היטער. מען מוז אים זאָגן וואָס פאַר אַ גע־שעפטן מען האָט אינעווייניק; אויב ניט, לאָזט ער ניט אַריין. די מאַמע ווייסט ניט וואָס אַזוינס איז הינטערן טויער, וואָס ער היט. קוקט זי אויפן היטער בייז. אָבער פּערל זאָגט איר אַז ביי דער שוועבעלע־פאַבריק איז אויך דאָ אַ טויער און אויך דאָרטן איז דאָ אַ היטער, וואָס לאָזט ניט יעדן אַריין.

„אין אַ שוועבעלע־פאַבריק איז אַ געפאַר פון אַ פּאָזשאַר — עס

קען זיך אָנצינדן — אָבער דאָ? די איוווּנס ברענען דאָך שטענדיק סיי־ווי טאָג און נאַכט", זאָגט די מאַמע אָן אומצופרידענע, מיט אָפּגע־האַקטע ווערטער, און פאַרענדיקט מיט אַ „קום, פערל! אפשר איז שוין דער גדול דאָ צוריק אין קאַנטאָר".

אין קאַנטאָר זאָגט מען איר, אַז טוראָק וועט דאָ ניט זיין ביז מאָרגן. ער איז אין דער היים. אַ פאַרעקשנטע גייט די מאַמע מיט פערלען אַוועק צו טוראָקן אין שטוב.

ר' לייב טוראָקס שטוב איז געווען איינע פון די שענסטע הייזער אין שטעטל. זי איז געשטאַנען איינגעטונקען אין אַ גרויסן סאָד פון אַלטע פרוכט־ביימער אַרומגענומען מיט אַ הויכן צאַם. אַלע ווענט פון ערשטן צימער גלייך ביים אַריינגאַנג זיינען געווען פאַרשטעלט מיט לאַנגע פאַליצעס אָנגעפילט מיט פאַרשיידענע ספרים. די ווענט מיט די ספרים האָבן ווי פאַרשטעלט די איבעריקע צען צימערן פון דער שלעכ־טיקייט, וואָס דאָרטן איז געלעגן.

ווען די דינסט האָט געעפנט די טיר און די מאַמע מיט פערלען זיינען אַריין אין שטוב און האָבן דערזען די לאַנגע ווענט מיט די ספרים, איז דער מאַמען געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן. זי האָט זיך דערפילט היימיש. דאָך אַ יידישע שטוב!

די דינסט האָט אָנגעוויזן דער מאַמען אויף אַ שטול און איז אַוועק זען דעם באַלעבאָס. באַלד איז זי צוריקגעקומען. ר' לייב טוראָק איז מיט געשעפט פאַרנומען. איר וועט מוזן קומען מאָרגן. אַזוי האָט ר' לייב טוראָק געזאָגט", האָט די דינסט געזאָגט און געעפנט פאַר זיי די טיר.

די מאַמע ווייסט אַז טוראָקס וואָרט איז געזעץ. זאָגט זי: „נו, גוט, מיר וועלן דאָ זיין מאָרגן", און פאַרלאָזט די גרויסע שטוב מיט די ספרים. דעם גאַנצן וועג צוריק אַהיים האָט די מאַמע מיט פערלען קיין איין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. די לאַנגע פאַליצעס מיט די ספרים האָבן געטאַנצט פאַר אירע אויגן...

אַז דער מאָרגן איז געקומען, איז די מאַמע באַלד אינדערפרי אַוועקריידן מיט ר' לייב טוראָקן, אַז ער זאָל צונעמען פערלען אין דער הויטע. שטילערהייט האָט די מאַמע געוואונטשן, אַז דער וועג צו ר' לייב טור־ראָקס שטוב זאָל זיך ציען וואָס לענגער, און דאָך האָט זי געוואָלט, אַז ס'זאָל שוין נעמען אַ סוף און פערל זאָל קריגן אַרבעט. עס קומט אָן אַ לאַנגער ווינטער. זי דאַרף וואַרעמע קליידער, קאַלאָשן. שרה, דער

רוסישער לערערקע, דאַרף מען באַצאָלן פאַר די אוראָקן. וואָס זי גיט חיימלען און ביילקען. פערל דאַרף אויך אוראָקן, קלערט זי.

און פערל קלערט אויך: באַלד ווי זי וועט נאָר אָנהייבן אַרבעטן און פאַרדינען געלט, איז די ערשטע זאַך וואָס זי וועט קויפן, וועט זיין אַ דייטשישער הויז־לערער פאַר חיימלען. איין העפט האָט זי אים גע־בראַכט פון פינסק, קען ער זיך גאָרניט אָפּרייסן פון דעם, זיצט באַ־האַלטן פון טאַטן און לערנט.

מיט אַזעלכע געדאַנקען זיינען זיי אָנגעקומען צו טוראָקס שטוב. די זעלבע דינסט האָט געעפנט די טיר. „יאָ, ר׳ לייב טוראָק וועט אייך באַלד זען. זעצט זיך״, און זי רוקט אונטער דער מאַמען אַ שטול צום זיצן.

פערל טוליעט זיך צו דער מאַמעס זייט. זי האָט נאָך לייב טוראָקן קיינמאָל ניט געזען, נאָר זי האָט אים שוין פיינט, פאַרוואָס — ווייסט זי ניט. זי וועט אָבער פאָלגן דער מאַמען און קוקן ליבלעך אויף אים — אַט ווי די מאַמע האָט איר אָנגעזאָגט.

נאָך אַ לענגערער צייט באַווייזט זיך אויפן שוועל ר׳ לייב טוראָק. פון זיין געקעסטלטן וואָלענעם שלאָף־ראָק רעדט אַרונטער זיין גבירישקייט. זיין שוואַרצע יאַרמולקע פאַרדעקט ניט אינגאַנצן זיין גרויסן שוואַרץ־האָריקן קאָפּ.

„אַ גוטן מאָרגן אייך, פראַדל. און דאָס איז אייער טעכטערל״, גיט ער אַ גלעט מיט זיין ווייס־פּוכיקער האַנט פערלס קאָפּ. פערל קערט זיך אָפּ פון אים און נורעט זיך איין אין דער מאַמעס פאַטשיילע. ער באַמערקט דאָס און זאָגט: „גייט אַהיים און גיט איר קאַשע עסן. זי איז דאָך אַזוי קליין״.

„גאָט איז מיט אייך, רב לייב״, זאָגט די מאַמע, „צום גדליה איז איר שוין געוואָרן פערצן יאָר. שוין ניט קיין קינד. זי איז נאָר קליין געוואַקסן, נעמט זי אין אייער הוטע צו דער אַרבעט. זי איז אַ גרויסע בריה. אַרבעט ברענט ביי איר אונטער די הענט״.

נאָר רב לייב טוראָק שפּאַנט שוין צוריק אין זיין קאַבינעט. ער הערט ניט וואָס די מאַמע רעדט. ער שטעלט זיך אָפּ אַ מינוט, דרייט אויס זיין קאָפּ צו דער מאַמען און זאָגט: „קומט אַ צווייטן מאָל, אין אַ פּאָר חדשים — אפשר״.

# יום-טוב און אינדערוואָכן

דער יום־טוב ראש השנה איז געקומען און צוזאַמען מיט אים זיינען אָנגעקומען מיידלעך און ייִנגלעך פון די האָפּן-פעלדער, פון די שוועבעלע פאַבריקן, די מעכאַניקער פון וואַרשע. עס קומען צופאָרן פון דאָרף די מומעס, פעטערס, זיידעס, באָבעס, קוזינס און קוזינקעס. די אַליינקייט פאַרשווינדט. עס ווערט פריילעך אויפן האַרצן אַז עס ווילט זיך אַזש טאַנצן און זינגען. אַפילו די עלטערע שוועסטערלעך און ברידערלעך, וואָס אַרבעטן און האָבן דאגות פרנסה, זיינען אויך פריילעך.

ביילקע ציילט די קינדערשע קעפּלעך אַרום דעם לאַנגן חדר־טיש. דעם פעטער יעקבס קינדער פון וויאַדע האָבן העל־ברוינע און ווייס־פלאַקסענע האָר. דעם פעטער דאנעס קינדער פון סווענטעוואָליע האָבן שוין טונקעלע האָר. זי ציילט: ניט איינס — ניט צוויי — ניט דריי... ביז ניט דרייצן. עס פעלט איר נאָך פינף עלטערע קוזינס. איז, אָט הערט זי זיי אָנקומען מיט די טאַטעס פון שול.

ביילקע פרייט זיך מיט אירע אַכצן קוזינס. זי פילט זיך ווי זי וואָלט געווען איינע, פון זיי, אַן אייגענע. זי ווייסט, אַז עס וואָלט שוין איצט געווען אַ סך מער קוזינס און קוזינקעס, ווייל זיך גאָט טיילן מיט דער מומע נחמהס קינדער — איין יאָר לאָזט ער איר האָבן אַ קינד פאַר זיך; דעם צווייטן נעמט ער דאָס צו... אַזוי האָט ביילקע געהערט דער מאַמען ריידן — און די מאַמע ווייסט פון אַלץ.

„די קינדער ביי דער מומע נחמה זיינען שוואַכע, בלאַסע און צעפּיעשטשעטע", זאָגט די מאַמע. „זיי עסן ווייסע חלה אין מיטן וואָך, עוף־יויך, הון, און קאָמפּאָטן שבת, און פּסח עסן זיי ניס מיט וויין. ביי מיר עסן מיינע קינדער שוואַרצע קאָרענע ברויט און קאַרטאָפל מיט הערינג. איז ניטאָ קיין הערינג, איז זויער־מילך און ליאָק אויך גוט. און אַ דאַנק גאָט, זיי זיינען געזונט, מיט רויטע באַקן". די מאַמע זאָגט דאָס מיט אַ טאָן ווי אָט דאָס עסן וואָלט געווען די געזינטסטע זאַך אויף דער וועלט פאַר קינדער. „און אפשר איז דאָס גאָר אַ גאָט זאַך" רעדט זי צו דער מומע שרהן. „אָט האָדעוועט איר דאָך אויך אייערע קינדער אויף גראָבע עסנס, און אַלע אַכט קינדער זיינען ביי אייך פריילעכע, געזונטע, שיינע אַז עס איז גאָר אַ שאָד, וואָס זיי קומען ביי אייך ניט אין צווילינגס און דריילינגס".

„אויסהאָבן אַ קינד ביי דער מומע שרה איז ווי ביי אַ הון אויס־לייגן אַן איי", זאָגט די מאַמע.

איינמאָל אין מיטן קנעטן די דייזשע ברויט, איז ביי איר דאָס קינד אַרויסגעפאַלן — טאַקע דער לאַכעדיקער אַרקע. שרה האָט גע־נומען שרייען, רופן איר שכנה נאַטאַשען. יענע איז אַריין און האָט אויפגעהויבן דאָס קינד פון דער ערד. ווען די מומע שרה איז פאַרטיק געוואָרן מיטן אַריינזעצן דאָס ברויט אין אויוון, איז זי אַריין אין בעט, אָפּגעלעגן דריי טעג און פאַרגעסן פון גאַנצן קינפּעט.

געווען איז די מומע שרה פעטלעך, פון מיטעלן וואוקס, מיט אַ ברייטן זון־פאַרברענטן פּנים, מיט קליינע בלויע פאַרטרערטע אויגן, שמייכלענדיקע. געטראָגן האָט זי אַ „גוט מאָרגן" אָדער „גאָט העלף" אַלעמען אַנטקעגן. געגאַנגען איז זי שטענדיק מיט אַ ברייט־געמאַרש־טשעטן פאַרטוך, אַרום וועלכן אַ פּאָר קינדערלעך האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן אין די זייטן און אונטער וועלכן עס האָט זיך שטענדיק עפּעס געצאַפּלט.

ווען די מומע שרה רעדט, טרייסלט זי זיך מיטן גאַנצן קערפּער, ווי צום טאַקט פון אירע רייד. זי מאַכט דעם איינדרוק פון אַ גרויס, איבערגעוואַקסן קינד. אויף אַלץ אין שטאָט האָט זי זיך געוואונדערט, אַלץ איז איר ניי און פרעמד. „מאַמעלעך מיינע!" גיט זי אַ שפּרונג הינטערווײלעכס, „אַזוי פיל מענטשן דאָ! אַזוי פיל גאַסן! אַזוי פיל שולן און יידן, קיין בייז אויג זאָל זיי ניט זיין!" און מיט יעדן וואָרט טאַנצט זי אונטער מיט אירע פאַרהאַרטעוועטע באָרוועסע פיס.

דאָס שווערסטע איז פאַר איר צו גיין אין שיך. אָבער ווען זי קומט אויף יום־טוב אין שטאָט אַריין, דעמאָלט מוז זי שוין אָנטאָן שיך. איז דער גאַנג אירער ניט קיין נאַטירלעכער, נאָר ווי פון אַ קאַטשקע, וואָס וואַקלט זיך פון זייט צו זייט. עס איז ביילקען אַ רחמנות צו זען ווי די מומע שרה מאַטערט זיך צו גיין אין שיך: און ניט נאָר האָט זי רחמנות אויף איר מומע, זי האָט מיטלייד מיט אירע קוזינס און קוזינקעס, וועלכע מוזן נעבעך אָנטאָן נייע שיך אויף זייערע צע־שפּרייטע פיס — און דערפאַר זיצן זיי מער ווי זיי גייען אַרום, און ווען זיי גייען, הינקען זיי און וויגן זיך ווי זיי וואָלטן געגאַנגען אויף אַ גליטשיקן פאַרפרוירענעם טייך און ניט געקענט ניט גליטשן זיך און ניט גיין.

„מיר וועלן, אם ירצה השם, נאָך יום־טוב פאָרן אַהיים, וועלן מיר אַרויסלאָזן די פיס פון אסטראָג". אַזוי טרייסט זי זיך און די הינקענ־דיקע קינדער.

ביילקע האָט ליב די מומע שרה ווי מען האָט ליב אַ פריילעך,

טשיקאַווע קינד. זי האָט ליב צו זיין מיט איר מומע. אַרום איר איז זי אַליין פריילעכער און פילט זיך קינדערשער, קיינמאָל ניט פאַרטראַכט, ווי זי איז מיט די אַנדערע דערוואַקסענע מענטשן.

„פאַרוואָס זיינען די אינדערוואַכנס לאַנגע און די יום־טובים קורצע?״ פרעגט איינמאָל ביילקע דער מומע שרהן.

„ווען דו וואָלסט, ביילקעלע, געווען מיט אונדז אין וויאַדע, וואָלטן דיינע אינדערוואָכנס ניט געווען קיין לאַנגע. וואָלסט געגאַנגען מיטן פעטער צו דער אָזערע זען ווי ער כאַפּט פיש, אין וואַלד נאָך ריבעס און שוועמלעך, אין פעלד ווען מען קאָסעט היי... אָ!״ ציט זי אַריין די לופט אין זיך, „מאַמעלעך, ווי עס שמעקט, טעם גן־עדן, ווען מען קאָסעט היי!״.

ביילקע רעדט זיך אָפּט אַרונטער פון האַרצן פאַר דער מומען. „מומע, דער טאַטע האָט מיר געזאָגט, אַז גויים האָבן ניט קיין עונג שבת, אַז זיי האָבן ניט קיין פאַרגעניגן פון אַ יום־טוב ווי מיר. איז דאָס טאַקע אַזוי?״ און ביילקען באַאומרואיקט, וואָס זי צווייפלט אין טאַטנס רייד — אָבער פאַר דער מומע שרהן קען זי דערציילן.

און די מומע באַרואיקט זי, דערציילט איר פון די שיינע חגאות, וואָס גויים האָבן, ווי זיי טוען זיך אָן אין געבלימטע קליידער מיט ווייסע טורבאַנעס אויף די קעפּ, זייערע מאַנסבילן אין אויסגענייטע ווייסע רובאַשקעס מיט שיינע פאַסטעלעס אויף די פיס. מען טאַנצט אין פעלד דעם „זייען און שניט טאַנץ״. זי דערציילט פון זייערע חתונות, ווי די מחותנים פון דעם חתנס צד בעטן זיך ביי דער כלהס צד: „ווי גאָט איז דיר ליב, לאָז מיך אַריין אין שטוב זיך אויסוואַרעמען אויפן אויוון״. דערביי זינגט זי און שאָקלט מיט די אַקסלען ווי די מחותנים בעטן זיך מען זאָל זיי אַריינלאָזן אין שטוב זיך אָנוואַרעמען אויפן אויוון.

אַלע אַרום טיש צעלאַכן זיך, און די מאַמע זאָגט שטיל צו דער מומע נחמה: „נו, אַ דאָרף־שיקסע!״.

ביילקע פרייט זיך וואָס אין שטוב איז היינט דאָ די גאַנצע משפּחה, און ניט די הינער, העגער, חדר־ייִנגלעך, און אַפילו דאָס קעלבל, וואָס מען נעמט אַריין אין שטוב אין פראָסטיקע ווינטער־נעכט. עס דוכט זיך איר ווי די ווענט אַליין וואָלטן אָנגעקוואָלן פון דער גרויסער משפּחה און האָבן זיך פאַנאַנדערגערוקט עס זאָל זיין יום־טובדיק און געראַם.

אין דעם געלן אויסגעשאָטענעם זאַמד אויף דער ווייכער ערד זעען זיך די סליאַדן פון שיך פון פאַרשיידענער גרויס... דער טיש איז מיטן ווייסן טישטוך פאַרדעקט. אַ גרויסער קוילעטש וואַרט מען

זאָל איבער אים מאַכן קידוש, צעשניידן און צעטיילן די מוציאס אַרום טיש.

דער זיידע משה גלעט דעם מיט אַ סערוועטקע־פּאַרדעקטן קוי־לעטש. אַרום טיש ווערט שטיל. מאַכט ער דעם שיינעם קידוש. „אָמן", ענטפערן אַלע. דער טאַטע העלפט אים צעטיילן אַרום טיש פּענעצער חלה. דער זיידע צעזינגט זיך. די דריי זין כאַפּן אויף דעם ניגון, נאָך זיי די יינגלעך־איניקלעך. די שטוב ווערט אָנגעפילט מיט געזאַנג. די מאַמע און די מומעס דערלאַנגען די יום־טובדיקע מאכלים צום טיש.

ביילקע קוקט אויפן פעטער דאָנעס אויסגעבויגענער פּלייצע, אויף דער מומע נחמהס פאַרזאָרגטן פּנים. אַ דערשלאָגנקייט טראָגט זיך פון זיי. אפשר דערפאַר, וואָס גאָט נעמט צו פון זיי אַלע איבער־אַ־יאָר אַ קינד? דער פעטער פאַרקנייטשט דעם שטערן, ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס דערמאָנט, און האַקט אָפּ דאָס זינגען...

דערפאַר האָט דער פעטער יעקב אַ פריילעכע נאַטור. זיין קורצע שפּיציקע באָרד, זיינע לופּנדיקע בלויע אויגן, זיין שנעלער טראָט מאַכן דעם איינדרוק ווי ער וואָלט געווען אין אַ שטענדיקן טאַנץ. איינגעפונדעוועט און צופרידן איז ער אין זיין דאָרפישן לעבן אין וויאַדע. „כמעט ווי אַ גוי להבדיל", באַדויערט אים דער טאַטע.

אַז אַ יינגל וואַקסט אונטער, שיקט מען אים אַוועק צום פעטער דודן אין חדר, ער זאָל אים פאַר אַ יידן מאַכן.

„וואו אַלע ווערלן שלאָפן און וואָס אַלע וועלן עסן, וועט זיך נאָך איינער „פריטאָפּיען", זאָגט די מאַמע. אַז זיי לערנען זיך שוין אויס דאַוועגען גייען זיי אַוועק פאַר סטאָליאַרעס אָדער פאָרן צוריק אין דאָרף העלפן דעם טאַטן מיטן פישער־נעץ.

אַז אברהם לייב, דער עלטסטער זון, האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו, איז ער אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. דעמאָלט האָט די מומע שרה זיך אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן און מיט בטחון געזאָגט: „נו, גאָט וועט אים דאָרטן העלפן". און ווידער איז זי קינדיש־פריילעך געווען.

דער זיידע משה גיט איצט דעם טאָן אַרום טיש. זיין צעשפּרייטע לאַנגע, ווייסע באָרד ליגט בכבודיק אויף זיין ברוסט. זיין קאָפּ מיט דער יאַרמעלקע שאָקלט זיך מיט חשיבות. אַלע אַרום טיש קוקן נאָך זיין יעדן קער, וויל ער רעדט ניט שבת און יום־טוב, סיידן עס איז שטאַרק נויטיק; דעמאָלט רעדט ער אויף לשון־קודש. די קינדער און

איינִיקלעך פֿאַרשטייען שוין זייַנע באַוועגונגען און העוויות, און פּילן אויס זייַן רצון.

די באָבע ברכה, וואָס האָט זיך לכבוד יום־טוב געלאָזט איבער־בעטן פֿון דער מאַמען, זיצט פֿאַרזאָרגט. דריי דורות האָבן זיי אָפּ־געלעבט אין דאָרף און איצט, אויף דער עלטער, האָט מען זיי אַראָפּ־געטריבן פֿון לאַנד פֿאַר ניט באַצאָלן פּאַדאַטקעס. זיי האָבן אַלעמאָל געהאַנדלט מיטן פֿריץ אויפֿן ערן־וואָרט. איז דער אַלטער פֿריץ גע־שטאָרבן און דער יונגער גלויבט ניט אין ערן־וואָרט. זיצן זיי איצט ביים טיש ווי צוויי פֿאַרטריקנטע, אָפּגעבראָכענע ריטלעך, קוקן אויף דער שיינער גערעטעניש קינדער און איינִיקלעך, און זייערע אַלטע הערצער זייַנען אָנגעפּילט מיט שרעק. וואָס וועט ווערן פֿון זיי אין אָט־דער פֿאַלשער וועלט?

דער ערשטער איבערצורייסן די שטילקייט אַרום טיש איז געווען דער פֿעטער יעקב. „אַנו, זאָל נאָר אַרעלע אָדער פּערל דערציילן עפּעס נייַס פֿון די גרויסע שטעט", זאָגט ער און ווישט זייַן האַרט שיטער בערדל מיט די גראָבע פֿישער־הענט. אהרן פֿאַרעט זיך איבער אַן אַלטער פֿאָנאָגראַף־מאַשין מיט אַ לאַנגער טרובע, אויף וועלכער ער האָט אַ לאַנגע צייט געמייסטערוועט און געבראַכט פֿון וואַרשע, צו ווייַזן די קליין־שטעטלדיקע מענטשן דעם גרויסן וואונדער פֿון אַ זינגענדיקן גראַמאָפֿאָן.

דער זיידע קוקט אין ווינקל וואו אהרן און חיימל פֿאַרען זיך. „מ־מ־" ציַיגט ער מיטן פֿינגער צו די קינדער, „יום־טוב!" די מאַמע שרייַט אויף די ייִנגלעך פֿאַרוואָס זיי פֿאַרען זיך אום יום־טוב ביי דער מאַשין. אהרן באַהאַלט דעם גראַמאָפֿאָן אונטערן בעט אין שלאָף־צימער, אָבער חיימל וויל ניט אָפּטרעטן פֿון דער אייזערנער מאַשין. ער וויל נאָר אויסגעפֿינען ווער עס זינגט דאָס פֿון דאָרטן אַרויס.

„אַרעלע, האָסט געהערט וואָס דער פֿעטער האָט דיר געזאָגט? דערצייל עפּעס פֿון דער גרויסער שטאָט וואַרשע".

דער טאַטע און דער זיידע רוקן אַריין זייערע קעפּ טיפֿער אין די ספרים, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „וואָס איז דאָ דאָ צו הערן?"

„טאַקע, אהרן, דערצייל, דערצייל", בעטן זיך די קינדער. און פּערל קוקט אויף איר ברודער מיט אַן אָפּלאַכנדיקן שמייכעלע, ווי זי וואָלט געזאָגט: „וואָס האָט ער צו דערציילן? איך האָב מער צו דערציילן פֿון דער שוועבעלע־פֿאַבריק".

אַהרן זיצט פֿאַרשעמט. ער ווייסט ניט פֿון וואַנען ער זאָל אָנהייבן.

ער גיט אַ וויש זיינע מאָכיקע ליפּן און דערפילט זיך גוט, וואָס על־טערע מענטשן בעטן, אַז ער זאָל זיי דערציילן מעשיות. אינגאַנצן איז ער ערשט אַ זעכצן־יאָריקער בחורל. און נאָך איידער ער עפנט דאָס מויל עפּעס צו דערציילן, פרעגט דער פעטער דאָנע: ״און קאָמערציע איז דאָרטן דאָ ?״

„קאָמערציע ? קאָמערציע ?״ רעדט אהרן איבער, „וואָס איז קאָמערציע ?״

„קאמערציע״, דערקלערט דער פעטער דאָנע, „איז געשעפט״.

„אַוואַדע איז דאָ. פאַראַן דאָרטן גרויסע געשעפטן — קראָמען מיט וויסטאַווועס פון די שענסטע און בעסטע קליידער — גרויסע פענצטער, גאַנצע ווענט גלעזערנע !״ דאָ האָט ער זיך צעוואַרעמט און גענומען שנעל רעדן:

„עס זיינען דאָ גרויסע מויערן, ברוקירטע גאַסן. מען דאַרף ניט טראָגן קיין וואַסער פון ברונעם ווי דאָ. מען דרייט אָפּ אַ קראַן און עס גיסט זיך וואַסער אין שטוב. דאָס איז דאָך מיין אַרבעט. היינט איז דאָרטן דאָ אַן אייזנבאַן, וואָס לויפט אָן פערד. אין אָוונט צינדן זיך אָן לאָמטערנעס אין די גרויסע גאַסן. עס ווערט ליכטיקער ווי בייטאָג. הונדערטער, אפשר טויזנטער מענטשן שפּאַצירן ביינאַכט אין די גאַסן. פאַראַן דאָרטן טעאַטערס. מען עסט ווייסע זעמל און בולקעלעך אין דער וואָכן. אויך געגנדזנס און קאַטשקעס. די וואַרשעווער ווייסן שוין וואָס גוט איז...״

די מומע שרה קאָן שוין פון גרויס וואונדער אויף איר שטול ניט איינזיצן. „מאַמעלעך ! אַזוי פיל קראָמען ! אַזוי פיל מענטשן און גוטע זאַכן ! זאָג מיר נאָר — און פערד זיינען דאָרטן דאָ ?״

„פערד שלעפּן דאָרטן טראַמוואַיען״, זאָגט אהרן און פילט זיך גרויס ביי זיך וואָס אַלעמענס אויגן זיינען אָנגעשטעלט אויף אים.

„טראַמוואַיען ?״ רעדט די גוטע שרה איבער, „וואָס איז טראַמוואַיען ?״

„זאָג מיר נאָר, אהרעלע, זיינען דאָרטן דאָ, ישובניקעס?״ פרעגט דער פעטער יעקב, און צעלאַכט זיך אַזוי ברייט־האַרציק, אַזוי ברייט־פּנימדיק, אַז דער זיידע גיט אַ קלאַפּ מיט זיין האַנט אין טיש און די טעלער צעשפּרינגען זיך.

עס באַפאַלט אַלעמען אַ שטילקייט. אין דער שטילקייט הערט זיך דעם פעטער יעקבס קול: „זיי מיר מוחל, טאַטע !״ דער זיידע שאָקלט מיטן קאָפּ. ער איז אים מוחל.

דער זיידע און די דריי זין נעצן אָפּ זייערע נעגל מיט מים אַחרונים. „רבותי, מיר וועלן בענטשן", זאָגט דער טאַטע, און אַלע בענטשן מזומן. דער זיידע דרימלט איין אין מיטן בענטשן, כאַפּט זיך אויף, זאָגט עטלעכע בענטש־ווערטער און דרימלט ווידער איין. אַזוי עטלעכע מאָל ביז ער ענדיקט דאָס בענטשן.

ביילקע קוקט אויפן זיידן מיט מורא און רחמנות. ער זעט אויס ווי אַ פּאַרטריקנטער וואָרצל, וואָס איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון דער ערד, געבליבן ליגן און וויאַנעט.

דער טאַטע זיפצט אָפּ בעת ער קוקט אויף זיינע אַלטע טאַטע־מאַמע, וועלכע האָבן שוין מער קיין אָרט ניט אין דאָרף. זיי מוזן זיך געזעגענען אויף דער עלטער באַזעצן אין שטאָט. דער זיידע פאַרשטייט דעם טאַטנס זיפץ, צעעפנט ער ברייט זיינע פאַרשלאָפענע אויגן הינטער די ברילן און זאָגט שטרענג: „בטחון!", און פאַרענדיקט מיט אַ „גם־זו־לטובה".

די באָבע גייט נאָך דעם זיידנס פוס־טריט צום בעט. „לייג זיך צו, משהלע. רו זיך אויס", זאָגט זי פרום און אונטערטעניק און לייגט אים צו נאָך אַ קישן צוקאָפּנס.

***

עס זיצט די גאַנצע משפחה אַרום טיש. די ליכט ברענען יום־טובדיק, איין ליכט אַ זייער גרויסע. דאָס איז אַ ליכט לכבוד יום־כיפור. אויפן ווייס־געדעקטן טיש שטייען יום־טובדיקע מאכלים. אַ גרויסער קוילעטש, וואָס די מאַמע האָט אָפּגעבאַקן, שיינט אַראָפּ פון טיש.

„עסט, קינדערלעך. מאָרגן איז אַ תענית", זאָגט דער טאַטע, און די קינדער ווייסן, אַז אונטער צוועלף יאָר דאַרפן זיי פאַסטן נאָר אַ האַלבן טאָג. די עלטערע קינדער פאַסטן אַ גאַנצן טאָג.

דער זיידע, אָנגעטאָן אין זיין ווייסן קיטל, הייבט אויף די הענט; די ברייטע אַרבל הענגען אַרונטער. ער בענטשט אַלע זיינע אַכצן אייניקלעך. אַ הייליקייט שוועבט אין דער לופטן און באַגלייט אַלעמען אין שול אַריין.

אַז די שוואַכע פרימאָרגן־זון האָט אַריינגעשיינט דורך די קליינע שייבעלעך, האָט ביילקע געעפנט די אויגן און באַשלאָסן, אַז היינט פאַסט זי — דאָס וועט שטאַרק הנאה טאָן דעם טאַטן.

נאָך האַלבן טאָג איז איר געוואָרן ניט גוט, נאָר צום חלשן.

כאַטש אַ פּאָר טראָפּן וואַסער אָפּצונעצן דעם טרוקענעם גומען... אָבער גייך, זי וועט פאַסטן! און כדי ניט צו קלערן פון עסן אָדער טרינקען, גייט זי אַוועק אין דער סטאָלינער שול צו דער מאַמען.

זי איז אַרויפגעקומען אין דער הויך אין דער ווייבערשער שול, די לופט איז שווער. ווייבער שטייען, קוקן אין סידורים, וויינען הויך אויפן קול, באָדן זיך ממש אין טרערן. ביילקע קוקט אַרונטער דורכן פענצטערל צו די מאַנסבילן. זיי דאַווענען מיט די גרויסע טליתים אַריבער זייע־רע קעפּ. זיי וויינען ניט.

ביילקע דערמאָנט זיך וואָס זי האָט אַמאָל געהערט פון דער מאַ־מען: „איינגעוויקלט אין זינד זייַנען יידישע ווייבער. מען רעדט לשון־הרע. מען שעלט די קינדער. מען באַקלאָגט זיך, ווען עס פעלט פּרנסה. און מצוות האָט אונדז גאָט געגעבן נאָר דריי — אויפן שפּיץ גאָפּל. איז מישטיינס געזאָגט, ווי וויט גייען דריי מצוות פאַר אַ זינדיקער אישה? אַ טראָפּן אין ים — גאָרניט מיט גאָרניט... איז, זאָל דאָס זיין, אַז דערפאַר וויינען זיי און שרייען שטאַרקער, העכער ווי די מאַנס־בילן?" קלערט ביילקע און קוקט צו דער מאַמען, וואָס איז היינט אַ „זאָגערקע". העניע, חיים שוסטערס ווייב, שטייט לעבן איר. זי קוקט איר אין מויל אַריין און זאָגט נאָך דער מאַמען וואָרט נאָך וואָרט.

עס זיינען נאָך דאָ „זאָגערקעס". אָט שטייט דאָרטן שרה די גרוי־סע. אַרום איר שטייען ווייבער אָרימע, וואָס קענען ניט דאַווענען. זיי האָבן זיך גראָד געוואָלט לערנען. האָבן זייערע טאַטעס ניט געוואָלט, אַז זיי זאָלן זיך לערנען. „צו וואָס? ציילן די גרויפּן אין טעפּל?" אַזוי האָט זיך איינמאָל פאַרקלאָגט שפּרינצע, וועלכע קומט אַלע שבת צו דער מאַמען הערן לייענען די סדרה.

ביילקע קומט צו צו דער מאַמען. יענע מאַכט צו איר מיטן האַנט זי זאָל וואַרטן. זי איז איצט פאַרטאָן אין סידור אויף איין אָרט, וואו זי טאָר ניט ריידן. ביי דער מאַמעס זייט פילט זיך ביילקע זיכערער. זי קוקט אויף די ווייבער — יונגע, אַלטע, באָבעס מיט טשיפּיקעס אויפן קאָפּ, אָבער די מערסטע מיט פאַטשיילקעס אויף די קעפּ אַריבער פאַרוקן. אַ סך קען זי. אָט שטייט דאָרטן צירעלע, די רייכע באַלע־באָסטע. זי איז אָנגעטאָן אין אַ טונקל בלויען זיידענעם קלייד מיט ברייַ־טע קרוזשעוועס אַרום די אַרבל. ביילקע דערקענט דאָס קלייד. דאָס האָט מען זיך ביי איר אין מייסטערסקאַיע געיאָגט עס צו פאַרענדיקן פאַר יום־טוב. עס שטייען דאָרטן אָרימער־געקליידעטע ווייבער. זיי וויינען העכער פון די רייכע. אַלע וויינען, אַנדערע הויך אויפן קול, אַנדערע שטיל אין זיך. די מאַמע וויינט שטיל.

אַז די מאַנסבילשע שטימען פון אונטן זײַנען שטיל געוואָרן, איז אויך שטיל געוואָרן אין דעם ווײַבערשן שטיבל. די מאַמע ווישט אויס די אויגן מיטן ווײַסן טיכל, נעמט בײַלקען פאַר דער האַנט און זעצט זי אַוועק אויפן באַנק. „מ׳עט באַלד בלאָזן שופר״, זאָגט זי, און איר פּנים איז בלייך, די אויגן רויט פון וויינען. נאָר ווען בײַלקע זעט, אַז אַלע ווײַבערשע פּנימער זײַנען בלאַס און די אויגן רויט, פאַרשטייט זי, אַז אַזוי דאַרף דאָס זײַן.

ווען ייִדן זײַנען אַרויס פון שול, זײַנען גרויע וואָלקנס געשוואומען אויפן הימל. די גרויקייט איז געוואָרן געדיכטער מיט יעדער מינוט. און אפשר האָט זיך זיי דאָס די ייִדן אויסגעדאַכט. צוליב זייער פאַסטן, בעטן און וויינען אַ גאַנצן טאָג איז זיי געווען טונקל אין די אויגן. די פּאַרנאַכטיקע לופט האָט זיי אָפּגעפרישט. מען האָט פריי אָפּגעאָטעמט, געוואונטשן זיך איינער דעם צווייטן אַ גוט יאָר און טיף אין האַרצן איז מען געווען צופרידן, וואָס די ימים נוראים זײַנען שוין אַוועק.

נאָך ימים נוראים ווערן הערצער ברייטער, פריילעכער, אײַבערהויפּט קינדערשע הערצער. באַלד וועט קומען סוכות. מען וועט עסן אין סוכה, דורכקוקן אין דער הויך דורכן סכך צום בלויען הימל. שמחת־תורה וועט מען גיין מיט פענדלעך נאָך די טאַטעס מיט די הקפות. די טאַטעס, די הענט פאַרוואָרפן איינס אויף דאָס אַנדערע, וועלן טאַנצן אַ דיידא — אַ מחיה צו קוקן. אויף מאָרגן וועט הלל דער שמש אַרויסגנבענען טעפּ מיט צימעס פון די אויוונס. קינדער וועלן אים נאָכלויפן. ער וועט שרײַען, „צאַן קדשימלעך!״ און אַלע קינדער וועלן ענטפערן „מע־מע״. דעמאָלט וועט זיי הלל געבן צו לעפל צימעס אין די מײַלער. און אַרומטאַנצנדיק אַרום הללן מיטן טאָפּ, וועלן זיי שרײַען: „נאָך! נאָך!״

נאָך פריער, ערב הושענה רבה, וועט מען גיין אויפן גלחס גאָרטן ביז די קני אין וואַסער און מען וועט אָנשניידן הושענות. די גרינע ריטלעך וועט מען קלאַפּן ביז די בלעטלעך וועלן אַרונטערפאַלן... יאָ, דאָס זײַנען פריילעכע יום־טובים, סוכות און שמחת־תורה. דאָס האָט זיי גאָט אַוודאי באַשאַפן נאָר פאַר די קינדערס וועגן.

די פריילעכע יום־טובים זײַנען אַוועק, און דער אינדערוואָכנס איז ווידער געקומען און האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן. ביי דוד דעם מלמד אין שטוב איז געוואָרן שטיל ווי נאָך אַ גרויסער פריילעכער חתונה. דער פעטער יעקב מיט זײַן פאַמיליע איז צוריקגעפאָרן אין דאָרף כאָפּן פיש. דער פעטער דאָנע האָט זיך אָפּגעשטעלט אין שטאָט

— אפשר עפּעס פּרנסה אַרום דער הוטע, אַז גאָט וועט העלפן. אהרן איז צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע צו זיין עלעקטרישער און שלאָסערסקער אַרבעט, צום גוטן באַלעבאָס, וועלכער האָט אַ טאָכטער מיט שוואַרצע אויגן. זי איז אַ געראָטענע, פירט דאָס גאַנצע אייזן־געשעפט, און ווען זי שמייכלט צו אים, ווערט אים וואַרעם אין אַלע זיינע גלידער. דער טאַטע לויפט אַרום איבערן שטאָט צוזאַמענקלייבן אַ חדר. אַנדערע מלמדים כאַפּן אויס די ייִנגלעך ביי אים. דער אינדערוואַכן איז אין פולן גאַנג, און עבירות פלאַדיען זיך פון דאָס ניי.

## ביילקע בייט די שטעלע

עס איז אַ זומערדיקער פרייטיק פרימאָרגן. די ייִדישע ערב־שבת־גאַס שמעקט מיט פריש־געבאַקענע חלות. די מיידלעך אַרום שניי־דער־טיש פרייען זיך מיטן אָנקומענדיקן רו־טאָג, שבת אויף אָנבייסן וועט מען עסן ווייסע חלה מיט ציקאָריע. ווען טאַטע־מאַמע וועלן קומען פון שול, וועט מען עסן דעם גוטן שבתדיקן וואַרמעס, און דער־נאָך — היידאַ צום ביטשעווניק, אין וואַלד צום צירקל. מען וועט זיך אַרויפדראַפּען אויפן הויכן וויס־זאַמדיקן באַרג, צום מאַריאַק, אַרונ־טערלויפן צום גרינעם טאָל — אַזש עס וועט גיין אַ רויך פון אונטער די שטויביקע פיס! דערנאָך וועט מען שפּאַצירן צום פּוסטן מויער אונטער די ביסל־ביימער און קוקן ווי די רויטע זון פאַרגייט. פאַרנאַכט וועט מען גיין צום פּאָטשט, אָפּנעמען בריוו, און פריילעכע וועט מען לויפן אַהיים. צו בין־השמשות וועט מען עסן שלש־סעודות, אין די האַלב־טונקעלע שטיבער וועלן זיך די מיידלעך דערציילן מעשיות, שפּילן אין „בלענדעניש".

די זיסע מחשבות וועגן אָפּרו און שפּיל פילן אָן מיט פרייד קינדער־שע הערצער, העכער און שנעלער וואַרפן זיך אין דער לופטן הענט מיט נאָדל־פאָדים. מען זינגט אונטער, מען פאַרטיקט אַרויס די אַרבעט. היינט, פרייטיק, גייט מען אַהיים פרי — מיטן זון־פאַרגאַנג.

אַ סקריפּ פון אַ געעפנטער טיר האָט איבערגעשלאָגן די מיידלשע געדאַנקען. היימל איז אַריינגעקומען. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ פלאַכן טעלער איבערגעדעקט מיט אַ ווייסער סערוועטקע. אויפן ערשטן בליק האָט זיך געדאַכט, ווי ער וואָלט געטראָגן שלח־מנות.

„ביילטשע, נאַ דיר אַ פלעטשל!". און ער שטעלט אַוועק דעם טעלער אויפן טיש וואו ביילקע זיצט. אַ ריח פון געפּרעגלטן הייסן טייג

מיט בוימל האָט אַ שלאָג געטאָן אין די נעזער. די שניידער־מיידלעך האָבן אָנגעשטעלט אויף חיימען די אויגן און אויסגעשאָסן אין אַ גרויס געלעכטער.

„אַ גרויסער יינגל זאָל ניט קענען אַרויסריידן קיין צאַדעק״, האָט שאַשקע געקייכט פון געלעכטער, אַזש טרערן זיינען איר געקומען אין די אויגן. חיה־שרה האָט געלאַכט מיט אַ פאַרשטיקטן געלעכטער, ווי זי וואָלט מורא געהאַט דער באַלעבאָס זאָל ניט דערהערן. ער האָט אָבער יאָ דערהערט.

ער איז אַרויסגעקומען מיט דראָבנע טריטעלעך, צוגעגאַנגען צום טיש און געפרעגט:

„וואָס האָט איר זיך צעלאַכט אין מיצקע דרינען?״

די מיידלעך זיינען געוואָרן שטיל און האָבן אַרונטערגעבויגן די קעפּ צום געניי, ווי עס וואָלט גאָרניט פּאַסירט. חיימל איז געשטאַנען ביי דער טיר אַ פאַרשעמטער.

„ביילטשע, נאַ דיר אַ פלעטשל״, האָט אים חיה־שרה איבערגע־קרימט, „אַ בחור, זאָל ניט קענען אַרויסריידן שאַרף אַ וואָרט!״

„יינגעלע, ווער האָט דיין צונג אָפּגעביסן?״, איז דער באַלעבאָס צוגעגאַנגען נעענטער צו חיימלען און געפרעגט. זיינע שוואַרצע אויגן, די רונדע שוואַרצע באָרד — אַלץ אין אים האָט אויסגעדריקט חוזק. חיימל האָט ניט געענטפערט, נאָר געקוקט שאַרף און זיך געצויגן אַלץ נעענטער צו דער טיר. דעם באַלעבאָס איז ניט געפעלן חיימלס ביסטרער קוק. ער האָט אים אָנגענומען פאַר זיין קאָפּ האָר, געהויבן אַלץ העכער זיין פאַרשעמטן פנים און געזאָגט: „לאָז נאָר מיך זען, יינגעלע, האָסטו אַ צונג?״

חיים איז געוואָרן רויט פאַר כעס. מיט זיינע קינדערשע הענטלעך האָט ער דעם שניידער געגעבן מיט רוגזה אַ שטופּ־אָפּ פון זיך, אים אַרויסגעשטעלט אַ צונג, געעפנט די טיר און איז אַנטלאָפן. „דער מאַ־מעס קינדער.״ האָט יעקב געבורטשעט. זיינע קורצע פיס האָבן זיך געצויגן צוריק אין פּאַסאָן־צימער.

דאָס שטענדיקע אָפּלאַכערייביים שניידער־טיש, דאָס ניאַנטשען קינדער, גיין גאַנגען האָט געטריבן ביילקען צו פאַרלאָזן יעקב דעם שניידער און גיין אַרבעטן צו כאַנאַניעכען.

דער בייט פון מייסטערקאַיעס איז איר ניט אָנגעקומען גרינג. טאָג און נאַכט האָט זי געקלערט דערפון און ניט געקענט באַשליסן. יעדעס מאָל וואָס מען האָט פון איר אָפּגעלאַכט, האָט זי געוואָלט לויפן צו

כאַנאַניעכען אַרבעטן. בלויז די מורא פאַר דער מאַמען האָט זי צוריק־געהאַלטן. זי האָט געוואוסט, אַז אויב זי וועט אַוועק פון יעקב דעם שניידער פאַר די דריי יאָר, ווי מ׳האָט אָפּגעמאַכט, וועלן טאַטע־מאַמע דערצו קיינמאָל ניט צושטימען.

ביילקע האָט זיך געפילט קליין און נישטיק. עס איז איר נאָך קיין צוועלף יאָר ניט, איז ווי קען זי זיך אָנדינגען אַליין? און ביי אַלע שניידער מוז מען טאָן הויז־אַרבעט. ניאַנטשען קינדער און גיין גאַנגען. אָבער דאָס ערגסטע, דאָס וויטיקדיקסטע פאַר ביילקען איז געווען דער געדאַנק, אַז מען מאַכט פון איר חוזק, מען לאַכט אָפּ פון איר און מען באַרעדט זי.

כאַנאַניעכע, וואָס וואוינט ניט ווייט פון יעקב דעם שניידער און פירט אַ קליינעם שניידער־וואַרשטאַטל, איז זייער אָרעם, אַזוי אָרעם, אַז זי קאָן זיך ניט פאַרגינען אָנצודינגען כאָטש איין שניידער־מיידל, וואָס זאָל איר אַרויסהעלפן אין דער אַרבעט. דערפאַר מוז זי אַליין אַרבעטן טאָג און נאַכט ביים שניידעריי.

דער טייטש פון „כאַנאַניעכע" איז, פאַרשטייט זיך, כאַנאַניעס ווייב. דער נאָמען האָט אָבער געהאַט נאָך אַ טייטש, עפּעס אַזוינס וואָס מען קען ניט דערקלערן. עס האָט געמיינט אַ שלומפּערקע ווי כאַנאַניעכע, אַ פאַרקלאָגטע נשמה, אַ שלים־מזל, אַזאַ וואָס איז קיינמאָל ניט צופרידן, ניט מיט זיך, ניט מיט יענעם, און אַ סך אַנדערע זאַכן האָט דער נאָמען כאַנאַניעכע געבראַכט אויפן זינען און אַרויסגערופן ביי מענטשן וואָס האָבן אַרויסגערעדט דעם נאָמען אַמאָל מיט רחמנות, אַמאָל מיט כעס, אָבער מערסטנטייל מיט געלעכטער.

כאַנאַניעכע איז געווען די ברויט־געבערין, די שעלטערין און די קינדער־האָבערין. אַלע יאָר האָט זי געהאַט אַ קינד. די שטאַרקערע האָבן זיך אויסגעהאָדעוועט, די שוואַכערע זיינען געשטאָרבן. די מערסטע זיינען געשטאָרבן. די כאַנאַניעס האָבן געהאַט דריי קינ־דער לעבעדיקע, פינף טויטע. אַ מיידל האָבן זיי געהאַט, האָט זי גע־הייסן ביילע. אַ גאַנצן טאָג פלעגט די מאַמע אירע זי שלאָגן און שעלטן. ביינאַכט איז ביילע געשלאָפן צופוסנס אין איר מאַמעס בעט און געפילט דעם טעם פון כאַנאַניעכעס לאַנגע פיס. פיניע איז געשלאָפן אויף דער „פּאַלאַטקע", לייזער, דער קלענערער, אין טאַטנס בעט.

אין אַ שבת בייטאָג, ווען פראַדל האָט נישט געהאַט ערגעץ אַנדערש וואו צו גיין, איז זי מיט ביילקען געגאַנגען באַזוכן כאַנאַניעכען.

עס איז אַ כמורנער שבת בייטאָג פאַר פורים. דער שניי איז צע־

גאַנגען און האָט באַדעקט די גאַסן מיט בלאָטיקע לוזשעס וואַסער. די מאַמע און ביילקע גייען איבער דער בלאָטיקער וויכער ערד, גע־וואויר־ווערן כאַנאַניעכען, וועלכע האָט „דאַנקען גאָט, מפּיל געווען״. פאַרוואָס די מאַמע האָט געזאָגט „דאַנקען גאָט״, ווייסט ניט ביילקע.

ווען די מאַמע איז אַריין אין שטוב, האָט זי געפונען כאַנאַניעכען ליגן מיט איר לאַנגן גוף אויסגעצויגן אויפן בעט, זי האָט שווער געאָ־טעמט. ביילע איז געזעסן אויף דער ערד, האָט זיך געקראַצט אין קאָפּ און געשפּילט אין צייכנס. כאַנאַניע מיט די יינגלעך זיינען ניט גע־ווען אין שטוב. „אַ ביסל איינגעמאַכץ געבראַכט״, זאָגט די מאַמע און וויקלט אויס פון פּאַפּיר אַ סלאָיטשיקל.

„אַ דאַנק אייך, פּראַדל״, זאָגט כאַנאַניעכע און זי סטאַרעט זיך צו שמייכלען. אָבער עפּעס האָט איר ערגעץ אין לאַנגן גוף אַ שטאָך געטאָן, און אַ זויערע מינע האָט זיך איר צעלייגט אויפן פּנים.

די מאַמע קוקט אויף כאַנאַניעכעס מאַשינען און דרייט איר קאָפּ מיט באַדויער. „אייער כאַנאַניע וואָלט געווען אַ גרויסער מענטש, ווען ער וואָלט איינגעשטאַנען אין אַן אַנדערער אכסניה״, זאָגט זי פילאָסאָ־פיש.

„טאָ וואָס קומט אַרויס, אַז קיין פּרנסה איז ניטאָ?״ ענטפערט כאַנאַניעכע מיט אַ קרעכץ.

די מאַמע ווייסט ניט, צי יענע קרעכצט ווייל ס׳איז ניטאָ קיין פּרנסה, אָדער ווייל עס טוט איר עפּעס ווי, צי פון ביידע זאַכן צו־זאַמען.

„וואָס קראַצטו זיך אַזוי?״ פרעגט די מאַמע. זי גייט־צו צו ביילען און קוקט איר אַריין אין קאָפּ. „ווי. ווי.״ שאָקלט די מאַמע מיטן קאָפּ, „וועסט קומען מאָרגן, ביילע, וועל איך דיר גוט אויסוואַשן דעם קאָפּ מיט גאַזע און אויסשמירן מיט זשעגאַכץ, וועסטו געהאָלפן ווערן״.

ביילעס קיילעכדיקער פּנים האָט זיך ליבלעך צעשמייכלט. איר חברטע ביילקע האָט ערשט באַמערקט, אַז יענע איז אַ שיינע... ווען זי וואָלט אַלע מאָל געשמייכלט, וואָלט זי דאָך געווען אַ קראַסאַוויצע, קלערט ביילקע.

ביילקען האָט געצויגן צו דער אָפּגעלאָכטער כאַנאַניעכען. אפשר ווייל זי האָט מיטגעפּילט איר בושה, און אפשר ווייל זי איז אַ לאַנגער דראָנג מיט אַן אויסגעבויגענער פּלייצע און מיט גרויסע, אַרויסגע־סטאַרטשעטע ציינער. עס קען זיין, אַז כאַנאַניעכעס שטוב האָט ביילקען געצויגן, ווייל זי איז געווען געבויט אַנדערש פון אַלע הייזער.

כאַנאַניעכעס שטוב איז באַשטאַנען פון איין לאַנגן חדר מיט אַ פּירהייזל. אין מיטן שטוב איז געשטאַנען אַ ציגלנער אויוון, וואָס האָט געדינט פאַר פיר זאַכן: ווי אַ פּריפּעטשאָק פאַר די טעפּ; ווי אַן אויוון צום באַקן ברויט און חלות און פאַררוקן טשאָלנט אויף שבת; אונטן — אַ קוטשקע פאַר די הינער; אין דער הויך, אַ האַלבן אַרשין פון דער סטעליע — כאַנאַניעס ווינטערדיקער געלעגער, אין קאַל־טע ווינטער־טעג פלעגט ער זיך אויסציען אויפן וואַרעמען אויוון, קוקן אויף דער סטעליע און קלערן פון זיינע מאַשינען. ביי אַ לאַנגער וואַנט זיינען געשטאַנען דריי מאַשינען — די אַלעיניצע, אַ באַרשט־מאַשין צום רייניקן וואָל, וועלכע ער האָט שטענדיק געהאַלטן אין אויס־בעסערן, און די ביי־מאַשין. ביי דער צווייטער וואַנט איז געשטאַנען אַ פּאַלאַטקע פאַר די יינגלעך צום שלאָפן, אַ קליידער־שאַפע, אַ טיש וואָס האָט געדינט צום עסן און צושניידן קליידער, און צוויי בענק צום זיצן. ביי דער דריטער וואַנט איז בכבודיק געשטאַנען אַ ספרים־שאַפע, איין שטול, אַ פּאָר הילצערנע זיץ־קעסטלעך, ווען מענטשן קומען. ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ באַנק, אַן עמער וואַסער און די פּאַמויניצע. די הינער און העגער האָבן פראַנק און פריי אַרומגעשפּאַ־צירט איבער דער שטוב און שטענדיק געזוכט עפּעס צום פּיקן.

צווישן דער ספרים־שאַפע און די זיץ־קעסטלעך האָט אַ טיר געפירט צום פּירהייזל, וואָס האָט געדינט אַ דרייענדיקן צוועק: ווינטער איז דאָס געווען אַ שטאַל פאַר דער ציג, אַ גאַנץ יאָר — כאַנאַ־ניעס אַרבעט־צימער און סוכות־צייט פלעגט מען עפענען צוויי פליגלען אין משופּעדיקן דאַך, אַרויפלייגן סכך, איז פון דעם וואַרשטאַט מיט דער שטאַל געוואָרן אַ סוכה.

כאַנאַניע איז געווען אַ פרומער ייד מיט אַ שיטער ציגן־בערדל און שוואַרצע פאַרטראַכטע אויגן — אַ שטילער, אַ דאַרער און אַ פוילער. אין שטעטל האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ שטיקל מטורף. אין זומערדיקע טעג פלעגט ער ליב האָבן פאַרלייגן די הענט אויף הינטן און אַרומשפּאַצירן, און דווקא ניט מיטן קאָפּ אַרונטער, ווי אַלע יידן, נאָר פאַררייסן דעם קאָפּ צום הימל; אויך פלעגט ער שפּאַצירנדיק שמייכ־לען צו די פליענדיקע פייגעלעך און פלאַטערלעך און טראַכטן. פון וואָס ער האָט געטראַכט, האָט קיינער ניט געוואוסט. מענטשן האָבן זיך משער געווען,אַז ער טראַכט פון זיינע מאַשינען.

אין פראָסטיקע ווינטער־טעג פלעגט ער ליגן אויפן וואַרעמען אויוון. ביינאַכט, ווען אַלע אין שטוב זיינען געשלאָפן, פלעגט ער אַרונטערקריכן און מייסטרעווען איבער די מאַשינען.

אַז די פּויערים פון די דערפער פלעגן קומען מיט זייערע זעק צו צעמאָלן די סימיע, פלעגט כאַנאַניע שטיין און צוקוקן ווי זיין מאַשין קאַכט, מאָלט און קוועטשט־אַרויס דעם בוימל פון טרוקענע קאַנאָפּליעס. דאָס קלאַפּן פון דער מאַשין האָט מען געקענט הערן איבער דער גאַנ־צער גאַס. אָבער פאַר זיינע אויערן איז דאָס געווען דאָס שענסטע געזאַנג. די שכינה האָט אויף אים גערוט...

כאַנאַניעכע האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר איר מאַן. אָבער ווען די אויסקומעניש איז געוואָרן שווער, פלעגט זי אַרויס פון געדולד, אים שעלטן און שרייען אויף אים. איר טענה איז געווען: „וואָס טויגן מיר דיינע מאַשינען, אַז קיין פּרנסה איז נישטאָ", כאַנאַניע פלעגט ווערן שטום ווי די וואַנט, ניט ענטפערן איר. ער האָט גוט געוואוסט, אַז ווען דאָס ווייב וואָלט ניט אַרויסגעהאָלפן מיט פּרנסה, וואָלטן זיי מיט די קינדער געשטאָרבן פון הונגער.



אָט צו די כאַנאַניעס האָט זיך עס ביילקע געקליבן גיין אַרבעטן. עס האָט איר אָבער אויסגעפעלט קוראַזש. נאָר איינמאָל אין אַ זונטיק אינדערפרי איז זי בשתיקה, מיט אַ קלאַפּעדיקן האַרץ אַוועק צו כאַ־נאַניעכען אַרבעטן. זי איז אַריין אין שטוב פאַמעלעכקעס, ווי זי וואָלט געגאַנגען אויף אַ גליטש. „קום, ביילקעלע אַריין, שעם זיך ניט. האָסטו געפרעגט דיין מאַמען צו קענסטע קומען צו מיר אַרבעטן?", איז כאַ־נאַניעכע איר אַנטקעגנגעקומען מיט אַ פראַגע, און מיט דער שער אין האַנט.

„אַוודאי האָב איך געפרעגט", האָט ביילקע געזאָגט, און אַ היץ האָט איר אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין.

„נו, גוט. זעץ זיך אַנידער, אָט־אָ־דאָ", האָט זי איר אָנגעוויזן אַ פלאַץ ביים טיש. זי האָט זיך גענומען צושניידן אַ בלויען שטאָף, וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט אויפן טיש.

זי האָט געאַרבעט מיט גרויס התמדה, אויסגעשניטן די קאָפּטעטש־קע, דאָס קליידל, די אַרבל און אַלע גרעסערע און קלענערע טיילן, וואָס גייען אַריין אין אַ קלייד. די ברעקלעך אָפּפאַל פון בלויער אַלפּאַגע האָט זי אַרונטערגעשאַרט פון טיש. די הינער האָבן זיך אַ יאָג געטאָן נאָך דעם, געמיינט ברויט־ברעקלעך פאַלן.

„אַ קיש, קיש! מען קען פון זיי ניט פּטור ווערן", האָט כאַנאַניעכע זיי בעטריבן פון אונטערן טיש. און צו ביילקען האָט זי געזאָגט:

„דאָס קלייד איז פּאַר גיטעלען, דעם רבס מיידל. שטעל עס צו־זאַמען. זי קומט באַלד אָנמעסטן. וועסט עס דורכן טאָג מאַכן. אַז דו קומסט פון יעקב דעם שניידערס טיש, דאַרף איך דיר ניט זאָגן ווי צו נייען, דו ווייסט אַליין. כאָטש דאַרטן נייען זיי אויף סאַמעט און זיידנס, קען איך זיך מיט מיין אַרבעט אויך ניט שעמען״.

זי האָט דערלאַנגט ביילקען עטלעכע שטיקער שטאָף פון פּאַר־שיידענער גרויס און פאָרמע. איר פּאַרקאָטשעטע ליפּ מיט די אַרויסגע־סטאַרטשעטע ציינער האָבן געשמייכלט.

ווי אַ פריש ווינטל האָט עס אַ וויי געטאָן אויף ביילקען. עפּעס אַ קלייניקייט! זי וועט אַליין אויפמאַכן אַ שטיקל אַרבעט!

פּאַרנאַכט איז שוין דאָס קליידל געווען פאַרטיק. די ווייסע טאַש־מעלעך און קנעפּלעך האָבן אַרונטערגעשיינט. כאַנאַניעכע האָט געלויבט ביילקעס אַרבעט און צוגעזאָגט צאָלן איר צען רובל אַ יאָר, און טאַקע באַלד פון ערשטן טאָג אָן וועט זיך אָנהייבן דאָס יאָר!

ביי כאַנאַניעכען האָט ביילקע ניט געניאַנטשעט קיין קינדער, קיינער האָט פון איר ניט אָפּגעלאַכט, אַפילו קיין פּרעס־אייזנס האָט זי ניט גע־דאַרפט מאַכן היים. דאָס האָט געטאָן פיניע, כאַנאַניעס צען־יאָריק יינגל מיט אַ לענגלעך־בלייך פּנימל און געקרייזלטע פּאות. ער פלעגט בלאָזן די צעזשאַרעטע קוילן ביז זיין פּנימל פלעגט ווערן רויט און אָנגעבלאָזן. ווען די פונקען האָבן גענומען פליען פון אייזערנעם קוי־מענדל, פלעגט ער אויפהערן בלאָזן, און זיינע בעקלעך זיינען צוריק איינגעפאַלן.

כאַנאַניעכע איז געווען גוט צו ביילקען פון ערשטן טאָג אָן. זי האָט צו איר גערעדט ווי צו אַ גרויסער. דאָס האָט ביילקען שטאַרק הנאה געטאָן. נאָך איין זאַך האָט זי יאָ געבענקט: נאָך די לידער, וואָס די מיידלעך פלעגן זינגען ביי יעקב דעם שניידערס טיש. כאַנאַניעכע האָט ניט געזונגען. ביילקע האָט זיך געשעמט צו זינגען.

כאַנאַניע פלעגט זיך אַרומדרייען ביי די מאַשינען, זיין נאָענטקייט איז ביילקען געווען פריקרע.

נאָר גרינג איז ביילקען נישט אָנגעקומען דאָס בייטן איר שטעלע. דעם ערשטן טאָג ביי כאַנאַניעכען, ווען זי איז געקומען פון דער אַרבעט, האָט זי שוין געזען פון דער מאַמעס בייזע בליקן, אַז יענע ווייס פון אַלץ. דער טאַטע איז געזעסן ביים טיש און אַריינגעקוקט אין אַ ספר. חיימל אין אַלקער אויפן בעטל האָט געלייענט אַ ביכל. די שטימונג

איז געווען אַ געדריקטע. די מאַמע האָט געגעבן אַ זיפץ און געפרעגט מיט אַן איינגעהאַלטענעם כעס:

„זאָג נאָר מיר, ביילקע, פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפן פון יעקב דעם שניידער צו כאַנאַניעכען?"

אַז ביילקע האָט ניט געענטפערט, האָט זי ווייטער גערעדט:

„משוגע, חסר־דעה מיינע שונאים, אַוועקגיין פון אַזאַ טייערן באַלמע־לאָכע, אַ גראָמע שטוב, צו וועמען? צו כאַנאַניעכען, צו אַ טאַנדעטניצע! היינט די ענגשאַפט דאָרטן! אַז איך האָב דאָס דערהערט בין איך נשתומם געוואָרן. און וואָס וועט ווערן פון דיין דריי־יאָריקן אָפּמאַך, פון דעם קאָנטראַקט?"

דער טאַטע האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן פון ספר, אָנגעקוקט דער מאַמע און געפרעגט: „אַ קאָנטראַקט?"

„אַוודאי, אַז מען גיט אַ וואָרט, איז אַ קאָנטראַקט. איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז ביילקע וועט ביי אים אויסזיין די צייט. נעמט זי און לויפט אַוועק מיט אַ יאָר פריער."

„אויב דו האָסט אים געגעבן אַ תקיעת־כּף, איז דאָס נאָך שטאַרקער פון אַ קאָנטראַקט", האָט געזאָגט דער טאַטע.

„וואָס שוויגסטו? איך פרעג דאָך דיך? פאַרוואָס ביסטו אַנט־לאָפן פון שניידער? פאַרוואָס טוסטו זאַכן אָן מיין וויסן? זאָג!" האָט זי געטרייסלט ביילקען ביים אַקסל און געשריען.

עפּעס האָט געצומען שטיקן ביילקען אין האַלדז. טרערן זיינען איר געקומען אין די אויגן. חיימל איז אַריינגעלאָפן, אַ ציי געטאָן דער מאַמען פאַרן קלייד און געזאָגט: „זיי האָבן אָפּגעלאַכט פון מיר, מיך איבערגעקרימט — ביילטשע נאָ דיר אַ פּלעטשל".

„ווער האָט פון דיר געלאַכט? וואָס פאַר אַ פּלעצל? וואונדערט זיך די מאַמע.

„אַלע האָבן פון אים געלאַכט. דער באַלעבאָס האָט אים געשלעפּט פאַר די האָר, חוזק געמאַכט פון אים. זיי לאַכן שטענדיק אָפּ פון מיר! מען קען דאָך קראַפּירן!" האָט געזאָגט ביילקע און באַטאָנט דאָס וואָרט „קראַפּירן".

„אַז מען האָט אָפּגעלאַכט, נו, מילא. אָבער שלעפּן אַ קינד ביי די האָר, דאָס קען נאָר טאָן אַזאַ קאַטערזשאַן ווי יעקב דער שניידער. מיר זאָל זיין פאַר דיר!" האָט געזאָגט די מאַמע און געגלעט חיימלס קאָפּ.

„מאַמע, איך בין שוין אַ גרויסער", האָט חיים געזאָגט פאַרשעמט וואָס די מאַמע פּיעשטשעט אים ווי אַ קליין קינד.

„טאָ וואָס בלייבט פאַרט?״ איז שוין די מאַמע געוואָרן ווייכער, אָבער נאָך אַלץ אומצופרידן, וואָסביילקע האָט ניט פאַרענדיקט אירע דריי יאָר ביים שניידער.

ביילקע האָט אויף איר געקוקט שטום מיט בייזע בליקן און גאָר ניט געזאָגט. אַ געראַנגל איז אין איר פאָרגעקומען. זאָל זי נאָכגעבן דער מאַמען און גיין צוריק צו יעקב דעם שניידער? דאָס האָט זיך איר שטאַרק ניט געגלוסט.

„איך האָב צוגעזאָגט כאַנאַניעכען, אַז איך וועל פון איר ניט אַוועק־גיין, וועל אַרבעטן ביי איר אַ גאַנצן יאָר. איך מוז! זי צאָלט מיר צען רובל אַ יאָר. איך דאַרף דאָרט ניט ניאַנטשען קיין קינדער, ניט גיין קיין גאַנגען, איך מאַך אַפילו ניט הייס דאָס פרעס־אייזן. פּיניע טוט דאָס פאַר מיר. איך האָב היינט אַליין אויפגעניייט אַ קלייד. אַליין געמאַכט אַ שטיקל אַרבעט! עס וועט מיר דאָרטן זיין גוט״.

„טאַקע?״ האָט די מאַמע זי אָנגעקוקט אין פאַרוואונדערונג. זי האָט אַריבערגעטראָגן איר בליק אויפן טאַטן. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט און צעשמייכלט. פון זייערע פּנימער האָט ווי אַרונטערגערעדט: ביילקע וואַקסט. זי ווערט אַ גרויס מיידל...

## אויסגענאַרט די מאַשינקע

אין איינעם פון אירע קינפּעטן איז כאַנאַניעכע געוואָרן זייער קראַנק. ווען זי האָט געהאַלטן שמאָל, האָט כאַנאַניעס מאַמע, חיה, אים גע־הייסן גיין צום רב נאָך אַ ברכה. כאָטש כאַנאַניע איז געווען אַ פרומער ייד, האָט ער ניט געגלויבט, אַז דער רב קען דאָ עפּעס העלפן. אפשר אַ דאָקטער אָדער מעדיצינען וואָלטן געהאָלפן. אָבער דערויף דאַרף מען געלט און קיין געלט האָט ער ניט. איז אים איינגעפאַלן אַ גע־דאַנק: ער וועט גיין אין דער הוטע בעטן ביי טוראָקן אַ שטעלע.

אָט־דער געדאַנק פון ווערן אַ פאַרדינער האָט אים צוגעגעבן מוט, און כדי ער זאָל ניט קריגן חרטה, האָט ער אויף שנעל אַרויפגעוואָרפן אויף זיך די שבתדיקע קאַפּאָטע און איז אַוועק אין הוטע זען טוראָקן.

אַריין אין קאַנטאָר, האָט ער געטראָפן טוראָקן זיצן ביים טיש, פאַרטאָן אין באַטראַכטן נייע גלעזערנע וואַזע־מאָדעלן.

„זעצט זיך, ר׳ כאַנאַניע״, ווייזט אים טוראָק אַ שטול און דער־לאַנגט אים זיין האַנט אין אַ שלום־עליכם. „וואָס עפּעס אַזוי פרי?״ פרעגט ער און קוקט אויף כאַנאַניען ווי יענער שטייט פאַר אים מיטן

היטל אין האַנט און פון אונטער זיין יאַרמולקע הענגען־אַרונטער צוויי לאַנגע שוואַרצע פּאות. „וואָס האָט אייך געבראַכט צו מיר?"

„מיין ווייב איז קראַנק און איך דאַרף האָבן אַ שטעלע, ר' לייב", זאָגט כאַנאַניע.

„אַזוי גאָר? און איך האָב געמיינט, אַז אייער אַלעיניצע גיט אייך פּרנסה".

„ניט גענוג, ר' לייב. איך דאַרף זי אויסבעסערן, און צו דעם דאַרף מען אויך געלט".

„וואָס־זשע קענט איר טאָן אין הוטע?" פרעגט טוראַק מיט אַ צווייפלענדיקן טאָן.

„וואו איר וועט מיך אַוועקשטעלן, וועל איך טאָן די אַרבעט. אפשר אַרום די מאַשינען אָדער אין דער באַנדאַרקע".

„גוט. קומט מאָרגן צו דער אַרבעט. איר וועט קריגן דריי רובל אַ וואָך", זאָגט טוראַק. ער פילט, אַז כאַנאַניע קען אים צונויץ קומען.

כאַנאַניע איז אַהיים געקומען אַן אויפגעלייגטער. „עס וועט שוין זיין גוט, מיין ווייב, איך גיי מאָרגן אַרבעטן — דריי רובל אַ וואָך" האָט ער איר אָנגעזאָגט די בשורה און זיך געריבן די דאַרע הענט פון גרויס צופרידנקייט.

זיין ווייב האָט אַ קרענקלעכן שמייכל געטאָן און אַנטבלויזט אירע אַרויסגעסטאַרטשעטע ציין. אַזוי שמייכלט מען צו אַ ברויט־געבער, קלערט כאַנאַניע, ער איז ניט געוואוינט צו זען זיין ווייב שמייכלען. ער גייט צו צו זיין אויל־מאַשין מיט אַ שמייכל און גיט זי אַ גלעט, ווי מען גלעט און מען שמייכלט צו אַ קינד...

אויף מאָרגן, אַז ער איז געקומען צו דער אַרבעט, איז אים יאַנעק אַנטקעגן געגאַנגען. „אָט דאָ איז דיין פּלאַץ", זאָגט דער יונגער יאַנעק און פירט אים אַריין אין אַ גרויסער שטאַל, וואָס איז געמאַכט פון גרויען בלעך. די קליינע שייבעלעך וואַרפן אַ שוואַך ליכט אויף די ווענט. אין שטאַל שטייען גרויסע הילצערנע קאַסטנס. אין אַ ווינקל ליגן אָנגעוואָרפענע ברעטער, פון וועלכע די קאַסטנס ווערן געמאַכט. „דיין אַרבעט איז זייער אַ גרינגע", זאָגט יאַנעק און שלעפּט אַרויס אַ לאַנגן בלעכענעם פּאַס. ער גיט כאַנאַניען אַ האַמער מיט אַ דורכשלאַג און ווייזט אים ווי אַזוי ער זאָל דרילעווען לעכלעך אין דעם לאַנגן בלעכענעם פּאַס. „דאָס גייט אַרום די קאַסטנס", גיט אים יאַנעק צו פאַרשטיין.

האָט זיך כאַנאַניע געשטעלט צו דער אַרבעט און געדרילעוועט

לעכלעך און אַריינגעקלאַפּט טשוועקעלעך אין די בלעכענע פּאַסן, וואָס נעמען אַרום די הילצערנע קאַסטנס. אַזוי האָט ער אָפּגעאַרבעט אַ היפּשע צייט. טאָג־איין טאָג־אויס דאָס זעלבע: דרילעווען לעכלעך, אַריינקלאַפּן טשוועקלעך.

דאָס שטענדיקע קלאַפּן פון האַמער האָט דערשלאָגן זיין געמיט און פאַרטעמפּט זיין מוח. דער קאָפּ איז אים שווער געוואָרן, ווי אַן איבעריקע זאַך אויף די אַקסלען. האָט ער איינמאָל אַוועקגעלייגט דעם האַמער מיטן דורכשלאָגן, אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט די הענט און זיך פאַרקלערט וועגן אויסבעסערן די אויל־מאַשין, וועגן פאַר־ענדיקן די באַרשט־מאַשין. ער קריגט אָבער בלויז דריי רובל אַ וואָך און — עס קלאַפּט אים אין קאָפּ...

„וואָס קלערט איר, ר׳ כאַנאַניע?" דערהערט ער אַ שטים און דערפילט אַ ווייכע האַנט אויף דער פּלייצע. ער גיט זיך אַ כאַפּ, קוקט זיך אַרום, און דאָס ערשטע וואָס ער באַמערקט איז דעם שוואַרצן זשי־לעט מיטן גאָלדענעם קייטעלע אַריבער טוראַקס בויך.

„אָ, כ׳האָב זיך פאַרקלערט", זאָגט כאַנאַניע פאַרשולדיקט און דערמאָנט זיך, אַז טוראַק קומט אַלע טאָג אויף אינספּעקציע.

„אדרבה, וועגן וואָס קלערט איר?" זאָגט טוראַק און פאָרשט כאַ־נאַניעס אָנגעשטרענגטן פּנים.

„איך קלער", זאָגט כאַנאַניע, „ווי מען קען די אַרבעט פון דרילע־ווען לעכלעך מאַכן גרינגער, גיכער, בעסער און פריילעכער".

„כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת", זאָגט טוראַק, „איך האָב זיך גע־קווענקלט, צי זאָל איך אייך געבן אָט־די אַרבעט. איך ווייס, אַז איר טויגט זיך אויס אויף בעסערע אַרבעטן. נאָר עס איז מיר געווען אַ רחמנות — איר פאַרשטייט?"

כאַנאַניע האָט אויסגעגלייכט זיין קיילעכדיקע פּלייצע, אָפּגעש־טרייסלט דעם שטויב פון די קליידער ווי ער וואָלט זיך געמאַכט פאַר־טיק אַוועקצוגיין, און געזאָגט:

„געמיינט האָב איך צו זאָגן אייך אַ זאַך, וואָס וואָלט אייך געווען שטאַרק נוגע, אָבער אַז איר רעדט פון האָבן רחמנות אויף מיר, איז דאָס שוין פאַר מיר אַ חרפּה... איך וויל ניט קיין רחמנות פון קיין מענטשן... פון גאָט יאָ".

„איך ווייס, ר׳ כאַנאַניע, אַז איר האָט שוין געמאַכט עטלעכע מאַשינען", מאַכט זיך טוראַק ניט הערנדיק, וואָס כאַנאַניע פילט זיך באַליידיקט. „מאַשינען זיינען אַן עניין! אויב איר קענט מאַכן אַזאַ מאַ־

שין, וואָס זאָל דרילעווען לעכלעך גרינגער, בעסער און שנעלער, ווי איר זאָגט, טאָ גייט געזונטערהייט אַהיים און נעמט זיך צו דער אַרבעט. אייערע דריי רובל אָ וואָך וועט איר קריגן אַזוי לאַנג ווי עס וועט אייך געדויערן צו מאַכן אַזאַ מאַשינקע״.

טוראָק און כאַנאַניע האָבן זיך געגעבן די הענט אין אַ תקיעת־כף, און דאָס געשעפט איז געשלאָסן געוואָרן.

כאַנאַניע האָט זיך פאַרשלאָסן אין זיין פירהייזל, פאַרגעסן ווייב און קינדער, דאָס עסן און טרינקען. איז ער געוואָרן אויסגעמאַטערט, האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף זיין אַרבעט־טיש, אָפּגערוט זיך און זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט. אַזוי האָט ער וואָכן נאָכאַנאַנד גע־קלערט, געצייכנט און געמייסטרעוועט טאָג־און־נאַכט, ביז ער איז אַ פריילעכער אַוועק אין הוטע, זיין לעכל־קלאַפּנדיקע מאַשינקע צוגעטו־ליעט צום האַרצן ווי מען האַלט אַ ציטעריק קינד. מיט יעדן טראָט, וואָס ער האָט געמאַכט, האָט אין אים עפּעס געזונגען: „די מאַשינקע אַרבעט! זי אַרבעט!״ זיין האַרץ האָט געקלאַפּט פון פרייד און אויך פון שרעק: וועט זי אַרבעטן אין הוטע, ווי זי האָט געאַרבעט נעכטן אין דער היים?

„זי אַרבעט!״ שרייט ער אויס, ווען ער קומט אַריין אין דער גרויסער שטאַל, וואו יאַנעק שטייט און קלאַפּט די הילצערנע קאַסטנס. יענער לייגט אַוועק דעם האַמער און קומט־צו צו באַטראַכטן כאַנאַניעס מאַשינקע, וועלכע איז קלענער ווי דאָס קעפּל פון אַ ניי־מאַשין. יאָ, די כישוף־מאַשינקע קלאַפּט לעכל־נאָך־לעכל און שטופּט דעם בלעכענעם פּאַס — ווי עס טוט די נאָדל פון אַ ניי־מאַשין, וואָס שטופּט דעם שטאָף אַלץ ווייטער און ווייטער, — ביז דער גאַנצער פּאַס ווערט אויסגעפּיקט מיט לעכלעך. כאַנאַניע הערט־אויף דרייען דאָס רעדל, גיט אַ דריי עפּעס אַ שרייפל און די מאַשינקע ווערט אַנטשוויגן.

יאַנעקס ברייטער פּנים צעשמייכלט זיך. „וואונדער איבער וואונ־דער!״ צלמט ער זיך איבערן האַרצן און נעמט זיך צוריק צו זיין אַרבעט פון קלאַפּן קאַסטנס.

„מ׳עט מוזן מאַכן אַ צווייטע מאַשין, וואָס וועט אַליין אַרומוויק־לען דעם פּאַס אַרום קאַסטן, זאָלסט ניט דאַרפן אַרבעטן אַזוי שווער מיט די הענט, און אָט־די מאַשינקע וועל איך נאָך מוזן אויסבעסערן, זי זאָל זיך דרייען אַליין, מען זאָל ניט דאַרפן נוצן די האַנט״, רעדט כאַנאַניע מער צו זיין מאַשינקע ווי צו יאַנעקן.

„אויב אַלץ וועט געטאָן ווערן דורך דיינע מאַשינען, וואָס וועלן מיר טאָן מיט אונדזערע הענט?" פרעגט יאַנעק. „מאַשינען וועלן צונעמען די אַרבעט ביי מיר, ביי דיר, ביי אַלעמען. אונדזערע ווייבער און קינדער וועלן שטאַרבן פון הונגער". יאַנעק זאָגט דאָס האַלב אין שפּאַס, האַלב אין ערנסט.

כאַנאַניע האָט זיך פאַרקלערט פון דעם, וואָס דער פּראָסטער יאַנעק, וועלכער קען נישט לייענען און נישט שרייבן, האָט געזאָגט. אפשר איז ער גערעכט? ניין, ער איז ניט גערעכט! מען מוז האָבן נאָך מאַשינען — מער — בעסערע! און זיין פּנים צעשיינט זיך.

„מאַלאָדיעץ!" דערפילט כאַנאַניע אַ האַנט אויפן אַקסל. ער קוקט זיך אַרום — לייב טוראַק שטייט איינגעביסן מיט זיינע אויגן אין דער קלאַפּנדיקער מאַשינקע, אַז ער באַמערקט אַפילו ניט כאַנאַניעס אָפּ־געצערטן פּנים, אויף וועלכן די באַקן־ביינער סטאַרטשען אַרויס, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון דער שיטער־פאַרוואַקסענער באָרד, נאָר זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן ברענען מיט אַ יום־טובדיקן פייערל.

„איך האָב געוואוסט, אַז איר קענט", זאָגט טוראַק און באַטאַפּט די מאַשינקע פון אַלע זייטן. „אייערע דריי רובל אַ וואָך גייט אַזוי לאַנג ווי זי וועט קלאַפּן לעכלעך".

„טס... טס... דריי רובל אַ וואָך!" קנאַקט כאַנאַניע מיט דער צונג אין אַ ביטערן שפּאַס. ער ווייזט אויף דער מאַשינקע און זאָגט: „ר׳ לייב, דאָס איז ניט געמאַכט פון אייזן, נאָר פון בלוט, פון מאַרך... כ׳האָב געמיינט"...

„וואָס האָט איר געמיינט, ר׳ כאַנאַניע? אַז איך וועל אייך אָפּ־גילטן?"

כאַנאַניע איז געבליבן שטיין שטיל מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ. ער האָט אויפגעהויבן די מאַשינקע, גענומען זי אויף די הענט, צוגע־דריקט צום האַרצן און געמאַכט עטלעכע טריט צו דער טיר.

„וואַרט אַ ווייל!" שטעלט אים טוראַק אָפּ. „איר דאַרפט האָבן געלט? טאָ זאָגט, אַז איר דאַרפט!"

„געוויס דאַרף איך געלט, ר׳ לייב. איך מוז קויפן חזיר־האָר, פאַרענדיקן מיין באַרשט־מאַשין. עס גייט צו יום־טוב, דאָס ווייב, איז נאָך ניט איינגאַנצן געזונט, די קינדער דאַרפן שיך, אַ בגד".

„גוט!" זאָגט טוראַק און ציט אַרויס פון בוזים־קעשענע צוויי פינף־

און־צוואַנציקער. „דאָ האָט איר פופציק קערבלעך, און לאָזט איבער אייער מאַשינקע".

כאַנאַניע איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער, אָן לשון. געוואָלט האָט ער זאָגן, אַז ער פאַרקויפט ניט די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינדזן. האָט אים אָבער זיין גראַדער שכל אונטערגעזאָגט, אַז דער פופציקער קאָן אים איצט שטאַרק צונוץ קומען.

טוראָק זעט, אַז כאַנאַניע קווענקלט זיך, ציט ער אַרויס פון קעשענע נאָך אַ פינף־און־צוואַנציקער און זאָגט: „פינף־און־זיבעציק רובל, ר' כאַנאַניע, אויב איר וועט מיט מיר גיין אין קאַנטאָר און אונטער־שרייבן, אַז די מאַשינקע געהערט צו מיר".

פּאַמעלעך און פאַרזיכטיק האָט כאַנאַניע צוריק אַוועקגעשטעלט די מאַשינקע אויף זיין אַרבעט־טיש, ווי ער וואָלט איר ניט געוואָלט וויי טאָן.

„גוט, ר' לייב, איך וועל זיך אונטערשרייבן, אַז די מאַשינקע געהערט צו אייך". זיי זיינען אַוועק אין קאַנטאָר. טוראָק האָט געטראָגן די מאַשינקע און כאַנאַניע האָט זיך געביסן די ליפּן...

פיר טעג איז כאַנאַניע אָפּגעלעגן אויפן אויוון. ער האָט צו קיינעם קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אויפן פינפטן טאָג איז ער אַראָפּגעקראָכן פון אויוון, צוגעגאַנגען צו זיין באַרשט־מאַשין, לאַנג געקוקט אויף איר און זי געגלעט, דערנאָך איז ער אַוועק אין מאַרק, געקויפט חזיר־האָר פון די האַרטסטע און בעסטע. „איך האָב דיר געבראַכט אַ מתנה", האָט ער געזאָגט צו זיין מאַשין, און ער איז אַריינגעקומען אין שטוב מיט פיר גרויסע פּעק האַרטע שטעכעדיקע חזיר־האָר.

ווידער האָט כאַנאַניע זיך געבראַכן דעם קאָפּ און געמייסטרעוועט טעג און נעכט. ווידער איז אים כאַנאַניעכע דערגאַנגען די יאָרן. און אין שטעטל האָט מען גערעדט, אַז טוראָק האָט אויסגענאַרט ביי כאַ־נאַניען זיין מאַשינקע.



# אַגיטאַטאָרס אין שטעטל

„אַלע מיידלעך אין מיינע יאָרן אַרבעטן שוין פון לאַנג אין הוטע, נאָר איך ניט", זאָגט פּערל. זי מעסט זיך ביים פענצטער און זעט, אַז זי איז ניט אונטערגעוואַקסן קיין סך פאַר די לעצטע זעקס וואָכן, פרעגט זי: „מאַמע, ווען וועט שוין קומען די צייט ווען איך וועל ווערן העכער?"

„צייט, מיין קינד, איז וואָס מער מען יאָגט זי, אַלץ לאַנגזאַמער גייט זי", זאָגט די מאַמע, בעת זי לייגט צוזאַמען די טשיפּקעלעך, העמ־דעלעך און פאַרטוכלעך, וואָס זי האָט אויפגענייט און קלייבט זיך איצט מיט זיי אין דאָרף אַריין. „וועסט זיך נאָך אָנאַרבעטן אויף דיין לעבן. דערווייל איז נאָך דאָ, אַדאַנק גאָט, וואָס צו עסן. זאָלסט דאָ אַכטונג געבן אויף די קינדער, אָפּקאָכן אַ ביסל וואַרעם געקעכץ פאַרן טאַטן, אָפּבאַקן ברויט, מעלקן די בהמה און פאַרצירעווען די שקאַרפּעטקעס. ברוך השם, קיין מאָל קיין צייט ניטאָ", רעדט זי ווייטער און פּאַקט אין זעקל די סחורה פאַר די פויערשע קינדערלעך. „אויב ביילקע וויל דיר ניט אַרויסהעלפן מיט דער שטוב־אַרבעט, טאָ טשעפּע זי ניט. זי שווייגט און באַקלאָגט זיך ניט אויפן שניידעריי. טאָ לאָז זי צורו."

„מאַמע, האָט זיך דאָבע געקויפט אַ פּאָר שיך מיט הויכע אָפּצאַסן, איז דאָס אַן אויסנאַם! איך האָב זיי אָנגעמאָסטן — פּונקט מיין מאָס. ווען דו וועסט צוריקקומען פון דאָרף, וועל איך ביי איר אַנטלייען די שיך. עס וועט מיך מאַכן אויסקוקן אַ סך העכער. מיר וועלן גיין צו טוראָקן, וועט ער מיך שוין אָנשטעלן צו דער אַרבעט", זאָגט פּערל מיט קינדערשער התלהבות.

די מאַמע שמייכלט. „אַ גוטער איינפאַל, כ'לעבן. אם ירצה־השם, וואַרט ביז איך וועל קומען, וועלן מיר שוין זען".

די גאַנצע צייט וואָס די מאַמע איז געווען אין דאָרף, האָט פּערל געקלערט וואָס זאָל זי פריער קויפן פאַר אירע ערשטע פאַרדינטע געלט, וואָס זי וועט קריגן אין דער הוטע. חיימל דאַרף נייטיק האָבן ביידע „דייטשע הויז־לערערס". ער האָט דאָס ביי איר געבעטן. די לעצטע,

וואָס זי האָט אים געקויפט, קען ער שוין פון אויסווייניק. זי אַליין דאַרף נייע שיך, אַ פּאָר קאַלאָשן אויף ווינטער, און אפשר טאָקע אַ נייעם מאַנטעלע אויך. אָבער דאָס לאָזט זי איבער צום לעצטן.

מיט אַ וואָך שפּעטער, ווען די מאַמע איז צוריקגעקומען פון דאָרף אָנגעלאָדן מיט כל־טוב, איז פּערל איר געלאָפן אַנטקעגן מיט דער גו־טער בשורה, אַז דאָבע האָט איר געליען די שיך מיט די הויכע אָפּ־צאַסן.

אויף מאָרגן אינדערפרי זיינען ביידע, די מאַמע מיט פּערלען, אַוועק צו טוראַקן. די מאַמע האָט פּאַרלאַנגזאַמט איר גאַנג און גע־קוקט מיט צופרידנקייט אויף פּערלען. „זעסט אויס אַ סך העכער, אָבער סטאַרע זיך צו גיין גלייך", זאָגט זי, ווי דאָס וואָלט געווען פון גרויס וויכטיקייט ביים קריגן אַרבעט אין הוטע. „מיר וועלן עס מיט טוראַקן מאַכן זייער קורץ, וועט ער ניט זען דיינע שיך און ניט האָבן קיין אויסרייד. אַזוי פיל פּאַדראַסטקעס זיינען צוגעקומען, קיין עין־הרע, און אַלע ווילן גיין אין הוטע אַרבעטן". די מאַמע זאָגט דאָס, כדי פּערל זאָל ניט זיין אַנטוישט, אויב מען וועט איר דאָס מאָל אויך אָפּזאָגן.

„אַ גאָט העלף אייך, ר' לייב", זאָגט די מאַמע, בעת זי קומט אַריין מיט פּערלען אין שטוב און פאַרשט טוראַקס פּנים, צי איז ער היינט אין אַ גוטער שטימונג.

„אַ גוט יאָר. זעצט זיך", ענטפערט טוראַק און קוקט אָן פּערלען ווי אַ געניטער געשעפטסמאַן קוקט אָן סחורה. פּערלען פאַלט איין דאָס האַרץ. זי האָט מורא אַז ער וועט באַמערקן אירע אָפּצאַסן, און זי שטעלט זיך הינטער דער מאַמעס פּלייצעס.

„מיין פּערל האָט זיך קיין עין־הרע אַ צי געטאָן", זאָגט די מאַמע און רוקט אָפּ אַ ביסעלע איר שטול צו פאַרשטעלן פּערלס פיס. „איך בין געווען אין דאָרף אַ וואָך צייט. די גאַנצע באַלעבאַטישקייט האָט זי איבערגענומען. אַזאַ יאָר אויף מיר, וואָס פאַר אַ שיין געבעק ברויט זי האָט אויסגעבאַקן! אַ דאַנק גאָט, אַ געזונט געראָטן קינד!" און זי קוקט אויף טוראַקן צו זען וואָס פאַר אַ ווירקונג אירע רייד מאַכן אויף אים.

„הערש!" גיט ער אַ רוף זיין משרת, „נעם דאָס מיידל אין וויאַ־זאַרניע צו דער אויפזעערין". און דער מאַמען זאָגט ער: „אַ קלוג קינד, וויזט אויס. זי וועט זיך אויסלערנען שנעל די מלאכה".

די מאַמע, אַ צופרידענע, גייט נאָך פּערלען מיטן משרת. צוגע־

קומען צום טויער, וואָס פירט דורך אַ לאַנגן קאָרידאָר אין הויף אַריין, באַגעגנט זיך די מאַמע מיט די קליינע לויפנדיקע אויגעלעך פון דעם סטאַראָזשס ווייב, רחל, וועלכע רעווידירט אַלע נאַכט די קעשענעס פון די מיידלעך, צי גנבענען זיי ניט קיין גלאָזוואַרג. מיאוסע זאַכן האָט זיך די מאַמע אָנגעהערט פון יאַנקל דעם סטאַראָזש מיט זיין ווייב רחל. לויפט זי איר פאַרביי, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז איר נאָענטקייט זאָל זי ניט מטמא מאַכן.

דורכגעגאַנגען דעם קאָרידאָר, איז זי אַריין אין אַ ריזיק־גרויסן הויף. שטיקלעך גלאָז קנאַקן אונטער אירע פיס. דער טומל און בראַז־געריי פאַרהילכט די לופט. אירע אויגן פאַלן אויף גרויסע ריזיקע געביידעס צו לינקס — אַ טאַקאַרניע, אַ מיליאַרניע, אַ שלייפאַרניע, אַ מאַגאַזין, אַ וויאַזאַרניע. זיי שטייען אויסגעשטעלט ווי די סאָלדאַטן. וויטער אַרויף צום טייך, ווי ווייט די אויגן קענען זען, ליגן אָנגעוואָרפן גרויסע קלאָפּטערס האָלץ. ערשט אַרום טייך איז שטיל און קאַלט. זומער־צייט ליגן דאָרטן גרויסע בערג מיט גרוי־ראָזעווען זאַמד. פויערטעס מיט ווייסע נאַמעטקעס אויף די קעפּ, מיט גראָבאייזנס אין די הענט, שטייען אין וואַסער און שאַרן הין־און־צוריק דעם זאַמד אין די קאָרעטעס וואַסער ביז ער ווערט ווייס ווי שניי. וואָס ווייסער דער זאַמד, אַלץ שענער דאָס גלאָז.

צו דער רעכטער זייט — צווישן גראָבע ווענט אונטער אַ גרוי־סער הויכער שאָפּע — שטייען קיילעכדיקע, גרויס־בייכיקע ברענענ־דיקע אויוונס געמאַכט פון ציגל און ליים. ברענענדיקע פייער־צונגען רייסן זיך פון די אויוונס אַרויס. עס דוכט זיך דער מאַמען אויס, אַז די פיל־פאַרביקע פייערדיקע צונגען וועלן איינשלינגען די האַלב־נאַקעטע אַרבעטער, וועלכע טונקען איין די שפּיצן פון זייערע לאַנגע, דינע אייזערנע רערן אין צעשמאָלצענעם גלאָז און בלאָזן אין דעם רער מיט אַלע זייערע כוחות, ביז דאָס גלאָז צעציט זיך ווי אַ גרויסער באַלון אויפן צווייטן עק רער. ווען דער באַלון ווערט בלאַסער און דעם אַרבעטערס באַקן ווערן איינגעפאַלן, דערקענט די מאַמע זיין פּנים. דאָס איז אי־וואַן פון דאָרף. „איוואַן!" שרייט זי אויס.

אָבער איוואַן טאָר ניט פאַרלירן קיין אויגנבליק ביים בלאָזן דאָס גלאָז. בלאָזט ער ווידער אין דער לאַנגער רער אַריין און ווידער ווערן זיינע איינגעפאַלענע באַקן רונד און געשוואָלן, זיין פּנים אָנגע־שטרענגט, זיין שטערן — אַ שטיק פייער, זיינע אויגן רויט און אַרויס־געסטאַרטשעט, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט פון זייערע אויגן־לעכער

אַרויסרייסן. זיין רויטער האַלב־נאַקעטער קערפּער וואַרפט זיך ווי אין קאָנוואולסיעס — דאָ צום אויוון, דאָ צום פורעם. דער העלפער שניידט אָפּ די ברענענדיקע קויל גלאָז און פאַררוקט זי צוריק אין אויוון צו באַקן און פאַרהאַרטעווען. אָפּגעקילטע, גלאַנציקע, גייען די גלעזערנע כלים אין שלייפאַרניע, אין מאַליאַרניע, וויאַזאַרניע און מאַגאַזין. פון דאָרטן — צו די שיפן אין דער גרויסער וועלט אַריין.

אַ בריאַזג פון צעשאָטענעם גלאָז האָט די מאַמע אויפגעוועקט פון איר הינגעריסנקייט אין דער גלאָז־און־פייער־פאַרכישופטער וועלט. „פּערל!" רופט זי — אָבער פּערל זיצט שוין אין וויאַזאַרניע אויף אַ נידעריקן קעסטעלע, וואָס שטייט אויף אַ שוואַרצער הילצערנער פּאָד־לאָגע. פון איין זייט ליגט אַ הורבע גלאָזוואַרג, פון דער צווייטער, לאַנגע, גרויסע באַסע שטרוי. אימיצער ווייזט איר ווי אַזוי איינצו־בינדן דאָס גלאָזוואַרג אין דער פייכטער שטרוי. די קליינע פענצ־טערלעך אין וויאַזאַרניע זיינען פאַררויכערט פון דעם גרויסן אייזערנעם אויוון, וואָס שטייט אין מיטן דער גרויסער געביידע און רויכערט זיך. עס זיצן לאַנגע שורות מיידלעך פון פאַרשיידענעם עלטער, די מערסטע אין פּערלס יאָרן, פערצן־פופצן יאָריקע. די מיידלעך זיצן אויף נידעריקע בענקלעך אין זייערע וואַטאָווע קאַפּטלעך מיט פּאַ־טשיילקע־פאַרבונדענע קעפּ, אַריינגעגראָבן אין בערג שטרוי און גלאָז־וואַרג. זיי זעען אויס אין דער מאַמעס אויגן ווי קליינע קינדער וואָלטן פאַרבלאָנדזשעט אין אַ לאַנגער נאַסער שטוב און שפּילן זיך דאָרטן אין ליאַלקעס.

„מאַמע, ביסט נאָך דאָ?" פרעגט פּערל ווען זי דערזעט דער מאַמעס פאַרענדערטן פּנים. די מאַמע שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. אירע אַקסלען צוקן. זי איז פול מיט אומרו, ווייסט ניט צי זאָל זי זיך פרייען, צי זאָל זי וויינען וואָס טוראָק האָט אָנגעשטעלט פּערלען אַר־בעטן אין הוטע.

פאַרטיפט אין שווערע מחשבות איז די מאַמע געגאַנגען אַהיים. זי האָט געזען צווישן די אַרבעטער־קינדער בלאַסע פּנימער, מיט רינ־גען הינטער די אויגן. עטלעכע האָבן אונטערגעהוסט, און איר האַרץ איז געווען זייער שווער.

„נו, דאַנקען גאָט, טוראָק האָט זי אָנגעשטעלט צו דער אַרבעט", זאָגט זי צום טאַטן, ווען זי קומט אַריין אין שטוב.

חיימל זיצט אין ווינקעלע אונטערן אויוון באַהאַלטן פון טאַטן מיטן „רוסקאַיאַ ריעטש".

„חימל, ווערסט שוין אים ירצה־השם האָבן דעם „דייטשישן הויז־לערער" רעגוליאַרנע, פּערל ווערט דאָס פאַר דיר קויפן", זאָגט די מאַמע און דערמאָנט זיך וואָס שרה די רוסישע לערערקע האָט איר געזאָגט: „אייער חימל וואַקסט אַ גרויסער מענטש. עס ווילט זיך אים שרייבן אַן אייגענע סקאַזקע. די אין רוסקאַיאַ ריעטש, געפעלן אים ניט אַלע". און אַ שמייכל צעגיסט זיך אויף דער מאַמעס ברוינעם, פאַרהאַרטעוועטן פּנים, וואָס מען זעט דאָס אויף איר אַזוי זעלטן.

***

„מאַמע, מיינע הענט דרייען מיר ווי מען וואָלט זיי מיט אייזערנע צוואַנגען געריסן", זאָגט איינמאָל פּערל נאָך דעם ווי זי האָט אָפּגע־אַרבעט אין הוטע עטלעכע וואָכן.

„ווערסט זיך צוגעוואוינען. ס'וועט איבערגיין", ענטפערט די מאַ־מע מיט אַ זיפץ.

פּערל האָט שטאַרק ליב די מאַמע. דערציילט זי איר פון דער אַר־בעט אין דער הוטע, פון די אַנדערע מיידלעך, פון יאַנקעלען דעם סטאַראַזש און פון רחלען דער סטאַראַזשקע, וואָס זוכט גלאַזוואַרג אין די מיידלשע קעשענעס. „זיי זוכן ביי די הוטניקעס אין די קעשענעס און אין פאַזוכע, מען קוקט אויף אונדז ווי אויף גנבים. און אַז מען שטעלט זיך קעגן, דערלאַנגט רחלע פּעטש". זי דערציילט, אַז עטל איז קראַנק אויף רעוומאַטיזם, אַז פייגעלע, באַשע־לאה עטשקעס, האָט שוין טשאַכאָטקע און קומט נאָך אַלץ צו דער אַרבעט אַלע טאָג.

פּערל האָט אַ פריילעכע נאַטור. זי רעדט ניט אָפּט פון אומעטיקע זאַכן. זי האָט ליב צו זינגען, לאַכן, טאַנצן — אָבער צייטנווייז, ווען אירע הענט ווערן צעשפּאָלטן פון די נאַסע שטרוי, וואָס ווייקט זיך ווינטער אין שניי און זומער אין וואַסער, רעדט זי זיך אַראָפּ פון האַרצן פאַר דער מאַמען, און באַלד פאַרגעסט זי און ווערט ווידער פריילעך.

עס גייען אַרום קלאַנגען איבערן שטעטל, אַז עמיצער האָט גע־הערט ווי נאָך עמיצער האָט דערציילט, אַז אַבראַמטשיק דער שניידער האָט אַליין געזען אַגיטאַטאָרס אָנקומען אין שטעטל. אָנגעטאָן זיינען זיי געווען אין זשעגעכץ־אויסגעשמירטע שטיוועלעך מיט קורצע טור־זשורקעס, ווי די פּויערים טראָגן. מען שמועסט, אַז דאָס זיינען פון דער זעלבער חברה, וואָס האָבן געשאָסן און אויף טויט דערהרגעט דעם שפּיאָן אהרן נאצקי אין פּינסק, אויך שמועסט מען, אַז מען האָט געפונען

פראָקלאַמאַציעס אין הוטע, אויפרופן צו די אַרבעטער זיי זאָלן מאַכן אַ זאַבאַסטאָווקע קעגן די לאַנגע שטונדן און שלעכטער באַהאַנדלונג. געחתמעט אויף די פּראָקלאַמאַציעס איז „דער יידישער אַרבעטער־בונד פון ליטע, פּוילן און רוסלאַנד״.

מיט שוידער הערט זיך די מאַמע צו צו די רייד אין גאַס. מען רעדט נאָך פון שרעקלעכן פּאָגראָם אין קעשענעווו און איצט גייט די רוסיש־יאַפּאַנעזישע מלחמה. אבא מאיר יעקבס איז נאָרוואָס געקומען מיט אַן אויסגעטריקנטער, קליינער ווייבעלע פון סיביר. ווען ניט די אַמנעסטיע, וואָלט ער נאָך געפוילט יאָרן אין סיביר. פּראָקלאַמאַציעס... „שוועסטער און ברידער״... אַגיטאַטאָרס. פריער האָט מען וועגן דעם געהערט פון די גרויסע שטעט, איצט קומט אָן דער שטורעם אַלץ בעענטער צו דער אייגענער שטאָט, צום אייגענעם הויז.

⁂

אַ גאַנצע נאַכט איז געפאַלן אַ שיטערער שניי און געלייגט זיך אויף די פריזבעס, אויף דער ווייכער ערד. אינדערפרי איז געוואָרן אַ גרויע בלאָטע.

די מאַמע נעמט די פּאַטשיילע אויף אירע אַקסלען, קלאַמפּערשט צו באַגלייטן פערלען אין הוטע, אָבער אין דער אמתן איז זי אויסן צו הערן די לעצטע נייס אין שטעטל.

כאָטש עס איז נאָך פרי, שטייען שוין רעדלעך מענטשן אין גאַס און ריידן. מען שמועסט וועגן דעם וואָס כאַשע־לאהטשקע גייט אַרום איבערן שטעטל און שעלט מיט טויטע קללות. זי שעלט די הוטע, וואָס האָט איר פייגלען קראַנק געמאַכט. זי שעלט די „שוועסטער און ברי־דער״, טוראָקן, אָבער מער פון אַלעמען שעלט זי די „אַגיטאַטאָרס״, וואָס זיינען געקומען אין שטעטל און ווילן אַריינשלעפּן איר פייגלען אין די „שוועסטער און ברידער״ און אין דער זאַבאַסטאָווקע. „די מאַנסבילשע קאָפּ״ האָט אָפּגעשטעלט פראַדלען אין גאַס און איר דער־ציילט פון די אַלע זאַכן. זי וויל זיך אַן עצה האַלטן וואָס צו טאָן וועגן אירע בנים, וועגן כאַשע לאהטשקען, וואָס שעלט אַלעמען ווי בלעם און עפּעס געפעלט איר ניט אברהמטשיק וואָס שפּיאַנירט אַלעמען נאָך. „די מאַנסבילשע קאָפּ״ האָט מען דינהן גערופן אין שטעטל, ווייל זי איז געווען איינע פון די קליגסטע פרויען. ווען אַ פרעמדער קומט אין שטעטל און פרעגט זיך נאָך „וואו וואוינט דינה לויפער?״ ווייסט

קיינער ניט וועמען ער מיינט. זאָגט מען אָבער „די מאַנסבילשע קאָפּ“, ווייסן אַלע, אַז דאָס איז בערל באַלעגאָלעס אַלמנה, אַ שוואַרץ חנוודיק ווייבל מיט אַ הויכן שטערן, מיט שוואַרצע רואיקע אויגן, וועלכע נע־מען־דורך.

„עס איז נעכטן געווען אַ סאָבראַניע אין פּוסטן מויער“, דערציילט „די מאַנסבילשע קאָפּ“ געלאַסן, „אַלע הוטע־מיידלעך און אַפילו די הוטניקעס, אפשר טויזנט מענטשן, זיינען דאָרטן געווען. די אַגיטאַ־טאָרס האָבן גערעדט רעדעס. אַ זאַבאַסטאָווקע ווילן זיי מאַכן אין הוטע. מיינע מיידלעך זיינען אויך דאָרטן געווען. זיי האָבן דאָס מיר ניט דערציילט. איך האָב אָבער געפונען פּאַפּירלעך אין זייערע קעשענעס. מען רופט דאָס „קלאַמאַציעס“, קוקט זי אויף דער מאַמע פאַרשנדיק.

אָבער די מאַמע מאַכט זיך ניט וויסנדיק. „נו, איז וואָס איז גע־ווען ווייטער?“ פרעגט די מאַמע.

„עס איז שוין געווען!“ זאָגט יענע צווידייטיק. „כאַשע לאהטש־קעס זין מיט אברהמטשיקן בראש האָבן זיך געוואָרפן שלאָגן אויף די „אַגיטאַטאָרס“. זיי זיינען געלאָפן מסרן. עס איז געוואָרן אַ טומל, גע־שרייען. אָבער ביז דער פּריסטאַוו מיטן אוראַדניק זיינען געקומען, זיי־נען די „אַגיטאַטאָרס“ מיט „די שוועסטער און ברידער“ ניט געוואָרן, ווי די רוחות וואָלטן זיי אויסגעכאַפּט“.

און די מאַמע מיט דער „מאַנסבילשער קאָפּ“ באַשליסן, אַז אויב מען זאָל דערלאָזן כאַשע לאהטשקען מיט אירע בנים שעלטן און מסרן, וועלן זיי אַלעמען אין שטעטל אויפן פייער ברענגען. דעריבער מוז מען זיי נעמען צום רב אויף אַ דין־תורה, און טאַקע באַלד מאָרגן...

## קאָנספּיראַציע

פרייטיק פאַרנאַכט, ווען פּערל איז געקומען פון דער הוטע, און דער טאַטע איז אַוועק אין שול, דערציילט איר די מאַמע, וואָס זי האָט געהערט איבערן שטעטל. זי קוקט אויף פּערלען בייז און שטום און וואַרט אַז יענע זאָל איר עפּעס זאָגן, נאָר פּערל שווייגט.

„וואָס שווייגסטו, פּערל? נאָך וואָס ביסטו נעכטן געגאַנגען צו דער סאָבראַניע?“ פרעגט די מאַמע שוין צום צענטן מאָל. „האָסט שוין פאַרגעסן ווי שווער עס איז דיר אָנגעקומען צו קריגן אַרבעט אין דער הוטע? ווי דו האָסט געוויינט?

פערל האָט ווידער נישט געענטפערט און די מאַמע האָט ווייטער גערעדט:

„צפורה האָט מיר דערציילט, אַז יענעם טאָג איז חיימל געקומען צו איר סאָניען, צונויפגערופן עטלעכע צען־צוועלף־יאָריקע ייִנגלעך און צוזאַמענגעשטעלט אַ „קליינעם בונד". זעסט, איך ווייס אַלץ. טאָ וואָס האָסטו מורא צו דערציילן וואָס עס האָט נעכטן פּאַסירט אין פּוסטן מויער?"

פערל געדענקט דאָס וואָרט, וואָס איז נעכטן איבערגעחזרט געוואָרן אויף דער סאָבראַניע עטלעכע מאָל — דאָס וואָרט „קאָנספּיראַציע". דעריבער שווייגט זי. די מאַמע רעדט צו איר מילד. אפשר וועט זי מיט גוטן עפּעס אַרויסקריגן פון פערלען.

„באָבל און עטל זיינען אַ סך עלטער פון דיר, העכער אויך. אבא רייסט זיך שוין צוריק אין סיביר... ווי לאַנג, מ'שטיינס געזאָגט, וועט ער זיין אויף דער פריי? ווען צאַר ניקאָלאַיס נאָסלעדניק וואָלט ניט געבוירן געוואָרן, וואָלט נאָך אבא איצט אויך געפוילט אין סיביר. ווען דו מישט זיך מיט די אַגיטאַטאָרס, מיט די שוועסטער און ברידער, שפּילסטו זיך מיט פייער! גאָט זאָל אונדז אויסהיטן פון צרות! געדענקסט יענעם טאָג, ווען איך האָב דיך צום צווייטן מאָל געפירט אין הוטע? איך האָב אַ סך נאָכגעקלערט ווי איר ווערט פאַרפינצטערט ביי דער אַרבעט. אָבער וואָס קענען אייך די אַגיטאַטאָרס העלפן? איך בעט דיך, מיין קינד, האָב מיט זיי נישט צו טאָן".

פערל שווייגט, גאָרנישט ווי איר שטייגער, און די מאַמע רעדט אַלץ:

„איך וועל דיר דערציילן אַ שיינע זאַך. אברהם איטשע מפליא לעשות איז געקומען צולויפן צו דיין טאַטן האָבן מיט אים אַ ישוב־הדעת וואָס צו טאָן וועגן די טריף פּסולן, וועגן די שוועסטער און ברידער, און די אַגיטאַטאָרס. זיי האָבן באַשלאָסן צוזאַמענשטעלן אַ חברה שומרי־שבת קלאַמפּערשט צו זען אַכטונג געבן, אַז די קראָמען זאָלן זיין פּרייטיק צוגעמאַכט אין צייט, מען זאָל ניט מחלל שבת זיין. דאָס איז אָבער אַלץ געצילט אָפּצוברעכן די שוועסטער און ברידער".

פון דער מאַמעס רייד האָט פערלען אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן אָבער זי האָט גאָרנישט ניט געזאָגט. זי האָט בלויז פאַרשפּיצט די אויערן צו דער מאַמעס רייד:

„עטל האָט מיר דערציילט, אַז איר טאַטע האָט זי געשלאָגן, פאַר די האָר געריסן דערפאַר וואָס זי האָט געלייענט אַ ביכל, אַ טריף

פסול רופט ער דאָס״. און אַז פערל האָט זיך ניט אָפּגערופן, איז שוין די מאַמע געוואָרן אין כעס און האָט געזאָגט שטרענג:

„ענטפער מיר, צו וואָס ביסטו געגאַנגען צו דער סאָבראַניע? זאָג מיר צו, אַז דו וועסט זיך ניט מישן אין אַזעלכע געשעפטן! עס איז אַ שפּיל פאַרן טייוול״.

אָבער פערל קאָן נישט דערציילן. זי טאָר נישט. זי איז גרייט אויסצוהערן אַלע מעשיות פון דער מאַמען, גרייט געזידלט און אַפילו געשלאָגן צו ווערן, אָבער אויסזאָגן וואו זי איז געווען, וואָס מען האָט גערעדט — דאָס ניט. זי געדענקט וואָס די פאַרשטאָרבענע סאָניעטשקע האָט איר אָנגעזאָגט, ווען זי האָט איר געגעבן אַ ביכעלע, אַ בראָשור, צום לייענען: „דו זאָלסט קיינעם ניט דערציילן פון ווע־מען און וואו דו האָסט דאָס ביכל גענומען. דאָס איז קאָנספּיראַציע!״ דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, אַז זי האָט געהערט דאָס כשוף־וואָרט קאָנספּיראַציע. זי וועט האַלטן איר וואָרט, גאָרניט ריידן, אַפילו דער מאַמען ניט דערציילן. זי האַלט קאָנספּיראַציע!

אַ גאַנצן פרייטיק צונאַכטס איז אַ נאַסער שנייעלע געפאַלן, אַ ווינט האָט די ביימער געטרייסלט און דערמאָנט די שטעטלדיקע וועגן אַ לאַנגן קאַלטן ווינטער, וואָס איז שוין אויפן וועג.

שפּעט ביינאַכט האָט פערל אָנגעקלאַפּט אין פענצטער. „ביילקע, עפן!״ האָט זי געזאָגט שטיל.

ביילקע איז שוין אַ גרויס מיידל און שלאָפט שוין ניט מער מיטן טאַטן, נאָר אַליין אויף דער סאָפקע ביים פענצטער, וואָס גייט אַרויס צו דער סווענטאָוואָליער גאַס. אויף פערלס קלאַפּן און רופן מאַכט זי זיך ניט הערנדיק. זי איז אין כעס אויף איר שוועסטער און וויל ניט עפענען פאַר איר דעם פענצטער. עס קלינגט נאָך איר אין די אויערן דאָס שרעקלעכע געזאַנג, וואָס די שוועסטער און ברידער האָבן אַ גאַנצן אָוונט געזונגען אין „געסעלע״. זייער געזאַנג האָט אָפּגעהילכט אַזש אין דער סווענטאָוואָליער גאַס. ביילקען האָט דאָס ליד געשראָקן און דערצאָרנט. אַזאַ אָפּלייקענען און אָפּלאַכן פון גאָט האָט נאָך דאָס שטעטל ניט געהערט!

דאָס קלאַפּן ווערט שטאַרקער. „ביילקע, עפן דעם פענצטער!״ זאָגט פערל מיט כעס. אָבער ביילקע עפנט ניט. און כדי ניט צו הערן איר קלאַפּן, נורעט זי זיך איין אין דער קאָלדרע. אָבער דאָס שרעק־לעכע ליד איז מיט איר אונטער דער קאָלדרע... עס קלינגט איר אין

די אויערן און וואָס מער זי באַמיט זיך ניט צו הערן די שרעקלעכע ווערטער, אַלץ העכער איז זייער קלאַנג: —

„איך גלויב ניט, אַז הייליק איז גאָט,
איך גלויב ניט, אַז הייליק איז זיין געבאָט,
דער אויבערשטער קיניגט פון האָר ביזן נאָר,
באַוואוסט איז ער אונדז דורך לייד און דורך צער.
טאָ גענוג צו וויינען, צו בוקן, צו בעטן,
גענוג צו האָפן אַז גאָט וועט דיר העלפן,
קיין שול ביים ייד און קיין קלויסטער ביים גוי,
פאַרפלוכט זאָל ווערן דער נאָמען, וואָס הייסט אדעני.

וואָס האָט דער קיניג פון אויבן באַשאַפן?
מזבחות, גלחים, פריצים און שקלאַפן,
אין קייטן אונדז דעם זינען געשמידט,
פאַרהאַלט ער פון פאַרשריט די טריט.
טאָ גענוג צו וויינען, צו בוקן, צו בעטן,
גענוג צו האָפן אַז גאָט וועט דיר העלפן,
קיין שול ביים ייד און קיין קלויסטער ביים גוי,
פאַרפלוכט זאָל ווערן דער נאָמען, וואָס הייסט אדעני.

ביילקע ציטערט מיט יעדן גליד. זי פילט איר אייגענעם הייסן אָטעם. טאָ פאַרוואָס איז איר אַזוי קאַלט? זי וויל שרייען און קען ניט. זי וויל פרעגן, בעטן מען זאָל איר זאָגן וואָס עס קומט פאָר, און זי קען זיך פון אָרט ניט רירן.

לאַנגע שעה'ן איז זי געלעגן און געהערט דאָס ליד. נאָך אַמאָל די זעלבע ווערטער, וואָס האָבן איר דעם מוח ווי מיט טשוועקעס גע־לעכערט. וואָס טוען זיי דאָרטן? גאָט וועט ניט נאָר זיי אַליין שטראָפן, ער וועט אַלעמען שטראָפן. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז איין ייד איז ערוב פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם. און אויב זיי לייקענען אין גאָט, טאָ וואָס וועט ווערן פון די שבתים, יום־טובים? עס וועט זיין איין לאַנגער אינדערוואָכן מיט טראָגן פאַמויניצעס, ביאַנטשען קינדער, ציען פאַרסטריגעס, הייס מאַכן פרעס־אייזנס, שלאָגן איר חברטע פאַר אויסשלייפן לעבלעך... אויף ביילקען ציטערט די הויט.

דאָס קלאַפּן אין פענצטער ווערט פון מינוט צו מינוט אַלץ שטאַר־קער. דער פענצטער האָט געגעבן אַ פּראַל, און אַ שווערע משא איז אויף ביילקען אַרויפגעפאַלן. ביילקע האָט זיך דערשראָקן.

דער טאַטע איז אַרונטערגעלאָפן פון בעט אין זיינע גאַטקעס, נאָך אים די מאַמע און חיימל אויך. אַ פּאַטש האָט אָפּגעקלונגען איבער דער שטוב. פּערל האָט זיך געהאַלטן פאַר דער באַק און געוויינט...

פון גרויס שרעק, איז די מאַמע געבליבן שטיין ווי אַ צוגעשמידטע אויף איין פּלאַץ. דאָס לשון האָט איר ווי אָפּגענומען. זי איז ניט גע־וואוינט צו זען דעם טאַטן שלאָגן אַ קינד. אַז זי האָט צוריק איר לשון באַקומען, האָט זי מיט אַלע כוחות אַ געשריי געטאָן, „מחלל שבתניק! צבועק! דו און אברהם איטשע! גאַטס גנבים!" און אַזוי פיל גאַל איז געלעגן אין אירע רייד, אַז די הענט האָבן איר אַזש געציטערט... דער טאַטע האָט געווישט זיינע אויגן...

אויף מאָרגן, וועןביילקע האָט געעפנט די אויגן, האָט אַ פּאַרוויינ־טער כמורנער טאָג אַריינגעקוקט דורכן פענצטער, וואָס איז געהאַנגען אויף איין זאַוויסע. דער האַלבער פענצטער מיט זיינע קליינע שויי־בעלעך האָט אויסגעזען ווי אַ טויב מיט אַ צעבראָכענעם פליגל... די שטילקייט אין שטוב האָט די געמיטער געדריקט... קיינער האָט צו קיינעם ניט גערעדט...

דער טאַטע האָט אָנגעטאָן דעם טלית און איבערן טלית — זיין לאַנגן, אַלפּאַגענעם שוואַרצן קאַפּטן. שטיל און פאַרשולדיקט האָט ער זיך צוגעשאַרט צו דער טיר, אַ קוש געטאָן די מזוזה און שטילער־הייט געבעטן גאָט ער זאָל אים העלפן ניט צו פאַרשטערן דעם שבת־קודש מיט זיינע שווערע געדאַנקען. ער דאַרף היינט דאַווענען פאַרן עמוד.

די מאַמע, איר פּנים פאַרפינצטערט, פּאָרעט זיך אַרום דעם הייסן טעפּל ציקאָריע, וואָס איז געשטאַנען איינגעדעקט מיט שמאַטעס אויפן אויוון פון נעכטן אָן. דאָס טעפּל פאַלט אַרויס פון אירע הענט. די שוואַרצע ציקאָריע האָט זיך אויסגעמישט מיטן זאַמד אויף דער ווייכער ערד.

ביילקע פילט די שטעכעדיקע בליקן וואָס פאַלן אויף איר. אַלע, אַפילו חיימל, קוקן אויף איר שאַרף און מאָנענדיק. זי האָט נאָך אַזאַ קוק אין זיינע בלויע אויגן קיינמאָל ניט געזען. זי פילט אָבער, אַז דער טאַטע איז אויף איר זייט. און זיין ביטער האַרץ פילט זי מער ווי אַלע אַנדערע הערצער אַרום איר.

לאַנג האָט דאָס שטעטל געדענקט יענעם פרייטיק־צו־נאַכטס. יע־נעם שבת האָט דער טאַטע געדאַוונט פאַרן עמוד בעסער און האַרציקער ווי אַלע פריערדיקע שבתים.

פערל האָט איר שוועסטערביילקען לאַנג נישט געקאָנט מוחל זיין דאָס פאַרברעכן, וואָס יענע איז קעגן איר באַגאַנגען. זי האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן, אַז ביילקע האָט זי פאַרן טאַטן פאַרמסרט. אַ וואַנט אַ שווערע, אַ טונקעלע, האָט זיך צווישן די שוועסטער געשטעלט און פאַרשטעלט דעם וועג פון שוועסטער־ליבע.

## די דין-תורה

די ווינטערדיקע זון האָט באַלויכטן דעם האַרטן שנייאיקן באָדן. די לופט איז געווען פראָסטיק און פריש און האָט געבלישטשעט מיט מיליאָנען אויגן. דער האַרטער פינקלענדיקער שניי האָט געסקריפּעט אונטער פּראַדלס פיס ווי די פאַרפרוירענע ערד אַליין וואָלט זיך געפרייט מיטן גע־זונטן טראָט אויף איר.

דער גרויסער מעשענער גלאָק אויפן אַלטן קלויסטער האָט געקלונ־גען מיט אַ טעמפּן, אויסגעצויגענעם קלונג און גערופן די פּויערים צו דער זונטיקדיקער תפילה.

צוגעקומען צום בריקעלע פון דינהס שטוב, האָט זיך פּראַדל אָפּגע־שטעלט און האָט אָפּגעזיפצט. די פאַרע פון איר אָטעם האָט זיך אַ רגע אַ שפּיל געטאָן מיט דער פראָסטיקער לופט און איז ניט געוואָרן... וואָס אַזעלכס זאָל זי זאָגן דעם רב? זי וועט דאָך ניט פאַרענטפערן די „שוועס־טער און ברידער", וואָס האָבן אויפגעבראַכט דאָס שטעטל קעגן זיך. ניין, זי וועט נאָר זאָגן, אַז ביי ייִדן טאָרן ניט זיין קיין שעלטער און קיין מוסרים. עס וועט זיין שווער אַלץ צו דערציילן דעם רב, קלערט זי. נו, מאַכט זי אָפּ ביי זיך, וועט מען אים דערציילן נאָר דאָס וויטיקסטע.

אַז דינה האָט דערהערט פּראַדלס טראָט אויפן בריקעלע פון איר הויז, האָט זי געכאַפּט איר מאַנטל מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער, אַ גלעט געטאָן איר פאַרוק אויפן הויכן שטערן, מיט אַ געפיל, אַז זיי וועלן געווינען דעם דין־תורה געגן כאַשע לאהן, האָט זי געעפנט די טיר און גע־זאָגט:

„אַ גוט מאָרגן אייך, פּראַדל, דענקט איר, אַז כאַשע לאהטשקע וועט קומען צו דער דין־תורה?"

„זי האָט געזאָגט דעם שליח, אַז זי וועט זיך ביים רב", ענטפערט פּראַדל. „מיר וועלן אָבער מוזן זיין זייער געהיט וואָס מיר וועלן ריידן. איר פאַרשטייט דאָך."

יאָ, דינה פאַרשטייט... און ביידע פרויען שפּאַנען שוויגנדיק. זיי־

ערע טריט סקריפּען אין שניי און הילכן אָפּ אין דער פרימאָרגנדיקער שטילקייט, וואָס נאָר דאָס קלינגען פון קלויסטער־גלאָק רייסט־איבער פון צייט צו צייט. דאָס קלינגען ווערט אָפּטער, שאַרפער, מאָנענדיקער. עס איילן די דאָרפישע פּויערים מיט זייערע ווייבער און קינדער, וואָס זיינען פאַרפּוצט אין ווייסע נאַמעטקעס אויף די קעפּ און קאָלירטע סטענגעס. די פּויערים, יונגע און עלטערע, זייערע פיס פאַרוויקלט אין שמאַטעס און איבער די שמאַטעס — פּאָסטעלעס וועלכע זיינען אַרומגעדרייט מיט רימענע פּאַסן, זיינען אָנגעטאָן אין אַלטע פּעלצלעך און קורטקעס: אַנדערע טראָגן וואַלענקעס אויף די פיס, און אַלעמענס פיס ציען זיך צום קלויסטער.

ווען דינה און פראַדל זיינען צוגעקומען צו דער הויטע־גאַס, וואו דעם רבס שטוב שטייט פּונקט קעגנאיבער כאַשע לאהס, האָט פראַדל געזאָגט זיך אַרומקוקנדיק אין אַלע זייטן:

„מען זעט זי ניט, אפשר איז זי אונדז דעם וועג פאַרלאָפן איבערגעווינען די רביצין און די שכנהס אויף איר זייט? אַ קשיא אויף איר.”

„אַ גוט מאָרגן אייך, רביצין”. זאָגן ביידע ווייבער מיט איין מאָל, ווען זיי קומען אַריין אין שטוב און געפינען כאַשע לאהן מיט דער רביצן אין קיך. זיי ווינקען זיך איבער.

„האָט איר טאַקע ניט קיין ציבעלע מיר צו באָרגן? זאָגט כאַשע לאה אין דער הויך, אַז די אַריינגעקומענע ווייבער זאָלן הערן. די רביצן מאַכט זיך ניט הערנדיק וואָס יענע רעדט צו איר.

די רביצן, אַ פעסט־געבויטע, אַ שוואַרץ־חנעוודיקע מיט אַ פעטלעך פּנים, גייט זיי אַנטקעגן מיט אַ ברייטן שמייכל. „אַ גוט מאָרגן אייך. זעצט זיך”, זאָגט זי, און רוקט זיי אונטער שטולן. „דער רב וועט אייך באַלד אויפנעמען.”

פראַדל האָט באַמערקט, אַז כאַשע לאה האַלט זיך ביי דער קליאַמקע פון דער קיך־טיר ווי אַוועקצוגיין. עס איז זי באַפאַלן אַ חשד, אַז כאַשע לאה וויל זיך אַרויסדרייען פון דער דין־תורה. ווערט זי אומרואיק און וויל עפּעס זאָגן כאַשע לאהן. „די מאַנסבילשע קאָפּ” לייגט אַרויף די פינגער אויפן מויל און וויזט איר זי זאָל שוויגן. זי גיט אַ וואונק צו דער רביצן זי זאָל כאַשע לאהן פאַרהאַלטן.

„אָט וואַרט צו אַ פאָר מינוט, כאַשע לאה. דער רב וועט אייך באַלד אַלעמען אַריינרופן”, זאָגט די רביצן.

„איר וועט אַריבערשיקן אייער גיטלען מיך רופן. איך מוז צוגרייטן וואַרמעס. פייגל וועט באַלד קומען פון דער הויטע עסן”. און מיט אַ צעבראָכענעם קול גאָרניט ווי איר טבע איז, גיט כאַשע לאה צו: „אַ גאַנצע

נאַכט האָט זי נעבעך געהוסט, ווי צו דער מאַמען״. און זי עפנט אויף די טיר פון קיך. אַ כוואַליע קאַלטע לופט רייסט זיך אַריין אין דער וואַרעמער קיך און ווערט צעשמאָלצן און פאַרשוואונדן מיטן פאַרמאַכן פון דער טיר.

„זאָגט אייער אברהמטשיקן ער זאָל אויך קומען״, שרייט איר נאָך די רביצן.

„אַ גלגול זיצט אין דער כאַשע לאהטשקען,״ זאָגט פראַדל. „פונ־דעסטוועגן איז אַ רחמנות אויף איר פייגלען. נאָך אַ יונג קינד און גייט אויס ווי אַ ליכט פון טשאַכאָטקע. דער דאָקטער האָט פאַרסטראַשעט, גע־זאָגט אַז זי מוז האָבן פילנאַשטש, ניט אַרבעטן אין נעץ...״ נאָך איידער זי ענדיקט ריידן, עפנט זיך די טיר און שלמה שמש, אַ דאַרער קליינגע־וואוקסיקער ייד מיט אַ שיטערער שפּיציקער באָרד, שטעקט אַרויס זיין קאָפּ און זאָגט: ״רביצן, פירט זיי אַריין״. ער קוקט ניט אויף די אַנדערע צוויי ווייבער, לאָזט די טיר אָפן פאַר זיי אַריינצוגיין און פאַרשווינדט.

„לויף, גיטעלע, רוף כאַשע לאהן. זאָל זי באַלד אַריינקומען. זאָל אברהמטשיק אויך קומען,״ זאָגט די רביצן צו איר צוועלף־יאָריקן מיידל, וועלכע איז די גאַנצע צייט פון געשפּרעך געזעסן, געקאַמט די האָר און גע־פלאָכטן זיך אירע צעפּלעך.

פראַדל און דינה טרעטן אַריבער די שוועל פון רבינס שטיבל, וואו ער זיצט, לערנט תורה און גלייכט אויס סכסוכים צווישן יידן. אַליין אַ שטילער ייד. האָט דער רב ליב עס זאָל זיין שלום צווישן יידן.

שווייגנדיקע, גייען פראַדל און דינה אַריין אין רבס צימער. דער רב, מיט אַ פּאָר שפּאַקולן אויף די אויגן, זיצט ביים טיש איבער אַן אָפענעם ספר. מיט זיין לינקער האַנט האַלט ער אונטערגעשפּאַרט זיין קאָפּ; מיט דער רעכטער האַנט גייט ער איבער פאַרזיכטיק די שורות פון ספר ווי ער וואָלט געוואָלט מיט זיינע פינגער עפּעס אויסגלייכן דאָרטן.

צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן אַז די צוויי ווייבער זיינען אין דעם דין־תורה־שטיבל, קוקן זיי זיך אַרום און באַטראַכטן יעדע קלייניקייט: אַ טינטער מיט אַ געגנזענער פעדער שטייט אויפן טיש; אַ ספרים־שאַפע פול מיט ספרים שטייט ביים איינציקן פענצטער; אויף דער שאַפע שטייט אַ קעראָסין לאָמפּ — דאָס נוצט דער רב ביינאַכט ווען ער לערנט תורה; די געקאַלכטע ווענט זיינען אַמאָל געווען ווייס, איצט זיינען זיי פון דער רוי־כיקער הרובע פאַרצויגן מיט שוואַרצע פליאַמעס; אויף דער צווייטער וואַנט הענגט אַ לאַנגער זייגער. גראָבע געוויכטן הענגען אַראָפּ פון טאָפּלטע מע־שענע קייטן, וואָס באַוועגן זיך אַרויף און אַראָפּ און איין קייט ווערט לענגער מיט יעדער סעקונדע פון זייגער־קלאַפּ.

ווען די פרויען זיינען אַריינגעקומען, האָט דער רב אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון ספר און געקוקט אויף דער טיר, ווי ער וואָלט דערוואַרט, אַז נאָך מענטשן זאָלן אַריינקומען. אַלע קוקן צו דער טיר מיט אַן אומגעדולדיקער דערוואַרטונג, אַז כאַשע לאה מיט איר זון אברהמטשיקן, זאָלן אַריינקו־מען. עטלעכע מינוט איז שטיל, אַזוי שטיל, אַז מען קען הערן דאָס קלאַפּן פון וואַנט־זייגער. מיט יעדן קלאַפּ שלעפּט דאָס שווערע געוויכט די לאַנ־גע קייט אַלץ נידעריקער צו דער ערד, ווי די רגעס און מינוטן וואָס דער זייגער קלאַפּט אויס, וואָלטן אין דער ערד איינגעזונקען געוואָרן און וועלן זיך שוין קיינמאָל ניט צוריקקערן.

דער רב גיט אַ וואונק צום שמש, און קוקט אויף דער טיר. דער שמש פאַרשטייט דעם רבס וואונק, גייט ער אַרויס, און אין אַ ווײַלע אַרום קומט ער צוריק און זאָגט: „רבי, זי קומט.״

דער שמש עפנט די טיר ברייט פאַר כאַשע לאהן. צוליב איר פעטקייט און דער גרויסער פאַטשיילע וואָס איז פאַרוויקלט אַרום אירע אַקסלען, גייט זי אַריין זייטיק. דערזען די ווייבער זיצן ביים טיש, ווערט זי רויט אין איר פליישיקן פּנים און אירע אויגן שיסן פונקן. זי הערט ניט ווי דער שמש זאָגט איר שטיל זי זאָל זיך זעצן; זי קוקט מיט אירע שטעכיקע בליקן, דאָ אויף פראַדלען, דאָ אויף דינהן, זי מאַכט דעם איינדרוק ווי אָט פאַלט זי אָן. מאַכט ער צו איר מיט דער האַנט זי זאָל זיך זעצן.

דער רב, באַמערקט איר צעפלאַמטן פּנים און צערודערטן צושטאַנד, מאַכט ער צו איר מיט דער האַנט זי זאָל זיך זעצן.

אָבער כאַשע לאהס אויגן זיינען ווי די שפּיזן אַנגעשטעלט אויף אירע שונאים, די ווייבער.

„זעצט זיך אַוועק!״ זאָגט דער שמש צו איר אין אַ האַרבן טאָן. זי וואַרפט אים אַ שטעכיקן קוק און זעצט זיך. נאָר זי רוקט איר שטול אַלע ווײַלע ווייטער אַוועק פון דעם אָרט, וואו די ווייבער זיצן. זי איז שטאַרק צעטראָגן און קאָן ניט איינזיצן אויף איין אָרט, שטעלט זי זיך אויף און שרייט: „רבי לעבן, וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך זיי געטאָן?״ און ווייזט מיטן פינגער אין דעם ווינקל, וואו די פרויען זיצן.

„וואו איז אייער זון?״ מאַכט זיך דער רב ניט הערנדיק.

„מיין זון וועט ניט האַלטן קיין דין־תורהס מיט די ווייבער. אַ כאָ־ליערע, אַ מכה זיי אין די זייטן!״ זאָגט זי מיט שוים אויף די ליפּן.

— פע, ניט שיין! — זאָגט דער רב. — עס איז אַ חילול־השם צו שעלטן זיך, און כעס איז עבודה זרה. ווי פּאַסט זיך דאָס פאַר

כשרע יידישע טעכטער?!.. איר זאָגט מיר בעסער צי איר וועט אויספאָלגן דעם פסק־דין.

ער ווענדט זיך דירעקט צו כאַשע לאהן: „וועט איר, כאַשע לאה בת שפרינצע, מקבל זיין דעם פסק ווי עס פאַסט פאַר אַ יידישער טאָכ־טער?"

„יאָ," זאָגט זי און שיקט שטעכיקע בליקן צו די פרויען.

„וועט איר, פראַדל בת לאה, מקבל באהבה זיין דעם פסק?"

„יאָ, רבי, איך וועל מקבל באהבה זיין. וואָס דער פסק זאָל ניט זיין, וועל איך עס אָננעמען פאַר ליב."

„וועט איר, דינה בת צפורה, מקבל זיין דעם פסוק פון דעם דין־תורה?"

„יאָ, רבי", ענטפערט דינה שטיל, רואיק און ערנסט.

כאַשע לאה האָט זיך געגעבן אַ דריי אויפן שטול, אַזש דער שטול האָט אַ סקריפע געטאָן אונטער איר שווערן גוף. „זעט נאָר, זעט" זאָגט זי, מיט אַ גיפטיקן בליק אויף דינהן, „זי קען דאָך גאָר קיין צוויי ניט ציילן. אַ פאָ־היבל אויף איר!"

„שטיל!" באַפעלט דער רב שטרענגלעך.

„אוי, רבי לעבן!" צעכליפעט זיך כאַשע לאה, מיין פיינגל איז אַזוי קראַנק, און זיי ווילן זי שלעפן צו זייערע סאַבראַניעס."

„וואַרט אַ ווײַלע. לאָזט מיך פריער אויסהערן זייערע טענות. דער־נאָך וועט איר ריידן", זאָגט דער רב געמיטלעך. „פראַדל בת לאה, וואָס איז אייער טענה?"

„מיין טענה, רבי — מיר זיינען עלטערן פון קינדער, רבי. אונדזערע קינדער אַרבעטן שווער אין דער הוטע און ביי שניידעריי, רבי. זיי זיינען גוטע קינדער. טאָ פאַרוואָס קומט זיי, אַז כאַשע לאה זאָל זיי שעלטן און איר זון זאָל זי מסרן?"

„עס איז אַ ליגן!" שפרינגט אויף כאַשע לאה. „איך שעלט קיינמאָל ניט. זיי ווערן צעפלאַצט וואָס מיין זון —"

דער רב מאַכט צו איר מיט די הענט, זאָגט עפעס, נאָר כאַשע לאה זעט ניט און הערט ניט. זי זאָגט: „יאָ, מיין זון, ער איז אַ סטאַראַסטע און האָט חן ביי נאַטשאַלסטווע!"

„זעצט זיך אַוועק", זאָגט דער רב. „שלאָגט ניט איבער."

פראַדל רעדט ווייטער:

„מילא וואָס זי שעלט, אָבער מסרן — וואו איז דאָס געהערט גע־וואָרן ביי יידן?"

„ווען און פאַר וועמען האָט אַברהמטשיק געמסרט?" פרעגט דער רב.

„ס׳אַ ליגן״, שרייט כאַשע לאה.

„זעצט זיך, איך בעט אייך״, זאָגט דער רב, „כ׳וועל אייך אויס־הערן נאָך זיי.״

„און וואָס איז אייער טענה, דינה בת ציפּורה?״

דינה שטעלט זיך אויף. דער רב מאַכט מיט דער האַנט זי זאָל זיצן. זי זעצט זיך. „רבי, איך בין אַן אלמנה. מיינע קינדער ווען נאָך אָנשפּאַרן אין תפיסה צוליבן מסור.״

דער רב נעמט אַרויס זיין רויטע פאַטשיילע אוןווישט זיך דעם שוויס פון פּנים. אַ ווײַלע איז שטיל. אַלע שווייגן. דערנאָך זאָגט דער רב צו דינהן:

„קענט איר מיר זאָגן, וואו און ווען און ווער האָט עס געהערט, אַז אברהמטשיק האָט געמסרט?״

כאַשע לאה בײַסט פון כעס אירע ליפּן.

„וואָס הייסט עפּעס? אַלע ווייסן״, זאָגט דינה.

„אַז אַלע ווייסן״, זאָגט דער רב מיט גמרא־ניגון, „איז נאָך ניט גע־נוג. עס קענען זיין פּוסטע רייד. זאָגט מיר ווען און פאַרוואָס אברהמטשיק האָט פאַרמסרט אייערע קינדער פאַר נאַטשאַלסטווע?״

דינה און פראַדל קוקן זיך איבער. עס איז זיי שווער צו דערציילן אַלץ וואָס זיי ווייסן, און מיט שטומע בליקן באַשליסן זיי, אַז זיי וועלן דער־ציילן פאַר רב אַלץ און זאָל ער פּסקענען.

„רבי״, זאָגט דינה מיט זיכערקייט, „די נאַטשאַלסטווע האָט פאַר־אַכטאָגן דינסטיק אַרעסטירט אַרטשיק פייגעלעס. דער אוראַדניק האָט אים דערקענט. „פייגעלעס זון!״ זאָגט ער. „די גוטע זשידאָווקע, וואָס גיט מיר אַלעמאָל פרישע אייער־בייגל קען ניט האָבן קיין שלעכטן זון״. אָבער אויף אַ דאָפּראָס האָט ער אים גענומען. געוואָלט אויך נעמען עזריאל דעם שטומען אויף אַ דאָפּראָס, נאָר גיי רייד צו אַ שטומען.״

„דערציילט אין קורצן״, זאָגט דער רב. ער דערמאָנט זיך, אַז ער האָט טאַקע געהערט אין שטעטל פון דעם.

„וואָס פּלאָפּלט זי דאָרטן, די נאַרישע מאַנסבילשע קאָפּ?״ מישט זיך אַריין כאַשע לאה.

„שווייגט יידינע, לאָזט איר דערציילן דאָס איבעריקע״, זאָגט דער רב שטערנג.

„איך וועל דאָס מאַכן קורץ, רבי. נאַטשאַלסטווע האָט גענומען אַר־טשיקן אויף אַ דאָפּראָס, געסטראַשעט צו פאַרשיקן אים אין תפיסה, אויב ער וועט ניט אויסזאָגן אַלץ, וואָס קומט פאָר אויף זייערע סאָבראַניעס אין

וואַלד און וואו עס זיינען אַנטלאָפן די אַגיטאַטאָרס, וועלכע האָבן געוואָלט מאַכן אַ זאַבאַסטאָווקע אין דער הוטע. נאַטשאַלסטווע האָט אויך נאָכגע־פרעגט זיך אויף איר טאָכטער, אויף מיין טאָכטער און אויף אַ סך אַנדערע פון שטאָט... אַרטשיק האָט אַלצדינג געלייקנט, און שפּעטער, ווען אַרטשיק האָט אים געגעבן אַ פלאַש שנאַפּס און זיי האָבן געמאַכט אַ כוסה, האָט דער אוראַדניק דערציילט אַרטשיקן, אַז אברהמטשיק האָט געמסרט.״

כאַשע לאהטשקע שפּרינגט אויף מיט אירע קולאַקעס אין דער לופטן און שרייט: „גוואַלד, רבי! וואָס האָבן זיי זיך אָנגעזעצט אויף מיין זון? גוואַלד, וואָס שווייגט מען זיי? קליינע קינדער שטאַרבן צוליב די „שוועסטער און ברידער״! פאַראַכטאָגן דריי אין איין וואָך!״

„שווייגט!״ ווערט דער רב בלאַס. און גיסט זיך אָפּ מיט אַ שוויס. אַלע ווערן אַנטשוויגן. דער רב טראַכט וועגן פּסק. עס קומען אים אין מוח רעיונות. ער זעט אַלע פרימאָרגן די מיידלעך, כמעט נאָך קינדער, ווי זיי לויפן צו דער אַרבעט אין דער הוטע. אין אָוונט זעט ער זיי גיין צוריק מידע, אויסגעשעפּטע. אַ דאַנק גאָט פאַר זיין יאָסלען, וואָס האָט אַ גוטע שטעלע ביי טוראָקן אין קאָנטאָר. ווען ער זאָל ניט אַרויסהעלפן מיט דער פּרנסה, וואָלטן דעם רבס מיידלעך אויך געוועזן געצוואונגען צו גיין אין הוטע אַרבעטן פאַר צוויי רובל אַ וואָך... ער וויל זיינע געדאַנקען פאַריאָגן... ער מוסרט זיך אַליין. ער דאַרף אַרויסטראָגן אַ פּסק־דין... אָבער די געדאַנ־קען קריכן אין קאָפּ קעגן זיין ווילן. אָט דערמאָנט ער זיך וואָס טוראָק האָט געזאָגט: „אייער יאָסל איז אַ וואויל קינד. זעט ער זאָל ניט האָבן צו טאָן מיט די „שוועסטער און ברידער״. עס שטייט אים צופיל צו פאַרלירן...״

מיט אַ ציטערדיק קול הייבט דער רב אָן: „די שוועסטער און ברידער וועלן חס וחלילה ברענגען דעם גרעסטן אומגליק אויף יידן, דינא דמלכותא דינא... אָבער אַ מסור, ווי געשריגן, איז חייב מיתה!״

אַ מינוט איז כאַשע לאה געשטאַנען ווי פאַרשטיינערט. זי האָט קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסזאָגן. מיט אַמאָל האָט זי דערלאַנגט אַ שפּרונג צו דינהן און געכומען איר דראַפּען מיט די נעגל די אויגן.

„אוי, רבי, גאָט איז מיט אייך, רבי!״ שרייט דער שמש און לויפט נאָך וואַסער. דער רב איז בלייך ווי קאַלך, די שפּאַקולן אויפן שטערן, די אויגן האַלב פאַרמאַכט, דער קאָפּ אַזוי נידעריק אַראָפּגעלאָזט צום טיש אַז זיין שוואַרצע ברייטע באָרד איז האַלב געלעגן אויפן ברעג טיש. דער שמש ברענגט אַריין אַ גלאָז וואַסער און טראָגט דאָס צו צום רבס ווייסע ליפּן.

עס לויפט אַריין די רביצן און ברעכט מיט די הענט: „ווי איז מיר! זיין שוואַך האַרץ!״ און זי גיט דעם רבין אונטערן נאָז אַ פלעשעלע טראָפּנס צו שמעקן.

דערזעען אַז דער רב חלשט, ווערן די ווייבער שטיל און ווי צוגעשמידט צו זייערע ערטער. דער שמש ווישט אָפּ דעם שווייס פון רבס פּנים און פאָכעט איבער אים מיט זיין פאַטשיילע. דער רב ציט אָפּ דעם אָטעם. און מיט ציטערדיקע הענט נעמט ער אַרונטער זיינע ברילן פון שטערן און זאָגט פאַרשעמט: „ס'איז גאָרניט... מה רעש..."

פראַדל און דינה, ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגערעדט, זיינען ביידע צוגע־לאָפן צו כאַשע לאהן און איר אַריינגעשפּיגן אין פּנים אריין. יענע איז ווי אַ טיגערן אַרויפגעפאַלן אויף די ווייבער און פון זיי געריסן שטיקער. די־נה און פראַדל האָבן געשלאָגן צוריק, געפּאַטשט כאַשע לאהן אין פּנים, גע־ריסן איר די האָר פון אונטערן פּאַרוק, געדראַפּעט די אויגן. עס איז געוואָרן אַ גוואַלד, אַ קוויטשעריי, אַ שטופעריי ביי דער טיר. די רביצן האָט זיי גע־וואָלט פאַנאַנדערנעמען, האָט זי אין דעם מיש־מאַש אויך געקראָגן קלעפּ פון איינער פון די ווייבער. דער שמש האָט געשריגן, זיך געבעטן ביי די ווייבער זיי זאָלן זיך אויפהערן שלאָגן.

אין גרויסן טומל האָט דער רב זיך אויפגעשטעלט און אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און מיט אַלע כוחות אַ געשריי געטאָן:

„שטיל זאָל זיין!"

די ווייבער האָבן אַראָפּגעלאָזט די הענט. אַלע זיינען געוואָרן שטיל. מיט פאַרוואונדערונג האָבן זיי געקוקט אויף דער רבס בלייכן פּנים. ווי קומט דאָס? ווי קען אַ קראַנקער מענטש אַזוי שטאַרק קלאַפּן אין טיש? אַזוי שרייען?

ווען פראַדל איז געקומען אַהיים און האָט דערציילט די גאַנצע מעשה וואָס האָט פּאַסירט מיטן רב ביי דעם דין־תורה, האָט איר מאַן, דער לער־נער, געזאָגט, אַז דעם רבס קלאַפּ אין טיש איז ניט געווען מיטן כוח פון גוף, נאָר מיטן כוח פון דער תורה.

## מיידלעך פליקן פעדערן

אויף דער סווענטעוואָליער גאַס אין מיכליע דער אלמנהס שטוב איז ליכטיק. ביי אַ לאַנגן טיש זיצן מיידלעך און פליקן פעדערן. דער קע־ראָסין־לאָמפּ אויפן טיש וואַרפט אַ רויטלעכע שיין אויף די מיידלשע פּנימער. דאָס האַלץ אין הרובע קנאַקט און שפּריצט אַרויס פונקען. דער פראָסט אויף דער גאַס האָט אָפּגעלאָזט, און אַ ווייס שנייעלע פאַלט אויף די שייבעלעך. אינעווייניק אין שטיבעלע פילט זיך אַ ליבע וואַרעמקייט און אַ צופרידנקייט מיט דער אַרבעט.

מיכליע האָט פיר קינדער. וואָס זי פאַרדינט דורכן טאָג פאַר וואַשן וועש, איז ניט גענוג אויף אויסקומעניש. גוט־האַרציקע רייכע באַלעבאָס־טעס גיבן איר זייערע געענדז צום אָפּפליקן און ריין מאַכן. פאַר איר אַר־בעט קריגט זי גריוועגעס, פוך און די פעדערן פון די געגדז. מיט די פע־דערן טיילט זי זיך האַלב אויף האַלב מיט די מיידלעך, וואָס קומען צו איר אַלע אָוונט פליקן פעדערן.

די אַרבעט פון פליקן פעדערן גייט צו סיסטעמאַטיש, שנעל און קונ־ציק. וויפיל מיידלעך, אַזוי פיל בערגלעך פעדערן ליגן אויפן טיש. אַ מיידל נעמט אין דער לינקער האַנט אַ הויפן פעדערן; מיט צוויי פינגער פון דער רעכטער האַנט פליקט זי אָפּ איין זייט פון פעדער; אַ דריי דאָס פעדער־ביינדל און די צווייטע זייט ווערט אָפּגעפליקט. די ווייסע ביינערדיקע „פענקע" ווערט בליץ־שנעל פאַרוואָרפן אין דער לופטן אַריבערן אַקסל. און אַזוי, איינס נאָך איינס פליקט מען די פעדערן אין די הונדערטער אין די טויזנטער ביז עס וואַקסן אויס הויכע בערג פון ווייכע צעפליקטע פע־דערן. מאַמעס שטאָפּן דאָס אָן אין זעק מיט אַ קרעכץ: „זאָל נאָר קומען דער אמתער זיווג אין דער ריכטיקער צייט, וועלן שוין זיין קישנס און פערענעס פאַר די טעכטער, גאָט זאָל נאָר העלפן."

מיכליעס פעטלעכער גוף זיצט אויף אַ נידעריקן בענקעלע ניט ווייט פון דער הרובע. איר קאָפּ איז פאַרבונדן מיט אַ ווייסער פאַטשיילקע, דער בויך — מיט אַ ברייטן לייוועגטענעם פאַרטוך. זי האַלט אין שוים אַ גרוי־סע פעטע גאַנדז. אירע אָדערדיקע הענט פליקן די פעדערן פון דער גאַנדז מיט אַזאַ שנעלקייט און דערפאַרנקייט אַז די הויט פון דער גאַנדז קומט אַרויס פון אונטער אירע הענט גלאַט און ריין. זי געדענקט וואָס די רייכע באַלעבאָסטעס האָבן איר געזאָגט: „מיכליע, וואָס ריינער די גאַנדז וועט אַרויסקומען, אַלץ מער גריוועגעס קריגט איר". מיכליע האָט שוין עטלעכע ווינטערן דערפאַרונג פון פליקן געגדז, און אַ דאַנק גאָט, די שיינע באַלע־באָסטעס פאַרוואָרפן זי מיט אַרבעט. עס איז דאָ גענוג גריוועגס פאַרן קרופניק אויף אַ גאַנצן וואָך.

מיכליע פליקט געגדז נאַכט־איין, נאַכט־אויס, און די הויפנס אָנגע־פליקטע פעדערן, אין די קאַסטנס ביי אירע זייטן ווערן אַלץ העכער און העכער. דער פוך גייט אין אַ באַזונדערן קאַסטן אַריין. די זייער קליינינקע פוכעלעך ווילן אין קאַסטן ניט ליגן, פליען זיי שפּילעוודיק איבערן הויז ווי אַ ווייסער פוכיק שנייעלע. אין די ווינקלען פון שטוב שטייען אָנגע־שטאָפּטע בייכיקע זעק צעפליקטע פעדערן. ווינקען זיי סודותדיק צו די מיידלעך און דערמאָנען זיי פון שידוכים און גאַרדעראָבעס...

דער אָוונט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. די הוטע־מיידלעך זיינען פריש און זאַרגלאָז אין זייער אַרבעט ביים פליקן די פעדערן. דערציילט מען מעשיות, מען פרעגט זיך רעטענישן און מען לאַכט. זיי פאַרגעסן זיך וועגן דער נאַסער ווילגאַטנער לופט אין דער הוטע, וועגן דער האַלב־פינצטער־ניש פון דער וויאַזאַרניע, וואו זיי זיצן אויף נידעריקע בענקלעך, שלעפן סנאָפּעס נאַסע שטרוי און בינדן גלאָזן. די שטרוי שמעקט מיט שימל — דערשלאָגט דאָס די מיידלשע געמיטער. עס זינגט זיך ניט און ס׳לאַכט זיך ניט דאָרטן. דערפאַר, אַז עס קומען די לאַנגע ווינטער־אָוונטן, קלייבט מען זיך צוזאַמען און די אַרבעט פון פליקן פעדערן גליטשט זיך אונטער די הענט אַזוי פריידיק און פריילעך. יעדע מיידל ווייזט וואָס זי קען. פערל האָט ליב פרעגן רעטענישן. ציפּקע איז אַ לאַכערקע, און ווען זי לאַכט, קלינגט עס ווי אַ שיין גלעקל. דוואָשקע קען זייער שיין זינגען לידער, און שפּרינצע איז אַ פיינע מעשה־דערציילערין.

„פּוסטאָסמעך״, (פּוסטער געלעכטער) זאָגט דאָבע, מיכליעס טאָכטער מיט די חן־גריבעלעך אין די פעטע באַקן, צו ציפּקען, „פון וואָס לאַכסטו ?״

״אוי — כאַ־כאַ־כאַ — מיינע זייטן! זע ווי דיין מאַמע האָלט אַזוי שטאַרק די גאַנדז, ווי זי וואָלט מורא געהאַט זי זאָל ניט אַנטלויפן פון איר״, ענטפערט ציפּקע, און ווידער ווערט די שטוב פול מיט איר קלינגענדיקן געלעכטער.

„הערט, מיידלעך!״ שרייט פערל אַריבער ציפּקעס געלעכטער. „ווער פון אייך קען טרעפן די רעטעניש: — אין דער פרי אויף פיר, בייטאָג אויף צוויי, אין אָוונט אויף דריי ?״

די מיידלעך ווערן שטיל און טראַכטן. איינע זאָגט אַ טיש, אַ צווייטע אַ שטול — אַ שטול אַז ער ווערט אַלט, האָט ער נאָר דריי פיס, דער פערטער פוס ווערט צעבראָכן. אַ דריטע בעט פערלען זי זאָל שוין אויסזאָגן וואָס דאָס איז. און פערל איילט זיך ניט מיטן אויסזאָגן. זי וויל נאָר, אַז מען זאָל טרעפן. ווען קיינער טרעפט ניט, זאָגט זי: „דאָס איז אַ מענטש. ווי אַ קינד, אין דער פרי, פויזעט ער אויף אַלע פיר ; בייטאָג, ווען ער איז יונג, גייט ער אויף צוויי פיס ; אין אָוונט, אויף דער עלטער, גייט ער שוין אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן — דריי פיס״. אַלע מיידלעך באַוואונדערן זי, און פערלען טוט עס הנאה.

„דער מאַמעס קאָפּ״, זאָגט מיכליע און רייסט די גרויסע פעדערן פון אַ פליגל.

„ווער וויל פרעגן נאָך אַ רעטעניש?״ זאָגט פייגל, „דער דאַרער שפּאָן״, וואָס האָט ליב רעטענישן.

„זאָל דוואָשקע עפּעס זינגען", זאָגט דאָבע, און אַלע מיידלעך כאַפּן אונטער: „זינגען!, זינגען!"

דוואָשקע גיט אַ שאַר אירע געלע האָר פון שטערן און פאַרציט די ליפּעלעך. „גוט, זאָגט זי, „וואָס זאָל איך זינגען?"

„די בלום! די בלום!", הערן זיך געשרייען.

דוואָשקע הייבט אויף אירע גרויסע ברוינע אויגן אין דער הויך, וואו דער פוך פליט, און דערקלערט: „די בלום, דאָס איז דער ייד". זי הייבט אָן זינגען מיט אַן אויסגעצויגענעם ניגון:

„אָוואו אַלע גייען אויפן מיטן גאַס,
דאָרט ליגט אַזאַ טייערע בלום,
זי ליגט און זי וואַרט, שוין טויזנטער יאָר,
דער ווינט ער וואַרפט זי אַרום.

רחמנות האָט ווער און קומט נאָר אַהער,
הייבט אויף אַ בלום וואָס עס בליט נאָך און גלאַנצט.
פירט מיך אַהין, פון וואַנען איך בין,
וואו מען האָט מיך פון אָנפאַנג געפלאַנצט."

„דאָס איז אַ ביסל צו אַ אומעטיק ליד", זאָגט די לאַכעדיקע ציפּקע. „זינג יענע ליד מיטן זייגער", בעטן זיך די מיידלעך ביי דוואָשקען. און פריילעך, לעבעדיק קלינגט דוואָשקעס דין שטימעלע:

"טאַ זאָג מיר, דו גאָלדענע אור
וואָס איז ביי דיר פאַר אַ נאַטור?
מיין פראַגע הער צו — וואָס האָסטו קיינמאָל ניט קיין רו?
דיינע טייערע געווערן טראָגן מיליאָנערן.
טאַ זאָג, טאַ ענטפער דיין זאָרג, דיין שמערץ.
וואָס איז דיר? וואָס פעלט דיר? וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ?"

„אַן אור איז אַ זייגערל. דאָס קריגט אַ חתן פון אַ רייכער כלה", זאָגט די פרומע דבורה.

„אַ דאַנק פאַרן זאָגן". און ציפּקע צעלאַכט זיך. אַלע לאַכן אַזוי שטאַרק, אַז די פעדערן צעבלאָזן זיך פון דעם טיש.

„וואָס האָט איר זיך אַזוי צעהוליעט, קינדער?" זאָגט מיכליע. זי האַלט אַ גרויסע גאנדז צווישן אירע פיס און פליקט פון איר די פעדערן אָן אָפּשטעל. ווען דער טומל שטילט זיך איין אַ ביסל, גיט זי צו: „ווייסט איר גאָר וואָס? זאָל שפּרינצע דערציילן עפּעס אַ שיינע מעשה. און איר

אַלע פאַרלייגט זיך אין אַ געוועט — ווער עס וועט די ערשטע צעפּליקן די הורבע פעדערן, יענע קריגט איר קאָפּ באַפּוצט מיט די שענסטע און גרעס־טע פעדערן". און זי שלעפּט אַרויס לאַנגע פעדערן וואָס זי האָט ערשט אַרויסגעריסן פון די גענדזענע פליגלען, און פאָכעט מיט זיי אין דער לופטן.

„דערציייל, דערציייל, שפּרינצע, איינע פון דיינע שיינע מעשיות פון די פּרינצן אויף ווייסע פערד", בעטן זיך אַלע.

„אָ, זאָגט פּערל אַן אומצופרידענע, „ווער וויל אירע מעשיות פון פּרינצן און פּרינצעסינס". פּערל איז צוגעוואוינט צו אַנדערע סאָרטן מעשיות: ווי „פישקע דער קרומער", „אַ קליאַטשע", „אַ טאַקסע"; און אויף זיך אָנלאָכן, לייענט די מאַמע אין דער הויך הערשעלע אָסטראָפּאָליער אַלע שבת ביינטאָג. „ווער דאַרף האָבן אויסגעקלערטע מעשיות פון פּרינצן, קיי־סאָרים און פּרינצעסינס? ווער דאַרף זיי אינגאַנצן האָבן?" פּראָטעסטירט פּערל. דאָבע און פייגל שאָקלען צו מיט זייערע קעפּ: „טאַקע, צו וואָס?"

„נאַרישע קינדער וואָס איר זייט", זאָגט מיכליע גוטמוטיק. אויב אפילו האַלב וואָס זי דערציילט איז אמת, איז דאָך דאָ אַ שיינע וועלט אויף דער וועלט". און זי גיט אַ פּאַטש די אָפּגעפּליקטע גאַנדז איבערן רוקן.

„טאַקע, טאַקע, דערצייל עפּעס שפּרינצע", זאָגט די לאַכעדיקע ציפּ־קע.

פּערל איז ניט צופרידן וואָס דאָס רוב מיידלעך ווילן הערן מעשיות פון פּרינצן און פּרינצעסינס. קלערט זי, אַז מען דאַרף זיי אַלעמען אַגיטירן. און דאָס וואָס מיכליע טיילט זיך מיט זיי האַלב אויף האַלב פּאַר צעפּליקן די פעדערן, איז אויך ניט געגוג. עס איז עקספּלואַטאַציע. פּערל וואַרפט אַ בייזן בליק צו יענע מיידלעך, וואָס ווילן דווקא הערן פון קניאַזן, פּרינצן און פּרינצעסינס.

„דערציייל, שפּרינצע", בעטן זיך אַלע. פּערל און עטל שווייגן.

שפּרינצע איז אַ בלאָנדינקע מיט צוויי גרויסע צעפּ, גרויסע בלויע אויגן און אַ זייער ווייסער הויט מיט ראָזעווע באַקן. אַלע מיידלעך ווייסן, אַז זי נעמט ביכלעך אויף פּראָקאַט. זי האָט ליב צו לייענען שיינע מעשיות און האָט אויך ליב זיי איבערדערציילן. נאָר ווייל אַ פּאָר מיידלעך זיינען קעגן אירע פּרינצן און פּרינצעסינס, לאָזט זיך שפּרינצע בעטן. און אַז מען בעט זיך ביי איר, גיט זי מיטן אַרבל אַ וויש איר פאַרריסן נעזל און הייבט אָן מיט אַן הקדמה:

„געלייענט האָבן איך די מעשה אין אַ ביכל וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן פון רוסיש אויף יידיש. אויף דעם ערשטן בלעטל זאָגט זיך דאָרטן

מיט גרויסע ווערטער, אַז די מעשה איז אַן אמתע, אַז דאָס האָט זיך פּאַר־לאָפן אין פּעטערבורג גאָרניט לאַנג צוריק״. און סודותדיק שטיל הייבט זי אָן צו דערציילן: „אַמאָל האָט אין פּעטערבורג געלעבט אַ רייכער קניאַז מיט זיין ווייב מאַריאַ און זייער איינציקער טאָכטער איזאַבעלאַ, וועלכע איז געווען זייער קלוג און וואונדערלעך שיין. אַזוי ווי אירע עלטערן האָבן איר פאַרבאָטן אַרויסצוגיין אַליין אויף דער גאַס פאַר מורא, אַז מאַנסבילן, וועל־כע באַלאַנגען ניט צו די אַדעליקע, וועלן זיך פאַרליבן אין איר. האָט מען זי געהאַלטן פאַרשלאָסן אין רייכן פּאַלאַץ צוזאַמען מיט איר זינג־פייגעלע און פּיאַנינע״. און שפּרינצע מאַלט אָפּ וואָס אַזוינס איז אַ פּיאַנינע: „אַ פּיאַנינע איז געמאַכט ווי אַ גרויסער קאָמאָד, נאָר עס האָט פון אויבן ווייסע און שוואַרצע קלאַווישן, אַזעלכעביינדלעך, אויף וועלכע מען שפּילט מיט די פינגער... איז וואו האַלט איך? יאָ, האָט מען זי די מערסטע צייט פון איר לעבן געהאַלטן פאַרשלאָסן אין פּאַלאַץ.

„צייטנווייז פלעגט איר קוטשער איינשפּאַנען אירע פערד נאשפּיץ און מיט איר מאַמען ביי דער זייט, פלעגט ער זיי אַרומפירן איבער די סעדער און גערטנער. איזאַבעלאַ האָט זיך פאַרליבט אין איר שיינעם קוטשער באָריס — ער אין איר אויך. ריידן האָבן זיי ניט געקענט ווייל די דינער און די מאַמע האָבן זיי שטענדיק געהיט. באָריס האָט געוואוסט, אַז ווען מען זאָל זיך דערוויסן פון זייער ליבע, וואָלט עס אים געקאָסט, ניט נאָר זיין שטעלע, נאָר אויך זיין לעבן. פלעגט ער שטילערהייט זינגען, אַז זי זאָל הערן. איזאבעלאַס מוטער האָט עפּעס פאַרדעכטיקט, האָט זי דעם קוטשער אַוועקגעשיקט און איזאַבעלאַן פאַרשלאָסן אין איר פּאַלאַץ.

„איינמאָל האָט דער קניאַז, איזאַבעלאַס פאָטער, געבראַכט יונגע פרינצן און פרינצעסינס אין פּאַלאַץ. מען האָט געטרונקען שאַמפּאַניער און געהוליעט, אָבער איזאַבעלאַ איז געווען זייער טרויעריק און אומגליק־לעך. זי האָט זיי אַלעמען שרעקלעך פיינט געהאַט ווייל זיי זיינען געווען נאַריש און אומוויסנדיק.

„די שיינע איזאַבעלאַ האָט געהאַט אַלץ אין דער וועלט — גאָלד, זיל־בער, בריליאַנטן, דינסטן און משרתים. זי האָט אָבער ניט געטאָרט ריידן צו זיי, ווייל יענע זיינען געווען פון אַ נידעריקן שטאַם. פלעגט זי ריידן נאָר צו איר פייגעלע, שפּילן אויף דער פּיאַנינע און וויינען פון אומעט.

„איינמאָל שפּעט אין אָוונט, ווען זי איז געזעסן און געשפּילט אַ ליד, וואָס זי אַליין האָט פאַרפאַסט, האָט זי דערהערט אַ שטילן געזאַנג אונטער איר פענצטער. זי האָט זיך פון שרעק אַ צאַפּל געטאָן! ׳זינג און שפּיל נאָך אַמאָל, איזאַבעלאַ, האַרץ מיינס, דיין הערלעך ליד׳, בעט זיך אַ

שטימע פון הינטערן פענצטער. די שטימע איז געווען ליב און באַקאַנט. ׳עס איז באַריס!׳ האָט זי מיט ליבשאַפט זיין נאָמען גערופן. ׳שפּיל מלאך מיינער! שפּיל און זינג׳, בעט זיך באַריס. ׳דיינע עלטערן זיינען אין דער היים ניטאָ. די דינערשאַפט שלאָפט... שפּיל, מיין שיינער מלאך׳. האָט זיך איזאַבעלאַ געזעצט ביי דער פּיאַנינע נאָך אַמאָל און גענומען שפּילן און זינגען:

׳איך זיץ און שפּיל מיר אויף דער פּיאַנינע
און איך זינג אַ לידעלע צו זיך אַליין
די צרות פון מיינעם האַרצן ווייס דאָך קיינער ניט,
עס ווייס נאָר גאָ־אָ־אָ־ט און איך אַליין׳.

„און ווען זי האָט דאָס געשפּילט און געזונגען, האָבן זיך אירע בלויע אויגן מיט טרערן אָנגעפּילט. אויף איר ווייסן איידעלן פּנים האָט זיך אַ ראָזעווע פאַרב געשפּילט. אירע גאָלדענע לאָקן זיינען אַרונטערגעהאַנגען ביז צו איר טאַליע. איר ווייסע אַטלעסענע קלייד מיט די טייערע שפּיצי־קע קרוזשעוועס איז גראַציעז אַרונטערגעהאַנגען פון בענקל, אויף וועלכן זי איז געזעסן, און אירע ווייסע הענט מיט די לאַנגע פינגער האָבן גע־טאַנצט אויף די קלאַווישן אַרויף און אַראָפּ.

דערביי וויזט שפּרינצע מיט אַ הייב פון די הענט, ווי אַזוי די פּרינ־צעסין האָט געשפּילט. זי ווערט אַנטשוויגן אויף אַ ווייל, און די מיידלעך בעטן זיך ביי איר: „דערציייל וואָס איז ווייטער געווען.״ שפּרינצע לאָזט זיך קיין סך ניט בעטן און דערציילט ווייטער:

„די מעשה האָט זייער אַ פריילעכן סוף פאַר איזאַבעלאַן מיט איר גע־ליבטן קוטשער, אָבער אַ שלעכטן סוף פאַר אירע עלטערן״. זי זאָגט דאָס מיט אַזוי פיל געפיל, ווי זי אַליין וואָלט געווען איזאַבעלאַ. „עס איז אַ צו־לאַנגע מעשה, אָבער אין קורצן איז די ענדע געווען, אַז איזאַבעלאַ האָט אויף מאָרגן געפונען אַ בריוועלע אַריינגעשטעקט אין איר פענצטער, טאַקע פון איר שיינעם קוטשער באַריס: אַזוי ווי ער ווייסט אַז זי האָט אים אויך ליב, דערפאַר מוז זי זיך אַרויסרייסן פון איר פּאַלאַץ ווי אַ פייגל פון איר שטייגל. מאָרגן ביינאַכט וועלן די פערד זיין גרייט פאַר זיי צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. דאָרטן איז דאָ אַ קאָנסערוואַטאָריע״. (שפּרינצע דערקלערט די מיידלעך, אַז „אַ קאָנסערוואַטאָריע איז אַן אוטשילישטשע פאַר מוזיק). „די צווייטע נאַכט, ווען די דינערשאַפט איז געשלאָפן, האָט באַריס שטי־לינקערהייט אַרויסגענומען איזאַבעלאַן דורכן פענצטער און זיי זיינען אַנט־לאָפן.

„ווען איזאַבעלאַס דינערשאַפט האָט זיך געכאַפּט, אַז זי איז פאַר־

שוואונדן, איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה. מען האָט געקלאַפּט אַ דעפּעשע. די עלטערן זיינען געקומען קיין פּעטערבורג, געזוכט, גענישטערט גאַנץ ראַ־סיי און זי ניט געפונען. פון גרויס האַרצווייטיק איז איר מוטער קראַנק גע־וואָרן און געשטאָרבן. דער פאָטער האָט זיך גענומען צום שכורן און איז ערגעץ נעלם געוואָרן.

„מיט יאָרן שפּעטער האָבן די בלעטער געשריבן, אַז באָריס דער קור־טשער און איזאַבעלאַ די פּרינצעסין זיינען געוואָרן די גרעסטע זינגער אין ווין, אַז זיי וועלן קומען קיין פּעטערבורג שפּילן אין קייזערלעכן טעאַטער פאַרן קייסער אַליין."

שפּרינצע האָט פאַרענדיקט דערציילן. די מיידלעך זיינען געזעסן צוגעשמידטע צו זייערע פּלעצער מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס. עס האָט זיך אויסגעדוכט שפּרינצען, אַז אַלע זיינען געווען אַנטוישט וואָס די מעשה האָט זיך געענדיקט אַזוי שנעל.

דער וואַנט־זייגער האָט אויסגעקלונגען צוועלף אומעטיקע לאַנגזאַ־מע קלונגען. אויף דער גאַס איז געווען שטיל און פינצטער. אַ שנייעלע האָט געשאָטן און געלייגט זיך אויף די מיידלשע מיט פעדערן־באַדעקטע קעפּ.

## מען ברעכט שויבן

פאַרשיידענע קלאַנגען און נייעסן האָבן זיך געטראָגן איבערן שטעטל: אַז אַברהמטשיק האָט פאַרמסרט די „שוועסטער און ברידער" פאַרן אוראַד־ניק; אַז מען האָט פאַרטריבן די אַגיטאַטאָרס; אַז עמיצער האָט זיי געזען אין דער גויאישער גאַס און איבער די דערפער, אַנגעטאָן ווי פּויערים; אַז זיי גייען אַרום און אַגיטירן די פּויערים, וואָס אַרבעטן אין הוטע צו מאַכן אַ זאַבאַסטאָווקע קעגן טוראָקן; אַז קיין שטרייק וועט שוין ניט זיין צוליב די ניט־יידישע אַרבעטער און די קאָנטאָר־מענטשן; אַז מיט טוראָקן האַלטן די פרומאַקעס, די שומרי־שבת, טוראַקס ליבישייער חסידים און גלאַט אַזוי טאַטע־מאַמעס, וואָס האָבן מורא פאַר שטרייקס. די נייעס און קלאַנגען האָט מען צעטראָגן אויף טעלערלעך; מען האָט צוגעלייגט און אַראָפּגענומען; מען האָט גערעדט אין גאַס, אין שול, אין באָד; דאָס שטעטל איז געגאַנגען כאַדאָראָם.

אָבער די טשיקאַווסטע נייעס איז געווען, אַז ווייבער האָבן זיך גע־פּאַטשט ביים דין־תורה און אַוועקגעלייגט דעם רב אַ קראַנקן אין בעט.

די „שוועסטער און ברידער" האָבן פון די רייד קיין ווערן ניט גע־מאַכט. זיי האָבן געפילט און געזען אין די דאָזיקע קלאַנגען און נייעסן אַ

סימן פון דער נייער צייט, וואָס קומט־אָן. זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז ס׳איז ניט געווען צו שטעלן זיך קעגן אייגענע טאַטע־מאַמע און קעגן די שומרי־שבתניקעס, וואָס זיינען געוואָרן אַ מין „פּאַטאַיִנע פּאָליציע״, וואָס שפּיאָנירן נאָך די „שוועסטער און ברידער״ — וואו זיי גייען און וואָס זיי טוען. די צייט איז געקומען צו שטעלן זיך קעגן טוראָקן דעם עקספּלואַטאַ־טאָר און טאַקע קעגן דעם קייסער אַליין.

אין די אָרעמע יידישע היימען איז צעשטערט געוואָרן דער שלום־בית. די מאַמעס האָבן געסטראַשעט און געשריגן. די טאַטעס האָבן געגעבן פּעטש, צו וועלכע די „שוועסטער און ברידער״ האָבן זיך שוין צוגעוואוינט. מערסטנטייל האָט מען געפּאַטשט די „שוועסטער״. פאַר די „ברידער״ האָבן די טאַטעס געהאַט מער אָפּשיי.

דער ווינטער האָט געבראַכט מיט זיך קורצע טעג און לאַנגע אָוונטן. אַלע אָוונטן פון דער וואָך זיינען די אַרבעטנדיקע קינדער געווען פאַרזאָרגט — פּשוט, מען האָט געאַרבעט פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט. אָבער אַז עס זיינען געקומען די לאַנגע ווינטער־אָוונטן ווען מען פלעגט אָנצינדן פייער פינף אַזייגער — און ביז צוועלף איז זיבן גוטע שעה, וואָס גייען אין ניוועץ — האָבן די באַלעבאַטים פון די שניידער־וואַרשטאַטן צוזאַמען מיט חיה בוזיעס, וואָס האָט געהאַט אַ זאָקן־מאַשין מיט איין אַר־בעטערין, זיך צוזאַמענגערעדט און באַשלאָסן, אַז באַלד נאָך הבדלה זאָלן די אַרבעטער קומען צו דער אַרבעט, דאָס הייסט, אַז דאָס וועט זיין דער אָנהויב פון דער אַרבעטס־וואָך. באַשלאָסן און געטאָן! ווי נאָר די מאַמעס צינדן אָן שבת־פייער, לויפן שוין די קינדער צו די שניידער־וואַרשטאַטן.

אַ שטיקל צייט איז עס צוגעגאַנגען שטיל און אָנשטענדיק. מען האָט אָפּגעאַרבעט די זעקס־זיבן שבת־צו־נאַכטיקע שעהן און געגאַנגען אַהיים צוועלף ביינאַכט מיט דער לאַמטערנע.

זיינען דאָך דאָ די „שוועסטער און ברידער״ אויף דער וועלט, און אַלץ איז זייער עסק. האָבן זיי זיך פאַרקלערט, ווי אַזוי צו פאַרבעסערן די באַ־דינגונגען פאַר די אָרעמע שניידער־מיידלעך, וואָס ווערן עקספּלואַטירט פון זייערע באַלעבאַטים. אין שטעטל האָט מען גענומען ריידן, אַז די „שוועסטער און ברידער״ שווייגן עפּעס צופיל. דאָס מוז זיין אַ שלעכטער סימן, אַז עפּעס קלייבן זיי זיך צו טאָן, אָבער וואָס, ווייסט מען ניט.

ס׳איז פרייטיק פאַרנאַכט. ישראל דוד, אברהם איטשע און אברהמל דער מוליער גייען אין שול אַריין מקבל שבת זיין. זייערע הערצער זיינען שווער. די קינדער זיינען נאָך ניט געקומען פון דער הוטע. גאָט ווייסט וואו זיי זיינען.

*
**

עס זיינען דאָ באַשטימטע קאָנספּיראַטיווע הייזער אין שטעטל. איינס פון זיי איז בערל קאָניוכס שטוב, וואָס געפינט זיך ביי דער הוטע. בערל, אַ געזונטער, פלינקער, האַרעפּאַשנער ייד, מיט אַ שוואַרץ אונטערגעשוירן בערדל, האַלט מיט די „שוועסטער און ברידער". זיין אַרבעט איז אויפצופּאַסן אויף די הוטע־פערד, וואָס פירן וועגענער מיט גלאָזוואַרג צו דער באַן און צו די פּליטן.

ווען פערל, עטל און באַבל זיינען אַריינגעקומען אין בערלס שטוב, וואו די סאָבראַניע האָט געדאַרפט פאָרקומען זיינען שוין אַרטשיק פייגעלעס, משהל שאַלאַקמאַנס, וועלוול חנהלעס, עזריאל דער שטומער און מענדל באַשעס, וועלכער איז געווען דער ערשטער צו אַגיטירן אין טעלעכאַן די שוועסטער און ברידער, געזעסן און געוואַרט. שאַשקע האָט פאַרטראָטן די שניידער־מיידלעך, און רייזל באַשעס, די זאָקן־מאַכערקע — זיך אַליין.

די זיבעצן־אַכצן־יאָריקע שוועסטער און ברידער קענען ניט נאָר איינער דעם אַנדערן, זיי קענען אויך איינער דעם אַנדערנס טאַטעס און זיידעס, מאַמעס און באָבעס. אַט, צום ביישפּיל, איז דער שטומער בערל דעם שמידס זון. בערל אַליין איז אַ געזונטער ייד מיט אַן אייזערנער האַנט. אַז ער קלאַפּט אין זיין קוזניע, הערט מען אים איבער דער גאַנצער שטאָט. זיין ווייב איז אויך אַ געזונטע און אַלע זיינע קינדער זיינען געזונטע. נאָר איין זון, עזריאל כאַצקל, איז אַ שטומער. מענטשן זאָגן, אַז ער איז געבוירן געוואָרן שטום. אַנדערע ווידער זאָגן, אַז עס איז אים פאַרבליבן פון אַ קינדערשער קראַנקייט. אָבער אַלע ווייסן, אַז ער איז איינער פון די קליגסטע קינדער ביי בערלען, און צו זיינע האַנט־צייכנס (זיין שפּראַך אויף שטום־לשון), קוקן זיך אַלע צו, און אַלע רעכענען זיך מיט זיין מיינונג.

אָדער לאָמיר נעמען משה שאַלאַקמאַנס. דער פאָטער שאַלאַקמאַן איז אַ גרויסער קמצן, אָבער נאָר פאַר זיך. פאַר יענעם איז ער קיינמאָל ניט קאַרג. ער וואָלט אַלץ אַוועקגעגעבן. „איך אַליין וועל אויף זיך קיין פּאַראיבל ניט האָבן אָבער אַנדערע מענטשן מוז מען צופרידנשטעלן", פּלעגט ער זאָגן. זיין פרוי איז די גרעסטע שיינהייט אין שטעטל.

אָדער, צום ביישפּיל, וועלוול חנהלעס. זיין פאָטער איז אין אַמעריקע. די מוטער חנהלע באַקט בייגל פאַר פּרנסה. וועלוול איז

קלוג. ער וואַקסט אָבער ווילד, אָן אַ טאַטן. זיין יונגע שטיפערישע נאַ־טור — ברעכן פּלויטן, שלאָגן הינט, שרעקן מיידלעך אין די גאַסן — איז גאָרניט צו צאַמען! האָבן זיך די שוועסטער און ברידער אַרומגעזען, אַז עס איז אַ שאָד אַזויפיל גוטע ענערגיע זאָל גיין לאיבוד. האָט מען אים „אַגיטירט״ אַריינגענומען אין די שוועסטער און ברידער. איצט איז ער איינער פון די איבערגעגעבנסטע, קליגסטע חברים.

צי, למשל, אַרטשיק. ווען ניט די שוועסטער און ברידער וואָלט זיין לעבן גאָרניט ווערט געווען. דאָרט איז ער דער טאָן־געבער, דער וואָרט־זאָגער, דער פירער. דאָס שווערסטע פאַר אים איז זיך אַליין צו פירן. זיין נשמה בלאָנדזשעט אין עפּעס אַן עולם התוהו און קען קיין תיקון ניט געפינען. ער ווייסט, אַז ער האָט שיינע געדיכטע האָר און אַ הויכן שטערן, האַלט ער אין איין שאַרן די האָר אַרויפצו מיט זיינע לאַנגע פינגער און מאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט געווען אין טיפן דענקען, כמעט אַזוי ערנסט אין זיינע געדאַנקען, ווי זיין טאַטע משה איבערן ספר. צייטנווייז איז זיין קוק אַזאַ, ווי ער וואָלט געזאָגט: „איר ווייסט דען אויך עפּעס? איך ווייס בעסער!״ און צייטנווייז ווידער איז ער זייער עניוותדיק, געפאַלן, פּעסימיסטיש. דע־מאָלט גייט ער אָנגעכמורעט און רעדט ניט צו קיינעם. ווען די שלעכ־טע שטימונג גייט אַוועק, קריגט ער צוריק זיין לשון, און זיין „גוטער קאָפּ״ הויבט ווידער אָן אַרבעטן.

איצט קוקט אַרטשיק אויף די אָנקומענדיקע שוועסטער און ברי־דער אין בערלס קאָנספּיראַטיווער שטוב, און זיין האַרץ איז איבערגעפילט מיט פרייד. זיינע טיפע קליינע בלויע אויגן גלאַנצן אויף מיט אַ פּאַר־באָרגענעם פייערל, און זיין גאַנצע האַלטונג איז ווי פון דעם הויפּט־מחותן אויף אַ חתונה. „שאַ־שאַ״, לייגט ער אַרויף זיין פינגער אויף זיין אויבערשטער גראָבער פּאַרריסענער ליפּ און ווייזט־אָן מיטן פינגער, אַז מען זאָל שווייגן און זיך צוזעצן. משהל פּאַרציט דאָס פאָרהאַנגל פון פענצטער, אַז אַפילו די ביינאַכטיקע פינצטערניש זאָל ניט אַריינ־קוקן אין שטוב. אַלע סטאַרען זיך צו ריידן מיט פינגער־צייכנס און אויגן מער ווי מיטן מויל, ערשטנס אַז עזריאל דער שטומער, וואָס איז זייער איבערגעגעבן צו דער „זאַך״, זאָל פאַרשטיין; און צווייטנס, זאָגט מען, אַז ווענט האָבן אויערן, איז אַפילו פאַר די ווענט מוז מען זיין „קאָנספּיראַטיוו״.

„שוועסטער און ברידער״, הויבט אַרטשיק אָן צו ריידן, און יעדעס וואָרט זיינס קומט אַרויס ערנסט, קלאָר און געזעצט. „מיר האָבן זיך

דאָ הײנט פֿאַרזאַמלט צו באַטראַכטן די לאַגע פֿון די עקספּלואַטירטע שנײַדער־מײדלעך און זאָקן־מאַכערקע רײזל. נאָך ניט גענוג וואָס די עקספּלואַטאַטאָרס עקספּלואַטירן זײ אַ גאַנצע וואָך פֿון זיבן אינדערפֿרי ביז צען בײַנאַכט; נאָך ניט גענוג וואָס זײ אַרבעטן דרײַ יאָר אומזיסט אָן געלט, צווינגט מען נאָך זײ צו אַרבעטן שבת־צו־נאַכט. מיר מוזן זײ דערקלערן קריג: רופֿן אַ שטרײק אין די מאַסטערסקאַיעס און מיט דעם דעמאַנסטרירן אונדזער סאָלידאַריטעט מיט די אַרבעטער און הוטע־מײדלעך!״ ער פֿאַרקלעמט זײַנע הענט, כּדי עזריאל דער שטומער זאָל פֿאַרשטײן, און רעדט װײַטער: „דאָס איז נומער אײנס. „נומער צװײ״, הײבט ער אויף צוױי פֿינגער אין דער לופֿטן, שטעקט אַרויס זײַן בויך, בלאָזט אָן די באַקן און גיט מיט די קולאַקעס אַ קלאַפּ אין זײ. די באַקן װערן פֿלאַך און די צונג איז אַרויסגעשטעקט. דאָס דאַרף הײסן, אַז דער בורזשוי טוראַק נאַרט זײַנע אַרבעטער און מאַכט חוזק פֿון זײ.

עס טראָגט זיך דורך אַ שטילער געמורמל צװישן די פֿאַרזאַמלטע. עזריאל דער שטומער אַרבעט בליץ־שנעל מיט זײַנע פֿינגער־און־האַנט־צײכנס. ער לײגט זײַנע הענט אויפֿן מויל; גיט אַ פֿיר מיט דער האַנט איבער די קעפּ פֿון די פֿאַרזאַמלטע און פֿאַרפֿלעכט שטײַף די פֿינגער פֿון בײדע הענט; ער בלאָזט אָן זײַן בויך און קלאַפּט אין אים מיט די קולאַקעס. ער װײַזט אויפֿן האַרצן מיטן פֿאַרשטײפֿטן קולאַק. דאָס מײנט, אַז די שװעסטער און ברידער זאָלן אָננעמען אַ שטילע, צוריקגעצויגענע טאַקטיק, און װען זײ װעלן װערן שטאַרק, װעלן זײ געבן טוראַקן קלעפּ אין גראָבן בויך. װען ער װערט פֿאַרטיק מיט דעם טײל פֿון זײַן שטום־לשון, גיט ער זיך אַ װאָרף מיט זײַנע קולאַקעס צום פֿענצטער־צו. דאָס דאַרף הײסן, אַז דערװײַל דאַרף מען קײן שטרײק ניט רופֿן, נאָר שלאָגן שויבן בײַ די שנײַדער־באַלעבאַטים. שפּעטער, װען די שװעסטער און ברידער װעלן װערן שטאַרק, װעלן זײ טוראַקן דערלאַנגען אַ שטאַרקן קלאַפּ, פֿאַרשטײפֿט ער די קולאַקעס. מען װעט רופֿן אַ שטרײק פֿון יידישע און קריסטלעכע אַרבעטער. ער מאַכט אַ צלם פֿון צװײ פֿינגער, װאָס דאָס מײנט קריסט, און אַ זשעסט פֿון אַרומװיקלען רצועות, װאָס דאָס מײנט, מיטן טלית אויף די אַקסלען — אַ ייִד.

אַלע רעכענען זיך זײער שטאַרק מיט עזריאלס גראָדן שכל. דאָס װאָס ער איז קלײן־געװאַקסן, װאָס זײַנע עלטערן שעמען זיך מיט אים, װײַל ער איז שטום און ניט געלערנט, מאַכט ניט אויס. ער איז אָבער קלוג און זעט זאַכן פֿאַרויס. אַ װײַלע הערשט אַן אָנגעשטרענגטע שטילקײט. שאַשקע, אַ שײנע בלאָנדינקע מיט גרויסע ליכטיק־בלויע

אויגן, איז פּאַר אַ שטרייק. רייזל באַשעס, די זאַקנמאַכערקע, אַ הויכע מיט לאַנגע הענט און לאַנגע פיס, איז אויך פּאַר אַ שטרייק. „מיר מוזן מאַכן אַ שטרייק", זאָגט פּערל. באַבל שאָקלט צו מיטן קאָפּ. איר רונדער ברייטער פּנים מיטן קליינעם מויל אין די שמאָלע ליפּן מאַכט דעם איינדרוק פון אַ קאַפּריזנעם, איינגעשפּאַרטן קינד.

„שאַט! קאָכט זיך ניט", זאָגט אַרטשיק צו די מיידלעך, און מאַכט מיט זיינע לאַנגע פינגער צייכנס צו דערקלערן דעם שטומען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

דער שטומער קוקט זיך צו צו אַרטשיקס פינגער מיט דער גרעסטער ערנסטקייט. ווען אַרטשיק ווערט פאַרטיק מיט זיינע פינגער־צייכנס, לייגט עזריאל צו זיינע צוויי פינגער פון דער רעכטער האַנט צום שלייף און גיט אַ פיר מיט דער לינקער האַנט איבער די אויגן. דאָס הייסט — מען זאָל זיך פאַרקלערן, צולייגן קאָפּ און האַלטן די אויגן אָפן. ער האַמערט אָבער — און ווידער מיט זיינע הענט — אַ ייד און קריסט זאָלן זיך פאַראייניקן. דערנאָך צענעמט ער זיינע הענט ווי פליגלען. זיין שטומער אויסדרוקספולער פּנים צעשמייכלט זיך. דאָס מיינט: „דאַן וועלן מיר אַלע ווערן פריי ווי די פייגעלעך".

דערוואייל אָבער, ווייזט ער מיטן האַנט־פלאַך אַראָפּ. דאַרף מען ליגן איינגעלייגט. נאָר באַלד גיט ער זיך ווידער אַ וואָרף מיט זיין גאַנצן יינגלשן כוח צום פענצטער און צילט מיט די פויסטן אין די שויבן. דאָס הייסט, ער באַשטייט אויף דאָס זייניקע: די שוועסטער און ברידער דאַרפן דערוואייל — איידער זיי האָבן זיך פאַראייניקט מיט די ניט־יידישע אַרבעטער — נישט רופן קיין שטרייק, נאָר ברעכן שויבן ביי די שניידער.

עזריאל אַנטוויקלט ווייטער זיין געדאַנק אויף שטום־לשון. ער „רעדט" וועגן די פויערטעס, וואָס אַרבעטן זומערביים וואַשן דאָס זאַמד פאַר פופצן קאָפּיקעס אַ טאָג און, וועגן די פויערים, וואָס אַרבעטן ווינטער אויף די שליוזן פאַר צוואַנציק קאָפּיקעס אַ טאָג. ער ווייזט ווי זיי קלאַפּן אַריין די סלופּעס אין דער פאַרפרוירענער ערד און גיט צוויי מאָל אַ פּאַטש מיט זיינע הענט, ווערט צוואַנציק. אויף זיין יינגלשן שטומען פּנים הענגט אַ פראַגע ווי איינער וואָלט געזאָגט: און וואָס איז עפּעס מיט אָט־די באַעוולהטע ניט־יידישע אַרבעטער? ס'איז אַ שטומע פראַגע, וואָס בעט אַן ענטפער און באַ־איינפלוסט די צוקוקער מער ווי די שטאַרקסטע ווערטער.

„אַ גוטער פּלאַן", זאָגט פייוול, און זיין פּנים איז צעשיינט פון דעם

געדאַנק וואָס פאַר אַ פריילעכן בראַזג צעבראָכענע שויבן וועלן אָנמאַכן אין שטעטל אין אַ שטילן קאַלטן אָוונט.

די מיידלעך האָבן זיך דערפילט פאַרשולדיקט קעגן די פויערטעס און פויערים, וואָס קריגן פופצן און צוואַנציק קאָפּיקעס אַ טאָג. האָבן זיי אַרונטערגעלאָזט זייערע קעפּ און צוגעשטימט מען זאָל דערוויל ברעכן שויבן.

עס איז גלייך דערווײַלט געוואָרן אַ באַיעוואַיאַ קאָמאַנדאַ פון אַ צענדלינג געוואַגטע ייִנגלעך פון די שוועסטער און ברידער. עס איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז שאַשקע זאָל וואָרענען די שניידער־מיידלעך ניט צו זיצן נאָענט צו די פענצטער און אַז די אַטאַקע אויף די שויבן זאָל דורכגעפירט ווערן מיט איין קלאַפּ — אומעטום אין דער זעל־ביקער מינוט...

איינמאָל, אין אַ שנייאיקן אָוונט, פונקט אַכט אַזייגער, האָט זיך פלוצלונג דערהערט איבערן שטעטל אַ בראַזג פון צעבראָכענעם גלאָז, ווי די גאַנצע הוטע מיט אַלע אירע גלאָזן וואָלטן מיט אַמאָל געפּלאַצט. מענטשן זײַנען אַרויסגעלאָפן פון די הייזער, האָבן געקוקט אין אַלע זײַטן — אויפן הימל, צו דער הוטע־צו, און קיינעם ניט געזען. אַ גרוי־סער שטיין איז דורכגעפלויגן דורכן טאָפּלטן פענצטער פון בועז׳עס הויז, גלייך אין דער זאָקן־מאַשין. אַ צווייטער שטיין האָט דורכגעריסן די ביימלעך רויטע ראַבינעס פון יעקב דעם שניידערס טאָפּלטן פענצטער און איז אַרײַנגעפלויגן אין זײַן צושנייד־צימער. זײַן ווייב ליבע האָט פאַר שרעק אָוועקגעחלשט. די מיידלעך האָבן געמאַכט אַ גוואַלד. יעקב דער שניידער, טויט־בלייך, איז געשטאַנען צעטומלט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

עמיצער האָט גענומען מינטערן די באַלעבאָסטע, גיסן וואַסער אויף איר. זי האָט געעפנט די אויגן, אָפּגעצויגן דעם אָטעם און געפרעגט: „אַן ערד־ציטערניש?” זי האָט אַמאָל געלייענט אַז ערגעץ אין דער וועלט קומען פאָר ערד־ציטערנישן.

דער באַלעבאָס איז אַ ביסל געקומען צו זיך, געקוועטשט זײַן נאָז מיט געלע פינגער און געדרייט מאָדנע מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט געזאָגט: „איך ווייס וועמענס אַרבעט דאָס איז”, דערנאָך האָט ער גע־זאָגט צו די מיידלעך:

„גייט אַהיים, קינדער, מיר וועלן זיך שוין מיט זיי אָפּרעכענען”.
די מיידלעך האָבן זיך אַרויסגערוקט שטילינקערהייט פון שטוב ווי פאַרשולדיקטע.

אויף מאָרגן זיינען די באַלעבאַטים געלאָפן צו כאַצקלען, דעם איינציקן גלעזער אין שטעטל. אַ בייזער ייד, דער כאַצקל, ער האָט דריי פּרנסות — אַן איינבינדער, אַ פאַרבער און אַ גלעזער. ער אַרבעט אַזוי פאַוואָליע, אַז ייִנגלעך שרייען אים אַריין אין אויער כדי ער זאָל ניט אַנטשלאָפן ווערן.

„קומט צו מיר אַפריער אריינשטעלן די שויבן. איך האָב קליינע קינדער", בעט זיך יעקב דער שניידער ביי כאַצקלען.

„מיינע קינדער זיינע אויך ניט קיין ממזרים", שרייט אַברהמטשיק דער שניידער.

און כאַצקל קראַצט זיך אין פּאַטילניצע. „איך קען זיך דאָך ניט צערייסן. פאַרשטעקט דערווייל די אָפענע פענצטער מיט קישעלעך, מיט שמאַטעס", זאָגט ער און קלערט ביי זיך: „אַ מכה אין דיר, אברהמטשיק מסור. וועסט שוין ביי מיר וואַרטן". און טיף אין האַרצן זאָגט ער צו זיך: „די הענט זאָלן זיי דינען, די שוועסטער און ברידער".

מער פון אַלעמען קאָכט זיך באַשע לאהטשקע. איר פּנים איז נאָך צעדראַפּעט און בלוי. אירע קללות און געשרייען שניידן דורך די קאַלטע לופט און רייסן זיך אַריין אין די דערבייאיקע הייזער: „מיר ווייסן וועמענס אַרבעט דאָס איז געווען... אַ פאַהיבעל אויף זיי, טאַטע זיסער... אַ כאַליערע זאָל אויף זיי קומען, אויף די שוועסטער און ברי־דער. שטיינער וועלן זיי וואַרפן אין די פענצטער — אַז קדחת זאָל זיי וואַרפן". און איר פלייש̇יקער פּנים מיטן גוידער טרייסלען זיך ווי אין קאָנוואולסיעס.

מער צו דער אַרבעט אין די שבת־צו־נאַכטן זיינען די אַרבעטער־קינדער ניט געגאַנגען. די שוועסטער און ברידער האָבן זיך צוריק־געצויגן צו זייערע שטילע פּאָזיציעס, ווי זייער שטומער חבר האָט גערעטן, און זיינען געוואָרן נאָך מער קאָנספּיראַטיוו. ניט געשפּאַרט זיך מיט טאַטע־מאַמע און שטילערהייט זיך געגרייט צו אַגיטירן די פּויערים, צווישן וועלכע מען האָט שוין אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן פּראָ־קלאַמאַציעס.

די שוועסטער און ברידער האָבן זיך דערפילט געשטאַרקט. אָן אַ שטרייק, אָן פאַרלירן צייט, האָבן זיי געוואונען פאַר די שניידער־מיידלעך אַ גרויסן זיג — דעם לאַנגן ווינטערדיקן אָוונט, שבת־צו־נאַכט...

## אברהמטשיק קריגט געשלאָגן; פערל אַ — שיפסקאַרטע

דער פרימאָרגן איז אַ גרויער. דאָס גאַנצע שטעטל איז איינגע־הילט אין אַ טומאַן, און כאָטש עס איז נאָך פרי, שטייען שוין רעדלעך מענטשן אין די גאַסן און ריידן. זיי פרעגן זיך אויס וואו, ווען און ווער עס האָט געשלאָגן אברהמטשיקן.

„די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. האָט אים עזריאל דער שטומער געכאַפּט, אַרויפגעצויגן אַ זאַק אַריבער זיין קאָפּ, און מיט די שטאַרקע ידים האָט ער אים דערלאַנגט אַזעלכע קלעפּ, אַז יענער האָט אַפילו שרייען ניט געקענט", דערציילט הלל דער שמש, גייענדיק מיט טלית און תפילין אין שול אַריין דאַוונען.

„עס איז אַ סברה, אַז דאָס וואַקסט פון די שוועסטער און ברידער", זאָגט אייזיק דער „נעכטיקער טאָג".

„אַז עס איז געווען אַ פינצטערע נאַכט, טאָ ווער האָט דאָס גע־קענט זען ווער עס האָט אים געשלאָגן?" פרעגט ישראל חקרן.

„איך האָב אַליין געהערט, ווי מען האָט דערציילט, אַז עס זיינען דאָרטן געווען נאָך צוויי בחורים, און זיי האָבן אים געשלאָגן מכות רצח!", זאָגט אברהם בער, „אַ מצווה אויפן מסור", גיט ער צו און גייט אַוועק.

„אַ ייד גלויבט ניט! אַז מען זאָגט געשטאָרבן, טאָ גלויבט", זאָגט הלל צום „נעכטיקן טאָג".

„טאַקע! ער איז שוין געשטאָרבן?" פרעגט כאַשע, וואָס איז נאָרוואָס צוגעקומען צום רעדל מענטשן.

„ווער זאָגט, אַז ער איז געשטאָרבן?" ענטפערט הלל. „מען רעדט, אַז דריי בחורים זיינען אים באַפאַלן. דער שטומער איז אַרויפגע־שפּרונגען אויף אים, אומגעוואָרפן אויף דער ערד, און געריסן פון אים שטיקער. ווען עזריאל האָט אים געבוכטשעט אין די זייטן, האָט אים אַ צווייטער אַריינגעזונגען זיינס אַ לידעלע אין אויער!

׳ווען דו זעסט אַ בייזע שלאַנג
מאַך קיין שהיות, טראַכט ניט לאַנג,
קלייב צונויף דעם גאַנצן כוח
און צעשמעטער אים דעם מוח׳."

„איך האָב שוין געהערט דאָס לידעלע זייערס ניט איין מאָל אין געסעלע. פּרייטיק צו נאַכטס זינגען זיי דאָס. אַ שד אין זייערע מאַ־מעס אַריין", זאָגט משה און לויפט אַוועק צום טייך זיך אָפּטובלען.

„מען רעדט", זאָגט הלל, „אַז אברהמטשיקס מאַמע וויל דערפון מאַכן אַ דיעלאָ. אפשר איז דאָ עמיצער", קוקט ער זיך אַרום, „וואָס וויל פאַרדינען אַ גרינגן קערבל צו גיין שווערן, אַז עזריאל האָט אים געשלאָגן? פאַרגרייט זיך אָבער אַפריער מיט עטלעכע איילן ערד. איך באַגראָב ניט אומזיסט — מיר דאַרף מען אויך באַצאָלן".

„אַ שיינע ריינע כפרה", זאָגט עמיצער אין דעם רעדל מענטשן, און די אַנדערע זיינען, ווייזט אויס, מסכים און מען גייט זיך פאַנאַנ־דער — יעדערער צו זיין טעגלעכער אַרבעט מיט זיינע זאָרגן.

„שוין געהערט די נייס?" פרעגט די מאַמע דעם טאַטן, ווען זי קומט אַריין פון גאַס. און נאָך איידער ער ענטפערט, זאָגט זי: „מען האָט נעכטן ביינאַכט געשלאָגן אברהמטשיקן ווי אַ הונט — וויפל עס איז נאָר אין אים אַריין! ער האָט ניט געוואָלט פאָלגן דעם רבס דיך־תורה. טאָ זאָל ער איצט קרענקען, דער ממזר, דער ממזר בן הנידה".

„גענוג שוין, פראַדל, ריידן לשון־הרע", זאָגט דער טאַטע און פאַר־הוסט זיך פון פאַרדרוס.

„וואָס זאָל מען טאָן מיט אַ מסור? ניט גענוג, וואָס ער שפּיאָנירט נאָך די קינדער, האָט ער נאָך אָנגעשטעלט זיינע דריי ברידער, אַז זיי זאָלן אויך שפּיאָנירן".

דעם טאַטנס פּנים דריקט אויס ווייטיק. עס טוט אים וויי דאָס האַרץ פאַר די יונגע קינדער, וואָס גייען אַרונטער פון דרך־הישר. עס טוט אים וויי אויך פאַר יענע, וואָס פירן אַראָפּ די קינדער פון גלייכן וועג. און ווער זיינען דאָס די יעניקע? ער איז ניט קלאָר אין דער גאַנצער זאַך. און דערפאַר איז אים אַזוי שווער.

אברהם איטשע און יצחק יעקב לאָזן אים ניט אָפּ. ער מוז זיין מיט זיי אין דער חברה פון דער פּאָטאַינער פּאָליציע — שומר שבת רופן זיי דאָס. אָבער פאַר גאָט איז ניטאָ קיין פאַרפוצטע נעמען. פּאָטאַינע פּאָליציע זיינען פשוטע מוסרים. ער האָט דאָס פיינט, וויל ניט זיין אין דעם, און זיין פּנים פאַרציט זיך מיט אַ כמאַרע. זיינע אומעטיקע אויגן ווערן נאָך אומעטיקער.

„מרה שחורהניק", זאָגט די מאַמע, ווי זי וואָלט געטראָפן זיינע גע־דאַנקען. „אפשר האָסטו מורא, אַז מען וועט נאָך אין אַ פינצטערער נאַכט אָנשלאָגן די פּאָטאַינע פּאָליציע? אברהם־איטשען דעם צבועק האָט מען שוין לאַנג געדאַרפט אָנברעכן די ביינער.

„פראַדל, איך האָב דיך געבעטן, אַז עס זאָל שוין זיין גענוג צו ריידן לשון־הרע. מען טאָר ניט אַזוי", בעט זיך דער טאַטע ביי איר.

„און איך זאָג דיר, דוד, אַז דו זאָלסט קיין מגע ומשא ניט האָבן מיט גאָטס סטראַפּטשעס", זאָגט די מאַמע, און פאַרקלערט זיך. זי טאַפּט זיך אויפן רעכטן אַקסל, וואו עס וואַקסט איר אַ גוליע פון שלעפּן די שווערע זעק אויף דער פּלייצע. „איך דאַרף שוין באַלד וויטער פאָרן אין דאָרף. עס גייט אויס דאָס עסנוואַרג. טאָ וועמען ליגט אין זינען לשון־הרע? עס קומט צו רייד, רעדט מען. הערסט, דוד, איך האָב אַ גאַנצע נאַכט געקלערט. אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן צו שרייבן קיין אַמעריקע צו אברהם לייבן, בעטן אים ער זאָל אַרויסשיקן אַ שיפס־קאַרטע פאַר פערלען. עס גייט איר דאָס זיבעצנטע יאָר. קיין איין קאָפּיקע ניט אָפּגעלייגט פאַר איר. וויפל זי פאַרדינט, גיט זי מיר אַוועק. אירע הענט זיינען שטענדיק צעשפּאָלטן פון דער שווערער אַרבעט אין דער הוטע. וואָס קענען מיר, מ'שטיינס געזאָגט, איר געבן? קיין עוולות קען זי ניט פאַרטראָגן. טשעפּעט מען זיך צו איר אין דער הוטע און מען רופט זי בונטאָווש־טשיצע. קיין גוטס קען שוין פון דעם ניט אַרויסקומען".

„אַ טריף לאַנד, אַמעריקע", ענטפערט דער טאַטע „און אַזוי וויט. דערצו נאָך, אַזאַ יונג קינד. אפשר זאָל זי בעסער פאָרן קיין וואַרשע צו אהרנען? פאָרט אַ יידישע שטאָט. און אהרן איז שוין ברוך־השם צוואַנציק יאָר אַלט. ער וועט זיך דאַרפן באַלד שטעלן צום פּריזיוו". און ער גיט אַ קרעכץ. דער קרעכץ קען מיינען אַזויפיל זאַכן: עס קען מיינען אַז פּאַניע קען נאָך חלילה צונעמען אהרנען אין יוונים; אַז פערלען וועט קיינער ניט נעמען אָן נדן; אַז די יאָרן לויפן און מען ווערט אַלט און שוואַך, און מאַלע וואָס נאָך? אין אַזאַ לאַגע קומט צונויף אַ קרעכץ.

עס עפנט זיך אויף ברייט די טיר און חיים לויפט אַריין אין שטוב מיט אימפּעט און פריילעכקייט. שוין אַ שטיק צייט, אַז ער אַרבעט אין דער הוטע, פונדעסטוועגן איז ער פריש, לעבעדיק, און פריילעך. ער כאַפּט די מאַמע און שלעפּט זי איבערן זאַמדיקן דיל אין אַ טאַנץ. „מאַמינקע, איך האָב דאָך דיך אַזוי ליב", זאָגט ער. די חדר־יינגלעך לאַכן פון אים. אַפילו דער טאַטע שמייכלט.

די מאַמע באַרעט זיך מיט אים. זי וויל זיך אַרויסרייסן פון אים, כאָטש זי שמייכלט און עס טוט איר הנאה זיין פריילעכקייט און ליב־שאַפט צו איר. זאָגט זי: „גיי שוין, גיי. וואָס האָב איך דיר געגעבן און וואָס גיב איך דיר, אַז זאָלסט מיך ליב האָבן?"

„האָסט מיר געגעבן גאַנצע צוויי נעמען ווען איך בין געבוירן

געוואָרן — שמואל, ניסן; דו גיסט מיר עסן; און דו וועסט מיר איבער הונדערט יאָר איבערלאָזן אַלץ — גאָלד, זילבער, ברילייאַנטן — אַלץ וואָס דו האָסט ניט״.

די מאַמע קוקט אויף אים פאַרוואונדערט. וואו נעמט ער דאָס אַזעלכע ווערטער?

„זאָג מיר, מאַמע, פאַרוואָס רופט מען מיך חיים? אַז מען האָט געביטן מיין נאָמען פון חיימל אויף חיים פאַרשטיי איך. איך בין שוין אַ גרויסער. אָבער ווי קומט חיים צו שמואל ניסן?״

„ביסט אַמאָל, ניט היינט געדאַכט, קראַנק געווען״, זאָגט די מאַמע, בעת זי שטעלט אַרויף הייסע קאַרטאָפל אויפן טיש. „איך און דיין טאַטע זיינען דעמאָלט געווען אין פינסק. ביילקע איז נאָך אויך געווען קליין. האָט דיר דיין שוועסטער פערל צוגעלייגט אַ נאָמען — חיים. ביסטו טאַקע צום לעבן געקומען, נאָר לאָמיר בעסער ריידן פון פריילעכערע זאַכן״, זאָגט די מאַמע מיט אַ פאַרשנדיקן שמייכעלע, „לעבט נאָך אברהמטשיק, אָדער איז ער שוין געשטאָרבן?״

„אברהמטשיק וועט קיינמאָל ניט שטאַרבן״, זאָגט חיים און קייט מיט גרויס אַפּעטיט די הייסע קאַרטאָפל.

„אַלץ, מיין קינד, וואָס לעבט, גוט אָדער שלעכט, מוז מיט דער צייט שטאַרבן״, זאָגט די מאַמע פילאָסאָפיש.

„אָבער ניט אברהמטשיק. ער וועט ניט שטאַרבן. ער וועט פגרן״, זאָגט חיים מיט זיכערקייט.

„אָט קומט פערל״, זאָגט די מאַמע, ווען זי דערזעט פערלען דורכן פענצטער, און נעמט זיך צוגרייטן איר עסן.

אַז פערל איז אַריין אין שטוב און דערזען חיימען, איז איר ערשטע פראַגע געווען: „ווי געפעלט דיר עפּעס דער נייער דייטשישער הויז־לערער?״

„זייער גוט, שוועסטערקע. שפּרעכן זי דויטש?״ פרעגט ער, און שמייכלט מיט זיינע בלויע אויגן, אַז עס דערוואַרעמט די אָרעמע שטוב מיט אירע מענטשן.

איך וועל שוין קיין געלערנטע ניט זיין, וויל איך כאָטש האָבן אַ געלערנטן ברודער״, זאָגט זי און קוקט אויפן וואַנט־זייגער. „איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויפן וועג צו ריידן מיט דאָבען. בלויז צען מינוט פאַרבליבן. כ׳מוז זיך אונטעראיילן. איך מוז זיין צוריק צו דער אַרבעט מיטן הודאָק;״. זי נעמט זיך עסן שנעל.

„זאָג זשע מיר, פון וואָס האָט איר גערעדט?״ פרעגט די מאַמע פאַרשנדיק.

„פון וואָס זאָל מען ריידן ? פון כאַשע לאהטשקען מיט איר צע־ממיתטן זון. די דין־תורה האָט געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. אפשר וועלן די קלעפּ העלפן". און זי מאַכט זיך פּאַרטיק צום גיין.

ביילקע קומט אַריין אין שטוב שטיל און פאַרשולדיקט, זעצט זיך אין אַ ווינקעלע אונטער דער ביכער־שאַפע און רעדט ניט צו קיינעם.

„וואָס איז שוין געשען, פלאַקסאַ ?" פרעגט די מאַמע, ווען זי דער־זעט ביילקעס רויטע פאַרוויינטע אויגן. ביילקע שווייגט.

שטילערהייט גנבעט זיך אונטער חיים, גיט ביילקען אַ שנעל אין נאָז, און צעזינגט זיך :

„ביסט אויף מיר ברוגז, איך ווייס דאָך ניט פאַרוואָס,
גייסט אַ גאַנצן טאָג אַראָפּגעלאָזט די נאָז,
אפשר מיינסטו איך האָב דיך ניט ליב, טאָ לאָמיר ביידע
פאָרן צו אַ גוטן ייד —
פון אַ גוטן יידן צו אַ גוטן טראַכט,
לייג אָוועק דיין הענטעלע און זאָג אַ גוטע נאַכט".

און ווי שנעל און פריילעך ער איז אַריינגעלאָפן אין שטוב, אַזוי פריילעך איז ער אַרויסגעגאַנגען.

די מאַמע קוקט נאָך די קינדער און זאָגט מיט אַ זיפץ : „מיינע ברויט־געבער — אַ געזונט אין זיי. וואָס־זשע איז מיט דיר, צעקראַ־כעכץ ?" פרעגט זי ביילקען. און יענע קוקט אויף דער מאַמען מיט פאַרוואונדערונג. ווי שנעל איר אויסדרוק אויפן פּנים האָט זיך געביטן! אָט האָט זי נאָכגעקוקט פערלען און חיימען מיט אַ פריילעך צעשטראַלטן פּנים און אין אַ רגע אַרום קוקט זי אויף איר מיט אַזאַ פאַרחושכטן פאַראומערטן פּנים. אַנשטאָט רחמנות האָבן אויף זיך ווי ביילקעס באַטור איז, האָט זי גאָר איצט רחמנות אויף איר שטאַרקער מאַמען. און זי מאַכט זיך אַליין פאַרוואורף. זי טראַכט : „איך פאַרשאַף נעבעך דער מאַמען יסורים. פאַרוואָס קען איך ניט זיין אַזוי פריילעך ווי פערל, ווי חיימל ? דריי מאַסטערסקאַיעס אין איין יאָר געביטן... ניט געקענט דערציען דעם זמן ביי יענקל דעם שניידער, אַנטלאָפן צו כאַ־באַניעכען אַרבעטן. ניט געקענט פאַרליידן ווי די הויכע כאַנאַניעכע שלאָגט און שעלט איר קליינע ביילע — אַנטלאָפן אַרבעטן צו עטלען... אַ צייט אַרומגעלאָפן — ניט געאַרבעט. בלויז כאַנאַניעכע האָט פון מיר ניט אָפּגעלאַכט. אַלע, אַלע לאַכן זיי אָפּ פון מיר. וואָס מער איך וויין, אַלץ מער לאַכן זיי פון מיר. וואָס מער זיי לאַכן פון מיר, אַלץ מער וויין איך... עפּעס בין איך ניט מיט אַלעמען"... אַזוי קלערט ביילקע און

קוקט אויף דער סטעליע. אין ווינקעלע באַמערקט זי אַ שפּין־וועב. אַ פליג ראַנגלט זיך דאָרטן.

„וואָס האָסטו זיך פאַרקוקט וואו פויגעלעך פליען? וואָס שווייג־סטו?"

ביילקע וויל אַרומנעמען די מאַמע, קושן זי אַז זי זאָל איר פאַר־געבן — שעמט זי זיך. „מאַמע, איך האָב געמיינט" — זאָגט זי און בלייבט שטיל.

„וואָס האָסטו געמיינט?" שרייט די מאַמע און קוקט אויף איר בייז.

„פראַדל, אייל זי ניט. לאָז איר אויסריידן", זאָגט דער טאַטע און קוקט אויף ביילקען מיט אַ רחמנות געפיל.

ביילקע שווייגט. זי דערפילט פּלוצעם, אַז זי האָט זיי ביידן פיינט. אַן איינזאַמקייט און שרעק באַפאַלן זי. דעם טאַטן, איר פאַרשטויסענעם הוסטיקן טאַטן, האָט זי פיינט ווייל פאַראַכטאָגן שבת האָט ער זי גע־פּאַטשט פאַר קאַמען די האָר אום שבת.

„מיט וואָס ביסטו בעסער פון פערלען?" האָט ער געשריען און איר געוויזן די אויסגעריסענע האָר אויפן קעמל. ביילקע האָט געהאַלטן דעם קעמל מיט די פאָר אויסגעריסענע האָר, און די הענט האָבן איר געציטערט. דער טאַטע, וואָס שלאָגט זעלטן די חדר־יינגלעך, האָט זי געפּאַטשט!

„דערצייל, ביילקעלע", זאָגט דער טאַטע. „עס איז געזינטער אַז מען רעדט זיך אַרונטער פון האַרצן. ביסט דאָך שוין ניט קיין קליין מיידעלע — פערצן יאָר געוואָרן, ביז הונדערט און צוואַנציק".

די פאָר גוטע ווערטער האָבן ביילקען דערפרישט און ווי מיט אַ מאַגנעט אַ ציי געטאָן צום טאַטן, גאָר ווי אַמאָל. „איך האָב געמיינט", זאָגט זי שוין זיכערער מיט זיך, אַז ביי עטלען וועט מיר זיין בעסער צו אַרבעטן. זי האָט דאָך אַ ברודער אַ סאָציאַליסט, טאָ ווי קען זי זיין שלעכט צו אירע מיידלעך? ווייזט זיך אַרויס, אַז זי איז ניט בעסער פון די איבעריקע. מילא אַז מען אַרבעט גאַנצע נעכט ערב יום טוב און גויאישע חגאות, טוט מען דאָס אין אַלע מייסטערסקאַיעס. אָבער היינט האָט זי פון מיר אָפּגעלאַכט, געזאָגט אַז איך בין אַן אַרומלויפערקע, אַז אַלע געטער האָב איך אויסגעדינט. אַלע מיידלעך האָבן געלאַכט פון מיר. כאַשע האָט מיר געגעבן מיט איר האַנט אַ שמיר איבערן פּנים. „אָט איז דיין פאָטאָגראַפיע", ווייזט זי מיר אַ ליידיקע האַנט. איך בין געוואָרן אַזוי אין כעס אויף איר, אַז איך האָב געוואָלט וואַרפן

איר די שער אין האַרצן".ביילקע לאָזט אַרונטער די אויגן און דער־מאָנט זיך, ווי זי האָט אַמאָל געשלאָגן איר חברטע באַשקע.

„גאָט איז מיט דיר, ביילקע! מען טאָר דאָס ניט טאָן — אַפילו ניט האָבן אַזעלכע מחשבות", זאָגט דער טאָטע דערשראָקן.

„וואָס־זשע איז איצט, וואָס ווילסטו טאָן?" פרעגט די מאַמע אין אַ ווייכערן טאָן.

„איך וויל דאָ מער ניט זיין. איך וויל פאָרן קיין וואַרשע".

די מאַמע קוקט אויף איר מיט פאַרוואונדערונג. זי האָט נאָך קיינ־מאָל זי ניט געהערטריידן אין אַזאַ פעסטן טאָן. „הער אויס, ביילקע," רעדט שוין די מאַמע צו איר ווי צו אַ גרויסער, „האָסט נאָך אַ פּאָר חדשים צו פאַרענדיקן דאָס יאָר, פינף רובל האָב איך שוין ביי עטלעכן געגומען. אַז דו וועסט פאַרענדיקן דעם זמן, וועט זי דיר געבן די איי־בעריקע צען רובל, וועסטו האָבן אויף הוצאות קיין וואַרשע. דורך דער צייט וועלן מיר זיך דורכשרייבן מיט אַהרנען אַז ער זאָל באַשטעלן פאַר דיר אַ פּלאַץ דאָרטן. דערווייל, טאָכטערל, גיי צוריק צו דער אַרבעט".

דער מאַמעס ווייכע רייד האָבן געווירקט אויף ביילקען. זי איז אַוועק צוריק אַרבעטן צו עטלען, וועלכע האָט אַ ברודער אַ סאָציאַליסט, אַ פּי־רער פון די שוועסטער און ברידער, און אַגיטירט דער יוגנט זיי זאָלן מאַכן אַ גערעכטע וועלט.

***

מיט אַ שווערן האַרצן און ציטערדיקע הענט האָט די מאַמע גע־שריבן צוויי בריוו — איינעם צום פלימעניק אברהם לייבן אין אַמע־ריקע, דעם צווייטן אהרנען אין וואַרשע. איר טאַלאַנט צו בריוו־שרייבן איז איר איצט צונוץ געקומען. צווישן אַנדערע שיינע און קלוגע ווערטער האָט זי אברהם לייבן געשריבן אַז אויב זיין קוזינע פּערל איז אים טייער און ער וויל ניט, אַז זי זאָל אַנשפּאַרן אין סיביר אָדער, חלילה, דערשאָסן ווערן פון פּאָליציי, זאָל ער באַלד אַרויסשיקן אַ שיפס־קאַרטע פאַר איר. זי איז אַ פריילעכע, אַ שיינע, אַ קלוגע און אַ געראָ־טענע. זי וועט אַרבעטן און אויסצאָלן די שיפס־קאַרטע מיט פּראָצענט. אויך האָט די מאַמע געפרעגט אברהם לייבן אין דעם בריוו. צי גע־דענקט ער נאָך וואָס דער פעטער דוד האָט אים געלערנט, די בעט אין וועלכער ער איז געשלאָפן הינטערן אויוון, די גרויסע הילצערנע שיסל פון וועלכער אַלע פלעגן עסן... דאָס איז געווען אַן אָנצוהערע־ניש פון דעם געלט און מי, וואָס זי האָט אין אים אַריינגעלייגט.

צו אהרנען אין וואַרשע האָט זי געשריבן פּונקט דאָס פּאַרקער־טע: „מיין טייערער זון, קענסט דאָך דיין שוועסטערביילקען, ווי קאַפּריזנע, האַנאַראָווע און איבערקלייבעריש זי איז, זי האָט שוין עטלעכע שניידער־וואַרשטאַטן געביטן, און קיינער געפעלט איר ניט. אַ לאַנגע צייט האָט זי אינגאַנצן ניט געאַרבעט. זי קלאָגט און וויינט. וויל נאָר פאָרן צו דיר אין וואַרשע. אפשר וועט די גרויסע שטאָט זי אויסמענטש־לען. אַז דו וועסט קומען אַהיים אויף פּסח, וועסטו זי מיטנעמען, צי אפשר נאָך פריער? ענטפער מיר צום שנעלסטן וואָס קלערסטו וועגן דעם. זי פאַרקלאָגט מיר מיינע יאָרן און זי גייט אַיין ווי אַ ליכט".

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איז אָנגעקומען אַ בריוו מיט אַ שיפסקאַרטע פון אברהם לייבן. ער האָט געשריבן, אַז פּערל זאָל וואָס צום שנעלסטן קומען קיין אַמעריקע; אַז זי וועט דאָ פאַרדינען בעסער, זיך קליידן בעסער און עסן בעסער; אַז מען וועט זי דאָ אויסכאַפּן אָן אַ קאָפּיקע נדן.

פון אהרנען איז געקומען אַ בריוו, אַז אַזוי שנעל ווי ער וועט קריגן אָן אָנשטענדיקן פּלאַץ פאַר ביילקען, וועט ער זי אַריבערנעמען צו זיך; אַז ער האָט ליב ביילקען פאַר איר פרום יידיש האַרץ, און דאָ אין דער יידישער וואַרשע וועט זי מיט גאָטס הילף זיין גליקלעכער ווי אין טעלעכאַן.

איבערגעלייענט די צוויי בריוו, האָט זיך די מאַמע פאַרטראַכט. אַ טרער איז אַראָפּגעפאַלן אויף אברהם לייבס בריוו פון אַמעריקע. זי האָט זיך געוואונדערט. זיינען דאָס טרערן פון פרייד אָדער צער? ווען זי האָט אַ צווייטן מאָל איבערגעלייענט די בריוו, איז זי געווען זיכער, אַז דאָס זיינען טרערן פון צער...

„מיינע פייגעלעך... נאָך שיטער די פעדערן אויף זיי — און שוין צעפליען זיי זיך". האָט די מאַמע געטראַכט.

## פּערל גנבעט בייגל

ווען פּערל איז געקומען עסן וואַרמעס, האָט איר די מאַמע דער־ציילט די גוטע נייעס, אַז ס׳איז אָנגעקומען אַ בריוו מיט אַ שיפסקאַרטע פון אברהם לייבן.

— נאַ, לייען! — גיט איר די מאַמע דעם בריוו מיט נאָך אַ האַרטן גראָבן בויגן פּאַפּיר מיט שיין־געמאָלענע, ניט אינגאַנצן פאַרשטענד־לעכע אותיות. די מאַמע קוקט אויף פּערלען מיט אַזויפיל צער און

זשעדנעקייט אין די אויגן, ווי ביי אַ געזעגענען זיך, וואָס וויפל מ׳זאָל ניט קוקן אויף דעם נאָענטן ליבן מענטשן, וואָס פאָרט אַוועק, קען דאָס אויג ניט זאַט ווערן.

ווען פערל האָט דורכגעלייענט דעם בריוו און באַטאַפּט די שיפס־קאַרטע, האָט זי זיך דערפרייט און אויסגעשריִען: „אַמעריקע!״ ווען זי האָט אָבער אָנגעקוקט דער מאַמעס פאַרענדערטן פּנים, איז איר פריילעכקייט פאַרשוואונדן געוואָרן.

דער טאַטע גייט אַרום איבערן שטוב מיט צונויפגעדריקטע ליפּן. אַפילו די חדר־יינגלעך זיינען היינט גוט, זיי זיצן שטיל, ווי אויך זיי וואָלטן געפילט, אַז אַ גרויסע ענדערונג קומט דאָ פאָר.

— אָט וויסטו וואָס, פערל, — איז די מאַמע די ערשטע געווען איבערצורייסן די שטילקייט, — עס אָפּ און גיי געזונטערהייט צו דער אַרבעט! מיר האָבן נאָך אַ גאַנצן יאָר צייט צו ריידן דערפון.

— ניין, נאָר זעקס חדשים, — ווייזט איר פערל די שיפסקאַרטע און אירע אויגן בליצן אויף מיט האָפענונג.

— אַ יאָר, זעקס חדשים... מירן שוין זען! — זאָגט די מאַמע, ניט וועלנדיק רעדן מער דערפון, ווי דאָס וואָלט איר פאַרשאַפט ווייטיק.

כדי אַריינצוברענגען פריילעכקייט אין די שווערע געמיטער פון טאַטע־מאַמע, זאָגט פערל:

— הערסט, מאַמע, אַלע פון טעלעכאַן פאָרן קיין אַמעריקע, אַפילו חיה־שרה קלייבט זיך שוין פאָרן קיין אַמעריקע. עטל האָט שוין אויך געקראָגן אַ שיפסקאַרטע. אַרטשיק און שמואל־דוד קלייבן זיך פאָרן גלייך נאָך פסח. געדענקסט דאָך יאָסלען מיט פעשען. זיי שרייבן בריוו פון אַמעריקע, אַז ס׳איז זיי דאָרטן גוט ווי די וועלט. אַלע זייערע קינדער פאַרדינען גוט, עסן גוט, און קליידן זיך דאָרטן שענער אינדער־וואָכנס ווי דאָ אין יום־טוב...

וואָס מער פערל חזרט איבער דאָס צויבער־וואָרט אַמעריקע, אַלץ פריילעכער ווערט זי. — „איך וועל נאָך אייך אַלעמען אַריבערנעמען קיין אַמעריקע!״ — גיט צו פערל מיט אַן אויפגעהייטערטער שטימע.

די מאַמע גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי זי וואָלט געזאָגט: „צו וואָס די פריילעכקייט?״

— טאָכטערל, — זאָגט דער טאַטע, — קיין ארץ־ישראל וואָלט איך יאָ געפאָרן, אָבער ניט קיין אַמעריקע! — און זיינע אויגן אונטער די שפּאַקולן ווערן פאַרלאָפן מיט טרערן.

— איך אוןביילקע וועלן פֿאָרן קיין וואַרשע און מיר וועלן אייך אַהינצו אַריבערנעמען! — טרייסט חיים די צעוויטיקטע טאַטע־מאַמע — קום, שוועסטערקע, דערווייל דאַרף מען גיין אַרבעטן; אַמעריקע וועט מוזן וואַרטן! — גיט ער פֿערלען אַ שלעפּ פֿאַר דער האַנט. זיי גייען אַוועק, און די מאַמע קוקט זיי נאָך דורכן פֿענצטער ווי זיי ווערן אַלץ מער און מער דערווייטערט ביז זי קאָן שוין זיי מער ניט זען.

ביילקע קוקט אויף דעם טאַטן און אויף דער מאַמע. עפּעס זייַנען זיי גאָר אַנדערע מענטשן געוואָרן זינט די שיפֿסקאַרטע איז אָנגעקומען. אַבי זי האָט געמיינט, אַז אין ענגשאַפֿט, אין אָרעמקייט — מאַכט ניט אויס אַ קינד מער, אַ קינד ווייניקער... ערשט זיי זייַנען גאָר אַזוי באַזאָרגט!..

די מאַמע פֿאַרלאָזט דעם פֿענצטער, גייט צו צו דער פּאָליצע, נעמט אַ שטיק ווייסן פּאַפּיר, וויקלט איין אין דעם די שיפֿסקאַרטע, דערנאָך אין ווייסן לייוונט, פֿאַרבינדט מיט אַ שפּאַגאַט, באַהאַלט דאָס פּעקעלע אין קופֿערט, דאָרטן וואו עס ליגן אירע גאָלדענע אוירינגלעך און באַזילבערטע בראָש, אַ באַגילט צעבראָכן זייגערל, וואָס דער טאַטע האָט געקראָגן אַ מתנה פֿון זיין שווער צו דער חתונה, די כתובה, אַן אויסגעניייט מצה־זעקעלע, אַ זילבערנער בעכער נאָך פֿון איר זיידנס צייטן, און נאָך אַזעלכע טייערע חפֿצים. זי פֿאַרשליסט דעם קופֿערט און באַהאַלט דאָס שליסל.

זינט די מאַמע האָט אַרייַנגעלייגט פּערלס שיפֿסקאַרטע אין קופֿערט, האָט זי אויסגעמיטן צו קוקן אין יענעם ווינקל, אַקוראַט ווי דאָרטן וואָלט געלעגן עפּעס אַ שטאַרקע מאַכט, פֿיל שטאַרקער פֿון איר, אַ מאַכט, וואָס וויל עפּעס אָפּרייסן פֿון איר בלוט און פֿלייש, אַ מאַכט, קעגן וועלכער זי פֿילט זיך הילפֿלאָז, אַ מאַכט, וואָס אי זי שרעקט, אי זי פֿרייט.

עס זייַנען אַוועק עטלעכע וואָכן, און ביילקע האָט זיך געכאַפּט, אַז אירע געפֿילן צו איר עלטערער שוועסטער האָבן זיך געביטן. זי איז שוין מער ניט מקנא אירע חברטעס, ווען זייערע שוועסטער שפּאַצירן צוזאַמען און שפּילן זיך מיט די קלענערע שוועסטערלעך שבת נאָכן טשאָלנט. ביילקע איז דערנעענטערט געוואָרן צו איר שוועסטער נאָך מיט אַ צייט צוריק, ווען די שוועסטער און ברידער האָבן אויסגעבראָכן די שויבן ביי די שניידער און ווען דער טאַטע האָט איר געפּאַטשט פֿאַר קעמען זיך האָר אום שבת... עס דאַכט זיך אויס ביילקען, אַז דאָס איז געווען לאַנג, זייער לאַנג צוריק, כאָטש דאָס איז געווען ערשט פֿאַראַיאָרן.

ביילקע האָט אַ פֿאַרלאַנג צו קויפֿן איר שוועסטער אַ מתנה. זי דערמאָנט זיך אָן איר פּושקעלע מיט די קופּערנע מטבעות. אפֿשר אַ היטעלע, אַ פּאָר געשטריקטע זאָקן, אָדער גאָר אויפֿנייען פֿאַר איר אַ קליידל? „אַ שאָד אויסגעבן געלט״, זאָגט איר אונטער אַ געדאַנק. זי וועט איר בעסער אויסלערנען נייען. שניידערקעס אין אַמעריקע פֿאַרדינען שיין געלט, — האָט ביילקע געהערט דערציילן. און מיר וועלן זיך ביידע אויסגלייכן, ביידע שניידערקעס ווערן... ניין, זי האָט דאָס ניט דורכגעטראַכט, ניט איבערגעלייגט זיך, נאָר פּשוט אַזוי געפֿילט. און דאָס געפֿיל, אַז פּערל וועט אויך זיין אַ שניידערקע, האָט איר דער־נעענטערט צו איר שוועסטער, וואָס האָלט שוין ביים פֿאָרן.

ביילקע, וואָס איז ערשט אַלט פֿערצן יאָר, האָט זיך דערמאָנט אַ סצענע, ווען זי איז אַלט געווען אַ זעקס יאָר...

עס איז געווען אַ נעפּלדיקער פֿרימאָרגן אין האַרבסט. דער נעפּל לייגט זיך אויף די פֿאַררויכערטע שויבן און פֿאַלט אַרונטער אין גרויסע טראָפּן־וואַסער, ווי טרערן אויף אַ שמוציק קינדערש פּנימל.

די מאַמע האַלט אין איין האַנט אַ פּעקעלע, מיט דער צווייטער גיט זי אַ וויש די נאַסע שויב און קוקט אומגעדולדיק דורכן פֿענצטער. בערל באַלעגאָלע האָט איר צוגעזאָגט מיטצונעמען קיין פּינסק, וואו דער טאַטע קנעלט מיט ייִנגלעך און קען קיין געלט פֿון זיינע באַלעבאַ־טים ניט אויפֿמאָנען. פֿאָרט די מאַמע „אויסלאָזן איר ביטער האַרץ״ צו זיי. אַזוי האָט ביילקע געהערט ווי די מאַמע רעדט צו צייטל, זייער שכנה.

דער פֿיר־יאָריקער שמואל־ניסל, ווי ער וואָלט פֿאַרדעכטיקט, אַז די מאַמע לאָזט אים איבער, האָט זיך צעשריִען, געוויזן וואָס פֿאַר אַ שטאַרקע לונגען ער האָט. די מאַמע נעמט אים אויף די הענט, זי זאָגט אים צו ברענגען צוקערקעס, בייגעלעך, ער זאָל זיין גוט און ניט וויי־נען.

פֿון גאַס הערט זיך דאָס הירזשען פֿון אַ פֿערד. די מאַמע קושט די קינדער, כאַפּט דאָס פּעקעלע, און לויפֿנדיק צו דער פֿור, שרייט זי: „געדענק, פּערל, גיב גוט אַכטונג אויף די קינדער!...״ שמואלקע שרייט אויף די העכסטע טענער. די מאַמע ווערט פֿאַרשוואונדן...

כדי איינצושטילן דאָס קינד, גייט פּערל אין קיך און זוכט עפּעס עסן פֿאַר אים. זי געפֿינט אַ ביסל ליאַק פֿון הערינג אין אַ גלאָז און צוויי קאַלטע קאַרטאָפֿל, וואָס זיינען איבערגעבליבן פֿון דער נעכ־טיקער וועטשערע.

די נאַכט איז געקומען און איינגעהילט די גויאישע גאַס מיט אירע קליינע שטיבעלעך אין אַ נאַכטיקער סודותדיקער פינצטערניש. אַ הונט האָט זיך ערגעץ צעבילט. שיכורע גויים גייען פאַרביי דער שטוב, זיי זינגען, קלאַפּן אין טיר און שרייען: „ווערײַזעכא", אַ צו־נאָמען, וואָס די מאַמע האָט געקראָגן פאַר פרעגן „ווער איז?.."

— ביילקע, שטיי אויף, דאָס קינד איז קראַנק! — וועקט פּערל ביילקען. די זעקס־און־אַ האַלב־יאָריקע ביילקע עפנט די אויגן. שמואלקע וואַרפט זיך אין זיין בעטעלע, זיין פּנים איז רויט ווי פייער, ער רעדט פון היץ אומפאַרשטענדלעכע ווערטער. פּערל, אַריבערגע־בויגן איבער זיין בעטעלע, שטייט און וויינט, ווי אַ קליין מאַמעלע...

ווען די פרימאָרגנדיקע שוואַכע ליכט האָט זיך אַריינגעריסן אין פענצטער, איז שוין די ניין־יאָריקע פּערל אַרומגעלאָפן איבערן שטעטל צו זוכן דעם פעלדשער.

— דער פעלדשער איז אין דער היים ניטאָ! — קומט פּערל אַ ווײַ־נענדיקע.

די אַלטע צייטל, וועלכע וואוינט איבערן וועג, איז אַריינגעלאָפן. זי טאַפּט ביים קינד דעם קאָפּ.

— ער ברענט ווי פייער! — זאָגט זי. — אפשר אויסשמירן אים מיט וואַזעלין? — און זי ענטפערט זיך אַליין: — דער אַפּטייק איז נאָך פאַרמאַכט!

פּערל האָט זיך דערמאָנט: זי האָט געהערט דעם טאַטן זאָגן, אַז ווען מען איז שטאַרק קראַנק און מען לייגט צו אַ נאָמען, ווערט דער קראַנקער געזונט.

— לאָמיר אים צולייגן נאָך אַ נאָמען — אַ דריטן נאָמען! — זאָגט פּערל, קוקנדיק הילפלאָז אויף צייטלען.

— טאַקע, — זאָגט צייטל, — צו דעם דאַרף מען ניט קיין פעלד־שער און ניט קיין אַפּטייק. אין שול וואָלט געווען בעסער! — און זי גיט צו: — נו, גאָט וועט שוין אונדז הערן פון דאַנען!

— פון היינט אָן האָסטו אַ דריטן נאָמען — חיים — הערסט, שמואל ביסעלע? חיים — צום לעבן! חיים איז דיין נאָמען! — שרייט צייטל אַריבער חיימלס בעטעלע. חיימלס פּנים איז רויט ווי פייער.

גאָט איז געווען איינגעשפּאַרט, — גאַנצע דריי טעג האָט ער זיך געלאָזן בעטן. אויפן פערטן טאָג האָבן זיך באַוויזן קליינע רויטע פריש־טשיקלעך אונטער זיין הויט.

— מאַזלען! — זאָגט ציטל, און פאַרהענגט דאָס פענצטער מיט אַ טונקעלער ראָגאָזשע.

חיים האָט זיך צעוויינט:

— כ'וויל עסן!

— דאָס קינד וויל עסן, — זאָגט ציטל, און געקוקט אויף ביילקען, ווי זי שטייט אין ווינקעלע און וויינט.

צווישן איין כליפּ און דעם צווייטן, זאָגט זי:

— איך בין אויך הונגעריק!

פּערל איז אויך הונגעריק. אָבער זי איז שוין עלטער און פאַרשטייט, אַז אין שטוב איז קיין זאַך ניטאָ צום עסן, דאַרף מען זיך באַהערשן. זי איז געלאָפן אַלע מינוט צום פענצטער אַרויסקוקן ווען קומט שוין צופאָרן די מאַמע.

— איך האָב רעטשענע קאַשע אין שטוב! — זאָגט ציטל און וויל שוין גיין ברענגען.

— צו קאַשע מוז מען האָבן מילך. קיין מילך האָבן מיר ניט! — זאָגט פּערל, און לויפט אַרויס פון שטוב, ווי עמיצער וואָלט זי נאָכגעיאָגט. פּערל לויפט אַ באָרוועסע אַהין, פון וואַנען עס טראָגט זיך דער געשמאַקער ריח פון פרישע בייגל...

די טיר האָט זיך צעפּראַלט. אַ פאַרסאָפּעטע מיט צעשויבערטע האָר איז פּערל אַריינגעלאָפן אין שטוב, האַלטנדיק עפּעס מיט בײדע הענט אונטערן קאָפּטל. ציטל זוכט עפּעס אין קיך. ביילקע פאַרשטייט ניט... חימל זעט ניט... זי שלעפּט אַרויס פון אונטערן קאָפּטל דריי גרויסע גלאַנציקע בייגל.

— נאַ, חימל, עס! — שפּאַרט זי אים אונטערן נאָז. חימל עפנט אויף זיינע רויטע אויגן, ציט אָפּ דעם אָטעם און דרייט אָפּ זיין קאָפּ. פּערל איז רויט געוואָרן... אַ וואָרף געטאָן די בייגל אויף חימלס בעטעלע, געפאַלן אויף דער מאַמעס בעט און זיך צעוויינט.

— עס, חימל, עס! — זאָגט ביילקע, רייסנדיק און שלינגענדיק שטיקער פון בייגל. דאָס זיינען געווען די געשמאַקסטע בייגל, וואָס ביילקע האָט ווען אויף איר לעבן געגעסן...

אויפן פינפטן טאָג האָט זיך די מאַמע געוויזן.

— ניין־און־פערציק וויאָרסט פון פינסק קיין טעלעכאַן, און גיי וויס, אַז מיר וועלן שטעקן אין בלאָטע. קוים אַ לעבעדיקע געקומען! — מיט די ווערטער איז די מאַמע אַרונטער פון בערל באַלעגאָלעס וואָגן.

געפינענדיק דאָס קינד ליגן אַ בלאָסן אין בעטעלע, שרייט די מאַמע אויס:

— ווײ איז מיר! וואָס איז געשען?! — זי כאַפּט אים מיט אירע שטאַרקע הענט, דריקט אים צום האַרצן. — שמואלקע, טאַ־טעלע, קדיש מיינער! — באַדעקט זי זיין פּנים מיט קושן.

ביילקע און פּערל שטייען פאַרלוירן, זיי ווילן עפּעס זאָגן און האָבן מורא.

— רוף אים חימל, — זאָגט ביילקע. פּערל שוויגט, פאַרשול־דיקט.

— וואָס טוט זיך דאָ? — וואָס איז דאָ געשען? — קאָן די מאַמע ניט פאַרשטיין.

ציטל איז אַריינגעקומען און דערציילט דער מאַמען אַלץ, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען...

די זון איז געשטאַנען הויך יענעם פרייטיק, ווען די מאַמע האָט פאַררוקט דעם טשאָלנט און פאַרקלעפּט דעם אויוון. די פיר מעשענע לייכטער שטייען אויפן וויס־פאַרדעקטן טיש. די מאַמע פּאַקט אויס צוקערקעס מיט קליינע בייגעלעך פון אַ פּעקעלע.

— דאָס איז פאַר אייך, קינדערלעך, — זאָגט זי און צעשמייכלט זיך, — דאָס ערשטע מאָל זינט זי איז צוריקגעקומען ווייזט זי אַ שמייכל.

עס עפנט זיך אויף די טיר, און וויכנע, די בייגל־בעקערין, קומט אַריין אין שטוב.

— איך האָב געהערט אַז איר זייט געקומען. איך האָב עפּעס זייער אַ וויכטיקע זאַך אייך צו דערציילן! און איר קיילעכדיק ערנסט פּנים דריקט אויס וויטיק. אירע פיס זאָגן זיך אָפּ אויפצוהאַלטן איר שווער־לעכן גוף, לאָזט זי זיך אַראָפּ אויף דער לאַנגער באַנק, וואָס שטייט ביים אַריינגאַנג.

— עס איז שוין שפּעט, — שוין צייט באַלד ליכט בענטשן... און ס'איז מיר שווער צו זאָגן אייך, פּראַדל... עס איז אָבער מיין חוב צו דערציילן אייך פון אייער טובה־ווען! — שטאַמלט וויכנע.

— וואָס מיינט איר צו זאָגן, וויכנע? וואָס האָט פּאַסירט? — פרעגט די מאַמע אַ דערשראָקענע.

— אייער פּערל האָט ביי מיר צוגעגנבעט דריי בייגל... כ'האָב ניט געוואָלט פאַרשעמען זי... געלאָזן איר לויפן. אָבער איר מוזט דאָס וויסן — פאַר אייער אייגענער טובה־ווען!

די מאַמע גיט זיך אַ צאַפּל, ווי עמיצער וואָלט איר אַ ביס געטאָן. אַ פּאָר מינוט בלייבט זי שטיין אָן לשון. מיטאַמאָל שרייט זי אויס:

— וואָס רעדט איר, וויכנע! זייט איר פון זינען אַרונטער? — שרייט די מאַמע מיט ווייטיק אין איר קול.

— פּראַדל, איך טו דאָס פון אייער אייגענער טובה־וועגן, אַז זי זאָל, חס־וחלילה, ניט אויסוואַקסן קיין גנבטע! — און איר אַלטער, צע־קנייטשטער פּנים דריקט אויס ווייטיק און פאַרלוירנקייט.

די מאַמע גיט אַן עפן די טיר און אַ געשריי צו וויכנען:

— גייט פון דאַנען! — זי שרייט עס אויס מיט אַזאַ קראַפט, אַז די שויבן, דוכט זיך ביילקען, האָבן אַ ציטער געטאָן.

ווען וויכנע איז געווען אויף דער צווייטער זייט טיר, האָט זי איר נאָכגעשריען:

— זאָל אייך דער קאָפּ ניט ווײ־טאָן פאַר מיין פּערלען! זאָל נאָר די וועלט זי ניט באַראַבעווען, ווי זי וועט די וועלט ניט באַגנבענען! — און ווי זי וואָלט געטריבן געוואָרן פון אַ שטורעם־ווינט, האָט זי שנעל און שווער געאָטעמט, און ווישנדיק איר פאַרשוויצטן שטערן, רופט זי:

— פּערל! קום נאָר אַהער, פּערל!

פּערל איז אַרויסגעקומען פון איר באַהעלטעניש. זי שטייט, בייסט די נעגל און ציטערט.

— זאָג מיר דעם אמת! האָסטו געגנבעט ביי וויכנען בייגל! — הויבט זי איר אויף דעם אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ, און הויבט מיט דער האַנט איר מאָרדעטשקע.

— יאָ, מאַמע... שמואלקע־חיימל און ביילקע זיינען געווען הונ־געריק... געוויינט — עסן... ווײן ניט, מאַמע, כ׳וועל עלטער ווערן, גיין פאַרדינען, וועלן מיר איר באַצאָלן פאַר די בייגל... כ׳שווער זיך... אַבי ווײן ניט... — און זי צעוויינט זיך הויך אויפן קול, און פאַרענדיקט מיט אַ לאַנגן שלוכצן...

יענעם פרייטיק פאַרנאַכט האָט די מאַמע געהאַלטן אירע הענט אויף די אויגן ביי די בענטש־ליכט לענגער ווי אַלע פרייטיק, אירע ברייטע אַקסלען האָבן געצוקט. ווען זי האָט אַרונטערגענומען אירע הענט פון די אויגן, זיינען די אויגן געווען רויט און פאַרוויינט...

שפּעט ביינאַכט, אין דער פינצטערער שטילקייט, האָט די מאַמע פון שלאָף געקרעכצט. עס האָט זיך איר געחלומט, אַז זי האָט זיך אַנט־שולדיקט פאַר וויכנען פאַר אַרויסטרייבן זי פון שטוב. אירע ליפּן

האָבן געשעפּטשעט אַ סך אומפֿאַרשטענדלעכע ווערטער, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויסגעטיילט מיט זייער קלאָרקייט עטלעכע רוסישע ווערטער:

— „יאַ ניע טאַקאַיאַ, מאַיאַ דאָליאַ ליכאַיאַ". — (איך בין ניט שלעכט — מיין מזל איז אַ שלעכטער).

## דער קליינער בונד

„קיין זאַך אין דער וועלט גייט נישט פאַרלוירן. די נעכטיקע זון איז אין אונדזערע ביינער. דער פאַראַיאָריקער שניי גיט נאַרונג דער ערד. אַפילו די פאַרע אין דער לופטן קומט אַראָפּ צוריק אויף דער ערד און טרינקט זי אָן..." אַזוי פילאָזאָפירט די מאַמע.

פאַר דער מאַמען איז אַ ביסל פילאָסאָפיע ווי פאַר אַ מידן וואַנדערער דער שטעקן — ער שפּאַרט זיך אָן, רוט זיך אָפּ און גייט ווייטער.

די מאַמע האָט געזען, אַז חיים און סאָניע זיינען ניט צופרידן וואָס די שוועסטער און ברידער האָט זיך ניט איינגעגעבן דורכצופירן די זאַבאַסטאָווקע אין דער הוטע. די זאַבאַסטאָווקע האָט זיך איינגעדריקט אין די מוחות פון קליינעם בונד און איז דאָרטן געבליבן הענגען און מאַנען... און אפשר איז עס גאָר געווען אין די מוחות און הערצער פון די יונגע קינדער, וואָס האָבן געוואַשן די צעבראָכענע שטיקלעך גלאָז, וועלכע פלעגן גיין צוריק אין די שמעלצנדיקע אויוונס אַריין?

אין אַ מילדן ליכטיקן ווינטער־טאָג האָט זיך דער קליינער בונד צוזאַמענגעקליבן אין פינצטערן פוסטן מויער צו אַ געהיימער סאָבראַניע. עס האָבן וועגן דעם ניט געוואוסט די שוועסטער און ברידער, פון וועלכע דער קליינער בונד האָט געקראָגן פירערשאַפט. עס האָט זיך זיי געוואָלט „אַליין דורכפירן אַ זאַך", מיט וועלכער די הוטע־מיידלעך און די שוועסטער און ברידער זאָלן זיין שטאָלץ.

צו דער סאָבראַניע זיינען געקומען די צען־צוועלף־יאָריקע מיידלעך פון די בוי און פאָליר אָפּטיילונגען. עטלעכע צווישן זיי זיינען געווען גאָר דרייסט און מוטיק. און כאָטש אַלע האָבן געקלערט פון מאַכן אַ זאַבאַסטאָווקע, האָט מען פון דעם ניט גערעדט.

עס זיינען געקומען עטלעכע פון דער פירערשאַפט פון קליינעם בונד מיט סאָניע סעגאַלאָוויטש און חיימען בראש.

גיטל איז געזעסן אַזוי נאָענט צו חיימען, אַז ער האָט באַמערקט יעדן רויטן קראַץ און שניט אין אירע הענט.

חיים גייט אָפּט פאַרביי די בוי אָפּטיילונג. ער זעט די מיידלעך, וואָס שאַרן צונויף און וואַשן די צעבראָכענע שטיקלעך גלאָז. ער ווייסט, אַז די הענט זיינען ביי די מיידלעך צעשניטן. אָבער היינט איז דאָס ערשטע מאָל וואָס ער באַטראַכט גיטלס הענט פון דער נאָענט... מיידל־שע הענט—ניט קיין ווייכע, ווייסע, גלאַטינקע, נאָר רויטע, צעשניטענע, שאָרסטקע מיט צעשפּאָלטענע פינגער ווי ביי אַן עלטערער פרוי, קלערט ער. אַ צער אויסגעמישט מיט האַס רעדט אַרויס פון זיינע אויגן.

אַלע שווייגן. זיי וואַרטן צו הערן, וואָס דער קליינער בונד וועט פאָרשלאָגן צו טאָן. חיים דערפילט אַ שטאַרקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו די אַרבעטנדיקע קינדער. זייערע צעשניטענע הענט רייסן פּשוט די אויגן. ער קוקט זיך אַרום ווי ער וואָלט געוואָלט זיין זיכער, אַז אַלע וועלן זיך צוהערן וואָס ער האָט פאָרצושלאָגן. אָבער אַנשטאָט פאָרצו־שלאָגן עפּעס, פרעגט ער: „וואָס קענען מיר טאָן, כדי וואָס שנעלער צו קריגן אַ העכערונג אין שכירות פאַר אַלע מיידלעך, וואָס אַרבעטן שווער און קריגן ווייניק באַצאָלט?"

ניט דערוואַרט אַזאַ פראַגע, האָבן זיך די קינדער פאַרקלערט. משהל זאָגט: „צעברעכן די שויבן ביי טוראָקן". סאָניע זאָגט: „ווען די אַרבעט ברענט און מען מוז אַרויסשיקן באַשטעלונגען, זאָלן די מייד־לעך ניט קומען צו דער אַרבעט". גיטל זאָגט: מען דאַרף יאָ גיין צו דער אַרבעט, אָבער פאַרלייגן די הענט, ניט אַרבעטן ביז מען וועט ניט העכערן די שכירות".

„ניין", זאָגט חיים, „איך שלאָג פאָר, אַז עטלעכע מיידלעך זאָלן זיך צוזאַמענגעמען, גיין צו טוראָקן אין קאַנטאָר, ווייזן אים די צעשניטענע הענט, און ניט בעטן נאָר מאָנען פון אים ער זאָל העכערן די שכירות. אויב דאָס וועט ניט העלפן, זאָל מען אָננעמען גיטלס פּלאַן!"

אַלע פאַרזאַמלטע זיינען געזעסן ביי די קאַלטע גרויע ווענט פון פּוסטן מויער און געקוקט אויף חיימען מיט דרך־ארץ און ליבשאַפט. אַז חיים לייענט ביכער, שרייבט מעשהלעך און לערנט זיך דייטש פון אַ הויז־לערער, וואָס זיין שוועסטער פערל קויפט פאַר אים, דאָס ווייסן אַלע. אפשר האָט ער געלייענט אין די ביכלעך, אַז אַזוי טוט מען אין די גרויסע שטעט, קלערן זיי.

„ניט בעטן, נאָר מאָנען", באַטאָנט ער דאָס וואָרט מאָנען; „טוראָק מוז העכערן די שכירות פון צוואַנציק אויף דרייסיק קאָפּיקעס אַ טאָג. אויב ער וועט ניט נאָכגעבן די פאָדערונג, זאָלט איר אַלע בלייבן זיצן אויף אייערע אַרבעט־פּלעצער מיט פאַרלייגטע הענט אויפן האַרצן".

ער פאַרלייגט די הענט איבערן האַרצן און רעדט ווייטער: „אַט ווי די מאַמעס טוען דאָס, ווען זיי מאַגען עפּעס פון די טאַטעס".

חיים איז אַליין צופרידן פון זיין איינפאַל, און אַ שמייכעלע צעגיסט זיך אויף זיין יינגלשן פּנים.

„נאָך עפּעס", זאָגט סאָניע מיט אַ זייער ערנסטן פּנים, „מיין על־טערע שוועסטער רייזל האָט דערציילט, אַז מען גרייט זיך אין דער הוטע איינפירן נומערן פאַר די הוטע־אַרבעטער. אַ קאָנספּיראַטיווע פּערזאָן האָט דאָס איר דערציילט. געדענקט, קינדער, איר זאָלט זיך ניט צורירן צו דעם — ניט אָנטאָן אויף זיך קיין נומערן". אַלע דרייען מיט די קעפּ אויף „ניין".

אויף מאָרגן אין דער פרי זיינען די מיידלעך געגאַנגען צו דער אַרבעט ווי אַלע טאָג, נאָר מיט אַ פּעקעלע עסן אונטערן אָרעם. זיי וועלן אויסנוצן די שעה פון וואַרמעס צו „מאַגען" ביי טוראַקן העכערע שכירות.

גראָד יענעם פרימאָרגן האָבן זיך די מיידלעך צעשניטן די הענט מיט די שפּיציקע שטיקלעך גלאָז מער ווי אַלע טאָג.

גיטל, פּערל, שרה און באַשקע שטייען איבער די לאַנגע קאָרעטעס וואַסער און ציילן די מינוטן ווען דער הודאָק וועט בלאָזן וואַרמעס־צייט. אויך די מיידלעך פון די אַנדערע אָפּטיילונגען גרייטן זיך מיט קלאַפּנדיקע הערצער צו גיין „מאַגען" בעסערע שכירות. און כאָטש אַלע קענען גיטלען און פּערלען פאַר געוואַגטע, ניט דערשראָקענע, פונדעסטוועגן טרייסלען זיך ביי זיי די הענט.

דאָס דינע פּייפל פון הוטע־קוימען האָט דורכגעריסן די לופט און אָנגעזאָגט, אַז עס איז צוועלף אַזייגער, צייט צו עסן וואַרמעס.

די מיידלעך ווישן אָפּ זייערע הענט אין די נאַסע פאַרטעכער, וואַרפן זיי שנעל אַרונטער און לויפן אין קאַנטאָר. שנעלער פון אַלע לויפט גיטל, ווייל אירע הענט זיינען מער צעשניטן ווי די אַנדערע. אַריינגע־לאָפן אין קאָרידאָר, האָט גיטל געזאָגט דעם משרת, אַז זיי מוזן באַלד זען טוראַקן. דער משרת האָט זיי שפּאָטיש אָנגעקוקט, אַ הויב געטאָן די אַקסלען און איז אַוועק זען דעם באַלעבאָס. אין אַ פּאָר מינוט אַרום קומט ער אַרויס, קוקט אויף זיי מיט פאַרוואונדערונג און זאָגט: „איר קענט אַריינגיין".

די ערשטע אַריינצוגיין אין קאַנטאָר איז געווען גיטל. די אַנדערע זיינען איר נאָכגעגאַנגען.

טוראַק איז געזעסן אויף אַ גרויסן פאָטער־שטול איבער אַ טיש

מיט אָנגעוואָרפענע פּאַפּירן. ביי זייער אַריינקומען איז ער געבליבן זיצן מיט זיין ברייטער פּלייצע צו זיי, ווי זיי וואָלטן פאַר אים ניט עק־זיסטירט.

די ערשטע איז צוגעגאַנגען צו אים גיטל. „זעט, ר׳ לייב, מיינע צעשניטענע הענט", ווייזט זי אים אירע אָפענע הענט מיט די צעשני־טענע פינגער. די אַנדערע מיידלעך טוען איר נאָך שווייגנדיק. טוראָק הויבט־אויף זיינע מיט־פענסנע פאַרשטעלטע אויגן. זיין פעטלעך־קיי־לעכדיק פנים מיט דער פראַנצויזישער באָרד איז אָנגעשטעלט אויף אַכט פּאָר צעשניטענע, שאָרסטקע, קליינע מיידלשע הענט. אַ מינוט האָט ער זיך פאַרלוירן, עפּעס ווי די מיידלעך וואָלטן פון אים צוגענומען דעם כוח פון ריידן.

פערל נוצט אויס זיין שווייגן און זאָגט שנעל: „מיר אַרבעטן שווער, זייער שווער, ר׳ לייב טוראָק. מיר מוזן האָבן אַ העכערונג אין אונדזערע שכירות — אפשר צען קאָפּיקעס אויפן טאָג מער". די לעצ־טע ווערטער זאָגט זי אַ ביסעלע פאַרשעמט.

די אַנדערע קוקן אויף אים מער מיט זייערע הענט ווי מיט זייערע אויגן. „יאָ, ר׳ לייב, מיר מוזן האָבן אַ העכערונג", זאָגן עטלעכע מייד־לעך מיט איין מאָל.

„ווער האָט דאָס אייך געזאָגט, אַז איר מוזט האָבן אַ העכערונג אין אייערע שכירות?" קוקט ער אָן די מיידלעך, ווי אַ וואָלף קוקט אויף שעפּסן.

„קיינער האָט דאָס אונדז ניט געזאָגט", זאָגט גיטל מיט אַזאַ זיכער־קייט אין איר קול, אַז עס בלייבט גאָרניט איבער קיין חשד ביי טוראָקן, אַז די מיידלעך האָבן זיך אַליין צוזאַמענגערעדט. אַפילו די שווייגנדיקע פעשקע האָט איצט געקראָגן מוט צו זאָגן: „מיר אַרבעטן אויך שווער אין וויאַזאַרניע. די שטרוי איז נאַס און שאָרסטקע", ווייזט זי אים אירע רויטע צעשפּאָלטענע פינגער.

„די פאַרב אין דער מאַליאַרניע שטיקט דעם אָטעם", זאָגט ציפּקע, און אירע בלויע אויגן מיט די העל־ברוינע צעפּלעך וואַרפן זיך אין אַלע ווינקלען פון צימער.

טוראָקס פּנים דריקט אויס אַ מינע פון אומבאַהאָלפנקייט. זיינע אויגן זיינען אָנגעשטעלט אויפן טיש מיט די אָנגעוואָרפענע פּאַפּירן, וואָס דערמאָנען וועגן גרויסע געשעפטן, מיט אַן אומגעדולדיקער איילע־ניש שאַרט ער זיי צוזאַמען אין אַ באַרג אויפן ברעג טיש. ער קערט זיך אום מיטן פּנים צו די מיידלעך און זאָגט: „נו, אויב קיינער האָט

איך ניט געהייסן בעטן מער שכירות, קריגט איר ביי מיר נאָך פינף קאָפּיקעס אַ טאָג".

„מיר זיינען ניט געקומען ריידן פון מער שכירות פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר אַלע פיר־און־זיבעציק מיידלעך", זאָגט גיטל דרייסט. אַלע מיידלעך שאָקלען צו מיט די קעפּ און האַלטן זייערע הענט אין פאָר־דערגרונט, אַז ער זאָל זען. „פאַר די שיקסלעך אויך", זאָגט ציפּקע שטיל.

„אָ", מאַכט טוראָק מיט אַ חוזק־שמייכעלע, „איר זייט פאַרטרע־טערקעס?" מיט גרויס זעלבסט־ווירדע שטעלט ער זיך שנעל אויף, ווי ער וואָלט זיך געאיילט אַוועקגיין. „גוט, קינדער", זאָגט ער, „איר קריגט אַלע מיט פינף קאָפּיקעס אויפן טאָג מער, און גייט אייך אַלע געזונ־טערהייט צו דער אַרבעט".

„אַ דאַנק אייך, ר' לייב", זאָגט שרה, און אַלע פאַרלאָזן אויף שנעל די קאַנטאָר פריילעכע.

ווען די מיידלעך זיינען אַוועק, האָט טוראָק ערשט אָנגעהויבן באַ־גרייפן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. געוואונדערט האָט ער זיך אויף זיך אַליין. „דוכט זיך, איך בין ניט קיין ווייכער מענטש — און אַזוי שנעל זיי נאָכגעגעבן..." און עס בליצן אים אויף ציפערן אין מוח: „פיר און זיבעציק מאָל פינף — דריי רובל מיט זיבעציק קאָפּיקעס אַ טאָג... ביי דער וואָך כאַפּט זיך אָן... פע, ר' לייב", מאַכט ער זיך פאַרוואורף... עס שטייען נאָך אים פאַר די אויגן די צעשניטענע קינדערשע הענט, און ער ווערט שטאַרק מיט זיך וואָס ער האָט זיי געהעכערט די שכירות, ער קען זייערע טאַטעס. ער איז דאָך אויך אַ טאַטע... אפשר איז מאָיסעי דער בוכהאַלטער גערעכט. זאָל מען איינפירן בומערן פאַר אַלע אַר־בעטער, וועלן זיי זיך האַלטן פון ווייטנס... געשעפט און געפילן פאַרן זיך ניט... כדי צו פאַריאָגן די געדאַנקען, לויפט ער אַרויס אויף שנעל פון קאַנטאָר.

„האָסט געהערט", פרעגט גיטל פערלען, „וואָס טוראָק האָט געזאָגט, אַז מיר זיינען געקומען בעטן? איך האָב אים געוואָלט זאָגן, אַז מיר זיי־נען ניט קיין אָרימאַנשטשיכעס. מיר בעטן ניט — מיר מאָנען", רעדט זי איבער וואָס חיים האָט זיי אָנגעזאָגט.

„שרה, האָסט ניט געדאַרפט באַדאַנקען טוראָקן פאַר העכערן די שכירות", זאָגט פערל. „ער טוט אונדז ניט קיין טובה. מיר אַרבעטן שווער גענוג פאַר צוואַנציק קאָפּיקעס אַ טאָג".

„טאָקע ניט״, ענטפערן די מיידלעך. אַלע לויפן עפּענען זייערע פּעקלעך וואַרמעס.

און ווייטער איז אַלץ געגאַנגען שטיל. די מאַמעס האָבן זיך גע־פּרייט מיט די דרייסיק קאָפּיקעס אַ וואָך מער, וואָס די מיידלעך האָבן געבראַכט אַהיים. כאַשע לאַהטשקע האָט געשאָלטן די שוועסטער און ברידער ווי שטענדיק. אַברהמטשיק איז נאָך געגאַנגען אַרומגעבונדן זיין קאָפּ. אין זיין מויל זיינען איצט געווען ליידיקע ערטער וואו ציינער זיינען פריער געווען. פייגלען, זיין שוועסטער, איז געוואָרן אַלץ ערגער. אַן אַנדערע האָט אין דער הוטע פאַרנומען איר פּלאַץ... און אַלץ איז געגאַנגען ווי דער שטייגער איז... לאַנג האָט דאָס אָבער ניט אָנגעהאַלטן.

עטלעכע פון טוראָקס בעסטע קאָנטאָר־מענטשן האָבן געהערט, אַז אין די גרויס־שטאָטישע פאַבריקן איז איינגעפירט, אַז אַלע אַרבעטער טראָגן אויף זיך בלעכלעך מיט נומערן, און אָנשטאָט מען זאָל רופן די אַרבעטער ביי די נעמען, רופט מען זיי ביים נומער. די קאָנטאָר־מענטשן איז פּשוט געגאַנגען אין לעבן, אַז מען זאָל איינפירן די נומערן־סיסטעם און זיין מיט לייטן גלייך. דער בוכהאַלטער מאַיסעי האָט איינגעטענהט מיט טוראָקן, אַז דאָס וועט העלפן דער בוכהאַלטעריע. „דערווייל זאָל מען אָנהויבן פון די מיידלעך״, האָט ער געראָטן.

פון אָנהויב איז טוראָק ניט איינגעגאַנגען אויף דעם. אָבער נאָך דעם ווי די מיידלעך מיט זייערע צעשניטענע הענט האָבן אים אַרומגע־רינגלט, האָט ער דערזען דעם שכל פון דעם.

מען האָט באַשטעלט ביי ניסל דעם בלעכער קיילעכדיקע בלעכלעך די גרויס פון אַ זעקסער מיט אַ נומער אויף יעדן בלעכל און מיט אַ לעכעלע אויף אַריינציען אַ שטריקל און אָנטאָן דאָס אויפן האַלדז.

אין אַ שטורעמדיקן ווינטער־פרימאָרגן, ווען די מיידלעך זיינען געקומען צו דער אַרבעט, האָט זיי רחל די סטאַראָזשקע דערלאַנגט קיי־לעכדיקע בלעכלעך מיט אויסגעקלאַפּטע נומערן. „גיטל — נומער 18״, הייסט זי איר מאַן יאַנקל, וועלכער זיצט אין ווינקל ביי אַ טישעלע, אַז ער זאָל פאַרשרייבן. „שרה — 19 און פערל — 20״. אַלע מיידלעך שטייען מיט זייערע הענט אַרונטערגעלאָזן און ווילן זיך ניט צורירן צו די קיילעכדיקע בלעכלעך. וואָלט דאָס געווען איינע אָדער צוויי מייד־לעך, וואָלט זי זיי אויסגעפּאַטשט. זיינען דאָך דאָ אַזויפיל מיידלעך. אַלע שטייען אין אָטשערעד, שטום ווי די וואַנט, און ווילן זיך ניט צו־רירן צו די בלעכלעך כאָטש ווער צעפּלאַצט.

רחל איז געלאָפן אין קאָנטאָר פרעגן וואָס זאָל זי טאָן מיט אַזויפיל מיידלעך, וואָס ווילן איר ניט פאָלגן. האָט מען זי געשיקט צו די

אויפזעער. די מיידלעך, ווי ניט זיי מיינט מען, זיינען אַוועק צו דער אַרבעט, יעדע אין איר אָפּטיילונג.

אַז רחל האָט פאַרמסרט גיטלען פאַר גדליה דעם אויפזעער, אַז זי איז געווען די ערשטע זיך אָפּצוזאָגן צו נעמען אַ נומער און די איי־בעריקע מיידלעך האָבן איר נאָכגעטאָן, איז גדליה צוגעקומען וואו גיטל איז געשטאַנען און געוואַשן גלאָז. „איז דאָס אמת, אַז דו האָסט אַלעמען אָנגערעדט זיי זאָלן ניט נעמען קיין נומערן?" פרעגט ער מיט כעס.

גיטל שטעלט זיך אויף, צעעפנט ברייט אירע גרויסע ברוינע אויגן און זאָגט: „וואָס זיינען מיר — קי צי פערד — אַז מיר זאָלן אָנטאָן אויף די העלדזער בלעכלעך? מיר האָבן נעמען! מיר ווילן קיין נומערן זיך ניט אָנטאָן!"

„אַזאַ חוצפּה פון אַ בונטאָווטשיצע!" שרייט גדליה און גיט איר אַ שטופּ אָפּ פון זיך. גיטל האָט זיך אויסגעגליטשט, איז געפאַלן און געבליבן ליגן אויף דער נאַסער פּאָדלאָגע. אין עטלעכע מינוט שפּעטער, אַז זי איז צו זיך געקומען, האָט זי זיך אויפגעהויבן און אָנגעקוקט די מיידלעך, וועלכע זיינען געשטאַנען איבער די קאָרעטעס און געוואַשן די גלאָז. איר בליק האָט די מיידלעך ווי געפּלעפט. אַלע פּנימער זיי־נען בלאַס געוואָרן. אַ מינוט האָט געהערשט אַזאַ אָנגעצויגענע שטיל־קייט, אַז גדליה האָט עס ניט געקענט אַריבערטראָגן. „וואָס שטייט איר ווי די אָנגעמאָלטע גולמס? נעמט זיך צו דער אַרבעט. זי", ווייזט ער אויף גיטלען, וועלכע שטייט בלייך ווי די וואַנט, „זי גייט אַהיים. פאַר איר איז דאָ קיין אַרבעט ניטאָ".

די מיידלעך ווישן זיך אָפּ די הענט אין די פאַרטוכער און זאָגן: „מיר גייען אויך אַהיים". און אַלע דריי־און־צוואַנציק מיידלעך, ווי זיי וואָלטן זיך פון פריער אָפּגערעדט, האָבן מיט שנעלע טריט פאַרלאָזט די לאַנגע שטוב, וועלכע הייסט „בוי־אָפּטיילונג". די שטיקלעך גלאָז האָבן געקנאַקט אונטער זייערע פיס און פאַרטויבט גדליהס שרייען און שעלטן.

אַז די מיידלעך פון די איבעריקע אָפּטיילונגען האָבן זיך דערוואוסט, אַז גדליה האָט אומגעוואָרפן גיטלען, זיינען זיי אויך אַוועק אַהיים. ווי אַ ווילדער פייער האָט זיך פאַרשפּרייט די נייס אין דער הוטע, אַז די מיידלעך האָבן געמאַכט אַ זאַבאַסטאָווקע. זיבעציק מיידלעך זיי־נען אַוועק אַהיים — פיר זיינען געבליבן אַרבעטן.

***

אַ רויטע ווינטער־זון איז שנעל געשוואומען אין די וואָלקנס פון אַ גרויען בלייענעם ווינטער־הימל און אָנגעזאָגט אויף אַ ביינאַכטיקן פראָסט.

שטילע שאָטנס פון פאַרשיידענער גרויס שלייכן דורך די פּוסטע גאַסן. פיגורן איינגעדרייט אין אַלטע טונקעלע מאַנטלען ציען זיך צו כאַשע פלאכעס שטוב. דאָס גייען די שוועסטער און ברידער און דער קליינער בונד צו אַ סאָבראַניע.

די זיצונג איז דורכגעגאַנגען שטיל, אָן רעדעס, אָן אַגיטאַציעס. עזריאל דער שטומער און אַרטשיק האָבן געדרייט די קעפּ אויף דער געוואַגטקייט און ניט־דיסציפּלינקייט פון קליינעם בונד, וואָס האָט אָפּגעטאָן זאַכן אָן זייער וויסן. עס איז אָבער באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען זאָל זיי דאָס מאָל פאַרגעבן. עזריאל האָט אַפילו באַגריסט דעם קליינעם בונד, געקלאַפּט גוט־ברודעריש חיימען איבער דער פּלייצע, אויפגעהויבן זיינע הענט און געוויזן, אַז חיים וואַקסט אַ גרויסער מענטש.

דער באַשלוס פון די פאַרזאַמלטע איז געווען מ׳זאָל זיך ניט אונטערגעבן, ניט נעמען קיין נומערן. „מ׳וועט אייך שיקן רופן!״ האָט עזריאל געפלאָכטן אין דער לופטן זיינע הענט. אַלעמענס פּנימער זיינען געווען צעשיינט איבערן זיג פון די פינף קאָפּיקעס אַ טאָג מער שכירות.

עזריאל האָט געוויזן מיט זיינע הענט און מיט אַלע זיינע אברים ווי ער האָט געשלאָגן אברהמטשיקן, זיצנדיק אויף אים רייטנדיק... „דורכגעריסן אַ לאָך אין זאַק״, מאַכט ער מיטן פינגער אַ קיילעכדיקן רייף אין דער לופטן, און וואַרפט מיט זיינע קולאַקעס אין מויל אַריין, וויזט ווי ער האָט אים די ציין אַרויסגעשלאָגן.

וועגן שרה דער רוסישער לערערקע, וועלכע גייט אַרום איבערן שטעטל און באַרעדט די שוועסטער און ברידער, וועט מען באַשליסן וואָס צו טאָן מיט איר ביי דער קומענדיקער סאָבראַניע, דערווייל זאָל אַרטשיק דער קוזין אירער, זי וואָרענען, אַז זי זאָל האַלטן ס׳מויל.

ווען די זיצונג האָט זיך פאַרענדיקט. און די שוועסטער און ברידער מיטן קליינעם בונד זיינען אַרויס אין גאַס, איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. דער פראָסט האָט געביסן די שפּיץ־פינגער. האָבן זיי אַריינגעטאָן די הענט איינס אין אַנדערן אין די לאַנגע אַרבל ווי אין אַ מופטע, אויפגעשטעלט די קאָלנערס און געשפּאַנט מיט אויפגעהויבענע קעפּ אין דער געדיכטער פינצטערניש, אָן לאַמטערנעס — ווייל לאַמטערנעס זיינען

געמאַכט פאַר חדר־ייִנגלעך, פאַר לערנער, וואָס גייען שפּעט פון בית־המדרש, פאַר קינדער וואָס גייען שפּעט ביינאַכט פון דער אַרבעט — פאַר אַלעמען, אָבער ניט פאַר די שוועסטער און ברידער, ניט פאַרן קליינעם בונד. אויף זיי לויערן פּראָוואָקאַטאָרס, מוסרים, פּאָטאַינע פּאָליציע, ווי עס לויערט איצט אויף זיי דער ביטערער פּראָסט... אָבער עפּעס פילן זיי אַזאַ וואַרעמע פריילעכע ליכטיקייט וועגן דעם וואָס איז פאָרגעקומען און וואָס דאַרף ערשט קומען.

אין דריי טעג אַרום האָט מען געשיקט פון דער הוטע אַ שליח צו רופן די מיידלעך צו דער אַרבעט. קיין בלעכלעך מיט נומערן וועלן זיי ניט דאַרפן טראָגן...

## מען פאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס

עס איז אַ ווינטיק־שנייאיקער פרימאָרגן. די ייִדישע גאַסן זיינען ליידיק. די נעבעכטיקע מורא פאַרן ניטל און די היינטיקע — פאַרן ראָזש־דעסטוואָ, האַלטן די ייִדן אין די הייזער. אָבער איצט אָטעמען זיי אָפּ פריייער... אַ דאַנק גאָט, די נאַכט פון ניטל איז אַריבער בשלום.

די שוועסטער און ברידער האָבן זיך געצויגן צו בועז'עס שטוב אויס־געפינען נייס. די עלטערן האָבן זיך געבעטן ביי די קינדער: „לאָמיר זיך ניט וואַרפן די גויים אין די אויגן. עס איז אַ געפאַר אַרויסצוגיין אין גאַס אין דער נאַכט פון ניטל". די שוועסטער און ברידער האָבן קיין שטאַרקן ווידערשטאַנד ניט געשטעלט די עלטערן, ווייל מאָרגן איז אַ טאָג, פאַר וועלכן מען מוז זיין צוגעגרייט.

דריי הייזער זיינען שטענדיק געווען אָפן אין שטעטל פאַר די שוועסטער און ברידער און זייערע סאָבראַניעס — שלום שאַלאַכמאָנס אין דער „גויאישער" גאַס, כאָטש פלאַכעס אין דער באָד־גאַס, און בועז סעגאַלאָוויטשעס אין דער פּאָטשט־גאַס. אַ באַלעבאַטישער ייִד, האָט בועז סעגאַלאָוויטש געהאַט אַ גרויסע שטוב מיט אַ גאַנטענעם דאַך און אַ גרויסן גאַניק אין גאַס אַרויס. קינדער האָבן די סעגאַלאָוויטשעס געהאַט אַ צענדלינג — אַלע געראָטן, קלוג און געלערנט.

בועז איז אַ ייִד אין די שפּעטע פערציקער, ער איז פון מיטעלן וואוקס, האַלב חסידיש, האַלב אייראָפּעאיש געקליידט, ער האָט אַ שוואַרץ־גרוילעכע שיטערע באָרד און פאַרשנדיקע אויגן. ער האַלט זיך מיט זיינע קינדער ווי מיט ברידער און שוועסטער.

צפּורה, זיין ווייב, איז געווען קליין געוואַקסן. עס גייט אַפילו אַרום

אַ שפּאַס וועגן איר: איינמאָל אין אַ פינצטערער נאַכט האָט זי זיך צעשריען: „בועז, איך בין אויסגעוואַקסן!", ווען דער מאַן האָט אָנגע־צונדן דעם לאָמפּ, האָט ער זי געפונען ליגנדיק אַריבער דער ברייט פון בעט... אָבער אַ קלוגע, אינטעליגענטע פרוי איז זי. אָנגעטאָן איז זי אָרעם אָבער ריין און מיט געשמאַק. אירע קליינע פּאַרטרערטע אויגן זיינען מערסטנס אַריינגעטאָן אין ביכער און צייטונגען. צו די סעגאַ־לאָוויטשעס קומט אָן די הצפירה און אויך רוסישע בלעטער. אָבער מיט דער יוגנט גיבן זיי זיך אָפּ מער ווי מיט די בלעטער; זיי האַלטן אָן אויג אויף זייערע קינדער. עלטערן, זאָגן זיי, טאָרן נישט גיין קעגן דער צייט און זיך שטעלן קעגן דער יוגנט.

יונגוואַרג האָט אַ נאַטור צו גיין דאָרטן וואו מען האָט זי ליב. זעט מען איצט אין דער פּראָסטיק־קאַלטער פרימאָרגן שעה ווי די שוועס־טער און ברידער און די יונגוואַרג פון קליינעם בונד ציען צו בועז'עס שטוב.

ווען פּערל, חיימל און ביילקע זיינען אַריינגעקומען צו בועזן אין שטוב, איז שוין דאָרטן געווען די גאַנצע יוגנטלעכע פירערשאַפט. אָט שטייט דער דאַרער ביינצן־יאַריקער סטודענט גרישא. זיין פויעריש פּעלצל פּאַסט זיך ניט צו זיין איידעלן אָפּגעצערטן פּנים. זיינע רויטע אויגן דערציילן פון אַ ניט־דערשלאָפענער נאַכט. זיינע קעשענעס זיי־נען אָנגעשטאָפּט מיט פּראָקלאַמאַציעס. ער קוקט זיך אַרום אויף די פּאַרזאַמלטע און אַ צופרידן שמייכעלע צעשפּילט זיך אויף זיינע פּוכיקע ליפּן. ער גיט אַ קליין הוסטעלע ווי אַ סיגנאַל, אַז מען זאָל ווערן שטיל.

„זעט, חברים", ציט ער אַרויס פּעקלעך פּראָקלאַמאַציעס פון זיינע קעשענעס, „אָט דאָס מוזן מיר היינט פּאַרטיילן צווישן די פּויערים. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד האָט עס ספּעציעל צוגעגרייט פאַר דער היינטיקער פּראָצעסיע.

גרישאס שוואַרצע אויגן מיט די רויטע ווייסלען ברענען. זיינע ליפּן צוקן פון אָנשטרענגונג און פון אַ צעשטערטער נאַכט רו.

בועז שפּאַנט איבער דער שטוב. ער צוקט דעם עק פון זיין שיטע־רער באָרד און רייבט דעם שטערן, ווי ער וואָלט דאָרטן געזוכט די ריכטיקע ווערטער אויף אָפּצורעדן די קינדער פון אָן איבערגעאיילטן שריט. ענדלעך שטעלט ער זיך אָפּ ביים לאַנגן טיש אַרום וועלכן די יונגוואַרג זיצט. ער נעמט אָן דעם ברעג־טיש מיט דער דלאָניע פון זיין האַנט, ווי ער וואָלט אים גענומען ווי אָן אָנשפּאַר פאַר זיין אַרגומענט...
„און איך זאָג אייך, קינדער, אַז מען קען ניט פאַרבייטן פינצטערניש

מיט נאַרישקייטן, אומגערעכטיקייט מיט מער אומגערעכטיקייט״, זאָגט בועז מיט אַזאַ קלאָרער שפּראַך, אַז קיינער וואָגט נישט צו צווייפלען אין זיינע רייד. עס איז קאָנטיק אויף די יונגע פּנימער, אַז זיי פאַרשטייען אים און וואַרטן צו הערן וואָס נאָך ער האָט זיי צו זאָגן.

„קומט אַהער״, רופט ער צום פענצטער זיינע קינדער „קומט אַלע אַהער״, ווייזט ער מיט דער האַנט צום פענצטער, דורך וועלכן עס זעט זיך דער דער אַלטער הויך־טורעמדיקער קלויסטער מיטן גרויסן מע־שענעם גלאָק, פון וועלכן עס הערט זיך אַ שטאַרקער, מאָנאָטאָנער גע־קלאַנג. „נעכטן ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן זיך טויזנטער פויערים פון צענדליגער דערפער צוזאַמענגעקליבן דאָ ביים קלויסטער און צע־לייגט אַ פייער, וואָס האָט זיך געריסן אין הימל אַריין. אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי געבראָטן חזירים, געגעסן, געטרונקען און זיך געמאַליעט. דורות לאַנג, יאָר־איין יאָר־אויס טוען זיי דאָס. זיי זיינען ניט קיין געלערנטע, קענען ניט לייענען און ניט שרייבן. טאָ ווי אַזוי וועט איר זיי אויפקלערן? איך ראָט אייך אָפּצוהיטן אייער ענערגיע פאַר ביל־כערע זאַכן.

פון פענצטער האָט מען געזען ווי איבער דער פּראָסטיק־ווינטיקער גאַס איז געגאַנגען דער אַלטער גלח און געטראָגן הויך אין די הענט אַ גרויסן גאָלדענעם צלם מיט דעם געקרייציקטן יעזוס. נאָך אים זיינען געגאַנגען דער דיאַק מיט זיינע מיטהעלפער און געטראָגן צענדליגער איקאָנעס. נאָך זיי האָבן אַ פּאָר טויזנט פויערים און פויערטעס טעמפּ געטראָטן איבער דער פאַרפרוירענער ערד מיט פיס געוויקלטע אין אייז שמאַטעס אָדער אָנגעטאָן אין וואַליקעס. טויזנט הענט האָבן זיך גע־צלמט איבער די הערצער, און די אַנדערע הענט האָבן געטראָגן קריי־געלעך. די פּראָצעסיע האָט זיך געצויגן צום טייך, וואו אַן אויסגע־האַקטע פּאָלאָנקע האָט געוואַרט אויפן גלח ער זאָל דורכפירן די רע־ליגיעזע טבילה־צערעמאָניע.

דאָס בילד איז ניט געווען ניי פאַר די יונגע צוקוקער. זיי האָבן שוין דאָס געזען אין די פריערדיקע ראָזשדעסטוואָ־טעג. אָבער איצט, האַלטנדיק די פּראָקלאַמאַציעס אין די הענט, האָט די יוגנט געפילט ווי אַ גרויסער חוב וואָלט אויף זיי געלעגן, אַ חוב צו עפענען די אויגן פון אָט־דער גרויסער מאַסע מענטשן, וואָס גייען נאָך ווי פאַרגאַפטע דעם גלח און דעם דיאַק מיט זיינע אַרויסהעלפער.

„נו, לאָמיך נאָר אייך איבערציילן״, זאָגט בועז. וויפל זייט איר

דאָ? זעקס־און־צוואַנציק קעגן אַן עולם פון אַ צוויי טויזנט! באַקלערט זיך נאָר!"

„טאַטע, שווייגן טאָרן מיר אויך ניט", זאָגט דער פופצן־יאָריקער מאָניע מיט אַ טאָן פון אַ דערוואַקסענעם מענטשן.

„אַן אָנהויב מוז געמאַכט ווערן", זאָגט די זעכצן־יאָריקע רייזל און קוועטשט די פּראָקלאַמאַציעס אין האַנט פון פּאַרדרוס, וואָס זי קען זיי איצט ניט פאַנאַנדערטיילן.

אַ מינוט איז שטיל, ווי אַלע וואָלטן געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו פאַרשפּרייטן די פּראָקלאַמאַציעס צווישן די פויערים און עס זאָל זיי קיין שלעכטס ניט געשען...

„לאָמיר פאָרן מיט אַ שליטן. פאַרטייען זיך אין אַ זייט פון דער פּראָצעסיע, פאַרלויפן זיי דעם וועג און פאַנאַנדערשיטן אויפן טייך די פּראָקלאַמאַציעס", שלאָגט־פאָר גוטקע.

„איך האָב אַ בעסערן פּלאַן", זאָגט חיים. לאָמיר גיין מיט זייטיקע וועגן, אַריבערגיין די בריק צו בערל שיינע שרהס שטוב. שמואל דוד וועט אונדז אַרויפנעמען אויף זיין בוידעם, און ווען דער גלח וועט זיין פאַרנומען מיט טובלען און פּרעפּלען, וועלן מיר אַרונטערשיטן פון אַ זאַק די פּראָקלאַמאַציעס".

אַלע קוקן זיך אַרום אויפן קלענסטן פון אַלע, חיימלען, וואָס פון אים קומט דאָס אַזאַ קלוגער איינפאַל.

חיימס פּלאַן האָט בועזן ווייכער געמאַכט. דאָס האָט מען געקענט זען פון זיין שווייגן. ער קוקט זיך איבער מיט זיין ווייב, הייבט שטום די אַקסלען, ווי ער וואָלט געזאָגט: „וואָס קען מען טאָן מיט דער יוגנט?"

ווען די שוועסטער און ברידער זייַנען שוין געווען אין גאַס, האָט זיי צפּורה נאָכגעשריען: „זייט פאָרזיכטיק, קינדער!" מיט אירע שטענדיק פאַרטרערטע אויגן האָט זי נאָכגעקוקט די קינדערשע פעסטע שנעלע טריט צום טייך צו...

די פרימאָרגנדיקע ווינטער־זון איז אַרויסגעקומען. דער שניי האָט געפינקלט מיט מיליאָנען פּראַסטיקע דימענטן און באַלויכטן דער יוגנט דעם ווייסן וועג צום פאַרפרוירענעם טייך. עס איז שטיל. נאָר דאָס סקריפּען פון האַרטן שניי הערט זיך פון אונטער זייערע פיס.

„אָט גייט דאָרטן סטעפּאַנקאָ. ער איז אינגאַנצן פאַרשנייט", זאָגטביילקע אַ דערפרייטע, ווי זי וואָלט דערזען אַן אייגענעם מענטשן. ביילקע איז פאַרכאַפּט פון דער ווייסער וועלט אַרום איר, פון די פאַר־שנייטע ביימער און פאַרשנייטע מענטשן. אַלץ איז ווי אין אַ ווייסן

שיינעם חלום. דעם קאַמף און די זאָרגן פון דער וועלט לאָזט זי איבער צו די שוועסטער און ברידער.

די הינקעדיקע רייזל, וואָס גייט לעבןביילקען, פאַרשנעלערט איר גאַנג, גיט אַ שפּרונג־אונטער אויף איר לענגערן געזונטן פוס, גליטשט זיך אויס, און פאַלט אַריין אין שניי. ביילקע העלפט איר אויפשטיין. זיי שפּאַנען ווייטער אין דער שטיל.

פון דער וויטן, אַריבערן טייך, זעט זיך שוין די בריק. אויף דער צווייטער זייט בריק שטייט בערלס שטוב מיטן פאַרשנייטן דאַך, מיטן פענצטערל וואָס קוקט אַרויס פון בוידעם־שטיבל און ווינקט און רופט די יוגנט צו זיך. אָט פון דעם פענצטערל וועלן זיי אַרויסשיטן דעם זאַק פּראָקלאַמאַציעס... און קינדערשע הערצער צאַפּלען זיך אין פרייִ־דיקער דערוואַרטונג.

דער לאַנגער, ברייטער טייך, וואָס איז זומער־צייט אַ שפּיגל פון קלאָרן וואַסער, איז איצט פאַרקאָוועט מיט אייז און באַדעקט מיט שניי. אויפן מיטן טייך איז אויסגעהאַקט אַ פּאָלאָנקע, אַ גרויסע לאָך אין דעם אייז. אַהין ציט זיך די פּראָצעסיע מיטן גלח אין פאָרויס.

דער גלח הויבט אויף דעם צלם. זיינע גרויסע שוואַרצע אַרבל הענגען אַרונטער. ער לאָזט אַרונטער דעם צלם מיטן געקרייציקטן יעזוס אין דער פּאָלאָנקע, הייבט אים אויף און לאָזט אים ווידער אַרונ־טער. אַזוי — דריי מאָל. דאָס וואַסער ווערט געהייליקט... קני בויגן זיך אַרונטער, קעפּ בוקן זיך, הענט ציען זיך מיט קריגלעך צום הייליקן וואַסער. די גלויביקע וועלן אַהיים נעמען די קריגלעך מיטן הייליקן וואַסער און דאָס וועט זיי אויסהיילן פון אַלע זייערע וויטיקן.

און ווידער האָט זיך דער קלויסטער־גלאָק שטאַרק צעקלונגען. ווידער צלמען זיך הענט אַריבער הערצער.

אויפן בוידעם פון בערלס שטוב איז איצט דאָס קליין פענצטערל אָפן. שמואל דוד, בערלס בן יחיד, אַ זיבעצן־יאָריק דאַר יינגל, שטייט ביים פענצטערל ווי אַ קאַפּיטאַן ביים רודער. יעדע פּאָר מינוט קוקט ער אַנדער פּאָר אויגן אַרויס צום טייך וואו די פּויערים קניען און שעפּן דאָס הייליקע וואַסער אין די קריגעלעך.

די שוועסטער און ברידער באַשליסן, אַז איצט איז די ריכטיקע צייט אַרונטערשיטן דעם זאַק פּראָקלאַמאַציעס. מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס אַרבעטן אַ פּאָר צענדלינג הענט. אַן אַנגעשטאָפּטער זאַק פּאַפּירן ווערט אַרויסגעשטופּט דורכן פענצטערל... עס שיטן זיך פּאַפּירלעך. דער ווינט כאַפּט זיי אויף, דרייט זיי אין דער לופטן, און צוזאַמען מיטן דינעם

שנייעלע פאַלן זיי אַרונטער אויפן בריק, אויפן טייך, אויף די קעפּ פון די צעשראָקענע פויערים, וועלכע לויפן איבערן טייך, כאַפּן די פּאַפּיר־לעך, דרייען זיי אין די הענט, קוקן מיט שרעק און פאַרוואונדערונג.

די שוועסטער און ברידער זעען דורכן פענצטערל, ווי אַ פויער האָט זיך איינגעבויגן און אויפגעהויבן אַ פּראָקלאַמאַציע. ער פּאַכעט מיטן פּאַפּיר אין דער לופטן — ער רופט עמיצן! אַ צווייטער, אַ יינגערער פויער איז צוגעקומען — ער לייענט דאָס! נאָך פויערים זיינען צוגע־קומען — זיי הערן זיך צו. עס איז אַ שטופּעריי צום לייענער, וואָס שטייט אין מיטן רעדל מענטשן. אַלע ווילן הערן, וואָס דאָרט שטייט געשריבן.

„זעט!" שרייט גרישא מיט פרייד, „ווי זיי זיינען דאָס פאַרכאַפּט, ווי זיי שאָקלען צו מיט די קעפּ צום לייענער!"

„לאָמיר זען", זאָגט חיים און קוקט דורכן פענצטערל. „זע, מאַניע!" שלעפּט ער צו זיין חבר ער זאָל אויך זען ווי די פויערים שטאָפּן אַן זייערע קעשענעס, בוזימער, היטלען, און אַפילו די וואָליקעס מיט די פּראָקלאַמאַציעס.

די שוועסטער און ברידער ווייסן, וואָס אין דער פּראָקלאַמאַציע שטייט געשריבן. דאָס איז אַן אויפרוף פון צענטראַל־קאָמיטעט פון בונד פון ליטע, פוילן און רוסלאַנד; מינסקער גובערניע, פינסקער אויעזד. אין דער פּראָקלאַמאַציע זאָגט זיך:

„ברידער פויערים —

„מיר ווילן ריידן צו אייך ווי מען רעדט צו אָרעמע, ליידנדיקע האָרעפּאַשנע ברידער. איר באַאַרבעט די פּריצישע ערד פון זון־אויפ־גאַנג ביז שפּעט נאָך זון־אונטערגאַנג, און איר אַליין מיט אייערע ווייבער און קינדער הונגערט. איר ווערט באַראַבעוועט פון די פּריצים, וואָס האַלטן אייך אין ביטערער אָרעמקייט און פינצטערער אומוויסנ־הייט. זיי ווערן רייך פון אייער פּראַצע, פון אייער בלוט און שווייס. אייערע קינדער שטאַרבן יונגערהייט פון הונגער און קעלט. די וואָס האָדעווען זיך אויס, גייען צו פינף יאָר אין פעלד אַרבעטן. זיי עסן קיינמאָל ניט צו־זאַט. באָרוועס און נאַקעט גייען זיי אַרום. זייער לעבן איז אַזוי ביטער ווי אייערס. צו פערציק יאָר, זייט איר שוין אַלטע, קראַנקע מענטשן. די צייט איז שוין ניט ווייט פאַר אייער באַפרייאונג.

„ברידער פויערים, פאַראייניקט זיך מיט אַלע אָרעמע אַרבעטנדיקע מענטשן, אָפּגעזען פון רעליגיע און שפּראַך — פאַראייניקט זיך!"

עס האָט זיך דערהערט אַ ווילדער געשריי פון דיאַק. „גוטע, פרומע

מענטשן, לייענט ניט די פּאַפּירלעך! דאָס איז דעם טייוולס אַרבעט!״ און שרייענדיק רייסט ער די פּראָקלאַמאַציעס אויף שטיקלעך.

„דער טייוול! דער טייוול!״, כאַפּן־אויף שטימען דעם דיאַקס ווערטער. דאָס שרייען דעם דיאַקס אַרויסהעלפער. די איקאָנע־טרעגער. די פּויערים זיינען צעטומלט און שטייען אַרום אויפן האַרטן פאַרפרוי־רענעם טייך.

⁂

ווי שטיל די שוועסטער און ברידער זיינען געקומען צום בוידעם־שטיבל, אַזוי שטיל זיינען זיי פון דאָרטן אַוועק. אין די יונגע הער־צער האָט אַ פּרעכטיק ליד געזונגען. די פיס זיינען זיי געווען גרינג ווי אין אַ טאַנץ. רווישיק־לוסטיקע זיינען זיי אַריינגעלאָפן צו בועזן אין שטוב ווי אַ זיגרייכע אַרמיי וואָלט זיך אומגעקערט פון שלאַכט־פעלד. פריילעכע, צעשטראַלטע, רײדן זיי אַלע מיט איין מאָל. עס רעדן גרישאַ, רייזל, סאָניע, חיים. אין גרויס עקסטאַז דערציילן זיי, ווי אַנדרעי האָט געלייענט די פּראָקלאַמאַציע, ווי סטעפּאַן האָט אָנגעפּאַקט פולע קעשענעס, ווי די פּויערים האָבן געכאַפּט די פּראָקלאַמאַציעס, געשטופּט זיי אין די וואַליקעס, אין די קעשענעס, אין די פּאַזוכעס, אונטער די היטלען. און זייערע פּנימער זיינען צעשטראַלט. די יונגע שטימעס הייבן זיך אַלץ העכער, שרייען אַריבער איינער דעם צווייטן.

„שאַט! רעדט באַזונדער!״ זאָגט בועז, און אויך אויף זיין פּנים מיט דער גרוילעכער באָרד ליגט אויסגעגאָסן אַ פרייד.

ווי אַ גוט דיסציפּלינירטע אַרמיי, ווערן די שוועסטער און ברידער שטיל. עזריאל גייט צו נעענטער צו בועזן. זיין שטומער פּנים איז פול מיט אויסדרוק. ער וואַרפט מיט די הענט. אַרויפגעלייגט איין האַנט אויפן מויל, צלמט ער זיך מיט דער צווייטער אַריבערן האַרצן. דאָס הייסט: דער גלח האָט געשוויגן בעת די פּויערים האָבן געשטאָפּט די פּראָקלאַמאַציעס אין די קעשענעס, אין די בוזימס, אין די וואַליקעס, אַפילו אונטער זייערע היטלען. ער כאַפּט אַראָפּ זיין היטל פון קאָפּ און ווייזט ווי אַזוי זיי האָבן דאָס געטאָן. די שוועסטער און ברידער פּאָלגן נאָך זיינע באַוועגונגען מיט לויכטנדיקע פּנימער.

⁂

אַז די מאַמע איז אויפגעשטאַנען אין דער פרי און, האָט ניט געפונען די קינדער אין שטוב, איז זי געוואָרן פאַרדעכטיק, אַז עפּעס האָט פּאַ־סירט. זי האָט געכאַפּט די גרויסע פּאַטשיילע אויף די אַקסלען, אי־

בערגעלאָזט דעם פאַרביטערטן טאַטן מיטן טלית אויפן קאָפּ און איז אַוועק זוכן די קינדער.

אויפן וועג צו בועזן האָט זי אָנגעטראָפן כאַשען. זיי האָבן זיך באַגריסט מיט אַ שעפּטשענדיקן „גוט מאָרגן" און זיך שטיל אָנגעקוקט, יעדע פרוי האָט פאַרשטאַנען, אַז אויך די צווייטע זוכט די קינדער. „נו, אַ צייט געוואָרן", זאָגט פראַדל, און ביידע גייען ווייטער צו די היי־זער וואו די קינדער דאַרפן זיין.

און אָט שטייט פראַדל צווישן דער טומלדיקער פריידיקער יוגנט. ווי זיי וואָלטן זי אָנגעשטעקט מיט זייער פרייד פון פאַרשפּרייטן די פּראָקלאַמאַציעס, האָט זי אויך אַ ווייל פאַרגעסן איר שרעק און ווייטיק — די שרעק, אַז די קינדער זאָלן חס־וחלילה ניט אָנשפּאַרן אין די טורמעס. אַ מינוט האָט זי זיך אויך געפרייט. נאָר ווי עמיצער אין איר וואָלט ניט דערלאָזט אַז איר פרייד זאָל אָנהאַלטן, האָט זיך איר פּנים צוריק ווי מיט אַ וואָלקן פאַרצויגן. מיט אירע טרויעריקע אויגן האָט זי געזוכט די קינדער און ווען זי האָט זיי געפונען, האָט זי גע־זאָגט: „קומט אַהיים".

שפּעט ביינאַכט, ווען דאָס גאַנצע הויז־געזינד איז שוין געשלאָפן, איז די מאַמע געזעסן ביים שוואַכן ליכט פון קעראָסין־לאָמפּ, געניית קינדערשע טשיפּקעלעך און געקלערט: פּערל וועט נאָך, חלילה ברענ־גען אַן אומגליק אויף אַלעמען. די יינגערע צוויי גייען שוין איר אויך נאָך. עס קומט איר אויפן געדאַנק סיביר... קאַטאָרגע... און אַ געדאַנק האַמערט אין דער מאַמעס קאָפּ: פּערל מוז וואָס שנעלער פאָרן קיין אַמעריקע.

##ביילקע רייסט זיך קיין וואַרשע

ביילקע איז אַוועק צוריק אַרבעטן צו יעקב דעם שניידער. ערשטנס, איז ער דער בעסטער שניידער אין שטעטל, און זי מוז אויסלערנען איר שוועסטער פּערלען מאַכן אַ גוט שטיקל אַרבעט איידער יענע פאָרט אַוועק קיין אַמעריקע. צווייטנס, האָט עטל זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן ביילקען די צען רובל פאַרן יאָר. זי האָט פון איר אַ קאָפּיקע ניט געזען. ווען ביילקע האָט ביי איר געבעטן אַ פּאָר רובל צו באַצאָלן פאַר די בייע שיך, האָט עטל אָנגעשטעלט אויף איר די קאָסאָקע אויגן — איין אויג האָט געקוקט אויף דער סטעליע, דאָס צווייטע אויף דער ערד — און געזאָגט: „איך האָב שוין באַצאָלט דיין מאַמען. אַ חוצפּה צו מאָנען ביי מיר!"

ווי אַ דערוואַקסענער מענטש האָטביילקע זיך באַדונגען מיט יעקב דעם שניידער אויפֿן „ערן וואָרט״ פֿאַר פֿינף און צוואַנציק רובל אַ יאָר, און אויסצאָלן זאָל ער איר אין האַנט אַריין, זי האָט אים ניט געזאָגט, אַז זי קלייבט זיך פֿאָרן קיין וואַרשע.

עס זיינען געקומען פֿריילעכערע טעג פֿאַר ביילקען אַרום שניידער־טיש. קיינער האָט איצט ניט געוואַגט אָפּצולאַכן פֿון איר. איז דאָס דער־פֿאַר וואָס זי איז שוין אַ פֿאָלגע שניידערקע, קען שוין אַליין מאַכן אַ שטיקל אַרבעט? זי ניאַנטשעט שוין ניט מער די קינדער, טראָגט ניט קיין פֿאַמויניצעס, און אַנדערע לערן־מיידלעך מאַכן פֿאַר איר הייס דאָס פּרעס־אייזן. אַלע מיידלעך אַרום טיש, די באַלעבאָסטע און אַפֿילו דער באַלעבאָס האָבן געקראָגן פֿאַר ביילקען דרך־ארץ. און אפשר איז דאָס געווען נישט אַזוי דרך־ארץ פֿאַר ביילקען, ווי דאָס וואָס יעקב דער שניידער האָט זיך דערשראָקן, וואָס די יוגנט פֿאַרלאָזט טעלעכאַן, און עס ווערט אַלץ שווערער צו קריגן בייטאָרינס.

ביילקע איז ניט געווען די איינציקע, וואָס האָט שטילערהייט גע־האַפּט אַוועקצופֿאָרן. די גאַנצע יוגנט פֿון שטעטל איז געשטאַנען אויפֿן וועג, ווער קיין אַמעריקע, ווער קיין פּוילן און ווער קיין רוסלאַנד. האָט מען נאָר אַריבערגעשפּאַנט דעם פֿערצנטן געבורטסטאָג, האָט מען זיך שוין אָנגעהויבן קלייבן אין וועג אַריין.

די צען־צוועלף־יאָריקע מיידלעך זיינען שוין לאַנג אַוועקגעפֿאָרן אין די אַרומיקע גרויסע שטעט פֿאַר דינסטמיידלעך. אַ סך עלטערן האָבן זיך געשעמט, מען זאָל רופֿן זייערע מיידלעך „דינסט מויד״, האָבן זיי געשיקט די קינדער צו שניידעריי, אין הוטע אַריין. אַז די קינדער זיינען אַלט געוואָרן פֿערצן־פֿופֿצן יאָר, האָט אַ שיינער חלום אויפֿגע־בליצט אין די קינדערשע הערצער — אַוועקפֿאָרן אין דער וויטער וועלט אַריין. מיט יעדן טאָג ווערן קינדער אַלץ ווייניקער אין שטעטל, מאַ־מעס — מער אַרום פּאָטשט...

וואָס עלטער ביילקע איז געוואָרן, אַלץ מער האָט זי ליב געהאַט צו גיין צום פּאָטשט, און גיין צום פּאָטשט קען זי נאָר שבת, ווען זי אַרבעט ניט. דאָנערשטיק איז אויך אַ פּאָטשט־טאָג, אָבער אַן אומע־טיקער, ווייל עס גייען נאָר די מאַמעס. דאָס ביסל יוגנט, וואָס איז נאָך אין שטעטל פֿאַרבליבן, גייט צום פּאָטשט שבת ווען זיי זיינען פֿריי פֿון דער אַרבעט. ביילקע האָט ליב צו הערן דעם פּאָטשטאַליאָן אויסרופֿן די נעמען. זי האָט ליב צו זען ווי הענט ציען זיך אויס נאָך די בריוו,

אויגן צעשמייכלען זיך, און הענט פילן דעם קאַנווערט מיטן טייערן בריוו אינעווייניק...

עס איז אַ ליכטיקער שבת צווישן פּורים און פּסח. די זון גלעט ווי זי וואָלט געוואָלט די מענטשן באַצאָלן מיט אירע וואַרעמע שטראַלן פאַרן לאַנגן קאַלטן ווינטער. עס שטייען אַרום פּאָטשט אַ סך מאַמעס אין רעדלעך און ריידן פון באַקן מצות, פון די קינדער, וואָס וועלן באַלד קומען אויף יום־טוב, פון אַ וואַרעמען זומער, וואָס וועט באַלד קומען, און נאָך אַזעלכע פריילעכע געדאַנקען, וואָס דער פרילינג ברענגט מיט זיך.

ביילקע שטייט אויך ביים פּאָטשט און קוקט זיך צו צו די שמייכלענ־דיקע מענטשן, וואָס האָבן פון זיך אַרונטערגעוואָרפן די שווערע ווינ־טערדיקע פּאַלטעס און פּאָטשיילעס. שטייען זיי אין זייערע לייכטע קליידער — יובקעס און קאָפּטלעך — און וואַרעמען זיך אונטער גאָטס זון.

„אַז מיין משהלע איז אַוועקגעפאָרן קיין אַדעס, האָט ער די ערשטע עטלעכע וואָכן שטאַרק געבענקט, אַזוי האָט ער מיר געשריבן", זאָגט כייקע די טוקערין, און איר פּנים צעשמייכלט זיך. זי איז זיכער, אַז זי וועט היינט האָבן אַ בריוו פון אים אַז ער קומט אויף פּסח אַהיים צו גאַסט.

„אַדאַנק גאָט", זאָגט שרה גיטל, „מיינע קינדער קענען זיין אין דער פרעמד צווישן מענטשן. אַזוי האָב איך זיי געלערנט". זי גרויסט זיך מיט אירע קינדער.

ביילקע קוקט אויף די רעדלעך מאַמעס און שטעלט זיך פאָר ווי זי איז שוין אין וואַרשע און איר מאַמע גייט צום פּאָטשט „אויסקוקן" אַ בריוו פון איר... און איר מאַמע, ווי שרה גיטל, גרויסט זיך: „אַ דאַנק גאָט, כ'האָב ניט צעלאָזן מיינע קינדער. געמאַכט פון זיי מענטשן פאַר דער וועלט! אַפילו ביילקע שרייבט גוטע בריוו".

עס נעמט ביילקען אַרום אַ ליבשאַפט און רחמנות צו איר מאַמען, וועלכע שטייט געדולדיק און וואַרט אויף אַ בריוו פון אהרנען. דער פּאָטשטאַליאָן קומט אַרויס, און דער ערשטער בריוו, וואָס ער ציט אַרויס, איז פאַר דער מאַמען...

קוקנדיק אויף די מאַמעס, וואָס נעמען אָפּ בריוו, דערמאָנט זיך ביילקע אין אַ סצענקע, ווען זי איז נאָך קליין געווען: אַן אַלטע גרויע הון האָט זיך צעקוואָקעט. די מאַמע האָט זי אַוועקגעזעצט אין אַ קעס־טעלע אויף שטרוי, אונטערגעלייגט פינף הינערשטע און פינף גרויסע

קאַטשענע אייער. מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָבן זיך פון די אייער אויסגעשיילט דריי קליינע, ווייכע, געלע קאַטשקעלעך און פיר געלע הינדעלעך מיט רויט־געלע שנאָבעלעך. די מאַמע־הון האָט זיי אַלע אונטער אירע פליגלען געוואַרעמט, געקוואָקעט, געפּיקט די הענט ווען מען איז צוגעקומען צו די הינדעלעך נאָענט... מיט וואָכן שפּעטער, ווען די פּוכיקע הינדעלעך און קאַטשקעלעך האָבן באַקומען פעדערן, האָבן חיימל אוןביילקע ליב געהאַט צו נעמען זיי אין די הענט, כדי צו פילן די ווייכע וואַרעמקייט. די קליינינקע שנאָבעלעך האָבן זיי אין מויל גענומען. די הינדעלעך און קאַטשקעלעך האָבן געטרונקען די סלונע. די מאַמע־הון איז אַרויפגעפלויגן מיט אַ געפילדער און חיימלען צעפּיקט די הענט ביז בלוט. אַז די קאַטשקעלעך זיינען גרעסער געוואָרן, זיינען זיי אַוועקגעשוואומען אין אַ גרויסער לוזשע וואַסער, וואָס איז געשטאַנען הינטער דער שטוב. די מאַמע־הון איז אַ פאַרצווייפלטע אַרומגעלאָפן אַרום דער לוזשע, געפּאַטשט מיט אירע פליגלען, געקוואָקעט און גערופן די קאַטשקעלעך פון וואַסער... זי האָט מורא געהאַט, אַז זיי וועלן זיך חס־וחלילה דערטרינקען. די קאַטשקעלעך האָבן זיך אַפילו ניט אומגעקוקט אויף דער מאַמע־הון. מיט די פּיסעלעך האָבן זיי געגעבן אַ שטופּ דאָס וואַסער, אויסגעדרייט זיך צו איר מיט די עקעלעך, און זיינען אַוועקגעשוואומען...

ביילקע באַשליסט אַז זי וועט קיינמאָל ניט אַוועקשווימען פון איר טאַטע־מאַמע. ווי שנעל זי וועט קומען קיין וואַרשע, וועט זי גיין אַרבעטן, פאַרדינען געלט. זי איז אַ גוטע שפּאָרעריקע. זי וועט אָפּשפּאָרן געלט, אויסמעבלירן שיינע דריי צימערן מיט אַ קיך און וועט טאַטע־מאַמע אַריבערנעמען קיין וואַרשע.

***

די באָבראָווויטשער און ווילקער אָזערעס, וואָס ליגן אַן אַכט־ניין מייל פון טעלעכאַן, זיינען אַ גאַנצן ווינטער געווען פאַרפרוירן ווי איין גרויסע שטיק אייז מיט שניי. די ערב פּסחדיקע וואַרעמע, זוניקע טעג האָבן זייערע וואַסער־געדערים צעשמאָלצן. דאָס וואַסער האָט זיך געשפּאַרט און געצויגן דורך די אַלטע פעלדער און וועלדער אין ריטשקעלעך. פון די ריטשקעלעך זיינען געוואָרן ריטשקעס און שטראָמען. די וואַסערן האָבן זיך געשפּאַרט צום שטעטל, צוגעקומען צו דער סווענטעוואָליער גאַס און דערגרייכט ביז צו די יידישע שוועלן.

האָבן יידן געזאָגט: „גם זו לטובה" — ווייל וואָס וואָלט מען

געטאָן ווען דאָס וואַסער וואָלט אַריין אין די הייזער? וואָלט דאָך גע־וועז נאָך ערגער! אין די הייזער איז געוואָרן פריילעך. קליינע מיידלעך האָבן אויפגעהויבן די קליידלעך, חדר־ייִנגלעך די הייזלעך און מען האָט געשפּאַנט איבערן גאַס אין וואַסער. שווערער איז געווען פאַר די על־טערע קינדער, וואָס דאַרפן גיין אַרבעטן און פאַר די מאַמעס, וואָס קאַטשען און באַקן מצות אין די ערב־פּסחדיקע מצה־בעקערייען. אָבער אויך זיי האָבן זיך אַן עצה געגעבן. מען האָט זיך געלאָזט אויפן וואַסער אין מולטערס און אויף ברעטער. אַ סך יידישע ווייבער האָבן אַרויס־גענומען די טישן מיט די בענק, אַריינגעשטעלט זיי אין וואַסער, זיי געשייערט מיט אַלטע דערקאַטשעס און געדאַנקט גאָט, וואָס מען דאַרף ניט טראָגן קיין וואַסער פון ברונעם. אַז דער פּסח איז געקומען, איז די גאַנצע סווענטעוואָליער גאַס געווען ריין ווי אַן אויסגעבאָדענע, אויסגעצוואָגענע כלה...

ביילקע זיצט ביים שניידער־טיש. אירע אויגן קלעפּן זיך פון אַ גאַנצער נאַכט אַרבעטן. אַלעמענס אויגן קלעפּן זיך. ביי חיה שרהן האָט די נאָדל זיך אַרויסגעגליטשט פון האַנט און איר אַ שטאָך געטאָן אין פינגער. זי סמאַטשקעט מיט די ליפּן די פּאָר טראָפּנס בלוט, קוקט אַרויס דורכן פענצטער אין דער פרימאָרגנדיקער פוסטער גאַס און זאָגט: „זע, ביילקע, דיין ברודער אהרן גייט!

ביילקעס האַרץ האָט גענומען שטאַרק קלאַפּן פון פרייד. אהרן, איר ברודער! וואַרשע קומט זי נעמען! זי קוקט מיט בעטנדיקע בליקן צום באַלעבאָס. מיט אַ שטומען שאָקל פון קאָפּ ענטפערט ער איר: יאָ, זי קען אַרויסגיין אים זען.

„אהרן! אהרן! לויפט אים ביילקע נאָך שרייענדיק.

אהרן שטעלט זיך אָפּ, קוקט זיך אום. „דאָס ביסטו, ביילקע? כ'האָב דיך גאָרניט דערקענט", זאָגט ער און קושט זי. „אָ, ווי שיין דו ביסט אויסגעוואַקסן!"

„און דו ביסט בלייך. פאַרוואָס?" פרעגט ביילקע מיט אַ שוועס־טערשן רחמנות־געפיל.

„כ'וויס?" זאָגט ער, „אפשר ווייל איך בין געפאָרן אַ גאַנצע נאַכט".

אַ מינוט שטייען שוועסטער און ברודער און קוקן זיך אָן שטיל. זיי האָבן אַזויפיל צו ריידן, נאָר זיי ווייסן נישט פון וואַנען אָנהייבן, שווייגן זיי. ביילקע רייסט איבער די שטילקייט. „איך דאַרף אַרויס־קאַטשען אַרבעט. כ'וועל זיין אין דער היים שפּעטער נאָך האַלבן טאָג. גיי", זאָגט זי, „די מאַמע און דער טאַטע קוקן אויף דיר אויס".

אַז מען האָט זיך אין שטוב אָנגעפּרייט מיטן גאַסט, האָט די מאַמע אַ פרעג געטאָן: „זונעלע, פאַרוואָס ביסטו אַזוי בלייך? כ׳האָב מורא דו מאָרעסט זיך. ווייסטו דען ניט, אַז דו האָסט אַ צווייטע לגאָטע?" און זי דערציילט אים, אַז ווען ער איז געבוירן געוואָרן, האָט זי אים פאַרשריבן עלטער; שפּעטער ווען שמואל איז געבוירן געוואָרן, האָט זי אים פאַרשריבן יינגער — אַלץ כדי ער, אהרן, זאָל האָבן אַ צווייטע לגאָטע, ער זאָל ניט דאַרפן גיין דינען דעם קייסער.

אהרן איז ניט איבעראַשט. ער איז באַהאַונט אין דעם פאַרפּלאָנ־טערטן ענין מיט אַ פּריזיוו.

„וואָס־זשע פאַר אַ גריזאָטע האָסטו, מיין קינד?" פרעגט אים די מאַמע.

„מאַמע, איך אַרבעט אויף אַ דערפינדונג — אויף אַ שלאָס, וואָס אַפילו די וואַרשעווער גנבים וועלן ניט קענען אויפברעכן און אַרויס־גנבענען די סחורה פון די קראָמען. איך ווייס, אַז דאָס וועט זיך מיר איינגעבן. כ׳האָב עס שוין אויספּרובירט. איך מוז אָבער אַרבעטן אויפן שלאָס דורך די נעכט. בייטאָג דאַרף איך אַרבעטן פאַרן מייסטער".

„טאַקע, מיין קינד!" און איר פּנים צעשיינט זיך. „דאַרפסט גיין אָנקוקן כאַנאַניעס מאַשינעס. קיין איין טאָג אין אוטשילישטשע ניט געגאַנגען! האָט ער אָבער געמאַכט מאַשינעס, אַז אַלע וואונדערן זיך. נאָר קיין פּרנסה האָט ער ניט. אָן אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס... נו, גיי, מיין קינד, עפּעס עסן. וועסט אונדז נאָך דערציילן פון דיין פאַרבאָר־גענעם שלאָס". און די מאַמע פאַרשפּרייט אַ האַלבן טיש מיט אַ ווייסן טישטוכל.

„עס, מיין זון, שנעל. עס ווערט שפּעט פאַרן ביעור חמץ", זאָגט דער טאַטע און קוקט אויפן וואַנט־זייגער. דער ווייזער ציילט צען, און מיט יעדן סעקונדע־קלאַפּ רוקט זיך די צייט נעענטער צו פּסח.

„ווייסט, דוד, אונדזער אהרן וואַקסט אַן עדיסאָן", זאָגט די מאַמע און קוקט מיט הנאה ווי אהרן עסט.

„עדעצאָן? וואָס איז דאָס אַזעלכעס?" וואונדערט זיך דער טאַטע.

„עדיסאָן — דאָס איז אַן אַמעריקאַנער. ער האָט אויסגעפונען עלעקטרי", זאָגט די מאַמע און איז צופרידן, וואָס זי ווייסט פון דעם.

„וואָס טויג מיר עלעקטרי — בעסער דערצייל מיר, מיין זון, צו האַלסטו אַן יידישקייט?"

„אַוודאי, טאַטעשי, אונדז זיינען מיר דאָרטן פרימער ווי די ליט־

וואַקעס", רעדט אהרן אויפֿן וואַרשעווער יידיש, וואָס דעם טאַטן איז דאָס ניט צום האַרצן.

„נו, און דיין באַלעבאָס איז עפּעס אַ פֿרומער ייד?" פֿרעגט דער טאַטע.

„אַזאַ יאָר אויף אונדז אַלע. דאַוונט אַלע טאָג. גייט לאַנג גע־קליידט און פֿאָרט צוויי מאָל אַ יאָר צום רבין. אַז עס איז אים געבוירן געוואָרן אַ יינגל, האָט ער אים אַ נאָמען געגעבן איטשע מייער, נאָכן רבין זכרונו לברכה".

„דאַנקען גאָט, אַבי דו ביסט צווישן פֿרומע יידן", זאָגט דער טאַטע און ווי געוויינלעך ווערט אים זיין פּנים מיט אַ כמאַרע פֿאַרצויגן.

„טאַ וואָס־זשע זאָרגסטו זיך?" פֿרעגט אהרן קוקנדיק אויף דעם טאַטנס פֿאַרזאָרגטן פּנים.

„ווייסט, מיין זון, אַז פּערל פֿאָרט אַוועק אים ירצה השם דעם זו־מער קיין אַמעריקע? לאָזביילקען דאָ. נעם זי ניט קיין וואַרשע", זאָגט דער טאַטע אַזוי בעטנדיק, אַז אהרן זאָגט אים צו, אַז ער וועט זי ניט מיטנעמען, וויניקסטנס ביז איבער אַ יאָר.

דער טאַטע האָט פֿריי אָפּגעאָטעמט. „גוט, זונעלע, זאָגט ער, „וואַש זיך אָרום, וועלן מיר גיין אין שול".

די מאַמע האָט געקוקט פֿאַרוואונדערט אין טאַטנס ווינקל. „דער קאָפּ איז מיר פֿאַרדרייט מיט פּערלס אַוועקפֿאָרן, אַז קיין זאַך ליגט מיר ניט אין זינען", זאָגט זי, און אירע ליפּן ציטערן ווי צום וויינען. מער האָט מען שוין פֿון וואָכעדיקע זאַכן ניט גערעדט ביז חול המועד.

„קום, ביילקעלע, אויף אַ שפּאַציר", זאָגט אהרן, און ביילקע גייט. זי איז צופֿרידן צו שפּאַצירן מיט אַזאַ שיינעם, הויכן ברודער.

ווען זיי זיינען אַרויס פֿון שטוב אין גרויסן גלחס גאָרטן, איז ביילקע געוואָרן גוט אויפֿגעלייגט. „קום, איך וועל דיר ווייזן וואו איך פֿלעג קלייבן שטשאַוו, רעטעך, ציבעלעס און בלינדע קראַסקעס אין די לאַנגע זומערדיקע טעג. אַ קליינע בין איך דעמאָלט געווען. איצט בין איך שוין אַ גרויסע", שטעלט זיך ביילקע אויף אַ שטיין און צעלאַכט זיך, צע־שפּרייטנדיק אירע הענט.

אהרן קוקט אויף איר מיט פֿאַרוואונדערונג. „זאָג מיר נאָר, ביילקע, רופֿט מען נאָך דיך היינט אויך פֿלאַקסאַ?"

„ניין!" שרייט ביילקע אויס אַזוי הויך, אַז איר קול קלינגט אָפּ אין גרויסן פּוסטן גאָרטן. זי שפּרינגט אַראָפּ פֿון שטיין, נעמט אָן איר ברו־דער ביי דער האַנט, און מיט דער צווייטער ווייזט זי אָן: „אָט אַ־דאָ

צווישן שטוב און קוזניע, רייס איך זומער ווייסע בלימעלעך מיט געלע פּופּטשיקלעך — מען רופט זיי בלינדע־קראַסקעס. דעם זומער וועל איך זיי ניט זען וואַקסן״, ווערט זי אומעטיק.

„ווער זאָגט עס, אַז דו וועסט זיי ניט זען וואַקסן?״ פרעגט אהרן מיט אַ פאַרשנדיקן בליק.

„איך פאָר דאָך מיט דיר קיין וואַרשע! אויב ניט גלייך נאָך פּסח, איז נאָך שבועות״, ענטפערט זי.

אהרן שוויגט. „וואָס שווייגסטו?״ פרעגט ביילקע אומרואיק.

„קום, ביילקע, אויפן ביטשעווניק, אין געסעלע, וועלן מיר ריידן״.

און ביילקע גייט מיט איר ברודער, און עס דוכט זיך איר אַז אַלע אין גאַס קוקן איר נאָך. אַלע ווייסן, אַז זי איז שוין אַ גרויסע, אַ דער־וואַקסענע און זי פילט זיך יונג, פריש, ניי, ווי דער אָנקומענדיקער פרילינג. נאָר עפּעס שרעקט זי איר ברודערס האַלטונג.

„זאָג מיר, ביילקע, האָסט ליב דעם טאַטן?״ פרעגט אהרן פּלוצ־לונג.

ביילקע פאַרלאַנגזאַמט איר טראָט. „וואָס פאַר אַ פראַגע? אַוודאי האָב איך אים ליב. אַמאָל האָב איך אויף אים רחמנות, ווייל פאַר דעם טאַטן בין איך ניט גענוג פרום און פאַר פערלען צו פרום. איך מוז אַוועקפאָרן קיין וואַרשע!״ זאָגט ביילקע, און טרערן קומען איר אין די אויגן.

„אַז דו וועסט וויינען, וועל איך דיך רופן פלאַקסאַ״, זאָגט אהרן שפּאַסנדיק.

„גוט, איך וועל ניט וויינען! זאָג מיר צו, אַז דו וועסט מיך נעמען קיין וואַרשע, אפשר נאָך שבועות, ווייל איך וויל אויסלערנען פערלען צו זיין אַ שניידערקע. דאָס וועט זיין מיין מתנה צו איר״.

„הער אויס, ביילקע״, זאָגט אהרן, „איך זע, אַז דו ביסט אַ סך אויס־געוואַקסן זינט פאַראַיאָרן. וועל איך צו דיר רעדן ווי מען רעדט צו אַ גרויסער״.

„דו ביסט דער איינציקער, אהרן, וואָס רעדט אַזוי צו מיר. דערפאַר האָב איך דיך ליב״, ענטפערט זי.

„טאָ הער מיך אויס״, גיט ער אַ וויש מיט דער האַנט די קליינע וואַנצעלעך. „אונדזערע עלטערן זיינען שטאַרק באַזאָרגט. פערל פאָרט אַוועק קיין אַמעריקע. איך דאַרף זיך שטעלן צום פּריזיוו. חיים איז ניט פרום — שטענדיק מיט די טריף פּסולס — אַזוי האָט דער טאַטע געזאָגט. אויב דו זאָלסט איצט אויך אַוועקפאָרן, וועט זיי ווערן זייער סמוטנע

אויפן האַרצן. דאָס קען נאָך זיי חס וחלילה קראַנק מאַכן. אַחוץ אַלע זאַכן, איז איצט די צייט זייער ניט קיין גוטע אין וואַרשע. עס איז אַן אומרואיקע צייט. מען וואַרפט מענטשן אין פּאַוויאַק, אין אַסטראָג, פאַר וועלן אַרונטערוואַרפן דעם קייסער. איך מיש מיך ניט אין אַזוינע געשעפטן. איך זאָג דיר, ביילקע, אַז עס וועט זיין בעסער, געזינטער פאַר אַלעמען, אַז דו וועסט פאַרבלייבן דאָ אויף נאָך אַ יאָר... אַז גאָט וועט העלפן, דעם קומענדיקן פּסח".

„אהרן, אַלע מיידלעך אין מיינע יאָרן פאָרן אַוועק פון טעלעכאַן. פאַרוואָס קען איך ניט? שוין פינף יאָר, אַז איך אַרבעט ביים שניידער — און כ'האָב ניט געהאַט קיין דריי רובל צו באַצאָלן אשר דעם שוסטער פאַר מיינע שיך אויף פּסח. איך האָב אָפּגעשפּאָרט עטלעכע קאָפּיקעס, וואָס די מאַמע פלעגט צולייגן צום פּענעץ ברויט. אנשטאָט צו קויפן אַן עפּעלע אָדער כאַלוואַ, האָב געשפּאָרט, באַצאָלט שרהן פאַר די רוסישע אוראָקן. איך לייען שוין אַפילו אַ רוסיש ביכל אויך", באַרימט זי זיך. „געמיינט איך וועל זיך צולערנען אידער איך פאָר קיין וואַרשע".

„מיר נוצן ניט די קאַצאַפּישע שפּראַך, אונדז האָבן מיר די פּוילישע שפּראַך", זאָגט אהרן, ווי ער וואָלט געווען אַ געבוירענער פּאָליאַק.

„עס גייט מיר ניט אָן קיין זאַך. איך וויל אַוועקפאָרן", זאָגט ביילקע מיט כעס. „אויב דו ווילסט מיר ניט העלפן, וועל איך אַליין פאָרן — און טאַקע דעם זומער!"

עס האָט געקלונגען ביילקען אין די אויערן אהרנס פראַגע: „האָסטו ליב דעם טאַטן?"

„עס איז מיר עפּעס אַזוי שווער אויפן האַרצן", זאָגט זי, און לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער באַנק, וואָס שטייט אין געסעלע...



# ביילקע לערנט איר שוועסטער נייען

אין אַ מילדן זומערדיקן פֿאַרנאַכט איז פּערל געקומען פֿון דער הוטע אַ צערודערטע, אַ צעוויייטיקטע. „רחלע די סטאַראָזשקע האָט מיך און די אַנדערע הוטע מיידלעך באַליידיקט, געזוכט אין אונדזערע קעשענעס, צי מיר טראָגן ניט קיין גלאָזוואַרג אַהיים", האָט זי דער־ציילט מיט צאָרן. „איך בין געוואָרן אין כּעס און זי אָנגעזידלט. רחלע האָט מיך געדופן בונטאָווטשטשיצע, געסטראַשעט, אַז זי וועט דערציילן אין קאַנטאָר, אַז איך בונטעווע די מיידלעך צו זאַבאַסטאָווע־קעס".

די מאַמע האָט אויסגעהערט פּערלען און דערפֿילט, אַז היינט איז שוין געווען פּערלס לעצטער טאָג אַרבעט אין דער הוטע. זי האָט גע־קנייטשט איר שטערן, ווי זי וואָלט געוואָלט פֿאַרשטיין וואָס אַזעלכעס איז פֿאָרגעקומען מיט פּערלען. אַ מינוט האָבן זיי זיך שטום אָנגע־קוקט, ווי זיי וואָלטן ביידע מיט שפּאַנונג דערוואַרט עפּעס אַן אָנקו־מענדיקע צרה, וועלכע מען קען ניט אָפּשטעלן — עס מוז קומען.

חיים, וואָס איז געזעסן איבער זיין נייסטן דייטשישן הויז־לערער, האָט אָנגעקוקט פּערלען מיט דער מאַמען ווי זיי שטייען אין אַ פֿאַר־לוירנקייט. זיין שטענדיק שטיפֿערישער שמייכל איז פֿון זיין פּנים פֿאַרשוואונדן. ער האָט אָנגעשטעלט אויף זיי זיינע אויגן ווי אַ פּאָטאָ־גראַפֿשטשיק זיין אַפּאַראַט, און מיט אַן ערנסטן טאָן פֿון אַ דערוואַקסענעם מענטשן, וואָס מאַכט־דורך אַ שווערן מאָמענט, האָט ער געזאָגט: „איך וועל גערענקען די שווערע אַרבעט און די באַליידיקונגען, וואָס איר שטייט זיך אויס". ער האָט עפּעס אַרונטערגעשלונגען מיט אַן אומ־אָנגענעמער גרימאַסע אויפֿן פּנים, ווי מען שלינגט אַראָפּ אַ ביטערע פּיל, פֿאַרביסן די ליפּן, און איז אַנטשוויגן געוואָרן מיט אַ פֿיינלעכן שווייגן.

דער טאַטע, וואָס האָט געטאָן צוויי אַרבעטן — געלערנט מיט די חדר־ייִנגלעך און געשפּאָלטן מיט אַ מעסערל גראָבע שוועבעלעך אין

פירן, האָט אָװעקגעלײגט די אַרבעט, אױפגעהױבן זײנע אױגן, אין װעלכע ס'איז געװען אומרו און טרױער, און געפרעגט: „נו? װאָס־זשע איז געװאָרן?"

די מאַמע האָט זיך אױפגעכאַפּט װי פון אַ שלעכטן חלום, אָנגע־קוקט דעם טאַטן און געזאָגט: „נו, נו! װאָס פאַרשטײסטו דאָ ניט? אַז רחלע האָט ניט געפונען קײן גלאָזװאַרג אין די מײדלשע קעשענעס, איז זי געװאָרן אין כעס, און גאָט װײסט װאָס זי קאָן איצט אָנרײדן אויף פּערלען!" און אירע אויגן זײנען געפאַלן אויפן קופערט: — דאָרטן ליגט דער ענטפער, פּערלס שיפסקאַרטע.

בײלקע איז צוגעגאַנגען צו פּערלען, אָנגענומען זי בײ דער האַנט און מיט אַ פעסטער שטים געזאָגט: „ערגער זיך ניט, פּערל. איך װעל דיך מאָרגן מיטנעמען אין מײסטערסקאַיע, איך װעל דיך אױסלער־נען נײען. װעסט פאָרן קײן אַמעריקע און עס װעט דיר דאָרטן זײן גוט. אַלע שרײבן גוטע בריװ פון דאָרטן".

און בײלקע דערפילט מיט אַ מאָל אַ װאַרעמע נאָענטקײט צו איר שװעסטער. ס'איז פאַרשװאונדן איר פאַרדראָס אויף פּערלס שטענדיקער באַפעלערישקײט און אָפּלאַכערײ. זי פילט איצט פּערלס צער און דער־פילט די שײנע שטריכן אין איר שװעסטער. זי קוקט אויף דער פּאַליצ־קע, װאָס פּערל האָט פאַרפּוצט לכבוד פּסח מיט קאָלירטע פּאַפּירלעך. די שײנע פּאַפּירענע בלימעלעך, װאָס זעען אױס װי לעבעדיקע, באַצירן די פּאָליצע. די אױסגעהאַפּטענע ציכלעך אױף די קישנס באַשײנען די בעטן. די אָנגעשטאָפּטע זעק צעפּליקטע פעדערן, װעלכע זײנען דורכ־געגאַנגען דורך פּערלס הענט, שטײען אין װינקל שטוב און דערמאָנען פון װײכע װאַרעמע קישנס. דאָס אַלץ איז פּערלס אַרבעט, האָט בײלקע זיך פּלוצעם געכאַפּט. פּערל איז איר מיט אַ מאָל אַזױ אײגן, אַזױ נאָענט געװאָרן! זי האָט זיך געװאונדערט, פאַרװאָס זי האָט די אַלע שײנע שטריכן אין איר שװעסטער פריער ניט באַמערקט.

„גם זו לטובה", רײסט דער טאַטע איבער די שטילקײט. „פּראַדל, דו רעדסט דאָך אַלע מאָל פון בטחון, אַז מען טאָן ניט זײן מרה שחורה־דיק, ניט זינדיקן. גאָט װעט העלפן. ער װעט צושיקן פּערלען איר אמתן זיװוג אין אַמעריקע".

און װי דאָס װאָרט „אַמעריקע" װאָלט זיך אים אין האַלדז געשטעלט, גיט ער אַ שטילן קרעכץ. אַלעמען װערט גוט צו הערן פון פאַרזאָרגטן טאַטן אַזעלכע טרײסטנדיקע רײד.

די מאַמע האָט שטום צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צום טאַטנס ווער־טער.

די נאַכט איז צוגעפאַלן. אין שטוב איז אַזוי שטיל, ווי אַ געפער־לעך־קראַנקער וואָלט דאָרט געלעגן. אין דער שטילער זומער־נאַכט הערט זיך דאָס פייפן פון אַנקומענדיקן פּאַראַכאָד. דאָס פייפן קלינגט אין דער מאַמעס אויערן ווי אַן אָפּגעריסן געוויין פון אַ קינד. פאַר־וואָס האָט זי פריער נישט באַמערקט דעם אומעט פון אָט־דעם פייפן, טראַכט די מאַמע. שוין אַ צוויי יאָר, אַז דער פּאַראַכאָד קומט אַריין פון פּינסק אין טעלעכאַן, צוויי מאָל אַ וואָך. ס׳איז שוין געוואָרן אַ מנהג צו גיין באַגעגענען דעם פּאַראַכאָד, ווי מען גייט צום פּאָטשט נאָך בריוו. ס׳איז געווען עפּעס יום־טובדיקס אין דעם אָנקומען פון דער דאַמף־שיף און אין איר פייפן. אַ פריילעכע פאַרע האָט געזעצט פון דעם קוימען ווי די פאַרע פון די נאָז־לעכער פון צעיאָגטן פערד. אָבער איצט קלינגט דאָס פייפן פון פּאַראַכאָד ווי אַ יאָמערלעך געוויין.

***

די פרימאָרגנדיקע לופט איז אָנגעפילט מיט אַ געשמאַקן ריח פון בליענדיקן בעז. דער זיבן־אַזייגערדיקער הוטע־הודאָק שלעפּט אַרויס די מיידלעך פון די בעטן. מען לויפט צו דער אַרבעט. ערגעץ קלאַפּט אַן עמער אין אַ ברונעם. עס הערן זיך ווייכע טריט פון באָרוועסע פיס אויף זאַמדיקער ערד. אַ טיר עפנט זיך ערגעץ מיט אַ סקריפּ און פאַרמאַכט זיך מיט אַ טעמפּן קלאַפּ.

פּערל גייט מיט ביילקען צו יעקב דעם שניידער. דאָס שפּאַנען מיט איר שוועסטער אַקסל צו אַקסל רופט אין ביילקען אַרויס אַ שטילע פרייד. זי פאַרלאַנגזאַמט איר טראָט. פּערל טוט איר נאָך. דאָס טוט ביילקען גוואַלדיק הנאה. „דו ביסט נאָר מיט איין קאָפּ העכער פון מיר״, זאָגט ביילקע, און וואונדערט זיך ווען זי איז דאָס אויסגעוואַקסן.

ביילקע קוקט אויף די גאָלדענע און ווייסע בלימעלעך, וואָס וואַקסן ווילד אויף די גערטנער. מיטאַמאָל דערמאָנט זי זיך וואָס פּערל האָט געזאָגט. „וואָס האָסטו געמיינט, ביסט נאָך אַ קליינינקע?״. האָט זי געזאָגט, „איך בין אינגאַנצן מיט דריי יאָר עלטער פון דיר, שוין פינף יאָר, אַז דו ביסט אַ שניידערקע. ביסט אַוועק אַרבעטן צו ניין יאָר. איצט ביסטו שוין פופצן יאָר אַלט. האָסט געהערט ווי די מאַמע האָט דיך געלויבט פאַר די שכנים, אַז דו נייסט מיט קליינע שטעכע־לעך?״

אַז זיי זײַנען אַרײַן אין יעקב דעם שנײַדערס שטוב, האָבן זיך אַלעמענס אויגן אַ וואָרף געטאָן אויף זיי.

חיה שרה האָט שוין געוואוסט פֿון פֿריער, אַז פּערל קלײַבט זיך צו פֿאָרן קיין אַמעריקע און אַז ביילקע וועט זי אַרויפֿנעמען אַהער אויף אַ פּאָר וואָכן און אויסלערנען זי נייען. מיט אַ שמייכעלע אויף אירע דינע ליפּן, הייבט זיך אויף חיה שרה פֿון איר פּלאַץ, וואו זי זיצט שוין זיבעצן יאָר. ביילקע און פּערל שאַרן זיך אַרײַן צווישן באַנק און טיש און זעצן זיך אַוועק. זיי נעמען אַרויס די פֿינגערהוטן פֿון די קעשענעס, טוען זיי אָן אויפֿן דריטן פֿינגער פֿון דער רעכטער האַנט און זײַנען גרייט צו דער אַרבעט.

„נאַ, ווײַז פּערלען ווי מען באַוואַרפֿט אַ נאַט און מען מאַכט אַ זוים אויפֿן קלייד. איך וויל קליינע שטעך", זאָגט יעקב דער שנײַדער און דערלאַנגט ביילקען אַ גרין אַלפּאַגען קלייד איבערגעקערט אויף דער לינקער זײַט, פֿון די נעט שיטן זיך פֿעדים. ער גיט אַ קוועטש מיט זײַנע געלע פֿינגער די שפּיציקע נאָז, קערט זיך אום מיטן רוקן צו די מיידלעך און מיט קליינע טריטעלעך גייט ער אַרײַן אין דעם צושנייד־צימער.

„ביט מיט אַזעלכע לאַנגע פֿאַסטריגעס נייט מען אַ זוים אויף אַ קלייד", זאָגט ביילקע און נעמט אַרויס די נאָדל־פֿאָדים מיטן קלייד פֿון פּערלס האַנט. זי ווײַזט איר אַזוי ווי צו מאַכן קליינע שטעכעלעך און מיט יעדן שטאָך פֿילט זיך ביילקע גרויס — גרעסער פֿון איר שוועסטער... די מיידלעך אַרום טיש קוקן זיך איבער און לאַכן שטיל אַז יעקב דער שנײַדער זאָל ניט הערן.

צום האַלבן טאָג, ווען ביילקע און פּערל זײַנען געקומען אַהיים עסן וואַרמעס, איז די מאַמע געשטאַנען ביים אָנגעהייצטן אויוון מיט אַ הילצערנער לאָפּעטע אין די הענט, דער פּנים פֿאַרפּלאָמט, און גערוקט אין דעם וואַרעמען אויוון אַרײַן פֿעניצער שוואַרץ ברויט צום טריקע־נען. דאָס מאַכט זי סוכאַרעס, מיטצוגעבן פּערלען אין וועג אַרײַן.

דורכן אָפֿענעם פֿענצטער הערט זיך אַ טופּען פֿון אָנקומענדיקע פֿערדישע פֿיס און אַ גרילץ פֿון אַן אָפּגעשטעלטן וואָגן.

„דאָס האָט אַרקע געבראַכט מאירן פֿון וויאַדע", זאָגט דער טאַ־טע, אַרויסקוקנדיק דורכן פֿענצטער.

„זײַן קאָמפּאַניע פֿאָרט מאָרגן אָפּ קיין אַמעריקע", זאָגט די מאַמע בעת זי שלעפּט אַרויס אַ פּולע לאָפּעטע אויסגעטריקנט ברויט.

„וואָס טוט איר, מומינקע?" איז מאיר אַרײַנגעלאָפֿן דער ערשטער

אין שטוב און מיט זיינע לאַכעדיקע בלויע אויגן באַטראַכט די פאַר־רויטלטע פּראַדל, „אוי, ווי סע שמעקט! בעסער פון לעקעך. וואו איז דער קנאַבל?" קוקט ער זיך אַרום. „אַי, ווען דאָס זיין געשמאַק!".

„יאָ", זאָגט די מאַמע מיט אַ קרעכץ, „איך באַק האָניק־לעקעך אויף דיינער און פּערלס חתונות".

די פּעניצער שוואַרץ ברויט האָבן גערייצט דעם אַפּעטיט. זיי האָבן טאַקע אויסגעזען ווי לעקעך, אָבער געשמעקט האָבן זיי אַנדערש. אַ געשמאַקע זויערלעכקייט, וואָס האָט דערמאַנט וועגן גאָלדענע קאָרן־פעלדער, האָט אָנגעפילט די שטוביקע לופט און געריסן זיך דורכן אָפענעם פענצטער אין גאַס אַרויס.

מאיר גיט אַ שפּאַן פון אויוון צום חדר־טיש, „שלום עליכם, פּעטער!" דערלאַנגט ער דעם טאַטן זיין צעשפּרייטע סטאָליאַרסקע האַנט, און אַ שמייכל שפּילט אויף זיין פּנים מיט די פּוכיקע ליפּן.

„שלום עליכם", זאָגט אַרקע, און אַ גערוך פון פיש טראָגט זיך פון אים.

עליכם שלום", און דעם טאַטנס ווייכע האַנט ליגט אין אַרקעס גראָבער זון־פאַרברוינטער שאַרסטקער האַנט ווי אַ קינדס הענטל אין אַ מאַמעס גראָבן פאַרטוך. „ווען וועסטו שוין פאָרן קיין אַמעריקע?" פרעגט דער טאַטע און שטילט איין די טומלדיקע חדר־ייִנגלעך.

„איך, פּעטער, האָב ליב דאָס דאָרף, דעם טייך, דעם וואַלד און פעלד — וועל איך דאָ בלייבן ביז פּאַניע וועט לאָזן", זאָגט אַרקע און זיינע רויטע באַקן מיט די פולע ליפּן שפּראָצן מיט דאָרפישן געזונט.

„אַ דאָרפס־יונג. וואָס ווייסט ער פון אַמעריקע?" זאָגט מאיר, און מיט זיין צייג־פינגער שרייבט ער אויף זיך, ווי זיין געוואוינהייט איז. ניט מיט קיין פּען, ניט מיט קיין בליישטיפט, נאָר מיט זיין פינגער דרייט ער אויס אותיות אויף די זאַכן, וואָס ער טראָגט וואו ער גייט און שטייט, אויף דער וואַנט, אויפן טיש, אויפן אויוון, אויף די בענק, אַפילו אין דער לופטן דרייט ער מיטן פינגער אוז שרייבט. קיינער זעט ניט דאָס געשריבענע, קיינער ווייסט ניט, וואָס ער שרייבט. דאָס בלייבט ביי אים אַ סוד אין קאָפּ. אַלע האָבן פאַראויסגעזאָגט, אַז ער וועט ווערן אַ שרייבער — געוואָרן איז ער אַ סטאָליער.

„האָסט נאָך אַלץ די געוואוינהייט פון שרייבן וואָס קיינער וועט קיינמאָל ניט לייענען? זאָגט דער טאַטע, טאָ פאַרשרייב מיט אמתן

טינט־און־פעדער וואָס איך זאָג דיר אָן: זיי אַ ייד, מאיר, געדענק אין גאָט, וועסטו מצליח זיין״.

ווען שכנים האָבן געזען, אַז געסט זיינען געקומען צו פּראַדלען, און זיך דערוואוסט, אַז מאיר פאָרט מאָרגן אָפּ קיין אַמעריקע, זיינען זיי אַריינגעקומען איבערשיקן אַ גרוס צו זייערע קרובים אין אַמע־ריקע.

„מאירקע, איך געדענק דאָך דיך נאָך, ווען דו האָסט דאָ ביי דיין פעטער געלערנט, אַ קלייניקער געווען, אין אַ שפּענצער אַרומגע־לאָפן... טו מיר אַ טובה, זאָג דאָרטן מיין ברודער בערלען, אַז ער זאָל צושיקן אַ פּאָר טאָלער מיט אַ שיפסקאַרטע פאַר מיין האָדלען״, זאָגט דוואָשע אַוורעמלס, דעם מוליערס ווייב.

„מומינקע, אַמעריקע איז ניט טעלעכאָן אָדער וויאַדע. אָן אַדרעס האָט איר?״

אָבער דוואָשע הערט ניט וואָס מאיר רעדט צו איר און זי רעדט ווייטער: „זונעלע, זוך דאָרטן אָפּ מיין ברודער בערלען, האַ? וואָס זאָגסטו?״ שטעלט זי אָן איר רעכטע האַנט צום גוטן אויער, אויף וועלכן זי הערט. „מיין האָדל? אַ טייער, געראָטן מיידל... נאָר קיין מזל איז ניטאָ... אפשר איז איר זיווג אין אַמעריקע?״

„ווער ווייסט וואו דער זיווג איז״, זאָגט העניע־גיטל פרום. „אָט האָט מיין חיה שרה אָפּגעאַרבעט זיבעצן יאָר ביי יעקב דעם שניידער, געפונען איר זיווג דאָ, און רעדט אויך פון אַוועק קיין אַמעריקע״.

„מאיר! מאיר!״ שרייט איטשע קלייכיכא, „פאָרסט אין דער אַמעריקע? אין נעוו יאָרק? אפשר וועסטו דאָרטן זען מיין קוזין זלמן — קענסט דאָך אים — דער רויטער. זאָג אים —״.

דאָבע די האָרבאַטע פאַלט איר אַריין אין די רייד: „און אפשר איז מיין שמערל אויך דאָרטן, אַ בראָך צו אים״.

העניע־גיטל, דאָבעס מאַמע, פאַרשעמט זיך, שרייט זי אויף איר אָן: „וואָס פאַלט דיר איין?״

„וווייבעלעך, שאַט! טומלט ניט! רעדט איינציקווייז״, זאָגט די מאַמע צערייצט.

די שכנים זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. ווער מיט „אַ גוטן טאָג״, ווער אָן אַ „גוטן טאָג״, האָבן זיי פאַרלאָזן די שטוב

אויף מאָרגן גאַנץ פרי זיינען די שטעטלדיקע מענטשן געווען אויף די פיס. ווער עס האָט נאָר ניט געדאַרפט גיין צו דער אַרבעט, איז געגאַנגען באַגלייטן די צען פּאַסאַזשירן. און כדי ניט אויפרייסן נאַ־

טשאַלסטווע די אויגן, זיינען די צען געפאָרן דורך צוויי פאַרשיידענע וועגן. אבא מיט זיין ווייב, שמואל דוד, בערל שיינע שרהס, מרדכי כאַשעס און איציק זשוק זיינען געפאָרן מיטן קרופּערניק — אַ ייד וואָס האָט ניט געהאַט געגוג פּרנסה פון מאָלן גרויפּן, האָט ער געקויפט אַ פערד־און־וואָגן און איז געוואָרן אַ באַלעגאָלע. ער האָט זיי אַוועקגע־פירט קיין איכאַטשעווע. מרדכי יצחק, אהרן מענדל ניסלס, וועלוול חנהלעס, און מענדל פלאַכעס, ווי אויך מאיר, זיינען געפאָרן מיטן פאַראַכאַד קיין פּינסק, פון פּינסק קיין יאַניווע, פון יאַניווע קיין איכאַ־טשעווע, וואו אַלע צען האָבן זיך געדאַרפט טרעפן. פון דאָרטן, אויב עס וועט כשורה גיין, וועט מען בשלום „אַריבערלויפן" די גרענעץ, וועט מען מיט גאָטס הילף דערפאָרן קיין אַמעריקע!

ווען די פאַרטיע פון די צען פאַסאַזשירן איז אַוועקגעפאָרן, איז אין שטעטל געוואָרן שטילער, אומעטיקער... די ייִנגערע מענטשן, וואָס זיינען פאַרבליבן, האָבן ווייטער געפירט אַגיטאַציע און פאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס. אַנדערע האָבן זיך גענומען שטודירן פון אַ „הויז־לערער" פרעמדע שפּראַכן פון לענדער, וואו זיי קלייבן זיך צו פאָרן.

אויף די עלטערע מענטשן האָט זיך דער אומעט ווי אַ שווערער בליי געלייגט. מאַמעשע אויגן זיינען געוואָרן נאַס, די הערצער שווער, און מיט יעדער וואָך זיינען צוגעקומען אַלץ מער מענטשן אַרום פאַטשט — מענטשן עלטערע, מיטליאָריקע און קליינע קינדער...

## פערל פאָרט קיין אַמעריקע

עס איז אַן אויסגעשטערנטער זומער־אָוונט אָנהייב יולי. די לבנה שיינט דורך די גראָבע צווייגן פון די אָליכאָווע און ווייסע בעריאָזעווע ביימער, וואָס שטייען פון ביידע זייטן טייך און שפּיגלען זיך אָפּ אין זיינע וואַסערן. די לופט איז אָנגעפילט מיט ריחות פון וואַלד, פעלד און בלומען, וואָס נעמען דורך אַלע אברים.

די יוגנט שפּאַצירט אין דעם לאַנגן שמאָלן געסעלע אויפן ביטשעווו־ניק צווישן טייך און וואַלד. זייערע שטילע רייד און יונגער געלעכטער מישן זיך אויס מיטן מורמלענדיקן וואַסער. און אַ גרויסער סוד טראָגט זיך אין דער לופטן — דער סוד פון דער נאַטור און פון דער יוגנט.

מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָבן די שוועסטער און ברידער פאַררופן אַ סאָבראַניע און באַשלאָסן זיך זעגענען מיט זייער שוועסטער פערלען אויף אַ חברישן אופן אין שענסטן פּלאַץ — אויפן ביטשעווניק.

אין דער שטילער לבנה־נאַכט טראָגט זיך אַ ליד. די שטימען שלאָגן זיך אָפּ אָן דיביימער און דער וואַלד ענטפערט אָפּ מיט אַ ווידער־קול:

„מיר ווערן געהאַסט און געטריבן,
מיר ווערן געפּלאָגט און פאַרפּאַלגט
און אַלעס דערפּאַר ווייל מיר ליבן
דאָס אָרעמע שמאַכטנדע פאָלק,
דאָס אָרעמע שמאַכטנדע פאָלק“.

פון אַ צווייטן ווינקל איבערן טייך, ביים פּוסטן טויער, הערט זיך נאָך אַ ליד:

„ברידער און שוועסטער פון אַרבעט און נויט
און אַלע וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט,
צוזאַמען — צוזאַמען, די פאָנע איז גרייט...
זי פלאַקערט פון צאָרן, פון בלוט איז זי רויט“.

אַ פרויען־שטימע האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ רוסישן רעוואָלוציאָנערן ליד. פון אָנהייב איז דאָס ליד געווען שטיל און ווייך, אָבער וואָס ווייטער האָט עס זיך אַלץ מער צעשטורעמט און צעברויזט.

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט הערט זיך דאָס רוישן פון וואַסער, דאָס קראַקען פון זשאַבעס, וואָס מאַכט די שטילע נאַכט נאָך שטילער.

די שוועסטער און ברידער שפּאַצירן. עס שפּאַצירט עטל, באָבל, פּערל. נאָך זיי גייען אַרטשיק פייגעלעס, משה שאַלאַכמאַנס, עזריאל דער שטומער, און נאָך חברים און חברטעס. זיי גייען אַרויף אויפן בריק, שטעלן זיך אָפּ, קוקן אַרונטער ווי די לבנה ליגט אין טייך — איינע אין הימל, די צווייטע אין טייך. אַלע שפּיגלען זיך אין וואַסער. עזריאל קוקט אויך אַראָפּ צו דער שווימענדיקער לבנה... מיטאַמאָל גיט ער אַ פאָכע מיט די הענט אין דער לופטן און צעשמייכלט זיך מיט אַ חוזק־שמייכעלע ווי ער וואָלט געזאָגט: „ראָמאַנטישקייט, האַ?“ ער הייבט אויף זיינע שטאַרקע קולאַקעס און לאָזט זיי אַראָפּ מיט אַזאַ קראַפט, ווי ער וואָלט געהאַקט האָלץ, שטעקט אַרויס זיין שטומען צונג און סאָפּעט שווער. דאָס דאַרף הייסן: קאַמף. ער ווייעט מיט איין האַנט צום טייך, מיט דער צווייטער צום וואַלד און גאַנצן אַרום. אַלץ צוזאַמען מיינט: דער אַרבעטער קלאַס מוז קעמפן אומעטום; ער ווייסט ניט פון קיין גרענעצן און לענדער. טעלעכאַן צי אַמעריקע — אַלץ איינס.

ער האָט אָנגעקוקט די שוועסטער און ברידער און דורכגענומען פּערלען מיט זיינע קלוגע אויגן. זיי האָבן זיך שטיל און גוט פאַרשטאַנען... נאָך אַמאָל זיינען זיי דורכגעגאַנגען דאָס געסעלע אין פּאַרלעך און צוגעקומען צו דער קרעניצע, וואו אַ קלאָרער וואַסער־קוואַל שלאָגט פון דער ערד אין אַ סודותדיקן זשומען.

***

בייטאָג זיינען די מאַמע און פּערל געווען פאַרטאָן אין שטוב־אַרבעט און אין גאָרטן; דער עיקר זיינען זיי געווען פאַרנומען מיט פּאַקעווען. די אַרבעט האָט פאַרנומען די געדאַנקען... אָבער אַז עס איז געקומען די נאַכט, האָט זיך ניט ווילנדיק געקלערט... די מאַמע האָט געוויינט שטילערהייט אין איין קישן, פּערל אין דער צווייטער...

ביים זון־אויפגאַנג שטייט פּערל און באַוואַסערט דעם גאָרטן; די רעטאַכלעך, די גרינע ציבעלעס, די קאַרטאָפל און די בעבלעך, וואָס ציען זיך אויף הויכע שטעקנס. דאָ און דאָרט שיינט אַ בליעכץ — אַ ווייס בלימעלע. פּערל שטייט צווישן די בייטן אָנגעשפּאַרט אויף דער גראַבליע, קוקט אויפן גלחס גאָרטן און קלערט: „וויפל מאָל האָב איך דאָרט שטשאַוו געקליבן! וויפל מאָל האָט דער אַלטער גלח זיינע הינט אָנגערייצט אויף מיר!" זי קוקט מיט ליבשאַפט אויף יעדן ווילדן בלימעלע, אויף יעדן גרעזעלע ארום שטוב. עס פאַלט איר איין אַ געדאַנק: צי זיינען אין אַמעריקע אויך דאָ גערטנער, בלומען און ווילד־גראָזן? צי איז דאָרטן פאַראַן אַזאַ שיינע אויפגייענדיקע זון? צי זיינען דאָרטן דאָ שוועסטער און ברידער? איצט אַז זי האָלט עס אַלץ ביים פאַרלאָזן, איז אַ בענקשאַפט זי באַפאַלן... זי האָט דערפילט, אַז ניט נאָר ניין יאָר שווערע אַרבעט לאָזט זי דאָ איבער, נאָר נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס איז איר ליב און טייער — טאַטע־מאַמע, ביילקען, חיימען, די שוועסטער און ברידער. און וואָס נעמט זי מיט? אַ שטרויענע קאָרזינקעלע מיט קליידלעך, אַ פּעקל בעטגעוואַנט, וואָס די מאַמע פּאַקט שוין אַ וואָך צייט און גלעט דאָס ווי אַ קינד.

פּערל האָט זיך דערמאָנט, אַז עס איז שוין צייט אַריינצוגיין אין שטוב העלפן דער מאַמען מיט דער אַרבעט. אַ ווייל האָט זי אַריינגעקוקט אין דער ווייטקייט אַריין, זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן, ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט. דערנאָך האָט זי זיך אומגעקערט מיט דער פלייצע צום גאָרטן און איז אַריין אין שטוב.

די מאַמע איז געשטאַנען איבער דער שטרויענער קאָרזינקע, וואָס

זי האָט שוין צום צענטן מאָל איבערגעפּאַקט. דאָס בעטגעוואַנט ליגט אין ווינקל שטוב. ס׳איז פאַרוויקלט אין אַ גראָבן גרויען לייוונט פאַרבונדן מיט שטריק. די קליינע האַנט־קאַרזינקע שטייט אויפן טיש. די מאַמע פּאַקעוועט אין דעם אַריין שוואַרץ ברויט, סוכאַרעס, האַרטע זויערע צוקערקעס, אַ פלעשעלע טראָפּנס צום שמעקן, אַ גוט שטיקל זייף, קנאָבל... „און וואָס נאָך ?" פרעגט די מאַמע פערלען. פערל האָט געוואָלט זאָגן „די שטוב מיט די מענטשן", נאָר זי האָט געשוויגן.

„מאָרגן פאַרפרי קומט דער יאַניוועך אָוועקפירן דיין באַגאַזש צום פאַראַכאָד", זאָגט די מאַמע און קוקט אויף פערלען מיט ליבשאַפט און באַהאַלטענעם ווייטיק.

דער יאַניוועך איז געווען אַ פעטער ייד מיט ברייטע פלייצעס, גראָבע הענט, אַן אונטערגעשוירענע באָרד, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ בינטל טרוקענע שטרוי, און פריילעך־לויפנדיקע אויגן. ווייניק מענטשן האָבן זיך געגומען די מי צו געדענקען זיין אמתן נאָמען. ער איז גע־קומען פון דעם שטעטל יאַניווע, האָט חתונה געהאַט מיט אַ טעלעכאַנער מיידל, און אַלע יאָר האָט זי אים געבוירן אַ יינגל — אַכט יאָר, אַכט יינגלעך אויסגעהאַקט. ער האָט געוואָלט האָבן אַ טאָכטער, האָט ער צו־געזאָגט זיין ווייב לאָהן אַ פוטערנעם מאַנטל, אויב זי וועט האָבן אַ מיידל. יעדעס מאָל, אַז ער איז צוריקגעקומען פון אַ נסיעה, ווי נאָר ער פלעגט אַריינפירן דאָס פערד אין שטאַל, געבן אים אַ טאָרבע האָבער, פלעגט ער מיט אימפּעט אַריינלויפן אין שטוב אָנקוקן זיין ווייב מיטן גרויסן בויך און פרעגן: „נו, כ׳האָב שוין באַשטעלט אַ פוטערנעם מאַנטל פאַר דיר — וואו איז דאָס מיידל ?" לאָה פלעגט אַרונטערלאָזן אירע אויגן האַלב שולדיק, האַלב פאַרשעמט און פלעגט זאָגן : „גאָט וועט העלפן". דאָס מיידל און דער פוטערנער מאַנטל זיינען קיינמאָל ניט געקומען... אָט דער יאַניוועך וועט דאָס מאָרגן אָוועקפירן פערלס באַגאַזש.

די נאַכט פאַר פערלס אָוועקפאָרן איז געווען אַ לאַנגע און אַ שווע־רע פאַר טאַטע־מאַמע. די מאַמע ליגט אין בעט. עס שלאָפט זיך איר ניט. זי דערמאָנט זיך ווען פערל איז קראַנק געווען. ווען זי איז געזונט געוואָרן און האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, איז זי אַוועק אַרבעטן אין די האָפּן־פעלדער, דערנאָך אין פינסקער שוועבעלע פאַבריק, אין דער הוטע. אַ העלפט פון איר אַכצן־יאָריקן לעבן האָט פערל גע־אַרבעט.

די מאַמע קוקט אויף דער שלאָפנדיקער פערל מיטן סאָפּעדיקן ברייטן נעזל, אויף איר רונדן פּנים, מיט די רויטע באַקן און פולע ליפּן,

„ווי מיינע", קלערט די מאַמע. „און אויגן האָט זי טיפע און קלוגע. לעצטנס איז זי אויסגעוואַקסן גלייך און שטייף מיט אַ רונדיק מיידלשן בוזים... ווי אַ בלום זיך צעבליט". אַ שטאָלץ צוזאַמען מיט אַ רחמנות צו זיך און צו פערלען כאַפּט זי אַרום. זי פילט, אַז זי וועט שוין פער־לען קיינמאָל ניט זען. פון אָט דעם געדאַנק אַליין צעוויינט זי זיך. די קישן ווערט נאַס פון די טרערן און שמאַרצט איר פּנים.

אין דער פרי, ווי נאָר די מאַמע איז אויפגעשטאַנען, איז זי צו־געגאַנגען צום באַגאַזש. מיט אירע שאַרסטקע הענט האָט זי מיט ליב־שאַפט באַטאַפּט און באַקוקט דאָס געפּעק. יאָ, אַלץ איז אין גוטער אָרדענונג, פאַרטיק אויף דער פור אַרויפצולייגן.

צען אַזייגער איז געקומען דער יאַניוועך מיט זיין פערד־און־וואָגן. מיט זיינע געזונטע הענט האָט ער געגעבן אַ הייב דעם פּאַק בעטגע־וואַנט און די קאָרזינקע אַ וואָרף געטאָן אויפן וואָגן ווי צוויי שפּענדלעך. ער האָט פאַרזשמורעט זיינע קליינע פריילעכע אויגן, אָנגעקוקט די מאַמע און געזאָגט: „אַ וואויל מיידל, אייער פערל. גאָט וועט נאָך אייך העלפן. זי וועט אייך אַלעמען אַריבערנעמען קיין אַמעריקע... אײַ, אַ טאָכטער זאָל מען האָבן. דוכט זיך, איר האָט נאָך איינע?" ער האָט די לעצטע ווערטער אַרויסגערעדט מיט קנאה. דערנאָך האָט ער אַ שמיץ געטאָן דאָס פערדל, זיינע ברייטע אַקסלען מיטן באַגאַזש האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן און ער איז פאַרדריסלעך פאַרשוואונדן.

***

„אַזוי פיל מענטשן זיינען געקומען מיך באַגלייטן!" זאָגט פערל, און ווי אַ וואַרעמע כוואַליע טראָגט זיך צו איר פון גרויסן עולם. זי דערשפּירט דאָס און אירע אויגן שיקן צוריק די וואַרעמע פריינדשאַפט־כוואַליע צו די מענטשן, באַזונדער צו די הוטע־מיידלעך, פאַר וועלכע זי האָט זיך שטענדיק איינגעשטעלט.

אַלע גייען שטיל מיט לאַנגזאַמע טריט צום פאַראַכאַד. אַנדערע מיידלעך זיינען פערלען מקנא. מאַמעס באַדויערן די טאַטע־מאַמע. „עס וועט זיי זיין שווער די ערשטע צייט", זאָגט מיכליע. איר טאָכטער איז פאַראַיאָרן אַוועקגעפאָרן, ווייסט זי.

די מאַמע רייסט איבער די שטילקייט און זאָגט צו פערלען: „פונדעסטוועגן האָסטו, מיין קינד, געדאַרפט אָנשרייבן אַ בריוו צו דיין ברודער אהרן און זעגענען זיך מיט אים". זי קלערט ווי פאַר־שיידן די קינדער זיינען אין די נאַטורן.

„איך האָס באַלעבאַטים און זייערע אַרויסהעלפער, און אויך די וואָס שניידן זיך אויף באַלעבאַטים... אהרן איז איינער פון זיי", זאָגט פערל מיט ביטערקייט אין איר קול.

דער צוועלף־יאָריקער חיים גייט האַרט ביי זיין שוועסטערס זייט, ווי ער וואָלט געפילט, אַז דאָס איז שוין זיין לעצטער שפּאַציר מיט איר. פילט ער זיך אומעטיק. די מאַמע גייט ביי איר צווייטער זייט. דער טאַטע און ביילקע גייען זיי נאָך.

און אַז זיי זיינען אַריין אין פּאָטשט־גאַס, זיינען פערלען אַנטקעגן געקומען עטלעכע פון די שוועסטער און ברידער, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן אין טעלעכאַן. „עי! פערל, וואַרט! אָט נעם איך מיט מיין קאַרזינקע און פאָר מיט דיר קיין אַמעריקע!" שרייט די פריילעכע גיטל און לויפט איר נאָך. חברים און חברטעס רינגלען אַרום פערלען, אין גאַנג, שפּאַסן און לאַכן. עס איז אַלעמען געוואָרן פריילעכער, אַפילו די מאַמע איז מיטגעריסן געוואָרן פון דער גוטער יונגער שטימונג. עס האָט אַ שיין געטאָן אַ האָפענונג אין איר האַרץ. אפשר? גאָט זאָל נאָר געבן געזונט און יאָרן... ווער ווייסט, וואָס די צייט קען ברענגען?

דער טאַטע איז נאָכגעגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, זיין פּנים געל ווי וואַקס. אַלע ווילע האָט זיך פערל אויסגעדרייט צו אים. דאָס האַרץ האָט איר געקלעמט און געריסן מיט ביטערן רחמנות אויפן טאַטן.

ווען מען איז צוגעקומען צום טייך, האָט דער פּאַראָכאָד אַרויסגעלאָזט זיין ערשטן דינעם פייף.

מענטשן — גרויס און קליין, יונג און אַלט — האָבן זיך אויסגעשטעלט אַרום טייך. מען קוקט מיט טשיקאַוועסט איינער אויף דעם אַנדערן, און אַלע אויפן פּאַראָכאָד.

טאַטע־מאַמע נעמען ניט אַראָפּ די אויגן פון פערלען. אַלע קוקן מיט מיטלייד אויפן טאַטן... אימפּעדיק גיט ער זיך אַ ריס אַוועק פון פערלען, נעמט אַרויס זיין נאָז־טיכל פון קעשענע און וויינט אין דעם אַריין לאַנג און שטיל.

חיים איז צוגעלאָפן צו פערלען און אַנגענומען זי פאַר דער האַנט. זיי האָבן זיך איינע דעם צווייטן אָנגעקוקט, די אויגן פולע מיט טרערן. אַ ליבער שמייכל האָט זיך צעשפּילט אויף חיימס פּנים. ער האָט אַרויפגעקוקט צו פערלען און געזאָגט: „פערל, טייערע שוועסטער, מיר וועלן שטענדיק זיין צוזאַמען — אין אונדזערע נשמות". זיי האָבן זיך צעקושט ווי זיי וואָלטן מיטן קוש פאַרחתמעט דעם צוזאָג. מיט אַ גע־

הויבענעם קאָפּ, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גרויסן, האָט ער אָפּגעטראָטן זיין פּלאַץ דער מאַמען.

די מאַמע, וועלכע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען שטום און ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון פערלען, האָט צעשפּרייט אירע הענט ווי אַ פייגל די פליגלען, אַרומגענומען פערלען, געקושט זי, און געוויינט. אירע טרערן זיינען געפאַלן אויף פערלס האַלדז און אַרונטערגעגליטשט זיך טיף אונטער איר קאָפטע. „פאָר געזונט, מיין קינד!" האָט די מאַמע געזאָגט אין אַ פעסטער שטימע. זי האָט אויסגעגלייכט די פּלייצע און פאַרריסן דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט געגאַנגען דעם שטורעם אַנטקעגן... זי האָט נאָך אַמאָל אָנגעקוקט די טאָכטער. „פאָר געזונטערהייט און קום געזונט", האָט זיך געהערט אַ פאַרשטיקטער געוויין אין איר קול.

צום דריטן מאָל האָט זיך דער פּאַראַכאָד צעפּייפט און אָנגעזאָגט, אַז ער איז פאַרטיק צו פאַרלאָזן דעם ברעג.

„שנעלער! שנעלער! דער פּאַראַכאָד גייט אָפּ!" שרייט עמיצער אין עולם.

„גיכער! גיכער!" זאָגט די מאַמע צו פערלען און העלפט איר מיט ציטערדיקע הענט אַרויפגיין אויפן פּאַראַכאָד.

צוליב דעם פּילפאַרביקן בילד פון די געזעגענונגס־סצענעס האָט ביילקע פאַרשפּעטיקט צו זעגענען זיך מיט איר שוועסטער... ווען דער פּאַראַכאָד איז שוין געווען אויפן מיטן טייך אין פולן גאַנג, האָט זי אַרויסגעשריען: „פאָר געזונט, פערל! עס וועט זיין אומעטיק אין שטוב אָן דיר!". אָבער געפילט האָט זי אַנדערש. זי האָט געפילט, אַז דאָס וואָס זי האָט איצט געזאָגט, איז אַ ליגן — אַז זי וועט ערשט נאָך איר שוועסטערס אַוועקפאָרן אויפהייבן דעם קאָפּ און ווערן די גרויסע שוועסטער. זי איז געווען צופרידן, וואָס אירע ווערטער זיינען דער־טרונקען געוואָרן אין טומל פון געוויינען און אויסגעשרייען: „זייט גע־זונט! פאָר געזונט! שרייב בריוו!" די געשרייען האָבן דורכגעריסן די לופט און אָפּגעקלונגען אין דערבייאיקן וואַלד.

לאַנג איז נאָך געשטאַנען פערל אויפן פּאַראַכאָדס שווימענדיקן באָדן און געפאָכעט מיט איר ווייסן טיכעלע אין דער לופטן. פאַר אירע אויגן איז געשטאַנען דער וויינענדיקער טאַטע... ווען זי איז שוין געווען ווייט און האָט מער ניט געקענט זען די מענטשן ביים ברעג טייך, האָט זי נאָך אַלץ געפאָכעט מיטן טיכעלע. דאָס האָט זי זיך געזעגנט מיטן וואַלד, וואו זי האָט די שענסטע לידער אויסגעזונגען, מיטן טייך וואו זי איז געשוואומען, מיטן בלויען הימל, מיט דער טעלעכאנער ערד, פון

וועלכער זי איז אַ טייל. און אָט דעם טייל נעמט זי מיט אין ווייטן פרעמדן לאַנד אַמעריקע...

## דער הספד

כאָטש אַלע אין שטעטל האָבן געוואוסט, אַז פייגל איז געפערלעך קראַנק, אַז אירע טעג זיינען געציילטע, האָט דאָס שטעטל דאָך אויפֿגעציטערט, ווען זי איז געשטאָרבן. דעם ציטער האָבן מער פון אַלעמען געפילט די הוטע־מיידלעך, איבערהויפּט יענע, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער נאַסער וויאַזאַרניע, געהוסט און געליטן פון רעוומאַטיזם.

די שוועסטער און ברידער האָבן אַרויסגעלאָזט אַ רוף צו דער גאַנצער יוגנט פון שטעטל, אָפּגעזען פון פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט, אַלע זאָלן קומען מאָרגן צו דער לוויה.

„געדענקט זשע, קינדער, מאָרגן פרי אַלע צו דער לוויה”, זאָגט אַרטשיק צו די עטלעכע חברים און חברטעס, און זיין קול שטיקט אים אין האַלדז. עזריאל פּאָכעט מיט אַ רויטער פאַטשיילקע אין דער לופטן און גיט אַ שאַר מיט די הענט פון די אַקסלען ביז אַרונטער: דאָס הייסט, מען זאָל קומען אָנגעטאָן אין רויטן...

עס איז געווען זומער, אָבער אַ כמורנער פרימאָרגן. דער הימל איז געווען פאַרצויגן מיט אַ וואָלקן, ווי אויך ער וואָלט געטרויערט אויף פייגלען, וועלכע איז אַוועק פון דער וועלט פאַר דער צייט.

עס שטייען רעדלעך מענטשן אין גאַס, ברעכן זיך די הענט, דרייען מיט די קעפּ אין שטילן שוידער.

דוואָשע רוקט זיך צו נעענטער צו שפרינצען, זאָגט איר עפּעס אין אויער. שפרינצע שפרינגט אויף. „וואָס רעדט איר? ווען איז דאָס געשען?” פרעגט זי, ווישנדיק די אויגן.

„אַ פּאָר טעג איידער פייגל איז געשטאָרבן”, ענטפערט דוואָשע. „זיין ווייב האָט אים געכאַפּט אין שטאַל, ווען ער האָט געהאַלטן אין מאַכן אַ פּעטליע פון האַנטעכער... ער האָט זיך איינגערעדט, אַז זיין שוועסטער פייגל שטאַרבט צוליב זיינע זינד, און געוואָלט זיך אויפֿהענגען”. דוואָשע פאַרקרימט איר פאַרקנייטשטן פּנים, ווי זי וואָלט נאָרוואָס געזען אַ מיאוסקייט דורכלויפן.

כאָשע פלאָכעס גייט צו נעענטער צו די שושקענדיקע ווייבער, לייגט צו אַן אויער, הערט פון וואָס זיי ריידן און זאָגט: „אַ שיינע, ריינע כפרה וואָלט געווען. ער האָט כשר פאַרדינט אַ מיתה משונה”. זי דערמאָנט זיך, אַז ווען איר רייזל האָט געסטרייקט, מען זאָל ניט

אַרבעטן שבת־צו־נאַכטס, האָט אברהמטשיק זי פאַרמסרט פאַרן אור־ראַדניק. „געגנוג קינדער האָבן צוליב אים געליטן", זאָגט כאַשע, שפּייט אויס, און גייט ווייטער.

צווישן די צוויי שורות נידעריקע הייזער אין דער סווענטעוואָליער גאַס ציט זיך אַ פערד־און־וואָגן. דאָס פאָרט דער פויער אַנדריי פון דאָרף אין מאַרק אַריין. דערזען אַזוי פיל מענטשן, פאַרשטייפט ער די לייצעס אין זיינע אַלטע פויערשע הענט. דאָס פערד פאַרלאַנגזאַמט זיין טראָט. „וועלכער רבי איז ביי אייך געשטאָרבן?" פרעגט אַנדריי און שטעלט־אָפּ אינגאַנצן זיין פערדל.

„אַ יונגע כלה־מיידל איז געשטאָרבן — פייגעלע פאָרטנאָי", ענטפערט עמיצער פון רעדל מענטשן.

אַנדריי נעמט אַרונטער דאָס היטל, לאָזט אַראָפּ זיין קאָפּ. „אַ שאָד!" זאָגט ער, און צלמט זיך אַריבערן האַרצן. ער מורמלט עפּעס אין דער שטיל, פאַרקערעוועט דאָס פערד אָן אַ זייט, און וואונדערט זיך פון וואַנעט עס קומען אַזויפיל מענטשן.

די לוויה האָט זיך אָנגעהויבן. זי האָט זיך געצויגן פאַמעלעך כמעט אויף אַ וויאָרסט איבער דער סוועטעוואָליער גאַס. פאָרויס זיינען געגאַנגען פייגלס פיר ברידער מיטן אָרון אויף די אַקסלען. די צוויי ייִנגערע ברידער זיינען געגאַנגען פאָרויס, מאָטל מיט אברהמטשיקן פון הינטן. אברהמטשיק איז געגאַנגען מיטן קאָפּ אַרונטער, די אויגן אויף דער ערד, און זיין אין צווייען־אויסגעבויגענע פּלייצע האָט זיך געדרוקט אַלץ נענטער אונטערן אָרון, ווי ער וואָלט זיך געיואָלט אויסבאַהאַלטן פון מענטשלעכע אויגן.

שלום בער, דער פאָטער, דער שטענדיקער שווייגער, איז נאָכגעגאַנגען מיט זיינע לאַנגע פיס; זיינע לאַנגע דאַרע הענט האָבן זיך אין די זייטן געפּלאָנטערט ווי איבעריקע שטיקער האָלץ. אַ פאַרשטיינערטע שטילקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין לאַנגן, דאַרן פּנים.

אָבער כאַשע לאה איז געגאַנגען ניט לאַנגזאַם און ניט שטיל. זי איז געלאָפן, געריסן זיך די האָר פון קאָפּ און געשריגן: „מיין קינד! מיין שיינע יונגע בלום! אַ קלאָג צו דיין מאַמען!" זי האָט זיך געקלאַפּט מיט די פויסטן אין קאָפּ.

די שרעק פאַרן טויט האָט אַלעמען אַרומגענומען. פון אַלע זייטן טראָגט זיך אַ געוויין, אַ שלוכצן, אַ וויי־געשריי. הלל דער שמש שרייט אַלעמען אַריבער. „צדקה תציל ממות!" קלינגט זיין בלעכענע פּושקעלע אַריבער קעפּ. צייטנווייז הערט זיך אַ טעמפּער קלונג — אַ מאַנס־

בילשע האַנט וואַרפט אַריין אַ קאָפּיקע. דאָס פּושקעלע צעקלינגט זיך נאָך שטאַרקער, ווי עס וואָלט פאַרטײַטשט הללס אויסרוף: „גיט צדקה, דאָס וועט אײַך אויסהיטן פון טויט״.

נאָכן אָרון איז געגאַנגען די גאַנצע גרויסע פּאַרטנאַי־משפּחה, און סתם פרומע ייִדן און ייִדענעס, „ווײַנערקעס״ און „שבחים זאָגערקעס״. נאָך זיי איז געגאַנגען די יוגנט פון שטעטל. די שוועסטער האָבן גע־טראָגן רויטע שלײַפלעך אַרום די העלדזער; די ברידער רויטע רובאַש־קעס פאַרגאַרטלט מיט גאַרטלען, און שוואַרצע קוטאַסן האָבן זיך גע־טרייסלט מיט יעדן טראָט. אַנדערע פון דער יוגנט האָבן געטראָגן פאַרשיידענע קליידער, מערסטנס שוואַרצע.

אַז די לוויה איז צוגעקומען צום טויער פון בית־עולם, זײַנען אַלע געבליבן שטיין. דער טאַטע און די ברידער מיטן אָרון האָבן זיך אָפּ־געשטעלט ביים פּלויט. הארט ביים פּלויט זײַנען געווען צוויי קברים. דאָרטן זײַנען געלעגן די, וואָס זײַנען ניט געווען ראוי באַערדיקט צו ווערן גלײַך מיט אַלע ייִדן אויפן בית־עולם.

אברהמטשיקס אויגן זײַנען געפּאַלן אויף די קברים ביים פּלויט. זײַנע אַקסלען האָבן אַ צוק געטאָן, די קני האָבן זיך אים אַ בויג געטאָן, אַזש דער אָרון האָט זיך אַ וויג געטאָן. די לוויה האָט זיך אָפּגעשטעלט. די עלטערע ייִדן האָבן זיך דערמאָנט פון מאָטקע משומד און פון איטשען, וועלכער האָט זיך אויף דער עלטער אָנגעטאָן אַ מיתה משונה פון פאַר־דרוס, וואָס ער האָט פאַרמסרט פאַר נאַטשאַלסטווע יאַניוּוער חסידים, אַז זיי גלויבן ניט אין גאָט און אין קייסער. מען האָט צוגעמאַכט די יאַניוּוער שול. איטשע האָט געבראַכט האַרצווייטיק מיט לאָדענישן אויף אַ סך ייִדן. איצט ליגט ער דאָרטן אונטערן פּלויט, און ווען ניט די שוואַרצע בלעכלעך מיט די רויטע אותיות, וואָלט מען ניט געוואוסט, אַז דאָרטן זײַנען דאָ צוויי קברים. דער גאַנצער פּלאַץ אַרום איז פאַר־וואַקסן מיט ווילד־גראָז און קראָפּעווע.

הלל דער שמש האָט ברייט פאַנאַנדערגעעפנט דעם טויער פון בית־עולם. „צדקה תציל ממות״ האָט די פּושקע געקלונגען אין זײַנע הענט. מיט שטילע טריט איז מען אַריין אויפן גרויסן פעלדיקן בית־עולם. בלויז דאָס יאָמערן פון כאַשע לאהן און דאָס כליפּען פון די ווײַבער האָט איבערגעריסן די שטילקייט.

דער אָרון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט ביים אָפענעם קבר. כאַשע לאה האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים און זיך געצאַפּלט אין קאָנוואולסיעס. איר מאַן מיטן פאַרשטיינערטן פּנים און די זין האָבן זי אָוועקגעריסן

פון אָרון... כאַשע לאהס פיס האָבן ניט באַטראָטן די ערד: זיי האָבן זיך נאָכגעשלעפּט ווי צוויי איבעריקע קלעצער.

„וואַסער! וואַסער!" האָבן די זין געשריען. מען האָט געמינטערט כאַשע לאהן. די מענטשן זיינען געשטאַנען אויף דעם גרויסן אַלטן בית־עולם, זייערע אויגן האָבן געוואַנדערט איבער דער טויטער, שטילער פּוסטקייט, געקוקט אויף די גרויע שטיינערנע מצבות, וואָס מענטשלעכע טרערן, זון, רעגן, שניי און ווינט האָבן זיי צעקאַרבט. דאָ און דאָרטן איז געשטאַנען אַ ליימענער אהל פון אַ רייכן נפטר. ווייטער אַרויף זיינען געשטאַנען קליינע מצבהלעך, שטיינערנע און הילצערנע — אַ פעלד מיט ברעטלעך. שיטער זיינען דאָרטן די ביימעלעך, מיטן אָנקומען פון די מענטשן האָבן די פייגעלעך אויף צווייגלעך זיך א וויג געטאָן, אַ פּיק געטאָן און אין הימל אַנטלאָפן. אַרומגעצאַמט איז דער בית־עולם מיט אַ שפּיציקן, הילצערנעם פּלויט. אַמאָל איז דער פּלויט געווען ניי און ווייס אָפּגעפאַרבט. איצט איז ער אַלט און גרוי, די שפּיציקע שטעקלעך צעשפּאָלטן. אַ מוראדיקע שטילע רואיקייט הערשט דאָרטן, סיידן ווען אַ מת קומט צו. דעמאָלט קומען לעבעדיקע מענטשן, מאַכן אַ גרויסן טומל. ווען זיי גייען אַוועק, ווערט ווידער רואיק און שטיל... דער הימל איבערן בית־עולם איז בלוי און רואיק, נאָר צייטנווייז צעשטורעמט ער זיך.

כאַשע לאה האָט שוין ניט געהאַט קיין כוח און ניט קיין טרערן, איז זי געזעסן אויף דער נאַקעטער ערד, דעם קאָפּ אין די הענט, און זיך שטום געשאָקלט הין און צוריק.

אַז אַלץ איז געוואָרן שטיל, זיינען די שוועסטער און ברידער מיט אַרונטערגעלאָזענע קעפּ צוגעגאַנגען צום אָרון — נאָך זיי אַלע יוגנטלעכע פון שטעטל. די פרומע יידן און יידענעס האָבן זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט. די טויטע שטילקייט און די אַנדערשקייט פון אַלע אַנדערע לוויות האָט זיי צעטומלט און געשראָקן.

אַרטשיק האָט אויפגעהויבן זיינע הענט אין דער הויך — אַ סימן, אַז ער הייבט אָן דעם הספד: „טייערע משפחה, מענטשן, שוועסטער און ברידער, און איר אַלע! אין אונדזער ביטערן טרויער נאָך דער טייערער אַכצן־יאָריקער שוועסטער פייגעלען, וועלכע איז געפאַלן אַ קרבן פון עקספּלואַטאַציע פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, זיינען מיר זיך דאָ צוזאַמענגעקומען אָפּגעבן איר דעם לעצטן כבוד. אָבער ווייסט איר ווער אָט די פאַרשטאָרבענע פייגעלע איז געווען? ווייסט איר וויפל זי האָט געליטן? זי איז געווען אַ שטילע טייערע נשמה

און האָט געליטן דאָפּלט. אין הוטע האָט זי געליטן קערפּערלעך פון דער שווערער אַרבעט, וואָס האָט זי קראַנק געמאַכט און געטריבן זי פון דער וועלט צוליב דער פינצטערער עקספּלואַטאַציע פון מערדער־לעכן קאַפּיטאַליזם. אין שטוב האָט זי געליטן גייסטיק. ווייסט איר, וואָס זי האָט מיר איינמאָל געזאָגט? „אַרטשיק, דו און איר אַלע זייט מיינע אמתע ברידער און שוועסטער. מען האָט מיר אָנגעזאָגט אין שטוב, אַז איך זאָל זיך מיט אייך ניט טרעפן". „פאַרוואָס האָט מען איר ניט געלאָזט זיך טרעפן מיט אונדז?" פרעגט אַרטשיק מאָנענדיק, און ער ענטפערט — „ווייל מיר גיבן אַוועק אונדזערע יונגע כוחות, אונד־זער לעבן אַרויסצוררייסן מיטן וואָרצל די פאַרשאָלטענע קאַפּיטאַליסטי־שע אָרדענונג וואָס מאָרדעט קינדער, פאַרשניידט די יאָרן פון אַזעלכע יונגע מענטשן ווי פייגעלע. דער קאַפּיטאַליזם איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר פייגלס טויט! די קאַפּיטאַליסטן שיקן פון דער וועלט אַ סך אַזעל־כע קרבנות ווי פייגעלע..." אַרטשיק בלייבט שטיל.

עזריאל קומט צו נאָענט צום אָרון. ער לייגט אַרויף זיין רויטע פאַטשיילקע אויפן ווייסן ליילעך און צעוויינט זיך... ער האָט זיך דער־מאָנט, ווען פייגל איז געווען אַ קליין מיידעלע, געוואוינט אין שכנות מיט זיי. ער האָט זי אויסגעלערנט צו ריידן צו אים מיט די פינגער... זיי האָבן זיך ליב באַקומען... איצט טרייסלט זיך זיין יינגלשער גוף אין אַ ביטערן יאָמער־געוויין.

ס'איז געווען מוראדיק און שרעקלעך צו זען און הערן, ווי עזריאל וויינט, ווייל אַ שטומער וויינט ניט נאָר מיט די אויגן — אַ שטומער וויינט מיטן גאַנצן גוף און ווער קען דאָס ווּסן וואָס עס טוט זיך ביי אַ שטומען אין האַרצן?

אין דער אָנגעצויגענער שטילקייט האָט זיך עמיצער צעזונגען:

„ביסטו געפאַלן אַ טויטע, די אויגן די ליבע פאַרמאַכט...
איך וויקל דיך איין אין דער פאָנע דער רויטער
און איך פאַל מיט דיר אין בלוטיקער שלאַכט".

פון אַ צווייטן ווינקל האָט אַ יונגע יינגלשע שטימע אויפגעכאַפּט:

„אַ שבועה פון בלוט און פון טרערן
מיר שווערן, מיר שווערן, מיר שווערן!
מיר שווערן צו קעמפן פאַר פרייהייט און רעכט,
מיט די טיראַנען און זייערע קנעכט
מיר שווערן צו גיין אין ביטערן שטרייט
ביז וואַנען די וועלט וועט ווערן באַפרייט!"

הלל שמש האָט זיך דורכגעריסן דורך דער יוגנט. וואָס האָט אַרומ־גערינגלט דעם אָרון. מיט זיינע דאַרע, שפּיציקע עלנבויגנס האָט ער זיי פאַנאַנדערגעשטופּט. נאָך אַ ייד, וואָס האָט די גאַנצע צייט געזאָגט תהילים, האָט געהאָלפן הלל שמש אַרונטערלאָזן דעם אָרון אין קבר און אַרויפגעשאָטן אַ הויפן זאַמד אויף דעם. פרומע יידן האָבן עפּעס געזאָגט אין דער שטיל. כאַשע לאהס באַגייטער געוויין האָט צעשפּאָלטן די לופט.

די שוואַכע זון איז געשוואומען אין די וואָלקנס און אָנגעזאָגט, אַז עס איז שוין ווייט נאָך האַלבן טאָג.

⁂

די ביטערקייט אין די הערצער פון אַ סך שטעטלדיקע פרויען צו כאַשע לאהן איז ווי פאַרשוואונדן צוזאַמען מיט פייגלען. פראַדל און „די מאַנסבילשע קאָפּ" האָבן פאַרגעסן, וואָס עס איז פאָרגעקומען ביים רבין מיט דעם דין־תורה און זיינען זי געגאַנגען מנחם אָבל זיין.

אַז פראַדל איז צוריקגעקומען פון כאַשע לאהן, איז איר שווייגנדיקער אויסגעלייטערטער פּנים געווען פול מיט סודות. זי האָט אַוועקגעלייגט די קאַרטאָפל, וואָס זי האָט געהאַלטן אין שיילן, צוזאַמענגעלייגט אירע שאָרסטקע הענט אין שויס און געזאָגט מיט אַ טעמפּן טאָן, וואָס מענטשן באַנוצן, ווען זיי דערוויסן זיך פּלוצעם פון אַ גרויסן אמת:

„הערסט, דוד, ווען איך זע ניט מיט מיינע אייגענע אויגן און הער ניט מיט מיינע אויערן, וואָלט איך גאָרניט געגלויבט, אַז צרות קענען אַזוי איבערבייטן אַ מענטשן. כאַשע לאה איז גאָרניט די זעלבע וואָס זי איז געווען. זי שרייט ניט, שעלט ניט, רעדט אַפילו ניט צו־הויך. און ווען זי רעדט שוין יאָ, איז, דוכט זיך, איר יעדעס וואָרט דורכגעטראַכט... ווייסט וואָס זי האָט מיר געזאָגט? ווען איך האָב זי געטרייסט, אַז אין אַלץ, וואָס גאָט טוט, איז ער גערעכט, אַז מיר מענטשן קענען ניט שטענדיק פאַרשטיין גאָטס וועגן, האָט זי מיר געענטפערט: „ווי אַזוי זאָלן מיר פאַרשטיין גאָט, אַז מיר קענען אַפילו ניט פאַרשטיין די מענטשן? אַפילו אין די שוועסטער און ברידער איז דאָ גוטסקייט... אפשר ווייסן זיי פון זאַכן, וואָס מיר עלטערע מענטשן ווייסן ניט?" הערסט עפּעס ווערטער?" און קנייטשנדיק דעם שטערן פרעגט זי: „וואָס דרינגען מיר פון דעם?".

„מיר דרינגען", זאָגט דער טאַטע, „אַז אין צרות ווערן אונדזערע נשמות געלייטערט".

„אויב אַזוי", זאָגט די מאַמע, „ווילן מיר, הייסט עס, מוזן האָבן אַ סך צרות ביז מיר וועלן אויסגעלייטערט ווערן און די וועלט וועט ווערן בעסער!"

„מיינסט, פּראַדל, ביז משיח וועט קומען", בעסערט איר אויס דער טאַטע.

מיט אַ שטילן קרעכץ האָט זיך די מאַמע גענומען צוריק שיילן די קאַרטאָפל.

## דאָס געווער איז געבליבן פאַרגראָבן

עטלעכע טעג נאָך פּערלס אַוועקפאָרן איז דער מאַמעס ברוין־פּאַר־האַרטעוועטער פּנים נאָך מער פאַרהאַרטעוועט געוואָרן. זי האָט געקוקט אויף די ווענט ווי זיי וואָלטן זיך צוזאַמענגערוקט און געמאַכט איר ענג אין שטוב. אויף שנעל, ווי זי וואָלט געוואָלט פון עפּעס אַנטלויפן, האָט זי צוזאַמענגעפּאַקט די סחורה־טשיפּקעלעך, העמדעלעך, שפּיל־קעלעך — אַריינגעוואָרפן עס אין אַ זאַק, אַריינגעלייגט אין אַ בייטעלע אַ פּאָר אייער־בייגל, אַ הויפן צוקערקעס, עטלעכע האַרטע שטיקלעך צוקער — מתנות פאַר סטעפּאַנס יתומים — און איז אַוועק־געפאָרן אין דאָרף.

דאָס מאָל האָט זי זיך פאַרזאַמט אין דאָרף לענגער ווי געוויינלעך. ווען זי איז צוריקגעקומען, איז איר פּנים געווען ווי מיט אַ וואָלקן פאַרצויגן, אונטער די אויגן — שוואַרצע רינגען, און אין די ווינקלען פון איר מויל האָט געציטערט עפּעס אַ פאַרבאָרגענער סוד.

אין אַ געדריקטער שטילקייט האָט אַרקע געהאָלפן דער מאַמען אַריינברענגען אין שטוב אַ פּאָר זעקלעך קאַרטאָפל, צוויי פולע זעק קאַרטאָפל האָט זי געלאָזט ליגן אויף דער פור און אָנגעזאָגט אַרקען, אַז ער זאָל דאָס צוריקגעבן מאַריאַשען, ביי וועמען דער מאַן איז גע־שטאָרבן און זי געלאָזט מיט זיבן קינדער, וועלכע עסן קיינמאָל ניט צו־זאַט. „כ'האָב דאָס פון אָנהייב ניט געוואָלט נעמען", פאַענט־פערט זיך די מאַמע. „זי קען האָבן זיי העמדעלעך פאַר די קינדער", שרייט זי נאָך דעם אָפּפאָרנדיקן אַרקען.

די מאַמע איז אַריין אין שטוב און אַראָפּגעלאָזט איר מידן, שווערן קערפּער אויף אַ זאַק קאַרטאָפל. אירע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט

פון די חדר־ייִנגלעך צו דער האַלב־שוואַרצער ברענענדיקער האַלע־ווּעשקע, וואָס איז געלעגן אויפֿן פּריפּעטשיק און מיט אַ צאָרנדיקן רויט פֿייערל זיך געצונדן און געלאָשן.

„האָסט שוין געדאַרפֿט אויפֿגעבן דעם דאָרף, פֿראַדל", זאָגט דער טאַטע און קוקט אויף איר פֿאַרשולדיקט און מיט רחמנות.

די מאַמע האָט ניט געענטפֿערט. עס איז געווען קענטיק אויף איר פּנים, אַז אירע געדאַנקען זיינען אַריינגעטאָן ערגעץ ווייט אין עפּעס אַ שווערער איבערלעבונג.

„ביסט ניט געזונט, פֿראַדל?" פֿרעגט דער טאַטע און קוקט דאָ אויף איר, דאָ אויף די שטיפֿנדיקע חדר־ייִנגלעך.

„איך בין גאָט צו דאַנקען געזונט. שוין איינגעוואוינט אַרומצו־שלעפּן די זעק. נאָר עפּעס האָב איך געהערט און געזען אין דאָרף אַזוינס וואָס איך האָב ניט געהערט און ניט געזען אַלע מיינע יאָרן וואָס איך פֿאָר אַרום אין די דערפֿער צווישן די פּויערים", זאָגט די מאַמע אַ באַ־זאָרגטע און רייבט זיך דעם שטערן.

די חדר־ייִנגלעך, ניט געוואוינט צו זען די רביצן זיצן פֿאַרזאָרגט און גאָרניט טאָן, האָבן אָנגעשטעלט מויל און אויערן און זיך צוגעהערט צום געשפּרעך.

„קינדערלעך, שוין צייט צו גיין עסן וואַרמעס", זאָגט די מאַמע צו זיי. זי הייבט זיך אויף און מיט אירע הענט פּאַכעט זי אין דער לופֿטן ווי מען טרייבט אַרויס אַ סטאַדע הינער. געהערט „גיין עסן וואַרמעס", זיינען די ייִנגלעך געוואָרן פֿריילעך, האָבן אַלע צוזאַמען זיך אַ שפּאַר געטאָן צו דער טיר, זיינען אַרויסגעלאָפֿן אין גאַס און אָנגעפֿילט די וואַרעמע זומער־לופֿט מיט זייערע דינע קלינגענדיקע שטימעלעך.

מיט אַ שווערן קרעכץ האָט די מאַמע אַרויסגעקוקט דורכן אָפֿענעם פֿענצטער ווי די חדר־ייִנגלעך שפּרינגען און שרייען זיך פֿריילעך אי־בער. „זאָל זייער פֿריילעכקייט ניט פֿאַרשטערט ווערן", זאָגט זי באַ־זאָרגט. „מען רעדט אין דאָרף פֿון אַ פּאָגראָם אויף ייִדן".

דערהערט דעם וואָרט „פּאָגראָם", איז דער טאַטע בלייך געוואָרן. אַ ווייל האָט ער קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסריידן און געקלערט: פּאָגראָמען מאַכט מען אין גרויסע רוסישע שטעט, אָבער דאָ? ...

ער האָט אויפֿגעהויבן זיינע פֿול־פֿאַרלאָפֿענע אויגן צו דער סטעליע און מיט אַ פֿעסטן גלויבן געזאָגט: „גאָט, ברוך הוא, וועט אונדז אויסהיטן פֿון אַ פּאָגראָם. אונדזערע אייגענע פּויערים וועלן אויף אונדז קיין פּאָ־גראָמען ניט מאַכן!"

ביילקע האָט אָנגעקוקט איר טאַטנס פּנים און באַשלאָסן אַז אַזוי האָבן אויסגעזען די נביאים, ווען זיי האָבן געשטראָפט און געטרייסט די יידן און נביאות געזאָגט...

„פראַדל, מיר מוזן האָבן אַ שטאַרקן בטחון אין גאָט", זאָגט דער טאַטע כמעט מאָנענדיק. און גלייך פרעגט ער: „וואָס־זשע, די ערלים אין דאַרף בונטעווען זיך? עשיו... וואָס דען?"

די מאַמע האָט אויף אים אַ בייזן קוק געטאָן, ווי ער וואָלט איר משפחה באַליידיקט. „דוד, ווען דו וואָלסט פאַרשטאַנען די פויערים אַזוי גוט ווי איך פאַרשטיי זיי, וואָלסטו דאָס ניט געזאָגט. דו ווייסט, אַז זיי זיינען גוטע מענטשן. זייערע גלייכווערטלעך זיינען, להבדיל, ווי תורה... יאָ, זיי בונטעווען זיך, אָבער ניט קעגן די יידן. די פריצים ימח שמם האָבן צוגענומען ביי זיי די ערד און שינדן פון זיי די הויט פאַר פּאַדאַטקעס. די פריצים און גלחים האָבן אַרויסגעלאָזט קלאַנגען, אַז יידן זיינען שולדיק אין זייער אָרעמקייט... אַז יידן האָבן פאַרכאַפּט דאָס גאַנצע גאָלד פון רוסלאַנד... אַז מען דאַרף דאָס איצט מיט גוואַלד ביי זיי אָפּנעמען".

די מאַמע האָט זיך צעוואַרעמט אין אירע רייד — גלאַט אַזוי זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן. האָט זי אָבער באַמערקט, אַז דער טאַטע איז אַזוי פאַרטאָן אין ספר, אַז ער הערט זיך אַפילו ניט צו וואָס זי זאָגט. זי האָט אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט ווי זי וואָלט געזאָגט, „וואָס איז דאָ מיט אים צו ריידן?" אַ פייערל האָט אויפגעבליצט אין אירע אויגן... זי וועט גיין צו צפּורהן זיך דורכריידן מיט איר.

אַריין אין שטוב, האָט זי געטראָפן צפּורהן זיצן איבער אַ בלאַט, „איס־קראַ", וואָס אַן אומלעגאַלער מענטש האָט מיט אַ וואָך צוריק געבראַכט. די צייטונג איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, איז געווען צעקנייטשט און אין עטלעכע ערטער, צעריסן.

„גוט וואָס איר זיינט געקומען, פראַדל", זאָגט צפּורה און נעמט אַוועק אירע שטענדיק פאַרטרערטע אויגן פון צייטונג. „זעצט זיך", רוקט זי איר אונטער אַ שטול, „דערציילט וואָס הערט זיך עפּעס אין די דערפער, פון וואָס ריידן די פויערים?"

די מאַמע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן שטול. ד'ער שטול האָט אַ סקריפּע געטאָן אונטער איר. „צפּורה", האָט זי אָנגעהויבן, „עס איז ניט גוט. איך בין זיך געקומען באַראַטן מיט אייך וואָס מיר זאָלן טאָן". און זי דערציילט איר, אַז די פויערים הונגערן, זיי זיינען פאַרביטערט און אַנטוישט מיט דער קאָנסטיטוציע, וואָס צאַר ניקאָלאַי האָט גע־

געבן, און גענומען צוריק, אַז פריצים, גלחים, און אַפילו נאַטשאַלסטווע פאַרשפּרייטן העצעס צווישן דער דאָרפישער באַפעלקערונג, אַז יידן זיינען שולדיק וואָס רוסלאַנד האָט פאַרלוירן די מלחמה מיט יאַפּאַן; אַז אַלע יידן זיינען רייך; אַז מען מוז וואָס שנעלער צונעמען ביי זיי זייערע פאַרמעגנס; אַז אַנטיסעמיטישע בלעטלעך ווערן פאַרשפּרייט צווישן פויערים, זיי זאָלן שלאָגן יידן. זי דערציילט ווי דעמיאַנקאָ פון וויאַדע און סטעפּאַן פון באָבראָוויטש האָבן זיך ביי איר געבעטן, אַז זי זאָל זיי ברענגען פון שטאָט פּראָקלאַמאַציעס. זיי ווילן, לייענען פון פּאַפּיר צו די ברידער־פויערים, אַז יידן זיינען ניט שולדיק אין זייער שווערער דאָליע, אַז עס זיינען דאָ אַ סך גוטע יידן און יידענעס, ווי דודיכע, וואָס זיינען אָרעם ווי זיי, די פויערים; אַז יידן האָבן זייערע ערד ניט צוגענומען; אַז דער פּריץ גיט זיי נאָר איין דריטל וואָס זיי קומט פאַר האָרעווען אויף די פעלדער מיט ווייב־און־קינדער פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג; אַז פון אָט דעם דריטל מוזן זיי נאָך צאָלן שטייערן. ווען די פויערים וועלן דאָס הערן אַרויסגעלייענט פון אַ פּאַפּיר, וועלן זיי גלויבן, זאָגט דעמיאַנקאָ.

די מאַמע וואָלט נאָך גערעדט, האָט צפּורה זי איבערגעשלאָגן. מיט איר קליין ווייס הענטל האָט זי אָנגעוויזן אויף אַ פלאַץ אין דעם רוסישן בלאַט — אַ שטיקל אַנטיסעמיטישע נייס, וואָס די „איסקראַ" האָט איבערגעדרוקט צו ווייזן וואָסערע נאַרישע ליגנס די צאַרישע ציי־טונגען פאַרשפּרייטן.

די וואויל־קענעוודיקע פּראַדל טוט אָן אירע ניי־געמאַכטע שפּאַקולן, נעמט די צייטונג אין האַנט ווי אַ הייליקן ספר און לייענט הויך אויפן קול. צפּורה לייגט צו אַ פינגער צום מויל און ווייזט איר זי זאָל לייענען שטילער. פּראַדל לייענט: „יידן שעכטן היינער, נעמען אַרויס דאָס אי־בערווייניקסטע, שטאָפּן זיי אָן מיט גאָלד, און שיקן דאָס אַריבער צו זייע־רע פריינד אין אויסלאַנד וואוהין זיי אַנטלויפן שפּעטער". נאָכן אי־בערלייענען איז דער מאַמעס ברוינער פּנים געוואָרן בלוי. עס האָט איר אויסגעפּעלט אָטעם צו ריידן, נאָר מיט איר'ע קלוגע אויגן האָט זי ווי זיך געבעטן ביי צפּורהן: „איז וואָס וועלן מיר טאָן?"

יענע האָט פאַרשטאַנען איר קוק. האָט זי אָנגעהויבן רעדן מיט אַ זייער נידעריקער שטים: „מיר האָבן אַ סאַמאָאָבאָראָנע. מיר האָבן באַהאַלטן געווער. ווען די צייט וועט קומען, וועט איבדזער יוגנט וויסן וואָס צו טאָן מיט דעם. אַלע רייכע יידן אין שטעטל האָבן געגעבן געלט אויף געווער. אַפילו טוראַק האָט געגעבן הונדערט רובל. מען האָט

דאָס געלט איבערגעשיקט צום צענטראַל קאָמיטעט פון „בונד". פון דאָרטן האָט מען געשיקט רעוואָלווערן, קוילן, קינזשאַלן און אַפילו די־נאַמיט. דאָס האָט מען דאָ פאַרגראָבן אין דריי קאָנספּיראַטיווע פּלעצער, וואָס נאָר די איבערגעגעבנסטע פון די שוועסטער און ברידער ווייסן וואו ס'געפינט זיך. „דאָס האָט מיר מיין רייזל דערציילט", זאָגט צפורה מיט אַ פייערל אין אירע אויגן.

„דאָס איז אַלץ גוט", זאָגט די מאַמע, „אָבער שטאַרקער פון געווער איז דאָס מענטשלעכע האַרץ... „דער קאָפּ", ציגט זי אויפן שטערן. „מיר מוזן אַריבערגעווינען די פויערים אויף אונדזער זייט".

די צוויי פרויען זיינען געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין געשפּרעך, אַז זיי האָבן ניט באַמערקט ווי סאָניע און חיים זיינען אַריינגעקומען. אַר־טשיק איז זיי נאָכגעגאַנגען. דער אויבערשטער טייל פון זיין קערפּער איז געווען רונדיק ווי אַ פאַס. מיט זיינע שמאָלע הויזן אויף די פיס, האָט ער אויסגעזען ווי אַ קיילעכדיק פעסל וואָלט געזעסן אויף צוויי שטעקעלעך.

„מאַמינקע", איז חיים צוגעלאָפן צו דער מאַמען, „וואָס ביסטו אַזוי פאַרטראַכט, באַזאָרגט? ווען ביסטו געקומען פון דאָרף? וואָס זאָגן דאָרטן עפּעס די פויערים?" פאַרשיט ער זי מיט פראַגן.

„זיי זאָגן, מיין קינד... ווי ווער.." ענטפערט די מאַמע מיט אַ מיין.

„וואָס איז דאָ וואָס צו פרעגן און וואָס צו זאָגן?" גיט אַרטשיק אַן עפן אויף זיין רעקל און שפּיליעט אָפּ זיין קאַמזויל. פון אונטערן העמד שלעפּט ער אַרויס אַ פּאַק מיט פּראָקלאַמאַציעס. „דאָס איז אונד־זער גאָלד", פּאַקעט ער מיטן פּאַק פּאַפּיר אין דער לופטן. „אַזוי פיל, אפשר נאָך מער, האָב איך היינט געגעבן צו —" אין ער האַלט זיך אָפּ פון אַרויסזאָגן דעם נאָמען. „ער איז ספּעציעל געקומען צו מיר נאָך דעם. פינף וויאָרסט געגאַנגען צו פוס נאָך דעם פון ווילקע".

„וועסטו מיר, אַרטשיק, דאָס אָנגעטרויען?" ציט די מאַמע אויס איר האַנט צו אים.

„וועט איר טאָן פּערלס אַרבעט?" פרעגט אַרטשיק מיט אַ שמייכעלע, און גיט איר אַ פּעקל פּראָקלאַמאַציעס.

„איך וועל טאָן! איך מוז טאָן!" זאָגט די מאַמע און שמייכלט מיט אַן אויפגעבליצטער האָפענונג אין האַרצן.

אויף מאָרגן גאַנץ פרי, איידער די זון איז אַרויסגעקומען, האָט זיך די מאַמע צופוס אַוועקגעלאָזט אין דאָרף אַריין — אַ מהלך פון 5 וויאָרסט

— ניט מיט סחורה פאַר דאָרפישע קינדער, נאָר מיט אַ פּאַק פּראָקלאַמאַציעס אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק אַרום קערפּער אונטערן העמד. דעמיאַנקאָ וואַרט דאָרטן אויף דעם.

אין אָוונט פון זעלבן טאָג, ווען די מאַמע איז געקומען צוריק פון דאָרף, איז איר פּנים געווען פריידיק, צעשיינט. זי האָט זיך געפילט דערהייבן און יונג; זי האָט נאָר־וואָס פאַרענדיקט די וויכטיקסטע אַרבעט אין איר לעבן, פּערלס אַרבעט...

צו קיין פּאָגראָם איז ניט געקומען, די אַמוניציע איז געבליבן ליגן פאַרגראָבן ערגעץ אונטער ביימער.

## די מאַמע ווערט קראַנק

דאָס שטעטל איז געוואָרן רואיקער, עס איז מער ניט געווען קיין רייד וועגן אַ פּאָגראָם.

אַ שטיקל צייט האָט אָנגעהאַלטן דער מאַמעס געהויבענע שטימונג וועגן איר אויפטו צווישן די פּויערים. דאָס האָט אויף אַ ווייל אַריינגעבראַכט אַ נייעם אינהאַלט אין איר לעבן און איר געהאָלפן איבערצוקומען איר שווערע בענקשאַפט נאָך איר פּערלען. אָבער די געהויבענע שטימונג האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעוועפּט און די טעג האָבן זיך געצויגן פון פּעד און ווי שווערער בליי זיך געלייגט אויף איר געמיט. די נאָגנדיקע בענקשאַפט האָט זי געגעסן ווי אַ וואָרים און אונטערגעגראָבן איר געזונט.

שווער איז געווען דער מאַמען צו דערוואַרטן זיך פון איין פּאָטשט־טאָג צום צווייטן. ענדלעך איז געקומען אַ בריוו פון וועג, אין וועלכן פּערל האָט געשריבן, אַז זי איז בשלום אַריבער די גרענעץ, אַז זי זעט זיך אָן אַ וועלט און אַז זי וועט שרייבן מער, ווען זי וועט קומען אויפן אָרט.

און גאָט האָט געהאָלפן. אין עטלעכע וואָכן אַרום איז געקומען פון פּערלען אַ בריוו אַז זי איז אָנגעקומען בשלום קיין אַמעריקע; אַז באַלטימאָר איז אַ גרויסע, שיינע שטאָט; אַז אַלע קוזינס זיינען גוט צו איר; אַז זי וועט אין גיכן גיין אַרבעטן אין שאַפּ. דעריבער זאָל מען זיך ניט זאָרגן וועגן איר. און פאַרענדיקט האָט זי: „איך האָף נאָך צו זען זיך אַמאָל מיט אייך, טאָקע דאָ אין אַמעריקע".

די מאַמע האָט מיט גרויס ליבשאַפט באַקוקט און באַטאַפּט דאָס פאַרשריבענע פּאַפּיר, ווי זי וואָלט געוואָלט אַרויסלייענען פון דאָרטן

דאָס ניט־געשריבענע, וואָס פערל האָט אין זינען געהאַט און ניט אַרויס־געשריבן. נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל האָט זי איבערגעלייענט דעם בריוו און איז געבליבן ניט צופרידן.

צווייי ווערטער אינעם בריוו זיינען פאַר איר געווען ניט פאַר־שטענדלעך און האָבן זי באַאומרואיקט, וואָס אַזוינס איז „שאָפּ״? זי מוז זיך אָנפרעגן ביי די „אַמעריקאַנקעס״, די פרויען, וועמעס מענער זיינען אין אַמעריקע, אפשר וויסן זיי וואָס דאָס וואָרט באַדייט. און אויפן וואָרט „קוזינס״ איז געווען אַ טינט־פלעק, וואָס האָט האַלב־פאַרשמירט דאָס וואָרט. עס האָט איר געדויערט אַ היפּשע צייט מיט אַ פאַרגרע־סערונגס־גלאָז פעסטצושטעלן דאָס וואָרט „קוזינס״. „איך קען שווערן״, האָט די מאַמע געטראַכט, „אַז דאָס איז ניט קיין טינט־פלעק, נאָר אַ טרער פון פערלס אויג... אַ מאַמעס האַרץ פילט... זי בענקט אַהיים און וויינט אין קישן אַלע נאַכט אַזוי ווי איך״. ביי אָט דעם געדאַנק האָט זיך איר פּנים געקאָרטשעט אין ליידן. זי האָט אַ זיפץ געטאָן, פאַרזיכ־טיק צונויפגעלייגט דעם בריוו, אים אַריינגעלייגט אין קעשענע פון איר אָפּגעטראָגענעם קלייד און מיט צער און ווייטיק צו זיך געזאָגט: „דאָס בעסטע איז פון מיר פאַרטריבן געוואָרן״. אַזוינע געדאַנקען האָט זי אויך אַרויסגערעדט אין דער הייך. ביילקע האָט שוין אַ סך מאָל גע־הערט פון איר מאַמען, אַז דאָס בעסטע איז פון איר אַוועק, און יעדעס מאָל האָבן די ווערטער געשטאָכן און געברענט ביילקען ווי הייסע שפּיזן. עס האָט זי אַרומגעכאַפּט אַ געפיל פון פיינטשאַפט אויסגעמישט מיט רחמנות צו דער מאַמען... זי האָט ניט געוואוסט וועלכער געפיל איז שטאַרקער — פיינטשאַפט, צי רחמנות... זי האָט פאַרביסן די ליפּן ביז ווייטיק און געקלערט פון דעם אַלטן בלעכענעם פושקעלע מיט די קופּערנע מטבעות, וואָס זי האָט אָפּגעשפּאָרט. און דאָס האָט גע־מיינט: שוין צייט אַוועקצופאָרן צום ברודער איז וואַרשע.

ווען דער טאַטע האָט געזען ווי ביילקע בייסט די ליפּן, האָבן זיי־נע טרויעריקע, דורכנעמענדיקע אויגן מילד און וואַרעם געקוקט אויף איר און באַלד האָט ער אַריבערגעפירט דעם בליק אויף דער מאַמע. ביילקע האָט זיך געחידושט, צי זיינען דאָס די זעלבע פאָר אויגן, וואָס האָבן אָט ערשט געקוקט אויף איר אַזוי מילד און גלעטנדיק.

„פראַדל! מ׳טאָר אַזוי ניט רעדן״, האָט ער געזאָגט, און די מאַמע האָט זיך פאַרענטפערט: „מיין האַרץ ווערט שיר נישט צעפּלאַצט פון בענקען״. אירע אָפּגעצערטע באַקן האָבן געברענט מיט אַן אומנאַ־

טירלעכער רויטקייט. אירע אויגן זיינען געווען אַריינגעזעצט טיף אין קאָפּ און האָבן געקוקט אין דער פּוסטקייט אַריין.

„מיר דאַכט זיך, אַז דו ביסט ניט מיט אַלעמען", האָט דער טאַטע געזאָגט און געקוקט אויף איר אַ דערשראָקענער. „מ'טאָר ניט גיין קעגן גאָט... עס איז געווען גאָטס ווילן, אַז פּערל זאָל אַוועקפאָרן קיין אַמע־ריקע". ער האָט גערעדט צו איר ווייך און מיט רחמנות.

איינמאָל, וועןביילקע און חיים זיינען געקומען פון דער אַרבעט, האָבן זיי געטראָפן די מאַמע קראַנק אין בעט. דער טאַטע, ניט געוואוינט צו זען זי קראַנק, האָט געשפּאַנט איבערן זאַמד־יקן דיל אַ צעטראָגענער. אויפן טיש איז געלעגן אַן אָפענער תהלים... די בין־השמשותדיקע גרוי־קייט איז געווען אויסגעשפּרייט אויף די פענצטער, אויף די ווענט, אויף טיש און בענק. אַ שווערער אומעט האָט אַלץ אין שטוב דורכ־גענומען.

„מאַמע! מאַמינקע! וואָס איז דיר?" איז חיים צוגעפאַלן צו איר און געגלעט איר הייסן פּנים מיט זיינע פון־דער־אַרבעט־שוואַרצע הענט. זיין דאַרער יינגלשער קערפּער האָט זיך איבערגעבויגן צו איר און ער האָט זי געקושט. דאָס ערשטע מאָל אין זיין דרייצן־יאָריקן לעבן אַז ער האָט געזען די מאַמע קראַנק אין בעט, האָט אים אויסגעפּעלט ווערטער, און ער האָט געהאַלטן אין איין פרעגן: „מאַמינקע, וואָס איז דיר?"

„ס'איז גאָרניט, מיין קינד, עס וועט איבערגיין", האָט זי אים באַ־רואיקט און מיטן צונג באַנעצט אירע פיבערישע ליפּן.

ביילקע, ווי אַ פאַרשוולדיקטע, האָט מיט שטילע טריט זיך צוגע־שאַרט צו דער מאַמעס בעט. ס'איז מער ניט געווען יענע שטאַרקע, שטענדיק באַוועגלעכע מאַמע, נאָר אַן אומבאַהאָלפענער באַרג מיט קאָלדרעס, פּערענעס און קישנס. פון אונטער אָט דעם באַרג בעט־געוואַנט האָט זיך געזען דער מאַמעס צעפלאַמטער פּנים מיט די האַלב פאַרמאַכטע אויגן. נאָר איין מאָל אין לעבן האָט ביילקע געזען די מאַמע קראַנק. דאָס איז געווען לאַנג צוריק, ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידעלע. די באָבע שיינע שרה, דעם טאַטנס מומע, איז געקומען צו־לויפן. זי האָט אַרויסגעטריבן די טומלדיקע חדר־יינגלעך פון שטוב, האָט אויפגעקאָכט הייסע טעפּ וואַסער, געוואַשן און געאַרבעט איבער דער שרייענדיקער מאַמע. אַ שוואַכער פּישטש פון אַ קינד האָט זיך דער־הערט, דערנאָך איז געוואָרן שטיל... דער טאַטע האָט געוויינט... די באָבע האָט שטאַרק געפּאַטשט אין אַ בלויען קינדערשן געזעסל, קיין געשריי איז מער נישט געקומען.

„נו, מילא, אַ מיידל..." וויניקער מיט אַ מוטשעניצע אויף דער וועלט". האָט די באָבע געזאָגט.

זי האָט אַריינגעלייגט דעם בלויען שטיקל פלייש אין אַ שטרויען קוישל. איר איינציק אויג האָט טרויעריק געקוקט אויף טאַטע־מאַמע. דערנאָך איז געקומען הלל דער שמש, האָט פאַרנומען דאָס קליינע נפשל אין פאַלע און איז אַוועק מיט דעם.ביילקע איז געווען שטאַרק אין כעס אויף הללן, אויף דער באָבען. זי האָט זיך פאַרדרוקט אין אַ ווינקע־לע און לאַנג און שטיל געוויינט. זי האָט געוואָלט האָבן אַ קליין שוועס־טערל אין שטוב, זי זאָל זיך מיט איר שפּילן.

„ביילקע, טראַכט ניט", האָט דער טאַטע זי אויפגעוועקט פון אירע געדאַנקען, „לויף רוף דעם פעטער מיט דער מומע, זאָלן זיי גלייך קומען".

דער פעטער דאנע מיט דער מומע נחמה זיינען געקומען און האָבן געבראַכט מיט זיך דעם יידן משהקע אין די באָבע ברכה. זיי האָבן אָנגעקוקט די מאַמע און געראָטן מ׳זאָל שטעלן פּיאַווקעס. „דאָס וועט אָפּציען די שלעכטע בלוטן", האָט די באָבע ברכה געזאָגט.

„נאָך פּיאַווקעס דאַרף מען גיין צום טייך", האָט געזאָגט דער זיידע, „און איצט איז פינצטער. מען דאַרף וואַרטן ביז מאָרגן. בייטאָג איז דאָך אַ לעבעדיקע וועלט". ער האָט געטרייסט דעם טאַטן, אַז זי וועט אים ירצה השם געזונט ווערן, און אַלע האָבן פאַרלאָזט דאָס הויז.

אַ גאַנצע נאַכט האָט די מאַמע זיך געוואָרפן אין היץ. פּערלס נאָמען איז איר פון די ליפּן ניט אַראָפּ. דער טאַטע האָט ביז האַלבער נאַכט געזאָגט תהלים... ביילקע האָט געלייגט נאַסע, קאַלטע האַנטעכער צו דער מאַמעס קאָפּ, געגעבן איר אַלע מינוט קאַלטע וואַסער צום טרינ־קען. דער שלאָף האָט ביילקען געמאַטערט, אָבער מער פון שלאָף האָט זי געמאַטערט דעם טאַטנס פאַרלאָרנקייט און דער מאַמעס קרעכצן.

מיטן אָנקומען פון פרימאָרגן איז די מאַמע איינגעשלאָפן מיט אַ שווערן, אומרואיקן שלאָף.

גאַנץ פרי זיינען די חדר־ייִנגלעך געקומען, די שטוב איז אָנ־געפּילט געוואָרן מיט זייערע דינע, קוויטשענדיקע שטימעלעך. דאָס האָט אויפגעוועקט די מאַמע פון איר פיבערשן שלאָף.

ווען די שכנים האָבן זיך דערוואוסט, אַז פּראַדל איז געפערלעך קראַנק, זיינען זיי געקומען זי געוואוירע ווערן, די שטוב איז געוואָרן איבערגעפּאַקט מיט מענטשן. יידן האָבן געעצהט צו רופן אַ מנין און זאָגן תהלים, די ווייבער האָבן גערעדט וועגן שטעלן באַנקעס.

„און איך זאָג אייך, ווייבער, אַז פראַדל האָט קדחת. מ׳מוז איר גלייך שטעלן באַנקעס״, האָט העניע גיטל אַ זאָג געטאָן. זי האָט זיך אַרומגעקוקט און אַ פרעג געטאָן: „ווער וועט גיין רופן דוואָשען מיט די באַנקעס ?״

„אפשר זאָל מען איר איינגעבן כינע ? דאָס וועט צונעמען די היץ ווי מיט די הענט״, האָט אַ זאָג געטאָן כאַשע פלאכעס.

דער טומל איז געוואָרן אַלץ גרעסער. די מאַמע האָט שנעל און שווער געאָטעמט. אירע אויגן־דעקלעך האָבן זיך געעפנט און גלייך זיך צוריק אַרונטערגעלאָזט, ווי עס פאַרמאַכט זיך אַ שווערע טיר אין אַ שטורעמדיקער נאַכט.

„אַלע אַרויס פון שטוב ! און דו, דוד, לאָז פאַנאַנדער דעם חדר !״, האָט זיך דערהערט אַ באַפעל פון דער באָבע שיינע שרה. זי האָט גע־קלאַפט מיטן שטעקן אויפן טיש און זיך געבייזערט : „אייזלען וואָס איר זייט ! קענט איר ניט זען, אַז די קראַנקע דאַרף האָבן רו ?״ איר שטענ־דיק שמייכלענדיקער פנים איז געווען אָנגעשטרענגט, און כעס איז גע־לעגן אין איר איינציקן אויג.

אַלע זיינען שטיל געוואָרן. קיינער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען די באָבע האָט זיך פלוצלונג גענומען. די חדר־יינגלעך צוזאַמען מיט די דערוואַקסענע מענטשן האָבן שטיל פאַרלאָזט די שטוב.

די פלוצימדיקע שטילקייט אין שטוב האָט דערשראָקן ביילקען און דעם טאַטן, אָבער ניט די באָבע שיינע שרהן. ווי אַ גוטער קאַפּיטאַן ביי אַן אונטערגייענדיקער שיף האָט זי אַרויסגעגעבן באַפעלן : „דוד ! ברענג וואַסער פון ברונעם ! ביילקע, מאַך פייער אויפן פריפּעטשאָק !״ און אָט גייט שוין אַ פּאָרע פון אַ טאָפּ קאָכיקע וואַסער. די דאַרע ריי־רעוודיקע באָבע, מיט די אַרבל פאַרקאַטשעט ביז די עלנבויגנס, וואַשט דער מאַמעס פנים, רייבט איר קערפּער מיט וואַרעמע האַנטעכער, וואַרפט אַראָפּ דעם באַרג בעטגעוואַנט פון בעט, גלייכט אויס די ליי־לעכער אונטער איר, גיט איר הייסע וואַסער מיט לימענע־זאַפט צום טרינקען, מיט אירע אָדערדיקע הענט גלעט זי אויס די קאָלדרע אויפן בעט, פאַרשפּרייט דאָס בעט מיט אַ צודעק און זאָגט צום טאַטן : „איצט, דוד, שיק נאָכן פעלדשער״.

מיט אַ שעה שפּעטער איז געקומען שלום דער רופא. פון הינטער זיינע פענסנע האָט ער באַטראַכט די פיבערדיקע מאַמע, געקלאַפּט איר אין פלייצע מיט זיינע לאַנגע ביינערדיקע פינגער, פאַרשריבן אַ רעצעפּט און פאַרזיכערט, אַז די רפואה, וואָס ער האָט פאַרשריבן וועט ברעכן די היץ און דער חולה וועט, מיט גאָטס הילף, אין גיכן געזונט ווערן.

***

דער פרימאָרגן איז געווען אַ לויטערער, די זון האָט געשיקט אירע מילדע שטראַלן אין דעם איינציקן פענצטער פון דער מאַמעס שלאָף־צימער, שטיל, מיט לייכטע טריט, ווי שטענדיק, איז די באָבע שיינע שרה אַריבער די שוועל און אַריין אין שטוב. ווען ניט דאָס קלאַפּן פון איר אָנשפּאַר־שטעקן, וואָלט מען ניט געהערט אַז זי איז אַריינגעקומען.

„אַ גוט מאָרגן אייך", זאָגט די באָבע, און איר אויג פאַלט אויף די טומלענדיקע חדר־ייִנגלעך. „שאט!" שרייט זי אָן, און ציט אויס דעם שטעקן צום שלאָף־צימער, וואָס נאָר די גרויע ליימענע הרובע טיילט אָפּ פון חדר־טיש.

„אַ גוט מאָרגן, אַ גוט יאָר אייך, מומע", זאָגט דער טאַטע און הייבט אויף זיינע אויגן צו דער אַריינגעקומענער באָבע.

„נאָר אויף אַ ווײַלינקע. געקומען זען וואָס די קראַנקע מאַכט", זאָגט זי און גייט צו צו דער מאַמעס בעט.

„די מאַמע האָט גוט גערוט די נאַכט, האָט זי זיך געוואונדערט אויף זיך אַליין וואָס זי טוט דאָ אין בעט. זי איז דאָך ניט קיין קימפּעטאָרין... מער ניט, דער קאָפּ איז שווער, דרייט זיך, זי האָט געמאַכט אַ פּרואוו זיך אויפצוזעצן. די באָבע האָט איר אונטערגעשפּאַרט די פּלייצע מיט אַ קישן און געפרעגט: „האָסטו שוין היינט עפּעס געהאַט אין מויל?"

„אַ גלאָז ציקאָריע געטרונקען", און זי ווייזט איר אָן זי זאָל זיך זעצן אויפן שטול ביים בעט, דער איינציקער שטול אין שטוב.

„די היץ איז אַ ביסל אַרונטער", טאַפּט די באָבע דער מאַמעס קאָפּ, „אַ דאַנקען גאָט". „איר וועט טרינקען אַ גלאָז ציקאָריע, באָבע?" פרעגט די מאַמע, און ניט וואַרטנדיק אויפן ענטפער, רופט זי: „ביילקע! ברענג אַריין אַ גלאָז ציקאָריע מיט געבריטע מילך דער באָבען".

ביילקע האָט ליב די באָבע שיינע שרה. יעדעס מאָל וואָס יענע קומט, דוכט זיך איר אויס ווי זי וואָלט אַריינגעבראַכט אַ שטראַל ליכט אין שטוב. שטענדיק שמעקט גאָס פון איר.

„נאָט, באָבע, טרינקט", האַלט ביילקע אַ הייסע גלאָז ציקאָריע אויף אַ טעצעלע. פון גלאָז שלאָגט אַ פּאַרע פון געבריטער מילך מיט נאָך עפּעס, וואָס רייצט דעם אַפּעטיט.

די באָבע האָט אויפגעהויבן אויף ביילקען איר געזונט אויג, גע־קוקט אויף ביילקעס בלייכן פּנים מיט די רויטע ניט אויסגעשלאָפענע אויגן און געזאָגט: „טרינק עס דו, מיין קינד. דו דאַרפסט עס מער האָבן ווי איך.” „עס איז נאָך דאָ אַ פול טעפּל ציקאָריע”, האָט ביילקע געזאָגט און איבערגעגעבן די גלאָז ציקאָריע אין דער באָבעס הענט.

„ביילקע איז איצט מיין באַלעבאָסטע אין שטוב, כמעט אַזוי גוט ווי פּערל איז געווען”, זאָגט די מאַמע.

„האָסטו עפּעס געהערט פון פּערלען? דערהאַלטן אַ בריוו אפשר?” האָט די באָבע געפרעגט.

„ניין. זינט דעם בריוו, אַז זי איז געקומען אין אַמעריקע, האָב איך ניט געהערט פון איר. איך ווייז זיך אויס די אויגן אויסקוקנדיק אויף אַ בריוו”. דער מאַמעס געל־בלאַסער פּנים האָט זיך פאַרצויגן מיט אַ וואָלקן.

„גענוג שוין”, האָט די באָבע געזאָגט, „ווי קומט דאָס, פראַדל, צו דיר? אַזאַ קלוגע יידענע ווי דו! האָסט דאָך נאָך קינדער. שעמען מעגסטו זיך!”

די באָבע האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול, פאַרוואָרפן די שוואַרצע שאַל אויף די אַקסלען און אויסגעגלייכט איר ברייטן ווייסן פאַרטוך אַרום דער טאַליע. איר זעקס־און־זיבעציק־יאָריקער קליינער קערפּער, מיט דער איינגעבויגענער פּלייצע האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער דער מאַמע און זי האָט שטיל געזאָגט: „נעם זיך אין די הענט אַריין, פראַדל. ביסט ניט קיין בת־יחידה ביי גאָט”. מיט איר גרויען סוקעוואַטן שטעקן אין האַנט האָט די באָבע פאַרלאָזט די שטוב.

די מאַמע האָט איר נאָכגעקוקט מיט אַ שטומען בליק און געשוויגן.

היינט, ווי אַלע דאָנערשטיק, איז די באָבע געגאַנגען צו די רייכע באַלעבאַטים פון שטעטל צוזאַמענקלייבן פיש, פלייש, עופות און געלט אויף בענטש־ליכט פאַר די אָרעמעלייט אויף שבת. האָט איינע אַ קאַרגע באַלעבאָסטע געהאַט אַ שווערע האַנט צום געבן, האָט די באָבע זיך אָנ־געבייזערט אויף איר: „נישקשה, קענסט געבן נאָך אַ שטיקל פיש, נאָך אַ שטיקל עוף, נאָך עטלעכע קאָפּיקעס אויף ליכט. דעם שבת האָט גאָט באַשאַפן פאַר אָרימאַן אַזוי גוט ווי פאַר רייכע יידן”. געקומען איז זי אַהיים שפּעט אין אָוונט, פאַרמאַטערט, אָבער מונטער און צופרידן, מיט אַ פולן פאַרטוך שבתדיק עסנוואַרג. פרייטיק אינדערפרי איז זי ווייטער אַרויסגעגאַנגען איבערן שטעטל צוזאַמענקלייבן פרישע בולקעס, חלה און אַפילו מאָרט. „דעם אָרימאַנס נשמה איז אויך ניט געמאַכט פון

קלאַטשע", האָט זי זיך געוויצלט. „גיבֿ! דו גיסט ניט דיינס, נאָר גאָטס גאָב און מענטשלעכע פּראַצע". קיינער אין שטעטל האָט ניט געוואוסט צו וועלכע אָרימע לייט זי פאַרטיילט די שבתדיקע מאכלים. איין מאָל, אַ פּרייטיק אינדערפרי, איז איר צען־יאָריקער אייניקל, שמואל דודקע, שטילערהייט איר נאָכגעגאַנגען, געוואָלט זען צו וועמען זי צעטראָגט דאָס עסנוואַרג. זי האָט דערשפּירט, אַז עמיצער גייט איר נאָך. זי האָט זיך אויסגעדרייט, אויפגעהויבן דעם שטעקן און געזאָגט: — „פּע! ניט שיין צו שפּיאָנעווען אַ באָבען. אַהיים זאָלסטו מיר גיין!".

צו וועמען זי האָט פאַרטיילט עסנוואַרג פאַר די הונגעריקע און קליידער צו די אָפּגעריסענע, איז געווען איר סוד, וואָס זי האָט צו הונדערט מיט אַכט יאָר מיטגענומען מיט זיך אויף דער אמתער וועלט.

די מאַמע איז אין גיכן געזונט געוואָרן. ביילקע האָט באַמערקט אַ גרויסע ענדערונג אין איר. אירע שוואַרצע האָר זיינען ערטערווייז גרוי געוואָרן, איר שטענדיק־גלייכע ברייטע פּלייצע האָט זיך איינגעבויגן, ווי זי וואָלט געטראָגן אַ שווערן פּאַק. אויפן לינקן שליף פון שטערן האָט אַ קיילעכדיק ביינדל, די גרויס פון אַ וועלעשענעם נוס, אַרויסגע־סטאַרטשעט. די מאַמע האָט זיך מער ניט באַקלאָגט פאַר קיינעם, ניט דערציילט פון איר בענקשאַפט נאָך פּערלען, פון אירע שלאָפלאָזע נעכט... נאָר ביינאַכט האָט זי טיף און שווער געזיפצט.

## פּערלס בריוו

דעם טאָג וואָס עס פלעגט אָנקומען אַ בריוו פון פּערלען, איז גע־ווען יום־טובֿ אין שטוב. מער פון אַלע האָט זיך געפרייט די מאַמע. פאַר־זיכטיק, מיט ליבשאַפט האָט זי אויפגעריסן דעם קאָנווערט, אַרויסגענו־מען דעם בריוו, איינגעגראָבן די אויגן אין דעם, און שטיל, קוים־קוים באַוועגנדיק די ליפּן האָט זי געלייענט. מיט יעדן איבערגעלייענטן וואָרט האָט זיך דער אויסדרוק פון איר פּנים געביטן. אָט פאַרווישט זי אַ טרער, אָט צעשמייכלט זי זיך און מאָמענטאַל בייט זיך ווידער איר פּנים צו אַ פאַרקנייטשטן שטערן און אַ מינע פון פאַרוואונדערונג.

„לייען הויך אויפן קול, וועל איך אויך הערן", זאָגט דער טאַטע און טרייסלט די חדר־יינגלעך זיי זאָלן זיין שטיל, ניט טומלען.

„אַ בריוו מוז מען צעקייען און פאַרדייען, ווי מען פאַרדייעט אַ פּעטן ביסן. און די אַמעריקאַנער בריוו איז שווער „איינצובייסן", ענט־פערט די מאַמע און נעמט זיך לייענען הויך אויפן קול:

„צו מיינע געטרייע עלטערן זאָלן לעבן און זיין געזונט:

„איצט אַז איך בין שוין אין באַלטימאָר, וועל איך אייך באַשרייבן מיין רייזע קיין אַמעריקע און די פּאָר וואָכן וואָס איך בין דאָ. די רייזע איז געגאַנגען גוט. מיר זיינען דורכגעפאָרן אַ סך שטעט און איך האָב געזען, אַז עס איז דאָ אַ שיינע וועלט, כאָטש אָפּשטעלן זיך אין די שטעט האָבן מיר ניט געקענט, ווייל מיר האָבן זיך געאיילט צום שיף. מיר האָבן אַפילו ניט געוואוסט, ווען מיר זיינען אַריבערגעפאָרן די גרענעץ. דורכגיין די באָד איז אויך געווען גרינג. אונדזער גאַנצע קאָמפּאַניע איז באַשטאַנען פון יונגע, געזונטע חברה".

„נו, דאַנקען גאָט", האָט די מאַמע געגעבן אַ בליק מיט די אויגן און ווייטער געלייענט:

„דעם גאַנצן וועג אויפן שיף האָבן מיר געזען נאָר הימל און וואַסער. מען האָט אונדז געשפּייזט זייער ניט גוט. דעם טאָג וואָס מען האָט אונדז געגעבן עסן הערינג מיט קאַרטאָפל, איז געווען יום־טוב. עס איז אויך געווען אויפן שיף אַן ערשטער און צווייטער קלאַס. דאָרטן זיינען געפאָרן רייכע מענטשן. זיי האָט מען געגעבן עסן הינער, רינדענע פלייש און ווייס ברויט. מיטן שיף זיינען מיר געפאָרן אַכט טעג, אויפן ניינטן טאָג זיינען מיר אָנגעקומען אין קעסל גאַרדן. קעסל גאַרדן איז די סטאַנציע, וואו פּאַסאַזשירן דאַרפן אַרינטערגיין פון שיף אויף דער יבשה. איז, אָדער מען לאָזט זיי אַרונטער, אָדער מען פאַרהאַלט זיי צוליב קראַנקייטן און אַנדערע סיבות, אָדער מען שיקט זיי צוריק פון וואַנען זיי זיינען געקומען. קענט איר זיך שוין, מיינע ליבע עלטערן, פאָרשטעלן וואָס דאָרטן טוט זיך אָפּ צווישן די פּאַסאַזשירן".

„פאַרשטייסט וואָס עס טוט זיך דאָרטן אָפּ!", רייסט איבער די מאַמע צום צווייטן מאָל דאָס לייענען און טוט אַ זיפץ, ווי זי וואָלט געזען מיט אירע אייגענע אויגן וואָס עס טוט זיך אָפּ אין דעם קעסל גאַרדן.

אין דרויסן גרויט דער אָנקומענדיקער אָוונט. עס עפנט זיך די טיר. חיים און ביילקע זיינען געקומען פון דער אַרבעט.

„פון וועמען איז דער בריוו?" פרעגן זיי ביידע אין איין קול.

„פון אַמעריקע, פון פערלען", ענטפערט די מאַמע מיט שטאָלץ, ווי פערל וואָלט געווען גאַנץ אַמעריקע. זי האַלט דעם פינגער אויפן פלאַץ, וואו זי האָט איבערגעשלאָגן דאָס לייענען. אַז, דיינע יינגלעך וועלן זיין שטיל, וועל איך לייענען ווייטער", זאָגט זי צום טאַטן.

„קינדערלעך, אַהיים עסן וועטשערע", באַפעלט דער טאַטע און נעמט זיך צוזאַמענקלייבן די ספרים פון טיש. די חדר־יינגלעך לויפן

אַרויס פון שטוב שטופּנדיק און שפּאַרנדיק איינע די אַנדערע. די מאַמע לייענט ווייטער:

„איך בין געווען מזלדיק. דער קוזין הערשל, אַ יונגער, שיינער בחור, אין גאַנצן געראָטן אין פעטער נפתלין, איז געקומען מיך אַראָפּ־נעמען פון שיף. האָבן זיך די באַאַמטע פון קעסל גאַרדן איינגעשפּאַרט אַז ער זאָל נאָר חתונה האָבן מיט מיר, און טאַקע דאָרטן אויפן פּלאַץ. אַנדערש האָבן זיי ניט געוואָלט מיך אַרונטערלאָזן פון שיף.

„ווער ניט נתפּעל. הער וואָס עס איז געווען ווייטער", זאָגט די מאַמע, ווען זי זעט ווי דער טאַטע האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. זי דרייט איבער דאָס בלעטל און לייענט ווייטער:

„אַז הערשל האָט געזען אַז עס איז שלעכט, איז ער אַוועקגעלאָפן און האָט געבראַכט אַ פרעמדע פרוי, אַ פעטע יידענע און געזאָגט: „איך האָב דיר געבראַכט דיין טאַנטע". ער האָט צו מיר אַ וואונק געטאָן און איז אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט.

„פּערעלע, מיין טייערע פּלימעניצע!", האָט די פאַלשע טאַנטע צע־שפּרייט אירע הענט ווי אַ בושאַק די פליגלען. איך האָב גלייך פאַר־שטאַנען וואָס איך דאַרף טאָן. בין איך אַרויפגעפאַלן אויפן פעטן בוזים און מיר האָבן זיך געקושט און געהאַלדזט. אַז מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן, האָט מען מיך אַראָפּגעלאָזט פון שיף. זיי האָבן מיך אַרויפ־געזעצט אויפן באַן, וואָס גייט פון ניו־יאָרק קיין באַלטימאָר, און מער האָב איך פון זיי ניט געהערט.

„פון דער רייזע איז מיר פאַרבליבן צען טאָלער. פאַר דעם געלט האָב איך זיך דאָ געקויפט אַ גרויסן שטרויענעם הוט באַפּוצט מיט אַ סך בלומען און אַ קלייד פון דער לעצטער מאָדע. איך גיי אָנגעטאָן שענער אין דער וואָכן, ווי די טעלעכאַנער מיידלעך אום יום־טוב. איר פעלט מיר אויס, איך בענק שטאַרק נאָך אייך, מיינע ליבע עלטערן. אָבער זאָרגט ניט, איך בין געזונט און האָב אַ גוטן אַפּעטיט. צום בעסטן האָב איך ליב עסן די אַמעריקאַנער ווייסע בולקעלעך. די קוזינע רבקה, ביי וועמען איך שטיי איין, זאָגט אַז איך עס אַ סך. איך צאָל איר פינף טאָלער אַ וואָך פאַרן עסן און שלאָפן. איך אַרבעט און פאַרדין צען טאָלער אַ וואָך. די לעצטע צוויי וואָכן האָב איך אָפּגע־שפּאָרט צען טאָלער. איך האָב זיך דערמאָנט אַז עס קומען די יום־טובים און דו, מיין ליבער פאָטער, וועסט דאַרפן האָבן געלט פאַר דיין געשעפט, צו קויפן אתרוגים און לולבים, שיק איך דיר די צען טאָלער און איך ווינטש זאָלסט דאָס פאַרנוצן געזונטערהייט. שרייבט מיר אָפטע

בריוו. איך גריס האַרציק חיימען, איך בענק נאָך אים. ווי גייט די אַרבעט אין דער הוטע? ווען פאָרט ביילקע קיין וואַרשע? פון מיר אייער געטרייע טאָכטער, וואָס האָפט צו הערן גוטס פון אייך, פערל".

„נו, וואָס זאָגסטו עפּעס ווי קלוג זי איז! ווי שכלדיק זי האָט עס געמאַכט מיט דער „טאַנטע". אַ דאַנק גאָט, זי קאָן זיך אַלע מאָל אַן עצה געבן", זאָגט די מאַמע. נצחון און בענקשאַפט פילן זיך אין איר קול. זי לייגט אַוועק דעם בריוו אויפן טיש, פּרעסט אים אויס מיט אירע שאַרסטקע הענט און פאַרטראַכט זיך.

„נו, דאַנקען גאָט דערפאַר. איך האָב אָבער מורא אַז דאָס אַמע־ריקאַנער געלט איז ניט כשר", זאָגט דער טאַטע, „אויב זי איז דאָרטן מחלל שבת געוועזן, בין איך דיר מוחל די דאָלאַרן".

חיים האָט גאָר ניט געזאָגט. אָבער אויך זיין פּנים האָט אויסגע־דריקט אומצופרידנקייט. ביילקע האָט זיך צוגעשאַרט נענטער צום בריוו און אַריינגעקוקט. זי האָט נאָר געוואָלט זען די שורות, וואו פערל שרייבט פון צען דאָלער אַ וואָך פאַרדינסט, פון שיינע קליידער און אַ הוט מיט בלומען. דער טאַטע האָט געוואָרפן אַ זייטיקן קוק. ער האָט געטראַכט: אַרבעט זי טאַקע דאָרטן אין אַמעריקע אום שבת??

„וואָס טוט זיך דאָ מיט אייך? עפּעס זעט איר אויס צו זיין אומצו־פרידן", האָט געזאָגט די מאַמע, ווי זי וואָלט געלייקנט חיימס און דעם טאַטנס געדאַנקען, „אַ יונג קינד, וויל זי זיך אָנטאָן שיין, האָבן אַ בע־סערן ביסן. איז דאָס אַן עוולה? וואָס, אומשטיינס געזאָגט, האָט זי געהאַט ביי מיר? שטענדיק אָוועקגעגעבן מיר איר גאַנצן פאַרדינסט, ניט פאַרגונען זיך אַ ניי קליידל, אַ פרישן בייגל און אייב אַלע אַרבעטן אין אַמעריקע אום שבת, וועט זי ווערן אַ שומר־שבתניצע?" די לעצטע פראַגע איז געווען געווענדעט צום טאַטן. זי האָט צוגענומען דעם בריוו פון ביילקעס הענט, אים אויסגעגלעט, צוזאַמענגעלייגט, און אַריינגע־לייגט אין שופלאָד צווישן דעם ריינעם ווייסן וועש. זי וועט נאָך אים לייענען אַ צווייטן, אַ דריטן מאָל, ביז גאָט וועט העלפן און עס וועט אָנקומען אַ צווייטער בריוו פון פערלען.

דער טאַטע האָט ניט גענוצט פערלס צען טאָלער פאַר זיין יום־טובדיקן געשעפט, ער האָט זיך איינגעשפּאַרט. אַז באַין אופן וועט ער נישט קויפן קיין אתרוגים און לולבים מיט חילול־שבת געלט.

פון פערלס צען טאָלער איז געוואָרן צוואַנציק רובל. פאַר דעם געלט האָט די מאַמע געקויפט פעדערן, פוך און איינשיטן, געמאַכט פע־רענעס און קישנס, און געוואָרט, אַז גאָט וועט זי לאָזן לעבן ביז קור־

מענדיקן זומער, ווען די „אַמעריקאַנקעס" וועלן פֿאָרן צו זייערע מענער קיין אַמעריקע, וועט זי דאָס שיקן פּערלען. „דאָס וועט זיין אַ שיינע מתנה צו איר חתונה, אם ירצה השם", האָט זי געזאָגט.

מיט דער צייט זיינען פֿון פּערלען אָנגעקומען נאָך בריוו, און חיים האָט זיי ניט געקאָנט איינגאַנצן באַנעמען. מילא, מיט די ענגלישע ווערטער האָט ער זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבן, אַ ביסל האָט ער געוואוסט זייער טייטש פֿון אַנהערן זיך וועגן אַמעריקע און אַ ביסל האָט ער זיך אָנגעשטויסן. ער האָט געוואוסט, אַז „שאַפּ" איז פֿאַבריק, „לעטער" — בריוו, „פֿאָרמאַן" — אויפֿזעער, און „האָרי־אַפּ" מיינט שנעל.

שווערער איז פֿאַר אים געווען צו פֿאַרשטיין דעם תוך פֿון פּערלס בריוו. עפּעס שטימט דאָרט ניט. זי שרייבט פֿון אַ שיינעם הוט מיט בלומען, פֿון אַ קלייד, וואָס זי האָט זיך געקויפֿט, פֿון די גוטע אַמעריקאַנער עסנס, און זי שרייבט אויך, אַז זי בענקט, איז עלנט, אַרבעט אין אַ שאַפּ ביי פּרויען־מאַנטלען, וואו דער פֿאָרמאַן יאָגט אַרויס די נשמה פֿון די מיידלעך. דער שאַפּ איז אַ פֿאַרשטיקטער. דאָס אַלץ קען ער פֿאַרשטיין. אָבער וואָס ער פֿאַרשטייט ניט איז: וואו זיינען דאָרטן די שוועסטער און ברידער? פֿאַרוואָס מאַכן זיי דאָרטן ניט קיין שטרייק? צי זיינען דאָרטן דאָ „סאָבראַניעס"? אפשר קען זי דאָס ניט שרייבן אַהיים, טאָ פֿאַרוואָס שרייבט זי ניט צו אירע חברטעס, צום קליינעם בונד?

חיים האָט ליב זיין שוועסטער פּערל. ער איז שוין ניט קיין קליינינקער. עס גייט אים שוין דאָס פֿערצנטע יאָר. ער געדענקט דעם פֿאַרגאַנגענעם זומער, דעם שיינעם יולי־טאָג, ווען פּערל איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע. זיי האָבן זיך געגעבן די הענט, געקושט און געשוואוירן, אַז ימים און גרענעצן וועלן זייער אידעאַל ניט צעשיידן, אַז וואו זיי זאָלן ניט זיין, וועלן זיי שטענדיק זיין פֿאַראייניקט אין דער „הייליקער אַרבעטער זאַך". וואָס זשע איז פֿאָרט געוואָרן אין אַמעריקע פֿון אירע אידעאַלן?

שלעכטע געדאַנקען זיינען אים געקומען אין קאָפּ וועגן פּערלען מיט „איר אַמעריקע". ער האָט וועגן דעם מיט קיינעם ניט גערעדט, נאָר אין זיין ייִנגלשער ריינער נשמה האָט זיך פֿאַרגנבעט אַ ווידערגעפֿיל צו אַמעריקע, געמישט מיט שרעק און נייגיר. אַמעריקע איז פֿאַר אים געווען אַ פֿאַרמאַכט בוך, און ער האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט מוזן דאָס בוך עפֿענען און שטודירן. ווי אַזוי ער וועט דאָס טאָן, האָט ער ניט געוואוסט.

אין אַ פּראַסטיק־ווינטערדיקן פאַרנאַכט, איז די מאַמע אַריינגעקומען אין שטוב אַ פאַרשנייטע. די גרויסע געקעסטלטע פאַטשיילע אַריבערן קאָפּ האָט געשיינט מיט מיליאָנען שניי־דימענטלעך. ווי שטענדיק, האָט זי מיט איר ראַפּטאָם אַריינקומען געבראַכט אַן איפּלעבונג אין שטוב. זי האָט אַרונטערגעוואָרפן פון זיך די פאַטשיילע, אַרויסגענומען פון קעשענע אַ בריוו און געזאָגט: „דוד, עס קומט אונדז אַ מזל־טוב! פערל איז געוואָרן אַ כלה".

„טאַקע?! לאָמיר נאָר זען", האָט ער אויסגעצויגן זיין האַנט צום בריוו.

אויך דאָס איז געווען אַ נייס פאַר דער מאַמען. ווייל זעלטן ווען האָט ער געלייענט פערלס בריוו פון אַמעריקע. אַז זי האָט אים אַמאָל גע־פרעגט פאַרוואָס ער לייענט ניט אירע בריוו האָט ער געענטפערט: „סיי ווי דערמאָנט זי ניט אין בריוו גאָט ברוך הוא, טאָ וואָס איז דאָ צו לייענען?"

אָבער איצט האָט ער געהאַלטן דעם בריוו אין האַנט, און די האַנט האָט לייכט געציטערט. ער האָט אויסגעגלייכט די יאַרמולקע אויפן קאָפּ, פאַררוקט די שפּאַקולן הויך אויפן נאָז, און געלייענט, הויך אויפן קול:

„צו מיינע געטרייע עלטערן זאָלן לעבן:

איך געפין זיך אין בעסטן געזונט. דאָס זעלבע פון אייך צו הערן. ווייטער קען איך אייך שרייבן, אַז איך האָב זיך אַריינגעקליבן אין אַ נייער דירה. ביי אברהם לייבן איז מיר געווען ניט שלעכט. אָבער מיט איי־גענע איז גוט קוגל עסן, נאָר ניט פון איין טעלער... און אַ צווייטע אור־זאַך איז, וואָס אַ בחור האָט אָנגעהויבן אַריינקומען אין שטוב. טאַקע אברהם לייבס אַ פריינט, אויך אַ סטאָליער. פון אָנהייב האָב איך אים ניט געוואָלט. ער איז קליין געוואַקסן, שטיל, רעדט ניט קיין סך. האָב איך זיך באַקלערט און געביטן די דירה, געמיינט ער וועט מיך ניט געפינען. נו, האָט ער מיך יאָ געפונען. מיר האָבן זיך באַקענט נעענטער, כ'האָב אויסגעפונען, אַז ער איז אַ פיינער מענטש, אַ קלוגער מיט אַ גוטן כאַראַקטער, האָב איך זיך באַשלאָסן. מיר האָבן געמאַכט אַ קנס־מאָל, איצט האָפן מיר אָפּשפּאָרן געלט, איינאָרדענען אַ היים, און קומענדיקן זומער וועלן מיר חתונה האָבן. עס טוט מיר שטאַרק ווי וואָס איר, מיינע ליבע עלטערן, וועלן ניט זיין צו מיין חתונה. אָבער לאָמיר האָפן אַז מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל זען. יאָ, פאַרגעסן שרייבן אַז מיין פריינדס פאַמיליע־נאָמען איז ליטמאַן. ער קומט פון אָרשע. מיר וועלן זיך אין

גיכן פאָטאָגראַפירן און איך שיקן אונדזער פּיקטשור. איר וועט מיך ניט דערקענען, אַזוי בין איך דאָ אויסגעוואַקסן. איך גריס מיין טייערן ברודערל חיים. ביסט שוין געוויס אַ גרויסער בחור. איך בענק נאָך דיר. געדענקסטו וואָס מיר האָבן זיך אָפּגערעדט ביים געזעגענען? מיר וועלן שטענדיק זיין געטריי צו אונדזערע אידעאַלן. איך בין די זעלבע ווי געוועזן. איך וועל חתונה האָבן און פירן אַן אָרנטלעך אַרבעטער־לעבן. דו לערן זיך. וועסט שטעלן דיין לערע אין דינסט פון דעם אַרבעטער־קלאַס. אין דעם בין איך זיכער. וואו מיר זאָלן ניט זיין, וועלן אונדזערע וועגן שטענדיק זיין די זעלבע. איך גריס און קוש דיך. אַ גערוס ביילקען. אייער געטרייע טאָכטער און שוועסטער, פּערל".

ווען דער טאַטע האָט פאַרענדיקט לייענען דעם בריוו, האָבן זיך צוויי פּאָר טרערנפולע אויגן איבערגעקוקט און פאַרשעמט.

„מיר וועלן אונדזער פּערלען צו דער חופּה ניט פירן". האָט געזאָגט די מאַמע מיט אַ געבראָכענעם קול.

„גם זו לטובה, מען טאָר ניט זינדיקן, מיין ווייב", האָט דער טאַטע געזאָגט. ער האָט גענומען זיין באָרד אין האַנט און טרויעריק געשוויגן. דערנאָך האָט ער געזאָגט, ציילנדיק זיינע ווערטער, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז ער וועט, חס וחלילה, אַרויסריידן דעם אמת: „הערסטו פּראַדל, איך קלער, צי קען כאָטש ליטמאַן דאַוונען?"

„אַז ער קומט פון אָרשע, מוז ער קענען דאַוונען. מיט גאָטס הילף, וועט זי ביי אים האָבן אַ בעסער לעבן ווי ביי אַ „באַנק־קוועטשער, איך האָב שטענדיק געזאָגט, אַז אַ מלאכה איז אַ מלוכה".

ווען חיים איז געקומען אַהיים פון דער אַרבעט און האָט איבערגעלייענט פּערלס בריוו, האָט זיך זיין ייִנגלשער פּנים צעשמייכלט. די ליבשאַפט צו זיין שוועסטער האָט זיך אין אים אויפגעוועקט. עס האָט זיך אים געדאַכט אַז אַלע גרענעצן, צוזאַמען מיטן שטורמישן גרויסן אָקעאַן צווישן אים און זיין שוועסטער, זיינען פאַרווישט געוואָרן. ליב און נאָענט איז זי אים געוואָרן, ווי אַמאָל אין די קינדעריאָרן.

## „אין אַ מיטן מיטוואָך גאָר!"

אַ קאַלטער צפון־ווינט האָט געבלאָזן און דערמאָנט פון אָנקומענדיקן האַרבסט. אין אַ גרויען פרימאָרגן האָבן פּויערים מיט זייערע פערד און וועגענער זיך געצויגן צום שטעטל. אויף די לאַנגע הילצערנע וועגענער האָבן זיי געפירט זעק מיט קאַרטאָפל, קרויט, ציבעלע, בורי־

קעס און אַנדערע פּראָדוקטן. אויף די זעק זיינען געזעסן פויערטעס פון פאַרשיידענעם עלטער מיט ווייסע טיכלעך אויף די קעפּ. געבונדענע הענער און הינער זיינען געלעגן אין די וועגענער, געקרייט און גע־קוואָקעט ווי זיי וואָלטן פּראָטעסטירט, וואָס מען פירט זיי אין שטאָט צום פאַרקויפן.

די מאַמע איז געזעסן ביים פענצטער און געניצט. זי האָט געלייגט אַ בייע לאַטע אויף די אויסגעריבענע קני פון חיימס אַלטע הויזן. יעדעס מאָל וואָס זי האָט אויסגעצויגן די האַנט מיטן נאָדל־פאָדים, האָבן זיך אירע אויגן געצויגן צום פענצטער. דער גערויש פון גאַס האָט זיך דער־טראָגן צו אירע אויערן און געשטערט אירע געדאַנקען — אָפּגעריסענע ווי שווימענדיקע וואָלקנס אויף אַ נאָך־רעגנדיקן הימל.

עס קומט איר פּערל אויפן זינען. די בענקשאַפט נאָגט. וואַרפט זי די האַנט שנעל מיטן נאָדל־פאָדים, ווי זי וואָלט געוואָלט די געדאַנ־קען פון זיך פאַרטרייבן. „שעמען מעגסטו זיך, ביסט ניט קיין בת־יחידה ביי גאָט", קלינגען איר דער באָבעס רייד אין די אויערן. זי פאַרשעמט זיך, און ווי זי וואָלט זיך פאַרענטפערט פאַר זיך אַליין, שעפּ־טשען אירע ליפּן: „וואָס דען, איך בין די איינציקע? האָב איך דען אַלע מאָל ניט געזאָגט, אַז מען טאָר ניט זיין אינזיכיק... אַז צרות רבים איז חצי נחמה? אַלע ליידן און יעדער זאָרגט זיך באַזונדער. אויף די אָרעמע פויערן איז דאָך אויך אַ רחמנות, איי ליידן זיי! דער־עסן ניט צו דער זעט, ברענגען אין שטאָט פאַרקויפן זייער ביסן פון מויל"...

די פּריצים און די צאַרישע מאַכט ווילן זיי מאַכן פאַר פּאָגראָמ־שטשיקעס, כאַפּט אונטער אַ צווייטער געדאַנק, די פּראָקלאַמאַציעס... האָט זיי דעמיאַנקאָ פאַרטיילט צווישן די פויערים? ער וועט אַוודאי היינט אויך קומען אין שטאָט. אפשר מיט זיין נייער ווייב מאַריאַנאַ. זי ווייסט, אַז ער האָט זיין ווייב אַ סך מאָל צוגעזאָגט צו ברענגען זי אַהער, ווייזן איר ווי אַ שטאָט זעט אויס. אויפן וועג אַהיים וועט ער זיך געוויס אָפּשטעלן דאָ... ער טוט דאָס אַלע מאָל. פונדעסטוועגן, דאַרף מען צוגיין אין מאַרק זען וואָס עס טוט זיך דאָרטן...

זי האָט פאַרענדיקט נייען, אָפּגעביסן מיט די געזונטע ציין דעם פאָדים, זיך אויפגעהויבן, אויסגעגלייכט די פּלייצע און מיט די אויגן אויפן וואַנט־זייגער האָט זי גערופן: „חיים, שטיי אויף! צייט צו גיין צו דער אַרבעט". געזאָגט האָט זי דאָס אין אַ שטילן ווייכן טאָן, ווי זי וואָלט אים יאָ געוואָלט און ניט געוואָלט אויפוועקן. אָט, זאָל ער נאָך

שלאָפֿן אַ פּאָר מינוט לענגער. נאָכדעם ווי זי האָט אַ צווייטן מאָל אַרויפֿגעקוקט צום זייגער, איז זי צוגעגאַנגען מיט שטילע טריט צו חיימס בעט, אַ טרייסל געטאָן אים ביים אַקסל און געזאָגט: „שטיי אויף, מיין קינד, ס'ווערט שפּעט, אָט זיינען דיינע הויזן".

חיים האָט געעפֿנט די אויגן, דערזען די הויזן מיט דער נייער לאַטע, האָט ער זיך צעשמייכלט, זיך געריבן די אויגן און געזאָגט „מאַמינקע, האָסט שוין היינט אָפּגעטאָן אַ טאָג אַרבעט". ער איז אויף שנעל אַראָפּגעשפּרונגען פֿון בעט.

ביילקע איז אויפֿגעשטאַנען פֿרי. פֿון שטענדיק אָן האָט זי ליב געהאַט דעם באַגינען, עפּעס ווי אַ גרויסן סוד וואָלט דער נייער טאָג געטראָגן אין זיך. און כאָטש אַלע טעג זיינען גלייך — שניידערשע, מאַנאַטאָנע — האָט זי דאָך געהאָפֿט אויף עפּעס נייס יעדן פֿרימאָרגן.

זי האָט געהאָלפֿן דער מאַמען צוגרייטן אָנבייסן און שטילערהייט זיך געזאָרגט, וואָס דער באַלעבאָס וועט זאָגן, ווען ער וועט זי זען אַריינקומען צו דער אַרבעט! זי האָט דאָך פֿאַרלויר'ן צוויי טעג, וועט זי מוזן „אָפּאַרבעטן", קומען פֿריער און בלייבן שפּעטער ביי דער אַרבעט.

חיים האָט שטייענדיק אויסגעטרונקען אַ טעפּעלע ציקאָריע און געכאַפּט דאָס פּעקעלע עסן, וואָס די מאַמע האָט פֿאַרגרייט. ווי אַן אָנזאָג, אַז ער זאָל זיך צואיילן, האָט דער זיבן־אַזייגערדיקער הוטע־הודאָק צעריסן די פֿרימאָרגן־לופֿט און גערופֿן צו דער אַרבעט.

ביילקע איז אויך אַוועק צו דער אַרבעט, אָבער ווען זי איז געקומען צו יעקב דעם שניידערס שטוב, איז זי געבליבן שטיין. דאָס האַרץ האָט איר שנעל געקלאַפּט, זי האָט זיך דערמאָנט, אַז איינמאָל איז זי געקומען שפּעט צו דער אַרבעט, האָט ער אַ קוועטש געטאָן זיין שמאָלע נאָז מיט די פֿון פּאַפּיראָסן־געלע פֿינגער און דערלאַנגט איר אַ לעקציע: „דאָ איז ניט קיין שקאָלע, מען זאָל אַריינקומען ניין אַזייגער. — פֿינף און צוואַנציק רובל אַ יאָר איז אַ סך געלט. שלימזלניצע! קריכערין! וועסט שוין אַרבעטן היינט ביי מיר ביז צען אין אָוונט".

ביילקע האָט דעמאָלט פֿאַרביסן די ליפּן, כדי ניט צעוויינען זיך הויך אויפֿן קול.

פּלוצעם האָט זי ביי זיך אָפּגעמאַכט: זי וועט היינט צו דער אַרבעט ניט גיין! אַ ווידערקול פֿון אַ פּראָטעסט האָט אָפּגעקלונגען אין דער פֿרימאָרגנדיקער שטילקייט. אימיצער וואַשט און פּראַטשעט וועש ביים טייך. זי וועט גיין צום טייך, איז איר איינגעפֿאַלן אַ געדאַנק. זי האָט זיך בגנבה פֿאַרדרייט צום ראָג קאַנצעלאַריע גאַס, ווייל זי האָט מורא

געהאַט, אַז דער באַלעבאָס שטייט און קוקט אַרויס דורכן פענצטער... ער זעט זי און זאָגט: „ביילקע בלאַנדזשעט שוין ווידער. איצט ווייס איך אויף געוויס, אַז זי איז ניט ביים קלאָרן זינען". יעדעס מאָל ווען זי האָט געטאָן עפּעס, וואָס ער האָט ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס ביילקע טוט עס, האָט ער געזאָגט, און זי איז נישט ביים קלאָרן זינען. און ביילקע האָט געקלערט: אפשר טאַקע? אַנדערע מיידלעך טוען דאָך ניט אַזעלכע זאַכן. זי איז אַנדערש... און אָט די אַנדערשקייט האָט זי אי געפרייט, אי געשראָקן.

מיט אַזעלכע געדאַנקען איז ביילקע צוגעקומען צום טייך. דער טייך איז געווען קלאָר און דורכזיכטיק. דאָס וואַסער האָט שטיל גע־מורמלט און לייכטע כוואַליעס האָבן זיך געקרייזלט ווי אַ גערונצלטער שפּיגל און זיך געצויגן צום 8טן שלוז. אַרום בריק זיינען פליטן געשוואומען און געוואַרט אויף די פויערים זיי זאָלן זיי מיט שטריק אין טייך ניעמאַן קיין דייטשלאַנד שלעפּן. די גרין־באַצווייגטעביימער ביים טייך האָבן זיך געשאָקלט, ווי זיי וואָלטן געדאַווענט און געשעפּ־טשעט אַ לויב צו גאָט, וואָס ער האָט זיי באַשאַפן. אַלץ אַרום איז געווען פרידלעך און רואיק ווי אין אַ פריידיקער דערוואַרטונג. יעדער פּישטש פון די פויגל האָט אָפּגעקלונגען אין געדיכטן וואַלד אין דער שטילקייט האָט ביילקע דערהערט דאָס גראָבע באַסאָווע קראַקען פון געגנדז און אַ פייף פון אַ ריטל, אימיצער האָט אויסגעפייפט דאָס לידל: „אַלע זאָגן כ'בין לייכטזיניק, אַלע זאָגן כ'האָב אַ סך יינגלעך ליב. טאָ פאַרוואָס האָב איך אַלעמען פאַרגעסן נאָר דיך איינעם ניט?".

ביילקע קוקט זיך אַרום, ס'איז דוניא! זי שטייט ביים טייך מיט אַ רוט אין האַנט, אירע פעטע, באָרוועסע פיס אויפן גרינעם גראָז, אין מיטן ווי אַ סטאַדע ווייסע געגנדז.

דוניא איז געווען אַ דיקע מויד מיט גראָבע הענט, פעטע רויטע באַקן און אויגן ווי קליינע אַרבעסלעך נאָענט איינס צום צווייטן אַריבער אַ גראָבער נאָז. ווען זי פלעגט לויפן פלעגן זיך אירע גראָבע בריסט טרייסלען אונטער איר סיצן קלייד. און ווייל זי איז שטענדיק געגאַנ־גען איינגעבויגן, איז שווער געווען צו זען ווי הויך זי איז. זי האָט ניט געוואוסט ווער איר טאַטע איז געווען. איר מאַמע, אַ קליינע, דאַרע פויערטע, פלעגט אין די זומערטעג וואַשן וועש ביים טייך פאַר רייכע באַלעבאָסטעס, ביינאַכט פלעגט זי שיכורן.

אַ קינד פון גאַס, איז דוניא שטענדיק געגאַנגען מיט אַ לאַנגן רוט אין האַנט, ווי זי וואָלט גרייט געווען זיך צו פאַרטיידיקן פון שלעכטע,

בייזע מענטשן. אין זומערדיקע טעג פלעגט דוניא פאַשען גענדז. ביי־נאַכט האָט זי זיך אַרומגעוואַלגערט מיט פויער־יונגען אין די וואַלדיקע קוסטעס.

אַלע גראָבע יונגען, אויך יידישע, האָבן ליב געהאַט זיך צו רייצן מיט איר, שטיפן און פּאַטשן זי אין ווייכן פלייש... ווען אימיצער פלעגט זי אַ פּאַטש טאָן אין הינטן, פלעגט זי אַ שפּרונג טאָן ווי אַ קאַץ, פאַר־זשמורען די קליינע אייגעלעך און לאַכן מיט אַ הויכן צופרידענעם גע־לעכטער, ווי עס וואָלט איר געוואַלדיק הנאה געטאָן, וואָס אַלע לויפן איר נאָך. זי האָט ליב געהאַט זיך טשעפּען צו קליינע קינדער און וואַרפן שטיינער אויף זיי. נאָר אַזוי ווי ביים טייך זיינען קיין שטיינער ניט געווען איז ווי נאָר זי פלעגט זען אַ קינד שטיין ביים וואַסער, פלעגט זי מיט אירע שטאַרקע הענט עס אַ הייב טאָן אין דער לופטן, אָדער אַ שטופּ טאָן מיטן פוס אין וואַסער אַריין. אַדאַנק דוניען האָבן זיך אַ סך יידישע קינדער אויסגעלערנט שווימען.

פּילנדיק אויף זיך דאָס שטענדיקע פּאַטשן פון די יונגען, האָט זיך דוניאַ אויסגעלערנט אָפּצורעכענען זיך מיט שוואַכערע, קלענערע און דאַרערע פון איר. דערפאַר האָט זיך עס ביילקע דערשראָקן, ווען זי האָט דערזען דוניאַן נאָענט צו זיך. פונדעסטוועגן איז זי צוגעגאַנגען נעענטער צו דוניאַן מיט די גענדז און שמייכלענדיק זיך איינגעבויגן און אויפגעהויבן אַ ריטל. דוניא האָט איבערגעריסן איר פּייפן און איז געבליבן אַ וויילע שטיין פאַרוואונדערט. מיטאַמאָל האָט זי זיך געגעבן אַ וואָרף מיט איר רויט אויף ביילקען און זיך צעשריען: „בולקא! וועסט ביי מיר שווימען אין וואַסער:!". און געשריען האָט זי מיט אַזאַ ווילדער שטים, אַז די סטאַדע גענדז האָבן זיך דערשראָקן, זיך צעקראַקעט און צעלאָפן אין אַלע זייטן.

ביילקע איז געלאָפן פייל אויסן בויגן. זי האָט ניט געפילט די ערד אונטער זיך. און האָט אַליין ניט געוואוסט וואוהין זי לויפט. ווען זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט זי זיך געפונען ביי דער קרעניצע. די דיקע צווייגן פון די אַלכענע ביימער האָבן פאַרשפּרייט טונקעלע שאָטנס אויף דער שוואַרצער, בלאָטיקער ערד. ביילקע האָט אָנגעשפּיצט די אויערן, איינגעהאַלטן דעם אָטעם און זיך צוגעהערט. ניין, זי הערט ניט און זעט ניט דוניאַן, זי האָט אָפּגעבראָכן עטלעכע צווייגן, געפונען אַ טרוקענעם פלאַץ אויף דער גרין־גראָזיקער ערד און זיך אויסגע־צויגן פלאַך אויפן בויך.

„אַך, ווי גוט דאָ איז", קלערט ביילקע. עס דאַכט זיך איר, אַז דאָס

זשומענדיקע וואַסער, וואָס שלאָגט פון דער ערד, רעדט צו איר און באַרואיקט זי. זי דערפילט זיך זיכער מיט זיך און איז מער נישט דערשלאָגן.

אַזוי איז זי געבליבן ליגן אַ לאַנגע צייט אַרומגענומען מיט די גרינע צווייגן, ווי מען ליגט אַרומגענומען מיט אַ טייערער חברטע, מיט וועלכער מען פאַרשטייט זיך גוט. דערנאָך האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק אַהיים.

⁂

מחשבות זיינען געקומען ביילקען אין קאָפּ. זי האָט געטראַכט וועגן דעם גרויסן חילוק צווישן יידישע און גויאישע מיידלעך. יידישע געהערן צו די „שוועסטער און ברידער״; גויאישע פאַשען גענדז און חזירים. יאָ, עס זיינען דאָ דאָרפס־מיידלעך, וואָס אַרבעטן אין הוטע. יענע זיינען כמעט ווי די יידישע. אָבער קיין סך גויאישע מיידלעך זיינען אין דער הוטע נישטאָ. זי דערמאָנט זיך, אַז איינמאָל האָט די מאַמע זי מיטגענומען אין דאָרף. נאַטאַשאַ, דעמיאַנקאָס ערשטע ווייב, האָט זיי געגעבן עסן געבאַקטע קאַרטאָפל מיט זויערקרויט. עס זיינען געווען אַ סך קליינע קינדער אין שטוב. אַלע האָבן געגעסן די קרויט מיט היל־צערנע לעפל פון איין גרויסער הילצערנער שיסל. עס איז קיין אונ־טערשייד ניט געווען צווישן ביילקען און דעמיאַנקאָס קינדער. עס איז איר גאָרניט איינגעפאַלן, אַז עס וועט אַמאָל זיין אַנדערש.

זי איז געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין אירע מחשבות, אַז זי האָט זיך גאָר ניט אַרומגעזען ווי שנעל דער וועג פון דער קרענעצע צו דער שטוב האָט זיך געענדיקט. „וואו ביסטו דאָס געווען?״ איז די מאַמע ביילקען אַנטקעגנגעקומען, און מיט אַ שטאַרק פאַרזאָרגטן פנים האָט זי געפרעגט: נו, „ביילקעלע, וואָס איז שוין פאַר אַ נייס? גייענדיק צוריק פון גאַס, בין איך אַריין צו דיין באַלעבאָס, האָב איך דיך דאָרטן ניט געפונען. וואו ביסטו דאָס געווען אַ גאַנצן פרימאָרגן?״

„שפּאַצירן געגאַנגען״, האָט ביילקע געענטפערט שטיל און פאַר־שולדיקט.

„משוגע צי מטורף מיינע שונאים, אין מיטן מיטוואָך גאָר שפּאַצירן גיין״. כעס׳ט זיך די מאַמע.

„מאַמע, אין מיטן מיטוואָך איז דער ביטשעווניק, דער טייך און די קרענעצע אויך שיין״, זאָגט ביילקע. זי פילט זיך אָבער שלעכט אונטער דער מאַמעס בייזע בליקן, קלערט זי: אפשר טאַקע געווען אַ נאַ־רישקייט?

„ווי קומסטו צום טייך? צו דער קרענעצע? שיין און גוט וועט דיר זיין, אַז יעקב וועט דיך אָפּזאָגן פון דער אַרבעט. קוים אַרויפּ־געשלאָגן זיך אויף פינף און צוואַנציק רובל אַ יאָר, ערשט . . ."
און זי פאַרענדיקט מיט אַ קרעכץ און אַ „וואָס וועט פון דיר זיין?"
וואָס אייגנטלעך איז דאָס ניט קיין פראַגע, נאָר דער מאַמעס אַ ביי־טערער פאַרוואורף.

ביילקען דוכט זיך אויס, אַז דער מאַמעס ביסל פאַרבליבענע שוואַר־צע האָר אונטערן פאַרוק ווערן גרויער מיט יעדער מינוט. זי האָט מורא, אַז אָט און די מאַמע וועט ווידער קראַנק ווערן. אַ רחמנות נעמט זי אַרום צו איר מאַמען, רעדט זי ווייך צו איר:

„מאַמע, איך וועל דאָך אינגיכן אַוועקפאָרן קיין וואַרשע, טאָ וואָס אַרט דיך, אַז ער וועט מיך אָפּזאָגן פון דער אַרבעט? זאָל ער!"

דערהערט דאָס וואָרט וואַרשע, האָט דער טאַטע אויפגעהויבן זיינע אויגן; ער האָט גאָרניט געזאָגט, נאָר שטאַר געקוקט דאָ אויף ביילקען, דאָ אויף דער מאַמען. זיין שווייגן האָט נאָך מער פאַרשאַרפט דעם טרויער אין זיינע אויגן. ער האָט זיך אומגעקערט מיטן פנים צו די חדר־יינגלעך און געזאָגט: „קינדערלעך, גייט עסן וואַרמעס", און אַליין האָט ער זיך גענומען אויפקלייבן די ספרים פון טיש. אַז די חדר־יינגלעך זיינען אַרויס, האָט ער זיך געוואַשן צום עסן. די מאַמע האָט אַרויפגעשטעלט אויפן טיש אַ גלאָז ליאַק, אין וועלכן עס איז געשוואומען אַן עק פון אַ הערינג.

## געסט פון דאָרף

אַ וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט אַ סקריפּ פון הילצערנע רעדער. אַ פויערטע פון מיטעלן וואוקס מיט אַ שטייף געפלאָכטענעם ווייסן טורבאַן אויפן קאָפּ איז אַרונטער פון וואָגן היי. ווען ניט די טוצן שפּיל־קעלעך אין דעם שיף־פאָרמיקן אויסגעפלאָכטענעם הוט אויפן קאָפּ, וואָלט מען זי געקענט אָננעמען פאַר אַ מאַנאַשקע. ווען דאָס אויג איז געפאַלן נידעריקער, אויף איר קורצן, פעטן האַלדז מיט די רעגנבויגן־קאָלירטע פאַטשערקעס און סטענגעס, מיט דער ברייטער געבלימלטער ספּאָדניצע, אונטער וועלכער צוויי פעטע פיס אין פאַסטעלעס האָבן זיך באַוועגט, איז מען געוואָרן זיכער, אַז דאָס איז מאַריאַנאַ פון דאָרף וויאַדע.

היינט איז זי צום ערשטן מאָל אין שטאָט, האָט זי זיך אויסגעפּוצט אין אירע שענסטע קליידער מיט גלעזערנע פאַטשערקעס און סטענגעס.

דעמיאַנקאָ, איר מאַן, איז אַרונטער פון זיץ־ברעטל, האָט פאַר־
שטעקט די בייטש אין וואָגן היי, פאַרבונדן די לייצעס אויפן הילצער־
נעם פלויט, און זיך געלאָזט גיין צו דער שטוב. אַ מילד ווינטל האָט
צעבלאָזן זיינע ברייטע לייווענטענע הויזן און זיין רובאַשקע. זיינע
פאַסטעלעס אויף די פיס האָבן מיט יעדן טראָט געסקריפּעט און אָנ־
געזאָגט, אַז ער קומט. ער איז אַריין אין שטוב. מאַריאַנאַ איז אים נאָכ־
געגאַנגען.

„וואָס, דו ביסט געווען קראַנק?" האָט ער געפרעגט אויף זיין
לשון און אָנגעקוקט פראַדלען מיט פאַרוואונדערונג. „אַ ביסל", האָט זי גע־
ענטפערט מיט אַ מאַך פון האַנט, ווי זי וואָלט ניט וועלן ריידן דערפון.
„אַנגעלייגטע געסט", האָט זי געזאָגט און אָפּגעווישט די הילצערנע
בענק מיטן פאַרטוך און פאַררוקט די פאַמויניצע ווייטער אין ווינקל,
כדי ס'זאָל זיי זיין באַקוועמער. מאַריאַנאַ, אַ שעמעוודיקע, מיטן קאָפּ
אַראָפּגעלאָזט, האָט זיך געלאָזן בעטן פון פראַדלען נאָכאַמאָל איידער
זי האָט זיך אַוועקגעזעצט. דעמיאַנקאָ איז צוגעגאַנגען צום טיש, וואו
דוד איז געזעסן און האָט געגעסן וואַרמעס — הערינג מיט קאַרטאָפל,
פאַרזופּט מיט באַרשטש. ער האָט זיך אַ רוק־געטאָן אויף זיין זיץ־
פלאַץ, ווי ער וואָלט מיט אַ האַלבן ווילן געמאַכט פלאַץ פאַרן ערל.
דעמיאַנקאָ איז געבליבן שטיין, ווי ער וואָלט זיך גאַר אויף אַ ווײַלינקע
אַריינגעכאַפּט. ער האָט אָנגעקוקט דעם מלמד, זיך געריבן זיינע האַרטע
הענט און געפרעגט:

„און דו, באַלעבאָס, ביסט געזונט?"

„געזונט, דאַנקען גאָט", האָט ער געענטפערט און אַרונטערגעשלונ־
גען דעם לעצטן ביסן. ער האָט שטיל, „פאַר זיך" אָפּגעבענטשט, איז
צוגעגאַנגען צום פויער און געפרעגט: „וואָס הערט זיך עפּעס אין דאָרף?
וואָס מאַכט דאָרטן מיין ברודער יאַקוב? אַ סך פיש געכאַפּט לעצטנס?"

„יאָ, געהאָלפן אים מיט דער נעץ. געכאַפּט פלאָטקעס, יאָרשעס
און העכט. אָט אַזעלכע גרויסע", ציט ער אויס זיינע הענט. די ברייטע
אָרבל הענגען אים אַרונטער, זעט ער אויס ווי אַ געקרייציקטער.

ביילקע ווייסט, אַז דער טאַטע גיט ניט אָפּ שלום־עליכם צו אַ גוי.
פונדעסטוועגן פאַרדריסט דאָס איר. ער איז דאָך אַן אייגענער מענטש,
געוואוינט צוזאַמען. דרייט זי אָפּ דעם קאָפּ און פאַרקוקט זיך אויף
מאַריאַנאַן מיט אירע פאַטשערקעס און סטענגעס אויפן האַלדז. מאַריאַ־
נאַ האָט בלויע אויגן, אַ ברייטע נאָז, פולע ליפּן, אַ קיילעכדיקן פּנים
מיט פולע, רויטע באַקן. אַלץ אין איר רעדט פון געזונטן דאָרפישן
לעבן.

„וואָס זשע מאַכסטו, מאַריאַנאַ?" פרעגט די מאַמע און גייט צו צו איר נעענטער, „ווי געפעלט דיר עפּעס די שטאָט?"

אָבער מאַריאַנאַ האַלט די אויגן אַרונטערגעלאָזן צו די פּאַסטעלעס און מיט די הענט גלעט זי די סטענגעס וואָס הענגען אַרונטער ביז צו דער טאַליע.

אַז מאַריאַנאַ ענטפערט ניט, זאָגט די מאַמע: „דאַרפסט זיך ניט שעמען, מאַריאַנאַ, מיר זיינען אייגענע מענטשן. איך קען שוין דיין מאַן פון יאָרן. זיין טאַטן געקענט, אַ גוטער מענטש געווען. ווען איך בין געווען אין אַ נויט, האָט ער מיר זיין קורניק אָפּגעגעבן. האָלץ מיר גע־בראַכט. אַ ביטערער ווינטער דעמאָלט געווען". די מאַמע רעדט מיט אַ טאָן און אַן אויסדרוק אויפן פּנים, ווי זי וואָלט דאָס נאָך אַמאָל דורכגעלעבט.

מאַריאַנאַ האָט אויפגעהויבן די אויגן, אָנגעקוקט די מאַמע און מיט מיטגעפיל געזאָגט:

„טאַקע, טאַקע? איך ווייס אויך פון בידעווען... געגוג זיך אָנ־געהונגערט".

אַ פאַרשעמטע, לאָזט זי אַרונטער די אויגן צום זאַמדיקן דיל.

„טאָ לאָמירריידן פון פריילעכערע זאַכן", זאָגט די מאַמע, „דערצייל מיר, וואָס האָסטו היינט געזען אין מאַרק?"

„באַזשע מאַי!" ווערט מאַריאַנאַ פריילעך און כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ. „אַזוי פיל גאַסן! אַזוי פיל שטיבער מיט גאַנצענע דעכער! קראָ־מען מיט שיינע זאַכן! אָט־אָ דאָס", ווייזט זי די כטענגעס מיט די פּאַ־טשערקעס, געקויפט דאָ. פאַרקויפט אַ שאָק אייער, אַ פּאָר הינער און געגנוג". זי שפּילט זיך מיט די פּאַטשערקעס ווי אַ קינד.

מאַריאַנאַ דערמאָנט ביילקען אָן איר מומע שרה. דער איינציקער אונטערשייד איז, וואָס די מומע רעדט אויף יידיש אויסגעמישט מיט גויאישע ווערטער, און מאַריאַנאַ רעדט גויאישע ווערטער נאָר מיט איין יידיש וואָרט אַריינגעמישט, וואָס די מאַמע האָט זי אויסגעלערנט: „גענוג".

דעמיאַנקאָ האָט זיך פאַרקוקט אין ווינקל, וואו זיין ווייב איז געזעסן און געזאָגט צו דער מאַמען:

„האָסט געדאַרפט זען ווי שעמעוודיק זי איז געווען אין קראָם! אַזוי געשעמט זיך, אַזש מורא געהאַט פאַר מענטשן. זיך געטוליעט צו מיר!". און ער צעלאַכט זיך מיט זיין ברייטן אָפענעם געלעכטער, ווי זיין שטייגער איז.

„דאָ איז עפּעס אַנדערש", זאָגט מאַריאַנאַ. „דאָרטן זיינען געווען פרעמדע מענטשן, דאָ זיינען אייגענע".

„אַוודאי, אַוודאי", גיט צו די מאַמע, „אייגענע מענטשן". עס קלינגט אַזוי וואַרעם פון מאַריאַנעס מויל, אָט ווי אַ קינד וואָלט דאָס געזאָגט. זי פאַרקלערט זיך אַ מינוט, פאַרקנייטשט איר שטערן, ווי זי וואָלט זיך געסטאַרעט עפּעס דערמאָנען זיך. מיטאַמאָל קערט זיך די מאַמע אום מיטן פּנים צו דעמיאַנקאָן און פרעגט:

„דערצייל מיר דעמיאַנקאָ, וואָס הערט זיך עפּעס אין דאָרף? האָסטו צעטיילט די פּראָקלאַמאַציעס? פון וואָס קלערן און ריידן די דאָרפס־מענטשן?"

„פּראַדל, גיב זיי אַפּריער עפּעס אָפּצועסן", זאָגט דער טאַטע בעת ער לייגט אַרויף אויפן טיש אַ האַלבן לאַבן שוואַרץ ברויט.

„זעץ דיך, דעמיאַנקאָ, און דו אויך, מאַריאַנאַ. זעצט זיך עסן", זאָגט די מאַמע און דערלאַנגט צום טיש אַ קרוג וואַסער, אַ ציבעלע, זאַלץ און פעפער.

דעמיאַנקאָ און מאַריאַנאַ האָבן זיך געזעצט צום טיש און זיך איבערגעצלמט. ער האָט אַרויסגענומען פון אונטערן גאַרטל אַ מעסערל, פון פאַזוכע אַ גרויסן שטיק גערויכערטע פיש און זיי האָבן זיך גענומען צום עסן. ער האָט געשניטן דינע פּענעצלעך פון דער פיש און גראָבע פּענעצער שוואַרצן ברויט, געגעבן דער ווייב האַלב פון דער ציבעלע, איר צוגערוקט ברויט, פיש און אַ גלאָז וואַסער. דערנאָך האָט ער זיך אַליין גענומען צום עסן.

ביילקע האָט פון שטענדיק אָן ליב געהאַט צו קוקן ווי אַ פּויער עסט. עפּעס אַזוי אַנדערש ווי אַ ייד — שפּאָרעוודיקער, געשמאַקער און מיט אַ גרעסערן אַפּעטיט. קיין איין ברעקעלע גייט ניט אין ניוועץ. עס זיינען אַרונטערגעפאַלן עטלעכע ברעקלעך ברויט פון דעמיאַנקאָס האַרטער באָרד אויפן טיש, האָט ער אָפּגעשניטן אַ שטיקל ווייך ברויט דאָס פאָרזיכטיק איינגעטונקט אין די ברעקלעך און אין זאַלץ און אַריינגעוואָרפן אין מויל צוזאַמען מיט אַ דינעם פּענעצל פיש, וואָס ער האָט עס פאַרטרונקען מיט וואַסער און פאַרביסן מיט ציבעלע. און אַלץ איז געטאָן געוואָרן מיט אַזאַ התמדה, אַז זיין גאַנצער קערפּער צוזאַמען מיט זיין אָן־היטלדיקן קאָפּ מיט די לאַנגע האָר האָבן זיך באַטייליקט אין דער סעודה.

באַזונדערס האָט ביילקע ליב געהאַט זיך צוקוקן ווי קונציק, שנעל און פאָרזיכטיק דעמיאַנקאָ שטעקט אַריין דאָס מעסערל אין דעם פּע־

נעצל פיש און וואַרפט דאָס אַריין אין מויל און מאַלט עס מיט די פון־מאַכאָרקע־פאַרגעלטע ציין. די באָרד צוזאַמען מיט דער מאָרדע הויבן זיך אַרויף און אַראָפּ, די ליפּן סמאַטשקען און קנאַקן פריילעך אַזש עס קלינגט אָפּ איבערן שטוב. ווען ער ווערט פאַרטיק מיטן עסן, פאַסמאַקעוועט ער זיך, ווישט אָפּ דאָס מויל מיטן אַרבל און פאַרשטעקט דאָס מעסערל צוריק אין גאַרטל. דער טיש איז ריין פון ברעקלעך, קיין געפעס איז נישטאָ צו וואַשן. אַ זאַטע צופרידנקייט שפּרייט זיך אויף דעמיאַנקאָס פּנים, ווי ביי אַ קינד, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס אָנגעזויגן מיט דער מאַמעס מילך.

מאַריאַנא האָט אויך געגעסן גאַנץ געשמאַק, אָבער זי האָט מען געדאַרפט בעטן עטלעכע מאָל זי זאָל זיך ניט שעמען.

ווען דעמיאַנקאָ האָט פאַרענדיקט עסן, האָט ער געזאָגט:

„האָסט גוט געטאָן, דודיכע, מיט ברענגען די פּאַפּירן אין דאָרף". ער האָט אַרויסגענומען פון בוזעם אַ פאַרגעלט, צעקנייטשט פּאַפּירל, עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש, דאָס אויסגעגלייכט מיט זיינע ברייטע, פאַרהאַרטעוועטע הענט און געזאָגט: „סלאַווא באָגו", (דאַנקען גאָט), אונדזערע מענטשן האָבן זיך באַרואיקט".

„דערצייל מיר אַקוראַט, וואָס עס האָט פּאַסירט נאָך דעם, ווי איך בין אַוועק פון דאָרף, ס'איז שוין אַ מעשה פון אַ זעקס וואָכן", זאָגט די מאַמע און קוקט דאָ אויף דער פּראָקלאַמאַציע, דאָ אויף אירע געסט.

דעמיאַנקאָ האָט מיט איין האַנט אַרויסגענומען אַ פּעקעלע טיטון פון פּאַזוכע, מיט דער צווייטער אַרויסגעצויגן זיין ליולקע פון גאַרטל און זי אָנגעשטאָפּט מיט מאַכאָרקע, דער טאַטע האָט אים צוגעטראָגן אַן אָנגעריבענע האַלבע שוועבעלע, ער האָט פאַררויכערט מיט הנאה, אַריינגעצויגן דעם רויך און אים אַרויסגעלאָזן דורך זיינע ברייטע נאַזלעכער. וואָלקנדלעך רויך האָבן זיך געדרייט אין דער לופטן און אָנגעפילט די שטוב מיט אַן איבלדיקן, שאַרפן ריח פון ביליקער מאַכאָרקע.

„דעם טאָג ווען דו האָסט פאַרלאָזן מיין שטוב, דודיכע, האָט ער אָנגעהויבן דערציילן לאַנגזאַם און געלאַסן", האָב איך גענומען דאָס ווייב, איינגעשפּאַנט דאָס פערד, אַריינגעוואָרפן דעם זאַק פּאַפּירן אין וואָגן און היידאַ קיין וויהינאַשטש צו אַנדרייען. אָנגעקומען זיינען מיר אַהין ווען ס'איז שוין געווען פינצטער. זינגענדיקע מיידלעך זיינען אָנגעקומען פון די פעלדער. מאַריאַנאַ האָט זיי געגעבן אָט־די פּאַפּירן", ווייזט ער אויף דער פּראָקלאַמאַציע, „מיר האָבן צונויפגערופן די דאָרפס־מענטשן, וואָסילי דעם סטאַראָסטאַ'ס זון האָט פאָרגעלייענט פון פּאַפּיר.

אַלע האָבן צוגעגעבן, אַז די אמתע שולדיקע אין אונדזער ביטערער דאָליע, זיינען די פּריצים — אַט ווי עס שטייט געשריבן אין דעם פּאַפּיר. אָבער וואָס טאָן מיט די פּריצים ווייסן מיר ניט. דערווייל קוועטשט דער הונגער, סטאַרצעס (אַלטע בעטלער) פּאַרמערן זיך, אַפילו אונדזערע יינגלעך גייען שוין אויך אַרום מיט די טאָרבעס איבער די הייזער. זיי גנבענען איינע פון די אַנדערע, עס איז אָבער ניט זייער שולד. זיי זיינען נעבעך הונגעריק, באָרוועס און נאַקעט".

ער האָט זיך שווער אויפגעהויבן פון אָרט און פאַרענדיקט:

„דערווייל האָבן די פּאַפּירן געהאָלפן. אָבער וויאַדע און וויהינאַשטש זיינען נאָר צוויי דערפער אין ראַיאָן. און וואָס איז מיט די אַנדערע צענדליגגער דערפער, וואו אונדזערע פויערים וואוינען? אויך זיי זיינען פאַרפירט, צו זיי קומען ניט אָן די פּאַפּירן, וואָס מיר צעטיילן. און אויב יאָ, קענען זיי ניט לייענען".

דעמיאַנקאָס קול האָט געקלונגען פאַרשולדיקט. די מאַמע איז געזעסן ביים טיש, אַרונטערגעשפּאַרט איר קאָפּ מיט די הענט, אירע אויגן געווענדט צו אירע גוטע פויערשע געסט, אַ פייערל פון גלויבן און אַפילו פון נצחון האָט געשיינט אין איר בליק. אָבער אינגאַנצן צופרידן מיט דעמיאַנקאָס דערציילן איז זי ניט געווען. זי האָט געקוקט אויף די געסט, וואָס האָבן שוין געהאַלטן ביים אַוועקגיין, און געפרעגט:

„וואָס בלייבט איצט צו טאָן, דעמיאַנקאָ?"

מיטן היטל אין האַנט, האָט יענער געוואָלט זאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל באַרואיקן דודיכעס שטוב. האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט, זיך איבערגעצלמט אַריבערן האַרצן און געפרעגט:

„גלויבסטו אין גאָט?"

ווען דער טאַטע ביים ספרים־שראַנק האָט דערהערט „גאָט", איז ער צוגעקומען נענטער צום טיש וואו די פרויען און דעמיאַנקאָ זיינען געזעסן, און שטיל, מיט טרויעריק־פאַנאַנדערגעעפנטע אויגן זיי אָנגעקוקט.

„אַוודאי גלויבן מיר אין גאָט", זיינען געקומען ענטפערס פון דעם טאַטן און דער מאַמען.

„ניט קיין אונטערשייד, אייער גאָט, אונדזער גאָט, מיר מוזן גלויבן. ער וועט העלפן". דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס די מאַמע האָט געהערט דעמיאַנקאָן רעדן אַזוי ערנסט פון גאָט. עפּעס האָט זי

שטאַרק באַאומרואיקט, האָט זי זיך אויפגעהויבן פון פּלאַץ און אָפּ־געזיפצט.

די חדר־ייִנגלעך זייַנען שוין אָנגעקומען פון וואַרמעס און האָבן פאַרנומען זייערע פּלעצער אַרום טיש. דעמיאַנקאָ און מאַריאַנאַ האָבן זיך אויפגעהויבן, אָפּגעגעבן זייערע פּלעצער צו די אָנקומענדיקע ייִנג־לעך און געמאַכט זיך פאַרטיק צום גייז. ער האָט צוזאַמענגעלייגט די פּראָקלאַמאַציע, זי פאַרשטופּט אין בוזים און צוגעגאַנגען צו דער טיר. די מאַמע האָט געעפנט די שפּייז־שאַפע, אָנגענומען אַ הויפן צוקערקעס איינגעוויקלט אין קאָלירטע פּאַפּירלעך און געזאָגט: „נאַ, מאַריאַנאַ, גיב דאָס די קינדער".

מאַריאַנאַ האָט אָנגעשטעלט אירע מעטע הענט, אַ צעשמייכלטע האָט זי געוואַרט ביז די מאַמע האָט אָנגעשאָטן פולע הויפנס צוקערקעס. „אָך, סאַראַ שייַנינקע, האָט זי זיך געפרייט מיט די ראָזעווע, גרינע און בלויע פּאַפּירלעך און אַרייַנגעשאָטן די צוקערקעס אין פעטן בוזעם.

„ביסט שוין לאַנג ניט געווען אין דאָרף, דודיכע, קום צופאָרן, אַלע פרעגן זיך נאָך אויף דיר", האָט דעמיאַנקאָ געזאָגט. מיטן היטל אין האַנט האָט ער פאַרלאָזט די שטוב. מאַריאַנאַ איז אים נאָכגעגאַנגען.

ווען דעמיאַנקאָ און מאַריאַנאַ זייַנען שוין געזעסן אויפן וואָגן, האָט די מאַמע זיי נאָכגעקוקט און געזאָגט: „אַ טייַערער ערל, דעמיאַנ־קאָ, נאָך קיין מאָל דאָס ווייב ניט געשלאָגן, קיין מאָל זיך ניט אָנגע־שיכורט".

„פּראַדל, מען טאָר זיך ניט חברן צופיל מיט גויים", האָט דער טאַטע געזאָגט מיט אַן אומצופרידענער מינע, ער האָט איבער־געריסן דאָס לערנען מיט די ייִנגלעך און צוגעגעבן: „האָסט שוין געדאַרפט אויפגעבן דאָס דאָרף. שוין גענוג דיר צו שלעפּן די זעק".

„מיין גרויסער פאַרדינער", האָט אים די מאַמע אָפּגעענטפערט, „אַדאַנק פריער גאָט, דערנאָך דעם דאָרף, איז שטענדיק דאָ אין שטוב וואָס צו עסן — קאַרטאָפל, ציבעלע, קרויט, און אַלץ וואָס די גוטע דאָרפישע ערד גיט אַרויס".

„גאָט וועט העלפן", האָט דער טאַטע זיך ווי פאַרענטפערט, „עס קומען באַלד אָן די יום טובים. וועל איך אונטערהאַנדלען מיט לולבים, אתרוגים, הושענות".

„אַמאָל פלעגסטו לייַען געלט ביי פערלען פאַר דייַנע גרויסע לולבים־געשעפטן, און האָסט איר דאָס געלט קיינמאָל צוריק ניט באַצאָלט.

ביי וועמען וועסטו היינטיקס יאָר לייען?״ זאָגט די מאַמע מיט אַ וויי־טיקדיקן קול.

דער טאַטע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אין ספר ווי ער וואָלט דאָרטן געזוכט אַ באַהעלטעניש. ער האָט געמישט די געלע בלעטער פון חומש, אויפגעמישט די נייע סדרה און שאָקלענדיק זיך מיטן גאַנצן קערפּער, האָט ער זיך צעזונגען מיטן אַלטן אומעטיקן ניגון. די חדר־ייִנגלעך האָבן אונטערגעכאַפּט און נאָכגעזונגען. די שטוב האָט ווידער געשמעקט מיט ייִדישקייט, אָבער פראַדלס געדאַנקען זיינען נאָך אַלץ געווען פאַרנומען מיט די צוויי גוטע דאָרפס־מענטשן.

## פרנסה פון אַ דאַטשניצע

אין אַ שפּעטיקן מילדן זומער פאַרנאַכט, ווען די לופט האָט גע־שמעקט מיט סמאָלע־זאַפט פון דערבייאיקע וועלדער, און מיט פריש־אָפּגעשניטענעם היי פון די פעלדער, האָט זיך אַן אָנקומענדיקער פאַראַ־כאָד אין אָגינסקי קאַנאַל צעהודזשעט און אָנגעזאָגט דעם שטעטל, אַז געסט און דאַטשניקעס זיינען געקומען פון די גרויסע שטעט. צווישן זיי איז געווען מאַניע, צפּורהס אַ וווייטע גליד שוועסטערקינד. זי איז געקומען אין שטעטל אויף דאַטשע.

דאַטשניקעס זיינען ניט געווען קיין נייס אין טעלעכאַן. דאָקטוי־רים פון נאָענט און ווייט פלעגן שיקן זומער־צייט זייערע לונגען־פּאַציענטן אין די טעלעכאַנער וועלדער אויף דאַטשע. מערסטנס זיי־נען דאָס געווען ייִנגערע מענטשן, אָפּגעצערטע אין הוסטנדיקע, וואָס פלעגן פאַרברענגען גאַנצע טעג אין וואַלד, אַריינציען די ריינע וואַלד־לופט אין זייערע קראַנקע לונגען און אַוועקפאָרן סוף זומער אַ היפּש ביסל דערהאָלט און אָפּגעפרישט.

מאַניע איז געווען אייגע אַזאַ דאַטשניצע. זי איז געווען אַ פרוי אין די דרייסיקער — אַ שטילע, אַ קליינע, אַ דאַרע מיט שמאָלע אַקס־לען און אַן איינגעפאַלענעם ברוסט־קאַסטן, מיט רויטע פליאַמעס אויף אירע כמעט קינדערשע באַקן און מיט אַרויסגעשטאַרטשעטע גרוי־סע, ברוינע אויגן. ווען זי פלעגט זיך צעהוסטן, פלעגן די ווייסלעך פון אירע אויגן פאַרלויפן מיט בלוט. אין גאַנצן האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ דערשראָקענעם קינד.

צפּורה האָט געהאַט אַ גרויסע שטוב מיט אַ סך קינדער, האָט זי ניט געקענט זיך אָפּגעבן מיט איר קראַנקער קרובה. זי האָט געשיקט

רופן איר פריינדין די האָרעפּאַשנע פראַדל, וועלכע שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר דער שווערסטער אַרבעט, אַבי אַרויסהעלפן איר מאַן מיט פרנסה, און האָט איר פאַרגעשלאָגן צו ווערן מאַניס קאָמפּאַניאָנקע, אַכטונג געבן אויף איר, פירן זי אַלע טאָג אין וואַלד. פאַר דער אַר־בעט וועט מאַניע איר צאָלן דריי רובל אַ וואָך. פראַדל האָט זיך מיט פרייד אָנגעכאַפּט אין דער נייער באַשעפטיקונג.

ווען פראַדל איז געקומען אַהיים און דערציילט דודן פון דער גרויסער פרנסה וואָס גאָט האָט איר צוגעשיקט, האָט דאָס אים ניט גע־שמעקט. ער האָט אָבער געוואוסט, אַז מיט זיין ווייב שפּאַרט מען זיך ניט, אַז ווען זי באַשליסט אַ זאַך, מוז זי דאָס דורכפירן. ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט דעם מוט צו גיין קעגן איר רצון, איז פאַרוואָס גראָד איצט. האָט ער געשוויגן, אָבער עס האָט אים פאַרדראָסן. ער האָט געוואָלט אַרויסווייזן זיין אומצופרידנקייט, ניט קיין צו גרויסער פאַרדינער, ניט קיין באַרעדעוודיקער, אַ עניו אָבער אַ מאַנספּאַרשוין האָט ער זיך אָנגענומען מיט קוראַזש און געפרעגט: „זאָג־זשע מיר, אשת חיל מיינע, ווער וועט דאָ אַכטונג געבן אויף דער באַלעבאַטיש־קייט, אויף די קינדער, אַז דו וועסט זיך פאַרנעמען מיט דער דאַטש־ניצע ?"

פראַדל האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ בייזן פּנים און צוריק געפרעגט:

„און האָס וועט ווערן מיט דער באַלעבאַטישקייט, אַז איך וועל ניט אַרויסהעלפן מיט פרנסה? די דריי רובל אַ וואָך, וואָס וועט אַריינפאַלן פון דער דאַטשניצע, וועט גוט צונוץ קומען. עס קרענקט מיר געזונג דאָס האַרץ, אַז חיימל דאַרף שוין אַרבעטן. האָסט אַמאָל געזען זיינע צעשפּאָלטענע הענטלעך? אַזאַ גוטן קאָפּ ווי ער האָט, קיין עין הרע! ווען ער וואָלט איינגעשטאַנען אין אַן אַנדער קרעטשמע, וואָלט אַנדערש געוועןו".

„וואָס זשע האָסטו געוואָלט, ער זאָל גיין הינט שלאָגן אין די גאַסן? אַז לערנען וויל ער ניט, ליגט גאַנצע נעכט איבער טריף פּסולען, איצט, אַז דו פאַרנעמסט זיך מיט אַ דאַטשניצע, וועלן די קינדער ווערן אינגאַנצן צעבאַלעוועט. אַ מאַמע דאַרף האַלטן אַן אויג אויף די קינדער".

„אונדזערע קינדער וועלן קיין מאָל ניט זיין צעבאַלעוועט", האָט זי אָפּגעענטפערט מיט ביטערניש, „זיי פראַצעווען שווער, און וואָס האָבן זיי דערפון? איך גיי ניט אַוועק אויף לאַנג, אַ צוויי־דריי וואָכן נאָר וועל איך פירן מאַניען אין וואַלד אַלע טאָג. פרייטיק וועל איך אם ירצה השם קומען אַהיים מאַכן שבת. עס איז אַ מצווה צו העלפן אַ

מענטשן געזונט ווערן. און דו פאַרגעסט, אַז דו ווּעסט דאַרפן האָבן געלט צו קויפן אתרוגים און לולבים פאַר דיין יום־טובדיקן געשעפט. ניטאָ דאָ פערל און ניטאָ ביי וועמען צו לייען עטלעכע רובל".

זי איז צוגעגאַנגען צום קאָמאָד, אַרויסגעצויגן אַ שופלאָד און אַרויס־גענומען אַ ריינעם פאַרטוך. פון אויפן אויוון האָט זי אַרונטערגענומען אַן אַלטע קאָלדרע מיט אַ קישעלע, פאַרבונדן אַלץ אין אַ פּאַק, אַרויס־געשלעפט פון אונטערן בעט אַ בלויען, אָפּגעקראָכענעם פאַראַסאָל, געמאַכט עטלעכע טריט צום טיר און איז געבליבן שטיין. אירע טרויע־ריק־פאַרטראַכטע אויגן האָבן געוואַנדערט איבער דער שטוב, ווי זי וואָלט נאָך עפּעס געזוכט מיטצונעמען. איר בליק איז געפאַלן אין אַלקער אויף די צוויי הויכע פאַרבעטע בעטן מיט די ווייסע דריי קישנס — וואָס העכער, אַלץ קלענער די קישן. נו, אַלץ איז אין אָר־דענונג, האָט זי געקלערט, ווי וועלנדיק באַרואיקן איר געוויסן. זי האָט אָנגעקוקט דעם לאַנגן טיש מיט די ספרים און די חדר־יינגלעך אויף די בענק, וואָס קוקן איר נאָך מיט זשעדנע אויגעלעך. דער רבי האָט אויף זיי אָנגעשריגן זיי זאָלן בעסער אַריינקוקן אין די סידורים, און ער האָט זיך צעהוסט. אַ רחמנות האָט זי אַרומגענומען צום מאַן. זי האָט געוואָלט זאָגן עפּעס אַ גוט וואָרט, טאָן עפּעס וואָס זאָל פאַרגרינגערן זיין געמיט, זיין הוסט. נאָר צוליב איר פאַרביטערטקייט אויף איר שלעכטן מזל, האָט זי די ווערטער ניט געפונען.

זי האָט אַוועקגעלייגט דעם פּאַק אויף דער הילצערנער באַנק, וואָס איז געשטאַנען אין קיך צווישן דער פאַמויניצע און דעם עמער טרינק־וואַסער, צעעפנט די שפּייז־שאַפע און געזאָגט:

„אָט שטייט אין סלאָי פאַרווייסטער שטשאַוו־באָרשט — און ס'איז דאָ אַ הערינג אין ליאַק, פרישע מאַסלינקע. ברויט, דאַנקען גאָט, איז דאָ גענוג ביז צום צווייטן געבעק. זאָל ביילקע פאַרגרייטן וועטשערע. עסט און וואַרט ניט אויף מיר."

דוד האָט זיך נאָך אַלץ געשטיקט מיטן הוסט. און כאָטש זי איז שוין געווען געוואוינט צו הערן אים הוסטן, האָט דאָס זי איצט גע־ערגערט מער ווי אַלעמאָל.

„בלי נדר, וועל איך היינט אָנרייסן ליפּאָווע צוויט, דאָס אויס־טריקענען און פאַרפאַרען טיי פאַר דיר. דאָס איז די בעסטע רפואה פאַר אַ הוסט", האָט זי געזאָגט. זי האָט אָנגעשעפּט אַ קענדעלע וואַסער און אים צוגעטראָגן. ער האָט אַ פּאָר זופּ געטאָן און דער הוסט איז אים לייכטער געוואָרן, זי האָט גענומען דאָס פּעקל מיטן פאַראַסאָל, ווידער

געוואָרפן אַ בליק צום חדר־טיש און פאַרלאָזט די שטוב. די חדר־יינגלעך, האָבן איר נאָכגעקוקט, זיי זיינען מקנא געווען דער רביצין, וואָס זי גייט אין מיטן וואָך אין וואַלד אַריין.

⁂

פון צפורהס שטוב ביז צום וואַלד, וואוהין מאַניע און פראַדל זיינען איצט געגאַנגען, איז גוטע צוויי וויאָרסט. פראַדל, מיטן פעקל אין איין האַנט און מיטן אָפענעם פּאַראַסאָל אין דער צווייטער, שפּאַנט מיט זיכערע, שווערע טריט. מאַניע גייט מיט קורצע, דראָבנע טרי־טעלעך, קוים־קוים וואָס זי רירט אָן די ווייכע ערד אונטער אירע פיס. זיי גייען שווייגנדיק, פאַרזונקען אין שווערע געדאַנקען.

מאַניע טראַכט: ווען זי וועט געזונט ווערן, וועט זי פּטור ווערן פון איר מאַן. ווי אַזוי זי וועט פון אים פּטור ווערן, ווייסט זי ניט. וועדליק נאָכן יידישן דין, קען ער זי אָפּגטן, אָבער זי אים ניט. ער איז ברוטאַל, וואָרפט אויף איר די שולד פאַר ניט האָבן קיין קינדער, וואַרפט איר פאָר וואָס זי איז קליין, דאַר, אומעטיק, און דערצו נאָך פאַרקרענקט זי זיין געלט. ווען ער ווערט אין כעס, ווערט ער רויט, אָנגעצונדן ווי אַ פייער און ברעכט טעלער.

פראַדל קלערט פון איר שוואַכן מאַן, וואָס דאַרף געבעך האָרעווען, אַריינקנעלן מיט די חדר־יינגלעך וואָס די מערסטע פון זיי ווילן ניט לער־נען. זיי ווילן נאָר אַרומלויפן ווי די פרייע פייגעלעך אין די פעלדער און וועלדער, קריכן אויף דעכער, אויף ביימער, און ער קאָכט זיך דערפון. ער וויל ניט נעמען קיין שכר־לימוד ביי זייערע טאַטעס, סיידן ער לערנט זיי אויס כאָטש דאַוונען. זי שוואַרצט זיך דעם פנים, מאַנט אַלע וואָך די פופציק קאָפּיקעס און די טאַטעס שרייען, אַז זייערע יינג־לעך קענען נאָך ניט דאַוונען. זי ווייסט, אַז דוד איז אַ למדן, פרום און אָרנטלעך, וואָס פּאַסט זיך גאָרניט אַריין אין דער היינטיקער וועלט. אַנומלטן האָט ער זיך ביי איר געבעטן: „גענוג שוין דיר אַרומגיין איבער די דערפער, שלעפּן זעק אויף די אַקסלען. דיין געזונט איז מיר טייערער". אָבער אַז קינדער האָרעווען, דאַרפן זיי עסן און זי וועט זיך פאַר קיין אַרבעט ניט אָפּשרעקן. די קינדער! זיי זיינען דאָך איר לעבן! כל עבודת פרך האָט זי שוין געטאָן צוליב זיי: „אָן אָם געווען, אַ נייטאָרין, מיטן זאַק איבער די דערפער געגאַנגען, אָנגעדונגען זיך ערב פסח מצות באַקן. היינט אירע טועכצן לשם מצווה: אַז מען דאַרף איז זי אַ שדכנטע, אַ בריוו שרייבערקע פאַר אַמעריקאַנקעס, אַ זאָגער־

קע אין שול, און זאָל ניט אויסגערעדט זיין — אַלע דזשאָגערשטיק גייט זי צוזאַמענקלייבן שפּייז אויף שבת פאַר אָרימע לייט... און איצט גייט זי מיט אַ דאַטשניצע אין אַ מיטן וואָכעדיקן טאָג אין וואַלד אַריין.

זיי זיינען פאַרבייגעגאַנגען די פּאָטשט, האָט זיך פראַדל דערמאָנט אָן פּערלען, און דאָס האַרץ האָט איר אַ צופּ געטאָן; „גאָט ווייס צי זי וועט נאָך אַמאָל זען פּערלען". זי ז'ערמאָנט זיך אָן אהרנען. ער וועט אינגיכן קומען אויף יום־טוב אַהיים. זי וואַרפט אַ בליק לינקס צו דער הוטע. חיימל, איר מעזיניק אַרבעט דאָרטן. ביי דער נאַכט שטודירט ער ביכער און שרייבט אייגענע מעשהלעך. דאָס האַרץ זאָגט איר, אַז ער וואַקסט אַ גרויסער מענטש. ביי דעם געדאַנק צעשמייכלט זיך איר פּנים.

„איך פאַרשטיי, איר האָט אַ פריילעכע נאַטור". האָט געזאָגט מאַניע זעענדיק פראַדלס צעשמייכלטן פּנים.

„אַ גוטע מחשבה איז מיר געקומען אין קאָפּ", ענטפערט זי. איך האָב גרויס בטחון. איך זאָג שטענדיק: זאָל יעגער זאָרגן, וואָס האָט ניט קיין גאָט אויף מאָרגן".

„איך האָף זיך אויסצולערנען פון אייך גוטע זאַכן", זאָגט מאַניע מיט אַ שוואַכן שמייכל. ס'איז דער ערשטער שמייכל וואָס פראַדל האָט אויף איר געזען.

זיי זיינען צוגעקומען צום טייך, אַריבער די בריק און אַריין אין וואַלד. דער פרימאָרגן איז געווען אַ זוניקער, אַ ליכטיקער. אָבער אין וואַלד איז געווען טונקל. לענגאויס דעם וואַלד האָט געפּלאָסן און געמורמלט דער ברייטער טייך. ערגעץ ביים ברעג האָט אימיצער גע־פּראַטשעט גרעט. דער וואַלד האָט געענטפערט מיט אַ ווידערקול.

מאַניע האָט שווער געאָטעמט און געזוכט מיט די אויגן אַ פּלאַץ וואו זיך אַנידערצוזעצן. פראַדל האָט אויפגעבונדן דאָס פּעקל, אַרויס־גענומען די קאָלדרע, אויסגעשפּרייט זי אונטער אַ סאָסנע־בוים, אַוועק־געלייגט דאָס קישעלע און געזאָגט: „זעצט זיך אַוועק און רוט זיך אָפּ נאָכן לאַנגן שפּאַציר". מאַניע האָט געפּאָלגט.

פראַדל האָט זיך אויך אַוועקגעזעצט און צעבונדן אַ פּעקעלע עסנוואַרג, וואָס צפּורה האָט זיי מיטגעגעבן. זי האָט דערלאַנגט מאַניען אַ שטיק קוכן מיט אַ רויטן, גלאַנציקן עפּל. „עסט". האָט זי געזאָגט באַפעלנדיק, „אַז מען וויל קראַפט, זוכט מען אין שיסל". מאַניע האָט גענומען דעם עפּל אַוועקגעלייגט אים אין אַ זייט און געזאָגט: — „אַ ביסל שפּעטער". איר קינדיש פּנים האָט זיך צעקרימט. זי האָט אָפּגעשפּיליעט

דאָס ווייסע קאָלנערל און טיף אָפּגעאָטעמט, ווי עס וואָלט איר אויס־געפעלט לופט. עפּעס האָט געסקריפּעט אין איר האַלדז. זי האָט אויס־געבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטישן הוסט. ווען זי האָט זיך גוט אויסגעהוסט, האָט זי מיט אַ ווייסן נאָז־טיכעלע אַרומגעווישט דעם שווייס פון פּנים, זיך אָנגעשפּאַרט אין בוים און איז געבליבן זיצן מיד און אויסגע־שעפּט. פראַדל האָט איר אַרונטערגעלייגט דאָס קישעלע, געמאַכט איר באַקוועם. יענע האָט אַ שוואַכן, דאַנקבאַרן שמייכל געטאָן. מער ווי פריער האָט פראַדל איצט באַמערקט אירע איינגעפאַלענע באַקן, איר קליין פּנימל מיט דער לענגלעכער נאָז. ווען ניט די עטלעכע גרויע האָר ביי די שלייפן, וואָלט מען זי געקענט אָננעמען פאַר אַ קינד.

אַ פייגל איז פאַרבייגעלאָפן מיט אַ צוויטשעריי, אוודאי גערופן אירע פייגעלעך ערגעץ וואו. מאַניע האָט געקוקט אויף די הויכע ביי־מער וואו שטיקלעך בלויער הימל האָבן זיך דורכגעריסן צווישן די צווייגן. אירע קליינע, שמאָלע ליפּן האָבן זיך צעצויגן אין אַ לייכטן שמייכל. זי האָט טיף אָפּגעאָטעמט און געזאָגט: „וואָס פאַר אַ מעכטיק גרויסע ביימער! די לופט איז מיט פאַרפיומען אָנגעגאָסן!"

„איר שפּילט זיך עפּעס מיט די טעלעכאַנער וועלדער", האָט פראַדל געענטפערט מיט שטאָלץ, „קראַנקע מענטשן קומען אַהער אַלע טאָג און פאָרן צוריק געזינטער, אָפּגעפרישטער. מען דאַרף האָבן בטחון". זי האָט באַמערקט דעם גוטן איינדרוק, וואָס אירע ווערטער האָבן געמאַכט אויף מאַניען, האָט זי זיך אויפגעהויבן און געזאָגט: „קומט, לאָמיר זיך דורכשפּאַצירן אין וואַלד. איר וועט זען די סמאָלע־זאַפּט, וואָס טריפט פון די סאָסנאָווע ביימער. עס איז אַ היילונג אין אַלע גלידער".

מאַניע האָט זיך אויפגעהויבן. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין מיט דעם געדרייטן סטעזשקעלע צווישן געדיכטע ביימער.

„איר זעט, פעך־זאַפּט!", האָט פראַדל אַ שאַר געטאָן אַ בוים מיט איר שאַרסטקער האַנט. „גיט אַ שמעק", האָט זי צוגעטראָגן איר צעשפּרייטע האַנט אונטער מאַניעס נאָז. מאַניע האָט אַ שמעק געטאָן און געזאָגט:

„אום, וואונדערלעך! כ'האָב נאָך אַזאַ שטאַרקן געשמאַקן ריח קיין מאָל אין לעבן ניט געפילט".

„עס איז אַ היילונג אין האַרצן", האָט פראַדל געזאָגט, רייבנדיק איר קלעפּעדיקע האַנט אָן פייכטן ערדיקן מאָך, הלוואי וואָלט מיין דוד זיך דורכגעשפּאַצירט אַמאָל אין וואַלד, וואָלט ער אפשר פטור געוואָרן

פון זיין יאַדישלעוועו הוסט. איז ער דאָך אָבער אַ סטאָלינער חסיד, און חסידים גייען ניט אין וועלדער און גלויבן ניט אין עולם הזה״.

„וואָס קען מען העלפן?״ האָט מאַניע געזאָגט מיט אַ טאָן פון אונטערטעניקייט. פראַדל האָט פאַרביסן די ליפּן. זי האָט געוואָלט זאָגן, אַז אַ מענטש טאָר זיך ניט אָפּלאָזן, אַז די וועלט איז אויך אַ וועלט, אַז אַ קראַנקער ייד קען ניט דינען גאָט בעסער ווי אַ געזונטער״. נאָר איין קוק אויף מאַניעס נעבעכדיקן פּנים, און די ווערטער זיינען איר געבליבן שטעקן אין האַלדז. זיי זיינען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון טייך. דאָס סטעזשקעלע צווישן טייך און וואַלד איז געווען אויסגעבעט מיט לאַנגע אַרונטערגעפאַלענע נאָדלען פון די סאָסנע־ביימער. זייערע ווייכע טריט האָבן זיך אויסגעמישט מיטן שאָרכן פון די ביימער מיט דעם סווישטש פון פייגל און דעם געמורמל פון וואַסער. זיי זיינען איצט געגאַנגען לענג־אויס דעם ברייטן טייך.

„אַט זעט איר יענעם פּאַלאַץ מיטן רויטן שפּיציקן דאַך?״, האָט פראַדל אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אַריבערן טייך, „דאָס געהערט צום פּריץ פּאָסלאַווסקי. און ניט נאָר דער פּאַלאַץ, די אימעניע, די סעדער און גערטנער, — אַ שטח פון פופציק דעסיאַטין ערד, נאָר דאָס גאַנצע שטעטל, מיט די וועלדער, פעלדער, טייכן און טויזנטער דעסיאַטין לאַנד געהערן צום פּריץ״.

„צו איין פּריץ געהערט אַ שטאָט מיט פעלדער, וועלדער און טייכן?״ האָט זיך מאַניע געוואונדערט.

„יאָ, ווי איר זעט מיך לעבן. דאָס איינציקע, וואָס געהערט ניט צום פּריץ פּאסלאַווסקי, איז די ערד, וואו דער קלויסטער שטייט, און דעם גלחס עטלעכע הונדערט דעסיאַטין ערד. עס איז אַ לאַנגע מעשה, וואָס ציט זיך נאָך פון דער פּאַנשטשיזנע־צייט״, האָט זי געזאָגט און צורעכט געמאַכט איר פאַרוק אויפן קאָפּ.

„דאָס מוז זיין אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע. דערציילט״, האָט מאַניע געבעטן.

פראַדל האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן און אָנגעהויבן דערציילן:

„איצט איז דאָרטן שטיל אין פּאַלאַץ. אַמאָל זיינען דאָרטן געווען אָפּטע הוליאַנקעס. דער אַלטער פּאָסלאַווסקי, דעם היינטיקנס עלטער־זיידע, איז געווען אַ שלעכטער מענטש, אַ שיכור אַ הולטיי. אַ גרויסער כעסן געווען. ער האָט געהאַט טויזנטער קנעכט. פאַר דער קלענסטער עבירה פלעגט ער הייסן שמייסן די פּויערים. ווי דער איצטיקער פּריץ,

האָט דער אַלטער פּאָסלאַווסקי, ימח שמו, פֿאַרבראַכט די מערסטע צייט אין אויסלאַנד. אַהער פֿלעגט ער קומען אויף יאַגד און פֿיש־פֿאַנג. ער פֿלעגט אָנברענגען גאַנצע כאַליאַסטרעס פּריצים און פּריצטעס, און מען פֿלעגט הוליען אויף וואָס די וועלט שטייט. נאָכן לעצטן מיאַטעזש (פּויערן אויפֿשטאַנד) איז דער אַלטער פּאָסלאַווסקי געווען געצוואונגען צו געבן די פּויערים שטיקלעך ערד. אָבער די בעסטע ערד, ווי די וועלדער, און פֿעלדער, איז פֿאַרבליבן ביים פּריץ ביז היינטיקן טאָג״.

מאַניע איז געווען אַזוי שטאַרק פֿאַראינטערעסירט אין איר קאָמ־פּאַניאָנקעס דערציילונג, אַז זי האָט זי מיט קיין איין וואָרט ניט איבער־געשלאָגן. פֿון צייט צו צייט האָט זי געטשמאָקעט מיט די ליפּן, גע־קנאַקט מיטן צונג אין באַוואונדערונג. פּראַדל, דערמוטיקט, האָט דער־ציילט ווייטער:

„וואָס זאָל איך אייך אַ סך ברייען, די צייט שטייט ניט, וועלדער זיינען געוואַקסן, ביימער זיינען געוואָרן געדיכטער, דער פּריץ האָט געדאַרפֿט האָבן געלט אויף זיין הולטייסקען לעבן אין אויסלאַנד, האָט ער פֿאַרקויפֿט טויזנטער דעסיאַטין וואַלד צו געשעפֿטסלייט. מען האָט אויסגעהאַקט די ביימער און אויפֿגעבויט אַ הוטע. קינדער אַרבעטן אין דער הוטע, פּויערים האַקן דעם וואַלד, פֿליטניקעס שלעפּן געהילץ קיין דייטשלאַנד, שיפֿן פֿירן גלאָזוואַרג אין שטעט און ברענגען צוריק מאַ־טעריאַלן פֿאַר מאַכן גלאָז. עס קומען אָן אָרעמע מענטשן פֿון שטעט און פֿון דערפֿער, מען בויט כאַלופּקעס, אַלע לויפֿן אַרבעטן אין הוטע, פֿאַבריקאַנטן ווערן רייך. דאָס גאַנצע שטעטלדיקע לעבן האָט זיך געביטן, געוואָרן אויפֿגעלעבט. אָבער דער עלטער־ער דור יידן האָט דאָס ראַשיקע לעבן ניט געקענט ליידן. עס האָט זיך זיי געבענקט נאָכן אַלטן שטייגער. אַ סך זיינען צוריקגעפֿאָרן אין די דערפֿער. מייז שווער און שוויגער אויך. מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס פֿאַר אַ לעבן זיי האָבן דאָרטן געהאַט. באַלעבאַטישערע יידן זיינען געווען אַרענדאַרן. אָרעמע זיינען געגאַנגען פֿון דאָרף צו דאָרף און געלאַטעט פּויערשע פּעלצלעך. די מערסטע האָבן געוואוינט אין קורניקעס. האָט איר אַמאָל געזען אַ קורניק?״ פֿרעגט זי מאַניע מיט אַזאַ ביטערן אויסדרוק אויפֿן פּנים, ווי זי וואָלט זי געפֿרעגט צי האָט זי אַמאָל געזען דעם גיהנום.

מאַניע דרייט מיטן קאָפּ. ניין, זי האָט קיינמאָל ניט געזען קיין קורניק.

„אַ קורניק״, דערקלערט פּראַדל, איז אַ קליין נידעריק שטיבעלע

אָן פענצטער, מיט אַ שטרויענעם דאַך. קיין קוימען איז ניטאָ. אַז מען מאַכט פייער אין אויוון, ווערט דאָס גאַנצע שטיבל אָנגעפילט מיט רויך. עפנט מען די טיר, גייט דער רויך דער רויך צוזאַמען מיט דער וואַרעמקייט אַרויס אין פּראָסטיקן דרויסן און אין קורניק איז ווידער קאַלט. זומער קומט אין שטיבל קיין מאָל ניט צו די זון, ווייל אין קורניק איז ניטאָ קיין פענצטער, אַפילו קיין שפּאַרונע ניט".

און אַזוי טאָג־איין טאָג־אויס האָט פראַדל דערציילט מאַניען מעשיות. און דערציילנדיק האָט זי נאָכאַמאָל דורכגעלעבט די פרייד און דעם צער פון פאַרגאַנגענע טעג. זי האָט איר דערציילט פון שטאָטישן און דאָרפישן לעבן, פון פויערים פּליטניקעס, פון האָלצהעקער, פון זייערע צרהדיקע פאַרדינסטן. אַ סך שיכורן זיך אָן פון פאַרביטערטקייט, קומען אַהיים און לאָזן אויס די ביטערע הערצער צו זייערע ווייבער, שלאָגן זיי מכת רצח. די ווייבער נעמען אָן דאָס שלאָגן ווי אַ נאַטיר־לעכע זאַך, אַ שטראָף פון גאָט — ווי דונערן, בליצן, שטורעמס. זיי ווייסן, אַז זייערע מענער האָבן זיי ליב, אַז זיי זיינען ניט שולדיק, נאָר די פינצטערע דאָליע טרייבט זיי צום שלאָגן.

זי דערציילט מאַניען וועגן דאָרפישן לעבן־שטייגער, וועגן פויער־שע חתונות, טענץ און לידער וואָס זיי זינגען ביים אַרונטערנעמען די תבואות פון די פעלדער.

אַזוי האָט פראַדל פאַרבראַכט די טעג מיט דער דאַטשניצע. און וואָלט זיך מאַניע ניט געקליבן אַוועקפאָרן, און זי וואָלט מיט איר געוועזן יאָרנלאַנג, וואָלט זיך ביי פראַדלען ניט אויסגענומען קיין מעשיות און מאַניע וואָלט ניט מיד געוואָרן הערנדיק.

און ניט נאָר האָט פראַדל איר דערציילט מעשיות, זי האָט איבער איר געוואַכט ווי איבער אַ קינד, אָפּגעהיט מיטן עסן, זי צוגעזעצן מיט אַלעם נייטיקן. זי האָט געלערנט מאַניען ליב צו האָבן דאָס לעבן, האָבן בטחון.

מאַניעס געזונט־צושטאַנד האָט זיך פאַרבעסערט. אירע באַקן האָבן באַקומען אַ נאַטירלעכע פאַרב, אירע ברוינע אויגן — אַ גלאַנץ, אירע דינע ליפּן זיינען פולער געוואָרן, ווי דערביימער־זאַפט וואָלט אין זיי אַריין. זי האָט ווייניקער געהוסט.

פראַדלס פּנים איז געוואָרן קופּער־ברוין און אַ נצחון האָט אַרויס־געשיינט פון אירע טיפע קלוגע אויגן.

# אַ טריף-פּסול

אין אַ דאָנערשטיק פרימאָרגן איז ביילקע, ווי געוויינלעך, אויפגעשטאַנען פרי. זי האָט אויסגעמאָלקן די בהמה, איבערגעזייט די מילך, אָנגעקליבן אויפן גלחס גאָרטן שטשאַוו, דאָס אָפּגעקאָכט, פאַרגרייט אַ פּעקל עסן — ברויט מיט קעז — פאַר חיימען, און נאָכדעם ווי דער טאַטע האָט אָפּגעדאַוונט און צוזאַמענגעלייגט דעם טלית, האָט זי דערלאַנגט צום טיש אָנבייסן — ציקאָריע מיט ברויט.

דער אַכט־אַזייגער הודאָק האָט זיך צעפּייפט און גערופן די קינדער פון די שטיבער צו דער אַרבעט אין דער הוטע.

איילנדיק האָט חיים אָפּגעכאַפּט אַ טעפּעלע ציקאָריע מיט שוואַרצן ברויט, גענומען דאָס פּעקעלע עסן און איז אַוועק צו דער אַרבעט.

היינט קומט די מאַמע פון וואַלד שבת מאַכן, קלערט ביילקע, טאָ זאָל זי געפינען אַ ריין הויז. זי האָט זיך גענומען ראַמען און קערן די פּאָדלאָגע אין אַלקער. דער איינציקער חדר אין שטוב, וואָס האָט געהאַט אַ פּאָדלאָגע פון ברייטע, גרויע ברעטער. שאַרנדיק מיטן בעזים אונטערן בעט האָט זי דערפילט אַ האַרטע זאַך. זי האָט אַרויסגעשאַרט אַ בוך מיט אַלטע, פאַרגעלטע טאָוולען.

ביילקע האָט אַ באַהאַלטענע ליבשאַפט צו ביכער און ספרים. ביכער זיינען פאַר איר ווי שטילע גוטע פריינט, וואָס לאָכן ניט אָפּ. מען דערוויסט זיך פון זיי ענטפערס אויף פראַגעס, וואָס גרויסע מענטשן ווילן ניט אָדער קענען ניט ענטפערן. און פראַגעס האָט ביילקע צו פרעגן גאָר אַ סך.

אַמאָל ווען זי איז געווען אַ קינד, פלעגט זי פרעגן דעם טאַטן אַלערליי פראַגעס. היינט שעמט זי זיך. אַז זי נעמט זיך שוין אָן מיט קוראַזש און פרעגט אים עפּעס, ענטפערט ער איר: „אַז משיח וועט קומען, וועלן אַלע פראַגעס פאַרענטפערט ווערן". אַמאָל איז ביילקע געווען צופרידן מיט אַזאַ ענטפער, היינט ניט.

פאַר דער מאַמען שעמט זי זיך און האָט מורא. אַנומלטן האָט זי ביי איר געפרעגט פאַרוואָס עס טוען איר וויי די בריסטלעך, פאַרוואָס עס ברעכט איר דער רוקן, פאַרוואָס עס טוט איר וויי אַלע חודש דער בויך, ווי דער גאַנצער גוף וואָלט זיך צעבונטעוועט. פאַרוואָס?

„שאַ", האָט די מאַמע צוגעלייגט אַ פינגער צום מויל. און דער טאַטע האָט אַ פּאַטש געטאָן אין באַק. פאַרוואָס?

אַלערליי „פאַרוואָסן" האָבן געמאַטערט ביילקען. פאַרוואָס אַר־

בעטן זיי אַלע שווער און זיינען אָרעם? פאַרוואָס טוט אַריה לייב דער וואָכערניק גאָרניט און איז רייך? פאַרוואָס האָבן אָרעמע מאַמעס אַ סך קינדער? און רייכע האָבן נאָר צו איינציקע? פאַרוואָס לאָזן ניט צו חסידים קיין דערוואַקסענע מיידלעך ערב פּסח צו וועלגערן זייערע מצה־שמורה, נאָר זיי זוכן אַכט־ניין יאָריקע? און פאַרוואָס האָט דער רבי צעשיידט דעם טאַטן מיט שרה־פייגלען, ווען זיי האָבן זיך אַזוי שטאַרק ליב געהאַט? פון האַרץ־וויטיק איז זי אַוועקגעפאָרן קיין ארץ ישראל. נאָך איצט ווען די מאַמע דערמאָנט איר נאָמען, צעשפּרייט זיך אַ ליכ־טיקער שמייכל אויף דעם טאַטנס שטענדיק טרויעריקן פּנים.

אָט אַזוינע געדאַנקען זיינען דורכגעלאָפן אין ביילקעס קאָפּ, בעת זי איז געשטאַנען מיטן בעזים אין איין האַנט און מיט דעם בוך אין דער צווייטער. זי האָט אַוועקגעשטעלט דעם בעזים, געעפנט דאָס בוך, גע־מישט די פאַרגעלטע טרוקענע בלעטער, געלייענט און ניט פאַרשטאַנען, האָט זי דאָס בוך אַוועקגעלייגט און זיך גענומען צוריק צו דער אַרבעט. זי האָט געטראַכט: ס׳איז דאָך אַ בוך געשריבן אויף יידיש, טאָ פאַרוואָס זאָל זי ניט פאַרשטיין? זי האָט צוריק אויפגעהויבן דאָס בוך, און אי־בערגעלייענט אויף אַ פּאַדערשטן בלעטל: „קאַרל מאַרקס וועגן פּאָ־ליטישער עקאָנאָמיע". ניט ווּסנדיק וואָס פּאָליטישע עקאָנאָמיע באַ־דייט, האָט זי ווייטער געבלעטערט. אויפן דריטן בלעטל האָט זי דער־זען אַ פאָטאָגראַפיע, געראָטן אין זיידן משה, נאָר דער זיידע האָט אַ לענגערע באָרד און טראָגט אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ. זי וואָלט אפשר צוריק אַוועקגעלייגט דאָס בוך, קוקן אָבער אַרונטער פון בילד אַזעלכע צוויי גוטע, פאָטערלעך־מילדע אויגן. מישט זי ווייטער די בלעטלעך און לייענט. ס׳איז אַ שווערע שפּראַך, אינגאַנצן אַנדערש פון יענע ביכער, וואָס זי איז געוואוינט צו לייענען. מישט זי בלעטל נאָך בלעטל, כאַפּט אַ שורה דאָ, אַ וואָרט דאָרטן, ביז זי קומט צו די ווערטער „אַר־בעטער קלאַס".

נו, דאָס פאַרשטייט זי. זי האָט אַ סך מאָל געהערט איר שוועסטער זאָגן די ווערטער. זי האָט איינמאָל געהערט חיימען זאָגן צו דער מאַמען: „ווען דער אַרבעטער קלאַס וועט זיין ביי דער מאַכט, וועט אָפּגעשאַפט ווערן אָרעם און רייך. אַלע מענטשן וועלן דעמאָלט זיין גלייך".

ביילקע האָט זיך צוגעזעצט אויפן בעט הינטערן אויוון. זי האָט זיך פאַרגעסן, אַז זי דאַרף היינט גיין צו דער אַרבעט. זי האָט זיך

אָנגעשפּאַרטביים ווינקל בעט אין דעם לייטערל, מיט וועלכן מען קריכט אַרויף אויפן אויוון, און האָט געגומען ווייטער מישן די בלעטלעך.

די ווערטער „אַרבעטער", „אַרבעט", „קאַפּיטאַל", „ריווח", וואַרפן זיך איר אין די אויגן. „אַרבעט" — דאָס ווייס זי, ווייל וואָס פאַר אַ באַדייט, וואָס פאַר אַ ווערט וואָלט זי אַליין געהאַט אָן אַרבעט? אָבער „קאַפּיטאַל"? ס'מוז זיין אַ וואַזשנער וואָרט. יאָ, זי האָט אַמאָל געהערט ווי די מאַמע האָט געזאָגט, אַז לייב טוראַק פאַרמאָגט אַ גרויסן קאַפּיטאַל. הייסט עס, אַז ווער עס איז רייך, דער האָט קאַפּיטאַל. די שוועסטער און ברידער ריידן פון „קאַפּיטאַליסטן" און דאָס, ווייסט זי, באַדייט גבירים. זי מישט ווייטער: „קאַרל מאַרקס זאָגט, אַז רעליגיע לערנט, אַז דאָס פאָלק זאָל געבוירן וואָס מער קינדער. צוליב דעם קריגט קאַפּיטאַל אַ גרויסן אויסוואַל פון אַרבעטער פאַר די קלענסטע שכירות". דאָס פאַרשטייט זי אויך. למשל, ווען די באַלעבאָסטע האָט אַ סך שטר־ביקע אַרבעטן, נעמט דער באַלעבאָס אַרונטער די לערן־ייִנגלעך און מיידלעך פון שניידעריי און שטעלט זיי אַוועק ניאַנטשען די קינדער, האַקן האָלץ, וואַשן ווינדעלעך, ווען איין לערן־מיידל ווערט קראַנק אָדער קען ניט טאָן גוט די אַרבעט, שטעלט דער באַלעבאָס אַוועק אַ צווייטע, אַ דריטע, אַ פערטע אויף איר פּלאַץ. דאָס באַדייט צו האָבן אַן אויסוואַל פון אַרבעטער, רעכנט ביילקע אויס.

דאָס וואָרט „ריווח" טייטשט ביילקע אויס אַזוי: נו, למשל, זי שפּילט פּסח אין ניס, זי געווינט אַ סך. שפּאָרט זי אָפּ די געוואונענע גרויסע ניס אין אַ זעקעלע און מיט די קלענערע ניס שפּילט זי ווייטער. אויב זי האַלט אין איין געווינען, קלייבט זיך אָן אַ פול זעקעלע מיט ניס. דאָס איז ריווח, אויב זי איז ניט קאַרג און גיט די געוואונענע ניס אַוועק צו אירע חברטעס, איז גוט. איז זי דאָך אָבער יאָ קאַרג און גיט ניט צוריק, קלייבט זיך ביי איר אָן אַ פולער זאַק מיט ניס, און זי ווערט אַ „קאַפּיטאַליסטקע". ביילקע האָט זיך דערשראָקן פאַרן געדאַנק און איבערגעמישט דאָס בלעטל.

„אין לאָנדאָן, ענגלאַנד", לייענט זי ווייטער, „זאָגט קאַרל מאַרקס, „פלעגן קליינע ניין־צען יאָריקע קינדער אַרבעטן ביי די וועב־שטולן צוועלף און פערצן שעה אַ טאָג פאַר זייער קליינע שכירות". ניט נאָר פאַרשטייט דאָס ביילקע, זי פילט דאָס מיט אַלע אירע חושים. זי זעט זייער אָרעמקייט, פילט זייער מידקייט, עס דוכט זיך איר אויס, אַז זי זעט זייערע בלאַסע פּנימער, זייערע דאַרע הענט, ווי זיי זיצן ביי די וועב־שטולן. זי דערפילט אַ נאָענטקייט, אַ ליבשאַפט צו יענע קליינע, גרויס־

שטאָטישע מיידלעך, וועלכע אַרבעטן שווער אַזוי ווי זי טאָג און נאַכט פאַר קליינע שכירות און זיינען אַזוי מאָגער, בלייך און שטיל ווי זי.

„ביילקע, וועלכן ספר האַלטסטו דאָרטן? האָסט פאַרגעסן, אַז דו דאַרפסט היינט גיין צו דער אַרבעט?" האָט דער טאַטע גערופן צו איר פון חדר.

זי האָט זיך ווי פון אַ חלום אויפגעכאַפּט. איר ערשטער געפיל איז געווען — באַהאַלטן דאָס בוך! זי האָט עס צוריק אַרונטערגעשאַרט אונטערן בעט, געכאַפּט די פּאַטשיילע אויפן קאָפּ און זיך געלאָזט צו דער טיר.

„וואַרט נאָר אַ ווייליניקע", האָט דער טאַטע געזאָגט און געקוקט מיט זיינע טרויעריק־פאַרטראַכטע אויגן דאָ אויף ביילקען, דאָ אונטערן בעט צום בוך.

„ס'איז אַן עבירה פאַר גאָט צו לייגן אַ ספר אויף דער ערד, אונ־טערן בעט. זינט די מאַמע איז אַוועק אין וואַלד מיט דער דאַטשניצע, ביסטו אינגאַנצן אַראָפּ פון דרך־הישר. וואָס איז געוואָרן מיט דיר, ביילקע?" און ער האָט זיך געלאָזט גיין צום שלאָף־צימער, וואו דאָס בוך איז געלעגן אונטערן בעט.

„טאַטע, דאָס איז אַ בוך געשריבן מיט יידישע ווערטער. ס'איז ניט קיין ספר, אַזאַ בוך מעג ליגן אונטערן בעט. אויף דער הוילער ערד". האָט ביילקע געזאָגט און איז פאַרלאָפן דעם טאַטן דעם וועג. שנעל ווי אַ האָז איז זי אַרונטער אונטערן בעט און געכאַפּט דאָס בוך. זי האָט זיך אויפגעהויבן, איז געבליבן אַליין אַ צעשראָקענע מיטן בוך אין האַנט און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אים.

„ווייז מיר נאָר וואָס איז דאָס פאַר אַ ספר", האָט דער טאַטע געקוקט אויף ביילקען מיט חשד.

„טאַטע, כ'האָב דיר שוין געזאָגט, אַז דאָס איז ניט קיין ספר, ניט געשריבן אויף לשון קודש, ס'איז אַ יידיש ביכל", האָט ביילקע גע־שטאַמלט אין שרעק.

„גיב מיר דאָס בוך", איז דער טאַטע צוגעטראָטן נעענטער צו איר. מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ האָט אים ביילקע איבערגעגעבן דאָס בוך.

„וואו האָסטו עס גענומען, ווער האָט עס דיר געגעבן?" האָט דער טאַטע געפרעגט און צורעכט געמאַכט די יאַרמולקע אויפן קאָפּ.

„קיינער האָט עס מיר ניט געגעבן. כ'האָב עס געפונען אונטערן בעט", האָט זי געזאָגט.

דער טאַטע האָט באַקוקט די טאַוולען און גענומען מישן די בלע־טער. דערזען אַ פּאָטאָגראַפיע, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און שטום, מיט באַדויער געדרייט מיטן קאָפּ. ביילקע האָט זיך געהאַלטן ביי דער קליאַמקע, אָבער זי האָט ניט געוואָלט אַוועקגיין אָן דעם בוך. דער טאַ־טע, נאָך אַלץ האַלטנדיק דאָס בוך אין האַנט, האָט ווידער אַרונטערגע־לאָזט די אויגן צום בילד און געזאָגט מיט אַ גמרא־ניגון:

„טאָ זאָג־זשע מיר, טאָכטער מיינע, וועלכער פרומער ייד לאָזט עס זיך אַרונטערנעמען אַ פּאָרטרעט פון זיך מיט אַ הוילן קאָפּ, אָן אַ יאַרמולקע?"

„ער איז ניט קיין טעלעכאַנער ייד, ער איז אַן ענגלישער ייד. אַחוץ דעם איז ער אַ שרייבער און טראָגט ניט קיין יאַרמולקע אויפן קאָפּ. אָבער זע נאָר וואָס פאַר אַ גוטע, מילדע אויגן, וואָס פאַר אַ שיי־נעם הדרת פנים ער האָט", האָט ביילקע געזאָגט מיט גרויס דרך־ארץ.

„האָסט אַ טעות, מיין קינד. איינער, וואָס טראָגט ניט קיין יאַר־מולקע און ניט קיין היטל אויפן קאָפּ, איז אַן עוכר־ישראל און זיין בוך איז אַ טריף־פּסול". און ער האָט אַ וואָרף געטאָן דאָס בוך אויפן זאַמ־דיקן דיל. אַ דינער שטויב האָט זיך אַ הייב געטאָן צוזאַמען מיט אַ דומפּן קלאַפּ, ווי אימיצער וואָלט פון דאָרטן אַ וויטאָגדיקן קרעכץ געטאָן.

ביילקע איז געשטאַנען צוגעשמידט צום אָרט. זי האָט געזען ווי דער טאַטע גייט צו צום עמער, שעפּט־אָן אַ קענדעלע וואַסער און צע־וואַשט די הענט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַרונטערוואַשן די טומאה פון זיך.

אַ געפיל פון שולד, אויסגעמישט מיט פאַרדרוס און רחמנות אויפן טאַטן, האָט צעריסן ביילקעס נשמה. זי האָט זיך איינגעבויגן, אויפגעהויבן דאָס בוך און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און אַ קלאַפּנ־דיק האַרץ פאַרלאָזן די שטוב.

די קילע, שפּעט־זומערדיקע לופט האָט זי אָפּגעפרישט. אַ ווייל איז זי געבליבן שטיין מיטן בוך אין האַנט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אים. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז די שוועסטער און ברידער פלעגן פאַרגראָבן געווער אין דער ערד. איז, פאַרוואָס ניט פאַרגראָבן דאָס בוך?

זי איז אַוועק הינטערן שטוב, אויפן גאָרטן ביים פּלויט, און מיט שטיקלעך צעבראָכן האָלץ און גלאָז, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויף

דער ערד, האָט זי אויסגעגראָבן אַ גריבל, אַריינגעלייגט דאָס בוך און עס פאַרשאָטן מיט שוואַרצער ערד. זי האָט אַרויפגעלייגט קראָפּעווע פאַר אַ סימן, און איז אַוועק צו דער אַרבעט.

## ביילקע פאַרקערעוועט צום טייך

ווען די מאַמע איז געקומען אַהיים דאָנערשטיק בייטאָג מאַכן שבת, האָט זי געטראָפן ביילקען מיטן קאָפּ אין פּריפּעטשאָק בלאָזנדיק דעם פייער אונטערן טאָפּ. אונטער אַ צאַנקענדיקן פייער איז געשטאַנען אַ פאַררויכערטער ליימענער טאָפּ, פון וועלכן ס׳האָט זיך געצויגן אַ דינע פאַרע צוזאַמען מיט אַ שוואַרצן רויך.

„פאַרברען זיך ניט די האָר״, האָט געזאָגט די מאַמע. זי האָט אַרונטערגעוואָרפן דאָס זעקעלע מעל פון פּלייצע, געכאַפּט אַ שמאַטע און אַראָפּגענומען דעם פאַרדראָטעוועטן טאָפּ פון רויכיקן פייער.

„או, עס פאַרשמעקט די שטוב, און אויגן ווי פון אמתן פליישיקן זופּ״, האָט די מאַמע געזאָגט בעת זי האָט געמישט דעם טאָפּ מיט אַ גרויסן הילצערנעם לעפל. די ווייסע בעבלעך מיט די פרי־שע קאַרטאָפל האָבן אַ בליץ געטאָן פאַר די אויגן און גערייצט דעם אַפּעטיט.

„כ׳האָב דאָס נאָך אָפּגעקאָכט דינסטיק, פאַרפּרעגלט מיט אַ ציבעלע און בוימל ווי דו טוסט דאָס אַלע מאָל״, האָט ביילקע געזאָגט אַ זעלבסטצופרידענע און געקוקט אויף דער מאַמע ווי זי שאַרט מיט דער קאָטשערקע דעם רויכיקן פייער. פון דעם שוואַרצן רויך האָבן זיך געהויבן און געלאָשן פונקען. די מאַמע האָט אונטערגעלייגט דינע שפּענדלעך מיט סטרוזשקעס, דער פייער האָט זיך צעברענט און אַרויסגעשטעקט פייער־צונגען פון אַלע זייטן. זי האָט צוריק אַוועקגעשטעלט דעם טאָפּ אויפן אייזן און דער פייער האָט פריילעך געקנאַקט.

דער טאַטע האָט זיך געוואַשן צום עסן. אָפּגעמאַכט די המוציא, אַרונטערגעשלונגען דעם ערשטן ביסן ברויט מיט זאַלץ צוזאַמען מיט דער ברכה, האָט ער זיך אָנגענומען מיט קוראַזש און געפרעגט:

„נו, פראַדל, ווען פאָרט שוין דיין דאַטשניצע אַוועק פון דאַנען?״

„ווען? מסתמא אין אַ וואָך, צוויי אַרום. דער וועטער איז נאָך וואַרעם, איילט זי זיך ניט מיטן אַוועקפאָרן. האָסט זי שוין געדאַרפט אָנקוקן, דוד, ווען זי איז געקומען. איר פּנים איז געווען געל ווי וואַקס, געאָטעמט האָט זי ווי אַ פאַרמאַטערט פערד, די אויגן אויסגעלאָשן. אַפילו איר קול איז געווען טרוקן און הייזעריק. און געהוסט האָט זי.

גאָט זאָל אָפּהיטן! איצט, נאָך עטלעכע וואָכן אין וואַלד, איז איר פּנים געוואָרן פאַרברוינט, איר קול קלאָר, אירע אויגן האָבן געקראָגן אַ גלאַנץ, דער הוסט איז כמעט אַוועק. זי האָט אַרויפגענומען פלייש אויף אירע ביינער. ס׳איז אַ מחיה צו קוקן אויף איר, גאָר אַ נייער מענטש געוואָרן״, האָט פראַדל געזאָגט מיט פרייד, ווי אַ גוטע מאַמע, וואָס זעט איר קראַנק קינד זיך בעסערן.

„און פון וואָס איז זי דאָס אַזוי גיך געזונט געוואָרן? פון דער גוטער וואַלדיקער לופט, פון גוטן עסן, אָדער אפשר גאָר פון די מעשה־לעך, וואָס דו דערציילסט איר?״ האָט דער טאַטע געפרעגט מיט אַ שטע־כיקן שפּאָס

די מאַמע האָט געוואָרפן אַ שאַרפן קוק אויף אים. עס זיינען איר געקומען אויפן זינען די מעשיות, וואָס זי האָט מאַניען דערציילט, און עס איז איר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק איז קאָפּ: „ווייס ער וואָס כ׳האָב איר דערציילט?״.

„און ווער האָט עס דיר געזאָגט, אַז איך דערצייל איר מעשיות?״ האָט געפרעגט די מאַמע מיט איר פאַרשנדיקן בליק.

„ווער ס׳האָט מיר געזאָגט?״ פרעגט ער איבער איר פראַגע. קיי־נער האָט דאָס מיר ניט געזאָגט. איך ווייס דען ניט, אַז דו האָסט ליב דערציילן מעשיות?״

די מאַמע האָט איצט פריי אָפּגעאָטעמט. זי האָט אַרונטערגענומען דעם טאָפּ פון פייער אַריינגעגאָסן דאָס געקעכטס אין אַ גרויסער ליי־מענער שיסל, אַוועקגעשטעלט די שיסל אויפן טיש, צעשטעלט פיר שי־סעלעך מיט לעפל. „און וואו איז חיים?״ האָט זי געפרעגט.

„כ׳האָב אים מיטגעגעבן אַ פּעקעלע עסן. ער קומט ניט אַהיים עסן וואַרמעס״, האָט ביילקע געזאָגט און געקוקט אויף דער געשמאַקער פאַרע, וואָס האָט געשלאָגן פון שיסל און גערייצט איר אַפּעטיט.

אַ פּאָר מינוט האָבן אַלע געגעסן אין שטי־לשווייגן. ביילקע האָט געזען דורך אַ זייט פון אויג ווי אַ וואָלקן איז געלעגן אויסגעשפּרייט אויפן טאַטנס פּנים. עס איז געווען קענטיק אויף אים, אַז ער וויל עפּעס זאָגן און האַלט זיך אָפּ. דער אינדערפריאיקער צוזאַמענשטויס מיטן טאַטן איז איר געווען פריש אין זכרון. זי האָט זיך דערפילט אומ־באַקוועם און אויסגעמיטן זיין בליק.

ער האָט איינגעטונקט אַ סקאָרינקע ברויט אין דעם זופּ און אַריינ־געלייגט דאָס צעווייקטע ברויט אין זיין ציין־לאָזן מויל. „גם זו לטובה״.

האָט ער שטיל געזאָגט און געקוקט מיט באַהאַלטענער קנאה אויף דער מאַמעס ברוינעם פּנים און ווייסע, שטאַרקע ציין.

„וואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי?" האָט די מאַמע געפרעגט אומצופרידן.

„גאָרניט, איך קלער נאָר", האָט ער געזאָגט קייענדיק דעם ביסן מיט שוועריקייט.

„און פון וואָס קלערסטו? פון דער צי פון יענער וועלט?" האָט די מאַמע געפרעגט מיט אַ האַלב־שפּאָטישן שמייכל.

„פון ביידע וועלטן. פון דעם יונגן דור, וואָס נייגט אָפּ פון יידישקייט, פון די טריף־פּסולן, וואָס זיי לייענען. זייערע נייע פירערכצן וועלן קיין גוטס ניט ברענגען. כ'קלער ווער ס'איז שולדיק אין דעם? אפשר די פאַלשע משיחים? זאָל מיר גאָט מוחל זיין פאַר מיינע זינדיקע מחשבות".

„ביסטו שוין פאַרטיק מיט דיין דרשה?"

„נאָך ניט", האָט ער געזאָגט און גענומען צונויפשאַרן די ברעקלעך פון טיש, עס זאָל חלילה קיין ברעקעלע ניט אַראָפּפאַלן.

די מאַמע האָט אויף אים געקוקט אין פאַרוואונדערונג, ווי זי וואָלט אים ניט דערקענט.

דער טאַטע האָט אָפּגעגאָסן מים־אחרונים, אָפּגעבענטשט, צוזאַמענגענומען זיין שיטערע באָרד אין דער רעכטער האַנט און נאָך אַ פּאָר מינוט קלערן האָט ער אַריינגעקוקט דער מאַמען אין די אויגן און געזאָגט:

„הערסטו, מיין אשת־חיל, פון זינט דו האָסט זיך פאַרנומען מיט דיין דאַטשניצע, ביסטו עפּעס געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש".

די מאַמע האָט אויף אים אַ שאַרפן קוק געטאָן און געזאָגט:

„און וואָס מיינסטו טו איך אין וואַלד, שפּיל זיך אַרום מיט די פּייגעלעך? אין דאָרף ווילסטו ניט איך זאָל פאָרן. עס פעלט, ברוך־השם, שטענדיק אויס פּרנסה. פון די דריי רובל אַ וואָך, וואָס מאַניע צאָלט מיר, האָב איך נאָך אַפילו קיין קאָפּיקע ניט אָפּגעשפּאָרט, חובות באַצאָלט. עס קומען אָן די יום־טובים, וועסט דאַרפן געלט צו קויפן לולבים, אתרוגים. אַז גאָט וועט מיך לאָזן לעבן וועל איך אָפּשפּאָרן אַ פּאָר רובל, דו זאָלסט ניט דאַרפן נעמען קיין קינדערשע געלט פאַר דיין געשעפט".

דאָס וואָרט „געשעפט" האָט זי אויסגעצויגן מיט אַ חוזקדיקן

קנייטש און עס האָט איר פאַרדראָסן אויף זיך, וואָס זי חוזקט פון דעם מאַנס געשעפטן. האָט זי גלייך צוגעגעבן אין אַ ווייכערן טאָן:

„אַוודאי איז דיר שווער אַליין מיט די קינדער אין שטוב. וואָס זאָל מען טאָן? ערלעך איז שווערלעך".

דערמונטערט פון אירע טרייסט־רייד, אַז ער וועט ניט דאַרפן גע־מען קיין געלט ביי די קינדער פאַרן געשעפט, האָט ער אַ שטילן קרעכץ געטאָן און געזאָגט: „נו, דאַנקען גאָט דערפאַר. אָבער מען דאַרף דאָך אַכטונג געבן אויף די קינדער, פראַדל". און ער האָט געוואָרפן אַ שטרענגן בליק אויף ביילקען.

ביילקע האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק. זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן וואַנט־זייגער און געזאָגט: „באַלד איינס אַזייגער, צייט צוריק־גיין צו דער אַרבעט".

„וואָס מיינסטו, דוד, די קינדער זיינען דען הלילה קראַנק צי קאַ־ליקעס? דאַנקען גאָט, געזונטע קינדער, אַרבעטן און וואַקסן שיין אַן עין הרע. טאָ וואָס ווילסטו?" האָט די מאַמע געזאָגט און אָפּגעמאַסטן ביילקען מיט אירע אויגן. „אַזאַ יאָר אויף מיר, ווי שיין זי איז ביי דער מאַמע אין די אויגן".

„ביילקע האָט היינט געלייענט איינעם פון יענע ביכער", האָט גע־זאָגט דער טאַטע.

„ביילקע, דו!" האָט די מאַמע געפרעגט אין גרויס פאַרוואונדע־רונג.

„יאָ, זי. וואָלסט זיך דאָס אויף איר געריכט?"

„ביילקע, וויַיז מיר אקארשט דאָס בוך".

„כ'האָב עס איצט ניט. כ'וועל עס דיר שפּעטער וויַיזן", האָט ביילקע געשטאַמלט.

„דוד, פון וואַנען ווייסטו, אַז עס איז געווען פון יענע ביכער?" האָט די מאַמע געפרעגט שוין אַ ביסעלע באַרואיקט.

„כ'האָב געבלעטערט דאָס בוך און כ'האָב דאָרט אין ערגעץ נישט באַמערקט גאָטס נאָמען. דער מחבר, אַ ייד לויטן אויסזען, שטייט דאָרטן אָפּגעפּאָרטרעטלט אָן אַ היטל, ווי אַ גלח".

„עס איז בעסער אַ ייד אָן אַ היטל ווי אַ היטל אָן אַ ייד" האָט די מאַמע געענטפערט. „און וועגן דעם, וואָס גאָטס נאָמען איז דאָרטן ניט דערמאָנט, דוכט זיך מיר, אַז עס שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים, אַז מען זאָל ניט דערמאָנען אומזיסט גאָטס נאָמען".

„דאָס איז אַלץ דיין שולד, מיין וויַיב. די נאַרישע מעשה־ביכלעך

וואָס דו פלעגסט זיי אַלע שבת בייטאָג לייענען, די דבורים בטלים און נבול־פה וואָס ס׳שטייט געשריבן אין די זשאַרגאָנישע ביכלעך, דאָס אַלץ האָט געפירט, אַז זיי זאָלן אַריינברענגען טריף־פסולן אין שטוב. גאָט ווייס צו וואָס עס קען פירן״.

טאַטע־מאַמע האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס בוך, וואָסביילקע האָט געלייענט, האָט עפּעס צו טאָן מיט די שוועסטער און ברידער, און ביידע האָבן געפילט ווי אַ פרעמדער מענטש וואָלט זיך אַריינגעריסן אין שטוב און עפּעס צעשטערט. דער טאַטע, נאָך מער פון דער מאַמען, האָט פאַר דעם פרעמדן מורא געהאַט.

ביילקע האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש, אָפּגעטרייסלט דאָס קליידל און זיך געלאָזט גיין צו דער טיר.

„ביילקע, וואַרט נאָר אַ מינוטקעלע. קענסטו זיך דערמאָנען, וואו דו האָסט אָוועקגעלייגט דאָס ביכל?״, האָט די מאַמע געזאָגט.

ביילקע האָט מורא געהאַט צו זאָגן דעם אמת, און קיין ליגן האָט זי ניט געוואָלט זאָגן, האָט זי געשוויגן.

„וואָס שווייגסטו? דו ווייסט, אַז איך האָב אויך ליב לייענען ביכ־לעך, טאָ לאָמיך אַריינקוקן און זען צי איז דאָס טאַקע אַ שלעכט בוך, ווי דער טאַטע זאָגט״.

„מאַמע, איך איל זיך גיין. כ׳האָב מורא כ׳וועל ווידער פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט. לאָז מיך איצט גיין. כ׳וועל אויפזוכן דאָס ביכל און עס דיר געבן היינט אָוונט״. האָט זיך ביילקע געבעטן ביי דער מאַמען.

„גוט, מיין קינד. גיי געזונטערהייט צו דער אַרבעט״. האָט די מאַמע נאָכגעגעבן.

ביים אַרויסגיין פון שטוב האָט ביילקע געהערט ווי די מאַמע זאָגט: „שאַ, מה רעש?״

דאָס האָט זי דערפרייט און דערמוטיקט. אַמאָל, ווען זי איז געווען קליין, פלעגט דער טאַטע זיך אָננעמען איר קריוודע. איצט, אַז זי איז אַ גרויסע, האָט זי די מאַמע אויף איר זייט. אַ געפיל פון ליבשאַפט און נאָענטקייט האָט זי אַרומגענומען צו איר קלוגער, שטאַרקער מאַמען. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אין איר גאַנג, אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אויסגע־גלייכט די פּלייצעס, אַרויסגעשטעלט די פולע בריסטלעך, און זיך דער־פילט, מונטער און רייף ווי די צייטיקע תבואות אויף די פעלדער. עס איז איר געגאַנגען דאָס זיבעצנטע יאָר. אַ כלה־מיידל... חתונה האָבן, האָט זי געטראַכט. אַ זיסער ציטער איז דורכגעלאָפן דורך אַלע אירע אברים. וואָס איז חתונה האָבן? ס׳איז איר פּלוצעם געקומען אויפן

געדאַנק נאָטע, וועלכער אַרבעט מיט איר צוזאַמען, ער איז אַ הויכער, דינער בחור, אַ שוואַרץ חנוודיקער. ווען ער גיט צו איר אַ שמייכל און אַ קוק מיט זיינע שוואַרצע פאַרחלומטע אויגן, פילט זי ווי דאָס גאַנצע בלוט וואָלט איר אַריין אין פּנים און זי לאָזט אַרונטער די אויגן. ער איז ניט קיין סך עלטער פון איר און פאַרדינט שוין פינף און דרייסיק רובל אַ יאָר. ווען ער וואָלט געוואָלט מיט איר חתונה האָבן אָן נדן, וואָלטן זיי צוזאַמען געעפנט אַ מייסטערסקאַיע... אָ, ניין, זי וויל ניט חתונה האָבן, געבוירן קינדער, האָבן דאגת־פּרנסה ווי איר מאַמע. זי האָט פיינט דאָס שניידעריי, האָט פיינט נאָטען. ער האָט אַ פּאַראַליזירטע תמעוואַטע שוועסטער, זיין מאַמע איז אויך אַ צעדרייטע... שוין בעסער פאָרן קיין אַמעריקע, דאָרטן כאַפּן די בחורים אויס די מיידלעך אָן אַ קאָפּיקע נדן...

ביילקע האָט דערפילט אַ היץ אין פּנים, ווי זי וואָלט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין.

„וואָס טוט זיך דאָ מיט מיר?" טראַכט זי. „כ'קלייב זיך דאָך גאָר פאָרן קיין וואַרשע צום ברודער".

זי האָט דערפילט אַ קאָפּ־שווינדלעניש און זיך אָפּגעשטעלט. צו דער אַרבעט? אָט איז שוין יענקל דעם שניידערס שטוב, ראָג סווענטע־וואָליע און קאַנצעלאַריע גאַסן. איין וועג פירט צו אַ לאַנגן. נודנעם טאָג אַרבעט, דער צווייטער וועג צום טייך, צום ביטשעוויק...

אַ פייגל האָט זיך ערגעץ צעצוויטשערט הויך אין דער הימלשער בלויקייט. ביילקע איז מקנא געווען דעם פייגל. ער שוועבט אין דעם בלויען הימל, ווי ער וואָלט געשוואומען אין אַ גרויסן בלויען טייך. צום טייך!

זי האָט זיך פאַרקערעוועט צו דער פאָטשט־גאַס און איז אַוועק צום טייך. זי איז ווידער געוואָרן פריילעך און אויפגעלעבט. די עטלעכע דערוואַקסענע מענטשן, וואָס זי האָט באַגעגנט אויפן וועג, זיינען אין אירע אויגן געווען זאָרגלאָז און פריילעך, כאָטש אין דער אמתן זיינען זיי געווען באַלאָדן מיט דאגות.

דער טייך איז געלעגן אויסגעצויגן פלאַך ווי אַ שיינער שפּיגל. קיין פּליטן, קיין פּאַראַכאָד. ניטאָ דוניע מיט איר ווייסער סטאַדע גענדז, אַפילו קיין פויער־יינגלעך, וואָס וואַרפן שטיינדלעך אין טייך אַלע פרייטיק, אויף די זיך־באָדנדיקע מיידלעך, זיינען איצט ניטאָ. מען זעט ניט קיין לעבעדיקן מענטשן. אין דער סודותדיקער שטילקייט הערט זיך נאָר דאָס צאַרטע רוישן פון דיביימער באַגלייט פון פייגל־געזאַנג.

ביילקע האָט דערפילט אַ צופרידענע זיכערקייט מיט זיך און מיט דעם גאַנצן אַרום. זי איז אַריבער די בריק, זיך פאַרנומען רעכטס צו דעם אַלטע ראַבינע־בוים, וואָס האָט געוואונקען מיט די רויטע, רייפע ראַבינעס. אונטער די שאָטנדיקע שווערע צווייגן האָט זי אויסגעטאָן אירע קליידער ביז צום ווייסן העמד און איז אַריינגעשפרונגען אין טייך. דאָס וואַסער האָט פריילעך אַ בויטשע געטאָן. די לופט מיטן וואַסער האָט צעבלאָזן איר לאַנגע העמד אין אַ וואַסער־האָרב. ביילקע האָט זיך געלאָזט שווי־מען אויפן בלויען רוקן פון טייך.

## דער זיידע האַלט ביים שטאַרבן

ביילקעס אַריינקומען שפּעט אין מייסטערסקאַיע האָט אַרויסגערופן נייגער צווישן די מיידלעך אַרום טיש. „שוין ווידער געווען ביים טייך זען ווי די פּויערטעס וואַשן דעם זאַמד?" האָט פּייגל געפרעגט איר חברטע.

ביילקע האָט ניט געענטפערט. זי האָט פאַרנומען איר פּלאַץ ביים טיש. צוויי ליידיקע פּלעצער האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן — חיה שרהס און שאָשקעס. ביידע זיינען אויפן וועג קיין אַמעריקע. טאַקע דערפאַר אפשר זאָגט איר דער באַלעבאָס גאָרניט און איז גוט צו איר, און פאַר דעם האָט זי אים איצט מער פיינט ווי פריער, ווען ער איז שטענדיק געווען שלעכט צו איר.

זי האָט פאַרגראָבן איר קאָפּ אין געניי און געקלערט פון דעם נייעם בוך, וואָס זי האָט היינט געפונען, פון איר שטענדיק אומעטיקן טאַטן, ווי ער האָט נעבעך געליטן ביים זען אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ יידן אָן אַ היטל און אָן אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ. זי קען ניט פאַרשטיין פאַרוואָס זי האָט זיך אָפּגעריסן פון פרומקייט. ווען עס באַפאַלט זי אַ צווייפל אין גאָט, דערפילט זי זיך ווי אימיצער וואָלט זי אויסגעטאָן אַ הוילע, עס ווערט איר קאַלט און אַ מורא פאַר גאָט באַפאַלט זי. אָבער איצט איז איר גרינג אויפן געמיט.

היינט אָוונט, ווען חיים וועט קומען אַהיים פון דער הוטע, וועט זי אויסגראָבן דאָס בוך פון גאָרטן, זיי וועלן זיך ביידע פאַררוקן אין אַ ווינקעלע אַז דער טאַטע זאָל ניט זען און וועלן לייענען, ער וועט איר דערקלערן וואָס דאָרטן שטייט געשריבן. כאָטש חיים איז מיט צוויי יאָר יינגער פון איר, איז ער מער געלערנט און פאַרשטייט מער פון

איר. דערפון נעמט זיך עס מסתמא, וואָס ער איז שטענדיק קעגן דעם טאַטנס פרומקייט, קעגן פאַנאַטישקייט, ווי ער רופט עס.

היינט קומט שרה, די רוסישע לערערקע, איר אָפּגעבן דעם אוראָק. אפשר זאָל זי איר ווייזן דאָס בוך. יענע איז דאָך עפּעס אַ געלערנטע. נייך, זי קומט וועטשערע־צייט, ווען אַלע זיין אין שטוב. חוץ דעם האָט שרה פיינט די אַרבעטער. און דאָרטן זאָגט זיך אויף ד'עם סאַמע ערשטן בלעטל „אַרבעטער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך". עס קומט איר אויפן זינען דער רעש אין שטעטל ווען די שוועסטער און ברידער האָבן אָפּגעשמיסן שרהען פאַר פאַרמסרן זיי, אַז זיי ווילן אַראָפּוואַרפן דעם קייסער. זי האָט דאָס געזאָגט דעם פּראָוויזער און דער פּראָוויזער האָט דערציילט דעם אוראַדניק — אָנגעגעבן נעמען פון די, וואָס קלייבן זיך אַרונטערזעצן דעם קייסער. עס איז געוואָרן אַ קאָך אין שטעטל, נאָר ווייל דער אוראַדניק איז אַ היימישער גוי, און שרהעס משפּחה האָט זיך געשעמט צו מאַכן אַ „דיעלאָ", האָט מען די גאַנצע זאַך צעריבן. אָבער אין שטעטל שושקעט מען זיך נאָך וועגן דעם.

ס'איז אַ מיאוסע מעשה, קלערט ביילקע. מען כאַפּט אַ כלה־מויד אין מיטן נאַכט, מען וואַרפט זי אַריבער איבערן גרויסן שטיין, וואָס ליגטביים טייך, הינטערן שטאָט, איינער האַלט זי ביי די הענט, אַ צווייטער ביי די פיס און איציק זשוק שמייסט זי אויפן הוילן לייב ווי מען שמייסט אַ קליין קינד, און שרייט איר אַריין אין אויער מיט יעדן שמיץ: „האַ, וועסט ווידער מסרן? וועסט באַריידן די שוועסטער און ברידער? מען האָט זי אָפּגעלאָזט ערשט דעמאָלט, ווען זי האָט צוגעזאָגט, אַז זי וועט שוין קיינמאָל מער ניט מסרן. זינט יענער נאַכט שעמט זי זיך די אויגן צו ווייזן פאַר לייטן...

וואָס וואָלט קאַרל מאַרקס געזאָגט צו דעם? טראַכט ביילקע. ווי אַזוי זאָל מען באַשטראָפן אַ מסור? אפשר פרעגן יאָסל טשערניכאָוון? זי זעט אים אַלע טאָג פאַרנדיק אויפן וועלאָסיפּעד. אָבער ווי קומט זי צו אים? זי קען אים אַפילו ניט פון דער נאָענט. מען שמועסט, אַז ער איז אַ גרויסער סאָציאַליסט. ער איז געקומען פון גימנאַזיע אויף אור־לויב. עפּעס אַ קלייניקייט, שמואל טשערניכאָווס זון! טוראָקס שותּף, וואָס האָט אין דער ערשטער הוטע־אונטערנעמונג אָנגעזעצט און איז געוואָרן שטיין־רייך.

די נאָדל האָט זיך ביילקען אַרונטערגעגליטשט פון פינגערהוט און איר אַ שטאָך געטאָן. אַ טראָפּן בלוט איז אַראָפּגעפאַלן אויפן בלויען זיידענעם קאָפטל, וואָס זי האָט געהאַלטן אין צוזאַמענסטריגעוועז. וואָס

טוט מען? אַ דערשראָקענע האָט זי געכאַפּט די שער פון טיש, זיך אַרונטערגעבויגן אונטערן טיש, ווי זי וואָלט דאָרטן עפּעס געזוכט, און אויסגעשניטן אַ לאָך אין דעם אָרט, וואו דער טראָפּן בלוט האָט באַ־פלעקט דאָס זייד. זי וועט שוין מוזן צוקלערן אַ נייעם פאַסאָן. אפשר אַ שיינעם קנאָפּ, אַרויפזעצן אויפן לאָך...

באַשקע האָט זיך צוגערוקט נעענטער צו ביילקען, באַהאַלטענערהייט פאַרדעקט זי מיטן טוך, וואָס זי האָט גענייט, און שטיל געזאָגט: „האָב קיין מורא ניט, קיינער האָט ניט געזען". זי האָט פאַרענדיקט נייען, אָפּגעביסן דעם פאָדעם מיט אירע ווייסע ציין און אַ שמייכל געטאָן.

ביילקע האָט דערפילט אַ גרויסע ליבשאַפט צו איר חברטע און האָט זי אַרומגענומען. וואָלט זי זיך ניט געשעמט, וואָלט זי זי איצט אַ קוש געטאָן. זי האָט זיך דערמאָנט די צייט, ווען זיי זיינען ביידע געווען לערן־מיידלעך. פאַרן קומען צו פרי צו דער אַרבעט און באַליידיקן זי מיטן וואָרט „ספּאָדניצע" האָט איר ביילקע געוואָרפן אַ גרויסע קלאָץ פאָדעם אין דער ברוסט... זיי האָבן ביידע געוויינט... אַ לאַנגע צייט זיינען זיי געווען ברוגז. ביילקע פאַרשטייט ניט ווי זי האָט געקענט טאָן אַזאַ רשעות. פּלוצעם פאַלט איר איין אַ געדאַנק: זי וועט דער־ציילן באַשקען פון דעם נייעם בוך.

„הערסט, באַשקע, האָב איך היינט געפונען אין שטוב אַ בוך, איז דאָס אַן אַנטיקל".

באַשקע האָט אויפגעהויבן אירע ברוינע אויגן פון געניי און גע־פרעגט: „עפּעס אַ גוטער ראָמאַן?".

„איך ווייס ניט, צי דאָס איז אַ ראָמאַן, צי ניט. נאָר דאָרטן איז באַשריבן פון דער גרויסער שטאָט לאָנדאָן, וואו יונגע קינדער אַרבעטן טאָג און נאַכט כמעט אומזיסט. נאָר מיר זיינען שניידעריקעס און יענע וועבערקעס".

„איך האָב פיינט צו לייענען אומעטיקע זאַכן. איך האָב ליב די מעשיות פון פּרינצן, פּרינצעסינס, הערשעלע אָסטראָפּאָליער. מיר איז דאָ גענוג אומעטיק אַ גאַנצע וואָך. אַז איך לייען שבת אַ מעשה־ביכל, וויל איך עפּעס פריילעכס".

זיי האָבן דערזען דעם באַלעבאָס שטיין אין טיר, זיינען זיי אַנט־שוויגן געוואָרן.

ביילקע האָט זיך אויפגעהויבן, איז צוגעגאַנגען צו דער „מעקענאַ". וואָס איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, אַרויפגעצויגן די זיידענע בלוזקע אויף דער הילצערנער „דאַמע" און בעת־מעשה פאַרדעקט די לאָך מיט

דער האַנט. אַ מינוט האָט זי געטראַכט, דערנאָך האָט זי געגומען די שער און אויסגעשניטן אַרום האַלדז אַ גרויסן „דעקאָלטע״, פאַרשניידנדיק די לאַך... מיט גרויס הנאה האָט זי צונויפגעמאַשטשעט אַרום האַלדז דעם דינעם זייד. „דאָס וועט זיין לויט דעם לעצטן פאַסאָן״, האָט זי געטראַכט. זי האָט געזען, אַז די פּאַני־יענקע וואַנדאַ, וואָס וואוינט ביי דער קרעניצע לעבן טייך, טראָגט אַזאַ מאָדע. און ביילקע קלערט: ווי גוט עס וואָלט געווען זיך אויסציען אויף אַ באַרג ראָזעווע זאַמד ביים טייך, קוקן אין וואַסער, זען ווי די כלאָפּצעס פירן טאַטשקעס זאַמד און שיטן זיי אַריין אין לאַנגע הילצערנע קאַרעטעס. פויערטעס אין העל־געבלימטע ברייטע ספּאָדניצעס שטייען מיט גראָבאייזנס אין די הענט, מישן דעם נאַסן זאַמד און זינגען אַזעלכע שיינע לידער... עס קומט אָן דער פריקאַזטשיק, דער פעטער דאַנע מיט זיינע לאַנגע פיס, מיט זיין שיטערער באָרד און טרויעריקע אויגן. ער גיט אויף זיי אַ שאַרפן קוק און דאָס געזאַנג רייסט זיך איבער.

„דו מאַכסט שוין מיר אַזעלכע שיינע פאַסאָנען, ווי אַמאָל חיה שרה״, זאָגט דער באַלעבאָס און לייגט אַרויף זיינע קליינע ווייסע הענט אויף דער „דאַמע״. ביילקע דערשרעקט זיך און לייגט איין נאָך טיפער די פאַלדן אין ווייכן זייד, וועלכע פאַלן אַרונטער גראַציעז פון דעם הויכן, מיט שטרוי אָנגעשטאָפּטן ביוסט.

„אַי, חיה שרה״, זאָגט יעקב מיט אַ בענקשאַפט אין קול, „אַ לעבן אָפּגעלעבט, צוזאַמען געאַרבעט, קומט צופאָרן אַ ווילד־פרעמדער מענטש, נעמט זי אָן אַ קאַפּיקע נדן און שלעפּט זי אַוועק קיין אַמעריקע. גיי פרעג ביי גאָט קשיות״. ער האָט אַ וואָרף געטאָן זיינע קורצע הענט אין דער לופטן און צוגעגעבן:

„און דו, ביילקע, קלייבסט זיך שוין אויך אַוועקפאָרן פון אונדז. וועסט דאָך דאָרטן פאַרפאַלן ווערן אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע״.

ביילקע האָט זיך דערמאָנט, וואָס זי האָט אונטערגעהערט אין יעקבס שמועס מיט דער מאַמען.

„אייער ביילקע״, האָט ער געזאָגט, האָט זיך איצט אָנגעהויבן אויס־מענטשלען, פאַרשטיין די אַרבעט, פאַרשטיין וואָס מען רעדט צו איר, זי איז שוין אונטערגעוואַקסן. נו, וועל איך איר געבן נאָך צען רובל אויפן יאָר, און זאָל זי דאָ בלייבן״.

„אַ מציאה מיט דער גרויסער שטאָט״, איז אים זיין ווייב ליבע גע־קומען צו הילף. „אָט איז געקומען צופאָרן אברהמל דעם רימאַרס טאָכ־טער פון קאַטערינעסלאַוו. אַזאַ ערלעך קינד געווען, אַ פריילעכע, אַ

שיינהייט — בלוט און מילך! האָט זיך איר פאַרוואָלט די גרויסע שטאָט. ס׳איז פון איר דאָרטן געוואָרן אַ תל. ניטאָ קיין סימן פון איר אַמאָליקער שיינקייט. בייזע צינגערריידן... נאָר וועמעס עסק איז עס. דער פּאָפּוגיי־פויגל, וואָס זי האָט געבראַכט פון שטאָט פאַרהילכט די גאַס מיט זיין געשריי פון אָפענעם פענצטער, ל׳ובא דושאַ, באָריס וויל אַ קוש״. דאָס האָט אים איינער פון אירע באָריסעס אויסגעלערנט. נאָר וועמעס עסק איז עס... איצט זיצט זי אויף דעם אַלטן טאַטנס קאָפּ אַן אַ קאָפּיקע נדן. און ווען איר טאַטע וואָלט אַפילו געהאַט מיליאָנען, וואָלט עס דען געהאָלפן? ווייסיך וואָס! ווען איר מאַמע שטייט אויף פון קבר און זעט וואָס פון איר שיינער טאָכטער איז געוואָרן, וואָלט זי נאָך אַמאָל געשטאָרבן״.

די שניידער־מיידלעך אַרום טיש הערן זיך צו צו די וואָרענונגען פון דער באַלעבאָסטע וועגן די געפאַרן פון די גרויסע שטעט, און פיס דרייען די טרעטערס פון די ניי־מאַשינען שטאַרקער. הענט וואָרפן מיט נאָדל־פאָדעם העכער, גיכער. מען דערפילט זיך זיכערער מיט די אייגענע אָרעמע היימען, מיט דער טאָג־און־נאַכטיקער אַרבעט.

אָבער ניט ביילקע. ניט אומזיסט זאָגט די מאַמע, אַז זי איז קיינמאָל ניט צופרידן. עפּעס ווי אַ וואָרעם זיצט אין איר און טאָטשעט, דערפאַר איז זי אַזוי אויסגעדאַרט, ממש הויט און ביינער. אַזוי גיך ווי איר בלעכענע פּושקעלע וועט ווערן אָנגעפילט מיט קופּערנע מטבעות, קלערט ביילקע, און זי וועט קריגן די פינף און צוואַנציק רובל, וואָס דער באַלעבאָס האָט צוגעזאָגט אויסצוצאָלן איר אין האַנט אַריין, וועט זי שוין האָבן גענוג אויף זיך אויסצוקליידן און אויף הוצאות און וועט אַוועקפאָרן צום ברודער אין וואַרשע.

די טיר האָט זיך האַסטיק געעפנט און די מאַמע איז אַ פאַרסאָפּעטע אַריינגעלאָפן אין שטוב. איר שטענדיק ברוינער פּנים איז געווען געל, דער פאַרוק פאַרדרייט אויף אַ זייט, די אויגן טיף אין קאָפּ, די פלייצע געבויגן, ווי דער רוקנביין וואָלט פאַרלאָרן דאָס גלייכגעוויכט. אימפּעטיק איז זי צוגעלאָפן צום באַלעבאָס און געזאָגט: „רב יעקב, גיט מיר צען רובל אויף ביילקעס רעכענונג. איך האָב געקראָגן אַ שטאַפּעט, אַז מיין פאָטער איז געפערלעך קראַנק, איך האָב ניט קיין קאָפּיקע ביי דער נשמה. איך מוז וואָס גיכער פאָרן זען אים איידער ער שטאַרבט. דוד דער יאַניוועער מיטן פערד און וואָגן וואַרט אויף מיר״.

אַ מינוט זיינען אַלע געבליבן זיצן מיט אָפענע מיילער ווי זיי וואָלטן ניט פאַרשטאַנען וואָס זי וויל. דער ערשטער צו קומען צו זיך איז גע־

ווען יעקב. ער האָט אַ קוועטש געטאָן זיין שמאָלע ־אָז מיט די פאַרגעל־טע פינגער און געלאָסן געזאָגט:

„טאַקע, נעבעך, אַזוי קראַנק? טס, טסס... אפשר וועט גאָט העלפן און ער וועט נאָך געזונט ווערן".

„איך האָב מורא, רב יעקב, מיין האַרץ שרעקט מיך. גאָט ווייס, צי וועל איך אים נאָך געפינען אַ לעבעדיקן. זייט אַזוי גוט, לאָזט מיך ניט וואַרטן", האָט זי געבעטן אין אַ געבראָכענעם קול.

„אפשר זאָלט איר לייען ביי אייער דאַטשניצע? איך האָב צוגעזאָגט אייער ביילקען, אַז נאָכן יאָר קריגט זי אויסגעצאָלט די פינף און צוואַנ־ציק רובל אין האַנט אַריין. וואָס זאָגסטו, ביילקע?" קוקט ער הילפלאָז דאָ אויף ביילקען דאָ אויף דער מאַמע.

„די דאַטשניצע האָט מיר שוין באַצאָלט און איז אַוועקגעפאָרן. איך האָב געהאַט אַ סך חובות צו באַצאָלן. איר הערט דאָך, אַז די פור וואַרט אויף מיר. איך בעט אייך".

מיטאַמאָל איז איר פּנים געוואָרן שטרענג, זי האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט צו ביילקען, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן שטוב אַ דערשטוינטע און זיך אָנגעהאַלטן אָן דער „דאַמע".

„וואָס שטייסטו ווי אַ ליימענער גולם און שווייגסט? דיין זיידע שטאַרבט! רב יעקב פרעגט דיך עפּעס און דו שטייסט מיט אויסגע־גלאָצטע אויגן... זאָג, רעד!", ברעכט זי זיך די הענט.

ביילקע האָט געפילט אויף זיך אַלעמענס אויגן. זיי האָבן זי ווי מיט שפּיזן געשטאָכן. זי האָט שטום געקוקט אויף איר מאַמעס צעוויי־טיקטן פּנים, נאָר געזען האָט זי איר זיידן יצחק, ווי ער ליגט אויפן טויטן־בעט, זיין גרויע ברייטע באָרד צעשפּרייט אויף זיין ברוסט, זיין פּנים געל. אָט עפּנט ער זיינע אויסגעלאָשענע אויגן, ער זעט ווי די באָבע און אַלע פיר זין שטייען אַרום בעט. ער זוכט זיין טאָכטער פראַדל, וואָס ער האָט זי שטענדיק ליב געהאַט, אָבער ער זעט זי ניט...

„רב יעקב, גיט דער מאַמען צען רובל אויף מיין רעכענונג! זאָל זי וואָס גיכער פאָרן!" האָט ביילקע אויסגעשריען. אַלע האָבן זי אָנ־געקוקט, קיינער האָט איר קול ניט דערקענט. זי אַליין אויך ניט.

דער באַלעבאָס האָט אַרויסגעצויגן אַ פּאַפּירן צענערל פון בוזים־קעשענע און עס דערלאַנגט דער מאַמען. זיין האַנט מיטן פּאַפּירל האָט געציטערט.

„טאָכטערל, טייערינקע, לאַנגע יאָר זאָלסטו האָבן", האָט זי געווישט די טרערן פון די צערונצלטע, אַרונטערהענגענדיקע באַקן. זי איז צו־

געגאַנגגען צוביילקען און זי אַ קוש געטאָן אין באַק. דער מאַמעס נאַ־סער פּנים האָט ביילקען אַ ברי־געטאָן.

„גיכער, גיכער, מאַמע, פאָר צום זיידן!" האָט זי אויסגערופן. צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט זי זיך דערפילט שטאָלץ. זי, דער תם, די פאַרשטויסענע, זאָגט די גרויסע מענטשן וואָס צו טאָן!

די מאַמע האָט אויסגעגלייכט די פּלייצע, פאַרריכט דעם פּאַרוק, אַרויסגענומען פון קעשענע אַ ווייס נאָז־טיכל, אָפּגעווישט דעם פּנים און איז געבליבן שטיין אַ ווייל ווי זי וואָלט זיך אויף עפּעס שטאַרק געוואונדערט. אַ שטאָלצע, אַ גלייכע, האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מענטשן, וואָס האָט זיך ניט ווילנדיק אויסגעגליטשט, נאָר איז אויפגעשטאַנען און גייט ווייטער... מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיט שנעלע טריט האָט זי פאַרלאָזט די שטוב.

דורכן אָפענעם פענצטער האָט זיך דערהערט אַ פייף פון אַ בייטש, אַ טופען פון פערדישע פיס, אַ סמאַטשקען פון ליפּן באַגלייט פון אַ באַ־סאָוון „וויאָ". דאָס האָט דוד דער יאַנעווער באַלעגאָלע אַוועקגעפירט די מאַמע קיין פּינסק צו אירע עלטערן, זען איר שטאַרבנדיקן טאַטן.

## ביילקעס ערשטע סאָבראַניע

עס איז געווען אַ שפּעטיקע סעפּטעמבער־נאַכט. אַ שאַרפער ווינט האָט געבלאָזן און געטריבן פאַרויס אַ דראָבנעם רעגן. די ערד איז געווען בלאָטיק און די בלאָטע האָט זיך געקלעפּט צו די שיך. ניט־אָפטע פאַרבייגייער האָבן ווי שאָטנס געשלייכט זיך דורך די האַלב־פינצטערע גאַסן.

„האַלט זיך אָן שטאַרקער אין מיר, וועט דיך דער ווינט ניט אַוועק־בלאָזן", האָט חיים געזאָגט און פאַרשטייפט זיין אָרעם אין ביילקעס.

צופרידן און מיט אַ געפיל פון זעלבסטווירדע, וואָס איר ברודער נעמט זי מיט צו אַ „קאָנספּיראַטיווער סאָבראַניע", האָט זיך ביילקע צו־געטוליעט צו אים און זיך אָנגעהאַלטן אין זיין שטאַרקן יינגלשן אָרעם. דער ווינט האָט געשמיסן דעם רעגן אין פּנים, צעפּאַכעט די פּאָלעס פון די קינדערשע מאַנטלען און געמאַכט זייער גאַנג שווער. חיים און ביילקע האָבן געשפּאַנט מיט אַזאַ אָנגעשטרענגטער איינגעשפּאַרטקייט, ווי די גאַנצע וועלט מיט אירע שווערע פּראָבלעמען וואָלטן געלעגן אויף זייערע פּלייצעס.

„מען רעדט אין הוטע פון אַ זאַבאַסטאָווקע... פויערים בונטעווען

זיך", האָט חיים אַריינגעשושקעטביילקען אין אויער און זיך דערביי אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז דער ווינט זאָל ניט אויפכאַפּן און פאַרטראָגן זיינע רייד צו פיינטלעכע אויערן.

זיי זיינען צוגעקומען צו דער הוטע־שטוב, וואו די קאָנספּיראַטיווע האַנדלונג האָט געדאַרפט אָפּגעהאַלטן ווערן, זיינען אַרויף מיט די פּאָר טרעפּלעך אויפן קליינעם בריקעלע און האָבן זיך אָפּגעשטעלט. חיים האָט שטאַר געקוקט אין דער נאַכטיקער גרויקייט און זיך איינגעהערט. באַרואיקט וואָס מען זעט ניט און מען הערט ניט קיינעם, האָט ער זיך צוגעבויגן נאָענט צו ביילקען, אַזוי נאָענט אַז זי האָט געפילט זיין וואַרעמען אָטעם און געזאָגט:

„עס וועלן דאָ היינט זיין די אָנפאַרטרויטסטע, די בעסטע און געלערנטסטע פון אַלע אונדזערע חברים. טאָ געדענק־זשע, שוועסטערקע — קאָנספּיראַציע".

אַ ציטער האָט אַרומגעכאַפּט ביילקען סיי פון דעם וואָרט „קאָנספּיראַציע" און סיי דערפון, וואָס חיים געטרויט איר און נעמט זי מיט צו דער געהיימער פאַרזאַמלונג. עס קלינגען נאָך אין אירע אויערן זיינע ווערטער:

„דערפאַר וואָס דו האָסט אָפּגעהיט און אויסגעבאַהאַלטן מיין בוך, וויל איך זאָלסט מיטגיין מיט מיר צו דער „סאָבראַניע".

חיים איז צוגעגאַנגען האַרט צו דער טיר און לויט אַ פריער אָפּגערעדטן סיגנאַל, האָט ער געגעבן אַ קליין הוסטעלע. די טיר האָט זיך געעפנט. זיי זיינען אַריין אין אַ האַלב פינצטערער שטוב. פון אַ ווינקל האָט זיך געהערט אַ שושקעריי. אימיצער האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע, אַ רויט פלעמל האָט דורכגעשטאָכן די פינצטערניש. אַ דינער רויך פון אַ פּאַפּיראָס האָט זיך געקייקלט אין דער לופטן און איז פאַרשוואונדן אין דער גרויקייט. אַ האַנט האָט אָנגעצונדן אַ קעראָסין לעמפל און עס אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. פון ביידע זייטן טיש, אויף צוויי הילצערנע בענק, זיינען געזעסן האַלב־טונקעלע פיגורן.

„פאַרהענג מיט עפּעס דעם פענצטער, וועט מען אונדז ניט זען", האָט אימיצער געזאָגט.

„שאַ, רייד שטילער", האָט זיך געהערט רייזלס טיפע שטימע.

אַן אָנגענעמע אויפרודערונג — אַ געמיש פון סודותדיקייט און דערוואַרטונג האָט אַרומגענומען ביילקען. ביים שוואַכן שיין פון לאָמפּ האָט זי געזען אָנגעשטרענגטע ערנסטע פּנימער. זי האָט אַלעמען געקענט אַחוץ צוויי — אַ בלאָנדער ברייט־פּלייציקער פּאַליאַק מיט אַ

פאַרריסענער נאָז און זייער גרויסע, ביינערדיקע הענט, וואָס האָבן זיך ניט געפּאַסט צו זיין יונגן פּנים, און דער סטודענט יאָסל טשערניכאָוו. ער איז געווען דאַר און הויך מיט אַ לאַנגן פּנים און אַ שוואַרץ בערדל, וואָס האָט געמאַכט זיין לאַנגן פּנים אויסזען נאָך לענגער. זיינע שוואַרצע, קיילעכדיקע אויגן האָבן אים געגעבן דעם אויסזען פון אַ סאָווע־פויגל. דער מונדיר פון זיין אוניפאָרם איז געווען אָפּגעשפּיליעט, און די מעשענע קנעפּ, ווי זיינע קיילעכדיקע אויגן, זיינען געווען אָנגעשטעלט אין פאַרוואונדערונג אויףביילקען און חיימען. אפשר איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס זיי זיינען געווען די קלענסטע פון אַלע פאַרזאַמלטע. זיצנדיק אויבנאָן אויפן איינציקן שטול, וואָס האָט זיך געפונען אין שטוב, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון איינעם וואָס קען געבן באַפעלן ווי אַ גענעראַל איבער פּראָסטע סאָלדאַטן.

געקומען איז יאָסל טשערניכאָוו אַהיים אויף אורלויב פון אָדעס, וואו ער גייט אין גימנאַזיע. אַלע טאָג פאָרט ער אַרויס אויף זיין נייעם וועלאָסיפּעד מיט די צוויי רעדער, איינע אַ גרויסע, די אַנדערע אַ קליינע. ער זיצט הויך אין זאָטל, דרייט די טרעטערס קונציק מיט די פיס, די הענט פאַרלייגט אַריבער דער ברוסט און ער שרייט אַרונטער פון אים: „אַט זעט וואָס איך, אַ סטודענט אין אוניפאָרם, קען!”.

מען רעדט אין שטעטל, אַז ער איז אַ פאַרברענטער „סאָציאַל דעמאָקראַט”, אַז ניט נאָר וויל ער אַרונטערזעצן דעם צאַר ניקאָליי פון טראָן, נאָר ער וויל אויך מאַכן אַ זאַבאַסטאָווקע ביי זיין אייגענעם טאַטן אין דער הוטע, שמואל טשערניכאָוו, אַ שותּף צו טוראָקן. אַרבעטערקינדער האָבן אים מקנא געווען, און ניט אַזוי אים ווי זיין „ליסאָפּעד”. די שוועסטער און ברידער האָבן אים באַוואונדערט, אָבער די קליגערע האָבן אים פיינט געהאַט פאַר זיין פּוסטער גאווה. עלטערע מענטשן פלעגן אים נאָכקוקן און זאָגן: „פּלאַי־פּלאַים, ווי ער פליט דאָס אויף צוויי רעדער איבער די גאַסן”.

ביילקע האָט דערפילט אַ ווידערווילן צו אים. זי האָט פאַרלאָרן דעם פאַרלאַנג צו פרעגן דעם געלערנטן סטודענט צי ווייסט ער וועגן די וועבער־קינדער אין לאָנדאָן, ווי זעט אויס די גרויסע שטאָט אָדעס, צי זיינען דאָרטן פאַראַן אַרבעטער־קינדער און נאָך זאַכן, וועלכע זיינען אייגנטלעך ניט קיין פראַגעס, נאָר עפּעס אומקלאָרע, פאַרנעפּלטע געדאַנקען, זי האָט געקוקט אויפן סטודענט, אויף זיינע ווייסע הענט און געקלערט: „וואָס ווייסט ער דאָרטן, דער גבירישער זון? האָט ער אַמאָל געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג מיט אַ נאַכט אָן אַן אָפּשטעל? האָט ער

אַמאָל געגעסן „ברויט־מיט־נישט", כדי צו שפּאָרן קאָפּיקעס אויף הוצאות צו פאָרן קיין וואַרשע, ווי זי טוט דאָס? ניין, ניטאָ וועמען צו פרעגן.

די שטילע אָבער היציקע רייד אַרום טיש, אויסגעמישט מיטן פּאַפּיראָסן־רויך, האָבן געמאַכט די לופט שווער. צוליב די צוויי ניט־יידן האָט מען גערעדט פּויליש. נאָר אין היציקע מאָמענטן האָט מען זיך פאַרגעסן און גענומען אַרגומענטירן אויף יידיש. די שפּראַך האָט ניט אויסגעמאַכט, ווייל די פּוילישע בחורים ליבעך און אַנדריי האָבן פאַרשטאַנען גוט יידיש.

ביילקע, פון דער נאַטור אַ שטילע, אַ צוריקגעהאַלטענע, האָט פיינט געהאַט טומל און אויפרעגונג. אָבער איצט איז איר די שפּאַרעניש געוואָרן טשיקאַווע, ווי טשיקאַווע עס זיינען איר געווען די נייע ניט־פאַרשטענדלעכע ווערטער „עקספּלואַטאַציע", „אַגיטאַציע", „עקספּראָפּריאַציע", וואָס זיינען געפאַלן פון די יונגע מיידלעך אַרום טיש ווי הייסע האָלעוועשקעס.

„שאַ, שטיל זאָל זיין", האָט יאָסל אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין ווייסער האַנט אויפן טיש. אויגן האָבן זיך שטיל איבערגעקוקט. מ'האָט זיך געמאַכט באַקוועם אין די זיץ־פּלעצער, גרייט זיך אונטערוואַרפן דער דיסציפּלין.

דוד ניידיטש, דער באַלעבאָס פון שטוב, אַ הוטע־פריקאַשטשיק אין די שפּעטע פופציקער, האָט אַ וואונק געטאָן צו זיין וו'ייב שרה. זי האָט פאַרשטאַנען זיין מיין. זיי האָבן זיך שטילערהייט אַרויסגעשאַרט אין צווייטן צימער, ווי זיי וואָלטן געזאָגט, נאַט אייך קינדערלעך, די שטוב, איר זייט יונג, די וועלט איז אייערע, טוט וואָס איר ווילט".

„מען מוז גלייך רופן אַ גענעראַל־שטרייק קעגן די עקספּלואַטאַטאָרס", האָט געזאָגט יאָסל טשערניכאָוו. זיינע ווייסע הענט, פון די עלנבויגנס ביז די לאַנגע פינגער, זיינען געלעגן צעשפּרייט אויפן טיש.

„אַ גענעראַל שטרייק איז אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט", האָט געזאָגט ליבעך. ער האָט אַ וויג געטאָן זיינע ברייטע פּלייצעס און אַוועקגעלייגט זיינע מאָזאָליעדיקע צעשפּרייטע הענט אויפן טיש, ווי ער וואָלט געגאַנגען אין אַ פאַרמעסט מיט יאָסלס גלאַטע ווייסע הענט. די צוויי האָבן זיך שטום אָנגעקוקט.

„יאָ, מען מוז אַפריער ריידן צו די אַרבעטער", האָט געזאָגט משה שאלאכמאן.

„אַוודאי, מען מוז זיי אַפריער אַגיטירן"; האָט געזאָגט שאָשקע.

„זיי האָבן ניט קיין אָפּגעשפּאָרטע קאָפּיקע ביי דער נשמה", האָט

געזאָגט אַרטשיק, און זיין אויבערשטע פאַרקאַטשעטע ליפּ האָט זיך נאָך מער פאַרקאַטשעט.

„אַוודאי, מען קען ניט כאַפּן. מען מוז פריער ריידן מיט די אַרבעטער", האָבן זיך געהערט שטימען פון אַלע זייטן.

„וואָס איז דאָ וואָס צו ריידן? מיר זיינען די אינטעליגענציע, מיר וועלן אָנפירן מיטן שטרייק, די אַרבעטער וועלן אונדז נאָכגיין", האָט געזאָגט יאָסל און אַ מאַך געטאָן אומגעדולדיק מיט די הענט אין דער לופטן.

אַ מינוט האָבן זיך אַלע שטיל איבערגעקוקט. זיי האָבן אַלע געקענט יאָסלען ווי אַ פייערדיקן רעדנער, אָבער זיין האַנדלונג האָט ניט געשטימט מיט זיינע שיינע ווערטער.

עזריאל דער שטומער האָט דורכגענומען אַלעמען מיט זיינע פאַרשנדיקע קלוגע אויגן. ער האָט נאָכגעפּאָלגט יעדן ריר און קער, יעדן פּינטל מיטן אויג, יעדן מאַך מיט אַ האַנט, יעדע גרימאַסע. ער האָט איינגעזאַפּט און פאַרשטאַנען אַלץ. ער האָט אָנגענומען יאָסלס ווייסע האַנט און ליבעכס דעם הוטניקס פון פייער־פאַרברוינטע האַנט און זיי פאַרפלאָכטן אין אַ שלום־עליכם. ער האָט זיך געקלאַפּט מיט זיינע קולאַקעס אין זיינע אָנגעבלאָזענע באַקן און אין בויך און פאַרענדיקט מיט אַ פייערלעכן פּאַטש מיט די הענט אין דער לופטן. אַלץ צוזאַמען האָט דאָס געמיינט: מיט איניקייט צווישן זיך וועלן מיר שלאָגן דעם פעטן בויך — דעם בורזשוי — און געווינען דעם שטרייק".

אַלע האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, אַז אַזוי מוז דאָס זיין.

„איניקייט, לאָמיר האָבן איניקייט!" האָבן שטימען געפּאָדערט.

„יאָ, איניקייט!" האָבן זיך געהערט פריילעכע ענטפערס פון אַלע זייטן.

די שטימע פון דער יוגנט אַרום טיש האָט זיך געביטן פון אָנגעצויגנקייט צו איינשטימיקייט און חברשאַפט.

„דו, יאָסל, זאָלסט פליען אויף דיין ליסעפּעד און האַלטן רעדעס אין פוסטן מויער", האָט געזאָגט דער שיינער שוואַרץ־חנוודיקער בחור משה גוטעס.

„און פאַרטרייבן אין דער ערד אַריין אַלע שדים, לצים און בורזשויען", האָט אונטערגעכאַפּט פּייזל חנהלעס דער שטיפער, און זיינע שוואַרצע לויפנדיקע אויגן האָבן געלאַכט.

„און זיין טאַטן דעם בורזשוי אויך!" האָט אימיצער שטיל אַ זאָג געטאָן.

„שאַ־שאַ־שאַ!" האָט זיך דורכגעטראָגן אַ זשומען אַרום טיש, וואָס האָט דערמאָנטביילקען אין דעם מורמלענדיקן קרענעצע־וואַסער ביים טייך אַרום דער סאַזשלקע.

„שטילער!!" האָט געזאָגט דער דאַרער, הויכער מענדל כאַשעס און אויפגעהויבן זיינע לאַנגע הענט אין דער הויך. אַלע האָבן געוואוסט, אַז מענדל האָט געאַרבעט „אונטער דער ערד" מיט די גרעסטע רעוואָלוציאָנערן אין ראַסיי — איז געוואָרן שטיל.

חיים, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן שטיל און האָט מיט זיינע שאַרפע אויגן נאָכגעפאָלגט אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען, האָט זיך אויפגעשטעלט.

„איך וויל עפּעס זאָגן!"

אַלע האָבן אָנגעשטעלט די אויגן און אויערן אויף אים. זיי געדענקען נאָך חיימען פון „קליינעם בונד" פאַר זיינע קלוגע איינפאַלן. ווען עס איז געוואָרן שטיל, האָט חיים געזאָגט:

„זיינען מיר געקומען אַהער דורך ווינט און רעגן זיך קליגן, אַגיטירן איינע די אַנדערע, צי מיר זיינען געקומען פּלאַנעווען און אָרגאַניזירן אַ שטרייק קעגן דעם צוועלף־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג?"

„גערעכט!" האָט געזאָגט ליבעך, „מיר זיינען געקומען באַשליסן און אָרגאַניזירן אַ שטרייק פאַר אַ צען־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, פאַר גרעסערע שכירות און בעסערע באַדינגונגען. ניטאָ דער טאָג אַז הוט־ניקעס זאָלן ניט צעברענט ווערן, אַז הוטע־מיידלעך זאָלן זיך ניט צעשניידן די הענט. ניטאָ קיין באַנדאַזשן, קיין יאָדע. זעט!" האָט ליבעך געוויזן זיינע ברייטע ברוין־צעברענטע הענט.

„וואונדן אַז מען פאַרבינדט זיי ניט, מען לאָזט זיי אָפן אויף דער לופט, היילן זיי זיך בעסער", האָט געזאָגט אַנדריי דערביימער־האַקער, וואָס זיין יונג פאַרעלטערט פּנים האָט דערמאָנט פון גרויער צערונצלטער קאָרע אויף אַלטעביימער.

„יאָ, אַ שטרייק! אַ שטרייק, פאַר אַ צען שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, פאַר בעסערע באַדינגונגען", האָבן זיך געהערט אויסרופן פון אַלע זייטן.

„איז אָט, הערט זשע קינדער, האָט יאָסל טשערניכאָוו אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש.

„מיר ווילן ניט הערן ווער עס וועט „פירן" און ווער עס וועט „גיין", מיר ווילן אַלע פירן און אַלע וועלן גיין אין שטרייק", האָט דער שטילער אברהם בער איבערגעשלאָגן יאָסלען די רייד.

יאָסל האָט אויפגעהויבן זיינע קאַלטע, קיילעכדיקע אויגן. ער האָט אַ הייב געטאָן זיינע אַקסלען, זיין מונדיר מיט די קנעפּ האָט זיך אַ טרייסל געטאָן ווי אַלץ אין אים וואָלט זיך געוואונדערט: „ווער האָט דאָס צוגענומען מיין איינפלוס אויף זיי?"

„נו, גוט, לאָמיר קומען צו אַ טאָלק", האָט אַרטשיק געזאָגט פינט־לענדיק מיט זיינע קליינע אויגעלעך.

„לאָמיר אָננעמען באַשלוסן!" האָט מענדל כּאַשעס געזאָגט און גע־קוקט אויפן וואַנט־זייגער, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו איינס. מאָרגן דאַרף מען אַרבעטן".

„היינט, מיינסטו", האָט זיך דערהערט פּייוולס אומגעדולדיקע שטימע.

„אַ פּלאַן פון אויפקלערונג, פון אַגיטאַציע צווישן אַלע אַרבעטער, יידישע ווי ניט יידישע", האָט געדונערט ליבעכס באַסאָווע שטימע.

אַלע האָבן געפילט ווי עפּעס אַ גרויסע זאַך דאַרף איצט געבוירן ווערן, און אַלע האָבן ווי מיט איין אָטעם געאָטעמט. אַפילו יאָסל טשער־ניכאָווס פּנים האָט זיך אויסגעלייטערט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער הויך, איז דורכגעגאַנגען מיט זיינע לאַנגע ווייסע פינגער זיינע קוטשעראַווע האָר, ווי מיט אַ קעמל, און פייערלעך דערקלערט: „פאַר סאָציאַלער און דעמאָקראַטישער גערעכטיקייט בין איך אַלץ גרייט צו טאָן!"

עס איז געבליבן, אַז משה גוטעס זאָל אַגיטירן די הוטניקעס, חיים — די מעכאַניקער און דער ברייט־פּלייציקער אברהם בער, פּייוול און אַנדריי — די אַרבעטער אין דער פאַראָווער מיל. די מיידלעך זאָלן ריידן צו די פּויערטעס, אַז זיי זאָלן זיין גרייט ווען מען וועט זיי רופן. די איבעריקע שוועסטער און ברידער זאָלן טאָן קאָנספּיראַטיווע אַרבעט. אין פאַל פון אַרעסט זאָלן זיי אַרויסקומען פון באַהעלטעניש און איבער־נעמען די אָנפירונג מיטן שטרייק.

שפּעט נאָך האַלבער נאַכט האָט זיך די „סאָבראַניע" פאַרענדיקט.

מיט אַ שטאַרקן גלויבן אין די אייגענע כוחות און מיט אַ באַגייס־טערונג אויף וועלכער נאָר די יוגנט איז פעאיק, האָט מען זיך געקליבן צום גרויסן שטרייק.

דער ווינט האָט זיך איינגעשטילט. שוואַכע, קוים באַמערקבאַרע שטערן האָבן ווי מידע, פאַרשלאָפענע אויגן געפינקלט אין דעם גרויען הימל, ווי זיי וואָלטן זיך דאָרטן געראַנגלט מיט די וואָלקנס, וואָס האָבן זיי איינציקווייז פאַרשלונגען. די יוגנט האָט מיט שטילע טריט גע־שפּאַנט איבער די פינצטערע גאַסן.

# אַ זאַבאַסטאָווקע

היינט, ווי אַלע טאָג, האָט דער הוטע־הודאָק געפייפט. היינט, ווי אַלע טאָג, האָבן די אַרבעטער געאײלט צו דער אַרבעט. אָבער היינט זיינען די שוועסטער און ברידער ניט געגאַנגען צו אַ צוועלף־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. היינט זיינען זיי געגאַנגען אין דער הוטע אַרונטערצונעמען די אַרבעטער אין אַ שטרייק.

באַלאָדן מיט רעוואָלוציאָנערן כוח, איז זייער טראָט געווען גרינג, די פּנימער צעשטראַלט, און אין די יונגע הערצער האָט ווי געזונגען: „שטרייק! היינט גייען מיר אַרויס אין שטרייק פֿאַר אַ צען־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, פֿאַר בעסערע באַדינגונגען, פֿאַר העכערע שכירות!"

שוין עטלעכע טעג ווי דאָס לעבן אין שטעטל פּולסירט ראַשיק מיט רעוואָלוציאָנערן אימפּעט. די מעל־אַרבעטער אין דער פּאַראָווער מיל, הינטערן שטעטל, זיינען אַרויס אין שטרייק. די פּאָליציי זוכט אַרום די שטרייק־פירער. משה גוטעס איז אין באַהעלטעניש. אַ סטודענט איז אַרונטערגעקומען פֿון אַ גרויסער שטאָט מיט אַ פּאַק פּראָקלאַמאַציעס. אָנגעטאָן איז ער אין פּויערשע קליידער, און צוזאַמען מיט יאָסל טשערניכאָוון, וואָס איז אויך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ פּויער, פֿאָרן זיי אַרום איבער די דערפֿער, אַגיטירן און לערנען די ברידער־פּויערים.

נעכטן ביינאַכט איז געווען אַ געהיימע פֿאַרזאַמלונג. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די צוויי סטודענטן, יאָסל און גרישאַ זאָלן אָנפירן מיט דער שטרייק־סטראַטעגיע, אַז זיי זאָלן זיך ניט וואַרפֿן צופיל אין די אויגן, אַז אַ גאַנצן טאָג זאָלן זיי זיין אין די דערפֿער, אין באַהעלטעניש צווישן די פּויערים, און נאָר ביינאַכט זאָלן זיי קומען אין געהיימע פּלעצער, האַלטן רעדעס פֿאַר די אַרבעטער און פּלאַנעווען דעם גאַנג פֿון שטרייק.

עס איז געווען אַ שטורעמדיקע זיצונג. די שוועסטער און ברידער, וויסנדיק, אַז נאָר דער פּראָלעטאַריאַט קען פֿירן צו דער ענדלעכער באַפֿרייאונג, האָבן שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן דעם באַשלוס איבערצוגעבן די אָנפֿירונג מיטן שטרייק אין די הענט פֿון צוויי אינטעליגענטן. נאָך לאַנגע דעבאַטעס איז געבליבן, אַז די הוטע־אַרבעטער מיט די שוועסטער און ברידער מיט יאַן ליבעך און סטאַשעקן בראש זאָלן אָנפירן מיטן שטרייק אינעווייניק, צווישן די הוטע אַרבעטער, און די סטודענטן זאָלן פירן דעם קאַמף פון דרויסן דורך אַגיטאַציע צווישן די פּויערים, אַז יענע זאָלן זיך ניט לאָזן פֿאַרפירן פון די באַלעבאַטים, ניט גיין אין הוטע אַרבעטן, אַזוי לאַנג ווי דער שטרייק וועט אָנהאַלטן.

אַן אומגעהויער שטאַרקן איינדרוק האָט געמאַכט אויף חיימען די נייס, וואָס גרישא האָט נעכטן אַרויסגעלייענט פון דער אומלעגאַלער צייטונג „איסקראַ", וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט פון פּעטערבורג. עס קלינגען נאָך אים אין די אויערן די ווערטער: „יאַנואַר דעם 9טן, 1905, האָבן פופצן טויזנט פרידלעכע אַרבעטער, מאַרשירט צום ווינטער־פּאַלאַץ אין פּעטערבורג געפירט פון דעם גלח גאַפּאָן אין אַ דעמאָנסטראַ־ציע, אָנגעטאָן אין זייערע זונטיק־קליידער, האָבן זיי געטראָגן הייליקע איקאָנעס צוזאַמען מיט אַ געשריבענער בקשה צום צאַר, אַז ער זאָל געבן דעם פאָלק פאַרטרעטערשאַפט אין דער רעגירונג. אַ האָגל פון קוילן האָט זיך אַ שאָט געטאָן פון סאָלדאַטסקע ביקסן אויף די מאַרשירנ־דיקע אַרבעטער פון דריי זייטן. הונדערטער זיינען דערהרגעט געוואָרן. זייער בלוט האָט מיט רויטן באַפאַרבט דעם ווייסן שניי".

חיים ציטערט אויף. ער זעט פאַר זיך דאָס רויטע מענטשלעכע בלוט אויפן ווייסן שניי... זיינע נאָך ניט פאַרהאַרטעוועטע ייִנגלשע גע־פילן האָבן ניט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דעם צאַרס פּאָלי־ציי האָט דערהרגעט הונדערטער אומשולדיקע מענטשן... מיט אַזוינע געפילן און געדאַנקען איז ער געקומען צו דער אַרבעט.

שטייט חיים ביים וואַרשטאַט מיטן הויכן בחור מאָטויי, און צווישן איין קלאַפּ מיטן האַמער און דעם צווייטן רעדט ער צו אים פון אַ זאַ־באַסטאָווקע.

זיצט די הויכע, דאַרע עטל אברהם־איטשעס אויפן קליינעם בענ־קעלע, צווישן אַ הורבע פאַרטיקע גלעזער, בינדט זיי איין אין פּייכטן האַרטן שטרוי און רעדט צו דער הוסטנדיקער שיינדל וועגן אַרויסגיין אין שטרייק.

שמירט אויס ברײנדל קאַלירטע בלימעלעך מיטן בערשטעלע אויף אַ וואַזע, און רעדט פון אַ זאַבאַסטאָווקע צו דער בלאָנדער רעגינאַ, אַ דאָרפס־מיידל. רעגינא לייגט אַוועק דאָס בערשטעלע, רוקט אָפּ די פאַרבן, שטעלט אָן אירע גרויסע, בלויע אויגן אויף ברײנדלען און פרעגט: „ווען?".

„היינט צוועלף אַזייגער בייטאָג, ווען דער הודאָק וועט בלאָזן צו וואַרמעס", קומט דער ענטפער.

וואָכן־לאַנג האָבן די שוועסטער און ברידער שטילערהייט אַגיטירט די ווייניקער־אַנטוויקלטע אַרבעטער צום שטרייק. און אָט איז געקומען דער גרויסער מאָמענט...

דער שאַרפער הוטע־פייף האָט דורכגעשניטן די האַרבסטיקע לופט

און אָנגעזאָגט, אַז עס איז צוועלף אַזייגער. מאַסן אַרבעטער האָבן זיך אַ שפּאַר געטאָן דורך די טירן פון די פאַרשיידענע אָפּטיילונגען און פאַרפלייצט דעם הוטע־הויף.

גדליה דער אויפזעער, וואָס האָט אַ גאַנצן פרימאָרגן נאָכגעשפּיאָנירט יעדן ריר און קער פון די אַרבעטער, איז געוואָרן אומרואיק. ער איז ניט געווען געוואוינט צו זען אַ סך אַרבעטער מיטאָג־צייט אין הויף. די מערסטע פלעגן עסן ביי דער אַרבעט „פון קולאַק" — אַ שטיק ברויט מיט אַ ציבעלע אָדער רעטעך — און ווידער צו דער אַרבעט ביז אַכט אַזייגער אין אָוונט. ביים דורכגיין דעם לאַנגן קאָרידאָר, אויפן וועג אַהיים, פלעגט רחלע די סטאַראָזשקע אויסטרייסלען די מיידלשע קעשענעס, אויף וועמען זי האָט נאָר געהאַט אַ חשד. און האָט זי געפונען אַ קעלישאקל, אַ ווייַן־גלעזעלע, פלעגט זי מיט אירע לאַנגע, געזונטע הענט פּאַטשן דאָס מיידל אין די באַקן, איר מאַן פלעגט דאָס אייגענע טאָן צו די מאַנצבילן. איינמאָל האָט פּאַסירט אַז די אַרבעטער פון דער נאָכטיקער סמענע, האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו גיין צו די אויוונס אַרבעטן, ווייל דער סטאַראָזש האָט געטרייסלט די קעשענעס פון אַ ברודער אַרבעטער, און קיין געגנבעטע גלאָז האָט ער נישט געפונען, נאָר עס האָט אויסגעבראָכן אַ געשלעג צווישן דעם הוטניק און דעם סטאַראָזש; די אַרבעטער זיינען צוויי שעה ניט געגאַנגען צו די אויוונס. די באַלעבאַטים האָבן זיך דערשראָקן אַז די אויוונס זאָלן ניט ווערן קאַלט, האָבן זיי גלייך אונטערגעשריבן אַ פּאַפּיר, אַן אָנזאָג צום סטאַראָזש, אַז ער זאָל קיינמאָל ניט „באַזוכן" די הוטניקעס־מייסטערס, די מעכאַניקער און פורעם־גיסער.

גדליה האָט זיך דאָס איצט דערמאָנט. ער האָט זיך אויך דערמאָנט אין די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך צו אים דערטראָגן, אַז אַלע הוטע־אַרבעטער גרייטן זיך צו אַ שטרייק. אַ דערשראָקענער האָט ער געשפּאַנט מיט זיינע קורצע פיס צו דער ריי ברענענדיקע אויוונס זען וואָס דאָרטן טוט זיך.

כדי צוצוקומען צו די אויוונס, וואו די הוטניקעס האָבן געאַרבעט, האָט מען געמוזט דורכגיין דעם לאַנגן הויף — אַ היפּשער מהלך. גדליה איז געגאַנגען און זיך דורכגעשטופּט מיט די עלנבויגנס צווישן די אַרבעטער. די אויגן און אויערן ברייט צעעפנט, האָט ער געזען באַקאַנטע פּנימער פון די שוועסטער און ברידער, געהערט שרעקלעכע ווערטער ווי „זאַבאַסטאָווקע", „העכערע שכירות", „קירצערע שעהן". אַ באַקאַנטע שטימע אין אַ רעדל מענטשן האָט אַ פרעג געטאָן: „האָט איר שוין געהערט פון דעם בלוטיקן זונטיק אין פּעטערבורג?"

גדליה איז געוואָרן אַ פּאַרציטערטער. קיינמאָל האָט ער נאָך ניט געזען אַזויפיל מענטשן אויף אַמאָל אין הויף. פון וואַנען נעמען זיי זיך? אַ סך פון זיי האָט ער דערקענט פון דער וויאַזאַרניע, מאַליאַרניע, שלייפאַרניע. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דער גרייסער מענגע מענטשן — אפשר דריי הונדערט אין צאָל. נאָר געפילט האָט דאָס קורצע מענטשל מיטן קורצן אָטעם, ווי ער וואָלט געווען באַלאַגערט פון אַ מחנה פון טויזנטער, אַלע זיינע פערזענלעכע שונאים...

מיטאַמאָל האָבן זיך די מענטשן געלאָזט לויפן אין דער ריכטונג פון די אויוונס. גדליה האָט פאַרריסן דעם קאָפּ און דערזען יאַן ליבעכן און יורעקן, די פּוילישע הוטניקעס, ווי זיי שטייען אויפן באַרג האָלץ, וואַרפן מיט די הענט און ריידן. ער האָט זיינע אייגענע אויגן ניט גע־גלויבט. צוליב זיין קורצן אָטעם האָט ער פאַרלאַנגזאַמט זיין טראָט. ער האָט זיך געריבן די אויגן. יאָ, ער זעט ווי יאַן רעדט און יורעק שטייט ביי זיין זייט. ער זעט די האַלב־נאַקעטע פּלייצעס פון די הוט־ניקעס, די קעפּ פאַרריסן, ווי זיי שלינגען יאַנס ווערטער. אַנדערע שטייען ביי די אויוונס און בלאָזן דאָס צעשמאָלצענע גלאָז אין די רערן. זייערע פּנימער זיינען רויט און אָנגעשטרענגט. גרויסע טראָפּן שוויס גיסן זיך פון זייערע האַלב־נאַקעטע לייבער גלייך אין די גאַרטלען אַריין. דער הויכער וואַסילי גיסט אויף זיי, ווי שטענדיק, עמערס קאַלטע וואַסער אַזוי מעכאַניש, ווי זיי וואָלטן ניט געווען קיין מענטשן, נאָר שטיקער אָנגעגליטע אייזן, וואָס מען מוז זיי פון צייט־צו־צייט אָפּקילן.

„העי, בונטאָווטשטשיקעס!" שרייט גדליה, צוקומענדיק נעענטער צו די שוועסטער און ברידער, „אויב איר גייט ניט צוריק צו דער אַר־בעט, וועט דאָ באַלד זיין די פּאָליציי, דער פּריסטאַוו און דער אוראַדניק. אויף קאַטאָרגע וועט מען אייך פאַרשיקן!"

די שוועסטער און ברידער האָבן אַרונטערגעקוקט צו אים מיט חוזק און זיך גערוקט נעענטער צום הויפן האָלץ, וואו יאַן ליבעך האָט גע־האַלטן אַ רעדע.

„ברידער אַרבעטער! ניט פון פאַרגעניגן ריפן מיר אייך איר זאָלט אַרויס אין שטרייק", הערט גדליה ליבעכס קול. „איר אַלע ווייסט און פילט דיליידן פון די שלעכטע באַדינגונגען ביי דער אַרבעט, די מיאוסע באַליידיקונגען וואָס מיר שטייען אויס פון די באַלעבאַטים מיט זייערע אויפזעער, די לאַנגע שעהן, די שווערע אַרבעט וואָס ברענגט סוכאָטע, רעוומאַטיזם און טויט. נאָר די שטאַרקסטע פון אונדז קענען אַריבער־

טראָגן דאָ די שווערע אַרבעט, די שוואַכע פאַלן פון היץ ביי די אויוונס, קריגן רעוומאַטיזם פון ווילגאַטש אין וויאַזאַרניע, בלוט־פאַרגיפטונג אין מאַליאַרניע. מיר ווערן צעממיתט, צעשניטן פון גלאָז און עס איז ניטאָ אין דער גאַנצער פאַבריק קיין איין פלעשל יאָדע, קיין איין באַנדאַזש צו פאַרבינדן אונדזערע וואונדן. מיר, די מייסטער־הוטניקעס, מעכאַ־ניקער און פורעם־גיסער, וועלכע ווערן צו דרייסיק יאָר אַלט און קראַנק און אַרויסגעוואָרפן פון דאַנען, מיר קריגן די בעסטע שכירות פון אַלע אַרבעטער אין הוטע. דאָך, זיינען מיר אָרעם, אונדזערע פאַמיליעס לעבן אויף שוואַרץ ברויט און קרויט־באַרשט. אַ סך פון אונדז הונגערן. און אַט קעגן דעם הונגער־לוין, אָרעמקייט און קראַנקייט, קעגן לאַנגע שעהן דערקלערן מיר אַ שטרייק! ווער עס באַשטייט אויף אַ שטרייק זאָל אויפהויבן די הענט״, האָט ליבעך אין אַ פראַסטער, פויערשער שפּראַך פאַרענדיקט די רעדע.

בראַוואָ, בראַוואָ, יאָ!״ האָבן זיך אַ פּאָר הונדערט הענט אַ הויב געטאָן, אַ פּאָר הונדערט שטימען האָבן פאַרהילכט דעם הויף. שטימען אין דריי שפּראַכן האָבן זיך געריסן פון אַרבעטער־העלדזער: „זאָל לעבן אַ צען־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג! פאַר העכערע שכירות! פאַר בעסערע באַדינגונגען!״ העכער פון אַלע האָבן געקלונגען די יידישע ווערטער פון די שוועסטער און ברידער...

די אויסגעשרייען האָבן אויפגעוועקט גדליהן, וועלכער איז נאָך אַלץ געשטאַנען ווי צוגעשמידט צום פּלאַץ. ווען ער הערט עס ניט מיט זיינע אייגענע אויערן, וואָלט ער ניט געגלויבט, אַז אַ „גוי״ זאָל אַזוי רעדן.

„וואָלט יאַן ניט באַלאַנגט צו דער פּע. פּע. עס. (פּאַרטיי פון פּוילישע סאָציאַליסטן), וואָלט ער קיינמאָל ניט געקענט האַלטן אַזאַ גוטע רעדע״, האָט אימיצער אין רעדל מענטשן געזאָגט.

„שאַ, שאַ! עס שטייען פּראָוואָקאַטאָרס דאָ״, האָט געזאָגט חיים.

חיימס אויגן האָבן זיך באַגעגנט מיט גדליהס שטעכיקע בליקן. גדליהס קליינע אַין קאָפּ אַריינגעזעצטע אויגן זיינען געלאָפן ווי צע־שראָקענע מייזלעך איבער די אַרבעטער. „אוי, בונטאָווש־שיקעס!״ האָט ער געשריען לויפנדיק שנעל צו די באַלעבאַטים אין קאַנטאָר.

„ר׳ טוראָק, די אַרבעטער בונטעווען זיך! מאַכן אַ זאַבאַסטאָווקע!״ ניט טויט, ניט לעבעדיק איז ער אַריינגעפאַלן אין טוראָקס קאַבינעט. ער האָט שווער געאָטעמט.

לייבע טוראַק האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן, אָנגעקוקט דעם צע־טראָגענעם גדליה און געזאָגט:

„מאַך ניט אַזאַ טומל. די שוועסטער און ברידער האָבן דיך שוין ווידער איבערגעשראָקן?"

„נאָר די שוועסטער און ברידער? האָט גדליה אויסגעשריגן אַ פאַרצווייפלטער.

„ווער נאָך חוץ זיי וועט זיך דערוועגן צו מאַכן זאַבאַסטאָווקעס?" האָט טוראַק געפרעגט מיט פאַנאַנדערגעריסענע אויגן.

„כמעט אַלע. די הוטניקעס, די גויים אויך", האָט גדליהס קול געציטערט.

„וואָס? די הוטניקעס אויך?" האָט ער אָנגעקוקט גדליהן ווי ער וואָלט אים צום ערשטן מאָל דערזען. ער האָט אַריבערגעטראָגן זיינע קאַלטע, בייזע אויגן אויף זיין שותף — שמואל טשערני־כאָוו, וועלכער האָט זיין בליק אויסגעמיטן און באַקוקט די נייע מאָדעלן — אַ גע־שליפענע ווייז־פלאַש מיט קעלישקעס, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן שרייב־טיש. „וואָס בין איך שולדיק, אַז יאָסל האָט זיך פאַרנומען אויף קרומע וועגן", האָט שמואל געקלערט, „און צי איז דאָס מעגלעך, אַז ער וועט אַגיטירן די הוטניקעס צו אַ זאַבאַסטאָווקע קעגן זיין אייגענעם טאַטן?"

„טאַקע? די גויים אויך אין אַ זאַבאַסטאָווקע? די הוטניקעס? אַלע? און די אויוונס? די אויוונס מוזן ברענען!", האָט טוראַק גע־קלאַפּט מיטן פויסט אין טיש, אַזש די גלעזער האָבן אָפּגעקלונגען.

„ניין, ר' טוראַק, ניט אַלע. די הייצער און עטלעכע הוטניקעס אַרבעטן נאָך ביי די אויוונס. יאַן ליבעך האָט געהאַלטן אַ רעדע פאַר די הוטניקעס, זיי זאָלן וואַרפן די אַרבעט. אָבער ניט אַלע האָבן אים געפאָלגט", האָט גדליה באַרואיקט טוראַקן.

אָבער יענער האָט געשפּאַנט איבער דעם לאַנגן צימער הין און צו־ריק און געשטורעמט: „די אויוונס! זיי טאָרן ניט קאַלט ווערן! זיי וועלן צעפאַלן ווערן!".

„ניין! מיר טאָרן ניט דערלאָזן צו אַ זאַבאַסטאָווקע! און ווער וועט אויספילן די באַשטעלונגען? מיר מוזן דאָס אין די קומענדיקע עטלעכע טעג אַרויסשיקן, „האָט שמואל אָנגעוויזן אויף די גלעזערנע מאָדעלן, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן טיש.

„זאָל איך רופן פּאָליציי?" האָט געפרעגט גדליה, די האַנט אויף דער קליאַמקע.

„נאַר וואָס דו ביסט! גיי זאָג די בינטאָוושטשיקעס, אַז איך האָב געזאָגט זיי זאָלן גלייך גיין צו דער אַרבעט, אַניט וועל איך אין גאַנצן צומאַכן די הוטע, וועלן זיי ביי מיר אַלע גיין מיט די טאָרבעס איבער די הייזער!" האָט טוראַק אָנגעשריגן אויף גדליהן.

„איך האָב זיי שוין געזאָגט, ר' טוראַק. איך וועל זיי איבערגעבן אייער וואונטש, ר' טוראַק", האָט זיך געהערט גדליהס ציטעריק קול דורך דער טיר.

„איך וואָלט געזאָגט, לייבע, אַז מיר זאָלן פאַרהאַנדלען מיט די שטרייק־פירער, אויסהערן זייערע טענות איידער די זאַבאַסטאָווקע פאַר־שפּרייט זיך", האָט געזאָגט שמואל טשערניכאָוו, ס'איז געווען קענטיק, אַז אַ באַהאַלטענע זאָרג ליגט אין די קנייטשן פון זיין הויכן שטערן און אַן אומצופרידענע מינע איז אויסגעגאָסן אויף זיין בלייכן פּנים ביז צו די שפּיצן פון זיין צוויי־עקעדיקער באָרד. ער האָט זיך דערמאָנט ווי שלעכט ער מיט זיינע צוויי ברידער האָבן געפירט דאָס הוטע־געשעפט. דערנאָך איז געקומען דער באַנקראָט, איצט איז ער אַ „קלע־נערער שותף" צו טוראַקן, וועלכער האָט די גאַנצע דעה אין געשעפט.

„הממ... דו רעדסט וועגן פאַרהאַנדלען, שמואל, מיר האָבן דאָך נעכטן פאַרהאַנדלט מיט די בונטאָוושטשיקעס אין מיל, געגעבן זיי מיט פינף קאָפּיקעס אַ טאָג מער אויף די שכירות. ניין, זיי גייען ניט צוריק אין מיל אַרבעטן ביז מיר וועלן ניט אַרונטערנעמען צוויי שעה פון טאָג! און וואָס וועלן זיי טאָן מיט דער ליידיקער צייט? זיי וועלן דאָך משוגע ווערן!"

„די מיל איז ניט די הוטע. די אויוונס מוזן ברענען טאָג־און־נאַכט. די באַשטעלונגען מוזן וואָס צום שנעלסטן אַרויסגיין, אויב ניט וועלן די פירמעס זיי צוריקציען", האָט געזאָגט שמואל אַ באַזאָרגטער.

טוראַק האָט ניט געענטפערט. אַן אויסגעשעפּטער, האָט ער זיך אַרונטערגעלאָזט אויפן שטול, אונטערגעשפּאַרט מיטן פויסט זיין פאַר־זאָרגטן קאָפּ און שטיל געהאַט מיט זיך אַ ישוב־הדעת. זיין קאָפּ האָט שנעל און שווער געאַרבעט, דאָס האָט שמואל געזען פון זיינע קלוגע, קאַלטע אויגן. ער האָט אים ניט געוואַגט צו שטערן אין די געדאַנקען.

נאָך מינוטן פון שטילשווייגן האָט טוראַק זיך אויפגעהויבן אין דער גאַנצער הויך פון זיין מיטעלן וואוקס און אַרויסגעשטעלט זיין ברייטע ברוסט. ער האָט זיך געפילט שטאַרקער און העכער פון זיין הויכן שותף, שמואל. אַן עקשנותדיקע רואיקייט איז געווען אויסגע־

שפּרייט אויף זיין גאַנצן וועזן, אַ רואיקייט, וואָס האָט עדות געזאָגט וועגן זעלבסט־דיסציפּלין.

„אין געשעפט מוז מען זיין ווי אין מלחמה״, האָט ער געזאָגט. „זאָלסט קיינמאָל ניט אַרויסווייזן דעם שונא, אַז ביסט שוואַך. טאָרסט קיינמאָל ניט בלייבן שטיין אויף איין אָרט, און דאַרפסט שטענדיק וויסן וואָס עס גייט אָן אין דעם שונאס לאַגער״.

„מיינסט צו זאָגן, אַז די אַרבעטער זיינען אונדזערע שונאים ?״

„יאָ, געוויס !״ האָט טוראַק געענטפערט מיט זיכערקייט, אָבער זיי מוזן מורא האָבן פאַר אונדז. דערשרעקסטו זיי, האָסטו זיי אין די הענט...״

שמואל איז געווען צופרידן צו הערן זיין שותפס פילאָסאָפיע, ער האָט פאַרשטאַנען וואוהין טוראַק צילט און געפילט, אַז יענער האָט אָנגענומען אַ פעסטן באַשלוס, און איין מאָל אָפּגעמאַכט, קען אים קיינער ניט בויגן. האָט זיך שמואל גערן צוגעהערט צו די ווייטערדיקע רייד פון זיין קלוגן שותף.

„שמואל, מיר וועלן מוזן מיט זיי דורכקומען״, האָט ער באַשלאָסן, „אָבער עס מוז די בונטאָווטשטשיקעס אָנקומען שווער, אַזוי שווער, אַז ניט נאָר זיי זאָל פאַרגיין דער אַפּעטיט צו מאַכן זאַבאַסטאָווקעס, נאָר אויך די אַנדערע אַרבעטער — די ביימער־העקער, האָלץ־שניידער, פליטניקעס און די מעל־אַרבעטער, קיינער, וואָס אַרבעט ביי אונדז מיט די הענט, טאָר מער ניט וועלן קיין שטרייקס״.

„וואָס־זשע איז דיין פּלאַן, לייבע ?״ האָט שמואל געפרעגט אַ שטאַרק פאַראינטערעסירטער.

„געלט איז דאָס שטאַרקסטע כלי־זין. מיר וועלן זיך מוזן זען מיט די פירער פון די הוטניקעס מיט ליבעכן און יאַנעקן... געבן זיי אַ קליי־נעם פּראָצענט פון אונדזערע רווחים... וועלן זיי פון זאַבאַסטאָווקעס פאַרגעסן... פאַרשטייסט ?...״

שמואלן איז דער פּלאַן ניט געווען צום האַרצן. ער האָט אַ מינוט געקלערט און געפרעגט :

„און וואָס וועט זיין, אַז זיי וועלן זיך אָפּזאָגן פון די קליינע פּראָ־צענטן ?״

„וועלן מיר זיי געבן אַ גרעסערן פּראָצענט און אויב דאָס וועט ניט העלפן, וועלן מיר זיי אויסהונגערן״, האָט טוראַק געענטפערט מיט זי־כערקייט.

„ביז מיר וועלן זיי אויסהונגערן, וועלן די אויוונס קאַלט און צע־פאַלן ווערן", האָט שמואל געזאָגט מיט אַ שוואַכן זיפץ.

„ס'איז דאָ גענוג פּויערים אין די דערפער, גוטע אויוון־הייצער".

„יאָ, זיי זיינען אָבער ניט קיין גוטע מייסטערס־הוטניקעס", האָט געזאָגט שמואל באַזאָרגט.

די שותּפים זיינען געבליבן זיצן שטיל. אַ געשפּאַנטקייט האָט אָנ־געפילט די לופט.

„איך וועל זיך דורכגיין אין הויף זען וואָס דאָרטן טוט זיך", האָט שמואל געזאָגט און אָנגעטאָן זיין ברייטן, שוואַרצן הוט, גרייט אַרויס־צוגיין.

שווערע טריט האָבן זיך דערהערט פון יענער זייט טיר. די שותּפים האָבן זיך שטיל איבערגעקוקט.

די טיר האָט זיך האַסטיק געעפנט און עס זיינען אַריינגעקומען אַ מחנה אַרבעטער. פאָרויס זיינען געגאַנגען די הוטניקעס, נאָך זיי — די שוועסטער און ברידער.

דאָס פּלוצלונגדיקע אַריינקומען פון די אַרבעטער האָט דערשטוינט די באַלעבאַטים. אויף די אָפּטע שפּאַצירן אין הוטע־הויף האָבן זיי געזען די געבויגענע רוקנס ביי די אויוונס, איצט האָבן זיי געקוקט אויף די רויטע, געשוואָלענע אויגן פון די הוטניקעס, וואָס האָבן זיך געריסן פון די אויגן־לעכער און דערמאָנט אָן רויט־צעשמאָלצענע גלעזערנע קוילן, אָט פּלאַצן זיי און צעשיטן זיך מיט אָפּגעקילט־שפּיציקן גלאָז...

„ווי וואַגט איר צו פאַרלאָזן די אויוונס!" איז טוראַק געווען דער ערשטער איבערצורייסן די שטילקייט.

„די אויוונס זיינען ניט אָפּגעשטעלט, זיי גייען. מיר האָבן אָנגע־זאָגט די קאָטשעגאַרס (אויוון־הייצערס) אָנצוהאַלטן די געוויינלעכע טעמ־פּעראַטור פון דריי הונדערט צענטיגראַד, דורך דער צייט פון אונדזערע „פאַרהאַנדלונגען", האָט געזאָגט יאַן ליבעך און איבערגעגעבן טוראַקן אַ לאַנגן ווייסן פּאַפּיר, אויף וועלכן עס זיינען פון אויבן געווען אָנגע־שריבן מיט גרויסע אותיות דריי שורות אין דער ווייס־רוסישער שפּראַך: „מיר פאַרלאַנגען צוואַנציק קאָפּיקעס אַ טאָג מער פאַר אַלע הוטע־אַרבעטער, אַ צען שעהדיקן אַרבעטס־טאָג אַנשטאָט צוועלף, און פרייע מעדיקאַמענטן אין פאַל פון אַ סיבה ביי דער אַרבעט". דאָס איבעריקע פּאַפּיר איז געווען באַדעקט מיט אונטערשריפטן פון אַרבעטער, דאָס רוב — מיט צלמימלעך פון די „בעזגראַמאָטנע".

טוראַק האָט אָנגעטאָן די שפּאַקולן, געקוקט איבערן פּאַפּיר, נאָר גע־

קלערט האָט ער פון זיין פּלאַן — אָפּקויפן ליבעכן... ער האָט אַוועק־געלייגט דאָס פּאַפּיר אויפן שרייב־טיש, אָפּגעמאָסטן ליבעכן מיט זיי־נע שאַרפע אויגן, געוואָרפן בליקן אויף די אַרבעטער אַרום און דערזען באַקאַנטע פּנימער — אַרטשיק, חיים, עטל, פּערל, שיינדל. ער קען זייערע טאַטעס, אַלע פרומע יידן. שיינדלס טאַטע איז אַ ליבעשייער חסיד, זיי דאַוונען אין איין שול. ער האָט דערקענט די מיידלעך. דאָס זיינען די זעלבע, וואָס האָבן פּאַראַיאָרן פּאַרפירט אַ שטרייק אין הוטע קעגן אָנטאָן בלעכלעך מיט נומערן אויף זייערע העלדזער... מיט זיי, מיט די שוועסטער און ברידער, וועט זיין גרינג, האָט ער געקלערט.

אָבער די הוטניקעס, ליבעך? דאָס וועט זיין אַ האַרטער נוס צו צעקנאַקן...

„איך וועל זיך דורכריידן מיט מיינע שותפים, מיט מיין זון מאיר מיט דעם בוכהאַלטער, האָט ער געזאָגט. „און דו, יאַן, קום מאָרגן אין קאַנטאָר אַליין. פאַרשטייסט דאָך, מיר קאָנען ניט פירן קיין געשעפטן מיט אַזויפיל מענטשן".

עס האָט זיך דערהערט אַ בייזער געברום פון די אַרבעטער אַרום. חיים האָט געמאַכט עטלעכע שפּאַן פאָרויס און געזאָגט: „עס איז מיין חוב צו די מעכאַניקער צו פאַרטרעטן זיי". דאָס האָט דערמוטיקט עטלען, „איך בין פאַראַנטוואָרטלעך צו די מיידלעך אין וויאזארניע" האָט זי געזאָגט. „און איך צו...".

אַ קלאַפּ אין טיש האָט איבערגעריסן מאָטוויי דעם פורעם־גיסערס באַסאָווע שטימע.

„איר וועט מיר ניט זאָגן ווי איך זאָל פירן מיינע געשעפטן!" האָט טוראָק אויסגעשריען מיט כעס און אַ שטאָך געטאָן מיטן צייג־פינגער אין דער לופטן. „קום מאָרגן, יאַן, וועלן מיר פאַרהאַנדלען".

טוראָק האָט אומגעדולדיק אַרויסגענומען זיין גאָלדן זייגערל פון קאַמזויל־קעשענע, עס געעפנט, אַ בייזן קוק געטאָן אויף די דינע ווייזער־לעך און עס צוריק אַריינגעוואָרפן אין קעשענע. דאָס גאָלדענע קייטעלע אַריבער זיין ברוסט האָט זיך אַ וויג געטאָן מיט גאווה, ווי עס וואָלט אַרונטערגעשריען: „בונטאָווטשיקעס! שלעפּער! ווי קומט איר צו מיר?..."

„קום!" האָט טוראָק געזאָגט צו שמואלן, וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען שטיל. מאָדנע געדאַנקען האָבן זיך אים געשפּאַרט אין קאָפּ אַריין: אַז עס איז ניט כדאַי צו זיין איינגעשפּאַרט... אַז אפשר איז זיין זון יאָסל גערעכט, וואָס ער זאָגט, אַז קאַפּיטאַליסטן זיינען עקס־

פלואַטאַטאַרס... ער האָט געפילט אַ מאָדנעם רחמנות אויף זיך, אויף טוראַקן און אַפילו אויף די אַרבעטער...

„קום, שמואל!" האָט טוראַק צום צווייטן מאָל געזאָגט און זיך דורכגעשטופּט דורך דער מאַסע אַרבעטער.

„מיר וועלן מאָרגן צוריקקומען!" האָבן געזאָגט די אַרבעטער, שוין שטייענדיק אין הוטע־הויף.

די שטיקלעך גלאָז האָבן אונטער זייערע פּאָדעשוועס פריילעך געטרעשטשעט.

## עס העלפן נישט קיין פוילע שטיק . . .

ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט, און ווידער זיינען די שטרייק־פירער געגאַנגען צו אַ קאָנספּיראַטיווער פאַרזאַמלונג און ווידער איז געווען אַ שטורעמדיקע זיצונג. עס זיינען געווען גרויסע שטרייטיקייטן און מיינונגס־פאַרשיידנקייטן. די שוועסטער און ברידער האָבן איינגע־שטימט מיט ליבעכן און סטאַשעקן פון דער פּ.פּ.ס. אַז מען זאָל דעם שטרייק ניט אויסשפּרייטן ווייטער ווי די הוטע און די מיל. אַנ־דערע האָבן געפאָדערט, אַז מען זאָל אַריינטערנעמען די קאָטשעגאַרעס, אָפּשטעלן די פליטעס אויפן טייך, די סטאָליאַרעס אויף די שלוזן, די זאַמד־וועשערינס, די האָלץ־פירער און האָלץ־העקער. מיט איין וואָרט, מאַכן אַ גענעראַל־שטרייק אויף אַ גרויס־שטאָטישן אופן. שעהן האָט מען זיך געזאַמפּערט און צו קיין באַשלוס איז מען ניט געקומען.

שפּעט ביי דער נאַכט זיינען אָנגעקומען די דריי סטודענטן פון דאָרף. זייער אַריינקומען האָט געבראַכט אַ שטראַל האָפענונג וועגן אַ שנעלער פאַרשטענדיקונג. אַלע דריי זיינען געווען אָנגעטאָן אין פּויערשע קליידער. גרישאָס און יאָסלס פּנימער זיינען געווען איינגע־פּאַסט אין קורצע שוואַרצע בערד. דער אַכצן־יאָריקער יאָסל ריקלס, טוראַקס פּלימעניק, איז געווען אַ הויכער, שמאַלער בחור, אַ באַשיידע־נער מיט אַ ווייכן מיידלשן פּנים. אַ סודותדיקע פאַרטראַכטקייט איז געלעגן אין זיינע גרויסע גרויע אויגן.

„נו, קינדער, וואָס הערט זיך דאָ מיטן שטרייק?" האָט געפרעגט גרישאַ פאַרשנדיק די פאַרזאַמלטע מיט זיינע מידע, שוואַרצע אויגן. ער האָט אַרונטערגענומען פון קאָפּ דאָס פּויערשע היטל און איז דורכ־געגאַנגען מיט די לאַנגע פינגער זיינע פּעך־שוואַרצע האָר. די אַנדערע צוויי סטודענטן האָבן אויך אַראָפּגענומען די היטלען און אָפּגעקנעפּלט

זייערע פּידזשאַקן, אַנטפּלעקנדיק די לייוונטענע רובאַשקעס מיט די אויס־געניייטע פאַרשטייפטע קאָלנערס אַרום די העלדזער.

„אַלץ אין אייך איז אמת פּויעריש, אָבער ניט אייערע הענט און ווייסע פּנימער", האָט געשפּאַסט חיים. „זעט הענט!" האָט ער אַ צע־שפּרייט געטאָן זיינע הענט אין דער לופטן — „יונגע יינגלשע הענט, וואָס האָבן שוין געהאַט אויף זיך איינגעקריצט זעקס יאָר שווערע אַר־בעט, און זיינען געוואָרן צעדראַפּעט און באַדעקט מיט האַרטע פאַרגעלטע מאָזאָליעס.

„אַזעלכע פּראָלעטאַרישע הענט וועלן אַמאָל מאַכן די רעוואָלוציע!" האָט זיך גרישא געוויצלט. ער האָט זיך אַ פּאַטש געטאָן אין שטערן, ווי ער וואָלט זיך פּלוצלונג אין עפּעס דערמאָנט, און געזאָגט: „הער נאָר, יאַט, גיב מיר צוריק מיין צייטונג, זי האָט מיר היינט אויסגעפעלט אין דאָרף".

חיים האָט אים דערלאַנגט דעם צעקנייטשטן פאַרגעלטן נומער „איסקראַ", מיט אַזאַ מינע ווי מען שיידט זיך מיט אַ גוטן פריינט.

„איז וואו האַלט איר טאַקע מיטן שטרייק?" האָט געפרעגט יאָסל טשערניכאָוו.

„אַ שווערער טאָג איז היינט געווען", האָט געזאָגט ליבעך, „אַ האַרטער, קלוגער מענטש איז אונדזער באַלעבאָס טוראָק! ער האָט מיך געוואָלט אונטערקויפן, פאַרהאַנדלען בלויז מיט מיר, אונטער פיר אויגן. האָבן די אַרבעטער געזאָגט „ניין", נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט אים צו ענטפערן. וואָס דענקט ער זיך? אַז איך בין דער אוראַדניק, צי דער פּריסטאַוו? ער זאָל מיך אונטערקויפן מיט כאַבאַר?"

מען האָט דערציילט די סטודענטן גענוי וואָס היינט איז פאָרגעקומען ביי טוראָקן אין קאַנטאָר און זיי האָבן דערציילט, אַז די פּויערים אין די דערפער זיינען רעוואָלוציאָנער געשטימט. זיי האָבן פאַרזיכערט, אַז די פּויערים וועלן ניט גיין אַרבעטן אין הוטע אַזוי לאַנג ווי דער שטרייק וועט אָנהאַלטן, ווען זיי וויסן, אַז זיי שטאַרבן פון הונגער. „און מיר האָבן זיי געגלויבט, ווייל פּויערים האָבן זיך נאָך ניט אויסגעלערנט זאָגן ליגן", האָט געזאָגט גרישא.

עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ שטרייק־קאָמיטעט פון פינף צו פאַרהאַנדלען מיט טוראָקן. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז אויב טוראָק וועט זיך איינשפּאַרן, אַז ער וויל פאַרהאַנדלען נאָר מיט יאַן ליבעך אַליין, זאָל מען רופן די אַרבעטער צו באַלאַגערן טוראָקס קאַבינעט.

„אויב מיר זיינען שוין אַזוי שטאַרק, טאָ פאַרוואָס טאָקע ניט רופן אַ גענעראַל־שטרייק?" האָט געפרעגט יאָסל טשערניכאָוו.

„יאָ, יאָ! אַ גענעראַל־שטרייק! ווי מען טוט אין די גרויסע שטעט!" האָבן געשריען די היץ־קעפּ.

„אַ גענעראַל־שטרייק ביי דער איצטיקער צייט וואָלט געווען דער גרעסטער דורכפאַל", האָט גרישאַ געזאָגט. „איידער מיר האָבן זיך אויסגעלערנט גיין, ווילן מיר שוין לויפן".

„גערעכט, גרישאַ!" זיינען געקומען שטימען פון אַלע זייטן.

אָבער די אָפּאָזיציע האָט אים ניט געהערט. אַלע האָבן גערעדט אויף אַמאָל, איינער האָט אַריבערגעשריען דעם צווייטן. רויטע, ניט־אויסגעשלאָפענע אויגן האָבן זיך בייז אָנגעקוקט. צערייצטע געמיטער האָבן פאַרלוירן דעם קאָנטראָל אויף שפּראַך און טאָן. גרישאַ האָט אַפּעלירט צום „אַרבעטער־באַוואוסטזיין" פון די פאַרזאַמלטע, אַז זיי זאָלן זיך באַרואיקן, נאָר דער טומל איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיין קול איז דערטרונקען געוואָרן. די מער רואיקערע אַרבעטער האָבן אָנגעוויזן אויף די טירן און פענצטער, אַז עס איז אַ געפאַר צו שרייען, אַז מען קען זיי אַלעמען „פאַרפּאַקן". עס האָט אָבער ניט געהאָלפן און דער טומל איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער. דער עלטסטער פון אַלע, יאַן ליבעך, האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש אַזש דער לאָמפּ האָט אַ טאַנץ געטאָן, און האָט אויסגעשריען:

„דיסציפּלין!"

עס איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן.

„חברים!" האָט גרישאַ אויסגעשריען, „מען טאָר ניט אַזוי! צערייסנקייט איז די גרעסטע געפאַר פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס. מיר קענען דעבאַטירן די פראַגע פון אַ גענעראַל־שטרייק און זי נעמען צו אַן אָפּשטימונג, אָבער מיר טאָרן זיך קיינמאָל ניט פאַרלירן. דאָס איז קעגן די אינטערעסן פון באַוואוסטזיניקע, דיסציפּלינירטע אַרבעטער".

עס זיינען געקומען שטימען: „צו אַן אָפּשטימונג! צו אַן אָפּשטימונג!"

„ווער עס איז פאַר אַ גענעראַל־שטרייק, זאָל אויפהויבן די הענט!", האָט גרישאַ, דער פאָרזיצער, אויסגערופן.

זעקס הענט האָבן זיך אַ ציי געטאָן אין דער לופטן.

„ווער איז פאַר דעם, אַז מען זאָל ניט רופן קיין גענעראַל־שטרייק?"

זעכצן הענט האָבן זיך אויפגעהויבן, דריי מיידלשע.

„עס איז באַשלאָסן ניט צו רופן קיין גענעראַל־שטרייק", האָט גע־זאָגט גרישאַ.

אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן פון די פּלעצער און טיף אָפּגעאָטעמט. דער פּאָרזיצער האָט געמאַכט אַ צייכן מיט דער האַנט, אַז די זיצונג איז נאָך ניט געשלאָסן. מיט אַ טיף־ערנסטן טאָן האָט ער געזאָגט:

„חברים! דער שטרייק אין דער הוטע און אין דער מיל איז גוט אָרגאַניזירט. איר קענט זיך מיט רעכט פאַרגלייכן אין אָרגאַניזאַציע־כוחות מיט די אַרבעטער־קאַמפן אין די גרויסע אינדוסטריעלע שטעט". ער האָט נאָכגעקלערט אַ ווייל און ווייטער גערעדט: „צוליב דעם ספּע־ציפישן כאַראַקטער פון אייער אַרבעט אין דער גלאָז־פאַבריק, טאָר זיך דער שטרייק ניט פאַרציען. האָט גוט אין זינען, חברים, אַז אייער שטאַרקסטע געווער קעגן דעם איינגעשפּאַרטן באַלעבאָס טוראַק איז איניקייט, פּראָלעטאַרישע דיסציפּלין און אַרבעטער־סאָלידאַריטעט. מיט אָט־דעם געווער וועט איר געווינען דעם שטרייק און אַלע צוקונפטיקע קאַמפן. נאָך אַ זאַך, חברים, גלויבט ניט די באַלעבאַטים אויפן וואָרט. זיי מוזן אונטערשרייבן אַן אָפּמאַך, אַז זיי זיינען פאַרפּליכטעט נאָכצוגעבן די פאָדערונגען פון העכערע שכירות, קירצערע שעהן און מעדיקאַ־מענטן".

אַ פּייערל פון טיפן גלויבן האָט געפינקלט אין גרישאַס אויגן. ער האָט זיך פאַרשפּיליעט דעם פּידזשאַק, אָנגעטאָן דאָס פּויערשע היטל, זיך פאַרגאַרטלט ווי ער וואָלט זיך געקליבן אין אַ ווייטער רייזע און פאַרענדיקט:

„חברים, איך וועל זיין ביי אייער זייט, אויב איר וועט מיך דאַרפן. אויב ניט, זייט געזונט, קעמפט און זיגט!"

דערמיט האָט זיך די זיצונג געשלאָסן.

***

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָט דער וואַנט־זייגער אויס־געשלאָגן פיר הייזעריקע קלונגען. פּראַדל איז אַרונטער פון בעט, אָנ־געצונדן דעם לאָמפּ און זיך אַרומגעקוקט. די סאָפּקע, אויף וועלכער חיים שלאָפט שטענדיק, איז געווען ליידיק. זי איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, אַ וויש געטאָן מיט דער דלאָניע די פאַרשטויבטע שויב און אַרויסגעקוקט צום גרויען פרימאָרגן. די גאַס איז געלעגן ליידיק, שטיל און אַזוי פרידלעך, ווי עס וואָלט גאָר ניט געווען קיין צרות, קיין שטרייקס און קיין סאַבראַניעס אויף דער וועלט. זי האָט אַרויפגעוואָרפן

די פּאַטשיילע אויף אירע אויסגעבויגענע פּלייצעס און איז מיט אַ שווערן געמיט אַרויס פון הויז.

אין גאַס האָט איר די נאַכטיקע לופט אַ גלעט געטאָן דעם פּנים. קעגנאיבער גאַס, ביי מיכליען אין שטוב האָט געברענט אַ פּייערל. דער שוואַכער שיין פון לאָמפּ האָט זיך דורכגעריסן דורך די קליינע שייבעלעך מיט די פאַרהענגלעך. פראַדל האָט זיך דערפילט דערמוטיקט. מיכליע מוז אַוודאי אויך וואַרטן אויף די קינדער. האָט זי גע־טראַכט און פאַרשנעלערט איר טראַט.

„מיכליע, איר שלאָפט?" האָט די מאַמע גערופן דורכן פענצ־טער.

„ווער קען שלאָפן?" איז געקומען פון אינעווייניק אַן ענטפער.

אַ נאַכט־פאַררוקער האָט געגעבן אַ סקריפּ און די טיר האָט זיך געעפנט.

„גוט מאָרגן", איז איר מיכליע אַנטקעגנגעקומען אין אַ ברייט־געמאָרשטשעטן טיגענעם העמד. איר פעטלעכער פאַרמעט־פּנים איז געווען אָנגעשטרענגט, אין אירע אויגן זיינען געלעגן רויטע פעדעמלעך פון ניט דערשלאָפן.

„זיינען אייערע קינדער געקומען אַהיים, נעכטיקן?" האָט גע־פרעגט פראַדל און אַריינגעקוקט מיט איין אויג אין אַלקיר.

„זיי זיינען ניט געקומען. ס'ערשטע מאָל וואָס זיי קומען ניט אַהיים שלאָפן. גאָט ווייסט! אפשר איז פּאָליציי איבערגעפאַלן דאָס הויז, אַרעסטירט די סאָבראַניע", האָט מיכליע געזאָגט אין שרעק.

„טאָ וואָס שטייט איר? טוט זיך אָן און קומט!" האָט פראַדל באַפוילן.

„וואוהין זאָלן מיר גיין?" האָט יענע געפרעגט דערשראָקן.

„צו דער סאָבראַניע".

„צו דער סאָבראַניע?" האָט זיך מיכליע געוואונדערט.

„איר זאָגט דאָך..."

„איך זאָג? איך ווייס? מיינע קינדער זאָגן מיר ניט, וואו זיי האַלטן אָפּ די סאָבראַניעס".

„מיינע זאָגן מיר אויך ניט. נאָר עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ, אַז די סאָבראַניע איז געווען ביי כאַשע פּלאַכעס", האָט פראַדל געזאָגט שטיל, קוקנדיק אויף די פאַרהאַנגענע פענצטער.

און שטיל האָבן די צוויי מאַמעס פאַרלאָזט די שטוב און זיך גע־

לאָזט גיין צו כאַשען זוכן די קינדער. אָנגעקומען אַהין, האָבן זיי אָנגע־קלאַפּט אין פענצטער:

אַ מינוט איז געווען שטיל. זיי האָבן שטאַרקער אָנגעקלאַפּט.

„אוי, וואָס איז? ווער קלאַפּט דאָס דאָרטן?" איז כאַשע אַ דער־שראָקענע אַרונטערגעלאָפן פון בעט און זיך צוגעהאַלטן ביי דער צע־כראַסטעטער נאַכט־העמד. „וואָס האָט אייך געבראַכט אַהער אַזוי פרי?"

„געווען דאָ די קינדער? די סאָבראַניע?" האָט איר פראַדל אַריינ־געשושקעט די „סאָבראַניע" אין אויער.

„ניין! און ווען עס וואָלט אַפילו געווען דאָ, וואָלט איך אייך ניט געזאָגט, ווייל ווענט האָבן אויערן, און גאַסן — אויגן". זי האָט אַ טאַפּ געטאָן די ליידיקע באַנק הינטערן אויוון און צוגעגעבן שטיל: „מיין מענדל איז ניטאָ".

„דער טייוול אַליין וועט זייערע פּאָטאַינע סאָבראַניעס ניט געפינען", האָט געזאָגט מיכליע מיט פאַרדראָס.

דער גוטער יאָר ווייסט זיי. מסתמא פאַרנומען ערגעץ מיט דער זאַבאַסטאָווקע", האָט כאַשע אַ קוועטש געטאָן מיט די אַקסלען.

„עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ אַז ס'איז ניט גלאַט. אָט טוט זיך אָן און לאָמיר צוגיין אין הוטע", האָט פראַדל געזאָגט צו כאַשען.

„וואָס זיינען זיי קליינינקע? זיי וועלן ניט פאַרפאַלן ווערן. זיי וועלן ניט וועלן ליידן, אַז די מאַמעס זאָלן זיי גיין זוכן", האָט כאַשע גע־זאָגט.

„וואָס מיינט איר עפּעס זיי וועלן ניט וועלן ליידן?" האָט פראַדל דערוווידערט, „מיר זיינען זייערע מאַמעס! עס גייט אונדז אָן צו וויסן. אפשר קענען מיר זיי מיט עפּעס העלפן? שוין דריי טעג אַז עס גייט אָן אַ זאַבאַסטאָווקע אין מיל, און איצט אין הוטע. וואָס, מ'שטיינס געזאָגט, טוען מיר פאַר זיי? זיי פראַצעווען נעבעך גענוג פאַר טוראָקן, און האָבן אַפילו ניט אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר גילדן אויף אַ וואַרעמען בגד. עס גייט צו ווינטער, חיים דאַרף אַ נייעם פאַלטאָ, קאַלאָשן..."

„אפשר זייט איר גערעכט. מען האָרעוועט זיך אַזוי אָן אַ גאַנצן טאָג, אַז מען פאַלט פון די פיס". האָט געזאָגט כאַשע. זי האָט גענומען די פּאַטשיילע מיט איין האַנט און פאַרשפּיליעט איר יאַקל מיט דער צווייטער.

„כאַשע, וואו גייסטו דאָס באַגינען?" האָט מרדכי'ס פאַרשלאָפע־נער קול גערופן פון אַלקער.

„מיר וועלן זיך דורכגיין אין הויטע. באַלד זיין צוריק", האָט זי גע־זאָגט שוין שטייענדיק אין טיר.

„ממזרים! זאַבאַסטאַוועקעס ווילט זיך זיי מאַכן", האָט זיך געהערט מרדכיס פאַרשלאָפענער קול, צוזאַמען מיט אַ סקריפּ פון בעט, אויף וועלכן זיין לאַנגער גוף איז געלעגן. ער האָט זיך איבערגעקערט אויף דער צווייטער זייט.

***

שטיל און פאַרחלומט, צוגעדעקט מיטן גרויען פרימאָרגן־הימל, האָט געדרימלט דאָס שטעטל. צו רעכטס איז געלעגן די שמאָלע, בלאָטיקע דאָרפישע גאַס, וואָס זומער קאַטשען זיך דאָרט חזירים, און ווינטער ווערט די בלאָטע פאַרפרוירן אין אַ ברודיק־שטעכיקן גליטש.

די דריי מאַמעס האָבן זיך פאַרנומען לינקס צו דער ברייטער הויטע־גאַס וואו די צוויי רייען יידישע הייזער זיינען באַדעקט מיט שינדלנע דעכער. זיי זיינען געגאַנגען שטיל מיט שנעלע טריט, ווי געטריבן פון עפּעס אַ קראַפט אויסער זיי.

אויפן האָריזאָנט זיינען געשוואומען שוואַכע וואָלקנס, דער פרי־מאָרגן־הימל האָט זיך געליטערט. די פרויען זיינען פאַרבייגעגאַנגען טוראָקס שטוב מיטן הילצערנעם פּלויט. אַריבער דער גאַס, צו לינקס איז געשטאַנען דער פּוילישער קאַשטשיאָל. זיין טורעם־דאַך מיטן גאָלדענעם צלם האָט זיך געריסן צו די וואָלקנס און געשראָקן מיט עפּעס אַ סודותדיקער שרעק.

„מען זעט זיי ניט און מען הערט זיי ניט", האָט פראַדל געזאָגט באַזאָרגט.

„הערט! פויערטעס זינגען", האָט געזאָגט כאַשע און אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף דעם טייך.

„דאָס גייען פויערטעס צו דער אַרבעט, וואָס זאָמד", האָט פראַדל געזאָגט מיט אַ פאַרבענקטן שמייכל. „ווען איך האָב געוואוינט אין דאָרף, פלעגט זיין ביי מיר דער גרעסטער פאַרגעניגן צו הערן זיי פאַר־טאָג זינגען. דריי אַזייגער פאַרטאָג שטייען זיי אויף שפּינען פלאַקס און נעמען זיך באַלד זינגען. שטענדיק זינגען זיי, אָבער ביים קאָסען היי און שפּינען פלאַקס זינגען זיי צום שענסטן!"

„מיין בן־יחיד, וואו איז ער ערגעץ אַהינגעקומען?" האָט מיכליע זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן.

זיי זיינען צוגעקומען צום פּלויט פון דער הויטע. אויף דעם ריזיקן

שטח האָבן זיך אָנגעזען הוטע־אויוונס. די פאַרשיידענע געביידעס, די אַריינפאָר און אַרויספאָר וועגן, איבער וועלכע עס באַוועגן זיך געוויינט־לעך אַן אָפּשטעל הין און צוריק לאַנגע וועגענער אָנגעלאָדן מיט האָלץ, צי מיט פאַרטיקע סחורות אויף אַרויסצופירן. איצט איז דאָרט אַלץ גע־ווען שטיל און עס האָבן זיך בלויז געהערט די שווערע טריט פון די וועכטער, וואָס זיינען ווי שטענדיק אַרומגעגאַנגען אַרום פּלויט.

דערזען רעדלעך מענטשן, האָבן זיך די פרויען אָפּגעשטעלט.

„זעט נאָר די יונגוואַרג אַרום טוראָקס קאָנטאָר!“ האָט פראַדל גע־זאָגט אַ צעשיינטע און זיך געלאָזט גיין אַהין מיט שנעלע טריט. די אַנ־דערע האָבן מיטגעהאַלטן.

„אַ גוט מאָרגן, קינדער!“ האָט פראַדל אויסגעשריען, „אַ גוט מאָרגן!“ האָבן די אַנדערע נאָכגעזאָגט.

„אַ גוט יאָר אייך, מאַמעס“, האָבן יונגע שטימען געענטפערט מיט אַ פריילעכן טאָן.

„האָט איר אפשר געזען מיין מרדכי יצחקן?“ האָט מיכליע גע־פרעגט און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן.

„ניין, ניט געזען“.

„וואָס איז געשען?“ האָט פראַדל געפרעגט.

„איר ווייסט גאָרניט? עס איז געווען אַ געשלעג ביים ביטשעווניק“, האָט שיינדל אויסגעצויגן די האַנט צום טייך.

„אַ געשלעג? ווער האָט זיך געשלאָגן? וועמען האָט מען גע־שלאָגן?“ זיינען די פרויען געוואָרן אומרואיק.

„מה רעש, מען האָט נאָר אָנגעשלאָגן די בונטאָווטשיקעס, די שוועסטער און ברידער; אַ מצווה אויף זיי, זאָלן זיי ניט מאַכן קיין זאַ־באַסטאָווקעס“, האָט געזאָגט לאה, דוד דעם וואָכערניקס ווייב, אַ הויכע מיטל־יאָריקע פרוי מיט אַ גלאַטן ווייסן פנים און אַ שוואַרצן פאַרוק אויפן קאָפּ.

„אייך איז גוט צו ריידן. אייער מאַן האָט גרינגע געלט. אייערע קינדער דאַרפן ניט אַרבעטן אין דער הוטע“, האָט כאַשע געזאָגט מיט אַ שטעכיקן טאָן.

„שעמען מעגט איר זיך אין אייער ווייטן האַלדז! וואָס טוט איר דאָ? גייט אייך, איידער מיר שפּייען אייך אַן אין פנים“, האָט פראַדל געזאָגט, סטראַשענדיק לאהן מיטן פויסט.

„אַזאַ פּאַסקודסטווע!“ האָט שיינדל געזאָגט און זיך גענומען רייבן איר רומאַטישע האַנט.

„שיינדעלע, האָסטו אפשר געזען מיין בן יחיד. מיין מרדכי יצחקן?״ איז מיכליע צו איר צוגעשטאַנען.

„מען האָט אים שוין געפּטרט!״ האָט דוד בער דער האַלץ־פירער געזאָגט שפּאַסיק.

„הערט ניט וואָס ער רעדט״, האָט זיך אָפּגערופן די קליינע ציפּקע און אויסגעצויגן אַ האַנט צו טוראַקס קאַנטאָר. „אפשר איז ער דאָרטן, אין קאַנטאָר״.

„אין קאַנטאָר? וואָס טוט ער דאָרטן?״ האָט מיכליע ניט גע־קאָנט פאַרשטיין.

„ציפּע, זאָלסט מיר לעבן, מאַך מיר קלאָר וואָס דאָ טוט זיך״, האָט פּראַדל געזאָגט מיט געבעט.

און ציפּע דערציילט אַ לאַנגע מעשה. די נאַכטיקע סמענע קאָ־טשעגאַרעס זיינען געקומען נעכטן ביינאַכט צו דער אַרבעט. ניט גע־פונען זייערע מייסטערס ביי די אויוונס, האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן. „זאָלן אונדזערע מייסטערס קומען צו דער אַרבעט, וועלן מיר הייצן די אויוונס״ האָבן זיי געזאָגט. עס האָט ניט געהאָלפן קיין בעטן, קיין סטראַשען און קיין שעלטן. זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו הייצן די אויוונס און זיינען אַוועק אַהיים. עס איז געוואָרן אַ בהלה, מען האָט אויפגעוועקט די באַלעבאַטים, זיי זיינען געקומען צו לויפן, דערזען, אַז די אויוונס גייען אויס פאַר אַ שטיקל האָלץ, האָט זיך זיי געעקט דאָס לעבן. עס איז געוואָרן אַ טרעוואָגע, די נאַכט־וועכטער האָבן זיך אַרויס־געלאָזט זוכן די מייסטער־הוטניקעס, נאָר מען האָט זיי אין ערגעץ ניט געקענט געפינען. באַגינען האָט מען זיי געכאַפּט אין גאַס, מסתמא גייענ־דיק צוריק פון אַ סאָבראַניע. עס איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג, מענטשן זיינען זיך צונויפגעלאָפן און קוים זיי פאַנאַנדערגענומען. די סטאַראַ־זשעס וואָלטן אפשר גערופן פּאָליציי און פאַרפּאַקט די מייסטערס אין אָסטראָג. אָבער וואו קריגט מען אויף דער מינוט אַנדערע מייסטערס? דערוויל ווערן די אויוונס קאַלט! די באַלעבאַטים זיינען געוועזן גע־צוואונגען איינצוגיין אויף אַ פּשרה, צו פאַרהאַנדלען מיט די שטרייק־פירער. און אָט איז שוין עטלעכע שעה, אַז זיי פאַרהאַנדלען דאָרטן אין קאַנטאָר״.

די פרויען האָבן אויסגעהערט ציפּקען און זיך שטיל איבערגעקוקט מיט פאַרבעסענע ליפּן.

„אַ מיתה־משונה אויף די באַלעבאַטים מיט זייערע משרתים ווי

זיי צאַפּן דאָס בלוט פון אונדזערע קינדער", האָט פראַדל געזאָגט, אירע אויגן געווענדט צו דער פאַרמאַכטער טיר פון קאַנטאָר.

„ש־ש־ש־שאַ! מען טאָר ניט שילטן. זיי זיינען דאָך יידישע מענטשן", האָבן די אַנדערע פרויען אויסגערעדט פראַדלען.

„אַ יידישע פּיאַווקע איז ניט בעסער פון אַ גויאישער", האָט זיך פראַדל געכעס׳ט.

די זייטיקע מענטשן זיינען זיך ביסלעכווייז צעגאַנגען. די פּאָר צענדליגג אַרבעטער זיינען געוואָרן אומרואיק. זיי זיינען צוגעקומען צום פּלויט, זיך אָנגעלענט אָן די הילצערנע שטאַכעטן און אָנגעשפּיצט די אויערן, אפשר וועלן זיי עפּעס הערן. זייערע אויגן זיינען געווען צוגעקלעפּט צו דער טיר דורך וועלכער די שטרייק־פירער האָבן שוין לאַנג געדאַרפט אַרויסקומען. נאָר מ׳האָט גאָרניט געהערט און ניט געזען.

די פרויען זיינען אויך געוואָרן אומגעדולדיק, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. זאָלן זיי דאָ בלייבן שטיין, צי גיין אַהיים, אָדער גאָר אַריינגיין אין קאַנטאָר און אויסגיסן זייערע ביטער׳ע הערצער פאַר די באַלעבאַטים.

דוד בער האָט אַ וויש געטאָן מיטן אַרבל זיין האָריקע מאָרדע און געזאָגט:

„אָהאָ! סטעפאַן רעכנט זיך אָפּ מיט די באַלעבאַטים, מיט יאַנקל דעם סטאָראָזש פאַר באַזוכן זיינע קעשענעס, פאַר די קלעפּ... די אויוונס ציטערן פון קעלט צוזאַמען מיט טוראָקן... זאָלן זיי צעפּאַלן ווערן! ווי איך בין אַ ייד, עס אַרט מיך ניט!"

ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ הויכן אָפענעם געלעכטער.

„הערט נאָר יוי ער לאַכט!" האָט אימיצער אין דעם רעדל מענטשן געזאָגט, „אַ שמחה אויף זיין טאַטן. זאָל זיך נאָר די הוטע פאַרמאַכן, וועט ניט סטייען קיין הייזער צו בעטלען ברויט".

„צרות רבים, חצי נחמה", האָט פראַדל געזאָגט מיט אַ פרומער מינע.

נאָר קיינער האָט אירע ווערטער ניט געהערט. די שווערע טיר פון טוראָקס קאַנטאָר האָט זיך געעפנט און עס האָט זיך באַוויזן די אַרבעטער־קאָמיטע מיט ליבעכן בראש. אַ ווייל זיינען זיי געבליבן שטיין, ליבעכס רעכטע אויג איז געווען בלוי און געשוואָלן פון ביי־נאַכטיקן געשלעג. חיים האָט געהאַט אַ פאַרבונדענע האַנט... די אַר־בעטער האָבן זיי אַרומגערינגלט, עזריאל האָט זיך געקלאַפּט מיט די פויסטן אין זיין אַרויסגעסטאַרטשעטן בויך, געבראָכן זיך די פינגער,

ווי מען ברעכט שטיקלעך האָלץ. די אַרבעטער האָבן אים פאַרשטאַנען: אָפּגעבראָכן די פאַרהאַנדלונגען מיטן בורזשוי. די אַנדערע פון דעם שטרייק־קאָמיטעט האָבן אים דערווידערט: ניין, ניט אָפּגעבראָכן!

„קומט!" האָט ליבעך אַ שעפּטשע געטאָן און מיט אַ וואונק פון די אויגן געוויזן צום וואַלד.

„נאָך וואָס?" זיינען געקומען פראַגן.

„מיר וועלן האָבן אַ קורצע באַראַטונג", האָט ער געענטפערט מער מיט די אויגן ווי מיטן מויל.

„מיין מרדכי יצחק! אָט שטייט ער דאָך דאָרטן!" האָט זיך מיכליע געלאָזט לויפן מיט איר שווערן גוף.

פּראַדל האָט זי אָפּגעשטעלט: „אָט שטייט דאָרט מיין חיים אויך! דאַנקען גאָט, אַבי זיי זיינען גאַנץ".

„און מיין מענדל איז אויך דאָרטן. מען קען דען נאָכלויפן קינדער? עס איז ניט שיין", האָט כאַשע געזאָגט, אויסציענדיק דעם „ניט שיין".

„זיי קענען שוין זייער שטעטל אַליין באַשטיין". האָט פּראַדל געזאָגט. „יונגע קינדער — די וועלט איז זייערע. מיר עלטערע מענטשן קענען נאָר זיין אַ פּאָדפּאָרע, אַן אָנשפּאַר פאַר זיי, מער ניט".

און מיט שטילע זיפצן האָבן זיך די פרויען געלאָזט גיין אַהיים.

די אַרבעטער האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דערביי־איקן וועלדל, דער קאָמיטעט האָט אָפּגעגעבן אַ קורצן באַריכט: „נאָך שעהן דינגעניש און שווערע רייד, וואָס האָבן זיך געלייגט אין די געמיטער ווי בליי, האָט טוראָק נאָכגעגעבן צוויי פונקטן: מעדיקאַמענטן און אַ העכערונג פון פינף קאָפּיקעס אַ טאָג אויף די שכירות — פאַר אַלע אַרבעטער, אַריינגערעכנט די מיל־אַרבעטער און זאַמד־יועשעריגס. „דעם צען שעהדיקן אַרבעטסטאָג וויל ער פאַר קיין פאַל ניט נאָכגעבן", האָט געזאָגט סטאַשעק מיט אַ באַזאָרגטן פּנים.

„ער וועט מוזן נאָכגעבן! די אויוונס ווערן קאַלט! עס איז דאָ אַ געפאַר אַז נאָך איין טאָג, און זיי וועלן צעפאַלן ווערן". די אַרבעטער האָבן זיך געפילט דערמוטיקט פון די רייד.

„שווער און ווייטיקדיק איז געוועזן דער פרימאָרגן מיט טוראָקן, ווייטיקדיקער ווי די פיזישע קלעפּ", האָט געזאָגט מאַטוויי. די אַנדערע האָבן איינגעשטימט.

*
**

וואָרמעס־צייט, צוועלף אַזייגער, האָט זיך דערזען אַ שוואַרצער רויך פון הוטע־קוימען. אַ שאַרפער פּיף האָט דורכגעריסן די לופט, גע־רופן צו דער אַרבעט.

מענטשן זיינען אַרויסגעלאָפן פון די הייזער, ווי זיי וואָלטן צום ערשטן מאָל געהערט דעם הודאָק.

„איז דער שטרייק פאַרענדיקט? האָט טוראָק נאָכגעגעבן!? גע־וואונען!? פאַרלאָרן?״ האָבן זיך מענטשן געפרעגט איינע די אַנדערע. און איידער מען האָט זיך אַרומגעקוקט, זיינען די גאַסן געווען פול מיט מענטשן.

פון אַלע זייטן האָבן זיך געצויגן מחנות אַרבעטער. עס זיינען גע־גאַנגען די קאַטשעגאַרעס מיט די פאַרהאַרטעוועטע קופּערנע פּנימער, די הויכע הוטניקעס מיט זייערע אויסגעטריקנטע קין־באָקן, די ברייט־פּלייציקע האַלץ־העקער, האָלץ־פירער, בינדערקעס, שלייפערס, מאַ־ליאַרעס, מעכאַניקער, מילנער פון דער פאַרשטרייקטער מיל, פּויערטעס זאַמד־וועשערינס מיט גראָבאייזנס אין די הענט. עזריאל דער שטור־מער, וואָס אַ לאַנגע צייט איז ער געווען אין אַ קאָנספּיראַטיוון פּלאַץ, איז אומגעלאָפן צווישן עולם, געוואָרפן מיט די הענט און געגעבן צייכנס, אַז דער הודאָק איז אויסן אָפּצונאַרן די אַרבעטער. אויך די שטרייק־פירערס האָבן דערקלערט, אַז דער שטרייק גייט נאָך אָן, אַז דאָס איז אַ כיטרער שפּיצל פון די באַלעבאַטים צו ברענגען די אַרבעטער צוריק צו דער אַרבעט.

די ערשטע אַריינצולויפן אין הוטע־הויף זיינען געווען די שוועסטער און ברידער. דער הויף איז געווען פּוסט. עטלעכע קאָנטאָר־מענטשן, אויפזעער און סטאָראָזשעס, האָבן זיך אַרומגעדרייט אין הויף מיט הענט אין די קעשענעס און געוואַרט אויף די אַרבעטער.

דער ערשטער אַנטקעגנצוקומען די שטרייק־פירער איז געווען גדליה. ליבעך האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן לאַץ: „ווער האָט גערויכערט די קוימענס? ווער האָט געבלאָזן דעם הודאָק? זאָג, דו טייוול!״ ער האָט געטרייסלט גדליהן ווי אַ לולב.

„ניט איך... אימיצער אַנדערש״, האָט גדליה געציטערט אונטער ליבעכס געזונטן קולאַק.

ליבעך האָט אים מיט פאַראַכטונג געגעבן אַ שטויס אָפּ פון זיך. גדליה האָט זיך אָנגעקלאַפּט מיט דער פּלייצע אָן דער וואַנט און אַרויס־געלאָזט אַ ווייטיקדיקן געשריי.

„בונטאָווששיקעס! באַנדיטן!! אין אונדזער הוטע וועט איר אונדז קומען שלאָגן?" זיינען די סטאַראָזשעס און משרתים באַפֿאַלן די אַרבעטער און געביילט די פויסטן אויף זיי.

„איר זאָלט זיך ניט דערוועגן שלאָגן!" האָבן צאָרנדיקע שטימען פֿאַרהילכט דעם הויף.

הונדערטער אַרבעטער האָבן זיך געשפּאַרט דורך טויער און קאָרידאָר, די יינגערע זיינען געשפּרונגען פֿון פּלויט, דער הוטע הויף איז געוואָרן שוואַרץ פֿון מענטשן.

„אַ סוף צו דער זאַבאַסטאָווקע! מיר ווילן ברויט און אַרבעט!" האָבן אַרבעטער געשריען.

„זאָלן די באַלעבאַטים נאָכגעבן, אויב ניט צעברעכן מיר די אויוונס", האָבן אַנדערע געסטראַשעט.

דער געפּילדער האָט דורכגעריסן טיר און פֿענצטער פֿון טוראָקס קאַנטאָר און זיך דערטראָגן צו די אויערן פֿון די באַלעבאַטים, וועלכע זיינען געשטאַנען ביים פֿענצטער בלייך ווי קאַלך.

טוראָק האָט זיך אימפּעטיק אָפּגעריסן פֿון פֿענצטער, פֿאַרשטעלט מיט די הענט זיינע אויערן און געגומען שרייען: "איך קען דאָס שוין מער ניט פֿאַרטראָגן! אַ סוף זאָל דאָס נעמען! שלמה! שמואל!" האָט ער גערופֿן צו זיינע שותּפֿים, „דער ערב־רב צעטראָגט די הוטע! די אויוונס ווערן קאַלט! מיר מוזן דורכקומען מיט זיי!"

„אָט דאָס האָב איך דאָך געזאָגט, לייבע... מיר מוזן:" האָט שמואל געזאָגט און פֿאַרלאָזט די קאַנטאָר. זיין ברודער ליימע, אַ ייד אַ שווייגער, איז געבליבן זיצן.

„דאָס איז נאָך ניט געהערט און ניט געזען געוואָרן!" האָט טוראָק געזאָגט אין אַ רואיקערן טאָן, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין. ער האָט זיך קיין מאָל ניט געשראָקן פֿאַר איינציקע אַרבעטער, פֿאַר יידישע געוויס ניט, אָבער מיט דער מאַסע אַרבעטער האָט ער ניט געוואוסט ווי אַזוי צו באַגיין זיך. ס'איז געווען קאָנטיק פֿון זיין פֿאַרקנייטשטן שטערן, אַז ער האָט עפּעס טיף נאָכגעטראַכט. מאָדנע! האָט ער געזאָגט מיט אַ מינע פֿון פֿאַרוואונדערונג, „יעדער אַרבעטער באַזונדער איז, דוכט זיך, אַ פֿיינער מענטש. ער לאָזט זיך בויגן. נאָר קוים נעמען זיי זיך צוזאַמען, איז גאָט זאָל אָפּהיטן! דו קענסט גאָרניט טאָן, ווי מען קען גאָרניט מאַכן קעגן אַ שטורעם, אַ פֿאַרפֿלייצונג, אַן ערד־ציטערניש!", קוקנדיק אויף דער מאָדעל־וואַזע, וואָס איז געשטאַנען

אויפֿן טיש, האָט ער געזאָגט צו זיין שותף ליימע: „מען מוז אַרויס־שיקן די באַשטעלונגען".

די טיר האָט זיך געעפֿנט. דער קאָמיטעט פֿון פֿינף אַרבעטער איז אַריינגעקומען. צולעצט איז געגאַנגען אברהם בער פֿון דער פֿאַר־שטרייקטער מיל.

„פֿאַן טוראָק", האָט ליבעך געזאָגט, „איר וועט מוזן פֿאַרהאַנדלען מיט דעם קאָמיטעט, מיט אונדז אַלע".

טוראָק האָט אָנגעטאָן די שפּאַקולן, גענומען די פּען, איינגעטונקט זי אין טינטער, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן ביוראָ, און געפֿרעגט לי־בעכן: „וואו איז אייער קאָנטראַקט?"

ליבעך האָט אָפּגעשפּיליעט זיין אָפּגעטראָגענעם פּידזשאַק, אַרויס־גענומען פֿון בוזים־קעשענע אַ פּאַפּיר און עס דערלאַנגט טוראָקן. יע־נער האָט איבערגעלייענט די אויבערשטע עטלעכע שורות: „מיר, די הוטע־אַרבעטער, פֿאַרלאַנגען צוואַנציק קאָפּיקעס אויפֿן טאָג מער שכי־רות פֿאַר אַלע אַרבעטער, אַריינגערעכנט די זאַמד־וועשערינס; אַ צען־שעהדיקן אַרבעטסטאָג און פֿרייע מעדיקאַמענטן אין פֿאַל פֿון אַ סיבה ביי דער אַרבעט".

„איר קריגט פֿינף קאָפּיקעס אויפֿן טאָג מער. די אַנדערע פֿאָדע־רונגען גייען פֿון היינט אָן אַריין אין קראַפּט; מער וועט איר ניט קריגן", האָט טוראָק געזאָגט מיט אַ שטרענגער באַשלאָסנקייט אין זיין קול. ער האָט געהאַלטן די פּען אין האַנט, גרייט אונטערצושרייבן דעם קאָנטראַקט.

ס'האָט זיך געפֿילט אויףביידע זייטן אַן אָנגעשטרענגטע שטימונג פֿון ניט אַרויסגערעדטע ווערטער. טוראָק האָט געוואָלט זאָגן: „בונ־טאָווטשטשיקעס! ווען ניט די אויוונס, וואָס ווערן אָפּגעקילט, די באַ־שטעלונגען, וואָס מוזן אַרויסגעשיקט ווערן, וואָלט איר ביי מיר גע־פּגרט פֿון הונגער! אַ מכה וואָלט איך אייך נאָכגעגעבן!.." און די אַרבעטער פֿון דעם קאָמיטעט האָבן געוואָלט זאָגן: „עקספּלואַטאַטאָר! בלוט־זויגער! אַ טאָג האָסטו אונדז געמאַטערט, די לעצטע מינוט האָסטו געוואָלט אָפּנאַרן די אַרבעטער מיט אַ רויך פֿון קוימענס, מיט אַ הודאָק, נאָר די פֿוילע שטיק האָבן ניט געהאָלפֿן. אָן אונדז קאָנסטו זיך ניט באַגיין". נאָר אָט די רייד זיינען געבליבן ניט אַרויסגעזאָגט. פֿינף פּאָר מידע אויגן האָבן זיך איבערגעקוקט און צוגעשטימט: „גוט, מיר נעמען אָן".

„ר' טוראַק, מכוח דעם מיל־שטרייק?" האָט געפרעגט דער הויכער ברייט־פּלייציקער אברהם בער.

„די זעלבע באַדינגונגען קריגן די מיל־אַרבעטער". האָט טוראַק געזאָגט.

***

פריילעך האָבן די שטיקלעך גלאָז געטרעשטשעט אונטער די שווערע טריט פון די אַרבעטער. פריילעך האָט דאָס האָלץ געקנאַקט אין די אויוונס, הונדערטער הענט האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. בערג מיט פּאַרפאַקטע גלאָז זיינען געלעגן פאַרטיק אַרויסגעשיקט צו ווערן. פון דער וויאַזאַרניע האָבן זיך געטראָגן פריילעכע מיידלשע שטימען. די מיידלעך האָבן געזונגען: „ווען דיין שטאַרקער אָרעם וויל, שטייען אַלע רעדער שטיל"...

די זון האָט זיך געזעצט אין מערב. אַ פּאַסטוכל האָט אונטערגעטריבן אַ טשערעדע שאָף און אויסגעשפּילט אויף זיין פייפל אַ בענקענדיקע מעלאָדיע.

פון צווייטן זייט שטעטל, פון מזרח זייט, האָט זיך געטראָגן דאָס געזאַנג פון די פּויערטעס די זאַמד־וועשערינס, וועלכע זיינען געגאַנגען פאַר פרי אַהיים נאָך זייער ערשטן צען־שעהדיקן אַרבעטסטאָג.

## ביילקע פאָרט אַוועק

מיטן קירצערן אַרבעטס־טאָג אין דער הוטע, האָט חיים געהאַט מער צייט צו לערנען און לייענען. ער האָט אויך גערעדט מער מיט ביילקען פון אַרבעטער־פּראָבלעמען. ביסלעכווייז איז זי מיטגעריסן געוואָרן פון דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט, וואָס האָט שטאַרק פּולסירט אין יענער צייט צווישן דער יוגנט. זי האָט זיך גענומען שטילערהייט לייענען אומלעגאַלע ליטעראַטור. און כאָטש די ביכלעך און בראָשורן זיינען איר ניט געווען אין גאַנצן פאַרשטענדלעך, האָט זי דאָך געפילט אַ הייליקן ציטער פאַר די געדרוקטע ווערטער. דאָס איז געווען יענער ציטער, מיט וועלכן זי האָט אַמאָל געלערנט ביים טאַטנס זייט די הייליקע ספרים. און דאָך איז דאָס געווען עפּעס אַנדערש. די פאַרביטענע ביכלעך האָבן געהאַט צו טאָן ניט מיטן הימל, מיט גאָט און מיט „יענער וועלט", נאָר מיט דעם טאָג־טעגלעכן לעבן, מיט די אַרבעטער און זייער שווערער האָרעוואַניע, מיט אַ וועלט פון גאָלע גשמיות אין וועלכער ביילקע האָט געזען זיך, איר מאַמע, חיימען, דאָס גאַנצע הויזגעזינד.

צייטנווייז איז זי געוואָרן אומרואיק און זיך געפרעגט: וואו איז אַהינגעקומען איר רוחניות? דעמאָלט פלעגט זי שטאַרק רחמנות האָבן אויף זיך אַליין. זי האָט ניט פאַרשטאַנען ווען און ווי אַזוי ס׳איז אין איר פאָרגעקומען די ענדערונג.

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיטן צופאַל פון געפינען און לייענען דאָס בוך וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע. אמת, זי האָט אין בוך ווייניק־וואָס פאַרשטאַנען, זי האָט אָבער געפילט אַ נאָענטקייט צו אים און זיין מחבר מיט זיין הדרת־פּנים, וואָס האָט זיך אָנגענומען די קריוודע פון קליינע, אָרעמע קינדער. דערנאָך איז געקומען איר ערשטע סאָבראַניע, צו וועלכער איר ברודער חיים האָט זי מיטגענומען און וואו מען האָט גערעדט שטיל און סודותדיק אַזעלכע סודותדיקע רייד. אויך דאָרט האָט זי ניט אַלץ פאַרשטאַנען, דאָך האָט זי געפילט, אַז עס איז גוט פאַר אַרבעטער־מיידלעך ווי זי, צו קומען צו סאָבראַניעס און זיך לערנען ווי אַזוי צו פאַרבעסערן דאָס לעבן.

ביילקע האָט ניט געהאַט צו טאָן מיט די שוועסטער און ברידער, דאָך האָט זי געוואוסט, אַז עס זיינען דאָ אין שטעטל קאָנספּיראַטיווע הייזער, וואו די שוועסטער און ברידער קומען זיך צונויף און לערנען די נייע תורה. איצט האָט זי זיך אַליין באַקענט מיט דער דאָזיקער תורה און געפילט זיך דערהויבן פון די צויבער־ווערטער: „אַר־בעטער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך". און געלערנט די נייע תורה האָט זי מיט דער זעלבער התמדה, ווי איר טאַטע האָט געלערנט די תורה הקדושה. „דו קאָנסט זיך גאָרניט פאָרשטעלן וואָס עס ליגט אין די דאָזיקע ווערטער", האָט חיים געזאָגט צו איר. „אַ וועלט אַ גאַנצע ליגט אין דעם פאַר די אַרבעטער". יאָ, אַ וועלט אַ גאַנצע, איז ביילקע מסכים געווען. און האָט זי ניט פאַרשטאַנען אַ פראַזע, אַ וואָרט, אַ גע־דאַנק, האָט זי דאָס געלייענט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, ביז זי האָט עס „צעקייט". אַניט האָט זי געפרעגט חיימען, און יענער האָט איר אַלץ קלאָר געמאַכט.

צולעצט איז געקומען דער שטרייק אין דער הוטע. דאָס האָט געמאַכט אַ גרויסע איבערקערעניש אין ביילקעס לעבן. זי האָט פאַר־לאָזט דעם שניידער־טיש און איז שטילערהייט נאָכגעגאַנגען די שטריי־קערס. זי האָט נאָכגעפאָלגט זייערע טריט, זייער יעדן ריר און קער, איינגעזאַפּט זייערע אויסגעשרייען, די בליקן פון זייערע הונגעריקע אויגן, דאָס געוויין פון די קינדער, די טרערן פון די מאַמעס, דעם טומל פון די צעשטורעמטע ווייבער פון די הוטניקעס הינטער טוראַקס פענצ־טער.

און אַט איז געקומען די גרויסע פרייד. דער שטרייק איז געוואונען! אַרבעטער האָבן געוואונען אַ צען שעהדיקן אַרבעטסטאָג, אַ העכערונג אין שכירות, פּלעשלעך יאַד מיט באַנדאַזשן, מען וועט מער ניט דאַרפן רייסן די אייגענע העמדער צו פאַרבינדן די וואונדן... די איינבינדער־קעס אין דער ווילגאַטנער וויאַזאַרניע זיינען געוואָרן פּויילעך, די זאַמד־וועשערינס מיט די גראַבאייזנס אויף די אַקסלען מאַרשירן פון דער אַרבעט מיט געזאַנג. דאָס אַלץ האָט איבערגעלאָזט אין ביילקען אַ שטאַרקן רושם, פון וועלכן זי האָט זיך לאַנג ניט געקאָנט באַפרייען.

אָבער צוזאַמען מיט דער נייער דערהויבונג האָט ביילקען באַ־הערשט אַ שטאַרקע אומרואיקייט, זי האָט געפילט ווי די ווענט וואָלטן זיך צוזאַמענגערוקט און זי געשטיקט. ס'איז איר געוואָרן ענג אין שטוב, ביים שניידער־טיש, אין דעם שטעטל. ס'האָט זי געצויגן צו דער גרוי־סער שטאָט, צו אַ נייעם לעבן.

„איך ווייס גאָרניט וואָס ס'איז געוואָרן מיט דער מויד", האָט זיך די מאַמע באַקלאָגט. „זינט דעם שטרייק, וויל זי ניט גיין צום שניי־דער אַרבעטן, רעדט ניט קיין וואָרט. ליגט איבער ביכלעך טאָג און נאַכט. דער שטרייק האָט זי אינגאַנצן צעטומלט!" זי האָט געקוקט אויף ביילקען, ווי זי וואָלט זיך שוין אין גאַנצן מיאש געווען פון איר.

„אַזאַ טייער, פרום קינד ווי זי איז געווען", האָט דער טאַטע גע־זאָגט מיט ווייטיק און פאַרדראָס, ווי מען זאָגט אַ שבח נאָך אַ טויטן. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן פון ספר און שאַרף אָנגעקוקט ביילקען. אַ טיפער טרויער איז געלעגן הינטער זיינע ברילן...

ביילקען האָט פאַרקוועטשט דאָס האַרץ אויף איר פרומען, אָרנטלעכן טאַטן. זי האָט מיט כעס אַ שטופּ געטאָן פון זיך די קאָרזינקע, אין וועלכער זי האָט געפּאַקט אירע קליידלעך. זי האָט פּלוצעם דערפילט אַ שאַרפן ווייטאָק און האָט זיך אַזש אַ צאַפּל געטאָן ביים געדאַנק, אַז זי איז צעשפּאָלטן אויף צוויי צווייען, אויף צוויי ביילקעס... אָט וויל זי אַנטלויפן אין דער גרויסער שטאָט, און אָט וויל זי גאָר צוריק ווערן אַ קינד! די פיס האָבן זיך איר גענומען בויגן, זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער קאָרזינקע, וואָס איז גע־שטאַנען אויפן טיש.

„איך האָב מורא, ביילקעלע, אַז דו ביסט ניט מיט אַלעמען", האָט דער טאַטע געזאָגט מיט צערטלעכקייט און אַרייפגעלייגט זיין האַנט אויף איר קאָפּ.

„זיין ווייכער טאָן און וואַרעמע האַנט האָט זי צענומען. זי איז

צוגעגאַנגען צו אים, אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל און זיך צעוויינט. זיין גרויע שיטערע באָרד איז געלעגן אויף איר האַלדז. דער טאַטע האָט איר געגלעט דעם קאָפּ מיט זיין דאַרער האַנט און געזאָגט מיט ווייכקייט:

„קינד מיינס, ביסט שוין, דאַנקען גאָט, אַ דערוואַקסן מיידל... באַקלער זיך,ביילקע, וואו וועסטו אַליין פאָרן אין דער גרויסער וועלט? — אַרעלע דאַרף זיך באַלד שטעלן צום פּריזיוו, אפשר, גאָט באַהיט, דינען פּאָניען, פּערל איז אַוועק אין דער טריפהגער אַמעריקע, חיים קוקט ניט אַריין אין אַ ספר, וויל אַפילו ניט דאַוונען. און איצט... דו אויך..."

טרערן זיינען אים געקומען אין די אויגן.

יענע נאַכט האָט ביילקע לאַנג און שווער נאָכגעקלערט און איז געקומען צום אויספיר אַז ניט נאָר זי, נאָר אויך איר מאַמע איז אַ צווייעדיקער מענטש. אָט רעדט זי קעגן גאָטס סטראַפּטשעס, קעגן דער פּאָטאַינער פּאָליציע, קעגן די שומר־שבתניקעס, און אָט וויל זי ניט ליידן, וואָס אירע קינדער גייען צו סאָבראַניעס, לייענען אומלעגאַלע ביכלעך, מישן זיך אין שטרייקס, אָט איז זי מיט די שטרייקערס און אָט סטראַשעט זי די קינדער, אַז מען וועט זיי אַוועקשיקן אויף קאַטאָרגע פאַר אַזעלכע זאַכן... ביילקע האָט ליב די מאַמע, און דאָך האָט זי מורא פאַר איר צווייעדיקייט... דער טאַטע און חיים, זיי זיינען גאַנצע מענטשן, פאַר זיי האָט זי קיין מורא ניט, מיט זיי איז זי זיכער. חיים גלויבט אין אַ נייער וועלט, אין עולם־הזה. דער טאַטע גלויבט אין אַ וועלט פון עולם־הבא און ביידע, אי דער טאַטע אי חיים, זיינען שטאָל און אייזן פאַר זייערע גלויבנס. אין דעם טאַטנס וועלט פילט זיך ביילקע רואיק, ביז צום איינשלאָפן. אָבער חיימס וועלט איז פול מיט צוזאָג און ציט זי ווי אַ מאַגנעט.

אָבער צו דער זעלבער צייט האָט זי מורא פאַר אָט דער נייער וועלט, און זי וויל אַנטלויפן, זיך באַהאַלטן אין דעם טאַטנס גלויבן, אין אַ „יענער וועלט". נאָר אויך דאָרטן וואַרט אויף איר עפּעס פרעמדס און אָפּשטויסנדיק... דער טאַטע האָט גערעדט וועגן אַ חתן — אַ ישיבה־בחור... אַ באַנק־קוועטשער, ווי די מאַמע רופט דאָס.

ביילקע האָט אויפגעשוידערט ליגנדיק אונטער ז'ער קאָלדרע. ניין, זי וויל ניט קיין חתן, זי וויל ניט חתונה האָבן. אַז מען האָט חתונה, ווערט מען בייז און מיאוס, מען שערט אָפּ די האָר, מען טוט זיך אָן אַ פּאַרוק! מען האָט דאגות־פּרנסה, ווי איר מאַמע... איר קלוגע מאַמע!

זי האָט דאָך אַזאַ גוט האַרץ! צו אַלע אָרעמע און ליידנדיקע איז זי גוט. זי ווייס ווען עס פעלט אויס שפּייז אויף שבת, אַלע דאָנערשטיק גייט זי אַרויס מיט דער באָבע שיינע שרה איבערן שטעטל, און אין זייערע גרויסע פאַרטוכער קלייבן זיי צוזאַמען פון די רייכע באַלעבאָסטעס וואָס נאָר עס לאָזט זיך פאַר די אָרעמע לייט. טאָ פאַרוואָס איז די מאַמע צייטנווייז אַזוי בייז, האַרט און שטרענג? מסתמא ווייל זי האָט חתונה געהאַט...

ביילקע וויל מער ניט קלערן. זי וויל איינשלאָפן, נאָר ניט ווילנדיק קומט איר די יונגע שיינע שיינדל אויפן געדאַנק. איר טאַטע, אַריה לייב דער וואָכערניק, האָט אַראָפּגעבראַכט פון ערגעץ אַ חתן, אַ גרויסן לערנער, שיינדל האָט ליב געהאַט אַן אַנדער בחור, אַ שניידער, איר טאַטן איז דער יחוס ניט אָנגעשטאַנען, ער האָט זי געצוואונגען חתונה האָבן מיטן ישיבה־בחור און שיינדל איז אַרונטער פון זינען, משוגע געוואָרן... און וואָס מער ביילקע האָט געפּרואווט פּטור צו ווערן פון די שלעכטע געדאַנקען, אַלץ מער זיינען זיי איר געקראָכן אין קאָפּ אַריין.

דער טאַטע האָט זיך צעהוסט פון שלאָף אַפּריער שטיל, נאָר וואָס ווייטער, אַלץ מער קייכנדיק, ביז ער האָט פאַרענדיקט מיט אַ קוויטשיקן אויסגעשריי:

„דוד, אָט נעם טרינק אויס דיין טיי פון ליפּאָווע צוויט, וועט דיר גרינגער ווערן", הערט ביילקע דער מאַמעס פאַרשלאָפן קול.

די טיר האָט זיך געעפנט מיט אַ סקריפּ און חיים איז אויף די שפּיץ פינגער אַריין אין שטוב. ביילקע איז מאָמענטאַל פריילעכער געוואָרן. און כאָטש זי האָט זיך געמאַכט שלאָפנדיק, און גאָרניט געזאָגט, האָט זי זיך דערפילט זיכערער. פאַרוואָס זי האָט זיך דערפילט זיכערער האָט זי ניט געוווּסט.

חיים האָט זיך אויסגעטאָן, זיך אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפקע און איז גלייך איינגעשלאָפן מיט אַ געזונטן, געשמאַקן שלאָף.

עס איז אַ גרויסער שאָד וואָס זי האָט ניט געפאָלגט חיימען און איז ניט מיטגעגאַנגען צו דער סאָבראַניע, קלערט ביילקע. עס האָט זיך איר גאָר פאַרוואָלט איינפּאַקן אירע זאַכן אין דער קאָרזינקע! און איבערקערנדיק זיך צום צענטן מאָל אויף דער צווייטער זייט, פּרואווט זי איינשלאָפן. עס ווילט זיך איר כאַפּען אַזוי געשמאַק ווי איר ברו־דער. זי האָט זיך אָבער אַרויסגעשלאָגן פון שלאָף, ליגט זי און קלערט און קלערט... קיינער זעט זי ניט, קיינער שלאָגט ניט איבער די גע־

דאַנקען, קיינער לאַכט ניט אָפּ פון איר, קיינער רעדט איר ניט אויס. אָבער זי שפּאַרט זיך מיט זיך אַליין. זי מוז אָוועקפאָרן. זי קאָן דאָ ניט בלייבן. אָבער ווי אַזוי לאָזט מען איבער דעם קראַנקן, צעבראָכענעם טאַטן?

⁂

אַ שאַרפער אלול־ווינט האָט געבלאָזן, ווען דוד דער יאַנעווער האָט געבראַכט אהרנען אַהיים אויף יום־טוב. אַריין אין שטוב, איז ער געבליבן שטיין צווישן קיך און חדר־טיש. די ערשטע צוצולויפן צו אים איז געווען די מאַמע: „טאַטעלע, זונעלע וואָס אַזוי אָפּגעצערט, בלייך?" איז זי אים אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז.

„עס איז גאָרניט, אַ ביסל זיך געמאַרעט", האָט ער געזאָגט און איז צוגעקומען נעענטער צום טיש, וואו דער טאַטע איז געזעסן און האָט געקנעלט מיט די יינגלעך.

„שלום־עליכם דיר, מיין בכור. דאַנקען גאָט, אָבי ביסט שוין אַריבערגעקומען פּאָניען", האָט דער טאַטע געזאָגט מיט אַ שמייכל. „איך און דיין זיידע משה האָבן געפאַסט און תפילה געטאָן. אין דעם זכות ביסטו טאַקע ניצול געוואָרן פון דינען פּאָניען".

שפּעט אין אָוונט, ווען אהרן האָט אויסגעטאָן די שיך און אַראָפּגעצויגן די שקאַרפּעטקעס פון די פיס, האָט די מאַמע דערזען פאַרוואָס ער איז ניצול געוואָרן. זי האָט פאַרבראָכן די הענט: „ווי איז מיר! וואו זיינען אַהינגעקומען די שפּיץ פינגער פון דיין רעכטן פוס? זע נאָר, ווי רויט און געשוואָלן דער פוס איז!" זי האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און שטיל געזאָגט: „געמיינט אַ צווייטע לעגאַטע וועט זיין געגנוג"... צוויי גרויסע טרערן זיינען אַרינטערגעפאַלן אויפן זאַמדיקן דיל...

„גם זו לטובה" האָט דער טאַטע געזאָגט און זיך אויפגעהויבן פון באַנק. „מען טאָר ניט זינדיקן".

די מאַמע האָט אָפּגערוקט דעם טיש, צוזאַמענגערוקט די צוויי הילצערנע בענק, אַרויפגעלייגט דעם שטרויענעם שעניק און געזאָגט: „אָט... דאַנקען גאָט פאַר דער נאַכט. כאָטש אין איין פּרט האָט דער רבונו־של־עולם אונדז באַשאָנקען באַגלייך מיט זיינע רייכע יידעלעך".

„אונדז שלאָפט זיך, דאַנקען גאָט, געשמאַקער ווי די רייכע וואָכערניקעס, האָט דער טאַטע געזאָגט און זיך גענומען לייענען קריאת־שמע.

די מאַמע האָט אַרונטערגעדרייט דאָס קנויטל אין לאָמפ, אָנגעגנומען אַ פול מויל מיט לופט און אויסגעלאָשן דאָס צאַנקענדיקע פלעמל...

דער יום־טוב איז אַוועק אין אַ שטילער אומעטיקייט. עס האָט זיך ניט געפילט די אַמאָליקע משפחהדיקייט אין די יום־טובדיקע טעג. דער פעטער יעקב און די מומע שרה זיינען אויך דאָס מאָל געקומען פון דאָרף אויף די ימים־נוראים, נאָר זיי זיינען געווען באַלאָדן מיט זאָרג. צוויי זין דאַרפן זיך שטעלן צום פריזיוו. מאיר רעדט שטילערהייט פון אַנטלויפן קיין אַמעריקע. אַרקע וויל נאָר פאַרבלייבן מיטן טאַטן אין דאָרף ביי דער אָזערע. איז גאָט ווייסט, צי וועט אים ניט פּאַניע צונעמען פאַר אַ סאָלדאַט. ער איז דאָך אַזאַ היכער, געזונטער בחור. ס'איז נאָך גוט וואָס דער פעטער יעקב און די מומע שרה זיינען בטבע מונטערע מענטשן. אַניט וואָלטן די יום־טובים גאָר געווען פאַרשטערטע. די מומע שרה האָט געזאָגט: „מאַמעלעך מיינע, אונדזערע קינדער זיינען ניט די איינציקע, וואָס דאַרפן זיך שטעלן צום פריזיוו. בעסער אַ געזונטער סאָלדאַט, איידער אַ אויסגעמאָרעטער טשאַכאָטניק".

דער פעטער יעקב האָט זיך געוויצלט, אַז מענטשן זיינען ניט קיין שטומע פיש, זיי לאָזן זיך ניט כאַפן אין דער נעץ, זאָל מען נאָר זיין געזונט, איז דאָ אַן אַמעריקע אויף דער וועלט, וועלן זיך די קינדער קאָנען ראַטעווען.

דעם טאַטן מיט זיין אומעטיקער נאַטור האָט קיינער ניט געקענט צעשטרייען. ער איז געווען צעוויטיקט. חיים האָט ניט געוואָלט גיין אין שול דאַווענען. ביילקע האָט זיך געקליבן צו פאָרן קיין וואַרשע, קאָרזינקעס מיט פעקלעך זיינען געווען צעוואָרפן איבער דער שטוב. אהרן און ביילקע האָבן זיך געקליבן צו דער רייזע.

די מאַמע האָט שוין אויך געמאַכט שלום מיטן געדאַנק, אַז ביילקע פאָרט אַוועק. זי איז שוין אַ דערוואַקסן מיידל, אַ ליאַדע שוסטער צי שניידער הייסט זיך געבן דריי הונדערט רובל נדן, און דאָ איז ניטאָ קיין קאָפּיקע ביי דער נשמה. טאָ זאָל זי פאָרן געזונטערהייט, אפשר איז אין דער גרויסער שטאָט אַנדערש... פונדעסטוועגן האָט זי געזיפצט. פון זינט די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן און זיך אָנגעהויבן צו צעפאָרן, איז איר געוואָרן אַלץ שווערער אויפן האַרצן. און דאָס זיפצן האָט אַ ביסל געהאָלפן...

„ביילקע, איך האָב דיר עפּעס וויכטיקס צו זאָגן", האָט חיים זי אָפּגערופן אָן אַ זייט, „אונדזער ברודער אהרן איז אַ פאַנאַטישער בחור. דו פאָרסט מיט אים אַוועק, וועסטו זיין אונטער זיין השגחה. טאָ געדענק: זיינע וועגן זיינען אַנדערש פון אונדזערע".

ער האָט אָנגעשטעלט אויף איר זיינע מאָנענדיקע בלויע אויגן. אין די ווינקלען פון זיין היוכן שטערן איז געלעגן אַ פאַרזאָרגטקייט. שטיל, געלאַסן, קלייבנדיק זיינע ווערטער האָט ער ווייטער גערעדט: „געדענק, ביילקעלע, די בראָשורן, די ביכלעך וואָס מיר האָבן געלייענט, געדענק די סאָבראַניעס, דעם שטרייק. געדענק דיין קלאַס...״ ער האָט זי אַ קוש געטאָן אין באַק, ווי ער וואָלט געוואָלט דערמיט פאַרחתמענען זיינע ווערטער...

„געדענק, ביילקע, דו זאָלסט אין ערגעץ ניט גיין אָן דיין ברודערס וויסן. וואַרשע איז אַ גרויסע שטאָט מיט פאַרשיידענע מענטשן״, האָט די מאַמע געזאָגט אַרויפלייגנדיק די קאָרזינקע אויף דער פור.

„געדענק, ביילקע, אָן גאָט ברוך הוא, וועט ער דיר העלפן אומע־טום, וואו דו וועסט ניט זיין״, האָט דער טאַטע געזאָגט און זי אַ קוש געטאָן אין קאָפּ. און צו אהרנען האָט ער געזאָגט: „היט זי אָפּ, מיין זון, ווי דאָס אויג אין קאָפּ״.

ביילקע האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דער קאָרזינקע, וואו איר אַלטע בלעכענע פושקע מיט די קופּערנע מטבעות איז געווען פאַרפּאַקט, און געזאָגט: „מיר וועלן אייך אין גיכן ברענגען קיין וואַר־שע, כ׳האָב אָפּגעשפּאָרט עטלעכע רובל צו קויפן מעבל. אהרן וועט באַזאָרגן אַ דירה״.

„בלי נדר״, האָט אהרן געזאָגט, און זיך געמאַכט באַקוועם אויף דער פור. האַרט ביי זיין זייט האָט ער צונויפגעשפּאַרט אַ קופּע שטרוי. „דאָס איז דיין פּלאַץ״, האָט ער געזאָגט מיט ליבשאַפט צו ביילקען, זעענדיק טרערן אין אירע אויגן.

„מיר וועלן זיך אם ירצה השם אין גיכן זען״. האָט די מאַמע גע־זאָגט און אירע אויגן האָבן געשיינט מיט האָפענונג פון דעם געדאַנק צו זיין צוריק אַ גרויס־שטאָטיקע. דער טאַטע האָט געשוויגן.

„ר׳ דוד, מיר מוזן היינט אָוונט קומען צו דער באַן אין פּינסק״, האָט אהרן אונטערגעאיילט דעם באַלעגאָלע.

„זאָרג זיך ניט. פּופּציק וויאָרסט איז טאַקע אַ לאַנגע שטרעקע, אָבער פאַרלאָז זיך אויף מיר. איך וועל שוין אייך צושטעלן צו דער באַן״. דאָס זאָגנדיק, האָט ער אַ צי געטאָן די לייצעס, אַ שמיץ געטאָן מיט דער בייטש דאָס רויטע פערדל מיט די איינגעפאַלענע זייטן. דאָס פערדל האָט זיך אַ טרייסל געטאָן און אַ צי געטאָן דעם וואָגן.

„זייט געזונט!״ „פאָרט געזונט!״ האָבן זיך געהערט האַרציקע אויסרופן. און ווי דאָס פערדל וואָלט פאַרשטאַנען די שווערקייט פון

צעשיידן זיך, האָט עס פאַרלאַנגזאַמט זיין טראָט. אַ צווייטער שמיץ איבערן רוקן האָט אים אונטערגעיאָגט.

זיי זיינען געפאָרן לענג־אויס דעם טייך אויפן זאַוועלער טראַקט. הינטערן פוסטן מויער, פאַרשטעלט מיט אַלטע ניסל־ביימער, איז אויפגעגאַנגען די זון.

## צוויי בריוו פון וואַרשע

ס׳איז געווען אין אַ דאָנערשטיק, פאַרנאַכט־צו, ווען פראַדל איז געקומען פון פאָטשט און האָט געזאָגט:

„דוד, מיר קענען זיך שוין אָנהייבן קלייבן אין וועג אַריין״.

דער מלמד האָט איבערגעריסן דאָס לערנען מיט די חדר־יינגלעך און געפרעגט:

„קלייבן זיך אין וועג אַריין? וואוהין? וואָס פעלט דיר אײן?״

„אָט נאַ, לייען, וועסטו זען״, האָט זי אים איבערגעגעבן צוויי בריוו.

דוד האָט פאַרמאַכט די ספרים און געשיקט די יינגלעך עסן וועטשערע. מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער אָנגעטאָן דיברילן און זיך גענומען לייענען די בריוו. ביילקע האָט געשריבן:

„צו מיינע ליבע און געטרייע עלטערן זאָלן לעבן. איך קאָן אייך שרייבן, אַז מיר זיינען דאַנקען גאָט געזונט, דאָס זעלבע פון אייך צו הערן. עס זאָל אייך ניט וואונדערן וואָס איך האָב אייך די גאַנצע צייט ניט געשריבן. איך בין געווען פאַרנומען מיט געפינען אַרבעט און אַ דירה. איצט בין איך שוין איינגעאָרדנט, פאַרדין ניין רובל אַ וואָך. איך צאָל דריי רובל אַ וואָך פאַרן עסן און שלאָפן. די באַלעבאָסטע זאָגט, אַז זי דערלייגט געלט צו מיר, ווייל איך עס אַ סך. ביינאַכט שטעל איך אויף אַ בעטל אין קיך און דאָרט שלאָף איך. ווען ניט די שוואַרצע זשוקעס, וואָס לויפן אַרום אויפן אויוון איבער די פעטע טעפּ, און די מייז וואָס לאָזן מיך ניט שלאָפן, וואָלט געווען ניט שלעכט.

„איך קען אייך שרייבן, אַז איך לייג אָפּ פינף רובל אַ וואָך. איך האָב שוין אָפּגעשפּאָרט צוואַנציק רובל אויף מעבל, און אַזוי גיך ווי מיר וועלן געפינען אַ דירה, וועלן מיר שיקן נאָך אייך.

„איצט, מיינע טייערע עלטערן, וויל איך אייך דערציילן פון מיין ערשטער רייזע אויף דער באַן. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער פון וואַגאָן. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די באַן שטייט אויף אַן אָרט און די פעלדער מיט די וועלדער לויפן פאַרביי.

באַגינען, ווען די זון האָט גענומען אויפגיין, זיינען מיר אָנגעקומען קיין בריסק. די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט און עס האָט געגעבן אַ בליאַסק פאַר די אויגן דער ווייסער בריסקער וואָקזאַל. איר קענט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן ס'אַראַ וואָקזאַל דאָס איז. מען מוז דאָס זען מיט די אייגענע אויגן. ס'איז אַ ריזיקע געביידע מיט ווייסע ווענט, מיט גרויסע גלע־זערנע פענצטער. עלעקטרישע בליץ־לאָמפּן הענגען אַרונטער פון דער הויכער, ווייסער סטעליע. אַז די באַן האָט שוין געהאַלטן ביים אָפּגיין, האָט מיך אַהרן ניט געקאָנט געפינען. האָט ער זיך צעשריגן און מיך גענומען רופן. די באַן האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו רירן, ווען מיר זיינען אַריין אין וואַגאָן.

„שפּעט נאָך האַלבן טאָג זיינען מיר אָנגעקומען קיין וואַרשע. אַ גרויע כמאַרע איז געהאַנגען אין דער לופטן. ס'איז געגאַנגען אַ דינער רעגן, ווי פון אַ זיפּ. און אַזוי פיל מענטשן! דראָזשקעס מיט הויכע איי־זערנע רעדער האָבן געקלאַפּט אויף די שטיינערנע גאַסן. די גאַסן זיי־נען דאָ ברוקירט מיט שפּיציקע שטיינער און ס'איז שווער צו גיין. די ערשטע פּאָר טעג האָבן מיר ווי געטאָן די פיס פון גיין איבער די ברוקירטע גאַסן.

„דערפאַר האָב איך ליב צו פאָרן מיטן טראַמוויי. אַ טראַמוויי איז אַזאַ לאַנגע שטוב און אַ פערד שלעפּט זי איבער די שטיינערנע גאַסן. אַז מען באַצאָלט פינף קאָפּיקעס, קאָן מען אַרומפאָרן איבער דער גאַנ־צער שטאָט. און ס'איז דאָ וואָס צו זען אין וואַרשע! אין די גרויסע קראָמען מיט די גלעזערנע פענצטער זיינען אויסגעשטעלט די טייערסטע סחורות, ממש אויף חידושים. אַז איך גיי אין גאַס, ווייס איך ניט וואו פריער צו קוקן. אַזוי פיל איז דאָ צו זען.

„נעכטן האָב איך גערעדט מיט נעכען, אהרנס כלה. זי איז שוואַרץ־חנווריק, שיין און קלוג. זי פירט אָן מיט איר פאָטערס אייזן־געשעפט. איך האָב אויך געזען איר עלטסטע שוועסטער, צירל. זי איז אַ גרויסע שיינהייט. מען זאָגט, אַז זי האָט געהאַט שיינע, לאַנגע האָר. האָט מען איר גלייך נאָך דער חתונה אָפּגעגאָלט דעם קאָפּ. איצט טראָגט זי אַ שייטל. איר מאַן איז אַ יונגיטשקער, אַ דאַרער, מיט רויטע בעקעלעך, אַ שפּיציק בערדל און געקרייזלטע פאות. ער טראָגט אַ לאַנגע, שוואַר־צע קאַפּאָטע. אַלע יינגלעך טראָגן דאָ לאַנגע קאַפּאָטעס און מען רופט זיי איטשע מאַיר.

„איך פאַרהאָף, ליבע עלטערן, אַז איר וועט אין גיכן קומען קיין וואַרשע. איך און חיים וועלן אַרבעטן און פאַרדינען. אויב דער טאַטע

וועט וועלן, וועט ער דאָ צוקנעלן מיט יינגלעך, און ס׳וועט אַלעמען קלעקן אויף חיונה.

„איך וואָלט אייך נאָך געקענט שרייבן, נאָר ס׳איז שוין שפּעט און איך וויל גיין שלאָפן. אַ האַרציקן גרוס צו מיין טייערן ברודער חיים. איך בענק נאָך אים. ער פעלט מיר שטאַרק אויס. איך האָף אייך אַלעמען צו זען דאָ אין גיכן. פון מיר אייער געטרייע טאָכטער און שוועסטערביילקע״.

אהרנס בריוו איז געווען קירצער און האַרבער. ער האָט געשריבן:

„צו מיינע ליבע עלטערן זאָלן לעבן. אונדז זיינען מיר, אַדאַנק גאָט, געזונט, גיב גאָט דאָס זעלבע פון אייך צו הערן. די אורזאַך וואָס איך האָב אייך ניט געשריבן ביז איצט איז, כ׳האָב אייך ניט געוואָלט מצער זיין. איך מוז אייך אָבער שרייבן, אַז איך האָב צרות פון ביילקען. זי איז שיר ניט געבליבן אין מיטן וועג. עס האָט זיך איר פאַרוואָלט צו באַקוקן דעם בריסקער וואָקזאַל. די באַן האָט שוין געהאַלטן ביי אָפּגיין, און ניטאָ ביילקע. איר קענט זיך שוין פאַרשטעלן ווי מיר איז געווען אויפן האַרצן. כ׳האָב זי קוים מיט צרות אָפּגעזוכט.

„און דאָ אין וואַרשע האָב איך פון איר נאָך גרעסערע צרות. פּריי־טיק צו נאַכטס איז געווען אַזאַ מעשה: עס איז געוואָרן שפּעט, אונדז אַלע זיינען שוין לאַנג געקומען פון שול, אָפּגעגעסן, אָפּגעבענטשט, און ביילקע איז נאָך נישטאָ פון דער אַרבעט. איך לויף העגדום־פּעגדום זי זוכן. און וואו מיינט איר געפין איך זי? אויפן ראָג זלאָטע און מאַר־שאַלקאָווסקע גאַסן. זי האָט זיך פאַרקוקט אויף די גאַסן־פרויען מיט די גרויסע היט און פאַווע־פעדערן. זי האָט נאָר געוואָלט וויסן, פאַרוואָס זיי פאַרטשעפּען מענער אויפן גאַס און פאַרוואָס זיי שלעפּן זיך אַרום איבער די גאַסן, הין און צוריק.

„אונדזער ביילקע איז צופיל טשיקאַווע. איך האָב מורא עס זאָל איר, חלילה, קיין שלעכטס ניט געשען. איך אַרבעט לאַנגע שעה׳ן און קען זיך מיט איר ניט אָפּגעבן. דערום בעט איך אייך, מיינע ליבע עלטערן, איר זאָלט גלייך אויספאַרקויפן די שטוב מיט די מעבל און קומען קיין וואַרשע. איך וועל אייך אין גיכן שיקן אויף הוצאות. פון מיר, אייער געטרייער זון אהרן״.

„איבערגעלייענט אהרנס בריוו, איז דוד געוואָרן אַ פאַרציטערטער. זיין פּנים איז געווען בלייך ווי די וואַנט. ער האָט זיך פאַרקייכט אין

אַ הוסט. „שרייב איר זי זאָל גלייך קומען אַהיים", האָט ער געזאָגט צווישן איין הוסט און אַ צווייטן.

„רעד ניט קיין נאַרישקייטן, דוד. מיר וועלן פאָרן קיין וואַרשע צו די קינדער. ביילקע דאַרף אונדז האָבן", האָט פראַדל געזאָגט און אונ־טערגעלייגט שפּענדלעך אויפן פייער, וואו די וועטשערע האָט זיך גע־קאָכט אויפן פּריפּעטשיק.

די טיר האָט זיך האַסטיק געעפנט און חיים איז אַריינגעקומען. פון דער אַרבעט. ער האָט אָנגעקוקט די עלטערן און געפרעגט:

„וואָס זייט איר צעטראָגן? וואָס האָט פּאַסירט?

„גאָרניט, אָט גיי, מיין קינד, וואַש זיך צום עסן", האָט פראַדל געזאָגט און אַוועקגעלייגט אויפן טיש די צוויי בריוו צוזאַמען מיט אַ לעבל ברויט.

חיים האָט איינגעגראָבן זיינע אויגן אין די בריוו, פריער אין ביילקעס, דערנאָך אין אהרנס. אַ קלוגער שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף זיינע ליפּן. „איך זע, אַז ביילקע קריגט איר ערשטע לעקציע אין וואַר־שע", האָט ער געזאָגט.

„דו מיינסט, זי לערנט מיט אהרנען בלק", האָט די מאַמע געזאָגט מיט אַ געמאַכטער רואיקייט.

„אַז ער פאַרשטייט ניט זיין שוועסטער, טאָ ווער איז שולדיק?", האָט חיים געענטפערט.

„פון די אַלע רייד וועט גאָרניט זיין. בלי נדר, נאָך שבת פאָרן מיר אַלע קיין וואַרשע", האָט די מאַמע געזאָגט מיט אַ פעסטן טאָן.

„אַבי איך האָב געמיינט, אַז איך וועל פאָרן אַפריער", האָט חיים געזאָגט און זיך געריבן די הענט פאַר צופרידנקייט.

„פאָרט אייך געזונטערהייט אָן מיר. וואו וועל איך זיך שלעפּן אויף דער עלטער?" האָט זיך דער טאַטע געבעטן.

„דוד, דו פאָרסט מיט", האָט פראַדל געזאָגט, און לויט איר פעסטן טאָן האָט שוין דוד געוואוסט, אַז ער פאָרט קיין וואַרשע.

„וואָס־זשע וועלן מיר טאָן מיט דער שטוב?" האָט ער געפרעגט באַזאָרגט, ווי ער וואָלט דאָ איבערגעלאָזט אַ טייערע, לעבעדיקע זאַך.

„עס איז ביי מיר רעכט, אַז מיר זאָלן איבערגעבן די שטוב צו ישראלן און מיכליען. זיי מוטשען זיך נעבעך מיט צוויי קליינע קינדער

אין אַן אַלקער. ער אַרבעט אין הוטע, ווען ער אונדז ביסלעכווייז אויס־צאָלן".

ס'איז געווען קענטיק אויף איר מאַמעשן פּנים, אַז זי האָט הנאה געהאַט פון איר פּלאַן.

„לאַנג לעבן זאָלסטו, מיין ווייב, פאַר דיין גוט האַרץ. זאָל טאַקע די שטוב בלייבן אין דער משפחה", האָט דוד זיך צעשמייכלט און אַ מחיהדיקן קרעכץ געטאָן.

זיי האָבן זיך גענומען קלייבן אין וועג אַריין.



# אין דער יידישער וואַרשע

אין אַ שמאָלער וואַרשעווער הינטער־געסל, דוכט זיך לוצקער גאַס, אַרום דער ברייטער יידישער גזשיבאָוו גאַס, וואו עס שטייט דער הויכער פוילישער קאָשטשיאָל, האָבן געוואוינט אָרעמע קריסטלעכע און יידישע פאַמיליעס. אויף ביידע זייטן גאַס זיינען געלעגן האַלב־צעפוילטע ברעטער, וואָס האָבן געדינט ווי טראָטואַרן. אין מיטן איז די גאַס געווען ברוקירט מיט שפּיציקע שטיינער. אַז אַ דראָזשקע פלעגט אַמאָל דורכפאָרן, פלעגן די פערד מיט זייערע אייזערנע קאָפּיטעס אָנמאַכן אַזאַ טומל און בראַזגעריי, אַז די הילצערנע שטיבער, געוועלבער, טירן און פענצטער פלעגן זיך טרייסלען.

אין איינער פון אָט־די שטיבער האָט זיך ביילקעס משפחה אַריינגעצויגן. אהרן האָט באַצאָלט פינף און דרייסיק רובל פאַר זעקס חדשים דירה־געלט, אויסגעקלעפּט די ווענט מיט נייעם שפּאַליער, וואָס האָט געהאַט גרויסע רויטע בלומען מיט גרינע בלעטער. ביילקע האָט געקויפט אויף אַ ליצעטאַציע אַלטע מעבל: אַ טיש, בענק, הילצערנע בעטן און אַ פּאָר שטולן. זי האָט אָפּגעוואַשן די הילצערנע פּאָדלאָגע, אויפגעהאַנגען ווייסע פאָרהענגלעך אויף די צוויי פענצטער — און עס איז געוואָרן אַ נייע היים פאַר דער גאַנצער משפחה.

אויף איין פענצטער האָט ביילקע קיין פאָרהענגל ניט אויפגעהאַנגען. יענעם פענצטער האָט אהרן געהאַט פאַרדונגען צו אַ יידישן שוסטער נאָך איידער טאַטע־מאַמע זיינען געקומען קיין וואַרשע. דער שוסטער, וואָס זיין נאָמען איז געווען כאַצקל, — אַן עלטערער מענטש מיט אַ צעקאָרבטן פּנים און אַ שוואַרץ־צעוואַקסענער באָרד, האָט געדאַרפט העלפן דער משפחה צאָלן די דירה־געלט.

די שטוב איז באַשטאַנען פון צוויי קליינע צימערן מיט אַ געוועלב, וואָס האָט געהאַט אַ טיר אין גאַס אַרויס און האָט אויסגעזען ווי אַ היימישע שטאָל.

ווען טאַטע־מאַמע און די ברידער זיינען אַריינגעקומען מיט די

קאַרזינקעס און פּעקלעך אין דער נייער וואוינונג, האָבן זיי זיך אָנ־געשלאָגן אָן אַ שוסטער־וואַרשטאַט, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר. ביי אַ גרעסערן פענצטער איז געזעסן אַ פּעטלעכער ייד מיט אַן איינ־געבויגענער פּלייצע און געטאָן דריי אַרבעטן — געצויגן דראַטווע, געקלאַפּט טשוועקלעך אין אַן אַלטן שוך און אונטערגעברומט אַ ניגון — אַ לידעלע פון יידישן טעאַטער.

דערזען די פרעמדע מענטשן, די „ליטוואַקעס", אַריינקומען, האָט ער איבערגעריסן דאָס קלאַפּן אין דער אַלטער פּאָדעשווע, אויך דאָס ניגעלע, וואָס ער האָט אונטערגעזונגען, אַוועקגעלייגט דעם האַמער מיט דער דראַטווע, אַרויסגענומען די טשוועקלעך פון מויל, זיך אויפגעהויבן פון בענקעלע, געבליבן שטיין און זיך איבערגעקוקט מיט די אַריינ־געקומענע געסט.

— שלום עליכם. עטץ זענט אהרנס עלטערן ? — האָט ער גע־פרעגט און דערלאַנגט דעם טאַטן זיין האַרטע צעשפּרייטע פאַרשמירטע האַנט.

— עליכם שלום, — האָט אים דער טאַטע געגעבן זיין ווייך־אָדערדיקע האַנט און אָפּגעמאָסטן מיט די אויגן כאַצקלס קורצן ברייט־לעכן גוף אין לעדערנעם פאַרטוך, וואָס האָט אים געמאַכט אויסזען נאָך קירצער און ברייטער ; ער האָט זיך געוואונדערט וואָס דער שוס־טער טוט דאָ.

כאַצקל האָט אָנגעקוקט די געסט מיט זיינע פריילעכע אויגן, דער־פילט טשיקאַווע בליקן אויף זיך. און זאָגט : „זייער זון אהרן האָט מיר פאַרדונגען דעם „פענצטער". עס וועט זיין היימלעכער און ביליקער פאַר אונדז אַלע". ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בענקעלע און צוריק גענומען קלאַפּן אין דער פּאָדעשווע און אונטערברומען דאָס לידעלע „אַ בריוועלע דער מאַמען".

— מסתמא איז דאָ אַזאַ מאָדע אין וואַרשע צו פאַרדינגען „פענצ־טער", זאָגט די מאַמע און גייט אַריין אָנקוקן דעם צווייטן צימער.

— מילא, נו, — זאָגט דער טאַטע און גייט איר נאָך, בשעת־מעשה באַטראַכט ער יעדעס ווינקעלע פון קליינעם צימער, וואָס דאַרף דינען פאַר אַ אַלקיר צום שלאָפן, אַ קיך צום קאָכן און אַ חדר צו לערנען מיט קינדער.

— אַ טיש מיט בענק איז שוין דאַנקען גאָט דאָ. איצט דאַרף איך מיט גאָטס הילף זען קריגן יינגלעך, — האָט דער טאַטע געזאָגט אַרויס־קוקנדיק דורך די קליינע שייבעלעך פון דעם איינציקן פענצטער, וואָס

איז אַרויס אין אַ פרעמדן גרויען קאַלטן הויף. דער הויף איז אויסגע־לייגט מיט ברייטע שאַרסטקע ברעטער, און באָרוועסע גויאישע קינדער, לויפן איבערן הויף, שרייען און טומלען אויף אַ פרעמדער שפּראַך. מען זעט ניט קיין גרעזל, קיין ביימעלע. אַ גרויער כמורנער הימל הענגט איבער די דעכער. עס באַפאַלט אים אַ נאַגנדיקע בענק־שאַפט נאָך זיין קליינעם גרינעם שטעטעלע טעלעכאַן, וואו ער האָט זיינע וואָרצלען געלאָזן. „געבעטן זיך ביי איר, זי זאָל מיר לאָזן פאַר־בלייבן אין טעלעכאַן", זאָגט ער אין אַ שטילן פּראָטעסט, און קערט זיך אָפּ פון פענצטער.

— דער טאַטעשי וועט ניט דאַרפן קנעלן. אונדז קינדער וועלן אַר־בעטן און אויסהאַלטן דאָס באַלעבאַטישקייט, — האָט אהרן געזאָגט, און זעענדיק דעם טאַטנס פאַרזאָרגטן פּנים, האָט ער צוגעגעבן: „אויב דער טאַטעשי וויל דווקא יאָ לערנען מיט קינדער, וועל יאָך שאַפן יינגלעך. וואַרשע איז אַ יידישע שטאָט און עס זיינען דאָ פאַראַן גענוג יידישע קינדער אָן עין־הרע. זאָל זיך דער טאַטעשי ניט זאָרגן...

— שטאַרבן און קנעלן פאַרזאַמט מען אין ערגעץ ניט, — זאָגט די מאַמע, און נעמט זיך פאַנאַנדערפּאַקעווען די פּעק מיט די קאָר־זינקעס.

— מאַמעשי, ס׳וועט אינדז דאָ זיין גיט ווי די וועלט! זאָלן מיר אַלע באַידע אַזוי לעבן, — איז חיים אַריינגעלאָפן אַ פריילעכער.
— קים! כ׳וועל דיר עפּעס וואוז, — האָט ער געשפּאַסט פון דעם וואַרשעווער יידיש, און אַריינגעפירט די מאַמע אין אַ דריט צימערל. דאָרטן זיינען קיין פענצטער ניט געווען. אַ טיר האָט געפירט אין שמאָלן געסל אַרויס. ער האָט געעפנט די טיר און זיך געפונען אויף אַ הילצערנעם טראָטואַר. אַ פאַרדומפּטע טוכלעקייט האָט אַ שלאָג געטאָן אין נאָז.

— אָט־דאָ, מאַמעשי, וועסטו האָבן דיין געוועלב. כאַצקל האָט מיר דערציילט, אַז אהרן פלאַנעוועט צו עפענען פאַר דיר אַ „געשעפט". אַ פאַטשאַנטעק האָט ער שוין געמאַכט. אָט זעסטו דעם סלאָי אויפן טיש מיט די צוקערלעך? ער האָט שוין באַשטעלט אַ מאַן, וואָס וועט ברענגען מאָראָזשענע (אייז־קרים) און זיסע זעמל. וועסטו שוין לייזן ביי די קינדערלעך צווייערס און דרייערס.

— וואו האָסטו איבערגענומען אַזוי גיך דעם וואַרשעווער לשון?
— וואונדערט זיך די מאַמע.

— דאָס האָב איך מיך אָנגעשטעקט פון מיין ברודער, — האָט ער געלאַכט. אהרן האָט געשמייכלט מיט אַ קינדיש־גוטן שמייכל.

די מאַמע איז אַריין צוריק אין דער „שטוב", וואו עס האָט געדאַרפט זיין אַ קיך, אַ שלאָפצימער און אַ חדר. זי האָט געהאָלפן דעם טאַטן אויספּאַקן די ספרים, אַרויסגענומען איר קרבן מנחה און געזוכט מיט די אויגן איבער די ווענט אַ פּאָליצע. עס איז ניט געווען צו געפינען.

— ווערסטו מוזן, מיין זון, קויפן אַ ספרים־שאַפע, — האָט גע־זאָגט דער טאַטע. אַנלייגנדיק אויפן טיש אַלץ מער ספרים.

— אַוודאי, טאַטעשי. נאָך היינט וועל איך עס באַזאָרגן, — האָט אַהרן געזאָגט און גענומען זיך איילן אַוועקצוגיין. ער האָט אַ דריי געטאָן זיין דאַשיק אויף אַ זייט און גענומען שפּאַנען גיך איבער די צוויי צימערלעך; עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ איילט זיך אין אים. זיינע פון אַרבעט פאַרשוואַרצטע הענט, די קורצע אָפּגעטראָגענע מאַ־רינאַרקע מיט די אויסגעריבענע עלנבויגנס, זיין קליין וואַרשעווער היטעלע מיטן דאַשיק — אַלץ איז געווען אין באַוועגונג.

— מיר האָבן ניט גענוג אַרבעטאָרער, — האָט ער געזאָגט, — דער מייסטער איז פאַרוואָרפן מיט אַרבעט. יאָן איז היינט ניט גע־קומען. ער איז נעכטן אַרונטער אין זשאַנצעס קעלער פאַררייכטן אַן אייזערנע וואַסער־רער, דערזען אַ פעסל ווייַן שטיין, האָט ער זיך גוט אָנגעטרונקען. איצט ליגט ער טויט־שיכור. מיין מייסטער איז ניט קיין געזונטער מענטש, פון אַלץ נעמט ער זיך צום האַרצן. האָט ער מיך געמאַכט פאַר זיין אויפזעער איבער אַלע אַכט אַרבעטער, יאָך מוז שוין גיין זיי פאַנאַנדערשיקן צו דער אַרבעט.

געזאָגט האָט עס אהרן מיט שטאָלץ. חיימען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ס'הערט זיך אין זיינע ווערטער באַרימעריי.

— יאָ! טאַקע, — האָבן זיך טאַטע־מאַמעס פּנימער צעשיינט.

חיים האָט אָנגעקוקט זיין ברודער מיט אַ שטיקל פאַרוואורף. ער האָט זיך געווענדט צו אים און שטעכיק אַ זאָג געטאָן: — איך וויל זאָלסט מיך מיטנעמען צו דיין שלאָסאַרסקער אַרבעט. איך וויל אָבער זיין אַ פּשוטער אַרבעטער, ניט קיין אויפזעער. — די ברידער האָבן זיך שאַרף איבערגעקוקט. אַ קאַלטקייט האָט זיך געטראָגן צווישן זיי.

די מאַמע האָט דאָס באַמערקט. איר מאַמעשער אינסטינקט האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז עס איז נישטאָ קיין צופיל ליבשאַפט צווישן די ברידער, ווי עפּעס אַ קאַלטע, פרעמדע וואַנט וואָלט צווישן זיי גע־

שטאַנען. זי האָט אַ שטילן זיפץ געטאָן און געזאָגט: — אַז קינדער זיינען דאָס גאַנצע לעבן אָפּגעריסן איינס פון צווייטן, טאָ ווי קען זיין אַנדערש?

די זין האָבן זיך געמאַכט ניט הערנדיק דער מאַמעס באַמערקונג. אינגיכן האָבן זיי פאַרלאָזן די שטוב, און האַסטיק צוגעמאַכט הינטער זיך די טיר.

עטלעכע טעג שפּעטער איז די מאַמע געוואָרן אַ פאָלגער גע־שעפטס־מענטש. דעם גרעסטן טייל פון טאָג איז זי געשטאַנען אין געוועלב — און ווי חיים האָט פאָראויסגעזאָגט — געלייזט צווייערס און דרייערס פון שכנישע קינדער.

אין עסצימער האָט כאַצקל דער שוסטער געקלאַפּט מיטן האַמער אין אַלטע פאַדעשוועס און געזונגען „מאָראַלישע לידעלעך” פון יידישן טעאַטער.

אין דריטן און לעצטן צימער, האָט דער טאַטע געקנעלט מיט יינגלעך, געהוסט, זיך אָנגעשטרענגט צו פאַרשטיין זייער מאָדנעם וואַר־שעווער יידיש און זיך געערגערט וואָס די יינגלעך דאָ, פונקט ווי אין טעלעכאַן, האָבן „גראָבע קעפּ” און ווילן ניט לערנען. דערפאַר האָט אים הנאה געטאָן, וואָס אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי וואַרשע, טראָגן אַפילו קליינע יינגלעך לאַנגע קאַפּאָטעס מיט געקרייזלטע פאות, און ברענגען צוטראָגן אַלע דאָנערשטיק דעם פולן שכר־לימוד אין חדר אַריין.

## זי האָט ניט געוואוסט . . .

ביסלעכווייז האָט זיך דודס משפּחה אָנגעהויבן אַריינוואַקסן אין דער נייער סביבה. צום שווערסטן איז דאָס אָנגעקומען טאַקע דודן אַליין. געבוירן און אויסגעהאָדעוועט אין אַ דאָרף, האָט ער זיינע דער־וואַקסענע יאָרן געלעבט אין טעלעכאַן; פּינסק איז געווען די גרעסטע שטאָט, וואָס ער האָט ווען עס איז געזען. איצט, אין וואַרשע, האָט אים אויסגעפּעלט דאָס רואיקע און געמיטלעכע פונעם קליינשטעטלדיקן לעבן.

איינמאָל איז ער צוגעשטאַנען צו דער מאַמען מען זאָל זיך אַרי־בערקליבן אין אַ אמת־יידישער געגנט. עס איז אים ניט גוט צו וואוינען דאָ מיט גויים אינאיינעם אין אַ געמישטער געגנט. ער קען זען פון זייערע פנימער, אַז זיי מאַכן חוזק פון אים מיט זיין לאַנגער יידישער קליידונג. אַ פּאָר מאָל, קומענדיק פון בית־המדרש האָבן אים

כוליגאַנעס פּאַרטשעפּעט, געריסן די קאַפּאָטע, געשלעפּט אים פּאַרן גאַרטל. ער וויל דאָ מער ניט וואוינען.

די מאַמע האָט געטענהט, אַז אין די פּאָר חדשים וואָס מען איז דאָ, האָט זי איינגעבראָכן דאָס געוועלב, אַז די צוויי־דריי רובל אַ וואָך, וואָס זי לייזט, העלפֿט מיט דער פּרנסה. ביילקע פֿאַרדינט טאַקע צען רובל אַ וואָך, און חיים צוועלף. אָבער זי וויל ניט נעמען קיין קינדערשע געלט, ווייל זיי וואַקסן און דאַרפֿן דאָס געלט פֿאַר זיך. מיט גאָטס הילף, מיט דער צייט וועט זי אַריינגעמען אין קראָם שפּייז־פּאָווידלע, קעפּלעך פֿון הערינג, כאַלוואַ און געווינדזלטע פֿישן, וועט עס ווערן אַ גוט „געשעפֿט".

אהרן האָט געטענהט אַז אים איז דאָ גאָענט צום מייסטער ביי וועמען ער עסט, שלאָפֿט און אַרבעט.

ביילקע איז אויך געווען קעגן אַריבערציען זיך אין אַ יידישער געגנט. ערשטנס, דאָ צווישן די עטלעכע גויאישע שכנים און די קריסטלעכע מיידלעך, מיט וועלכע זי אַרבעט, לערנט זי זיך ריידן די פּוילישע שפּראַך; צווייטנס, גייט זי אַלע טאָג צופֿוס צו דער פּראַצאָווניע, און פֿאַרשפּאָרט אויסגעבן געלט אויף צו פֿאָרן אַלע טאָג מיטן טראַמוויי.

חיים האָט אויך ניט געוואָלט אויפֿגעבן די דירה. דאָ איז אים באַקוועם צו זיצן דורך די נעכט אין דער מאַמעס געוועלבל און שרייבן דערציילונגען. און וואָס איז עפּעס וועגן כאַצקל דעם שוסטער, וועלכער העלפֿט צאָלן די דירה־געלט און מאַכט פֿריילעך מיט זיינע טעאַטער־לידעלעך, וואָס ער זינגט?

נאָך לאַנגע רייד און דינגענישן מיטן טאַטן איז געבליבן, אַז מען זאָל דערווייל איבערזיין דאָ דעם ווינטער. „אַז גאָט וועט העלפֿן און לאָזן לעבן, צו פֿרילינג־צו, וועט מען זען", אַזוי האָט די מאַמע געזאָגט און אַזוי איז עס געבליבן.

***

אין אַ קאַלטן ווינטער־ביי־טאָג איז ביילקע געקומען אַהיים מיט רויט־פֿאַרוויינטע אויגן. איר רויט נעזל האָט געגלאַנצט פֿון קעלט. זי האָט אויסגעמיטן קוקן אויף די שטוביקע מענטשן.

— וואָס האָט פּאַסירט, „פּלאַקסע"? — איז די מאַמע איר אַנטקעגנגעקומען אַ ביסל מיט שרעק נאָר מער מיט חוזק. ביילקע האָט ניט געענטפֿערט. עס האָט איר ווי געטאָן, וואָס זי קאָן ניט געפֿינען די ריכטיקע ווערטער, און איבערגעבן וואָס עס טוט זיך ביי איר אויפֿן האַרצן.

— געמיינט אַז דאָ אין וואַרשע וועסטו שוין ווערן אַ מענטש, פריי־לעך, לעבעדיק, ווי אַ מיידל אין דיינע יאָרן באַדאַרף צו זיין. און דו „פלאַקסעוועסט" נאָך אַלץ! דו פאַרגעסט אַז דו פאַרדינסט דאָ אין איין חודש מער ווי אין טעלעכאַן אין אַ גאַנץ יאָר! דיין טאַטע פאַרדינט דאָך ניט אַזויפיל. אַדאַנק גאָט, דו קליידסט זיך שענער, עסט בעסער ווי אין טעלעכאַן. ווען ניט דיין שטענדיקער פאַרצאָגט זיין, וואָלסטו דאָך געווען אַ שיינהייט. אַלע זאָגן מיר, אַז דו ביסט שיין און האָסט זייער שיינע אויגן, נעמסטו און מאַכסט זיי רויט פון וויינען!

ביילקע האָט נאָך אַלץ ניט געענטפערט, האָט די מאַמע אַ בייזן קוק געטאָן אויף איר און געזאָגט: „ווילסט ניט ריידן, דאַרף מען ניט. וואַש אָפּ דיין פּנים, עס אָפּ און גיי צו דער אַרבעט". זי האָט אַוועקגע־שטעלט פאַר איר אַ שיסעלע זופּ־באָבעלעך מיט קליסקעלעך, פון וועלכע עס איז געגאַנגען אַ געשמאַקע פּאַרע.

דאָס טיר־גלעקל האָט אַ פּאָר מאָל אַ קלונג געטאָן.

אַ קליין קריסטלעך מיידעלע מיט זייער העלע האָר, ווי טרוקענע שטרוי אין האַרבסט, און העל־בלויע אייגעלעך, אין אַ אָפּגעטראָגענעם ווינטער־מאַנטעלע, איז אַריינגעקומען אין געוועלבל. די מאַמע איז שנעל אַריין אין געוועלב, זען וואָס דאָס קליינע קונהטע וויל.

— „צוקערקאַ", — האָט דאָס מיידעלע געזאָגט און געוויזן דער מאַמען אַ צווייער (צוויי קאָפּיקעס) אין איר הענטל.

די מאַמע האָט אַרויסגענומען פון אַ גרויסן גלעזערנעם סלאָי עט־לעכע צוקערקעס, דערלאַנגט איר אין איין הענטל און פון דער צוויי־טער צוגענומען די צוויי קאָפּיקעס, אַריינגעטאָן אין אַ הילצערן פּוש־קעלע, וואָס איז געשטאַנען אונטערן טיש, און איז אַריין אין דער צוויי־טער שטוב זען צי עסט ביילקע איר וואַרמעס. כאַצקל, האָט געצויגן די דראַטווע און אונטערגעברומט אַ לידעלע.

— אָט אַזוי האָב איך דיך ליב. וויפל מאָל האָט שוין דיר חיים געזאָגט, אַז מיט טרערן קען מען גאָר ניט אויפטאָן?, — האָט די מאַ־מע זי געמוסרט.

— איך האָב ניט געוויינט, — האָט ביילקע געזאָגט פאַרשעמט, — איך האָב געזען אַן עלטערן יידן וויינען, איז מיר געוואָרן טרויעריק אויפן האַרצן.

— וואָס־זשע, ס'איז געווען אַ לוויה אויף דער גאַס? — האָט די מאַמע געפרעגט.

ביילקע האָט ניט געענטפערט. זי האָט זיך צוגעהערט צום טאַטנס באַקאַנטן קול, ווי ער האָט געלערנט מיט די חדר־יינגלעך.

— מאַמע, ביסטו אַמאָל געווען אין זאַקסישן גאָרטן? — האָט ביילקע פלוצלונג אַ פרעג געטאָן, פאַרשנדיק מיט אירע פאַרטראַכטע אויגן.

— אַוודאי בין איך געווען, — האָט די מאַמע געענטפערט. — זומער גרינט דאָרטן דאָס גראָז, עס וואַקסן בלומען און אַלטע הויכע בוימער ווי אין טעלעכאַן. צוליב וואָס פרעגסטו דאָס? — האָט די מאַמע געפרעגט.

— אָבער דער טאַטע קען אַהין קיין מאָל ניט אַריינקומען, — האָט ביילקע געזאָגט, און פיינלעך פאַרביסן אירע ליפּן. — דער טאַטע טראָגט דאָך אַ קאַפּאָטע מיט לאַנגע פאות, וועט מען אים ניט אַריינלאָזן אין גאָרטן.

— דו מיינסט, מיין קינד, די שילד, וואָס איז אָנגעקלאַפּט אויפן טויער, אַז ניט־אייראָפּייאיש־געקליידטע יידן טאָרן ניט אַריין אַהין? — איז דער מאַמעס צעקנייטשט פּנים געוואָרן ווי מיט אַ וואָלקן פאַרצויגן, גאָר ווי אַמאָל, אין דער שווערער אויסקומעניש.

— יאָ, מאַמע. איך האָב היינט געזען אַ שרעקלעכע זאַך. ווייסט דאָך אַז עס זיינען דאָ אין גאָרטן פיר טויערן, וואָס גייען אַרויס אין פיר באַזונדערע פּאַראַדנע גאַסן. אויף יעדן טויער איז אָנגעקלאַפּט אַ שילד, אַז אַלטמאָדישע יידן איז פאַרבאָטן אַריינצוגייען אין גאָרטן. היינט האָט זיך מיר גראַדע פאַרוואָלט צו גייען דורכן גאָרטן. ווען איך בין צוגעקומען צו דעם מאַרשאַלקאָווסקי גאַס־טויער האָב איך פלוצלונג דערהערט אַ ווייטיקדיקן אויסגעשריי „אוי". אַ פּאָליציאַנט איז געשטאַנען און געשטורכעט מיט זיין רעוואָלווער אַן עלטערן יידן מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע, וואָס האָט געוואָלט אַריינגייען אין גאָרטן. מסתמא איז דער ייד פון דער פּראָווינץ, און אפשר קען ער ניט לייענען די שילד וואָס איז געשריבן אין רוסיש און פּויליש. דער ייד זעענדיק דעם פּאָליציאַנט מיטן אָנגעשטעלטן רעוואָלווער אויף אים האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. שרעק איז געלעגן אין זיינע אַרויסגעסטאַרטשעטע אויגן. ער איז אָפּגעשפּרונגען פון טויער און טרייסלענדיק זיך מיט אַלע אברים האָט ער געשעפּטשעט: פּשעפּראַשאַם, פּשעפּראַשאַם פּאַן. ער איז אַוועק מיט אַ זייטיקער גאַס. מיר האָט זיך געדאַכט אַז ער האָט געוויינט, געווישט די אויגן מיט דער פּאַטשיילקע און געוויינט. ניט ווילנדיק זיינען מיר אויך געקומען טרערן אין די אויגן".

און ווי פריער אויפן גאַס, צוקוקנדיק די סצענע מיטן יידן ביים טויער, האָט זי דערפילט ווי אַ קנופּ אין האַלדז האָט איר גענומען שטיקן. זי האָט זיך אויפגעהויבן צו גיין.

— וואָס זאָל מען טאָן, אַז יידן זיינען אין גלות? — האָט געזאָגט דער טאַטע, וועלכער איז איצט געזעסן ביים טיש און געטונקט דאָס האַרטע ברויט אין זויער־מילך, עס זאָל אים זיין גרינגער צו קייען.

— יאָך גיי מיך קורץ געקליידעט ווי אַ דאַטש. יאָך שפּאַציר מיך אין זאַקסישן גאָרטן ווען עס גליסט מיר. כ׳האָב דעם קאַצאַפּ אין דער אדמה. — האָט געזאָגט כאַצקל און ווי שטענדיק צוגעקלאַפּט מיטן האַמער.

— עס ווערט שפּעט, —האָט געזאָגט די מאַמע וואַרפנדיק אַ קוק אויפן אַלטן וואַנט־זייגער.

ביילקע איז נאָך געשטאַנען אַ פּאָר מינוט ביים טיר און געשוויגן. עס האָט זיך איר געדוכט, אַז אַלץ אין שטוב האָט געאָטעמט און גע־קוקט אויף איר מיט אַלטקייט. דער חדר, די אַלטע פאַרגעלטע ספרים. העוויות פון די מענטשן, דער מאַמעס אויסגעבויגענע פּלייצע, און דעם טאַטנס ציינלאָזער מויל... דאָס בערגל אַלטע שיך מיט די לעכערדיקע פּאָדעשוועס, וועלכע זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן ביים שוסטער־וואַר־שטאַטל. אַלץ האָט געריידט פון אָפּגעלעבטקייט און אַלטקייט. זי האָט אין געאייל אָן עפן געטאָן די טיר און אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

אין גאַס האָט זי דערפילט די קילע פייכטע לופט אויף איר הייסן פּנים, און האָט פריי אָפּגעאָטעמט. דעם גאַנצן וועג, גייענדיק צו דער אַרבעט, האָט זי געקלערט פון אַ סך זאַכן. אירע געדאַנקען זיינען גע־ווען שווער און ניט קלאָר. עס איז איר געשטאַנען פאַר די אויגן דער פּאָליציאַנט מיטן שטאַרק־צעשראָקענעם ייד. דער אומבאַקאַנטער ייד וועלכער איז אַ באַלײדיקטער, אַ צעקוועטשטער אין טויט־שרעק אַנט־לאָפן, זיך אויסגעמישט מיט די פאַרהאָרעוועטע, פאַריאָגטע „גאַס־מענטשן" איז ער ערגעץ אַנטרונען געוואָרן. עס איז איר געקומען אויפן זינען נאָך אַ שילד — וועגן הינט. הייסט עס, אַז הינט און יידן איז פאַר־באָטן אין גאָרטן? זי האָט זיך געוואונדערט: ווער האָט עס אָנגעג־קלאַפּט אויפן טויער? ווי לאַנג נאָך וועט דאָס דאָרטן הענגען? זי האָט ניט געוואוסט, אַז אין קורצע דרייסיק יאָר שפּעטער וועט ווערן אַ „וואַרשעווער געטאָ" און אַז טויזנטער יידן, אַריינגערעכנט איר ברודער אהרן מיט זיינע קינדער און קינדס־קינדער, וועלן זיך שלאָגן אויף די וואַרשעווער גאַסן מיטן ביטערסטן שונא, וואָס יידן האָבן ווען

געהאַט — מיטן פּאַשיזם. נייך, זי האָט ניט געוואוסט אַז איר ברודער אהרן, וועלכער האָט ניט געקענט ווײ־טאָן אַ פליג אויף דער וואַנט, וועט זיך קעגנשטעלן דעם גרעסטן שונא, וואָס די מענטשהייט האָט געהאַט — די היטלעריסטן, ימח שמם.

זי האָט ניט געוואוסט, אַז ער מיט זיין פאַרצווייגטער משפחה וועט אַריין אין דער היסטאָרישער מאַרטיראָלאָגיע פון דער „וואַרשעווער געטאָ". זי האָט ניט געוואוסט, אַז זיין בלוט וועט העלפן אָפּוואַשן די עקלהאַפט־פאַרשריבענע שילדן אויף די טויערן פון וואַרשעווער זאַקסישן גאָרטן. זי האָט אויך ניט געוואוסט אַז דורך זיין מאַרטירער־טויט וועט אויפלעבן אַ נייע פוילן. אַ ניי לאַנד, וואָס וועט באַהאַנדלען אַלע אירע בירגער גלייך. באַהאַנדלען ניט וועדליק זייער קליידונג, שפּראַך, אָפּ־שטאַם און מאַניערן, נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפל זיי זיינען נוצלעך, שעפעריש און וויכטיק פאַרן לאַנד. אויף וויפל זיי קאָנען צוטראָגן צום וואוילזיין פון פאָלק, צו אַ יושרדיקן לעבן.

זי האָט ניט געוואוסט.

## חיים ווערט אַ שרייבער

אַ דריבנער ווייסער שנייעלע האָט זיך געדרייט אין דער לופטן און אַרונטערגעפאַלן צום נאַסן ברוק, געמאַכט די ערד אַזוי פייכט און גרוי, ווי גרוי עס איז געווען דער הימל יענעם טאָג.

די מאַמע איז געזעסן אין געוועלב און געוואַרט אויף קינדער־קונים. אירע אויסגעהאָרעוועטע הענט זיינען געלעגן אויפן טיש ווי צוויי עדות פון שווערער לאַנג־יאָריקער פּראַצע.

עס איז שוין געווען מיטאָג־צייט און קיינער האָט נאָך די טיר ניט געעפנט, קיין קאָפּיקע נאָך ניט איינגעלייזט.

שוין באַלד אַ יאָר אַז זי זיצט אין דעם געוועלבל און לייזט איין קופּערנע קאָפּיקעס. זומער־צייט איז דאָס לייזעכץ בעסער, קינדער עסן מאָראָזשענע, צוקערלעך־נאַשערייען. איצט איז קאַלט. עס לוינט זיך אָפילו ניט דעם טאָפּ קוילן, וואָס וואַרעמט דאָס קרעמל. זיצט זי און טראַכט, און טראַכטענישן זיינען דאָ אַ סך... ווי אַזוי האָט דאָס גע־קענט פּאַסירן, אַז זי זאָל זיך אַזויפיל אָפּרייסן פון מענטשן, פון טאָן צדקה? אַמאָל, אין טעלעכאָן, האָט זי געהאָלפן אָרעמע פאַמיליעס זיי זאָלן האָבן אויף שבת, חתונה געמאַכט אָרעמע, עלטערע מיידלעך,

אין שבתים און יום־טובים אַ „זאַגערקע״ געווען אין שול, און דאָ — ניט געשטראָפט זאָל מען ווערן . . .

נו, זיך אָפּגעגאַרט מיטן געוועלב. געמיינט עס וועט ווערן אַ גרויס געשעפט — אַ שפּייז־קראָם. עס וועט ווערן גרינגער די פּרנסה. דוד וועט ניט דאַרפן קנעלן מיט קינדער, שפּייען קלעק פון זיי. די וואַר־שעווער יינגלעך זיינען מער צעלאָזן ווי די טעלעכאַנער. אפשר דער־פאַר ווייל אַ סך אָרעמע מאַמעס זיינען „פּשעקופּקעס״, טאַטעס הענדלער, די קינדער האָדעווען זיך אויפן גאַס, ריידן מיאוסע רייד. ווער ווייס? דאָס לעבן איז דאָ אַזוי אַנדערשדיק, — קלערט זי, און דערמאָנט זיך וואָס דוד האָט אַמולטן געזאָגט „ווען גאָט העלפט מיר אויף די על־טערע יאָרן אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל, און אַוועקזעצן זיך לערנען תורה, וואָס נאָך וואָלט איך געבעטן ביי גאָט ברוך הוא?״ — ביים זאָגן „ארץ־ישראל״, האָט זיין פּנים אויפגעלויכטן. זי האָט אים געבעטן ער זאָל אויפגעבן דעם חדר, זיצן און לערנען דאָ, ווייל ער ניט אָנקו־מען צו קינדער.

די עוף־יויך, וואָס האָט זיך געקאָכט אויפן קאַכעלנעם אויוון, האָט פאַרשמעקט די שטוב. די מאַמע האָט זיך אויפגעהויבן, צוגע־גאַנגען צום אויוון, אויסגעמישט די יויך מיטן לעפל און פאַרזוכט: זיס ווי צוקער! טאַדרעס וועט זיך מחיה זיין מיט דעם, — האָט זי גע־זאָגט. טאַדרעס איז טאַקע אַ טעלעכאַנער. געקומען איז ער קיין וואַרשע צום דאָקטער, געזען דעם דאָקטער און נאָך איינעם, אַ גרעסערן, האָבן זיי ביידע אויסגעפונען, אַז ער האָט אַ ראַק אין בויך און אָפּגעשיקט אים אין שפּיטאָל. און מחמת טאַדרעס עסט ניט קיין טריפות, קאָכט זי אים אַלע טאָג עפּעס אַן אַנדער געקעכץ און טראָגט עס אין שפּיטאָל. ווייל וואָס איז דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן אויף דער וועלט? אויב ניט באַהילפיק זיין מענטשן און ניט טאָן מעשים טובים, לוינט ניט דאָס גאַנצן לעבן. איין טאָג ווען עס איז איר געוואָרן מיאוס־ומאוס צו זיצן אין קרעמל און וואַרטן אויף אַ קונה, האָט זי געמאַכט אַ חשבון־הנפש און עס איז איר גלייך געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן. זי איז אַוועק אין אַ שול, אויסגעפונען דעם אַדרעס פון דער חברה קדישא און ביקור־חולים, גענומען דעם טראַמווי, אַוועקגעפאָרן אין דער יידישער געגענט, ערגעץ אויף דזשיקא גאַס און זיך פאַרשריבן ביי זיי, באַקאַנט זיך מיט מענטשן. איצט טוט זי צדקה־אַרבעט, לעבט ווי אַ מענטש און העלפט אַנדערע.

דער וואַנט־זייגער האָט אויסגעשלאָגן דריי. די מאַמע האָט

פֿאַרשלאָסן דאָס געוועלב, אַריינגעלייגט די עוף אין טעלער, אַריינגע־גאָסן די זופּ אין אַ גלעזערנעם סלאָי און זיך געמאַכט פֿאַרטיק פֿאַר איר שליחות אין שפּיטאָל.

די טיר האָט זיך האַסטיק געעפֿנט און חיים איז אַריינגעקומען.

— וואָס עפּעס אין מיטן העלן טאָג? זע נאָר ווי עס גיסט זיך פֿון דיר וואַסער, ביסט דאָך אויסגעווייקט! — האָט די מאַמע אויס־געשריען.

חיים האָט געמאַכט עטלעכע טריט צום טיש. דאָס וואַסער אין זיי־נע שיך האָט געפּייפּט מיט יעדן טראָט. ער האָט אַרונטערגע־וואָרפֿן דאָס רעקל, אויסגעטאָן דאָס היטל פֿון קאָפּ, פֿאַרקאַטשעט די הויזן, אַרונטערגעצויגן די שיך פֿון די פֿיס, און געבליבן שטיין אין נאַסע שקאַרפּעטקעס.

די מאַמע האָט אַוועקגעשטעלט דאָס פּעקל עסן, אויסגעטאָן דעם מאַנטל, און האָט מיט זאָרג געפֿרעגט:

— וואָס האָט פּאַסירט?

— אַן אייזערנע וואַסער־רער האָט געפּלאַצט אין איינעם פֿון דעם מייסטערס הייזער, איז איידער מיר האָבן צייט געהאַט צוקומען צו דער צעבראָכענער רער, איז דער גאַנצער קעלער געוואָרן פֿאַרפֿלייצט מיט וואַסער, — האָט חיים דערקלערט, אַוועקגעזעצט זיך און גענומען אַרונטערציען די נאַסע שקאַרפּעטקעס פֿון די פֿיס. די מאַמע האָט אים געהאָלפֿן, אויסגעקוועטשט דאָס וואַסער און אויפֿגעהאַנגען זיי צום טרי־קענען.

— איך זע אַז דו איילסט זיך אַוועקצוגיין. מסתּמא אין שפּיטאָל, זען טאַדרעסן. טאַ גיי. ער קוקט געוויס אויס אויף דיר מיטן ביסל עסן, — האָט חיים געזאָגט, גענומען אַ בוך און זיך געמאַכט באַקוועם ביים אויוון.

— זאָג־זשע מיר, מיין זון, וואָס האָט געטראָפֿן? וואו איז אהרן? שוין ווידער עפּעס פֿאָרגעקומען צווישן אייך? — האָט זי געקוקט אויף אים מיט אירע פֿאַרזאָרגטע אויגן.

— אהרן איז אַן אויפֿזעער. ער העלפֿט דעם מייסטער ווערן נאָך רייכער, — האָט געזאָגט חיים, האַלטנדיק מיט איין האַנט דאָס בוך און מיט דער צווייטער — געווישט דעם נאַסן פֿוס.

אַ פּאָר מינוט איז געווען אַ געדריקטע שטילקייט. די מאַמע האָט געקוקט אויף דער טיר און געקליבן זיך גיין.

— הערסט, — האָט חיים פֿאַרגעזעצט, — יאַנעק און איך סטאַרען



שמואל גאַדינער

באַרימטער ייִדיש־סאָוועטישער שרייבער, ברודער פון אסתר מילער

זיך צו דערלאַנגען צו דער צעשפּאָלטענער וואַסער־רער, מיטאַמאָל הערן מיר אהרנס קול: — „אַ כאָליערע! וואָס באַלעמוטשעט איר דאָרטן מיט פּוסטע רייד?"

— און וואָס מיינסטו האָב איך גערעדט? איך האָב נאָר געזאָגט, אַז מיר מוזן פאָדערן פון מייסטער ער זאָל אונדז קויפן הויכע שטיוול. אַז קורצע שיך זיינען ניט צוגעפּאַסט צו אַרבעטן אין אַ קעלער וואַסער, וואָס דערלאַנגט ביז די קני.

— אַ שלעכטער, קאַרגער מענטש דער חיים פּוקס. עס אַרט אים ניט אַז אַרבעטער וועלן זיך פאַרקילן, קריגן לונגען־אַנטצינדונג און שטאַרבן. ניט קראַנק איז ער קויפן הויכע שטיוול פאַר אַזאַ קאַטאָרזש־נער אַרבעט?! בישקשה, ער איז געננוג רייך, פאַרמאָגט אַ סך הייזער אין שטאָט. אהרן אַרבעט שוין פאַר אים אַכט יאָר פאַרן עסן און שלאָפן, זיין געלעגער אויפן „גאַלערייקע" (באַלקאָן) אַך און וויי נעבעך. — די מאַמע האָט אָפּגעזיפצט, אָנגעטאָן דאָס שוואַרצע אָפּגעטראָגענע מאַנטל, גענומען דאָס פּעקל עסן, אַ הויב געטאָן אירע אויגן אויפן וואַנט־זייגער און געזאָגט: עס ווערט שפּעט. איך מוז גיין אין שפּיטאָל. זע מיין זון, זאָלסט זיך גוט אויסטריקענען איידער דו גייסט אַרויס אין גאַס. עס איז היינט אַ שלעכטער, פייכטער וועטער — אַ טומאַן; זאָלסט זיך, חלילה, ניט פאַרקילן. — די וועלט איז אים וויניק, דעם „באָכ־ניאַזש" (אַ צונאָמען, וואָס חיים פּוקס האָט געקראָגן פאַר קויפן געגנבע־טע סחורה פאַר זיין אייזן־געשעפט), רייסט די הויט פון מיינע קינ־דער, אַז רייסן זאָלן אים די קישקעס! — האָט די מאַמע געשיקט אַ קללה דעם מייסטער (באַלעבאָס) שוין שטייענדיק אין דער אָפענער טיר. די פייכטע לופט האָט עס אויפגעכאַפּט און ערגעץ פאַרטראָגן...

אַז דער טאַטע האָט דערהערט, אַז עפּעס טומלט זיך אין דער צוויי־טער שטוב, האָט ער איבערגעלאָזן דעם חדר־טיש און איז אַריינגעקומען צו זאָגן, אַז מען טאָר ניט שעלטן און ריידן שלעכטס אויף אַ באַלעבאָס, און געוויס ניט אויף אַ ברודער.

— דער מייסטער וועט, מיט גאָטס הילף, ווערן אהרנס שווער. מוז ער דאָך זיין גוט צו אים, היטן זיין געלט, — האָט געזאָגט דער טאַטע מיט אַ פרום ערנסט פּנים.

— יאָ, נעבעך וועט זיין דער מעדאַל וואָס זיין מייסטער וועט אים אַמאָל געבן, — האָט חיים געזאָגט מיט ביטערן שפּאָס.

כאַצקל דער שוסטער, וועלכער איז געזעסן די גאַנצע צייט און זיך אונטערגעהערט, האָט זיך איצט צעזונגען אויף די הויכע טענער:

— „מיט געלט טאָר מען ניט שטאָלצירן, מען קען דאָס לייכט פאַרלירן. דאַן קאָנסטו פילן דעם ביטערן טעם פון דעם אָרעמאַן. ווילסטו זיך אַ נאָמען דערווערבן, עס זאָל בלייבן נאָך דיין שטערבן, טאָ וואַרף אַוועק דיין פוסטן יחוס, אַ מענטש זאָל מען זיין!" — „אַ מענטש, אָן געלט, מיט געלט, אַבי אַ מענטש זאָל מען זיין!!" — האָט כאַצקל צוגעקלאַפּט מיטן האַמערל זיין פילאָזאָפיע, דער טאַטע האָט געקוקט אויף כאַצקלען ווי ער וואָלט געזאָגט: — פרעגט אים בחרם וואָס ער באַלבעט דאָרטן דער עם־הארץ.

— ר' כאַצקל, צייט אַוועקוואַרפן אייערע נאַרישע טעאַטער־לידע־לעך. זינגט עפּעס בעסערס, — האָט געזאָגט חיים. ער האָט זיך דער־מאָנט, אַז ער האָט אַן אינטערעסאַנטע טעמע, אויף וועלכער ער קלייבט זיך שרייבן, האָט ער זיך אויפגעהויבן און געמאַכט אַ פּאָר טריט צו דער מאַמעס געוועלב. דאָרטן אין אַ שופלאָד ליגן זיינע מאַנוסקריפּטן.

— הער נאָר, יאָט! — האָט אים כאַצקל אָפּגעשטעלט אין מיטן שטוב, — אַז דיר געפעלט ניט, טאָ שרייב בעסערע לידער, וועל איך זיי זינגען. — ער האָט מיט כעס גענומען וואַרפן מיט די הענט און ציען די דראַטווע.

חיים האָט עס אָנגענומען ווי אַן אָרויסרוף פון אַ פּראָסטן פּאָלקס־מענטש. ער האָט גאָר ניט געענטפערט כאַצקלען, נאָר געקלערט האָט ער: וויפל מען קען זיך דאָס לערנען פון אייך — פּראָסטע אַר־בעטער־מענטשן!

חיים האָט זיך פאַרשלאָסן אין דער מאַמעס קלייטל און גענומען שרייבן...

***

שפּעט אין אָוונט, ווען אהרן איז געקומען זען די עלטערן, ווי ער פלעגט דאָס טאָן אַלע טאָג, איז שוין די מאַמע געווען צוריק פון איר שליחות, דער חדר איז געווען פאַנאַנדערגעלאָזן פאַרן טאָג, זיינען טאַטע־מאַמע געזעסן ביים טיש. און ווי אים האָט זיך געדאַכט, אַ ביסל פאַר־זאָרגט.

— איך האָב דיר געבראַכט אַ פלעשל קעפיר. — האָט געזאָגט אהרן, און אויסגעוויקלט פון אַ גראָבן פּאַפּיר אַ ווייסע מילך־פלאַש, וואָס האָט אויסגעזען ווי מאַסלינקע.

— דאָס איז געזונט צום האַרצן, צום הוסט, צו אַלץ. אָט נעם, טאַטעשי, טרינק אויס אַ גלאָז, — האָט ער אַריינגעגאָסן די קעפיר

אין אַ גלאָז, וואָס האָט אויסגעזען עפּעס צווישן געדיכטער זויער־מילך און שיטערער מאַסלינקע.

— אַ דאַנק דיר, מיין זון. ניט לאַנג אָפּגעגעסן אַ פליישיקע וועטשערע, אַ ביסל עוף־יויך, נאָך קיין זעקס שעה נישטאָ, — און ער האָט עס אַריינגעגאָסן צוריק אין פלאַש, צוגעבנדיק: — מאָרגן, אם ירצה השם.

אַהרן האָט זיך אַרונטערגעלאָזן אויף אַ שטול. ער האָט אויסגעזען שטאַרק מיד. די מאַמע האָט געקוקט אויף אים, עס האָט איר פאַרקוועטשטביים האַרצן.

— דו אַרבעטסט צו שווער, מיין זון. צייט קלערן וועגן אַ תכלית.

— עס האָט זיך געהערט מאַמעשע זאָרג אין איר קול.

— טאָ וואָס קען מען זיך העלפן? עס זיינען נישטאָ גענוג אַרבעטאָרער. און די וואָס זיינען דאָ טויגן אויף כפּרות, — האָט ער געזאָגט און געזוכט מיט די אויגן חיימען.

— וואָס־זשע, עס פלאַצן די רערן ווינטער־צייט? — פרעגט די מאַמע און מאַכט זיך ניט וויסנדיק.

— אַוודאי פלאַצן וואַסער־רערן ווינטער מער ווי זומער. אָבער דאָס מאָל האָט פּאַסירט אַזעלכעס וואָס האָט מיר שטאַרק דענערווירט. — ער האָט זיך נאָך אַמאָל אַרומגעקוקט איבערן שטוב. אַז ער האָט חיימען ניט געזען, האָט ער געזאָגט: — נו, איר ווייסט דאָך מסתמא, אַז חיים איז אַנטלאָפן אין מיטן טאָג פון דער אַרבעט. נאָך ניט גענוג וואָס ער איז אַליין אַוועק, האָט ער נאָך איינגערעדט יאַנעקן ער זאָל אויך אַוועקגיין. און דאָ רייסן לאָקאַטאָרן אָפּ דעם טעלעפאָן מען זאָל שיקן אַרבעטער פאַרריכטן דעם וואָדאָ־טשאָנג (וואַסער לייטונג), קעלערן זיינען פול מיט וואַסער, דער זשאָנצע (מענעדזשער) און דער סטרוזש רייסן זיך די האָר פון קאָפּ. דער מייסטער עסט זיך אויס זיין קראַנק האַרץ, עס איז נישטאָ מיט וועמען אַרבעטן, און מיין סאָציאַליסטישער ברודערל מאַכט אַ פּאָווסטאַניע (אויפשטאַנד).

— וואָס־זשע האָסטו געטאָן? — וויל די מאַמע וויסן.

— יאָך בין אַוועקגעלאָפן אין מייסטער פּאַראַיין און געבראַנגט אַנדערע אַרבעטאָרער, אַזעלכע וואָס מאַכן ניט קיין „זאַבאַסטאָווקעס“. און זאָל חיים און יאַנעק גיין מעסטן די גאַסן.

— מענטשן קענען דאָך ניט אַרבעטן אין אַ פולן קעלער וואַסער אין קורצע שיך. וואָס־זשע, חיים פּוקס קען ניט געבן זיינע אַרבעטער גענוג שכירות זיי זאָלן זיך קויפן שטיוול און ניט אויסגענעצט ווערן

אין קעלערס וואַסער ביז צו די קני? האָט דאָך מיר קאַפּל, דער יידי־שער שלאָסער דערציילט אַז ער איז פּאַראַיאָרן געלעגן קראַנק מיט לונגען־אַנטצינדונג פון דיין מייסטערס נאַסע קעלערס. — האָט געזאָגט די מאַמע מיט פּאַרדרוס.

דער טאַטע האָט געזען אהרנס פאַרלעגנהייט. ער וויס זיין גוטע נאַטור, עס טוט אים ווי ווען מענטשןליידן. האָט ער אַ קוק געטאָן שטרענג אויף דער מאַמען, זיך אָנגענומען מיט קוראַזש און געזאָגט:
— וואָס האָסטו צו אהרנען? וואָס קען ער טאָן? ער איז דאָך ניט דער באַלעבאָס, ער איז דאָך ניט מער ווי אַן אָנגעשטעלטער מענטש! וואָס קען ער נעבעך העלפן? — אַהרן האָט זיך געפילט אומבאַקוועם. עס האָט אים פאַרדראָסן, וואָס די מאַמע האַלט מיט חיימען. ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַ וויש געטאָן די קליינע וואָנצעלעך, ווי זיין גע־וואוינהייט, און געזאָגט: — נו, מילא, וואָס קען מען זיך העלפן? — נעבעכדיק און הילפלאָז האָט ער פאַרלאָזט די שטוב.

***

יענע נאַכט איז חיים ניט געגאַנגען שלאָפן. ער איז געזעסן אַ גאַנ־צע נאַכט אין דער מאַמעס געוועלבל איבערן רויטן פלעמל גאַז, און געשריבן. ווען די ווינטערדיקע שוואַכע זון האָט דורכגעשיינט צווישן די שפּאַרונעס פון טיר, האָט חיים צוזאַמענגעלייגט דעם מאַנוסקריפּט, אַריינגעלייגט אין אַ גרויסן קאָנווערט און זיך צעשמייכלט. ער האָט געפילט אינסטינקטיוו, אַז דאָס מאָל האָט ער געשריבן בעסער ווי אַלע מאָל. געשריבן מיט האַרץ, געפיל און פּראָלעטאַרישן אמת. ער מוז היינט וויזן די דערציילונג צו י. ל. פּרץ. און חיים שטעלט זיך פאָר ווי ער לייענט פאַר פּרצן זיין נייע דערציילונג „עקספּלואַטאַציע" און פּרצעס ליכטיקע אויגן צעהעלן זיך מיט אַ הייליקן פייערל. ער קלאַפּט אים אין פּלייצע, ווי שטענדיק, און זאָגט: „שרייב, חיים, שרייב. האַלט אָפן די אויגן און שאַרף דיין מוח".

חיים האָט דערפילט אַ מידקייט אין אַלע זיינע אברים. אַזאַ אַנ־גענעמע מידקייט ווי מען פילט נאָך אַ גוט אָפּגעטאָנענער אַרבעט, אַ מידקייט וואָס באַרואיקט און שלעפּערט איין. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויפן טיש און איז איינגעשלאָפן.

עס איז שוין געווען גרויסער טאָג, ווען די מאַמע איז אַריין אין געוועלב און געפונען חיימען שלאָפנדיק.

— גאָט איז מיט דיר, חיים! — האָט זי אים געוועקט, געטרייסלט

דעם איינגעקאַרטשעטן אַקסל: — האָסט זיך ניט אויסגעטאָן? ניט געשלאָפן אין דיין בעט?!

— יאָ. ניין, ניט געשלאָפן, געשריבן. — האָט ער געגרעדט דורך אַ געגעץ. ער האָט זיך אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער הויך, געצויגן זיך מיט די הענט צו דער סטעליע און געגענעצט. די מאַמע האָט דערזען פאַר זיך אַ הויך אויסגעוואַקסענעם בחור מיט ברייטע פלייצעס און מיט אַ צעשויבערטער טשופּרינע, אַ הויכן שטערן, העל־בלויע אויגן מיט רויטע פעדימלעך אַרום די וויִעלען. זי האָט זיך איינגעקוקט אין אים, ווי זי וואָלט זיך נאָר וואָס געכאַפּט, אַז ער איז געוואָרן אַ גרויסער. עפּעס האָט איר שטאַרק באַנג געטאָן. און דאָך איז זי געווען שטאָלץ מיט אים: — „מיין חיימל שוין אַ דערוואַקסענער מענטש געוואָרן", — האָט זי געקלערט.

— אַן איינפאַל גאָר, זיצן אַ גאַנצע נאַכט און שרייבן! דאַרפסט האָבן די נאַכטיקע רו, מיין קינד.

— מאַמע, איך בין שוין ניט קיין קליין יינגעלע, כמעט אַזוי הויך ווי דו. — האָט ער זיך אַ צי און אַ מעסט געטאָן מיט איר.

— באשר די יאָרן האָבן זיך אָנגעזעצט אויף מיין פלייצע און ווילן ניט אַראָפּגיין, — האָט זי געזאָגט און אָנגעשטרענגט זיך אויסצוגלייכן. אַ קאָמישער אויסדרוק האָט זיך צעלייגט אויף איר פנים.

— שטענדיק שטיי גלייך! מיטן קאָפּ הויך. ווי דו פלעגסט דאָס טאָן אַמאָל, — האָט איר חיים שפּאַסיק מושטירט. זי האָט שטום אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער לופטן. אַ ים מיט טרויער איז געלעגן אין אירע אויגן.

— וואָס קלערסטו איצט טאָן, חיים? — האָט זי געפרעגט באַזאָרגט.

— ווערן אַ שרייבער. — זיינע בלויע אויגן מיט די ווינקלען פון די פוכיקע ליפּן האָבן זיך צעשמייכלט.

— די שרייבער, ווי די מלמדים, פאַרדינען וואַסער אויף קאַשע און לייגן די ציינער אויף דער פּאָליצע. — אַ קלוג שמייכעלע האָט זיך געשפּילט אין די ווינקלען פון איר מויל.

— ביז דו וועסט ווערן אַ שרייבער, וואַש דיך אַרום, פאַרקאַם די האָר, עס אָפּ און גיי צו דער אַרבעט. — האָט זי געזאָגט און אַוועקגעשטעלט אַ טעפּעלע קאַווע מיט ווייסע זעמל אויפן טיש.

— איך גיי מער ניט אַרבעטן צו חיים פוקס, — האָט ער געזאָגט צווישן טרינקען קאַווע און בייסן די זעמל, — איך וועל צוגיין צו דער

בירזשע, צום אַרבעטער־פּאַראַיין, — די לעצטע ווערטער האָט ער געזאָגט זייער שטיל.

— ווי דו פאַרשטייסט, מיין זון. אָבער זע זיי פאַרזיכטיק. — די בירזשע האָט איר דערמאָנט אָן די „שוועסטער און ברידער" און אָן פּערלען. זי האָט אַ שטילן זיפץ געטאָן.

חיים האָט אָנגעטאָן זיין נייעם רעקל מיטן ברייטן הוט וואָס ער האָט זיך געקויפט אויף יום־טוב, אַריינגעלייגט אין בוזים־קעשענע די נייע דערציילונג אויף וועלכער ער האָט געאַרבעט אַ גאַנצע נאַכט און מיט אַ פעסטן טראַט, מיט זעלבסט־צוטרוי פאַרלאָזן דאָס הויז.

אַ צופרידענער און מיט אַ באַשטימטן פּלאַן אין קאָפּ האָט ער געשפּאַנט איבער די וואַרשעווער גאַסן. ער האָט זיך פאַרנומען אין דער ריכטונג פון צעגליאַנע נומער 1, וואו עס האָט געוואוינט י. ל. פּרץ.

דער שטאָט־זייגער האָט אויסגעשלאָגן 11. חיים איז אַריין אין דעם ברייט־צעעפנטן טויער, האַסטיק אַרויפגעלאָפן די עטלעכע טרעפּלעך און זיך אָפּגעשטעלט ביי פּרצעס טיר. אפשר שלאָפט ער נאָך? — האָט ער געקלערט. — נעכטן אָוונט האָט ער געהאַלטן אַ רעפעראַט אין דער פילהאַרמאָניע. ווי ער האָט דאָס געשטורעמט מיט זיין לייבן־קול! — גייט ניט אין יידישן טעאַטער! דאָרטן איז שונד! מיר וועלן בויען אַ בעסערן, אַ ליטעראַרישן יידישן טעאַטער! — און דער גרויסער עולם האָט געפּאַטשט מיט די הענט: — בראַוואָ, בראַוואָ! געטופּעט מיט די פיס, הערצער האָבן געקלאַפּט מיט ליבשאַפט צום גרויסן לערער, צום גרויסן פירער — יצחק לייבוש פּרץ.

חיים האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום טויער. ער האָט באַשלאָסן אַז ער וועט אַפריער גיין צו דער „בירזשע". ער מוז זיך זען מיט חברים, פון פאַך־פאַראיין (יוניאָן) ער וועט מער ניט אַרבעטן פאַר אַזעלכע מייסטערס ווי חיים פוקס, וועלכער שינדט פון אַרבעטער די הויט.

ווען ער האָט שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ היפּשן שטיק וועג, און זיך געפונען ביי קראַשינסקיס גאָרטן, וואו חברים שלאָסערס קומען זיך צונויף צו דער „בירזשע", האָט ער זיך דערמאָנט וואָס יאַנעק פון דער פּע. פּע. עס. האָט אים געזאָגט, אַז ווינטער־צייט קומט מען זיך ניט צונויף אין גאָרטן. מען האַלט אָפּ זיצונגען אין אַ „קאָנספּיראַטיווער" שטוב, ערגעץ אויף ליעשנע גאַס. ער מוז זיך נאָך היינט זען מיט יאַנעקן און אויסגעפינען וואו און ווען מען קלייבט זיך צוזאַמען. ער האָט זיך אומגעקערט און אַוועק צוריק צו צעגליאַנע נומער 1.

צוגעקומען צו פּרצעס וואוינונג, האָט ער מיט אַ געפּיל פון דרך־ארץ און מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ אַנגעקלונגען. עס איז אַרויסגעקומען אַ דאַרער קליין־געוויקסיקער מענטש אין די שפּעטע מיטעלע יאָרן מיט אַן איידעלן פּנים און גרויסע אויגן־גלעזער.

אַ מינוט האָבן זיי זיך שאַרף אַנגעקוקט ווי זיי וואָלטן זיך ביידע געוואָלט דערמאָנען, וואו האָבן זיי זיך ערגעץ געזען. דער ערשטער צו דערקענען דעם ערנסטן, סימפּאַטישן פּנים איז געווען חיים.

— פּאַניע דינעזאָן! — האָט ער כמעט אויסגעשריען און דער־לאַנגט אים די האַנט.

— און וואו האָב איך אייך ערגעץ געזען? — האָט יעקב דינעזאָן געפרעגט און געקוקט אויף חיימס מאָזאָליעדיקער האַנט, וועלכע איז געלעגן אין זיינער — אַ ווייסע, אַ קליינע.

— איר האָט מיך געזען טאַקע דאָ. איך האָב געלייענט פאַר פּרצן מיינע אַ דערציילונג.

— יאָ, איך דערמאָן מיך. מיט עטלעכע וואָכן צוריק. דוכט זיך, חיים איז אייער נאָמען? טאָ ווי קומט צו אַ יונגן שרייבער אַזאַ האַרטע האַנט? — האָט דינעזאָן געשפּאַסט.

— איך בין אַ שלאָסער און אַ שרייבער. די צוויי גייען ביי מיר צוזאַמען. — האָט חיים געזאָגט און זיך גענומען צו זיין בוזים־קעשענע, וואו זיין מאַנוסקריפּט איז געלעגן. דינעזאָן האָט אים געקלאַפּט גוט־מוטיק אויפן פּלייצע. זיינע קלוגע אויגן הינטער די גלעזער האָבן גע־שמייכלט אין פולער צושטימונג צו חיימס ווערטער.

— איז פּרץ אין דער היים? קאָן ער מיך זען? — האָט חיים געפרעגט נאָך אַלץ שטייענדיק אין קאָרידאָר מיטן מאַנוסקריפּט אין דער האַנט.

— פּרץ איז היינט שטאַרק פאַרנומען. ער האָט אַ וויכטיקן ענין צו דערליידיקן אין גמינע. איר קענט קומען מאָרגן אָדער איבער־געבן דעם מאַנוסקריפּט צו מיר. איר מעגט זיין זיכער, אַז איך וועל דאָס איבערגעבן פּרצן. — האָט דינעזאָן געזאָגט מיט אַזוי פיל ערנסט אין קול, ווי דאָס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ דימענט און ניט וועגן אַ דערציילונג.

חיים האָט איבערגעגעבן דינעזאָנען דעם קאָנווערט, אין וועלכן עס איז געלעגן די דערציילונג „עקספּלואַטאַציע".

ער האָט זיך קוים דערוואַרט אויף מאָרגן און איז באַלד נאָך מיטאָג אַוועק צום גרויסן קלאַסיקער און לערער י. ל. פּרץ, וואָס אַ סך יונגע

יידישע אָנהויבער־שרייבער האָבן געחלומט צוצוקומען צו אים, און ניט געקענט.

צוריק פון פּרצן איז ער געקומען אַ צעשיינטער, אַ צעשטראַלטער. אַ הייליק פּייערל האָט געלויכטן אין זיינע אויגן. אַזעלכע פייערלעך זעט מען אָפט ביי מענטשן מיט אידעאַלן און האָפענונגען פאַר אַ ליכטיקער צוקונפט.

ער איז אַריינגעלאָפן אין שטוב און אין גרויס התפעלות אויסגעשריען: — מאַמע! איך האָב געלייענט מיין דערציילונג פאַר יצחק לייבוש פּרץ. דאָס מאָל האָט ער געלויבט די דערציילונג. — האָסט שוין געדאַרפט זען ווי זיינע אויגן האָבן געלויכטן! ווי צוויי ליכטיקע לאַמטערנעס. — שרייב חיים, — האָט ער געזאָגט, אָט אַזאַ שרייבן האָב איך ליב, מיט האַרץ און געפיל! לערן און אַרבעט איבער זיך. וועסט זיין אַ פיינער שרייבער״.

— אָט די ווערטער האָט מיר היינט פּרץ געזאָגט. — חיימס אויגן האָבן געשטראַלט מיט יינגלשער פרייד.

די מאַמע האָט אויפגענומען די נייס קאַלט. גאָר ניט נתפעל געוואָרן. אירע פאַרטראַכטע אויגן האָבן מיט ליבשאַפט געקוקט אויף אים. זי האָט געזאָגט: — איך האָב אַלע מאָל געוואוסט, אַז דו וועסט זיין אַ גרויסער מענטש. — און געזאָגט האָט זי דאָס אין אַזאַ טאָן, ווי זי וואָלט דאָס פון אים דערוואַרט.

חיימען איז דער מאַמעס גלייכגילטיקייט ניט געווען צום האַרצן. „זי ווערט פאַרעלטערט, קלערט ער, און קען מער ניט ווערן באַגייסטערט״. ער באַשליסט אַז ער מוז נאָך היינט זען טייבלען, זיין קליינע יוגנט־פריינדינע מיט די שטענדיק שמייכלענדיקע אויגן, וועלכע ער האָט שטילערהייט ליב געהאַט. זי וועט אויפנעמען די נייס מיט איר זיסן שמייכל אויף איר כמעט קינדערשן פנים, און וועט אַרויספּליסטערן פון איר קליינעם שמייכלענדיקן מויל: — חיים, איך האָב שוין דיר אַ סך מאָל געזאָגט זאָלסט זיך אָפּגעבן מער מיטן שרייבן. אפשר זאָלסטו לייען געלט ביי פריינד און נעמען אַ קורס? די אָוונט־קורסן וואָס דו נעמסט זיינען ניט גענוג. דאַרפסט גיין אין אוניווערסיטעט, ווערן אַ גרויסער שרייבער.

ער וועט איר זאָגן, אַז זיין אוניווערסיטעט איז די אונטערערדישע וואַסער־לייטונג, שלעסער, אויסגעשמירטע פאַרהאָרעוועטע אַרבעטער, מענטשן מיט וועלכע ער קומט אין באַרירונג און אַפילו דער „יונג

פון די בלאָטעס". מיינענדיק טעלעכאַנער באַלעגאָלעס און וואַסער־טרעגער אין די פינסקער בלאָטעס.

זיין שיינע פרייגדיגע טייבעלע וועט לאַכן מיט איר מוזיקאַליש־קליגגענדיקן געלעכטער, און וועט זאָגן: — „סעריאָזנע, חיים, פאַר־קלער זיך".

ביי דעם געדאַנק האָט ער דערפילט אַ וואַרעמען שטראָם דורכגיין איבער אַלע זיינע גלידער. עס איז אים געוואָרן אַזוי גוט און גרינג אויפן געמיט. די וועלט איז געווען יונג, שיין און פול מיט צוזאָגן אויף אַ ליכטיקער צוקונפט, וואָס ליגט ערגעץ באַהאַלטן, אָבער ער וועט זי מוזן גיין זוכן . . .

ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַכצן יאָר.

## אַ שדכן ברענגט ביילקען אַ חתן

נאָכדעם ווי דער טאַטע האָט גוט אַרומגעטראַכט וועגן זיין משפחה, איז ביי אים געבליבן, אַז דאָס איינציקע, פון וועמען עס שטייט אים פאַר צו דערלעבן אַ ביסל נחת, איז ביילקע.

אין שול ביים דאַווגען האָט ער זיך דורכגערעדט מיט זלמן דעם שדכן, יענער האָט אים דערציילט, אַז ער האָט פאַר זיין טאָכטער אַ גוטן שידוך; אַ בחור, אַן אַנטיקל! אַ זיידן קינד, וואָס קומט אַרויס פון גאָלע רבנים. זיין זיידע רב ברוכל איז געווען אַ גרויסער רב אין שעדליץ; זיין טאַטע רב אַנשל איז אַ סוחר אויף די נאַלעוווקעס; דער זון העלפט אים אין שניט־קראָם. ער איז דער איינציקער זון ביי די עלטערן. עס זיינען דאָ טעכטער אויך, אָבער דער זון, מנחם איז זיין נאָמען, וועט ירשנען דאָס געשעפט, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר. דער שדכן האָט אַפילו מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אויך פאַרטרויט דעם טאַטן אַז אַ גרויסער געשעפטסמאַן בעט זיך ביי אַנשלען מיט דריי טויזנט קאַרבן נדן, אַ שיינע מיידל אויך, נאָר אַזוי ווי מנחמל קען זיך מיט אינס זין אהרן, און אַהרן האָט אים פאַרציילט, אַז ער האָט אַ שוועסטער און זי געראָט אַריין פונקט אין אים, דאָס הייסט אין אהרנען מיט דער נאַטור. מנחם האָט ליב אייער זין, און וויל אַזאַ וואויל מיידל. איז אויב זי וועט אים געפעלן, וועט ער איר נעמען אָן אַ קאָפּיקע נדן. זאָל זיך רב דוד דורכריידן מיט זיין זוגתי, באַשליסן אַ צייט ווען ער קען ברענגען דעם חתן „אַנקוקן" זיין טאָכטער. מען מוז אָבער אונ־

טעראיילן, ווייל אַזאַ איינעם כאַפּן די וואַרשעווער סוחרים אויס פאַר זייערע טעכטער. — אַזוי האָט גערעדט זלמן דער שדכן.

אין אַ שיינעם פרילינג פאַרנאַכט, וועןביילקע איז געקומען פון דער אַרבעט, האָט זי געפונען די שטוב אויפגעראַמט, דאָס רויטע גאַז־פלעמל פון דער נידעריקער סטעליע האָט אַרונטערגעשיינט אויפן ווייס פאַרדעקטן טיש, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ קאַראַפינקע רויטער וויין מיט ווייסע פינקלענדיקע קעלישקעס. כאַצקל דער שוסטער איז היינט אַוועק אַהיים פריער ווי אַלע טאָג. פון שטענדיקן באַרג אָנ־געוואַרפענע שיך אַרום זיין וואַרשטאַט איז קיין זכר ניט געווען. דער טאַטע, אָנגעטאָן אין זיין שבתדיקער קאַפּאָטע, פאַרבונדן מיט אַ נייעם שוואַרצן גאַרטל, די באָרד צעקאַמט, דער פּנים יום־טובדיק, איז זיך מתעסק אַרום טיש. דער מאַמעס פּנים האָט נחתדיק געשיינט. איר שבתדיקער פאַרוק איז געזעסן אַזוי נידעריק אויף איר שטערן, אַז קיין איינע פון אירע אייגענע האָר האָט זיך ניט אַרויסגעזען. אָנגעטאָן אין אַ באָרדאָ זיידן קלייד מיט אַ ווייסן קאָלנער און מאַנקעטן, האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק ווי זי וואָלט זיך געקליבן צו אַ חתונה.

— וואָס קומט דאָ פאָר? — איז ביילקע געבליבן שטיין אין טיר אַ פאַרוואונדערטע, — איר קלייבט זיך גיין צו אַ חתונה?

— אם ירצה השם, עס וועלן זיין שמחות. — האָט געזאָגט דער טאַטע מיט אַ צעשיינטן פּנים.

— גיי, מיין קינד, וואַש דיך אַרום, פאַרקאַם די האָר און טו אָן דיין בלויע קלייד: מענטשן דאַרפן קומען. אָבער פריער עס אָפּ, — האָט די מאַמע געזאָגט און אַרויפגעשטעלט אויפן טיש אַ געווינדזלטן הערינג, סיטנע ברויט, פּוטער און אַ גלאָז מאַסלינקע.

ביילקע האָט געמאַכט עטלעכע טריט צום טיש, זיך אַרומגעקוקט אין אַלע ווינקעלעך, און געפרעגט: „מענטשן קומען?? וועלכע מענטשן קומען דאָס, אַז איך דאַרף זיך פאַר זיי אויספּוצן?

די מאַמע האָט ניט געענטפערט. חיים איז געזעסן ביים טיש אי־בער אַ צייטונג און שעלמיש געשמייכלט.

— וואָס איז דאָ זיך וואָס צו באַהאַלטן. דאַנקען גאָט אַבי מען דערלעבט. געהאַט גענוג צרות אויפן לעבן. לאָמיר אויף די עלטערע יאָרן דערלעבן אַ ביסל נחת פון דיר. פערל, איז ברוך־השם, פאַר־וואָרפן געוואָרן מעבר לים — איז די מאַמע געוואָרן טרויעריק, וואָס עס האָט זיך ניט געפּאַסט צו אירע שבתדיקע זאַכן.

— דו האָסט נאָך מיר אַלץ ניט געזאָגט וואָס דאָ גייט אָן! — איז ביילקע געוואָרן אומגעדולדיק.

— הער מיך אויס, מיין טאָכטער, און ווער ניט אין כעס. דיין ברודער אהרן און דיין טאַטע האָבן זיך צונויפגערעדט מיט זלמן דעם שדכן. ער האָט אים דערציילט פון אַ זייער פיינעם געלערנטן בחור, גאָר „אַ ציידן קינד". אהרן קען אים, ער קען די משפחה זיינע. דער שדכן וועט אים היינט אין אָוונט ברענגען אַהער אין שטוב. ער וויל דיך „אָנקוקן". בעט איך דיך, מיין קינד, זאָל דיר דער קאָלטן ניט פאַרדרייען און דו זאָלסט זיך ניט צעשרייען, קיינעם ניט באַליידיקן, נאָר אויפנעמען דעם שדכן מיטן חתן ווי אַ איידל קינד, — די מאַמע האָט אַ שטילן זיפץ געטאָן, אָפּגעווישט דעם שווייס פון פּנים, ווי די ווערטער, וואָס זי האָט אַרויסגערעדט, וואָלטן זי פאַרמאַטערט.

ביילקע איז געשטאַנען געפּלעפט, ניט געוואוסט וואָס זי זאָל זאָגן.

— וואָס־זשע האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן, מיין קינד? עס גייט דיר ברוך־השם דאָס איין־און־צוואַנציקסטע יאָר, צייט קלערן פון אַ תכלית, — האָט זיך דער טאַטע ווי געבעטן.

פאַר ביילקען איז איצט געוואָרן קלאָר, וואָס טאַטע־מאַמע ווילן פון איר. און אנשטאָט אין כעס ווערן, האָט זי איצט געקוקט אויף טאַטע־מאַמע מיט רחמנות. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש לעבן חיימען, אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ, און צו זיך אַליין גערעדט: „איין־און־צוואַנציק יאָר... כ'האָב נאָך ניט געלעבט... און איר ווילט שוין מיך פאַרשלייערן..." — זי האָט אַריינגעקוקט די עלטערן אין די אויגן און געפרעגט: — און ווי קומט עס וואָס אַהרן איז נייגעריק צו פאַר־זאָרגן מיך מיט אַ חתן? געדענקט איר ווי ער האָט זיך געשעמט, וואָס זיין יינגערע שוועסטער פּערל האָט חתונה געהאַט פאַר איר עלטערן ברודער אהרן? און איך בין נאָך יינגער פון פּערלען. וועט דאָס פאַר אייך ניט זיין קיין בזיון?

— דאַרפסט ניט גלייך חתונה האָבן. מען שרייבט תנאים און ביז־וואָס־ווען וועט אפשר אהרן מיט גאָטס הילף חתונה האָבן. אָבער וואָס ריידן מיר פון חתונה האָבן? עס שאַדט ניט זיך באַקאָנען מיט מענטשן. באַלעמוטשע ניט, ביילקע. גיי, טו דיך אָן. זעסט דאָך אויס שיין ווי די זון אין דעם בלויען קלייד. גיי, ביילקעלע, טו דיך אָן. — האָט זיך די מאַמע ביי איר געבעטן.

— איך וועל זיך ניט אָנטאָן. איך וויל ניט קיין שדכנים און וויל

ניט „אָנגעקוקט“ ווערן פון אַ חתן. — איזביילקע געבליבן איינגעשפּאַרט.

— ווילסטו אונדז פאַרשעמען, האַ? — האָט דער טאַטע געפרעגט מיט אַ ווייטיק אין קול.

— קום, חיים, לאָמיר זיך דורכגיין. איך וויל מיט דיר עפּעס ריידן, — האָט ביילקע זיך געבעטן ביי אים. אָבער חיים האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן פון דער צייטונג, שאַרף אָנגעקוקט זיין שוועסטער. אין זיינע אויגן איז געלעגן אי שטראָף, אי רחמנות, אָבער מער פון אַלץ — אַנטוישונג. זי האָט זיינע בליקן ניט אויסגעהאַלטן. „דו אויך!“, — האָט זי אויסגעשריען. זי האָט האַסטיק געעפנט די טיר און אַרויס פון שטוב. די מאַמע איז איר נאָכגעגאַנגען. חיים איז איר פאַרלאָפן דעם וועג:

— גיי אַריין אין שטוב, מאַמע. איך וועל ריידן צו איר. — די מאַמע האָט זיך אומגעקערט מיטן רוקן צו די קינדער און איז אַריין אין שטוב.

חיים האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף ביילקעס אַקסל. זיי האָבן געשוויגן. די שטערנדלעך אויפן הימל האָבן זיך געצונדן און געלאָשן.

— ביילקע, — האָט ער שטיל גערעדט איר אין אויער אַריין — הער מיך אויס, שוועסטערקע, איך האָב מיט דיר אַ סך צו ריידן וועגן דיין צעוויטאַקטער נשמה אָבער מיר וועלן דאָס טאָן מאָרגן. הערסטו! מאָרגן אָוונט. איצט גיי אַריין אין שטוב, טו דיך אָן. פאַרשעם ניט טאַטע־מאַמע. אָט זאָל דיר דוכטן, אַז דו שפּילסט טעאַטער מיט דיין גרופּע אַמאַטאָרן.

— טעאַטער שפּילט מען. דאָס אייגן לעבן לעבט מען, — האָט זי געזאָגט פאַרטראַכט.

— אָבער היינט מוזטו זיין אַן אַקטריסע. שפּיל דיין ראָלע גוט. מיט טאַטע־מאַמע, שדכן, לאָז דעם חתן דיך „אָנקוקן“. זשאַלעווע ניט קיין שמייכל, ווי דיין מאָדע איז. מאָרגן אָוונט גיי איך ניט צו שרייבער־קורסן, צו רעפּעראַטן. וועלן מיר זיך גוט דורכריידן. דו וועסט מיר אַלץ דערציילן, וואָס דיך קוועטשט. און איך דיר — מיינע פּלענער.

צוויי טונקעלע שאָטנס האָבן זיך דורכגעשלייכט אויפן הילצערנעם טראָטואַר. איינער — אַ הויכער, אַ שמאָלער; דער צווייטער — אַ פּעט־

לעכער, אַ נידעריקער, מיט אַ רעגנשירעם אין האַנט, כאַטש דער הימל איז געווען אויסגעשטערנט און קיין רעגן איז ניט געגאַנגען.

— דאָס זיינען זיי. קומען דיך „אַנקוקן". און דו ביסט ניט אָנגעטאָן אין דעם בלויען קלייד, וואָס גיט דיר צו שיינקייט. — האָט חיים געזאָגט האַלב אין שפּאַס, האַלב ערנסט.

— איך וויל היינט ניט זיין שיין און וויל ניט זיין קלוג! — האָטביילקע געזאָגט מיט אַ קינדערשער טראַציקייט.

— גיי, שפּיל דיין ראָלע וואָס דו האָסט פאַר זיך פאַרגרייט, — האָט איר חיים אונטערגעאיילט. און גלייך חרטה געהאַט אויף זיינע ווערטער. ער האָט געקוקט אויף איר מיט ליבשאַפט און פאַרשטענ־דעניש און שמייכלענדיק געזאָגט: — גיי אַריין אין שטוב, ביילקע. מאַך ניט דאָס „אַנקוקעניש" פאַר אַ טראַגעדיע. מאַך דערפון אַ קאָ־מעדיע. אַ גוטע נאַכט. וועל קומען אַהיים שפּעט. — ער האָט געמאַכט עטלעכע טריט פאַראויס צום אַוועקגיין.

— געדענק־זשע: מאָרגן אָוונט, — האָט אים ביילקע נאָכגעשריען.

— יאָ, מאָרגן אָוונט אין זאַקסישן גאָרטן. אָדער אין יערוזאַלימ־סקע אַלייע, אויב עס וועט זיין אַ וואַרעמער אָוונט. — זיינע ווערטער זיינען צו איר געקומען ווי אַ טרייסט אין איר איצטיקער נאַרישער, הילפלאָזער לאַגע. דערווייל וועט זי נעמען זיין עצה, זי וועט מאַכן פון חתנס „אַנקוקעניש" אַ קאָמעדיע. דאָ האָט זי זיך דערמאָנט פון איר ערשטן געליבטן, משה איז זיין נאָמען. זי אַרבעט מיט אים אין פּראָ־צאָוניע (שאָפּ) ביי איין וואַרשטאַט.

משה איז אַ הויכער שיינער שוואַרץ חנוודיקער בחור מיט שוואַר־צע פאַרחלומטע אויגן און אַ זיסן שמייכל אויף די האַריק־יינגלשע ליפּן. ווען ער האָט זי צום ערשטן מאָל געזען אַריינקומען אין פּראַצאָווניע, האָבן זיך זייערע ביידנס אויגן באַגעגנט, און גלייך האָט ער זיך אין איר פאַרליבט. אַ קורצע צייט שפּעטער האָט ער זיך איר דערקלערט אין ליבע. ביילקע איז געווען פאַרקאָכט אין ליבע. וועגן דעם בחור משה האָט זי ניט געוואוסט צי האָט זי אים ליב צי ניט. נאָר אַזוי ווי ער איז געווען דער פאַרטרעטער פון הייליקן וואָרט „ליבע" זיינען זיי געגאַנגען צוזאַמען אומעטום. און צייטנווייז אַפילו געאָרעמט. אַז פריינד פלעגן זי אַמאָל זען גיין אָן משהן, פלעגן זיי זיך וואונדערן און פרעגן: — און וואו איז ערגעץ משה?? — עס איז איר געוואָרן אי־בערדריסיק צו הערן אַלע מאָל די זעלבע פראַגע, האָט זי באַשלאָסן

אויסצופרובירן ווי שטאַרק זיין ליבע איז צו איר, און צי איז דאָס אמתע ליבע...

אין אַ ווינטערדיקן אָוונט, ווען משה האָט זי געפירט אונטערן אָרעם אַהיים, איז איר איינגעפאַלן זי וועט אים אויספרואוון צי האָט ער זי טאַקע אמתדיק ליב. — „אוי, עפּעס איז מיר ניט גוט געוואָרן”; — האָט זי זיך אָנגעכאַפּט אָן זיין אָרעם כדי ניט פאַלן... ער האָט ניט גע־מאַכט קיין אָנשטרענגונג אויפצוהאַלטן זי.. זי האָט זיך אַרונטערגע־גליטשט אויף אַ דערבייאיקן בריקעלע — און געחלשט... פון אַ ווינקל אויג האָט זי נאָכגעקוקט משהן.. ער איז געוואָרן בלייך און דערשראָקן, אַ סעקונדע איז ער געשטאַנען, ניט געוואוסט וואָס ער זאָל טאָן. דער־נאָך האָט ער זיך אומגעקערט צו איר מיטן רוקן און איז אָוועק, אי־בערלאָזנדיק זי אַ געחלשטע... זי האָט זיך אויפגעהויבן, אָפּגעשטויבט איר קלייד צוזאַמען מיט זיין ליבע... אַז זי איז אַריין אין שטוב, האָט זי אויסגעשאָסן אין אַ גרויסן געלעכטער. די מאַמע האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. וואָלט ביילקע אַריינגעקומען אין שטוב אַ וויינענדיקע, וואָלט דאָס געווען נאַטירלעך. אָבער אַ לאַכנדיקע!! ניט אַנדערש זי איז פון זינען אַרונטער... ביילקע האָט דער מאַמען פון דעם פּרוביר־שטיין פון „אמתער ליבע” מיט משהן קיין מאָל ניט דערציילט, זי האָט זיך געשעמט... ביז היינטיקן טאָג האַלט זי זיך אין איין נאָכפרעגן: — וואָס איז געוואָרן צווישן דיר און משהן?

אַ דראָזשקע איז פאַרבייגעפאָרן אויף די שפּיציקע שטיינער, אָנ־געמאַכט אַ בראַזגעריי און אויפגעוועקט ביילקען פון אירע געדאַנקען. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז חיים איז אָוועק, איבערגעלאָזן זי דאָ שטיין מיט דער טונקעלער נאַכט . . . איינע אַליין ביינאַכט . . . אַז אַ חתן וואַרט אויף איר אין שטוב . . . וויל זי „אָנקוקן”. טאָ וואָס־זשע שטייט זי דאָ אין דער פינצטער ווי אַ צו־געשמידטע? זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג אַריינצוגיין אין שטוב. עס איז איר געווען שווער... — מאַך ניט קיין טראַגעדיע פון דער „אָנ־קוקעניש”. מאַך אַ קאָמעדיע... — האָבן איר געקלונגען חיימס ווער־טער אין די אויערן. און זי באַשליסט, אַז יאָ: זי וועט מאַכן אַ קאָ־מעדיע, ווי זי האָט דאָס געטאָן מיט איר ערשטער ליבע... מיט משהן... נאָר אַזוי ווי זי האָט נאָר איבערגעטראָטן די שוועל, האָט זי פאַרגעסן פון איר באַשלוס. אירע פאַרטראַכטע אויגן האָבן זיך פאַרכמורעט, אָן אומעטיקע, אָן אַ „גוטן אָוונט”, איז זי אַריין אין שטוב, אָנגעקוקט דעם שדכן און דעם חתן, וועלכע זיינען געזעסן און געוואַרט, ווי עס וואַרטן

הינט, להבדיל, אויף אַ פּעטן ביין... ביילקע האָט פאַרבייגעשפּאַנט און זיך געזעצט מיט טאַטע־מאַמע אויף דער הילצערנער באַנק ביים טיש.

— דאָס איז אונדזער טאָכטער ביילקע, באַקאַנט זיך. — האָט די מאַמע געזאָגט צום חתן. און גלייך איבערגעטראָגן אירע שטראָפנדיקע אויגן אויף ביילקען, וואָס האָבן ווי גערעדט: — ענדלעך ביסטו געקומען... פּעַ, אין אַ סיטצן קליידל מיט אַ זויערן פּנים באַגעגנסטו אַ חתן!

דער שדכן האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול, מיט איין האַנט האָט ער גענומען דעם רעגנשירעם און מיט דער צווייטער האָט ער אָנגעוויזן אויפן חתן און געזאָגט:

— און דאָס איז מנחם קאָנסלאָווסקי.

דער חתן האָט זיך אויפגעשטעלט און העפלעך פאַרנייגט זיך. די כלה האָט שוואַך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

זלמן דער שדכן איז געשטאַנען, זיין שווערלעכער גוף אָנגעשפּאַרט אויפן רעגנשירעם, זיינע קליינע פאַרשנדיקע אויגן פון אונטער די דיק־באַוואָקסענע ברעמען האָבן אָפּגעמאָסטן און אָפּגעוואויגן ביילקעס יעדן ריר און קער.

— אַ שיין מיידל, אָן עין־הרע, ווי איך בין אַ ייד. שיינע יידישע פאַרטראַכטע אויגן. — האָט ער יעדעס וואָרט טראַכטנדיק אויסגעצויגן, ווי אַ גוטער געשעפטסמענטש ביי שליסן אַ געשעפט. ער האָט געריבן זיין שיטער־האָריקע באָרד און מסתמא געפּרוווט אויסרעכענען דאָס שדכנות־געלט, וואָס ער וועט קריגן פון רייכן חתן. עס איז געווען אַ געדריקטע שטילקייט. פון יענע שטילקייטן, וואָס איינער וואַרט, אַז דער צווייטער זאָל עפּעס זאָגן. ביילקע האָט געפילט ווי אַ היץ האָט איר אַ זעץ געטאָן אין פּנים פון שדכנס בליקן און קאָמפּלימענטן. עס האָט זיך איר פאַרוואָלט טאָן עפּעס אויף צו להכעיס. זי האָט אַרויפגע־שטעלט די עלנבויגנס אויפן טיש, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויףביידע הענט — ווי אויף סטאָמפּאַליעס און שטאַר געקוקט ווי זי וואָלט גע־זאָגט: — חתן, קוק מיך אָן!

דאָס „זיידן קינד" — דער חתן, נאָך גאָר אַ יונגיטשקער בחורל, איז געזעסן האַלב פאַרשעמט און אין גאַנצן שווייגנדיק. פון אונטער זיין קליין וואַרשעווער היטעלע מיטן דאַשעק האָבן זיך געקרייזלט צוויי פּאות. זיין גאָמבע מיטן פוך־שפּראָצנדיק שוואַרץ בערדל אַראָפּגע־בויגן צום שמאָלן ברוסט־קאַסטן, די אַרונטערגעלאָזענע אויגן האָבן גע־

קוקט אויף זיינע ווייכע ווייסע הענט, וועלכע זיינען געלעגן אויסגע־שפרייט אויף זיינע שפּיציקע קני. די לאַנגע שוואַרצע קאַפּאָטע איז אַרונטערגעהאַנגען ביז דאָרטן וואו די שטיוועלעך הויבן זיך אָן. די ווינקלען פון זיין מויל האָבן אַ פּאָר מאָל אַ צוק געטאָן, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן און געשעמט זיך אַרויסברענגען אַ קלאַנג.

— אָט לאָמיר גאָר מאַכן אַ שנעפּסל, — האָט דער שדכן איבער־געריסן די שטילקייט.

— טייערער שליוואָוויטש וויין, — האָט געזאָגט דער טאַטע און געהאָלפן אים אָנפילן די קעלישקעס.

זלמן דער שדכן האָט גענומען צוויי פולע קעלישקעס וויין, איינס געגעבן דעם חתן, דעם צווייטן האָט ער געהויבן הויך: „לחיים! זאָלן מיר דערלעבן אין גיכן צו טרינקען אויף שמחות". ער האָט זיך אָנ־געגאָסן נאָך אַ קעלישאָק וויין און מיט איין זופּ אים אויסגעליידיקט.

— נו, חתן וואָס האַלסטו זיך מיטן וויין? טרינק אויס און זאָל זיין פריילעך. — ער האָט אַ וואונק געטאָן מיט זיינע בלישטשענדיקע אויגן צום טאַטן און געזאָגט: „אַנו, ר' דוד, ווייזט נאָר מיר אייער ספרים־שאַפע מיט די ספרים.

דער טאַטע האָט פאַרשטאַנען וואָס דער שדכן מיינט, ער האָט אים אַריינגעפירט אין דעם צימער, וואָס אַ גאַנצן טאָג איז דאָרטן אַ חדר, אַ קיך און אַ שלאָף־צימער. די מאַמע איז זיי נאָכגעגאַנגען. ביילקע איז געבליבן אַליין מיטן חתן.

אַ פּאָר מינוט איז געווען שטיל. ווי איינער וואָלט געוואַרט אַז דער צווייטער זאָל פריער אָנהויבן ריידן. על־פּי דרך־הטבע איז אַ מיידל שעמעוודיקער ווי אַ בחור, — האָט מנחם געקלערט. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול, איז צוגעגאַנגען צום טיש וואו ביילקע איז געזעסן, אָוועקגעשטעלט דעם קעלישאָק וויין און געזאָגט: — אַ שיינער אָוונט היינט. — זיין קול איז געווען ווייך און בלאַס ווי זיינע הענט.

— יאָ. עס איז אַן אויסגעשטערנטער הימל. אַ שאָד צו פּטרן אַזאַ שיינעם אָוונט אין הויז — האָט געזאָגט ביילקע, זיך אויפגעשטעלט, געקוקט דורכן פענצטער ווי זי וואָלט געזוכט די צייט וואָס זי האָט מיט אים פאַרשוועדנט.

— ווילן זי זיך אפשר דורכשפּאַצירן? — זיין פּנים האָט זיך באַ־גאָסן מיט אַ ראָזעווער פאַרב.

ביילקע האָט ניט באַלד געענטפערט. אַ גאַנץ סימפּאַטישער בחור.

אָבער עס שמעקט פון אים מיט אַלטקייט און שימל, — האָט זי גע־קלערט.

— גייען מיר זיך דורך, מאַדמאַזעל? — האָבן מנחמס פינגער נערוועאיש געשפּיליעט די קנעפּלעך פון זיין קאַפּאָטע.

— עס איז פינצטער דאָ... נישטאָ קיין גאַז־לאָמפּן אויף לוצקע גאַס.. — האָטביילקע געזאָגט און געוואָרן אומגעדולדיק, פאַרוואָס ער פאַרשטייט ניט איר מיין.

— דער גזשיבאָוו איז ניט ווייט פון דאַנען. דאָרטן איז ליכטיק, — האָט ער געזאָגט אין אַ כאַרכלענדיקן וואַרשעווער יידיש. זיינע פינגער האָבן געדרייט די קנעפּלעך, פאַרשפּיליעט און אָפּגעשפּיליעט די קאַפּאָטע צום צענטן מאָל. ביילקע איז אַרויס פון געדולד.

— הערט, מנחם, אין וועלכן יאָר לעבן מיר? — האָט זי אים פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן.

מנחם, ניט דערוואַרטנדיק אַזאַ פראַגע, איז נשתומם געוואָרן. די קאַלירן אין פּנים האָבן זיך אים געביטן.

— וואָרום פרעגן זי דאָס? שפּאַסן זי פון מיר? — האָט ער גע־שטאַמלט, הילפלאָז געקוקט אין צווייטן צימער, זיך געוואונדערט צי הערט זיך דער שדכן אונטער.

— איך שפּאַס ניט פון קיינעם. איך וויל נאָר וויסן צי אין דעם יאָר 1911 מוזן מיר אָנקומען צו שדכנים? איר האָט דאָך געקענט עס טאָן דורך מיין ברודער אהרן, און זיך איינשפּאָרן שדכנות־געלט, — האָט זי געזאָגט מיט אַ פאַרשטיקטן כעס.

מנחם האָט פאַרשעמט אָפּגעקערט דעם קאָפּ, אַריינגעקוקט אין צווייטן חדר, ווי ער וואָלט דאָרטן ביי אימיצן געזוכט הילף.

זלמן דער שדכן האָט דערפילט, אַז עפּעס איז ניט גלאַט צווישן חתן־כלה. ער האָט דערכאַפּט מיטן אָנגעשפּיצטן אויער: „פאַרשפּאָרן שדכנות־געלט" און דערשפּירט מנחמס פאַרלעגנהייט, ער איז אַריינגע־לאָפן אַ צעטרייסלטער, אַ צעפּודיעטער, אויסגעגלאָצט זיינע לויפנדיקע אויגן אויף ביילקען. אַ כאַפּ געטאָן דעם פאַראַסאָל פון ווינקל שטוב און געזאָגט:

— הערן זי נאָר!! אַזאַ חוצפּה! אוי־וואַ!! אַ כלה... געלייגט זיך ווי אַ לעמעלע, און אויפגעשטאַנען ווי אַ לייבעכע! קום, מנחמל!! זיי זיינען אַרויסגעלאָפן און פאַרקלאַפּט די טיר הינטער זיך.

טאַטע־מאַמע זיינען געבליבן שטיין אין מיטן שטוב. זיי האָבן

קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברענגען. ווי עס וואָלט זי אַטעם פאַר־פּעלט...

## כוליגאַנעס שלאָגן דעם טאַטן

ווען די מילדע פרילינג־זון האָט אַריינגעשיינט דורכן פענצטער, איז שוין דער טאַטע געווען אויף די פיס, זיך געקליבן צו גיין אין שול.

ביילקע איז אויך אויפגעשטאַנען פרי און האָט זיך, אומבאַמערקט פון קיינעם, אַרויסגערוקט דורך אַ הינטער־טיר און אַוועק צו דער אַרבעט. אַז די מאַמע איז אויפגעשטאַנען פון שלאָף, האָט זי שוין ניט געפונען אין שטוב ניט ביילקען און ניט דעם טאַטן; דער איינציקער וואָס איז נאָך געשלאָפן געשמאַק, איז געווען חיים.

ביילקען האָט די מאַמע באַטראַכט ווי ניט קיין היגע. זי וועט אוודאי נאָך היינט אַוועקשיקן פּערלען נאָך אַ בריוו און בעטן אַז יענע זאָל איר אַרויסשיקן אַ שיפסקאַרטע.

— וואו זיינען דאָס אַלע? — האָט חיים אַ פרעג געטאָן, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָנגעטאָן אין זיינע אַרבעטס קליידער.

— אַלע? ווער זיינען דאָס אַלע? — האָט די מאַמע געענטפערט און פאַרזאָרגט צוגעלייגט:

— אַמאָל, ווען איר זייט געווען קלענער, זיינען אַלע געווען צו־זאַמען. איצט איז יעדער איינער אַ באַזונדערע וועלט פאַר זיך אַליין. גאָט וויס וואוהין ביילקעס פיס וועלן איר קאָפּ פאַרשלעפּן. — די מאַמע דערציילט חיימען, וואָס דאָ האָט זיך נעכטן אָונט אָפּגעטאָן, ווי ביילקע האָט זיי מבייש געווען פאַרן חתן און דעם שדכן אין די אויגן.

— דער טאַטע האָט זיך שטאַרק געערגערט, און גאָט ווייסט ווי דאָס וועט זיך אָפּרופן אויף זיין שוואַכן געזונט.

די מאַמע האָט זיך צעוואָרעמט אין אירע רייד:

— איך וויס גאָרניט וואָס פון דער „מויד" וועט ווערן? פון אירע קאַפּריזן און פירעכצן קען מען פּלאַצן! אָט זאָגט זי דעם טאַטן, אַז ער וועט נחת האָבן פון איר, און אַז דער טאַטע זאָגט זלמן שדכן ער זאָל ברענגען אַ חתן זי אָנקוקן, זידלט זי אָפּ דעם שדכן, בריט אים אָפּ ווי מיט הייס וואַסער. האָסט שוין געדאַרפט זען ווי אַלע קאָלירן האָבן זיך געביטן אין זייער געבעטן, אי אין חתן, אי אין שדכן, און מירביידע זיינען געבליבן שטיין ווי צעמישט. זי האָט פּשוט חוזק געמאַכט פון אונדז אַלע.

— מיר דוכט זיך, אַז דו ביסט די קליגסטע מאַמע אין דער וועלט,

טאַ פאַרוואָס ווייסטו ניט, אַזביילקע איז ניט פון די מיידלעך וואָס לאָזן זיך „אָנקוקן" פון חתנים. — האָט חיים געזאָגט. און מחמת ער האָט מער ניט געוואָלט ריידן דערפון, האָט ער נאָר צוגעגעבן: — נו, איך מוז לויפן צו דער אַרבעט.

די מאַמע האָט פאַרשטאַנען, אַז חיים וויל זיך אַרויסדרייען פון די רייד, האָט זי קלוג אַ שמייכל געטאָן און אים אַרויסבאַגלייט צו דער אַרבעט.

דער טאָג איז געוואַקסן, אין שטוב איז געוואָרן ליכטיקער. די חדר־יינגלעך האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפקומען, דער טאַטע איז געקומען פון שול, די שטוב איז געוואָרן אָנגעפילט מיט דינע קינדערשע שטימע־לעך, צווישע וועלכע עס האָט זיך אָפט געהערט דעם טאַטנס אַ גע־בייזער, ווען אַ יינגל האָט ניט געוואוסט קיין טייטש אָדער איינגאַנצן פאַרגעסן וואו מען האַלט אין חומש.

די מאַמע איז געזעסן אין געוועלבל, געוואַרט אויף אַ קונה, און אַלץ אין שטוב איז צוריק אַוועק אויפן אַלטן שטייגער.

אָבער דער טאַטע איז געווען שלעכט געשטימט יענעם פרימאָרגן. ער האָט ניט געהאַט קיין געדולד צו די יינגלעך. שלעכטע געדאַנקען זיינען אים געקראָכן אין קאָפּ קעגן זיין ווילן.

— צו וואָס זיך אויסעסן דאָס האַרץ מיט די חדר־יינגלעך? — האָט ער געקלערט. — וועלן זיי דען גיין אין די דרכים, וואָס ער און די דורות פאַר אים זיינען געגאַנגען? ער איז דאָך ניט אויסן אויסלערנען זיי בלויז עברי און דאַווגען. ער וויל דאָך זיי אויסלערנען עפּעס מער. ער וויל דאָך זיי זאָלן ווערן ערלעכע יידן, יראי־שמימס, זיי זאָלן וויסן זייער שטאַם, וויסן אַז ביי יידן זיינען געווען נביאים און תלמידי־חכמים, דרך־ארץ האָבן פאַרן אייגן פאָלק און ניט אויסמישן זיך מיט די אומות־העולם. אָבער עפּעס שרעקט אים דאָס האַרץ פאַרן יונגן דור. פאַרוואָס זאָלן זיי זיין בעסער פון זיינע אייגענע קינדער? מילא, אהרן דינט זיין באַלעבאָס, ווי יעקב האָט געדינט לבנען זיבן יאָר פאַר לאהן, אָבער פערל איז אַוועקגעפאָרן אין דער טריפהנער אַמעריקע, חיים שרייבט זשאַרגאָנישע מעשיות, און לייענט טריף־פסולס, און ביילקע? ווי זי האָט עס אים נעכטן מבייש געווען פאַר פרעמדע מענטשן! נאָר גאָרנישט, מען טאָר נישט זינדיקן! אַ דאַנק דעם בורא עולם פאַר אַלץ.

אַזוי האָט דער טאַטע געקלערט אַ גאַנצן טאָג. ער האָט זיך אַפילו גוט ניט צוגעהערט וואָס די יינגלעך לערנען. די חדר־יינגלעך האָבן

אויסגענוצט דעם רבינס פּאַרטראַכטקייט, זיך אַ שפּיל געטאָן אונטערן טיש מיט קנעפּלעך, געקיצלט איינער דעם אַנדערן די פּיאַטעס און געלאַכט.

דער טאַטע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיינע געדאַנקען, גענומען זיך מוסרן און בעטן שטילערהייט גאָט, ער זאָל אים מוחל זיין פאַר די שלעכטע מחשבות, אָבער פּונקט ווי אויף צו להכעיס האָט דער שטן־המשחית זיך אָנגעזעצט אויף אים מיט זיינע מחשבות־רעות. כדי פּטור צו ווערן פון די שלעכטע מחשבות, האָט ער געהייסן פאַרמאַכן די חומשים, און פאַנאַנדערגעלאָזן דעם חדר; אַליין איז ער אַוועק אין שול דאַוונען מנחה פריער ווי אַלע טאָג. די מאַמע איז אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג און האָט געזיפצט שטילערהייט. עפּעס איז איר ניט גע־פעלן דעם טאַטנס פּירעכץ. גייט אַרום אַ גאַנצן טאָג אָן עסן, מרה־שחורהדיק, פאַרקלערט, רעדט ניט צו קיינעם.

ווען זי האָט געזען אַז עס ווערט שפּעט, און דער טאַטע איז נאָך ניט געקומען צוריק פון שול, איז זי געוואָרן אומרואיק און איז אַרויס אין גאַס. זי וועט זיך דורכגיין, כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט און דערווייל אפשר באַגעגענען דעם טאַטן.

אַז זי איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט, האָט זי דערהערט אַן אויס־געשריי און האָט געזען ווי מענטשן לויפן; באַלד איז געקומען אַ צוויי־טער אויסגעשריי, אַ האַרץ־רייסנדיקער, אַ וויינענדיקער, אַ קרעכצנדי־קער. עס האָט איר אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ, ווי מיט אַ האַמער.

— אוי.

— דודס קול! — האָט זי אַ געשריי געטאָן און זיך געלאָזן לויפן נאָכן קול נאָך.

אַז זי איז צוגעקומען צום ראָג גאַס, איז זי אַריינגעפאַלן אין אַ רעדל מענטשן, דורכגעשטופּט זיך מיט די עלנבויגנס און געשריען:

— לאָזט מיך צו! — די מענטשן זיינען אָפּגעטראָטן. דער טאַטע איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן הילצערנעם טראָטואַר, דאָס פּנים וויס ווי קאַלך, די אויגן אַרויסגעסטאַרטשעט פון קאָפּ, די באָרד צעשויבערט, די שוואַרצע קאַפּאָטע פאַרשטויבט, דאָס היטל פאַרוואָרפן אויף די שפּי־ציקע שטיינער אינמיטן גאַס. מיט איין האַנט האָט ער צוגעדעקט זיין בלויזן קאָפּ, די אַנדערע האַנט איז געלעגן אומבאַוועגלעך. ער האָט שוואַך געקרעכצט, קוים וואָס מען האָט אים געקענט הערן.

— גאָט איז מיט דיר, דוד, וואָס האָט פּאַסירט? — האָט זיך די מאַמע אַרונטערגעלאָזן אויף די קני און געוואָלט אים אויפהויבן. דער

טאַטע האָט ניט געענטפערט, אָבער פון אַלע זייטן זיינען געקומען געשרייען:

— כוליגאַנעס זיינען אים באַפאַלן!

— געשלאָגן! אומגעוואָרפן!

— געשלאָגן און אַנטלאָפן געוואָרן!

העכער פון אַלעמען האָט געשריען יאַן קאַזלאָווסקי, דער פעלדשער, וואָס איז אויך געווען אַ צירולניק, און האָט געוואוינט איבערן גאַס פון דער מאַמעס געוועלב.

די מאַמע האָט זיך ניט פאַרלאָרן און גענומען שרייען:

— די גיכע הילף! זאָל מען רופן די גיכע הילף!

שוין גערופן, — האָט יאַן קאַזלאָווסקי אַ זאָג געטאָן, און האָט אויפגעהויבן דעם טאַטנס היטל פון דער ערד, אַרויפגעלייגט עס אויף זיין קאָפּ. דער טאַטע איז געלעגן אַ האַלב פאַרחלשטער און האָט ווייטאָקדיק געקרעכצט. ער האָט זיך אַנגענומען מיט די לעצטע כוחות און אַ זאָג געטאָן:

— די ערלים האָבן מיך געשלאָגן, אומגעוואָרפן.

עס איז אים פּלוצלונג באַפאַלן אַ קעלט, אַזש די ציינער אין מויל האָבן ביי אים גענומען קלאַפּן. יאַן האָט אַרונטערגענומען זיין מאַ־רינאַרקע און צוגעדעקט מיט איר דעם טאַטן.

די מאַמע האָט געקוקט און געטראַכט:

— אַ קריסט, דער יאַן קאַזלאָווסקי, און שטייט און וואַרכט איבער אַ יידן, און לאָזט ניט מ׳זאָל אים טאָן שלעכטס. זי דערמאָנט זיך אין דעמיאַנקאָן, אין באַבראָוויטש. אוודאי ווייסט זי, אַז ניט אַלע ערלים זיינען שלעכט צו יידן. דער טאַטע מעג דאָס אויך ווינן. זי קוקט אויף זיין אויסגעצויגענעם קערפּער און דאָס האַרץ וויינט אין איר.

באַלד איז אָנגעלאָפן דער וואָגן פון דער „גיכע הילף״. יונגעלייט אין ווייסע כאַלאַטן האָבן אויפגעהויבן דעם טאַטן אויף אַ טראָג־ברעט, אַריינגעשאַרט אים אין וואָגן און אַוועקגעפאָרן מיט אים איבער די שפּיציקע שטיינער גלייך צום יידישן שפּיטאָל.

ווען ביילקע און חיים זיינען געקומען פון דער אַרבעט, האָט זיי כאַצקל דער שוסטער דערציילט, וואָס עס האָט געטראָפן מיט זייער טאַטן. בשעת מעשה האָט ער שטילערהייט אונטערגעברומט אַ לידעלע, וואָס האָט געקלונגען ווי „גאָט און זיין משפּט איז גערעכט״.

חיים האָט געוואָרפן אַ בייזן קוק אין כאַצקלס ווינקל: „ביי יע־דער געלעגנהייט האָט ער אַ פאַרטיק לידל״, — האָט ער אַ טראַכט

געטאָן. זיין קאָפּ איז געווען פאַרנומען מיט זאָרג וועגן דעם טאַטן. ער איז טאַקע באַלד, צוזאַמען מיט ביילקען, אַוועקגעפאָרן אין שפּיטאָל.

אין דעם גרויסן שפּיטאָל־צימער זיינען געשטאַנען אַ סך בעטן. יידן פון פאַרשיידענעם עלטער זיינען געלעגן און געקרעכצט. אין איין בעט איז געלעגן דער טאַטע, זיין ווייס פאַרבאַנדאַזשירטע האַנט איז געלעגן ווי אַ גראָבע קלאָץ ביי זיין זייט. אהרן און די מאַמע זיינען גע־שטאַנען ביי זיין בעט און האָבן שטיל גערעדט.

ווען ביילקע און חיים זיינען אַריינגעקומען, האָבן זיך דעם טאַטנס אויגן אַ קער געטאָן צו זיי; אויף זיין בלייכן פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל און איז פאַרשוואונדן אין זיין גרויער באָרד. אהרן האָט גע־קוקט אויף ביילקען מיט שטראָפנדיקע אויגן און זיך אָפּגעקערט פון איר. ביילקע האָט אַרונטערגעלאָזן אירע מיט טרערן פאַרלאָפענע אויגן, אַ געפיל פון שולדיקייט האָט זי געמאַטערט.

— דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז דער טאַטע וועט אינגיכן גע־זונט ווערן, — האָט די מאַמע געטרייסט די קינדער.

— הערסט, טאַטעשי, דער מייסטער האָט געזאָגט נעכטן, אַז אונדז וועלן אינגיכן שרייבן תנאים, — האָט אהרן אָנגעזאָגט דעם טאַטן די גוטע בשורה.

— דאַנקען דעם אויבערשטן. עס שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים, אַז פון אַ גוטער בשורה ווערט די ביין פעט, — האָט ער גע־זאָגט און פּרובירט אַ ריר טאָן מיט דער צעבראָכענער האַנט, און דערביי געמאַכט אַ ווייטיקדיקע גרימאַסע.

— גייט קינדערלעך אַהיים, נעמט מיט די מאַמען און האָט ניט קיין יסורים וועגן מיר. — האָט דער טאַטע געשעפּטשעט און זיינע אויגן־דעקלעך האָבן זיך אַרונטערגעלאָזן, ער איז געבליבן ליגן אויס־געשעפּט.

אינגיכן האָט מען זיך אָפּגעזעגנט מיטן טאַטן און געלאָזן אים זיך אויסרוען. אַלע זיינען אַרויס צוזאַמען, אָבער אינדרויסן זיינען די מאַ־מע און אהרן אַוועק אין איין וועג, און חיים מיט ביילקען אין אַ צווייטן וועג.

דער גאַנצער וועג אַהיים, זיצנדיק אין טראַמוויי זיינען חיים און ביילקע געווען באַלאָדן מיט שווערע געדאַנקען. ביילקע האָט געטראַכט:

— טאַטע־מאַמע ווערן אַלט. דער גאַנצער דור זייערער ווערט אַלט, ווערט אַלט און וועט פריער־שפּעטער פאַרשווינדן. וואָס פאַר אַ וועלט וועט אויפקומען? מן־הסתם אַן אומרואיקע, אַ צעטרייסלטע,

מיט צעטרייסלטע מענטשן, אַט ווי זי, ביילקע... זי האָט זיך דערשראָקן פאַר דאָס אומבאַוואוסטע, פאַר דאָס פאַרבאָרגענע. זי האָט די דאָזיקע געדאַנקען געוואָלט פאַרטרייבן, האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— חיים, געדענקסט, מיר האָבן דאָך אָפּגעמאַכט צו גיין שפּאַצירן אין זאַקישען גאָרטן.

חיים האָט ניט דערווידערט, ער האָט אַפילו שטום צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און ווען דער טראַמווײַ האָט זיך אָפּגעשטעלט, זײַנען זיי אַרונטער און געלאָזן זיך גיין איבער דער באַלויכטענער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס. ביילקע האָט געהאַלטן חיימען אונטערן אָרעם, און זיך היפּשלעך אָנגעשפּאַרט אויף אים.

— געדענקסט, חיים, מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אין טעלעכאַן? טאַקע אין פרילינג. געווען אַ שיינער אָוונט ווי הײַנט. דער בעז האָט געשמעקט, מיר זײַנען דאַן אויך געגאַנגען געאָרעמט ווי איצט. אָבער אַלץ איז דאַן געווען אַזוי אַנדערשדריק, בעסער. איך בין נאָך ניט געשטאַנען אין שידוכים, דער טאַטע איז ניט געלעגן מיט אַ צעבראָכענער האַנט, מיר זײַנען געגאַנגען אויפן ביטשעווניק, געדענקסט? — איז ביילקע צוגעשטאַנען צו חיימען.

— אַט וועגן דעם וויל איך טאַקע ריידן מיט דיר. — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און זיך ערנסט פאַרטראַכט: „וואָס זאָל ער איר זאָגן כדי איר צו העלפן? און זאָגן איז דאָך דאָ אַזוי פיל!...״

ער האָט פאַרגעזעצט:

— ביילקע, דו לעבסט אין פאַנטאַזיעס און אין דער פאַרגאַנגענהייט. דאָס טויג ניט, ביילקע. גיי ניט צוריק צו דעם פאַרגאַנגענעם. צו וואָס? צו יעקב דעם שניידערס שקלאַפערײַ? בייטאָג און בײַנאַכט? צום ניט־דערעסן צו זאַט? צו באַליידיקונגען ביי דעם שניידער־טיש אָדער אויף דער גלאָז־פאַבריק אין דער הוטע??!

— ביילקע, דו וועסט באַאײַנפלוסט פון אַ „פּאַנאַ אַנאַ״, וועמען עס שטייט ניט אָן חתונה צו האָבן מיט אַ פּראָסטן אַרבעטער, וואַרט זי שוין עטלעכע און דרייסיק יאָר אויפן „וואַיאַזשאַר״, וועלכער האָט זיך פאַרזאַמט אין וועג. ווערסט באַאײַנפלוסט פון רעגינאַ, די פּאַנטאַזיאָרקע, דו ביסט אײַנגאַנצן אַרונטער פון די וועגן אויף וועלכע מיר זײַנען געגאַנגען אין טעלעכאַן. איך ווייס, אַז דו ביסט געגאַנגען הערן הלל צייטלינס רעפעראַט וועגן „גאָט־זוכערײַ, נשמה־קראַצעניש״. דו נאַרסט אָפּ דעם טאַטן, אַז „ער וועט פון דיר נחת האָבן״, ברענגט ער דיר אַ חתן, רעוואָלטירסטו... זוכסט אמתע ליבע, און דו געפינסט

אַנטוישונג... ווערסט ציניש... ביילקע, איך מוסר דיך ניט, פֿאַרשטיי מיך. איך בין האַרט און שטרענג מיט דיר, ווייל איך האָב דיך ליב, איך וויל דיך ניט זען צעשפּליטערט אויף צווייען.

חיים איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווי דאָס ריידן וואָלט אים אָנגעקומען צו שווער. ביילקע האָט צוגעדריקט זיין האַנט צו איר זייט, זיי האָבן לאַנגזאַם שפּאַצירט אויפן האַרטן ברוק אונטער דעם ליכט פון די גאַז־לאָמפּן.

— דו האָסט אויפגעדעקט אַ סך וואונדן כדי זיי אויסצוהיילן... — האָט ביילקע געזאָגט, — אָבער די גרעסטע וואונד, וואָס טוט וויי, דריקט און שטיקט, ניט נאָר מיך, נאָר אונדז אַלע, — דאָס האָסטו ניט דערמאָנט.

— איך ווייס, ביילקע, אַז דו ביסט זייער אַ סענסיטיווע נשמה, אַז דער ייד, ווען מען דער פּאָליציאַנט האָט פֿאַריאָגט פון זאַקסישן גאָרטן גייט דיר שטאַרק אָן, און דער איבערפֿאַל פון כוליגאַנעס אויפן טאַטן, עסט דיך ממש אויף. איז דעריבער דאַרף מען זען וואָס מען קאָן טאָן וועגן דעם!

— דאָס, און נאָך אַ סך אַנדערע זאַכן, — האָט ביילקע געענטפֿערט. — זאַכן וואָס איך קען ניט פֿאַרשטיין און איך האָס. דאָס טרייבט מיך צו קלערן וועגן אַוועקפֿאָרן קיין אַמעריקע. — אין דעם פֿרייען לאַנד.

— קענסטו מיר זאָגן וואָס אַזעלכעס דו פֿאַרשטייסט ניט און דו האַסט? — האָט ער אַ פֿרעג געטאָן שוין געלאַסענער.

— וואָס איך האָס? — האָט זי געענטפֿערט מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל — איך האָס דאָס צאַרישע לאַנד מיט דעם אַנטיסעמיטיזם, דאָס קעלער־לעבן פון די אָרימעלייט, דאָס געשריי פון די שמאַטע־הענדלער אין די יידישע הויפֿן; איך האָס די פֿאַרגרעבטקייט, די שמוציקע רייד פון די מענער־געזעלן ביי דעם געניי, און מער פון אַלץ האָס איך דעם „סאָניניזם". נאַטאַליע, מיט וועמען איך אַרבעט, האָט מיך גענומען אין „געזעלשאַפֿט", איך שעם זיך דיר צו דערציילן, וואָס דאָרטן האָט זיך אָפּגעטאָן... עס איז געווען „הפקר־פּעטרעשקע", „לוסטיקייט און גלוסטיקייט"... זיי רופֿן דאָס פֿרייע ליבע...

— דו דאַרפֿסט ניט גיין אין אַזעלכע „געזעלשאַפֿטן", — האָט חיים זיך אַ כאַפּ געטאָן. — זאָג מיר, ווער איז דאָרט געווען פון די וואָס מיר קענען? טייבעלע, איז זי דאָרט געווען? — האָט חיים געפֿרעגט אומרואיק.

— דו ווייסט, אַז טייבעלע וועט ניט גיין אין אַזעלכע פלעצער, — האָט זי געענטפערט מיט פאַרוואורף, און געקלערט האָט זי:

— אַ מאַן בלייבט אַ מאַן! קוקט אַ פרוי אויף נאָך דעם מאַן וואוהין ער גייט?

— טאָ ווי קומסטו אַהין? — האָט ער בייז גענומען רעדן צו דער שוועסטער.

— איך האָב זיך אַזויפיל אָנגעהערט וועגן „סאָציאַליזם", אַז איך בין געוואָרן טשיקאַווע זיך צו באַקענען מיט די יונגע בחורים און מיידלעך און מיט זייער „אידעאַל", — האָט ביילקע אַ זאָג געטאָן אומשולדיק.

— די אַלע איבלען וואָס דו האָסט דאָ אויסגערעכנט און וועלכע דו האָסט, וועלן פון זיך אַליין ניט אַוועקגיין. קעגן די איבלען, שוועסטערקע, וועט מען מוזן גאַנץ שווער אַרבעטן און ראַנגלען זיך. איז וועגן דעם וועלן מיר רעדן שפּעטער, אָבער דערווייל פון היינט אָן און ווייטער, ביילקע, גייסטו מיט מיין „קרוזשאָק", פאַרגעס דערווייל וועגן פאָרן קיין אַמעריקע, וועגן דיין „וועלט שמערץ", דיין לייענען און שרייבן „קלאָגעדיקע" פּאָעזיע; פאַרגעס דיינע חברטעס, וואָס וואַרטן אויף פּריצים וואָס קומען אויף ווייסע פערד, און אויף „וואַיאַזשאָרן", וואָס ראַטעווען זיי אַרויס פון פּראָצאָווניע.

— פון היינט אָן גייען מיר צוזאַמען, — האָט חיים פעסט אַ זאָג געטאָן, און אַ ליכטיק פייערל האָט זיך אַ צונד געטאָן אין זיינע העלבלויע אויגן.

— יאָ, חיים, מיר גייען צוזאַמען, — האָט ביילקע געענטפערט און האָט נאָך שטאַרקער פאַרשטייפט איר האַנט אונטער זיין אָרעם.

אויפן גאַס האָבן זיך די לאַמפּן געטוקט, געלאָשן און געצונדן אין זייערע רויטע גאַז־פייערלעך.

אַן אינערלעכע פרייד האָט ביילקען אַרומגענומען. צום ערשטן מאָל אין איר לעבן איז זי געוואָרן זיכער אין זיך, זיכער אין איר גאַנג און זיכער מיט איר שטאַרקן, קלוגן ברודער, חיים.

## מיר גייען אויף „מאַיאָווקע"

אין אַ שבתדיקן מאַיאָוון פרימאָרגן, ווען ביילקע און חיים זיינען אַרויס פון שטוב צו גיין אויף אַ „מאַיאָווקע", ווי אַ סך אַנדערע יונגע מיידלעך און בחורים האָבן דאָס געטאָן אין יענער צייט, זיינען זיי פריער אַוועק אויף דער „בירזשע" אויסגעפינען וועמעס אַטשערעד עס

איז היינט צו גיין זען די פּאָליטישע אַרעסטירטע, די וועלכע פּאַוויאַק־פּאָליציי האָט דערלויבט צו זען.

קראַשינסקיס גאָרטן, וואו יוגנטלעכע האָבן זיך אַלע שבת צוזאַמענגעקליבן „אויף דער בירזשע", איז דאָס מאָל אויך געווען פול מיט יונגע מענטשן. צוליב די שטרענגע פּאָליצייאישע פאַראָרדענונגען האָט מען ניט געטאָרט שטיין צו לאַנג אין גרויסע מאַסן אויף איין אָרט.

די יוגנט האָט זיך שנעל איינגעטיילט אין פאַרשיידענע קאָמיטעטן: ווער עס זאָל באַזוכן די חברים אין פּאַוויאַק־תּפיסה; ווער — פאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס און בראָשורן; ווער עס זאָל גיין רעדן מיט אַ שלעכטן מייסטער, וואָס איזדיעקעוועט זיך איבער זיינע אַרבעטער; ווער —פאַר אַנדערע אַקטיוויטעטן, וועלכע זיינען געווען נויטיק צו טאָן אין יענע טעג פון 1912.

די חברים און חברטעס, וואָס האָבן שוין געהאַט געטאָן זייער פליכט צו דער „אַרבעטער־זאַך", זיינען געווען פריי צו גיין אויף „מאַיאָווקע".ביילקע און חיים זיינען געווען צווישן יענע. זיי האָבן זיך טאַקע גלייך געלאָזט גיין אויף דער מאַיאָווקע.

— טייבל האָט צוגעזאָגט צו וואַרטן אויף אונדז ביי איר אין הויף און מיט די איבעריקע חברים וועלן מיר זיך שוין טרעפן אין די לאַזשענקעס, — האָט געזאָגט חיים שפּאַנענדיק מיט גרויסע טריט צו דער ליעשנע גאַס.

— הער, חיים, היינט זיינען מיר דאָך אויף „מאַיאָווקע", מעגן מיר דאָך ריידן פון שפּילעוודיקע זאַכן... זאָג דעם אמת, האָסט עפּעס שטאַרק ליב טייבלען? — האָט ביילקע פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן.

חיים האָט פאַרלאַנגזאַמט זיין טראָט, אָנגעקוקט ביילקען, אַ קנייטש געטאָן זיין הויכן שטערן, און מאָדנע אַ זאָג געטאָן:

— שפּילעוודיקע זאַכן... נו, און וואָס אַ שטייגער וואָלסטו געוואָלט וויסן?

— איך וואָלט געוואָלט וויסן, ווי פילט אַ מענטש וואָס איז פאַרליבט? — איז ביילקע געוואָרן דרייסטער.

חיים האָט זיך צעלאַכט מיט אַ הילכיקן געלעכטער.

— דו ביסט דאָך עלטער פון מיר, דאַרפסטו דאָך וויסן, — האָט חיים געזאָגט, קוקנדיק זיין שוועסטער אין די אויגן.

— איך ווייס אָבער ניט. — האָט זיך ביילקע געררויטלט.

— אַז דו וועסט אָפּווישן די רויטקייט פון פּנים, וועל איך דיר זאָגן ווי אַ פאַרליבטער פילט. אַ פאַרליבטער, אָדער פאַרליבטע, פילט

ווי אַרומנעמען די גאַנצע וועלט מיט זיינע הענט און זי קושן! אַט אַזוי! — און חיים צעשפּרייט זיינע הענט, ווי אַ פליענדיקער בושאַק זיינע פליגלען.

ביילקע האָט געשמייכלט. זיין יעדעס וואָרט האָט איר אַלץ מער צוגעצויגן צו אים.

עטלעכע פאַרבייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט, זיי אָנגעקוקט, גע־הויבן מיט די אַקסלען, געשמייכלט און ווייטער געגאַנגען.

זיי זיינען צוגעקומען צום טויער ליעשנע 4, וואו טייבל מיט אירע דריי שוועסטער און מוטער, אַן אַלמנה, האָבן געוואוינט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

טייבלס מוטער, אַ פעסט־געבויטע פרוי מיט אַ גראָבן לייוונטענעם פאַרטוך אַרום אירע לענדן, מיט צוויי קעשענעס אין די זייטן פאַר „קליין געלט”, איז געשטאַנען ביי איר קיאָסק און פאַרקויפט צייטונגען. זי איז זיי אַנטקעגנגעקומען און מיט אַ ברייטן, גוטמוטיקן מאַמעשן שמייכל אויף איר פּנים.

— אַ גוט מאָרגן אייך, קינדערר. וואוהין גייט אירר? — האָט זי זיי אַנטקעגנגעטראָגן אַ ברייטן שמייכל מיט אַן אויסשפּראַך פון האַרטע רוסישע ריישן.

— מיר גייען אויף „מאַיאָווקע”, מאַמעשי, — האָט חיים געזאָגט, אויפגעהויבן אַ „היינט” פון איר טישל צייטונגען, און דערלאַנגט איר אַ זילבערנע מטבע. זי האָט אַריינגעטאָן איר צעשפּרייטע האַנט אין קעשענע, אַרויסגענומען אַ פּאָר קופּערנע מטבעות און געגעבן רעשטע.

— די קינדער וואַררטן דאָרטן אין טויערר, האָט זי געזאָגט מיט די האַרטע ריישן, וואָס האָט געמאַכט ביילקען טראַכטן אַז די דאָזיקע פרוי איז נאָר־וואָס אַראָפּ פון אַ פרעמדן רוסישן וואָגן.

דערהערט חיימס קול, זיינען די מיידלעך אַרויסגעקומען.

די ערשטע אַרויסצוקומען פון הויף איז געווען טייבעלע. נאָך איר איז געגאַנגען איר דאַרע שוועסטער כייקע, וועלכע האָט געטראָגן אַ שטילן צער אין אירע אומעטיקע אויגן. דאָס איז איר געקומען, זאָגט מען, פון אַן „אומגליקלעכער ליבע”. טייבלס קוזינקע, די חנעוור־דיקע צירל, וואָס האָט אַ שטימע פון אַ קאַנאַריקל, האָט געטראָגן אַנטקעגן איר רונדן שמייכלענדיקן פּנים.

— ספּריעזדאָם! — האָט זי אויסגעשריען. — גוט וואָס איר זייט געקומען. מיר האָבן דאָך ניט געוואוסט וואָס איבערצוטראַכטן! —

ווען מיר נעמען אַ דראָזשקע? — האָט זי געפרעגט און געקוקט אויף חיימען אַ צעשײַנטע.

— וואָס דען, אַ שליטן וועלן מיר נעמען אין מאַי? — האָט חיים געקוקט אויף איר שוואַרץ־געקרויזטן קאָפּ מיט ליבשאַפט.

— אַ שליטן, ווי אַ שליטן, אָבער אַ טראַמוויי וואָלט אפשר געקאָסט ביליקער. — האָט זי געלאַכט.

חיים האָט מיט זײַנעם אַ שאַרפן פֿײַף אָפּגעשטעלט אַ פאַרביי־לויפנדיקע דראָזשקע.

דער קוטשער, אַ פּאָליאַק, מיט אַ פאַרברויניטן פּנים און שאַרסקע הענט, האָט אַ קנייטש געטאָן מיט זײַנע ברייטע אַקסלען: „פּיר פאַ־ביענקעס און אַ פאַן. וואו וועט איר דאָ זיצן? — האָט ער זיך געוואונ־דערט.

— די פאַניענקעס וועלן זיצן אין בריטשקע, איך וועל זיצן מיט דיר אויפן ברעטל, הינטערן פערדס עק. — האָט חיים דערקלערט לייכט־שפּאַסיק.

און גלייך האָט דער עולם גענומען אויסזעצן זיך אין דער דראָזשקע.

די קליינע טייבעלע האָט געקוקט אויף חיימען מיט אירע גרויסע שוואַרצע אויגן, וואָס זײַנען געווען פול מיט ליבשאַפט, ווי די מאַיאָווע לופט — מיט בלומען־דופט.

— דאָס האַלטן זיי איצט די וועלט אַרומגענומען און קושן זי! — האָט ביילקע געטראַכט.

די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער יערוזאַלימסקע אַלייע. אַ כאַפּטע מיידלעך און בחורים זײַנען זיי אַנטקעגנגעקומען.

— אַזוי שפּעט קומט מען אויף אַ „מאַיאָווקע”, — האָט געפרעגט אַ בחור מיט אַ פליישיקן פּנים און לויפנדיקע קליינע אויגן, וואָס זײַן נאָמען איז געווען מאָיסעי כאַזאַנאָוויטש, אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנ־ציק.

— נו, יאָ, שפּעט, — האָט צוגעגעבן חיים, — אָבער לאָמיר ניט פאַרלירן קיין צייט. קומט אין די לאַזשענקעס, וועלן מיר זיך שיפלען אויפן טייך און פאַרברענגען.

אַ מחנה יוגנטלעכע האָבן זיך צעוויגט מיט פלייצעס, הענט און צעלויכטענע אויגן. דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו די לאַזשענ־קעס, צום בלויען וואַסער. עס איז אויסגעקומען גיין דורך גרינע אַלייען, צווישן הויכע אַלטע ביימער און פילפאַרביקע בלומען, ביז מען איז ענדלעך צוגעקומען צו אַ לאַנגן שמאָלן טייך, אויף וועלכן

יונגע פּאָרלעך האָבן זיך געגליטשט אין זייערע שיפלעך. פון אַ סך שיפלעך האָט זיך געטראָגן אַ פריילעכער געזאַנג.

— מיר ווילן דינגען אַ קליינע לאָדקע, — האָט טייבעלע זיך געווענדט מיט איר וואויל־קלינגענדיקער שטימעלע צום הויכן פּוילישן בחור, וואָס האָט אויסגעטיילט די לאָדקעס.

חיים און טייבל זיינען זיך אַריין אין אַ קליינער לאָדקע. אין אַ גרעסערער זיינען אַריין ביילקע מיט אירע צוויי חברטעס, מאָיסעי און באָריס, אַ בחור מיט אַן אינטעליגענטן פּנים און אַ הינקעדיקער אויף אַ פוס. עס איז אַוועק אַ פאַרמעסט צווישן מאָיסעי און חיימען, ווער וועמען עס וועט אַריבעריאָגן.

מען האָט זיך געיאָגט און אַריבערגעיאָגט איינס דאָס אַנדערע, אָבער ווען מען איז סוף־כל־סוף מיד געוואָרן, האָט מען זיך אויסגעצויגן אין שיפל, פאַרריסן די אויגן צו די שווימענדיקע וואָלקנס אין בלויען הימל, און שטיל גענומען זינגען רוסישע סענטימענטאַלע לידער.

ערגעץ אין אַ שיפל האָט זיך אַ בחור מיט אַ גראָבער באַס־שטימע פאַרגאַנגען אין אַ געזאַנג:

„ווי שטורעמדיקע כוואַליעס אין ים
זיינען אונדזערע טעג פון לעבן...
יעדן טאָג ווערט נעענטער דער גאַנג
צום בית־עלמין . . .
גיס אָן, חבר... טרינק אויס!
גאָט ווייס וואָס שטייט אונדז פאָרויס...״

— אַך, ווי שיין און האַרציק עס זיינען די רוסישע לידער. — האָט געזאָגט ביילקע מיטן באַהאַלטענעם צער אין די אויגן.

— זיי זיינען האַרציק, אָבער צו טרויעריק און האָפענונגסלאָז, — האָט געזאָגט די חנוודיקע צירל מיט פאַרדראָס.

— זיי זיינען פּעסימיסטיש, ווייל דאָס לעבן איז פּעסימיסטיש. — האָט אַ זאָג געטאָן מאָיסעי. זיין פליישיקער פּנים מיט די געלבלעכע ליפּן האָבן זיך ווי געברוגזט.

— ווער עס קען דאָס רוסישע פאָלק און זיין רייכע ליטעראַטור, ווייס אַז עס איז דאָ אַ צווייטע זייט פון דער מטבע. — האָט געזאָגט באָריס.

— וואָס טויג מיר וואָס אין די ביכער שטייט? — האָט אים מאָיסעי איבערגעשלאָגן, — דאָס לעבן איז פּעסימיסטיש, טרויעריק! וואָס קאָן די צוקונפט אונדז ברענגען? אַוודאי, די יוגנט איז ברויזנדיק,

שטורעמדיק און הפקרדיק־לעבנסלוסטיק, אָבער דאָס איז דערפאַר וואָס זי וויל זיך פאַרטויבן, באַרוישן, פאַרשיכורן. דערפון טאַקע נעמט זיך דער סאַניניזם... — ער האָט פלוצלונג אָפּגעהאַקט און געביטן זיין טאָן: — נעם דו, באָריס, די וועסלעס. לאָמיר זען ווי דו קענסט זיין אַ קאַפּיטאַן. — באָריס האָט איבערגענומען די וויאַסלעס, געגעבן אַ צעפּיר מיט די הענט. דאָס וואַסער האָט אַ בולבע געטאָן און דאָס שיפל האָט זיך גענומען האַסטיקער גליטשן אויפן שטילן וואַסער.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. דערנאָך האָט באָריס אָנגעהויבן ריידן, שטיל און איבערצייגנדיק:

— נאָך דיינע רייד, מאַיסעי, קומט אויס, אַז די גאַנצע רוסישע יוגנט איז הפקרדיק, פאַרשיכורט און אומפאַראַנטוואָרטלעך. ביסט ניט גערעכט. אונדזער יוגנט פאַרמאָגט נאָך אַ געזונטן רעוואָלוציאָנערן כוח. זי האָט געקראָגן אַ קלאַפּ פון דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע... אָבער זי וועט זיך אויסטשוכען... שווער צו זען מיטן נאַקעטן אויג די גוואַלדיק גרויסע כוחות, וואָס אַרבעטן אין פאָלק, אין אונדזער דור. מיר שטייען פאַר גרויסע געשעענישן, פאַר נייע רעוואָלוציעס.

באָריס איז אַנטשוויגן געוואָרן, געקוקט אויף די צוהערער צו זען וואָס פאַר אַן איינדרוק זיינע ווערטער האָבן געמאַכט אויף זיי.

מאַיסעי האָט געשמייכלט און געזאָגט סאַרקאַסטיש: — נו, גוט, לאָמיר אָננעמען, אַז עס וועט אין גיכן זיין נאָך אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, אַ דערפאָלגרייכע, און רוסלאַנד וועט ווערן אַ סאָציאַליסטיש לאַנד, דענקסטו אַז די קאַפּיטאַליסטישע לענדער וועלן זיצן מיט פאַר־לייגטע הענט? געוויס ניט! זיי וועלן עס שטיקן אויף אַלערליי אופנים ביז עס וועט אונטערגיין. ניין, ס'איז ניט מעגלעך איין סאָציאַליסטיש לאַנד אין אַ קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ווי עס איז ניט מעגלעך פאַר אַ לעמעלע צו בלייבן לעבן אין אַ וואַלד פון וועלף. וואָס מיר דאַרפן איז אַ וועלט־רעוואָלוציע. האָט מאַיסעי געזאָגט מיט אויטאָריטעט אין קול.

— וואו האָסטו דאָס געלייענט, מאַיסעי? אין וועלכע ביכער? — האָט געפרעגט גאַליק באָריס, זיין שטערן האָט זיך געקנייטשט.

— איך האָב דאָס געלייענט אין אַ סך בראָשורן. — האָט מאַיסעי אומגעדולדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין לופטן.

— און דו נעמסט פאַר הייליק אַלץ וואָס שטייט געשריבן? און אויב עס וועט זיין אַ דערפאָלגרייכע רעוואָלוציע, און רוסלאַנד וועט ווערן אַ פריי סאָציאַליסטיש לאַנד, ביסטו גרייט דערהרגענען דאָס

קינד איידער עס ווערט געבוירן? — האָט באָריס געזאָגט אין אַ טאָן ווי ער וואָלט זיך אין גאַנצן מיאש געווען אין זיין חבר מאָיסעי.

עס איז ווידער שטיל געוואָרן. אַ פויגל איז פאַרבייגעפלויגן, אי־בערגעלאָזן אַ געצוויטשער און ניט געוואָרן. צירל האָט אונטערגע־ברומט אַ פאַרבענקט לידל. באָריסן איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק: — מיר האָבן דאָך מיט אונדז קלוגע מיידלעך, איז לאָמיר הערן זייערע מיינונגען.

דאָס שיפל איז צוגעשוואומען צום ברעג און איז געבליבן שטיין.

— וואָס איז דיין מיינונג, כייקע? — האָט געפרעגט באָריס.

אָבער ניט כייקע און ניט צירל און ניט אַפילו די ערנסטע ביילקע זיינען גרייט געווען באַטייליקן זיך אין דער דיסקוסיע. ביילקע האָט אָנגעגעבן דעם טעם:

— איך בין נאָך ניט גענוג באַקאַנט מיט דער פּאָליטישער וועלט־לאַגע. איך וועל נאָך מוזן אַ היפּש ביסל לערנען איידער איך וועל זיין גרייט מיט מיין מיינונג.

ביילקעס און באָריסעס אויגן האָבן זיך באַגעגנט אין וואַרעמע בליקן... יענע בליקן וואָס ריידן אָן ווערטער.

— לאָמיר בעסער זינגען דאָס ליד פון „מאַי”. — האָט געזאָגט צירל, אונטערברומענדיק אַ סענטימענטאַלע מעלאָדיע.

— לאָמיר בעסער גיין אין קאַוויאַרניע עסן שאָדלע־מילך מיט ראַ־זעווע ברויט. — האָט געזאָגט חיים, צושווימענדיק צום ברעג. די צוויי שיפלעך האָבן זיך אָנגעקלאַפּט. טייבעלע האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט: „סעריאָזנע, לאָמיר גיין אָט דאָרטן אין קאַוויאַרניע, איך וויל מאָראָזשענע. — האָט זי געוויזן מיטן ווייסן הענטל צום ווינקל גאָרטן, וואו מען האָט פאַרקויפט עסנוואַרג.

— אָך, וואו ביסטו געווען, חיים? האָסט אונדז געדאַרפט קומען ראַטעווען פון די שווערע וועלט־פּראָבלעמען. — האָט געזאָגט כייקע. אַ קוים־באַמערקבאַרער שמייכל האָט צוגעדעקט דעם צער אויף איר פּנים, דעם צייכן וואָס די „אומגליקלעכע ליבע” האָט געלאָזן. די יוגנט האָט זיך צעלאַכט. העכער פון אַלע — טייבעלע. צוויי האָבן ניט גע־לאַכט, ביילקע און באָריס...

די בחורים האָבן געהאָלפן די מיידלעך אַרויסגיין פון די לאָדקעס, מאָיסעי האָט אויסגעצויגן זיין האַנט צו ביילקען, זי האָט ניט געוואָלט אָננעמען... באָריס האָט זיך אַ וויג געטאָן אויף זיין קירצערן פוס, אויסגעשטרעקט צו ביילקען זיין האַנט, זי האָט אָנגענומען... פריילעכע

האָבן זיי פאַרלאָזן די שיפלעך, געגאַנגען אין קאַוויאַרניע עסן. דערנאָך איז מען אַוועק אין די יאַזדאָווסקע אַלייען פאַרענדיקן די „מאַיאָווקע״.

שפּעט אין אָונט, ווען חיים אוןביילקע זיינען געגאַנגען איבער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס, אַנגעזעטיקטע מיט פרישער מאַיאָווער לופט און גוטע שטימונגען, האָט חיים אַ פרעג געטאָן: נו, ביילקע, ווי געפעלט דיר עפּעס דער היינטיקער טאָג? דאָס שיפלען זיך? די נייע באַ־קאַנטשאַפט וואָס דו האָסט געמאַכט? איאָ, עס איז אַ גוטער איבער־בייט? — האָט ער געזאָגט ווי ער וואָלט אונטערגעטאַנצט אין גאַנג.

— מאָיסעי איז אַנטיפּאַטיש. דערפאַר איז באָריס אינטערעסאַנט. איך האָב שוין באָריסן אַ פּאָר מאָל געטראָפן ביי זיין שוועסטער רבקה אין הויז. ער איז אַן עקסטערן און גיט אוראָקן. אַ שאָד נאָר וואָס ער איז הינקעדיק אויף אַ פוס. — האָט זי געזאָגט אין באַדויער.

— דאָס איז גאָרניט. אָבי ער הינקט ניט אויפן שכל. אַ וואוילער יאַט, דער באָריס — האָט חיים געזאָגט.

— יאָ, און אַ וואונדערלעכער שיינער טאָג איז היינט געווען, אַ טאָג צום געדענקען! איך קען איצט אַרומנעמען די גאַנצע וועלט און קושן! — האָט ביילקע געזאָגט מיט עקסטאַז. די ווערטער האָבן זיך אומגעריכט אַרויסגעריסן פון איר מויל.

— ביסט אויך פאַרליבט, ביילקע! — האָט חיים אויסגעשריען. — נאָר אין וועמען? אפשר ווידער אין דער „ליבע״? — האָט ער צוגע־געבן שפּאַסיק.

ביילקע האָט זיך צעלאַכט מיט אַזאַ האַרציקן געלעכטער, ווי קיין מאָל ניט פריער אין איר לעבן, זי האָט געלאַכט, ווייל זי האָט ליב געקראָגן דאָס לעבן, די יוגנט און די ליבע און איר ברודער חיימען, וועלכער זאָגט איר שטענדיק בייסנדיקע אמתן . . .

## ביילקע פאָרט קיין אַמעריקע

נאָך עטלעכע טעג ליגן אין שפּיטאָל איז דער טאַטע געקומען אַהיים. דעם זעלבן טאָג האָבן אהרן און נעכע געשריבן תנאים און באַשטימט די חתונה אויף שבת נאָך שבועות. מען האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער חתונה.

ביילקע האָט שוין מער ניט געערדט פון פאָרן קיין אַמעריקע. אין אַלגעמיין איז זי געוואָרן פריילעכער, צופרידענער מיט זיך און מיט די אַרומיקע מענטשן.

אַ ניי לעבן האָט זיך אָנגעהויבן פאַרביילקען. די אָוונטן ווען חיים איז ניט געגאַנגען זען טייבלען, פלעגן זיי צוזאַמען גיין אויף רעפעראַטן אָדער אויף לאַנגע שפּאַצירן איבער די ליכטיקע גאַסן פון מאַרשאַל־קאָווסקי, נאָווי־שוויאַט. זי האָט אויסגענוצט יעדע פרייע שעה צו זיין מיט חיימען, ווי דער אינסטינקט וואָלט איר אונטערגעזאָגט, אַז איצט אין זומער 1912, איז איר לעצטע געלעגנהייט צו פאַרברענגען מיט איר ברודער חיים און זיך טיילן מיט אים מיט אירע געדאַנקען און האָפענונגען.

— ווייסט, ביילקע, — האָט ער איין מאָל געזאָגט אויף איינעם פון זייערע לאַנגע שפּאַצירן, — איך פיל אין מיינע שטאַרקע גלידער, אַז פּאָניע וועט מיך צונעמען פאַר אַ סאָלדאַט. אַט דאַרף איך זיך שוין קומענדיקן יאָר שטעלן צום פּריזיוו. עס וועט מיר אָנקומען שווער, זייער שווער איבערלאָזן טייבלען.

— און מיר וועט דען ניט זיין שווער צו לעבן אָן דיר ? — האָט ביילקע געזאָגט. — דו ביסט דאָך מיר אַ סך מער ווי אַ ברודער. דו ביסט מיין חבר, חיים, מיין וועגווייזער. אָן דיין וואַכזאַמען אויג וואָלט איך איצט געווען ווי אַ „פּאַנא אנא״, וועלכע זיצט און וואַרט אויף איר „וואָיאַזשאָר״, ווייל אַז ניט וועט זי בלייבן אַן אַלטע מויד.

זי האָט שטאַרקער זיך אָנגעלענט אויף זיין אָרעם, ווי אירע פיס וואָלטן געוועזן צו שוואַך זי אויפצוהאַלטן.

— מוזט זיך, ביילקעלע, אויסלערנען שטיין אויף די אייגענע פיס,
— האָט חיים געזאָגט, — נישקשה, דו האָסט גענוג כוח פאַר דעם.
דו מוזט ! — האָט ער פאַרענדיקט באַפעלעריש.

— איך וויל ניט ריידן וועגן דעם צו די עלטערן, אָבער דיר וויל איך זאָגן אַז איך קלער נאָך אַלץ פאָרן קיין אַמעריקע, נאָך איידער דו שטעלסט זיך צום פּריזיוו.

— וואָס יאָגט דיך אַזוי קיין אַמעריקע ? — האָט חיים געפרעגט געלאַסן.

— וואָס־זשע, בלייבן זיצן דאָ און אויסקוקן אויף חתונה האָבן פאַר אַן אָרעמאַן און פאַרפינצטערט ווערן אין אַ קעלער־שטוב, ווי אַ סך היגע יידישע ווייבער ? ניין, איך וועל בעסער פאָרן, אָנקוקן אַ וועלט און לעבן אין דער פרייער אַמעריקע. איך האָב פיינט דאָס צאַרישע רוסלאַנד. אויף חיימס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ צופרידענער שמייכל: ביילקע ווייס וואָס זי וויל ! און ווי לאַנג איז עס אַז זי האָט ניט געוואוסט !

נאָך אַ מינוט שווייגן האָט ער אַרויסרופּעריש געזאָגט: — דו ווילסט דאָך, זאָגסטו, זיין אין אַ פרייען לאַנד. טאָ מאַך דאָ אַ פריי לאַנד!

דאָ האָט זיך ביילקע דערמאָנט וועגן איר באַזוכן מיט עטלעכע וואָכן פריער די חברים וועלכע זיינען געזעסן פאַרשפּאַרט אין דער פּאַוויאַק־טורמע.

— האָסט געזען מענדל בראָנשטיין אין פּאַוויאַק? — האָט זי געזאָגט. ער איז דאָך דאָרטן טאַקע פאַר וועלן מאַכן פון רוסלאַנד אַ פריי לאַנד.

— וואָס־זשע ווילסטו? די צאַרישע רעגירונג זאָל דיר אונטער־טראָגן אויף אַ זילבערן טעלערל אַ פריי לאַנד אָדער מענדל זאָל דאָס פאַר דיר אויסקעמפן? ביסט יונג און שטאַרק איז שטעל זיך אין די רייען! ווער אַ מיטגליד אין אַ „קרוזשאָק" און העלף אויסקעמפן אַ פרייע וועלט! — אין זיין קול האָט זיך געהערט אי אַ פאָרוואורף, אי דערמוטיקונג.

— חיים, איך קען ניט... — האָט זיך ביילקע כמעט ווי געבעטן ביי אים. — קעמפן! קעמפן! שטענדיק מיטן קאַמף! איך קען ניט!.. מיטן האַרצן, מיט די געפילן — יאָ. אָבער אין אַקציע... כ'בין ניט צו־געגרייט פאַר דעם... — זי האָט זיך צו אים געטוליעט ווי אַ קינד...

— איך האָב מורא, אַז דו וועסט האָבן אַ שווערן וועג אין לעבן, מיט אַזעלכע וואַקלענישן, בלאָנדזשענישן און ספקות — האָט חיים געזאָגט מיט זאָרג אין זיין שטימע. — איך בין אָבער זיכער, אַז דו וועסט עס אַלץ בייקומען, — האָט ער צוגעגעבן מיט איבערצייגונג. — האָסט דעם כוח פאַר דעם... וועסט קומען צו דער אַרבעטער־באַוועג־גונג, דורך שווערע וועגן... אָבער דו וועסט קומען! — זיינע ווערטער האָבן זיך שטאַרק איינגעקריצט אין ביילקעס זכרון. זיי האָבן שפּע־טער אַ סך מאָל אויפגעבליצט, געררופן און געמאָנט.

יענעם אָוונט זיינען זיי געקומען אַהיים שפּעט. חיים איז געווען אומרואיק. אין אַזעלכע מאָמענטן, פלעגט ער אַ סך רויכערן און שרייבן.

אַז די מאַמע איז אויפגעשטאַנען אין דער פרי, האָט זי געטראָפן חיימען זיך וואַשן אונטערן קראַן קאַלטע וואַסער.

אונטערן טיש זיינען געלעגן אַ סך האַלב־פאַרשריבענע צעקנייט־שטע פאַפירן; אויפן טיש אַ באַרג מאַנוסקריפּטן. אַ טעצעלע פּאַפּיראָסן־אַש האָט פאַרשפּרייט אַ שווערן ריח, נאָר צום ניסן.

— ביסט שוין ווידער אויף געווען אַ גאַנצע נאַכט מיטן שרייבן! — האָט געזאָגט די מאַמע אַ באַזאָרגטע.

— ניט אַ גאַנצע, נאָר אַ האַלבע. — האָט חיים געפּרואוווט זי שפּאַסיק באַרואיקן.

— וואו איז ערגעץ ביילקע? — האָט זי זיך אַרומגעקוקט איבערן שטוב.

— ביילקע איז אַוועק צו דער אַרבעט. איך מוז שוין אויך גיין. — האָט ער געזאָגט און פאַרענדיקט טרינקען די קאַווע.

— הערסטו, חיים, זינט דו האָסט אָנגעהויבן פירן ביילקען צו דיינע חברה־לייט דערקען איך זי גאָרניט: אַן אַנדער מענטש געוואָרן; כעסט זיך ניט און ברוגזט זיך ניט, אַפילו אין שלאָף האָט זיך זיך אויפגעהערט וואַרפן. זי פלעגט דאָך מיר, צעטויטשען די זייטן! — און זעענדיק, אַז חיים האַלט ביים אַוועקגיין, האָט זי אים אײלעניש צוגעגעבן:

— איך וועל מוזן היינט געפינען אַן אַנדער דירה. דער טאַטע דאַרף האָבן נאָענט אַ שול און ביילקע מוז האָבן אַ בעט פאַר זיך אַליין.

אין אָוונט, ווען די קינדער זיינען געקומען פון דער אַרבעט, איז זיי די מאַמע געגאַנגען אַנטקעגן מיט אַ שיינענדיקן פּנים און מיט אַ בריוו פון פערלען אין איר האַנט.

— מזל־טוב, אַ דריטע מיידל. — האָט זי געזאָגט, און גענומען אויפדאָסניי לייענען דעם בריוו. — ברוך השם אַ מיידל, — האָט געזאָגט דער טאַטע זיך האַלטנדיק פאַר דער פאַרבאַנדאַזשירטער האַנט. עס האָט זיך געפילט אַן אומצופרידנקייט אין זיין קול. ביילקע האָט ניט געוואוסט צי זיין אומצופרידענע מינע אויף זיין פּנים קומט פון דער קראַנקער האַנט אָדער פון דער ניי־געבוירענער מיידל ערגעץ אין אַמעריקע.

— מיידלעך אין אַמעריקע זיינען אויך מענטשן, עלטערן דאַרפן זיך ניט דרייען דעם קאָפּ און זיך ניט זאָרגן פאַר נדן,—האָט די מאַמע זיך איינגעשטעלט פאַר די מיידלעך. — זי האָט איינגעגראָבן אירע אויגן אין בריוו, און מיט אומצופרידנקייט אַ זאָג געטאָן: — זי שיקט שוין ביילקען אַ שיפסקאַרטע.

ביילקע האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם בריוו און מיט גרויס אינטערעס גענומען לייענען:

„ליבע שוועסטער, מיר שיקן דיר אַרויס אַ שיפסקאַרטע. מיר האָבן איינגעצאָלט אַ קליינע סומע, דאָס איבעריקע אויף באָרג. אַז דו וועסט קומען קיין אַמעריקע, וועסטו אַרבעטן און אויסצאָלן.

— אַ שיפסקאַרטע אויף באָרג? — האָט זיך די מאַמע געוואונ־

דערט. — מסתמא זיינען זיי דאַרטן געווען אָרעם. אַבי מען זאָגט, אַז מענטשן שאַרן דאָרטן גאָלד אין די גאַסן. דער טאַטע האָט עפּעס ווי פאַר זיך אַליין שטיל אַ זאָג געטאָן:

— ווען מיר וואָלטן געהאַט אויף הוצאות, וואָלטן מיר אַלע גע־דאַרפט אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל.

— ארץ־ישראל? — האָט אים די מאַמע גלייך דערוווידערט. — וואָס וועלן יונגע קינדער דאָרטן טאָן? עלטערע יידן פאָרן אַהין שטאַרבן, אָבער קינדער?! — די מאַמע האָט געקוקט אויף די קינדער ווי זי וואָלט געזאָגט: בין איך גערעכט?

חיים האָט גוט פאַרשטאַנען דעם טאַטנס בענקשאַפט צום הייליקן לאַנד, מיט וועלכן ער איז געווען פאַרבונדן דורך די אַלע ספרים, וואָס ער האָט זיין גאַנצן לעבן געלערנט, און צו וועלכן ער האָט גע־חלומט צו ברענגען זיינע אַלטע ביינער. ער האָט אָנגעקוקט דעם טאַטן און מיט געפיל און דרך־ארץ געזאָגט: „הערסט, טאַטע, די ערשטע הונדערט רובל, וואָס איך וועל אָפּשפּאָרן פון מיין אַרבעט, וועל איך דיר געבן צושטייער דו זאָלסט קענען פאָרן קיין ארץ־ישראל“.

דער טאַטע האָט אויפגעהויבן אויף אים זיינע פאַרוואונדערטע אויגן, אָנגעקוקט אים, אַקוראַט ווי ער וואָלט אים ניט דערקענט: חיים זאָל אַזוי ריידן צו אים! חיים, וועלכער איז לעצטנס אַזוי ווייט און אָפּ־געפרעמדט פון אים!.. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, און ניט געפי־נענדיק קיין ווערטער, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער לופטן, ווי ער וואָלט געזאָגט: „וואָס וועט זיין פון דעם ריידן!“ — ער וועט בעסער אַריינקוקן אין אַ ספר. און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. אינגיכן איז ער שוין געזעסן אַ פאַרטיפטער איבער אַ ספר.

***

די צייט האָט זיך גערוקט אַלץ נעענטער צו אהרנס חתונה. דער־ווייל איז אָנגעקומען פון פערלען די שיפסקאַרטע מיט אַ בריוו, אין וועלכן זי שרייבט, אַז די שוועסטער זאָל ניט אָפּלייגן די רייזע, נאָר אַרויסנעמען אַזוי שנעל ווי דער פּאַספּאָרט וועט זיין פאַרטיק, טאַקע דעם זומער.

חיים און ביילקע האָבן זיך גענומען מאַכן צוויי פּאַספּאָרטן. איינעם פאַר ביילקען, דעם צווייטן פאַר איר קוזינקע נעכע, וועלכע איז גע־ווען פאַרשריבן אין פּאַספּאָרט ווי ביילקעס דינסט. דאָס וועט ביילקען צוגעבן חשיבות אין די אויגן פון די גרענעץ־באַאַמטע: אַ קליינינקייט,

אַ פריילין פאָרט קיין אַמעריקע מיט אַ דינסט... אפשר אויף אַ לוסט־רייזע... — „ביטע שיין!”, וועלן זיי זאָגן, און אַפילו ניט אַריינקוקן אין זייער באַגאַזש...

די מאַמע האָט פאַרקויפט דאָס געוועלב, געדונגען אַ דירה אויף דער יידישער טוואַרדע גאַס, כאַצקל האָט זיך אַרויסגעצויגן פון „פענצ־טער”, חיים האָט זיך געגרייט שטעלן צום פּריזיוו, און אַלע אין שטוב האָבן זיך געגרייט צו אהרנס חתונה.

דאָס לעבן איז געגאַנגען ראַשיק, אַלץ האָט זיך מיטאַמאָל געביטן, ווי אַ געהיימע האַנט וואָלט די מענטשן געיאָגט, געטריבן צו גיין שנע־לער, האַסטיקער, געשטויסן ערגעצוואו צו אַ ציל, צו אַ ברעג...

ביילקע איז געווען באַרוישט פון די שנעלע פּאַסירונגען. אָט האָט זי זיך ערשט אָנגעהויבן צוגעוואוינען צום נייעם לעבן צו דער גרויס־שטאָטישער סביבה, און שוין דאַרף זי אַוועקפאָרן אין אַ ניי פרעמד לאַנד מיט אַ נייער שפּראַך, נייע מענטשן און אַ נייער סביבה... דאָס אינטריגירט איר... און אין דער זעלבער צייט איז איר אַ שאָד איבער־לאָזן אַלץ און אַלעמען, — באַריסן... חיימען, טאַטע־מאַמע, פריינד, דאָס שיינע וואַרשע, טעלעכאַן? יאָ, זי מוז זען נאָך אַמאָל איר שיין רואיק שטעטעלע טעלעכאַן. זי באַשליסט, אַז גלייך נאָך אהרנס חתונה וועט זי פאָרן זיך זעגענען מיט טעלעכאַן און איר משפחה, מומעס, קוזינס און מיטן זיידן משה, וואָס פלעגט איר מיט זיינע אַלטע הענט אויף איר קאָפּ אַלע יום־כּיפּור בענטשן.

ביילקע באַשליסט, אַז אויסער חיימען וועט זי קיינעם ניט דערציילן וועגן דעם. די מאַמע וועט איר זיכער ניט לאָזן פאָרן, ווייל ס'איז ניטאָ קיין געלט. זי וועט מוזן פאַרקויפן איר ניי־מאַשין.

— הערסט, ביילקע, גאָט שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה, — האָט די מאַמע איבערגעשלאָגן ביילקעס געדאַנקען. — ווען ניט אהרנס חתונה איצט, ווייס איך גאָרניט וואָס עס וואָלט געוואָרן פון דיין טאַטן. דער אומגליק מיט דער צעבראָכענער האַנט און איצט דיין אַוועקפאָרן, וואָלטן שוין גאָר געמאַכט אַ תל פון אים. חיים דאַרף זיך שטעלן צום פּריזיוו, שרעקט מיר דאָס האַרץ: ער איז דאָך אַ געזונט קינד און קיין פעלער האָט ער ניט, — וועט אים פּאַניע דורכלאָזן? .. גאָט ווייסט וואָס עס וועט זיין. און דאָ האָט נאָך מיר חיים געזאָגט, אַז עס בורעט אין רוסלאַנד אויף אַ מלחמה, אַז עס שמעקט מיט פּולווער! —זי גיט אַ הויכן זיפץ. לעצטנס האָט זי אָנגעהויבן זיפצן הויך אויפן קול. דאָס ציט זי אָפּ אַזוי דעם אָטעם, זאָגט זי...

—ביילקע איז פאַרנומען מיט נייען קליידער, פאַר דער מאַמען, פאַר זיך; עס קומט דאָך עפּעס אַ חתונה! זי נייט און די מאַמע רעדט, און רעדט זיך אַרונטער פון האַרצן...

אין דעם טאָג פון דער חתונה האָבן חתן־כלה, טאַטע־מאַמע און די גאַנצע משפּחה זיך אָנגעטאָן אין די שענסטע קליידער, און אַוועק צום פאָטאָגראַפשטשיק נעמען פאָרטרעטן.

אין אָוונט, ביי דער חתונה אין העל באַלויכטענעם זאַל, האָט דער טאַטע געטאַנצט מיט דער כלה דעם „כשר־טאַנץ". די מאַמע אין איר בלויער אַטלעסענער קלייד, מיטן נייעם שוואַרצן פּאַרוק אויפן קאָפּ, האָט געהאַט אַ הייליקן גלאַנץ אין די אויגן, און אַ יום־טובדיקייט, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט אויף איר פּנים ביז אַרונטער די צעקנייטשטע באַקן.

טומלדיקע יידן אין אַטלעסענע קאַפּאָטעס און שטריימלעך; יידע־נעס אין פילפאַרביקע טשיפּקעס און פּאַרוקן: יונגע באַלעבעסלעך אין לאַנגע קאַפּאָטעס; לאַנג־געלאָקטע פּאות האָבן זיך פון אונטער קליינע היטעלעך געטרייסלט. עס זיינען אויך געווען מאַנסבילן קורץ גע־קליידט און אין קאַפּעלושן. פרויען אין זייערע „אייגענע האָר". דאָס זיינען געווען „ליטוואַקעס" פון דער מאַמעס צד.

חיים איז צוגעגאַנגען צו חתן־כלה, זיך צעקושט מיט זיי און גע־וואונטשן אַ גליקלעך צוזאַמענלעבן. אַ באַהאַלטענער פּאַרדרוס איז געלעגן אין זיין שאַרפן בליק. אַ חוזק־שמייכעלע האָט געשפּילט אויף זיינע פּוכיקע ליפּן, בעת ער האָט געקוקט אויף די צענדליקער באַ־שטריימלטע קעפּ. דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעקערט פון זיי, ווי מען קערט זיך אָפּ פון שימל און אַלטוואַרג.

די קלעזמער האָבן אויפגעשפּילט אַ פריילעכס. ביילקע האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין אַ טאַנץ מיט אַ יונגן בחור, קורץ געקליידט, אָן אַ קאַ־פּעליוש, אין ווייסע הענטשקעס — אַ „פראַנט". ער איז געווען פון דער מאַמעס צד. צווישן שיטערע טאַנצנדיקע פּאָרלעך, האָט ער זיך גע־טראָגן מיט איר איבערן זאַל, איינגערוימט איר אַ סוד אין אויער אַז זי איז שיין, האָט שיינע איינדרוקספולע אויגן און קומט אַרויס פון אַן אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע. איז זאָל זי זיך ניט לאָזן פאַרבאַרן אין אַמעריקע... אויב זי וועט אויפגעבן די רייזע, וועט ער אָנהויבן אַריינקומען צו איר אין שטוב... ביילקע האָט געזאָגט, אַז עס דרייט זיך איר דער קאָפּ, זי וועט זיך בעסער אַוועקזעצן... מען האָט אַריינ־געפירט דעם חתן צום „באַדעקנס". אהרן האָט מיט אַ ראַזעווען דינעם

דעקטוך צוגעדעקט זיין כלהס שיין־געשניצטן פּנים, ביז אַריבער די פעך־שוואַרצע האָר. די כלה האָט זיך די האָר ניט געלאָזט אָפּשערן. איר מאַמע איז געווען שטאַרק באַזאָרגט און שיער ניט פאַרצווייפלט צוליב דעם.

*
**

— געדענק, חיים, לאָז ניט טאַטע־מאַמע זיך ערגערן, ביז איך וועל קומען פון טעלעכאַן, — האָטביילקע אַראָפּגעשריען פון דער וואַגאָן־פּלאַטפאָרמע.

— פאַרלאָז זיך אויף מיר, שוועסטערקע. — האָט איר חיים באַרואיקט. דער סאַפּענדיקער לאָקאָמאָטיוו האָט אַ צי געטאָן דעם וואַגאָן, אויף וועלכן ביילקע איז געשטאַנען און געקוקט צו אים דורכן קליינעם באַן־פענצטערל. ווי דער כמורנער פרימאָרגן שלינגט אײַן די באַן־סטאַנציע צוזאַמען מיט איר ברודער חיים.

די באַן האָט זיך געצויגן קיין פּינסק. פון פּינסק מיטן פּאַראַכאָד קיין טעלעכאַן.

און אַט שטייט שוין ביילקע ביים קלאָרן טייך, אין וועלכן זי פלעגט זיך זומער באָדן און ווינטער גליטשן.

עס איז געווען אַ זוניקער יולי־טאָג. די לופט האָט געשמעקט מיט וואַלד און פעלד. אַ ווינטעלע האָט זיך געטראָגן פון דערבייאיקע סאָסנאָווע בוימער, געגלעט און געקושט ביילקעס פּנים, באַרירט דעם טייך און געמאַכט זיין וואַסער־פלאַך זיך בלעזלען. דאָס צוזאַמען מיטן פויגל־געפלאַטער און מיט זייער געזאַנג אין דער בלויקייט פון הימל האָבן ביילקען פאַרשיכורט און אַרויסגערופן אַ שטאַרקע פרייד, געמישט מיט אַ נאַגנדן אומעט.

— פאַרוואָס קען ניט בלייבן ביים אַלטן ? — האָט זיך ביילקע געפרעגט דעם טאַטנס פראַגע. עס איז אָבער ניט געווען ווער עס זאָל איר ענטפערן אויף דעם...

אַז זי האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט דער שטעטלדיקער רואיקייט, מיט דער שיינער נאַטור און מיט אירע פּשוטע מענטשן, מיט זייערע קליינע השגות און גרויסע דאגות פּרנסה, האָט זי זיך געזעגנט מיט משפּחה. זי האָט געפילט, אַז איר באַזוך אין טעלעכאַן איז פאַר איר געווען אַ דערפרישונג, אַ גייסטיקע דערהויבונג. דעם דאָזיקן גייסטיקן באַגאַזש האָט זי שפּעטער מיטגענומען קיין אַמעריקע.

געקומען צוריק קיין וואַרשע, אַריין אין שטוב, האָט זי געטראָפן די

מאַמע אַ צעכעסטע, אַ ברוגזדיקע: — „גו, טאַכטער, שיין אַזוי? כאַפּט זיך אויף און פאָרט אַוועק! זאָגט ניט, רעדט ניט. מיינסט דו ביסט שוין „סאַם כאַזאַאין״. פּערל וועט דאָס נעבעך האָבן פון דיר דאָרטן! איך בין איר גאָר ניט מקנא. וואו וועסטו איצט נעמען געלט צו דער שיפסקאַרטע? וועסט בלייבן שטעקן אין מיטן וועג אָן אַ קאָפּיקע געלט, און מיך וועט דאָס ניט אַרן״.

די מאַמע איז געווען גערעכט: אַ חודש שפּעטער איז ביילקע טאַקע געבליבן אין מיטן וועג, אין אַנטווערפּן, אָן אַ קאָפּיקע געלט. זי האָט זיך געמוזט ווענדן צום יידישן הילפס־פאַראיין, וועלכער האָט אַרויסגעהאָלפן אימיגראַנטן אין אַן עת צרה. דער טאַטע האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, אָבער זיין שווייגן האָט ביילקען מער וויי געטאָן ווי דער מאַמעס רעדן.

אין אַ וואַרעמען זוניקן אויגוסט־טאָג איז דער טאַטע אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי. אָפּגעדאַוונט, אָפּגעזאָגט אַ קאַפּיטל תהלים פאַר ביילקעס־וועגן, אַז דער וועג זאָל איר גיין כשורה, האָט ער צונויפגעלייגט דעם טלית און תפילין, אָנגעטאָן די קאַפּאָטע און דאָס היטל אַריבער דער יאַרמולקע, און געוואָרן גרייט צו גיין באַגלייטן ביילקען צו דער באַן. די מאַמע און חיים האָבן זיך געפּאָרעט אַרום דער שטרויענער קאָרזינקע, מיט ציטערדיקע הענט האָט די מאַמע געשטופּט נאָך אַ צוקערל, נאָך אַ סוכאַרקע אין קאָרזינקע אַריין. חיים האָט עס פאַרבונדן מיט גראָבע שטריק. די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן שטיל. קיינער האָט צו קיינעם ניט גערעדט.

אהרן און זיין ווייב נעכע זיינען שפּעטער צוגעקומען צום הויז מיט אַ גרויסן וואָגן, פאַרנומען דעם באַגאַזש מיט די פּאַסאַזשירן און אַוועקגעפאָרן צו דער ווינער באַן־סטאַנציע.

די באַן, וואָס גייט פון וואַרשע צו אַנטווערפּן, האָט שוין געוואַרט. חיים איז גלייך געלאָפן באַזאָרגן דעם באַגאַזש.

דער טאַטע האָט זיך באַוועגט לאַנגזאַם, ווי ער וואָלט געוואָלט די פאַרבליבענע מינוטן צעציען. ער האָט זיך ניט געאיילט. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער אייזערנער פאַרענטש און געקוקט ערגעץ אין דער ווייטקייט אַריין. זיין בלייכער פּנים, זיין ניט לאַנגע צוויי־שפּיציקע גרויע באָרד און זיינע אויסגעלאָשענע טרויעריקע אויגן, האָבן דערמאָנט אָן אַ שווימענדיקן וואָלקן אויפן הימל, וואָס אָט איז ער דאָ. און אָט פאַרגייט ער, ווערט ניט...

— די באַן גייט אָפּ אין פינף מינוט אַרום, — האָט חיים אונטער־געאײַלט דאָס געזעגענען זיך.

ביילקע האָט פאַנאַנדערגעעפנט ברייט אירע אויגן: צי איז דאָס אין וואָר אָדער אין חלום?.. פּלוצלונג האָט עס זי אַ יאָג געטאָן אין איר מאַמעס אָרעמס. ביילקע איז איר אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז; ביידע פרויען האָבן אויסגעבראָכן אין אַ האַרץ־רייסנדיקן געוויין, — געקושט זיך און געוויינט... דאָס מאָל האָט ביילקע ניט מורא געהאַט, אַז די מאַמע וועט זי רופן „פלאַקסע".

דעם טאַטנס זעגענען זיך האָט צעטרייסלט ביילקעס נשמה. ער האָט זי זעלטן ווען געקושט, האָט זי איצט געהאַט אַ געפיל אַז דאָס זיינען זיינע לעצטע קושן, זיין לעצטע נאָענטקייט צו איר...

גאָר שווער איז איר געווען צו זעגענען זיך מיט חיימען. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט מיט ליבשאַפט און פאַרשטענדעניש: „זיי שטאַרק אין דיין גלויבן. פאָר געזונט און זיי פריילעך. מיר וועלן זיך אַמאָל זען", — האָט חיים געפּרואווט עס מאַכן גרינגער פאַר ביילקען. „אפשר אין די מיטעלע, אָדער אין די עלטערע יאָרן", — האָט ביילקע גע־טראַכט. דער אינסטינקט האָט איר ניט אָפּגענאַרט.

גרינגער איז איר געווען צו זעגענען זיך מיט איר שטילן, פרומען ברודער אהרן און איר שוועגערין נעכע. זיי זיינען געווען די איינציקע וואָס האָבן אין די געזעגענונגס־מינוטן געקענט ריידן: „זאָל זיך ביילקעלע ניט זאָרגן, אונדז וועלן אַכטונג געבן אויפן טאַטעשי מיט דער מאַמעשי — האָבן זיי אין איין קול געזאָגט. „פאָר געזונט! שרייב".
— האָבן זיי איר נאָכגעשריען, ווען זי מיט איר קוזינקע נעכע זיינען שוין געזעסן אין וואַגאָן.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט געסאָפּעט און געשליידערט פון זיך פאַרע און רויך. צום דריטן און לעצטן מאָל האָט ער אַ פייף געטאָן און זיך גערירט פון אָרט, מיט יעדן דריי פון די אייזערנע רעדער איז די באַן געגאַנגען שנעלער.

ביילקע קוקט דורכן וואַגאָן־פענצטערל, אַלץ האַלט אין פאַר־שווינדן: די מענטשן, די לאַנגע שורות שטיינערנע הייזער מיט זייערע שיינע באַפּוצטע באַלקאָנען, די טראַמווייען, געשפּאַנטע אין פערד, די דראָזשקעס, די וועגענער... אַלץ דרייט זיך פאַרביי איר וואַגאָן־פענצטערל און פאַרשווינדט מיט אַן אומבאַרחמנותדיקער שנעלקייט...

ביילקע פאַרמאַכט די אויגן. זי זעט חיימען ווי ער פאָכעט צו איר מיט זיין ברייטן ווייכן הוט...

עס לעבט אויף אין זכרון די „ווערשערינקע” ביי טייבלען אין שטוב. יונגע פריינד, מיידלעך מיט בחורים זיינען זיך צוזאַמענגע־קומען זאָגןביילקען אַ פּאָר געזונט.

מען האָט זיך געמאַכט פריילעך, געזונגען, געלאַכט... שפּעט אין אָוונט האָט באָריס געעפנט אַ פלאַש קאָניאַק. ער איז צוגעשפּרונגען צו ביילקען אויף זיין קירצערן פוס.

— איך וויל זיין דער ערשטער „אויסטרינקען” מיט דיר, — האָט ער געזאָגט, און דערביי געהויבן צוויי פולע קעלישקעס אין דער הויך.

— ניין, באָריס, מיר וועלן טרינקען אַלע צוזאַמען. — האָט זי געענטפערט און דערפילט אַ היץ אין פּנים...

און אַלע פריינד, צוזאַמען מיט חיימען, באָריסן, הויבן הויך זייערע פולע קעלישקעס וואָדקאַ, קאָניאַק... מיידלעך טרינקען, פאַרהוסטן און צעלאַכן זיך... בחורים שלינגען אַראָפּ, אויגן צעגלאַנצן זיך, עס הערן זיך שטימען: לאָמיר „אויסטרינקען” צום לעבן, צו אַ דערפאָלגרייכער רעוואָלוציע דאָ! צו ביילקען מיט איר פרייער אַמעריקע. צו אַלץ וואָס איז געווען, צו אַלץ וואָס וועט זיין! — באָריסעס טענאָר־שטימע קלינגט העכער פון אַלעמענס...

און מיטאַמאָל האָט ביילקע דערהערט האַרט אַרום זיך אַ קלאָרע פרויען־שטימע:

— לאָמיר זיין פריילעך, ביילקע. מיר פאָרן דאָך עפּעס אין אַמע־ריקע! — האָט איר קוזינקע נעכע אַרויפגעלייגט איר מיידלשן הענטל אויף ביילקעס אַקסל.

ביילקע האָט אַ לייכטן ציטער געטאָן, זיך אויפגעכאַפּט פון אירע ווייטע געדאַנקען און אַ זאָג געטאָן:

— יאָ. מיר פאָרן קיין אַמעריקע... די באַן לויפט, די וואַגאָנ־רעדער קלאַפּן אויס אַ באַשטעטיקונג: יאָ, מיר פאָרן... מיר פאָרן קיין אַמעריקע...

